ב. דעמבלין

# אויף אייגענעם באָדן

ראָמאַן

שמואל זימזון בע״מ
הויפּט־פּאַרקויף „ציקאָ״ ביכער־צענטראַלע
ניו־יאָרק 1961

# קאַפּיטל איינס

דער רויט־געפּאַרבטער פּראַכט־וואַגאָן, „פאַר 8 פערד אָדער 40 מענטשן", איז געווען טונקל און לער. אין איין זייט־נאַר, הויך לעבן קליינעם פענצטערל, וואָס בלויז דער שלאַנקער קאָפּ פון אַ מיליטערישן פערד קאָן עס גרייכן, איז געהאָנגען אַ לאַמטער מיט דיקע, פאַרקאָפּטשעטע שויבן און אַ קורץ שטיקל סטעאַרינאָווע־ליכט האָט דאָרטן געברענט. סומנע, אומהיימלעך האָט דאָס פלעמל געלויכטן, געציטערט און געוואָרפן לאַנגע, אויסגעצויגענע שאָטנס אויפן נאַקעטן דיל, אויף די פּוסטע בענק, אויסגעשטרעקטע איןביידע זייטן וואַגאָן, צו דריי אין אַ הייך, איינע איבער דער אַנדערער — זעקס אָפענע נישעס, ווי אָנגעגרייט אויף אַריינצושיבן אין זיי רייען מיט טויטן־טרומנעס.

אויסער דעם קליינעם נתן חיימען איז אינגאַנצן וואַגאָן קיין לעבעדיקער „דוך" נישט געווען. טיף אין ווינקעלע, אונטער איינער פון די אונטערשטע בענק, אַ צענויפגעקנוילטער, מיטן גאָמבעלע צווישן די אויפגעשטעלטע קני, איז דאָס יינגל געזעסן אין איין ציטערניש און שרעק. ווי אַ מייזל אין אַ קלעם האָט ער געהאַלטן די דערשראָקענע אויגן אָנגעשפּיצט צו דער האַלב־אויפגערוקטער טיר און געהיט צי דער קאָנדוקטאָר כאַפּט זיך נישט אמאָל אריין אין דעם וואַגאָן. ווי גוט וואָלט אים געווען ווען דאָ זאָל זיך איצט רודערן, ווען דער וואַגאָן זאָל זיין פול מיט מענטשן! ליגן באַהאַלטן אונטער א באַנק פון א פול־געפּאַקטן וואַגאָן, צווישן קוישן און וואַליזעס, געשיצט און פאַרשטעלט פון מענטשלעכע פיס, פון אַראָפּהענגענדיקע פּאָלעס פון קאַפּאָטעס און סערמינגעס, פון ספּודניצעס און קליידער איז איין זאַך און קורטשען זיך אין א שבתדיק־פּוסטן וואַגאָן, אונטער אַ ליידיקער באַנק, נישט געשיצט פון קיינעם, איז שוין גאַר, גאַר עפּעס אַנדערש! זאָל, חלילה, דעם קאָנדוקטאָר איינפאַלן אַריינצוקומען אַהער, אין דעם וואַגאָן, איז ער, נתן חיים, אַן אָפּגעקוילעטער! איינס און צוויי קאָן דער גוי אים דעריזען און אָן שום רחמנות אים טאָן אַ שטעל אַראָפּ און איבערלאָזן אים איינעם אַליין ביינאַכט אין מיטן פעלד, צי גאָר אין אַ פינצטערן וואַלד!

כל זמן דער צוג איז געגאַנגען פּאַוואָליע, קוים, קוים וואָס די רעדער האָבן זיך געדרייט, איז נתן חיים געזעסן אין איין ציטער. דער גוי קען נאָך אַלץ יעדער רגע זיך טאָן אַ כאַפּ ארויף און זיך דאָ אריינשטעלן אין זיין

גאנצער גרויס. ווי נאָר אָבער די באַן האָט גענומען גיין גיכער, איז די מורא פון אים אָפּגעפאַלן. ער האָט זיך דערפילט לייכט און גרינג, ווי עמעץ וואָלט אים ארויסבאפרייט פון אַ שווערער, אייזערנער קלעם. אז די רעדער פון צוג רעדלען גיך, וועט שוין קיין קאָנדוקטאָר נישט קאָנען זיך דאָ אַריינכאַפּן, איבערגיין פון איין וואַגאָן אין צווייטן, ווי אין די פּאַסאַזשיר־צוגן, קאָן מ׳דאָ אויך נישט. יעדער פראַכט־וואגאָן איז אַן אָפּגעזונדערטער קאַסטן!

אַ דערפרייטער האָט נתן חיים זיך אויסגעצויגן אונטער דער באַנק אין רחבות, אין היימישער זיכערקייט. אז דער אויבערשטער וועט אים אַזוי העלפן ביי די ווייטערדיקע צוויי סטאַציעס, וועט ער בשלום אָנקומען קיין ראָדעם מיט די צוואָנציק גראָשן אין קעשענע! האָט גראָד, אין אָט דער פריידיקער רגע, זיך א ווייז געטאָן אין דער אויפגעפּראַלטער טיר אַ קאָפּ אין אַ קאָנדוקטאָריש־היטל און, נאָך איידער נתן חיים האָט באַוויזן זיך צוריק איינצוקאָרטשען, איינצושרומפּן אין ווינקעלע אַריין, האָט דער קאָפּ זיך געטאָן א הויב, א ברייטע לאַפּע האָט א כאַפּ געטאָן דעם אייזערנעם טיר־פרענט און אָט איז שוין אין דער עפענונג פון דער האַלב־אויפגערוקטער טיר, געשטאַנען א גוי אין זיין גאַנצער הויך מיט אן אָנגעצונדענער לאמטער אין האַנט.

אַ רגע בלויז האָט דער גוי א פּיר געטאָן די אויגאַנעס איבערן ליידיקן וואגאָן און זיך באַלד אויסגעדרייט מיטן פנים צו דער טיר־עפענונג, ארויס אין פינצטערן דרויסן. פארביי אים, אויף א הינטער, האָבן זיך געוויקלט קנוילן רויך פון לאָקאָמאָטיוו־קוימען, פול מיט גליאיקע פונקען, וואָס זענען געפאַלן אויסגעלאָשענע אין די טיפע גראָזן אריין. ער האָט א וויג געטאָן די לויכטנדיקע לאמטער, א סימן צום מאשיניסט אז ער קען שוין לאָזן דעם צוג אויף דער גאנצער פאַרע. איצט, אז די באַן האָט זיך צעלאָזט, די רעדער האָבן זיך צעקלאָפּערט איבער די שטאָלענע רעלסן גיך, מיט גערויש און געקלאַפּ, האָט דער גוי פאַררוקט די שווערע טיר, געלאָזט בלויז אַ שמאָלע שפּאַרע אָפן, זיך אויסגעדרייט, געטאָן א טראָט פאָראויס און געבליבן שטיין אין מיטן וואַגאָן מיט יענער אומדעצידירטקייט, וואָס עס האָבן שטענדיק מענטשן ווען זיי קומען אריין אין א ליידיקן וואַגאָן און ווייסן נישט ווו זיך אַוועקצוזעצן, גראָד ווייל אלע בענק ארום זענען פּוסט און לער.

די גאנצע צייט וואָס דער קאָנדוקטאָר האָט זיך דאָ געהאַט אריינגעוויזן, האָט נתן חיים, פון אונטער דער באנק אַפּער, נישט אראָפּגענומען פון אים זיין דערשראָקענעם בליק. די אויגן זיינע האָבן נאָכגעפאָלגט די שווערע גויאישע שטיוואַלעס מיט דער אָנגעצונדענער לאַמטער לעבן זיי. דאָס קינדישע האַרץ זיינס האָט שטיל, אָן א פּיפּס פון די לעפצן, זיך געבעטן ביי גאָט, ער זאָל דעם קאָנדוקטאָר אוועקזעצן אויף דער באַנק איבער אים, אזוי אז דעם גויס שטיוול זאָלן פון אים פאַרשטעלן דאָס ביסל לאַמטער־ליכטיקייט, וואָס

שטעכט אים די אויגן ווי שפיזן. האָט אָבער דער אויבערשטער, ווי תמיד אים להכעיס, אוועקגעזעצט דעם ערל אויף דער באַנק אנטקעגן אים. און טאַמער איז דאָס ווינציק, האָט ער, אין הימל, געפירט מיט דעם גויס האנט אזוי, אז דער ערל זאָל אַוועקשטעלן די לאמטער נישט אויף דער באַנק, לעבן זיך, נאָר אויפן דיל, ווי בכיוון די לאמטער זאָל פאַרשפרייטן א ליכט־קרייז, וואָס זאָל באלייכטן און אַרויסשיילן זיין, נתן חיימס, פּנים פון דער פינצטערער באַהעלטעניש ארויס.

מיט ווערגענדיקן פּחד האָט נתן חיים געדריקט זיין קינדיש גופל ווייטער אין ווינקעלע, וואָס טיפער איינצווזינקען אין די ווענט. טאָמער, חלילה, זאָל דער גוי זיך טאָן דעם מינדסטן נויג־פאָרויס, דערזעט ער אים גלייך אין זיין גאנצער איינגעשרומפּנקייט. איז גראָד אין דער מינוט דעם ערל נישט געלעגן אין זינען צו קוקן וואָס עס טוט זיך אונטער די בענק. ער האָט גאָר גענומען זוכן אין די קעשענעס, אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן אַ געל־טאָרבקעלע, אן איינגעטרוקנט, גערונצלט־פּענכערל פון אַ געקוילערט קאַלב, אַן אָנגעפּילטס מיט מאַכאָרקע־טאַבאַק. פון וועסטל־קעשנקעלע האָט ער ארויסגעצויגן א קליין ביכעלע מיט דינע ביבולקע־בלעטלעך. פּאַוואָליע, מיט פויערישער קאַרגשאַפט האָט ער אָנגעשאָטן אַ בערגעלע מאַכאָרקע אויף אַ בלעטעלע פּאַפּיר, דאָס קונציק גענומען צווישן די פעדערשטע צוויי פינגער פון ביידע הענט, געוויקלט עס הין און צוריק, ארומגעלעקט מיט דער צונג ד'אָס געבליבענע לעדנדל פּאַפּיר, עס פארקלעפּט און אריינגעזעצט דאָס ציגאַרל־מאַכאָרקע צווישן די ליפּן, אונטער די שווערע, שטרוי־קאָלירטע וואָנסעס. איצט האָט ער אונטערגעהויבן די לאמטער, געעפנט דאָס טירעלע און גענומען שטופּן זיין באוואקסן פּרצוף צו פאַררויכערן דאָס פּאַפּיראָסל ביים ברענענדיקן נאַפט־קנויטל.

ווי נאָר דער גוי האָט צוגענומען די לאַמטער און דער דיל איז צוריק געוואָרן פינצטער, איז נתן חיימען ווידער געוואָרן ליכטיק אין די אויגן. אין זיין קינדיש האַרץ איז ווידער אויפגעגאַנגען די האָפנונג אז איצט וועט דער ערל געוויס אַוועקשטעלן די לאמטער אויף דער באנק, לעבן זיך, און אַליין וועט ער מסתמא פארוואַרפן דעם שווערן קאָפּ זיינעם אויף אַהינטער, אים אָנשפּאַרן אָן דער וואנט און איינפאָפן און ער, נתן חיים, וועט דערווייל בשלום דערפאָרן קיין ראָדעם. האָט ווידער דער רבונו של עולם נישט פאַרנומען זיין געבעט. און דער גוי האָט געטאָן פּונקט פאַרקערט. ווי נאָר ער האָט פאַררויכערט דאָס פּאַפּיראָסל, האָט ער קריק אַראָפּגעשטעלט די לאמטער אויפן דיל און, אָנשטאָט פאַרוואַרפן דעם „לעפ" אַהינטער און זיך פאַרגאַפּיען אויף די אַרויסגעלאָזטע רויך־קרייזלעך ווי דאָס טוען אָפט שטאָט־לייט, האָט ער אויסגעבויגן דעם אויבערשטן האַלבן גוף פאָראויס, אָנגעשפּאַרט די עלנבויגנס אויף די קני, די נישט־געגאָלטע מאָרדע אין די

הענט־פלאַכן און געבליבן זיצן מיטן אָנגעצונדענעם פּאַפּיראָסל אין מויל א שטאַר־פּאַרגאַפּיעטער, ווי תמיד טעמפּע־לייט, וואָס קוקן, נאָר זען גאָרנישט. עפּעס איז ער געזעסן, דער גוי, ווי א גרויסער, באַטויבטער כלב, געגאַפּיעט, געגענעצט, אַרויסגענומען ס׳שטיקל מאַכאָרקע־ציגאַרל פון צווישן די שווערע ליפּן, געטאָן אַ שפּיי, זיך געשיבערט, פאַרקראַכן אלע ווייל מיט דער לאַפּע אונטערן קאָנדוקטאָרסקן היטל, געקראַצט אין די געדיכטע קודלעס, נאָר פּלוצים האָט ער אַ דריגע געטאָן, ווי דאָרטן, אונטערן שיידל ביי אים, וואָלט עפּעס אויפגעבליצט. ער האָט אראָפּגעבויגן דעם קאָפּ טיפער: וואָס זעט ער דאָרטן, אין ווינקעלע, אונטער דער קעגנאיבערדיקר באַנק?

מיטאיינמאָל איז פון דעם גוי אָפּגעפאַלן די טעמפּע פוילקייט. ער האָט זיך געטאָן אַ שטעל אויף, גענומען די לאָמטער און גיך צוגעגאַנגען צו דער אנטקעגנדיקער באַנק, זיך טיף איינגעבויגן און אָנגעשטעלט דאָס ליכט פון דער לאָמטער אונטער דער באַנק ארונטער.

אַ רגע בלויז זענען נתן חיימס אויגן געבליבן שטאַר אנטקעגן דעם אָנגעשטעלטן ליכט, באַלד אָבער האָט דער פּחד־פולער בליק זיינער גענומען לויפן הין און צוריק, ווי ביי אַ געפאַנגען מייזל, וואָס זוכט אַ שפּעלטל, אַן עפענונג צו אַנטרינען פון דער קאַצ׳ס שטשירענדיקע ציין.

אויך דעם גויס וואָסערדיקע אייגעלעך זענען א רגע געבליבן ווי געליימט. דאָס איז אָבער נישט געווען די געליימטקייט פון שרעק, נאָר גאָר פון איבערראַשונג, די איבערראַשונג וואָס קומט ווען מ׳געפינט עפּעס, אויף וואָס מ׳האָט זיך גאָרנישט געריכט:

— אַ טי קטאָ? (און דו ווער ביזט?)

אָנשטאָט ענטפערן האָט נתן חיימס קינדיש־גופל אַ דריגע געטאָן, גלייך ער וואָלט שוין געפילט דעם גויס לאַפּעס אויף זיך.

דעם קאָנדוקטאָר איז, אַפּנים, געוואָרן שווער דאָס לאַנגע שטיין איינגע־בויגן, מיטן קאָפּ אונטער דער באַנק אַרונטער. דערצו נאָך האָט אים פאַר־דראָסן וואָס דאָס זשידעקל מיט די לאַנגע פּיאותלעך, אזוי גנביש־קלוג באַהאַלטן הינטער די אויערן, ענטפערט אים אפילו נישט! די גוישע יוכע האָט צוליב דעם געטאָן אים א זעץ אין די שלייפן. פול מיט נכפּה האָט ער אָנגעכאַפּט נתן חיימס אַ פוס און אים א שלעפּ־געטאָן פון אונטער דער באַנק אַפער, ווי ער וואָלט אַפערגעצויגן א שווער, טויט פּעקל.

אַן אויסגעטאָרליעטער אין שטויב, דאָס אַראָפּגעפאַלענע היטל — ערגעץ אונטער דער באַנק, מיט אַ האַנט־פלאַך צוגעדעקט דעם קאָפּ, איז נתן חיים געלעגן לעבן דעם גויס שטיוול אַן איינגעדרייטער, א צענויפגעקורטשעטער, ווי א פאַרשוולדיקטער הונט, וואָס פאָלגט נאָך מיט די דערשראָקענע אויגן דעם באַלעבאָס׳ לאַפּע, צי זי הייבט זיך נישט, אים צו דערלאַנגען אַ קלאַפּ.

— וווהין פאָרסטו? — האָט דער קאָנדוקטאָר אים אַ טאָרע געטאָן מיטן שטיוול.

— קיין ראָדעם, — האָט דאָס יינגל געזאָגט שטיל, פול מיט שרעק.

— און אַ בילעט האָסטו?

נתן חיים האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ. צו דער מורא איז אין אים איצט נאָך אויפגעגאנגען די איינגעבוירענע בושה זיינע און אים שוין איינגאַנצן פאַרשטומט, ווי דעם טאַטן זיינעם, ווען ער זעט איין אז נישט ער, נאָר יענער איז גערעכט.

— פשאַ־קרעוו! אָן א בילעט פאָרסטו? — האָט דער גוי אַ טופּע געטאָן מיט אַ שטיוואל, פול מיט נכפה, נישט, חלילה, וואָס דער קליינער באַגנבעט דעם קיסר, נאָר וואָס ער האָט אים געוואָלט אָפּנאַרן און פאָרן אומזיסט אויפן קיסרס באַן. ער האָט אָנגעכאַפּט נתן חיימען ביים קאָלנער פון כאַלאַט און אים גענומען שלעפּן נאָך זיך, איבערן דיל, צו דער אַנטקעגנ־דיקער באַנק, ווו ער האָט זיך פּאַוואָליע אוועקגעזעצט און מיט פּויערישער רויקייט זיך גענומען אויפסנייי צום געפונענעם פּאַסאַזשיר.

— און געלט אויף א בילעט האָסטו?

נתן חיימען איז געוואָרן קאַלט אין געביין. וואָס זאָל ער דאָ טאָן? זאָגן יאָ, ער האָט, וועט ער דאָך מוזן אוועקגעבן דעם גוי די גאַנצע צוואָנציק גראָשן, וואָס ער האָט ארויסגענומען פון דער מאַמעס קעשענע, ער זאָל האָבן מיט וואָס צו קומען אין דער פרעמדער שטאָט אריין. ווידער זאָגן ניין, וועט דאָך אים דער גוי אַראָפּשטעלן אין מיטן וועג און ער וועט בלייבן אַליין ביינאַכט אויף א פעלד, צי גאָר, חלילה, אין אַ פינצטערן וואַלד.

דעם יינגלס שוויגן האָט גאָר צערייצט דעם גויס יוכע:

— פשאַ־קרעוו! אָט א זשידעק, נאָך נישט אויפגעוואַקסן און נאַרט שוין אָפּ!

דער ערל האָט זיך געשיבערט, געקראַצט די קודלעס אונטערן קאַשקעט און געברומט צו זיך אַליין: — אזא פאַרשיווע זשידעק! נישט ער האָט א בילעט, נישט ער גיט עטלעכע גראָשן און נישט ער בעט מ׳זאָל אים לאָזן פאָרן אומזיסט!

דער גוי האָט נעבעך נישט געוווסט אַז ער האָט דאָ פאַר זיך יערמע דודס בנאָק. ווי דאָס נתן חיימל איז געווען קידער־ווידער מיטן טאַטן, אזוי האָט ער איינגאַנצן אין אים אַריינגעראָטן. פונקט ווי דער טאַטע זיינער, אזוי האָט אויך ער נישט געקענט עפענען דאָס פיסקל ביי עמעצן עפּעס צו בעטן.

— דאָבזשע! (גוט) — האָט דער גוי אַ שטויס געטאָן דאָס יינגל מיטן פוס פון זיך, ווי ער וואָלט אויפגעגעבן יעדן פרווו ביי דעם קליינעם עפּעס אויסצופירן. אַ בייזער האָט ער אַרויסגענומען דאָס שטיקל אויסגעלאָשענע מאַכאָרקע־ציגאַרל פון מויל, געטאָן עס א שליידער דורכן טיר־שפּאַלט,

רוגזהדיק נאָכגעשפּיגן און זיך אויפסניי געווענדט צום יינגל: — „דאָבזשע״, זאָל נאָר די באַן אָנקומען קיין גאַרבאַטקע. גלייך גיט ער אים איבער צום נאַטשאַלניק. יענער וועט שוין וויסן וואָס מיט אים צו טאָן!

דעם גויס שטויס האָט נתן חיימען אַ גליטש געטאָן אין מיטן וואַגאָן אריין. אַן איינגעקורטשעטער איז ער געלעגן שטיל אָבער וואַך, נישט נאָר די אויגן, יעדער חוש איז ביי אים געווען אָנגעשפּיצט. דורכן טיר־שפּאַלט האָט ער געזען ווי די באַן לויפט, געהערט ווי די רעדער קלאַפּן, ווי דער לאָקאָמאָטיוו פּרייכט און סאָפּעט און לאָזט אלע ווייל ארויס א פאַרבענקטן פייף אין דער פינצטערער נאַכט אריין, א סימן אז ער קומט נאָנט צו דער סטאַציע. וואָס זאָל ער דאָ טאָן? דער בייזער נאטשאלניק מיט די גאָלדענע שליפעלעך אויף די אַקסלען וועט אים גלייך איינזעצן אין קאָזע, דערנאָך וועט ער אים אָפּשיקן מיטן עטאַפּ. צעזאַמען מיט גנבים און זנוֹידאָקעס וועט ער זיך וואָכן־לאנג וואַלגערן אין תפיסות און אז ער וועט שוין דערלעבן אָנצוקומען קיין מאָדזשיץ, וועט דער וואָיט שיקן רופן דעם טאַטן. א בייזער וואָס ער, נתן חיים, פאַרפאַטשט אים אזוי דאָס פנים, פארשעמט אים פאר א שטאָט מיט מענטשן, וועט דער טאטע אַרויפפאַלן אויף אים:

— דו קליינע כפרה, דו וועסט מיך טרייבן אין דער ערד אַריין!

מער האָט שוין נתן חיים נישט געוואָלט טראַכטן. ער האָט זיך געטאָן א שטעל אויף א דעצידירטער, ווי איינער וואָס ווייסט גענוי וואָס ער דאַרף טאָן ווען ער געפינט זיך אין א קלעם. ער האָט אויפגעקנעפּלט ס׳העמד־קעלנערל, אַרויסגעגראַבלט ס׳לייוונטענע טאָרבעלע, וואָס איז אים געהאָנגען פון האַלדז־אַראָפּ ווי אַ הייליקע קמיעה, אַרויסגענומען פון דאָרטן די צוויי קופּערנע צענערס און זיי גיך אַ גיב געטאָן דעם קאָנדוקטאָר, דערביי האָט ער אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, דער גוי זאָל נישט זען די טרערן, וואָס זענען אים אָנגעלאָפן אין די אויגן אַריין.

דער גוי איז ווייזט אויס געווען צעטומלט. ער האָט געגאַפּיעט אויף דעם יינגלס אָפענער דלאָניע מיט די צוויי צענערס. עפּעס האָט דער פּויערישער קאָפּ זיינער נישט אזוי גיך באַנומען וואָס דאָ איז געשען. א מינוט צוריק האָט ער געהאט אויפגעגעבן יעדער האָפנונג עפּעס אַרויסצוקריגן פון דעם זשידעקל און דאָ, נאַדיר! א גאַנץ צוואָנציקערל.

— פּשאַ־קרעוו! — האָט ער אַ שפּיי־געטאָן אַזש אין אנדערן עק וואַגאָן און זיך גענומען שיבערן פון גרויס צופרידנקייט: — אַ זשיד טאָר מען קיינמאָל נישט גלייבן! אַזוי שווייגט ער זיך, ווייסט גאָרנישט, גיסטו אים אָבער אין מאָרדע, עפנט ער גלייך די קעשענע!

דער גוי האָט אַרויסגענומען פון דער הויזן־קעשענע אַ שווארץ בייטעלע מיט צוויי ניקלנע קעפּעלעך, אַריינגעלייגט אַהין די צוויי צענערס און, שוין גוטמוטיק, אַ זאָג געטאָן צום יינגל:

— דאָבזשעו! (גוט), איצט קריך צוריק אונטער דער באַנק, אַ קאָנטראָ־ליער קאָן נאָך אַרויפקומען וועט זיין בראָך־קעפּעלעו!

כאָטש ער האָט געפאָלגט, נתן חיים, און איז צוריק פאַרקראָכן אונטער דער באַנק, האָבן אים אָבער דעם גויס רייד וועגן אַ קאָנטראָליער וויניק וואָס געאַרט. דער פויער מיינט אוודאי אז ער, נתן חיים, איז אַ קינד, אז ער ווייסט נישט אז שבתצונאַכטס, ווען די באַנען זענען ליידיק, ווייל ווינציק יידן לאָזן זיך דענצמאָל אין וועג אריין, גייען נישט קיין קאָנטראָליערן, בפרט נאָך פערטע קלאַס, אין פראַכט־וואגאָנען.

ווי וואויל נתן חיים האָט דאָס געוווּסט און ער איז געווען רואיק אַז איצט, נאָכן האָבן אָפּגעהורשט דעם ערל, וועט ער שוין בשלום דערפאָרן קיין ראָדעם, איז אים דאָך די רו נישט באַקומען. אָן אַ גראָשן געלט, דערצו נאָך ביינאַכט, וואָס וועט ער טאָן אין דער פרעמדער שטאָט? וווהין וועט ער גיין? אינסטינקטיוו האָט ער צוגערוקט דאָס טלומעקל צו זיך, ווי ער וואָלט זיך געשראָקן, טאָמער נעמט אים דער גוי צו אויך די צוויי העמדלעך, דאָס תפילין־זעקעלע מיט די תפילין. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן פּעקל, אויסגעשטרעקט דעם גוף און צוגעמאַכט די אויגן. דאָס מאָנאָטאָנע קלאַפּן פון די רעדער האָט אים גיך פאַרוויגט אין אַ טיפן שלאָף.

# קאַפּיטל צוויי

די ראָדעמער באַן־סטאַציע האָט דעם צוועלף־יאָריקן נתן חיים גאָר פאַרבליפט. זינט ער לעבט האָט ער נאָך אַזעלכע גרויסע לאָמטערן מיט אזא רויטלעך בלוי־ווייס ליכט נישט געזען. נאָכן אָפּליגן שעהן לאַנג אין דער פינצטער, אונטער דער באַנק פון א פראַכט־וואַגאָן, האָט איצט דאָס עלעק־טרישע ליכט אויף דער סטאַציע־פּלאַטפאָרם אים פאַרבלענדט די אויגן.

ווי תמיד, ווען נתן חיימל ווערט פאַרכאַפט פון עפּעס אן אויסטערלישע זאַך, האָט ער אויך איצט גאָר פאַרגעסן ווו ער איז, נאָכוואָס ער איז אַהער־געקומען. א צעחושטער איז ער געשטאַנען מיט א פאַרריסענעם קאָפּ און געזשמורעט מיט די פארחידושטע אויגן אַרויף צו די רונדע, פאָרצעלייענע לאָמפּן, וואָס פליינן מיט אזא בלענדענדיק ליכט. אין זיין פאַרחידושטקייט האָט ער גאָרנישט געפילט ווי ער ווערט געשטופּט און געשטויסן פון מענטשן, באַלאָדענע מיט רענצלעך און וואַליזעס, וואָס איילן צום אַנגעלאָפּענעם, קאָלישער שנעל־צוג, אַ שטיין־געבליבענער אויף קורצע רגעס, א סאָפּנדיקער, א צישנדיקער מיט רויך און פאַרע. ווען נישט דאָס פּלוצימדיקע דערפילן אויף זיך די שטעכיקע אויגן פון צוויי הויכע זשאַנדארן אין לאַנגע שיניעלן, מיט שווערע פּיסטוילן און נאַכהענגענדיקע שווערדן, וואָס האָבן פון וויטנס אים אָפּגעמאָסטן אין זיין אויסגענאָרעטן קאַפּעטל, אין די צוגרויסע שטיוול מיטן טלומיקל אונטערן אָרעם, ווער ווייסט ווי לאַנג ער וואָלט אַזוי געשטאַנען און געגאַפּיעט ווי א ליימענער גולם אין בלענדיקן ליכט אַריין.

דאָס זשאַנדארישע אַרומטאַפּן אים מיט די אויגן, זייער באַטראַכטן אים פון קאָפּ ביז די פיס, האָט גיך ארויסגעריסן נתן חיימען פון זיין יינגלשן נייגיר. זינט די מאָדזשיצער יוונים האָבן מיט יאָרן קריק, אינמיטן דער נאַכט, זיך אריינגעריסן צו זיי אין שטוב זוכן לייבל משהן, דעם עלצטן ברודער זיינעם, האָט ער מורא פאַר זשאַנדאַרן ווי פאַר שדים. געטראַכט האָט ער שוין צו נעמען לויפן, האָט ער אָבער געדענקט וואָס מאָדזשיצער סטרייקערס פלעגן שמועסן. אַלע צרות, פלעגן זיי זאָגן, הייבן זיך אָן פון אַנטלויפן פאַר א זשאַנדארם. אז דער יוון זעט מ׳אַנטלויפט פאר אים, נעמט ער גלייך נאָכ־ציען און די בראָך איז פאַרטיק! האָט דאָס נתן חיימל איצט זיך געמאַכט נישט זען די לייט מיט די פּיסטוילן און זיך גענומען אָפּטראָגן פון באַן־פּלאַטפאָרם מעשה געזעצטער פּאַסאַזשיר, געלאַסן, רואיק, גלייך די צוויי

מחבלים וואָלטן גאָר אויף דער וועלט נישט געווען און כאָטש ס׳האַרץ האָט אין אים געזעצט פון גרויס שרעק, איז ער זיך געגאַנגען פּאַוואָליע, געלאַסן, מיט איינגעהאַלטענע טריטעלעך.

ערשט אינעווייניק, אין הויכן וואָקזאַל פון דריטן קלאַס, האָט נתן חיים נאָכגעלאָזט דעם איינגעהאַלטענעם אָטעם און אויפסניי זיך גענומען אַרומ־קוקן. שוין פון ערשטן בליק איז אים דער ראָדעמער וואָקזאַל נישט געפעלן. אויף דער מאָדזשיצער באַן־סטאַציע איז לעבעדיקער ווי דאָ. שטענדיק טומלט זיך דאָרטן מיט דורכפאָרנדיקע פּאַסאַזשירן פון וואַרשע, פון לובלין, פון קאָוועל און בריסק, פון לאָדזש און קעלץ. דאָ, ווי נאָר די עטלעכע פּאַסאַזשירן צום קאַלישער צוג האָבן אָפּגעקויפט זייערע בילעטן, איז שוין דאָס קאַסע־פענצטערל רוגזהדיק־פאַרשלאָסן און ס׳איז שאַ, שטיל. בלויז אַ בינטל באָרוועסע פויערים און פויערטעס מיט זייערע שלאָפנדיקע קינדער, מורא־האָבנדיק אָנצורירן די ברוין־גלאַנציקע, „פּריצישע בענק", ליגן אויפן דיל שטילע, הכנעה׳דיקע, צוגעטוליעטע צו זייערע קוישן און טלומעקעס און וואַרטן געדולדיק אויף זייער צוג, וואָס וועט ערשט אָנציען נאָך האַלבער נאַכט.

ווי דאָ, אין דריטן קלאַס, איז געווען אומהיימלעך און שטיל, אַזוי האָט זיך פון ערשטן און צווייטן קלאַס וואָקזאַל געטראָגן אַ געקלונגעריי פון גלעזער און פלעשער, אַ געשטאַנק פון געפּרעגלט חזיר און שוימיק ביר און איבער דעם אלעם — א פאַרשייט געלעכטער פון נקבות און באַזויפענע מאַנצבילן. נתן חיים האָט זיך צוגעהאַלטן די נאָז און גיך דורכגעאיילט דעם וואָקזאַל.

ווי אויף דער באַן־פּלאַטפאָרם האָט געבלענדט מיט ליכט, אַזוי איז דאָ, אויפן הינטערשטן טייל פון וואָקזאַל, געווען טונקל, טונקל און שטיל. דאָס קאַרגע ביסל ליכט פון איינציקן, עלעקטרישן לאָמפּ אין מיטן אָנפאָר־פּלאַץ, איז געווען פאַרוועבט און פאַרשלונגען פון א געדיכטן בלעטער־געפלעכט. פייער־פליגעלעך האָבן זיך דאָ, אין דער טונקלקייט, געהויבן און געני־דערט, אויפגעלויכטן און זיך פאַרלאָשן. ווי אין מאָדזשיצער מאַרק האָט אויך דאָ דיווארעמע נאַכט־לופט געאָטעמט מיטן שאַרפן ריח פון פערדיש מיסט און השתנה און די שטילקייט האָט אויך דאָ געראַשט און געשומיעט מיט שושקעניש און געמורמל פון אומגעזעענע דראָזשקאַרעס מיטן מאַנאָטאָנעם קייען פון פערדישע ציין און זייער אומרואיקן קאָפּען מיט די געקאָוועטע פיס אָן שטיינערנעם ברוק.

נתן חיים איז געשטאַנען אויף די וואָקזאַל־טרעפּ. ער האָט זיך אַרומ־געקוקט. עפּעס איז אַלץ דאָ אים פאָרגעקומען אזוי אייגן. די אייגענע, ברייט־צוואָקסענע קאַשטאַן־ביימער, וואָס פאַר דער מאָדזשיצער קאַנצעליאַר, דער אייגענער ריח פון פערד־מיסט, דער אייגענער פאַרבענקט־אויסגעצויגענער

פייף פון אומגעזעענע באַנען. נאָר אָט איז אינמיטן דער געדאַכטער היימיש־
קייט אומגעריכט פֿאַר אים אויסגעוואַקסן אַ דראָזשקאַר אין אַ בלויער ליבעריע
מיט צוויי רייען זילבער־קנעפּ אויף דער ברוסט און א בייטש אין האַנט
און שוין! בלויז מיט דעם דראָזשקאַרס אָפּמעסטן אים צי ער איז נישט
„טשאַסעם״ א פּאַרשוין, וואָס וויל פאָרן אין שטאָט אריין, איז די גאַנצע,
געדאכטע היימישקייט פון אים אויסגערונען און אַ דריקנדיקע פרעמדקייט
האָט אים אַרומגעכאַפּט. צו ווען איז ער דאָ אַהערגעקומען? פריער, אין
אימפּעט פון וועלן אַנטלויפן פון דער היים, אין מיטן פאָרן אין דער באַן,
האָט ער גאָרנישט געטראַכט דערפון. איצט אָבער, אין אָנבליק פון פרעמדן
דראָזשקאַר, איז אים מיטאיינמאָל קלאָר געוואָרן אַז ער איז דאָ אינדערפרעמד,
אַז כאָטש ער האָט דאָ צוויי ברידער, האָט ער נישט צו וועמען אַריינצוגיין
איבערנעכטיקן די נאַכט. צו לייבל־משהן, אין קיסרס קאַזאַרמעס, וועט מען
אים נישט אַריינלאָזן. צו אברהם יאַנקלען? ער ווייסט דאָך נישט אפילו ווו
זיין מיינסטער וווינט.

נתן חיים האָט זיך אָפּגעקערט פון דראָשקאַר און זיך געלאָזט גיין מיטן
טראָטואַר, אַ טונקל־פאַרהוילענער צווישן צוויי רייען געדיכט־צעוואַקסענע
קאַשטאַן־ביימער. מיט יעדן טראָט ווייטער, אוועק פון וואָקזאל, אַלץ אומ־
היימלעכער איז אים געוואָרן, אַלץ מער האָבן די ליידיקע פלעצער, די
פעלדער, די נאַכט־געהילטע הייזער, געאָטעמט אויף אים מיט פרעמדקייט,
מיט פּחד. אָ, ניין! דאָס איז נישט מאָדזשיץ. נישטאָ דאָ בערציקס שטאַלן,
אויך נישט שמחהלע פוטערפליאַמס אַלטאַנקעלע מיט די קאָלירטע שייבלעך,
ווו ער וואָלט געקאָנט איבערליגן די נאַכט ביז אינדערפרי, ווען די פרעמדע
שטאָט וועט זיך אויפכאַפּן פון שלאָף און ער וועט קענען זיך אַוועקלאָזן
איבער די גאַסן, זיך אויסזוכן אַן אָרט ביי א מיינסטער, צו קענען ווערן אַ
מענטש מיט מענטשן גלייך.

אָן חשק, אָן אַ ציל האָבן די פיס זיינע, אין די אייביק צוגרויסע שטיוול,
זיך געשלעפּט איבער די האַלב־טונקעלע, פון ביימער פאַרשאָטנטע טראָטואַרן.
שבתדיקע פאָרלעך האָבן דאָ שפּאַצירט, זיך געקושט, געשעפּטשעט זיך
ליבע־רייד אין די אויערן. דראָזשקעס האָבן געצויגן הין און צוריק, די
רעדער האָבן היימלעך זיך געקאָלערט איבערן ברוק, די בייטשן האָבן פריידיק
געפּאָכעט אין דער לופט, נאָר אים, נתן חיימען, האָט געשראָקן יעדער טראָט
און וואָס נענטער ער איז געקומען צו די העל־באַלויכטענע, גרויס־שטאָטישע
גאַסן מיט די הויכע מויערן, אַלץ מער האָט ער איינגעזען אַז ער איז נישט
מער אין זיין מאָדזשיץ, אַז דאָ וועט ער זיך נישט קענען פאַרגנבענען הינטער
אַ בלינדע וואנט, אָדער איבערליגן די נאַכט אין א פרעמד פעדער־הויז. דאָ,
אין דער גרויסער שטאָט, זענען דאָ סטרושעס, וואָס זיצן אין די אונטן און
היטן די טויערן פון יעדן הויז. זאָל אים אַ סטרוזש דאָ כאַפּן אין זיין טויער,

גיט ער אים איבער צום סטראַזשניק און יענער וועט אים זיכער אָפּשיקן אַהיים מיטן עטאַפּ.

נתן חיים איז געבליבן שטיין אויף אַ ראָג־גאַס. ער האָט געדרייט דעם קאָפּ אין אַלע זייטן. ווי ווויל ס׳איז איצט געווען שפּעטלעך שוין אין שבת־צונאַכטסטיקן אָוונט, האָט די לובלינער גאַס נאָך אַלץ גערוישט ווי אין מיטן העלן טאָג. דער יידישער שבת מיטן קריסטלעכן זונטיק האָבן זיך דאָ ווידער געהאַט צענויפגעשטויסן און ווידער זיך געבאָרעט איינער מיטן אנדערן. אויף איין זייט טראָטואַר, אין שאָטן פון די ביימער, פאַרביי די קאָשטשאָלן, פאַרביי דער פּראַוואָסלאַוונער צערקווע, האָבן נאָך שפּאַצירט שבתדיק פאַרחלומטע פּאָרלעך, צוגעטוליעטע איינער צום אַנדערן, אויסגעטאָענע פון יעדער וואָכעדיקייט, פון יעדן האַנדל־וואַנדל און אויפן צווייטן טראָטואַר, אַ שארף־באַלויכטענער, פאַרביי די ברייטע, צעליכטיקטע שויפענצטער פון האַלב־צוגעלענטע קראָמען און מאַגאַזינען, זענען געגאַנגען קריסטלעכע אַרבעטס־מענטשן אין פאַרפּעצטע בגדים, נאָרוואָס פון די גאַרבאַרניעס ארויס, פול נאָך מיטן שאַרפן ריח פון רויע פעלן און פריש־אויסגעאַרבעטע יוכטן. מיטן אָפּגענומענעם לוין אין די קעשענעס, האָבן זיי זיך געשטופּט אין די האַלב־צוגעלענטע טירן פון שענקן און קראָמען, דאָ צו באַנעצן דעם האַלדז מיט אַ שאַרפן טרונק־בראָנפן, דאָרטן איינצוקויפן אָנטועכץ און עסנוואַרג פאַר ווייב און קינדער אויפן הייליקן זונטיק.

כאָטש אַ פאַרגאַפּטער, מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן סיי אויף די גרויסע, בלענדיקע שויפענצטער, וואָס אַזעלכע האָט ער קיינמאָל פריער ניט געזען, סיי אויף די גרויס־שטאָטישע קאָטשן, טייל מיט גומענע רעדער, וואָס האָבן געפּאַטשט פאַרביי אים הין און קריק, האָט דאָך דער וואָרעם ניט אויפגעהערט אים טאָטשען: וווהין גייט ער? ביי וועמען וועט ער איבערנעכטיקן די נאַכט? סיידן ער זאָל פאַרבייגן דעם כבוד און גיין אויף־זוכן דעם קוזין אברהם, דער מומע הינדעס זון.

וואָס אַן אמת, פאַרן ארויספאָרן פון דער היים, האָט ער גראָד יאָ געטראַכט פון קוזין. ער האָט אָבער אָפּגעפּאַסט ביי זיך אין דעם קוזינס שטוב ניט אַריינצושמעקן. ווי דער טאַטע זיינער, האָט אויך ער פיינט יענע, וואָס האַלטן זיך גרויס, בפרט נאָך משפחה. וואָסער מורה מורינו איז ער דאָס, דער קוזין? וואָס האַלט ער זיך אזוי איינגרויסן? ער, נתן חיים, געדענקט גאַנץ גוט יענעם חול המועד פסח. אַ גאַנצן פרימאָרגן איז ער מיטן טאַטן אָפּגעשטאַנען הינטער דער שטאָט, אויפן טייך־בריקל, אָפּוואַרטן די דראָזשקע מיטן קוזין. די מאַמע האָט זיך איינדערהיים געפּאָרעט פון באַגין אָן, געמאַכט ציבעלעס מיט שמאַלץ, געפּרעגלט פּעטע, ברוינע כרעמזלעך, זיי באַשאָטן מיט ווייסן מעל־צוקער, געשטעלט צום יום טובדיק־געגרייטן טיש די גאָלד־געריפּטע, פּסחדיקע כוסות און די געפינגערטע קאַרפינקע מיט וויין. לכבוד

אים האָט די מאַמע אפילו געקויפט אַ האלב פונט וועלשנע ניס און ער, דער גרויסער יחסן, האָט זיך צו דעם אלעם נישט צוגערירט, געזאָגט אַ תירוץ: ר׳איז נישט הונגעריק, גלייך צו כרעמזלעך, וואָס צעגייען אין מויל, דאַרף מען זיין הונגעריק. האָט ער, נתן חיים, איצט געוואָלט אָפּצאָלן דעם קוזין מידה כנגד מידה: דו ווילסט נישט האָבן קיין עסקים מיט מיר, וויל איך נישט האָבן קיין עסקים מיט דיר!

דאָס אַלץ האָט נתן חיים געטראַכט פריער, בעת ער איז געלעגן אונטער דער באַנק אין פראַכט־וואַגאָן און נאָך געהאַט די צוויי קופּערנע צענערס. איצט אָבער, נאָכדעם ווי ער האָט געמוזט אַוועקגעבן די צוואַנציק גראָשן דעם קאָנדוקטאָר און ער איז געבליבן מיט א ליידיקער קעשענע, האָט ער איינגעזען, אַז ער קאָן נישט מער טריצן, אַז ער וועט מוזן פאַרבייגן דעם כבוד און גיין אויפזוכן דעם קוזין אברהם.

ער האָט זיך קוים דערפרעגט צום „ראַאַטשעל״, דער גרויסער ראָדעמער מאַרק־פּלאַץ, ווו דער קוזין האָט געדאַרפט וווינען און דאָרטן האַלטן אַ קראָם פון שפּייז און נאַפט און הערינג.

ווי אויף דער לובלינער גאַס האָט איצט געבלענדט מיט ליכטיקייט און מענטשן האָבן דאָרטן געראַיעט אויף און אָפּ די טראָטוארן, אזוי איז דאָ, אויפן מאַרק־פּלאַץ, געווען טונקל און סומנע, אָן אַ לעבעדיקן מענטש צו זען. בלויז אין ראָג גאַס און אין מיטן מארק האָבן געבלינצלט צוויי עלעקטרישע לאָמפּן. אין דער רעכטער זייט האָט זיך געצויגן אַ שטיק פעלד מיט פּאַרקאַ־נעס פון סעדער און גערטנער. אַ גרויסע האַליע, אַ לאַנג און נידריק געביי, איז דאָ געשטאַנען פאַרפינצטערט און פארשלאָסן אויף שלאָס און ריגל. לינקס פון ווו ער איז אָנגעקומען, פּונקט אַנטקעגן די האַליע, האָט זיך געצויגן א ריי הויכע, ציגל־געבויטע קאמעניצעס.

נישט ווייסנדיק קיין נומער, האָט נתן חיים גענומען שניפן אין די האַלב־צוגעלענטע קראָם־טירן, לענגאויס דער ריי הייזער. ווי אַ הונגעריקע הון, וואָס זוכט אַ קערנדל שפּייז, אזוי איז ער געגאַנגען פון טיר צו טיר און דורך די שמאָלע שפּאַלטן אריינגעשיקט אַן אייגל, א בליקעלע און באַלד געגאַנגען ווייטער. ביי איין טיר־שפּאַלט איז ער געבליבן שטיין לענגער, עפּעס איז דער ייד אינעווייניק אים פאָרגעקומען ווי יאָ דער קוזין און נישט דער קוזין. דעמאָלט, חול המועד פסח, איז דאָס געווען אַ נגידישער קוזין מיט אַ שווארצער, שיינער באָרד. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ גרוילעכן סאַק מיט גאָלדענע שטרייפּעלעך און גלאַנציקע שטיוועלעטן אויף די פיס. דאָ אָבער, אין דער האַלב־צוגעלענטער קראָם, שטייט א ייד, וואָס אויסזען זעט ער גראָד יאָ אויס ווי דער קוזין, איז ער אָבער נישט קיין שטאַלטנער ווי יענער. פּאַרקערט, דער ייד איז גאָר אן איינגעבויגענער, אַ צעקנייטשטער, אין אַן אויסגעמעליקטן שפּענצער און די באָרד ביי אים איז צעקנאָדערט,

פול מיט שטויב און ווי יענער, אין מאַדזשיק, איז געווען יום־טובדיק־געלאַסן, אַזוי איז דער, אין קראָם דאָ, איין שטיק אומרו, האָוועט ארום צווישן די זעק און קאַסטנס, פעסער און קאַנען.

אָנשטאָט אַריינגיין מיט אַ גוט־וואָך, ווי אַ יינגל גייט אריין צו א לייבלעכן קרוב, איז גאָר נתן חיים געבליבן שטיין אין פינצטערן דרויסן אַ נישט־דרייסטער, אַ שעמעוודיקער און דורך דעם שמאָלן שפּאַלט פון דער צוגע־לענטער טיר, לאַנג און בגניבה נאָכגעפּאָלגט יעדן טראָט פון דעם קוזין אינעווייניק, געקוקט אים אויף די הענט, ווי געשווינד זיי שופלען מיט א מעשענער שופלע פון די זעק־אַרויס הירזש און גריפן און מעל אין פּאַפּי־רענע זעקעלעך אַריין, וועגן זיי און פּאַקן זיי צו און לייגן זיי אויף די פּאָלי־צעס איינס איבערן אנדערן, אין גלייכע שטויסן, גרייט אויף מאָרגן, זונטיק, וואָס, לויטן זאַקאָן, דאַרף גאָר דאָס געוועלב זיין געשלאָסן, נאָר דער פדיון, דורך דער האַלב־צוגעלענטער טיר, איז גרעסער ווי דאָנערשטיק, אין סאַמע ראָדעמער מאַרק־טאָג.

אינמיטן דער גאַנצער פאַרטוענקייט האָט דער ייד אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער טיר. עפּעס האָט אים פּלוצים גענומען פאַלן פון די הענט און ער האָט דערפילט אַן ענגקייט אַרום זיך, ווי ער וואָלט זיך געפונען אין אַן אומגעזעענעם רינג, וואָס עמיץ ציט אים איין אַלץ ענגער און ענגער, אָט־אָט און עס וועט אים פאַרפעלן אָטעם. אים איז איינגעפאַלן, אַז עמעץ, אין פינצטערן דרויסן דאָרטן, האַלט אים שארף אויפן אויג.

א רגע נאָר איז דער ייד געשאַנען ווי צעטומלט, באַלד איז ער צוגע־גאַנגען צו דער טיר, אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ, דורכגענומען מיטן בליק דעם טונקעלן דרויסן, די פוסטקייט פון ריזיקן מאַרק־פּלאַץ. עפּעס האָט זיך אים יאָ געדאכט אז עמעץ האָט דאָ אָפּגעצויגן, ווי אַ שאָטן וואָלט אים פאַרבייגעמיקט פאַרן אויג. ער האָט אָבער געטראַכט אַז דאָס איז אַן אויס־דאַכטעניש, וואָרעם ווער וועט זיך דאָ, ניע האָצאָ, ניע פּלאָצאָ, אַוועקשטעלן הינטער זיין טיר? איז ער צוריקגעגאַנגען צו די זעק און אויפסניי זיך פאַרטאָן מיטן שופלען און וועגן, איז אים אָבער באַלד ווידער באַפאַלן דאָס געפיל פון ענגקייט, פון זיין איינגעקלאַמערט אין אַן אומגעזעענער רייף. ער איז ווידער צו צו דער טיר, דאָס מאָל שוין פאַרשטעקט, מיט אַן אייגל בלויז אינדרויסן אַרויס, איז ער געשטאַנען אָנגעשפּיצט, וואַך, ווי אַ שפּיר־הונט, וואָס אַנט אַ געשאָרך אין וואַלד און פונקט ווי דאָס פּירפּיסיקע בעל־חי, האָט ער געטאָן אַ שפּרונג דורך דער אויפגעפּראַלטער טיר, ווי נאָר דער שאָטן האָט געטאָן אַ מיק פאַרביי.

ווי פריער האָט אויך איצט נתן חיימל געוואָלט אָפּציען גיך, פאַרשווינדן אין דער פינצטערניש אריין. ביי אים, דעם קוים דרייצן־יאָריקן פאַרשויך, האָט דאָס אָפּציען און קריק־קומען, גיך געהאַט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שפּיל

אזא אין באַהעלטעלעך. אינדעראמתן איז דאָס אָבער נישט געווען קיין שפּיל, נאָר זיין יינגלש מושווה ווערן מיטן קוזין פאַר זיין פאַרשעמען דער מאַמעס כיבוד, פאַר זיין גרויס־האַלטעריי. אויב ער מוז שוין יאָ אָנקומען צום קוזין ביי אים איבערצונעכטיקן, זאָל עס אים, דעם קוזין, נישט אָנקומען אַזוי גרינג, זאָל ער זיך יאָגן נאָך אים, אים אַרומזוכן און אפשר אים גאָרנישט געפינען אויך.

האָט אים אָבער דער קוזין יאָ גיך געפונען. איידער ער, נתן חיים, האָט דאָס מאָל באַוויזן זיך אַ ריר צו טאָן אין זיינע אייביק צו־גרויסע שטיוול, איז דער ליכט־שטראָם פון אויפגעפּראַלטן געוועלב געפאַלן אויף אים און אים אַריינגעכאַפּט אין זיין מיטן ווי אין אַ פאַרוואָרפענער פּעטליע, פּונקט ווי וואַצוש, דאָס רויטע הינטל זיינס, אין הינט־שלעגערס שלייף.

פּונקט ווי דער הינט־שלעגער דענצמאָל וואַצושן, אַזוי האָט דער קוזין איצט, מיינענדיק אַז דאָס איז א פּרעמד לאָבוזל, געטאָן א כאַפּ אים ביים דין, יינגלשן קערקל און אים געטאָן אַ שלעפּ אין געוועלב אַריין. איצט ערשט, אין דער ליכטיקייט, אַריינקוקנדיק דעם קליינעם אין די פאַרשעמטע, צעשראָקענע אויגן, איז דער ייד געבליבן שטיין צעטומלט, ווי ער וואָלט פאַרלוירן דאָס לשון. ער האָט געהויבן די אַקסלען:

— די ביזט דעך דעם פּעטע׳ יערמע דודס יינגל. וואָסזשי שפּילסטי זעך מיט מיע׳ אין באַהעלטעלעך? אזוי טיט מע? ביזט דאָך עפּעס גאָר אַ פּרא אָדם!

נתן חיים איז געשטאַנען מיטן טלומיקל אונטערן אָרעם אַ פאַרשעמטער, נישט געוואַגט אויפצוהייבן די אויגן. נישט גענוג וואָס ר׳איז געקומען ווי אַן אומגעבעטענער גאַסט, פאַרפירט ער נאָך דאָ א שפּיל אין באַהעלטעלעך און דער קוזין דאַרף אים כאַפּן ווי א גנבל הינטער דער טיר.

— ני? וואָס שטייסטי ווי אַ למך? — האָט אים דער קוזין אַ ריר געטאָן דעם אַקסל. — רעדט אַ וואָרט. וואָס מאַכט דע׳ טאַטע? די מאַמע? און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט דער קוזין אַ רוף געטאָן דורך דער הינטער־טיר פון געוועלב אין שטוב אַריין: — זעי נאָר, שיינדעלע, מ׳אָמע׳ דעך א גאַסט אָך דע׳ פּילער וואָך!

שיינדעלע, אַ מעוברת ווייבל, קוים איבער די דרייסיק, האָט זיך באַלד אַריינגעוויזן מיטן הויכן בויך אין דער אָפענער טיר פון הינטער־געוועלב.

זייטיקלעך האָט נתן חיים געוואָרפן אַ בליק אויף איר. אַזוי, דאָס איז זי? די יחסנטע. דער קוזין פלעגט נאָך אַמאָל זיך אַראָפּווייזן צו דער משפחה אין מאָדזשיץ, איר אָבער, דעם פּעטער איטשקעס גרויס־שטאָטישע שנור, איז דאָס נישט אָנגעשטאַנען. פונדעסטוועגן, וואָלט ער איר געדאַרפט זאָגן גוט־וואָך, איז ער אָבער פול מיט בושה, נישט בלויז פאַר זיין שפּילן זיך אין באהעלטעלעך מיטן קוזין, נאָר אויך וואָס ער איז אזוי אויסגענאָרעט, ווי

אָפּגעטונקען אין שטויב פון זיין וואַלגערן זיך אויף דער באַן, אונטער דער באַנק.

שיינדעלע האָט גראָד נישט געטראַכט פון יינגלס בושה. זי איז צוגעגעקומען צו אים נענטער און אים גענומען „באַשויען". מיטן פאַרשפּיצטן בויך הינטער אַ בלוי־זיידן קלייד, מיט אַ קליין, רויט־געשלעקלט, יצר־הרע־פאַרטעכל פון אויבן, איז זי געשטאַנען און באטראכט נתן חיימען. ווי תמיד, ווען אין פארלעגנהייט, האָט זי אויך איצט געביסן מיט די ווייסע, פּערלדיקע ציין די אונטערשטע ליפּ אירע. און זי איז טאַקע געווען אין גרויס פאַרלעגנהייט, שיינדעלע. לויט דער אויסגענאָרעטקייט, זעט זי שוין, איז דאָס יינגל נישט געפאָרן אויף די פּליושענע בענק פון צווייטער קלאַס. און אפשר איז ער נאָך פאַרלויזיקט אויך? וויזשע קען זי אים דאָ אַריינבעמען אין שטוב? און ווער ווייסט ווי לאַנג דער קליינער וועט ביי איר דאַרפן זיין? אַזוי גיך קריגט א יינגל אַן אָרט? דערצו נאָך אין מיטן זמן?

זי האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום מאַן. ער איז ווידער געשטאַנען איבער א געעפנטן קאַסטן, ארויסגענומען פון באַזונדערע פּאַפּירן פּעקלעך טיטון, פּעקלעך פּאַפּיראָסן, קעסטעלעך שוועבעלעך און דאָס אַלץ אויסגעשטעלט אויף די פּאָליצעס, פּאַוואָליע, גלייך קיינער וואָלט דאָ אין געוועלב נישט געווען.

— אברהמ׳שי, — האָט זי זיך געווענדט צום מאַן, כלומרשט אין אַ געלעכטערל, — כ׳האָב מורא ׳עסט מע׳ דאַרפן דינגען אַ גרעסע׳ וווינינג, דע׳ פּעטע׳ יערמע דוד, זע יעך ׳אָט זעך פּאַלייגט אָף ראָדעם. ער ׳אָט דאָך שוין אַלע זין אָדפּראַוועט אַהער!

שיינדעלעס געלעכטערל, אירע געפּיעשטשעטע ריידעלעך צום מאַן, האָבן נתן חיימען גלייך אַרויסגעהויבן פון זיין פאַרלוירנקייט, פון זיין געפּאַלנקייט, וואָס ער איז אַזוי פארשטויבט און אויסגענאָרעט. ווי דער טאַטע זיינער, ווען עמעץ רירט אים אָן דעם האָנאָר, אַזוי איז אויך ער שוין גרייט געווען אויף א פאַרהער, אפילו מיט דער יחוסדיקער קוזינע. ווער עס קוקט זי נישט אָן, נחום פישערס טאָכטער! זיך פאַרלייגט אָף ראָדעם! גלייך ראָדעם איז איר פּאַלוואַרק! וואָס מיינט זי? ער איז געקומען זיין ביי איר? אפילו די איינע נאַכט איבערנעכטיקן איז ער איר מוחל! ער׳ט ליבערשט איבערליגן די נאַכט ערגעץ אין אַ רינשטאָק, איידער אָנרירן איר שמייליקע פּאָדלאָגע. אָן וווייטערדיקע איבערטראַכטענישן האָט ער אַ זאָג געטאָן, ווי אין דער לופט אַריין:

— אַ גיטע וואָך! — און שוין אַרויספאַרשוווּנדן אין דער פינצטערער נאַכט אַריין!

# קאַפּיטל דריי

ביז נאָך הבדלה האָבן ירמע דוד און חנה לאה נישט געאַנט אַפילו אַז דאָס בנאָקל זייערס, נתן חיימל, איז זיי נעלם געוואָרן פון שטוב אַרויס. אַמאָל וואָלט אַזױנס ביי ירמע דודן נישט מעגלעך געווען. איידער דער קינדער־ווידער צווישן טאַטן און זון איז געוואָרן אַזוי שאַרף, האָט דער קליינער נתן חיים געמוזט זיין אין שטוב ביים טיש, נישט נאָר פרייטיקצונאַכטס און שבת אינדערפרי, נאָר אויך שבת פאַרנאַכט צו שלוש־סעודות, זינגען זמירות, דאַווענען מנחה־מעריב, זאָגן ויתן־לך און הערן דעם טאַטן מאַכן הבדלה.

זינט אָבער דער מעשה מיט הערשעלע מלמד, ווען אים, ירמע דודן, איז עפּעס, לא־עלינו, אָפּגענומען געוואָרן דער שכל צו גלייבן אַז נתן חיים, אַ גמרא־בחור, וואָס די רביים זיינע רימען זיך מיט אים, קען נישט קיין עברי און צוליב דעם האָט ער זיך צוגעהערט צו זיינע „קומעס" אין מארק און אָנגעטאָן דעם יינגל אַזאַ בושה, אים אָפּגענומען פון ר׳ שבתאין, דעם גרעסטן גמרא־מלמד אין שטאָט און אָנגעדונגען אים צום קליינעם הערשעלע, קוים עפּעס מער פון אַ דרדקי רבילע, זינט דער מעשה, האָט ער, ירמע דוד, שוין אינגאַנצן אַרויספאַרלוירן די טאַטעשע לייצעס פון זיינע הענט, נישט געהאַט מער קיין דעה איבערן יינגל, נישט, חלילה, ווייל עמעץ האָט זיך אַריינגעמישט און ביי אים די דעה צוגענומען. פּשוט, נאָך דער מעשה, האָט ער שוין נישט געהאַט קיין העזה אויף טאַטעשער הדרכה. זייטיקלעך פלעגט ער יאָ נאָך האַלטן אַן אויג, זען צי דער קליינער דאַוונט, צי ער איז שבת מעביר די סדרה, צי ער קוקט אַריין אין אַ ספר, געהייסן האָט עס אָבער אַז ער מישט זיך נישט מער, זעט נישט און ווייסט נישט. אויס! דער זון איז ברוגז מיטן טאַטן און דער טאַטע מיטן זון.

אַט, צוליב דעם דאָזיקן ברוגז, איז דאָס ירמע דוד געזעסן צו שלוש־סעודות אַליין ביים טיש. אָנשטאָט זינגען זמירות, ווי אַלעמאָל, האָט ער איצט שטיל געברומט דעם בני היכלא דכסיפין.

סומנע, ווי דער בין השמשות, איז געווען ירמע דודס געמיט. עפּעס איז אים דער שבת אויסגעגאַנגען אונטער די הענט. פון אַלע זייטן זענען אויף אים געקראָכן שאָטנס, וואָכעדיק־דריקנדיקע. דאָס קאַרגע ביסל ליכט פון ווייסן שבת־טישטעך האָט אויך אים געזעגנט אונטער די אויגן און, איידער ער האָט זיך אַרומגעקוקט, איז עס אינגאַנצן פאַרשלונגען געוואָרן

פון דער אָנגעלאָפּענער נאַכט. טרויעריק האָט איצט געזעגט די גריל און־טערן אויוון און טרויעריק איז געווען חנה לאה׳ס מורמלען, אין ווינקעלע לעבן פענצטער, איר גאָט פון אברהם, פון יצחק און יעקב.

ערשט נאָך הבדלה, אין דער ליכטיק־געוואָרענער שטוב, בעת ער האָט זיך גענומען איינלייגן דעם צעקנאָדערטן טלית, אים קריק אַריינצושיבן אין וואָכעדיקן טלית־זאַק, זינגענדיק דערביי, ווי תמיד שבתצונאַכטס דעם האָפּערדיקן אַל תירא עבדי יעקב, האָט ער פּלוצים דערזען אַז דער טלית־זאַק איז לער, נישטאָ אין אים ס׳תפילין־זעקל מיט די תפילין.

מיטאיינמאָל איז דער פרייִלעכער אַל תירא עבדי יעקב אים אַראָפּגע־פלויגן פון די ליפּן. ער איז שטיינגעבליבן מיט אַן אָפן מויל, א פאַרווירטער, דער אויסגעריבענער, בלוי־סאַמעטענער טלית־זאַק אין איין האַנט און דער צוגעלייגטער, געל־אָנגעדאַוונטער טלית אין דער אנדערער. אַ צערודערטער איז ער געשטאַנען און געקוקט אויף דעם וואָכעדיק־אָפּגעדעקטן טיש, וואָס דער אויבן־אָן זיינער איז נאָך געווען נאַס פון איבערגעלאָפּענעם הבדלה־וויין. ער האָט געביסן די אונטערשטע ליפּ אַזש די רויטע, שפּיציקע באָרד האָט זיך ביי אים אונטערגעהויבן דיבאָם:

— זעי נאָ׳ דו, חנה לאה! — האָט ער גערופן אין קיך אַריין, — כ׳האָ׳ דעך ניש׳ די תפילין!

חנה לאה, וואָס איז שוין איצט, ווי תמיד אויף דער פולער וואָך, געווען פאַרפּאָרעט אין קיך, ביי דער פּליטע, אַרום די פאַרטרוקנטע טעפּ און טעלער, גרייט שוין מיט אַ שטרוי־וויעכעטש צו נעמען זיי רייבן און שייערן פון שבתדיקן טשאָלנט און קוגל, איז גיך צוגעקומען צו דער אַלקער־טיר. אין דער וואָכעדיקער קאָפּקע מיטן רויטן טשיפּיק אויפן קאָפּ, דאָס וואָכעדיקע פאַרטעך איבערן בויך, די אַרבל וואָכעדיק פאַרשאַרצט ביז די עלנבויגנס, איז זי געשטאַנען אַ צעטומלטע און געפינטלט מיט די אויגן אויף ירמע דודן און זיין פאַרלוירנקייט. ס׳ערשטע מאָל ער זאָל זי פרעגן וועגן זיינע תפילין:

— זיעך נאָ׳ גיט, אפשר האָסטי זיי ערגעץ אָוועקגעלייגט?

כאָטש געזאָגט האָט די דאָזיקע ווערטער חנה לאה רואיק, געלאַסן, האָבן אָבער אין איר קאָפּ גענומען אָנלויפן געדאַנקען, טראַכטעניש און איבער־קלערעניש שוין גאָרנישט קיין רואיקע און אוודאי נישט קיין געלאַסענע, נאָר אַזוינע אויסטערלישע און גיכע און מיט די אָנגעלאָפּענע איבערקלע־רעניש האָט דאָס האַרץ אין איר גענומען קלאַפּן האסטיקער און ס׳פּנים איז איר געוואָרן בלאַס און באַלד געל, ווי דענצמאָל, נישט היינט־געדאַכט, ווען זי איז שלאַף־געוואָרן אויף דער געלער־זאַך.

אָנשטאָט זיך בייזערן, שרייען, ווי זיין טבע, איז ירמע דוד געשטאַנען שטיל אנטקעגן איר, ווי ער וואָלט, חלילה, געליימט געוואָרן. איין מאָל און

אַ צווייט מאָל האָט ער געוואָרפן אַ בליק דורכן אָפענעם פענצטער, אין נאַכטיקן דרויסן אַרויס. נתן חיימלס פריערדיק נישט ווייזן זיך אין שטוב אריין צו שלוש סעודות און דאָס פּלוצימדיקע נעלם ווערן פון די תפילין פון טלית־זאַק אַרויס, אָט די צוויי אומגעוויינלעכע געשעענישן האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפקניפּן אין זיין קאָפּ. ווער ווייסט וואָס דאָס נתן חיימל האָט שוין דאָ ווידער אָפּגעטאָן?

ווי תמיד, האָט אויך איצט חנה לאה קודם גענומען לעשן די שרעק ביי ירמע דודן, כאָטש ביי איר אליין איז די שרעק געשטיגן. זי האָט אויך, פאַר איין וועגס, ווי תמיד, געפּרוּווט הייבן אַביסל דעם יינגלס מערכה:

— ווּוס האָסטי זעך אַזוי דאַ׳שראַקן? אפשר האָט נתן חיים גענימע׳ די תפילין צ׳עמעצן, מ׳זאָל עים אָסלערנע׳ לייגן תפילין? ע׳ווערט דעך שוין, קאַנעהאָרע, בר־מצווה. ווּוס דען האָסטי געמיינט? אַז אַ טאַטע וואַרפט זעך אין בראָקט זעך, טוליע זעך די קינדע׳ צי פרעמדע.

אָנשטאָט באַרואיקן האָבן חנה לאהס כלומרשט גוטע ריידעלעך ירמע דודן אונטערגעהויבן. ווען דאָס איז נישט אויף דער פולער וואָך, ווען אַ ייד דארף מיט אלע כוחות זיך איינהאלטן פון שרייען, ס׳זאָל, חלילה, נישט קומען צו קיין קללות, וואָלט ער איר דאָ געגעבן אַ „וואַרפן און בראָקן". אַזוי אָבער האָט ער אָפּגעווישט ס׳מויל און ארונטערגעשלונגען איר זאָגעלע. נאָר כדי חנה לאה זאָל נישט מיינען אז ער נעמט טאַקע אָן אירע ריידעלעך פאַר גוט געלט, האָט ער זי, כלומרשט תמעוואַטע געפרעגט:

— וועלכע׳ ייד טרוגט דוס אים שבת תפילין? אין וועיע איז דוס דע׳ עימעצע׳ צי ווּעימע נתן חיימל טיליעט זיך צי?

אויף דעם האָט שוין חנה לאה גאָרנישט געענטפערט. וואָס קען זי אים אויף דעם זאָגן? זי ווייסט דען נישט אַז וואָס זי זאָגט איז גלאַט אים אויס־צורעדן די צרות. וואָרעם טאַקע? וועלכער ייד פאָרעט זיך שבת ביי תפילין? און נתן חיים דאַרף דען עמעץ זאָל אים לערנען תפילין לייגן? אים דאַרף מען עפּעס ווייזן? דאָס יינגל האָט דאָך אָן עין הרע גאָלדענע הענט. הלוואי ס׳האַרץ זאָל זי נאַרן. דאָס פעלן פון די תפילין איז אַ שלעכטער סימן! אַז די תפילין זענען נישטאָ, איז נתן חיים אויך נישטאָ! דאָס יינגל איז אַוועק פון דער היים און מיטגענומען די תפילין!

ווי ווייל אלץ איז שוין ביי איר געווען קלאָר, האָט זי דאָך נישט געוואָלט שלום מאַכן מיטן געדאנק אז דאָס יינגל איז טאַקע אוועק פון דער היים. זי האָט אַוועקגעלייגט דעם שטרוי־וויעכיטש אויף דער פּליטע, צוגעגאנגען צו דער אָפענער טיר און אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ אין נאַכטיקן דרויסן.

לפנים, פאַר ירמע דודן, וואָס ברענט דעם יינגל די טריט, האָט עס געקענט הייסן אז זי זוכט די קלענערע מיידלעך, וואָס שפּילן זיך אויפן הויף מיט אנדערע קינדער, פילן אָן די אָוונטיקע לופט מיט געליאַרעם און געפּיל־

דער און עס פֿאַלט זיי גאָרנישט איין אַריינצוקומען אין שטוב, אינדערהאמתן האָט זי גאָרנישט אין זין געהאַט די מיידלעך. זי האָט געבענטשעוועט מיט די אויגן איבערן טונקעלן הויף צי נתן חיים שלייכט נישט זיך אַרום, בײַ די ווענט דאָרטן, א פֿאַרשולדיקטער, ווי אָפּטמאָל נאָכן שבתדיקן אַרומלויפֿן, ווען ער האָט מורא אַריינצוקומען אין שטוב אַן אָפּגעיאָגטער, א פֿאַרשוויצ־טער, טיילמאָל אויך אַן אָפּגעריסענער, אַן אָפּגעשליסענער און זי, די מאַמע, טראָגט אים בגניבה אַרויס הינטערן פֿאַרטעך א רעפֿטל־ברויט, אַ טעפּעלע שטשאָוו־באָרשט ער זאָל זיך דערכאַפּן ס׳האַרץ און קענען איבערוואַרטן ביז דער טאַטע גייט שלאָפֿן און ס׳גייט אים איבער דער כעס און אַזויאַרום היט ער זיך אויס פֿון קריגן געשלאָגן פֿאַרן אַרומלויפֿן און צערייסן די שטיוול, פֿאַר מחלל־שבת זיין דורכן שפּילן אין פֿאַלאַנט, אין פּילקע, פֿאַרן נישט זיין אינדערהיים צו שלוש־סעודות.

חנה לאה׳ס נישטערן מיט די אויגן איבערן הויף איז אָבער געווען אומזיסט. נתן חיים האָט זיך נישט געוויזן. דאָס איז נאָך אַ סימן אַז דאָס ייִנגל איז אַוועק פֿון דער היים. ער וועט דאָך נישט איצט, א גמרא־בחור שוין, איבערחזרן די אַמאָליקע, קינדישע באַהעלטענישן זיינע בײַ בערציקן אויפֿן היי־בוידעם, בײַ שמחהלע פּוטערפֿלאַם אין אַלטאַנקעלע. וווּשע איז ער פֿאָרט? וווּהין האָט ער געקענט נעלם ווערן?

א פֿאַרטראַכטע האָט זיך חנה לאה אומגעקערט אין אַלקער אַריין, ווי־באַלד דאָס ייִנגל איז ערגעץ געפֿאָרן? האָט ער דאָך געדאַרפֿט אויף הוצאות. איז זי צוגעגאַנגען צום ווינקעלע, הינטער דער אַלקער־טיר און אַ טאַפּ געטאָן די קעשענע פֿון איר וואָכעדיקער ספּודניצע. זי קען אירע קינדער. אויב וועלכעס פֿון זיי זאָל וועלן עפּעס רירן, וועט עס זוכן אין אירע קעשע־נעס. צום טאַטנס געלט־בײַטעלע וועט זיך אירס אַ קינד נישט אונטערשטעלן צוצוגיין.

ווי דאָס האַרץ וואָלט איר געזאָגט! די לייוונטענע טאָרבע־קעשענע אין איר ספּודניצע איז געווען ליידיק. ביידע קופּערנע צענערס, וואָס זענען איר געבליבן נאָכן האָבן צונויפגעשטוקעוועט דעם שבת, זענען מער נישט געווען.

אָן צעגערניש איז שוין איצט חנה לאה צוגעגאַנגען אויך צום וועש־שענקל. זי האָט אויפגערוקט די שופלאַד. אויך דאָ איז דער סימן געלעגן אויבן־אויף. ביידע אויסגעוואַשענע העמדלעך, דעם ייִנגלס, האָבן געפֿעלט.

חנה לאה האָט קוים געקענט איינהאַלטן דעם שטראָם מיט טרערן. דער קנופּ אין האַלדז האָט געשטיקט, געוואָרגן: וויי דער מאַמעס האַרץ! מיט וואָס דאָס קינד איז נעבעך אַוועק אינדערפֿרעמד, צו פֿרעמדע טישן: צוויי אַלטע, געלאַטעטע העמדלעך און צוואָנציק גראָשן אין קעשענע.

פֿול מיט האַרץ־קלעמעניש האָט זיך חנה לאה קוים דערשלעפּט אין

קיך אַריין. זי איז דאָרטן אַוועקגעפאַלן אויף לייבל משהס בעט, וואָס איז שוין אויך געשטאַנען ליידיק, פאַרלאָזן. זי האָט איינגעגראָבן ס׳פּנים אין קישן און שטיל געשלוכצט אויף איר ביטער מזל. דער עלצטער, לייבל משה, איז ביי די זעלנער. דער מיטלסטער, אברהם יאַנקל, וואַלגערט זיך אינדער־פרעמד און איצט איז דער ייִנגסטער, נתן חיים, אפילו נאָך קיין בר־מצווה נישט, אויך שוין אַוועק פון דער היים!

חנה לאהס שטיל, איינגעהאַלטן שלוכצן האָט תמיד יערמע דודן געריסן ס׳האַרץ, איצט אָבער האָט עס אים ממש אונטערגעהאַקט הענט און פיס. אויב עפּעס איז, חלילה, געשען מיטן ייִנגל, איז ער דאָך דער גורם! דאָס האָט ער דאָך, דער טאַטע, מיט די אייגענע הענט פאַרטריבן אים פון שטוב.

ווי חנה לאה אויפן בעט, אין קיך דאָרטן, אַזוי איז ער אין אַלקער אַראָפּ־געזונקען אויף אַ שטול, פאַרגראָבן ס׳פּנים אין די אָרעמס, אויפן טיש. אויך אין אים האָט ס׳האַרץ געוויינט: רבונו של עולם! דו ווייסט דאָך יאָ דעם אמת. וואָס איז ער דען אויסן געווען? אַ טאַטע, וויל ער זיינע קינדער זאָלן אויסוואַקסן יידן, גאָרנישט מער ווי יידן.

דורך די צעעפנטע פענצטער האָט דערווייל, פון נאַכטיקן דרויסן, זיך אָנגעהויבן אַריינטראָגן אַהער אין שטוב אַריין, א וואָכעדיק רוקעניש און קלינגעניש. נאָך הבדלה, האָט זיך דער הויף געצומען אַרויסטשוכען פון דער זיסער שבת־רו און אָנגעהויבן קריק אַריינקריכן אין שווערן, וואָכעדיקן יאָך.

ביי די פליוקעס, קעגנאיבער, האָבן די יונגען אָפּגערוקט דעם טיש פון פענצטער, וווּ ער שטייט יעדן שבת אַ ווייס־באַדעקטער, ווי אַ צניעותדיקע כלה און געצומען קריקרוקן דעם נידעריקן שוסטער־וואַרשטאַט, ארומגע־שטעלט אים מיט די פיר נידעריקע בענקלעך, דריי־פיסיקע, טיף־אויסגע־הוילטע, וואָס זענען נעבעך א גאַנצן שבת געשטאַנען פאַרדעקטע אין אַ ווינקל, ווי אָרעמע קרובים, וואָס מען שעמט זיך מיט זיי ווען געהויבענע לייט זענען דאָ אין שטוב. איצט אָבער, מיטן אָנקום פון דער נייער וואָך, קריגט דער שוסטער־וואַרשטאַט מיט די פיר בענקלעך צוריק זייער יחוס, צוריק ווערן זיי פאַרבעטן צום אויבנאָן. ווידער פאָרעט מען זיך אַרום זיי, מ׳פילט ווידער אָן די בלעכלעך און שיסעלעך מיט הילצערנע פלעקלעך און שטאָלענע שטיפטלעך, מיט קלייסטער און סמאָלע, מיט דראַטווע און חזיר־האָר, מ׳גרייט אָן צו דער האַנט זויל־לעדער און כאָליעוועס כדי באַגינען, נאָך איידער די זון גייט אויף, ווי נאָר ער וועט אָפּלייגן טלית און תפילין, וועט דער אלטער פליוק מיט דער געלער לאָפּעטע־באָרד איבערן שוסטער־פאַרטעך, זיך ווידער אַריינזעצן אין הילצערן, אויסגעהוילטן שוסטער־בענקלע אויבן־אָן ביים וואַרשטאַט און די דריי בנים זיינע, די יונגע פליוקעס מיט די רויטלעך־געלע טשופּרינעס אונטער די שמאָלע, גנביש־פאַררוקטע היטעלעך, אין די אויסגעסמאָלעוועטע שוסטער־פאַרטעכער וועלן

זיך אַרומזעצן אַרום אים און, ווי אַ קלעזמער־קאַפּעליע, וועלן זיי אַלע צוזאַמען, מיט פאַרשאַרצטע אָרעמס ביז איבער די עלנבויגנס, זיך צעזינגען אין אַ חזנישער יעלה, מיטן פינטעלע ייד און דערביי וועלן די העמערלעך זייערע קלאַפּן שטיפטן, די פלינקע הענט וועלן ציען דראָטוועס, סמאָלעוועז זוילן און גרייטן שטיוול פאַר פויערים ביז דעם קומענדיקן פרייטיק פאַרנאַכט, ווען דער וואָכעדיקער יאָך וועט ווידער פאַררוקט ווערן אין ווינקל און אַ נייער שבת, אַ הייליקער, וועט קומען אָנצושוועבן און ווידער פאַרנעמען דעם אויבנאָן מיט זיין שלווהדיקער רו, מיט זיין זיסער מנוחה.

ווי די פליוקעס, אַזוי האָט אויך בערל־טאַנדייטער זיך געפּאָרעט מיטן יונג זיינעם ביי די ניי־מאַשינען, זיי געאיילט און גערייניקט, כדי פאַרטאָג אויפסניי זיך צו נעמען שטעפּן און נייען אויף זיי פויערישע סערמיגעס און קורטקעס, צייגענע תחתונים און וואַרעמע, מיט וואַטע־אונטערגעבעטע וועסטן.

אויך דער אלטער משה יצחק האָט גענומען אַריינקריכן אין דער וואָך. אַ נידעריקער מיט שווערע קלעצער־פיס, איז ער פּאַוואָליע געגאַנגען פון שטאָל, געהאַלטן אין איין האַנט, נידעריק ביי די פיס, די אָנגעצונדענע לאַמטער און מיט דער אַנדערער געפירט נאָך זיך די אויסגערוטע שקאַפּע, שוין מיטן כאָמעט אויפן קאָפּ און דאָס געשפּאַן האָט זיך נאָכגעשלעפּט ביים פערדס פיס מיט אַ געקלונגעריי פון אייזערנע רינגען און שנאָלן איבערן שטיינערנעם ברוק. אַן אויסגערוטער, אַן אויסגעכראָפּעטער נאָכן עונג־שבת שלאָף, האָט דער אַלטער משה יצחק איצט, נאָך הבדלה, גענומען שפּאַנען פערד־און־וואָגן, זיך אַרויסצולאָזן צו דער באַן אריינפירן א וואָגן סחורה פאַר מאָדזשיצער קרעמער.

דאָס דרויסנדיקע קלאַפּעניש און קלינגעניש, דאָס רוקן פון טישן און מאַשינען האָט חנה לאהן געהויבן פון בעט, זי דערמאָנט אָן די קינדער, אַז ס׳איז צייט זיי אַריינצורופן. זי האָט אויסגעווישט מיטן פאַרטעך די פאַרוויינטע אויגן און איז אַרויס פאַר דער טיר.

דער אָוונט איז געווען אַ פייכטער, אַ פאַרנער. גלי־ווערים האָבן אַרומגעשוועבט אין דער פינצטער, זיך געצונדן, געלאָשן. מיקן האָבן געזשומעט אין די אויערן, זיך איינגעזויגן אין דער הויט, זשאַבעס האָבן געקוואַקעט און גרילן האָבן פאַרגלושעט די אויערן מיט זייער דין, פּישטשעדיק געזעגעריי.

חנה לאה איז געשטאַנען אין דער אָפענער קיך־טיר. אָנשטאָט רופן די קינדער, וואָס זענען געלאָפן איבערן הויף מיט געשריי און געפילדער, האָט זי גאָר געקוקט דורך די אָפענע פענצטער צו די פליוקעס אין שטוב אַריין. די פליוקעכע איז דאָרטן געזעסן ביים טיש מיט אַ גלאָז רויט־פינקלדיקע טיי ביים מויל. דער אַלטער פליוק איז געשטאַנען איינגעבויגן איבערן

וואַרשטאַט. דער לאָמפּ מיט דער גרין־פּאָרצעלייענער שיין האָט געשפּרייט איבער דער שטוב אַ געדעקט, ווייך ליכט. דעם אַלטן פליוקס זשעדנע הענט האָבן הונגעריק אַרומגעטאַפּט ווייך־אויסגעאַרבעטע, יוכטענע כאָליעוועס, וואָס דאַרפן אריינגענייט ווערן אין פּזשישוועס, געבויגן און געפּרוווט שטיקלעך זויל־לעדער און דאָס אַלץ סאָרטירט און געלייגט אין באַזונדערע קופּקעלעך.

ווי קנאה איז נישט אין איר טבע, האָט דאָך חנה לאה איצט מקנא געווען די פליוקעכע. אָט איז אויך א מאַמע, זיצט זיך דאָרטן און טרינקט איר גלאָז טיי בהרחבה. אוודאי פארגינט זי איר ס׳נחת. פונדעסטוועגן? זי האָט פאַרהויבן דעם בליק צום הימל: טאַטע זיסער! מיט וואָס איז די פליוקעכע ביי דיר שמייליקער פון איר? נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין. זי קען דען אַ צלם פאַר אַן אלף? אין שול ביים דאַווענען, אין שטוב דאָ, ביים לייענען ס׳טייטש־חומש, אפילו אזוי ביים רעדן מיט אַ מענטש, אומע־טום קוקט זי דאָך איר אין מויל אַריין: אוי, חנה לאה לייענסטו די סדרה, פּערל שיטן זיך דאָך פון דיין מויל. פונדעסטוועגן האָט זי, די פליוקעכע, אזא ליכטיק מזל. דער מאַן אָווירט זי, ווי זי וואָלט געווען דעם רבין ר׳ צאָצ׳ס טאָכטער. די פיר זין האָט זי אינדערהיים, ביי זיך הינטערן פאַרטעך. און זי? חנה לאה? צו פאַרהאַלטן דעם אָנלויף פון טרערן, האָט זי גענומען רופן אין הויף אריין, צו די פינצטערע ווינקעלעך:

— אסתר פּערעלע, פרומעטל, רחלע!

די מיידעלעך זענען געקומען אָנצולויפן מיט געליאַרעם און געפּילדער. די קינדער, נישט וויסנדיק פון דער פאַרצוגטקייט אין שטוב, זענען אַריינ־געלאָפן אין געיעג, איינע הינטער דער אנדערער און זיך גענומען יאָגן אין קיך, אין אַלקער, אין זעלבן שפּיל אין באַהאַלטעלעך ווי אינדרויסן.

אין דעם אָנגעלויף פון די קינדער האָט זיך יערמע דויד ווי אויפגעכאַפּט פון א פאַרטראָגנקייט. ער האָט זיך אַרומגעקוקט צעטומלט, געזשמורעט מיט די אויגן גלייך ער וואָלט נישט געוווּסט ווו ער געפינט זיך דאָ. אַן אַנדערש מאָל וואָלט ער א געשריי געטאָן צו דעם קליינוואַרג:

— שטיל זאָל זאַין! עץ העיע׳ט! — איצט אָבער האָט ער אפילו נישט געטראַכט וועגן שרייען אויף די קינדער, וועגן זייערע שטיפערייען, וועגן זייער ווילד געלויפעריי איבער דער שטוב. דער צענויפגעלייגטער טלית פון איין זייט און דער אַלטער, אָפּגעקראָכענער טלית־זאַק, אַן איינגעפאַלענער, א ליידיקער אין דער אנדער זייט, ביידע האָבן זיי אים דערמאָנט אַז ס׳איז אויס שבת, אַז ס׳איז צוריק אָנגעשטאַנען די וואָך און אַז נתן חיים האָט ווידער מיט אים פאַרפירט אַ העצקע. אָבער, ווי אויסטערליש! אָנשטאָט, ווי תמיד, אין זיין קידער־ווידער מיטן יינגל, ווען נתן חיימלס אָפּגעטאָענע

שטיקלעך האָבן ביי אים אַרויסגערופן כעס, רוגזה, איז גאָר איצט זיין געמיט געוועזן רואיק. ער האָט געקוקט אויפן לײדיקן טלית־זאַק און אויף זיין פּנים האָט געערוט א שמייכל, א צופרידנקייט, עפּעס ווי אין אים וואָלט אַ ליכטי־קייט אויפגעגאַנגען, אַ ווארעמע ליכטיקייט, וואָס האָט צעשמאָלצן דעם כעס פון זיין רויטער באָרד, די רוגזה פון זיינע שטענדיק בייזע, בלוי־גרינע אויגן. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און גערעדט צו זיך אליין:

— זעי נאָ׳ דו, אַ יינגל איז אוועק פין דע׳ היים אָן אַ רעכט מלבוּשל אָפּן לאַאַב, אָבע׳ א סידורל מיט אַ פּוע׳ תפילין האָט עיע זעך מיטגענימע׳.

ווי אַמאָל צו דער מאמע זיינער, איידער בתן חיים איז געבוירן געוואָרן, אַזוי איז איצט אין אים אויפגעגאַנגען אַ טיף שולד־געפיל צו דעם יינגל. צוליב וועמען איז ער דען אוועק פון דער היים? — ווייַ צי מיע׳, — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ און שטיל געמורמלט צו זיך אַליין: — נאָך אפילו נישט קיין בר־מצווה און שוין נע ונד.

# קאַפּיטל פיר

נאָכן אָפּטראָגן זיך פון קוזינס געוועלב האָט נתן חיים גענומען לויפן אָן אָפּשטעל, אַנטלויפן וואָס ווייטער פון אַזאַ משפּחה. ערשט נאָכן האָבן אָפּגע־לאָפן אַ ווייטן מהלך איז ער געבליבן שטיין און זיך אַרומגעקוקט: פינצטער, פּוסט אַרום. אונטער די פיס — פייכט גראָז. לעבן אים — אַ הויכער פּאַרקאַן מיט געדיכט־אַריבערגעוואַקסענע צווייגן פון אויבסט־ביימער. דאָרט, פון ווו ער איז נאָרוואָס געלאָפן, שטייט די האַליע אַ פינצטערע, אָן אויסגעלאָשענע, מיט פאַרהאַקטע טיר און טויער. ווייט אַראָפּ, אין מיטן מאַרק, שטייט אַן איינזאַמע לאָמטער. פון מינדסטן ווינטעלע וויגט זיך דער רונדער, פאַרצע־לייענער, בלוילעך־ווייסער לאָמפּ. און מיט אים וויגט זיך מיט דער קרייז־ליכט אויפן ברוק, הין און צוריק, הין און צוריק. וואָס זאָל ער איצט טאָן? ווו זאָל ער גיין?

וואַך, מיט ברייט־אויפגעריסענע אויגן, ווי ביי אַ געיאָגט הינטל, האָט ער גענומען גיין פאַוואָליע צוריק, פונוואַנען ער איז נאָרוואָס אַזוי אימפּעטיק אַנטלאָפן. דער פּחד פאַר דעם פינצטערן, פאַר דעם אומגעזעענעם, וואָס פון יענער זייט פאַרקאַן, האָט אים געטריבן צוריק, צוריק צו אַ מענטשלעך הויז, כאָטש צו א וואנט הינטער וועלכער עס שלאָגט אַ מענטשלעכער אָטעם.

כל זמן נתן חיים איז געקראָכן אין די פייכטע גראָזן און זיין טריט איז געווען שטיל און ווייך, איז ער געגאַנגען אויף צוריק פריי, דרייסט. ווי נאָר אָבער ער איז צוריק אַרויס אויפן ברוק און זיינע שטיוול־זוילן, באַשלאָגענע מיט אייזנדלעך, האָבן גענומען קלאַפּן איבער די שטיינער מיט יענעם געהילך, וואָס שלאָגט זיך אַזוי מוראדיק אָפּ אין דער אַרומיקער פּוסטער שטילקייט פון דער נאַכט און קומט צוריק מיט אַן עכאָ, גלייך מענגעס אומגעזעענע לייט וואָלטן געצויגן הינטער אים, איז דעם ייִנגל באַפאַלן אַ פּחד.

מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, וואָס מער איינצושרומפּן אין זיך, דרייענ־דיק דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, האָט ער זיך קוים צוגעקריגן צו אַ וואַנט פון דער איינזאַם־שטייענדיקער, אויסגעלאָשענער האַליע.

די לופט איז דאָ געווען געדיכט, שטיקנדיק, פול מיט די ריחות פון צוגעלעגן אויבסט, פון פוילנדיקע קאַרטאָפל און קרויט, פול מיטן געשטאַנק פון פיש און פאַרגליווערט בלוט.

אין די דריי־ווענטיקע קרעמלעך, ווי טיפע נישעס אין דער האַליע,

צווישן די אָפּגעליידיקטע טישן און געשטעלן, האָט זיך געראָיעט אין אַלע ווינקלען. מייז האָבן דאָ געפּישטשעט און ראַצן זענען געלאָפן פראַנק און פריי.

אַ קורצע ווײַלע איז נתן חיים געשטאַנען מיט דער פּלייצע אָנגעשפּאַרט אָן א וואַנט פון דער האַליע. אוודאי וואָלט ער זיך איצט ליבערשט געטוליעט צו אַ וואנט פון א מענטשלעך הויז, אָדער גאָר פארקראָכן אין א שטאַל, לעבן דעם וואַרעמען אָטעם פון א פערד. ווּ אָבער האָט ער דאָ, אין דער פרעמדער שטאָט, א שטאַל? און די ווענט פון די הייזער זענען אים אויך פרעמד, נישט ווי אינדערהיים, אין מאָדזשיץ. הויכע, קאַלט־ציגלנע ווענט שטייען זיי דראָענדיקע, מיט פאַרשלאָסענע טויערן און בייזע סטרוזשעס מיט געטרייע הינט, היטן דעם אַרײַנגאנג אין יעדן הויף.

אַן איינגעקורטשעטער, פול מיט מורא און פּחד, איז נתן חיים צוגע־קראָכן צו א שטעלכל, אין אַ דריי־ווענטיק קרעמל פון דער האַליע און זיך געטאָן אַ צי־אַרויף אויף אַ טישל. ווי דאָס געשטעל איז געווען דורכ־געווייקט מיט נאַכטישער פייכטקייט, האָט ער דאָך פרייער אָפּגעאָטעמט. דאָס געפיל פון האָבן דריי ווענט אַרום זיך און אַן אויסגעקאַלכטן סופיט איבערן קאָפּ, דערצו נאָך דאָס ליגן אינדערהייך, אויף אַ טישל, אָנשטאָט זיך וואַלגערן אויפן אספאַלטענעם דיל, צווישן מיסט, ווו די מייז און ראַצן ראָיען זיך, האָט אים אַביסל בארואיקט, אים ארויסגעטייעט פון דער מורא, פון דער איינגעשרומפּנקייט.

דאָס טלומיקל אַוועקגעלייגט אונטערן קאָפּ, האָט נתן חיים זיך אויסגע־צויגן אויפן טישל. ער איז געלעגן אויפן רוקן און געקוקט אַרויף צו דער ווייסער סטעליע, ארויס צום נאַכטיקן הימל, א טיף־בלויער פול מיט שטערן, ווי אויסגעזעצט מיט גלאנציקע שפּילקע־קעפּלעך. ער האָט געטראַכט פון באָלעקן, דאָס חברל זיינס. וואָס טוט ער דאָרטן איצט? און וואָס טוט די מאַמע? זי מוז זיך אוודאי קריגן מיטן טאטן. אלץ דו, זאָגט זי אים, איבער דיר איז נתן חיים אַנטלאָפן פון דער היים. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און איז איינגעשלאָפן. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען גרוי אינדרויסן און אַ לייכטער נעפּל איז געהאָנגען אינדערלופט.

ס׳איז איצט געווען אלולדיק־קיל כאָטש ס׳איז ערשט געווען האַלב אָב. פייגל זענען אומרואיק געפלויגן, געשריגן, עפּעס ווי זיי וואָלטן זיך דער־שראָקן פאַרן צוגיכן אָפּגאַנג פון זומער. עמעץ, אין דער אַנדערער זייט האַליע, האָט הויך אַ גענעץ געטאָן. נתן חיים האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ. אַ פויע־ריש פערד־און־וועגעלע האָט פאַרבייגעצויגן. דער פויער, מיטן גראָב־לייוונטן העמד איבער די הויזן, אין גאָלן קאָפּ, ס׳בייטשל אויפן אַקסל ווי א ביקס, איז נאָכגעקראָכן פון ווייטנס, ווי ער וואָלט גאָרנישט געהאַט קיין שייכות,

נישט צום פערד און נישט צום וואָגן. אַן אייזערנער פּרענט איז געפאַלן מיט אַ קלונג אויפן ברוק, ס'האָט זיך געהערט אַ פאַרזשאַווערטער סקריפּ און אַ ברייט, האַלב־רונדיק טויער האָט זיך געעפנט אין דער האַליע אריין.

נתן חיים איז אַראָפּגעשפּרונגען פון אויסגעוואָרעמטן טישל. ער האָט זיך אויסגעגלייכט, זיך אַ שיבער געטאָן, ווי ער וואָלט אַראָפּגעשאָקלט פון זיך דאָס לעצטע ביסל נאַכט. אַ הונט איז געקומען אָנצולויפן, געשטאַנען מיט דער גאַווערנדיקער צונג אינדרויסן, געשניפט מיט די וואַכע נאָזדרעס, געקוקט מיט די ברוינע, פייכטע אויגן אויף דעם יינגל, וואָס איז בלודנע און הימלאָז פּונקט ווי ער. פול מיט רחמנות האָט נתן חיים אַ גלעט געטאָן דעם הונט איבערן קאָפּ, ארומגענומען אים מיט ליבשאַפט. ווען דאָס איז אינדערהיים, כאָטש דער טאַטע שלאָגט אים פאַר דעם, וואָלט ער דאָך דעם הונט צוגעאייגנט צו זיך, אים געגעבן צו עסן און ווי באַלעק וויל נישט קיין אַנדער הינטל אויפן אָרט פון וואַצושן, וואָס דער הינט־שלעגער האָט אים אויפגעכאַפּט, וואָלט ער דאָך ביי אים געפּועלט צו לאָזן דעם הונט פאַרנעמען וואַצושס בודע. אָבער דאָ? ווו ער איז אַליין אינדערפרעמד, וואָס קען ער טאָן? ער האָט נאָך אַ גלעט געטאָן דעם הונט, גענומען זיין טלומעקל אונטערן אָרעם און זיך אַוועקגעלאָזט איבערן פּוסטן מאַרק אָן אַ ציל.

ווי דער באַגין איז שוין געוואָרן וואַרעמער האָט ער דאָך געציטערט פון קעלט. וויפל ער האָט זיך נישט געשיבערט, איז אַלץ די פייכטקייט פון דער נאַכט אים געלעגן אין די ביינער. דערצו נאָך איז ער געווען הונגעריק און ווי פריער, די וואַכע נאָזדרעס ביים הונט, האָבן געשמעקט דאָס פאַרגלי־ווערטע בלוט און זייטן פלייש אין די פאַרמאַכטע יאַטקעס פון דער האַליע דאָ, אזוי האָבן זיינע וואַכע נאָז־פליגלען געאָטעמט דעם ריח פון צייטיק־אויבסט אין די סעדער אַרום.

אָנשטאָט זיך פאַרנעמען אין אַ גאַס אריין, צווישן הייזער און קראָמען, האָט גאָר נתן חיים זיך פאַרקערעוועט צו די סעדער, וואָס האָבן אים גערופן און געמאַניעט פון הינטער די הילצערנע פּלויטן אַפער. איצט, אין פרימאָרגן, האָבן די שווער־באַלאָדענע צווייגן נישט געשראָקן אים ווי נעכטן ביינאַכט. פאַרקערט, די גרינע בלעטער, פייכטע, פינקלענדיקע מיט טוי־טראָפּנס, האָבן אים געצויגן צו זיך מיט דער שפע עפּל, באַרנעס, פלוימען, וואָס האָבן אַראָפּגעשווערט די צווייגן ביזן גראָז.

אַ רגע בלויז איז נתן חיים געווען באַהערשט פון דעם דראַנג אָנצורייסן פולע קעשענעס מיט פרוכט ווי ער פלעגט עס טאָן אינדערהיים, אין קאָזש־מינסקיס סאָד. ער האָט אָבער גוט געדענקט אז ער איז נישט אינדערהיים און דאָס איז נישט קאָזשמינסקיס סאָד. איז ער אַ ווייל געשטאַנען מיט אַ פאַרהויבענעם קאָפּ צו די שווער באַלאָדענע צווייגן, געשלונגען די אייגענע

סלינע, ווי פריער דער הונט פאַר דער האַליע און, ווי יענער, א הונגעריקער, האָט אַראָפּגעלאָזט דעם עק, אַזוי האָט ער איינגעצויגן דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען און אויך גענומען ציען ווייטער.

די שטאָט האָט זיך דערווייל געהאַט אויפגעכאַפּט און זיך גענומען אַרויסשיילן פון שלאָף. סטרוזשעס האָבן געעפנט די טויערן און מיט הויכע בעזעמס גענומען קערן די טראָטואַרן, די אָפּפלוס־רינוועס. יידן אין שמאָלע היטעלעך, אין לאַנגע קאַפּאָטעס, זענען אַרויסגעקומען פון די הייף מיט טלית און תפילין אונטער די אָרעמס. זיי האָבן זיך אַרומגעקוקט, געטאָן אַ געגעץ, זיך געזאָגט גוט־מאָרגן און אַוועקגעאיילט ווער אין בית מדרש, ווער אין אַ זייטיק שולכל, אין אַ חסידים־שטיבל.

ווי די יידן האָבן שטילערהייט, בנעימות, באַגעגנט דעם נייעם טאָג, אַזוי האָבן מיט געשאַל און רעש, איבער הייזער און דעכער, זיך צעקלונגען די גלעקער פון ראָדעמער קאָשטשאָלן און תיפלהס. מיט בראַזג און געקלאַנג האָבן זיי גערופן דאָס קריסטן־פאָלק פון ווייט און ברייט, אָנזאָגנדיק זיי אַז דער הייליקער זונטיק האָט זיך ווידער אַראָפּגעלאָזט איבער גאָטס וועלט.

מיטן אָנקומען פון נייעם טאָג האָבן נתן חיימען גענומען רופן עטלעכע רופעניש אויף אַמאָל: ערשטנס דאַרף ער אָפּגיסן נעגל־וואַסער און אָפּדאַווענען. צווייטנס איז ער הונגעריק. דריטנס וואָלט ער זיך געדאַרפט אַוועקלאָזן אויפזוכן איינעם פון די ברידער, כאָטש אברם יאַנקלען, וואָס זיצט אוודאי איצט ביים שוסטער־וואַרשטאַט, לעבן אַן אָפן פענצטער, קלאַפּט פלעקלעך אין אַ זויל אַריין און ווייסט אפילו נישט אַז ער, דער ברודער זיינער, איז דאָ אין שטאָט, אַז ער האָט גענעכטיקט אין דרויסן, שלעפּט זיך איצט אַרום ווי אַ „זנוידאָק” איבער די ראָדעמער גאַסן און האָט נישט געגעסן פון נעכטן בייטאָג אָן!

ווי אַ בלודנע, פאַרוואָרלאָזט הינטל, וואָס זוכט צו עמעצן זיך צוצוטוליען, אַזוי האָט נתן חיים איצט גענומען נאָכגיין אַ ייד, וואָס איז געגאַנגען אַ פאַרטראַכטער מיט טלית און תפילין אונטערן אָרעם. מיט דעם ייד וועט ער געוויס ערגעץ אָנקומען, אויב נישט אין בית מדרש אריין, איז כאָטש אין אַ שטיבל, ווו ער וועט ביים כיור אָפּגיסן נעגל־וואַסער, אָפּדאַווענען און אפשר אויך אָנגעגענען אברם יאַנקלען. איז, אָנשטאָט געפינען דעם ברודער, האָט ער גאָר, אויפן וועג, פאַרלוירן דעם ייד.

ווי תמיד אין א מאַרק־טאָג, איז אויך איצט נתן חיימל, אָנקומענדיק אויפן וואָעל, געוואָרן הוילע אויגן און אויערן. וואָרעם ווי פרי ס'איז נאָך געווען אין הייליקן זונטיק, האָט שוין דער ראָדעמער וואָעל גערוישט און גערעשט מיט מענטשן און מיט האַנדל־וואַנדל. א פאַרגאפטער האָט ער זיך געפלאָנטערט צווישן די אָנגעפּאָרענע פערד־און־וועגן, אַרום דעם אָוואַלן ראַד מיט קראָמען, וואָס איז געשטאנען באַלד, ביים אריינקום אין וואָעל,

אַן אַלטער, מיט נאָכהענגענדיקע שטיקער טינק אויף די פאַרחושכטע ווענט. פון די צעעפּנטע קראָמען און קעלערס האָבן יידן געשלעפּט און געטאַסקעט און צעשטעלט פאר די טירן און אויף די שוועלן אַלט מעבל, שטויסן פּאָר־צעליי, אַלטע לאָמפּן, קעסטלעך מיט פארזשאווערט אייזנוואַרג, שרויפן און שרייפלעך, פאַרגעלטע ביכער מיט אָפּגעשיילטע רוקנס, געלאטעטע שיך און גענוצטע מלבושים, זעק מיט תבואה און קאַסטנס צוקער, פעסער מיט הערינג און קאַנען אויל און אַרום דעם אלעם האָבן שוין געווימלט פּויערים אין זונטיקדיק קלאָרע העמדער מיט א קאָלירט בענדעלע שטאָט אַ שניפּס און פּויערטעס אין געבלומטע טיכלעך אויף די קעפּ און צווישן זיי, ווי דער ווינט צווישן צווייגן, האָבן געשמאַיעט יידן מיט צעפלויגענע פּאָלעס און פאַרדאַגהטע בערד, מיט אַ שטרוי אין מויל און אַ חלום אין בליק.

— יינגל, ביזט שוין לאַנג הי?

נתן חיים האָט זיך אומגעקוקט. לעבן אַ שענקעלע מיט היטלען, אַרויס־געהאָנגען ביים איינגאַנג אין אַ ברייט פעדערהויז, איז געזעסן אַן אַלטער ייד, א בלינדער אויף איין אויג, אין א פאַרפעצטן קאַשקעט מיט א ברייטער דענקע. דאָס ווייסע, פאַרקאָלטנטע בערדל זיינס האָט אויסגעזען ווי אַ קולפּאַקל ווייסע וואָטע וואָלט אים געווען צוגעקלעפּט צום איינגעפאַלענעם גאָמבעלע. אַן איינגעטוליעטער אין אַ וואַרעמען בגד, די הענט פאַררוקט אין די אַרבל, ווי עס וואָלט געווען אַ בייזער פראָסט, כאָטש געווען איז גאָר האַלב־אָב, איז דער ייד געזעסן און געזשמורעט אויפן טומלענדיקן מאַרק מיט זיין איינציק אויג,* אויך שוין אַ האלב־אויסגערונענס, וואָס האָט גיכער דערמאָנט אַן אָפענע ווונד איידער א מענטשלעך אויג.

אין זיין קינדישער פאַרגאפטקייט, אין דעם נייגעריקן גלאָצן דורך דער שויב אויף די שיינע היטלען, סטודענטישע און ציווילע, מיט קאָלירטע קאַנטן און לאַמפּאַסן, מיט גלאַנציקע קריינדלעך און קאָקאַרדעלעך, וואָס אזעלכע האָט ער פריער קיינמאָל נישט געהאט געזען, האָט נתן חיים גאָרנישט געהאט באַמערקט דעם אַלטן, איינגעטוליעטן ייד לעבן אים:

— יינגל, ביזט שוין לאַנג הי? האָט דער האַלב־בלינדער אַלטיטשקער אים איבערגעפּרעגט.

דער אַלטער חיים יונה, וועמענס עובדה עס איז געווען צו זיצן פאַר דער טיר, לעבן שענקעלע מיט היטלען און אַריינרופן אַ קונה אין שטוב אַריין, דערזעענדיק אַ יינגל מיט אַ טלומיקל אונטערן אָרעם, איז אים איינ־געפאַלן אַז דאָס פראָווינצערל זוכט אַוודאי אַן אָרט. און זיין מעכל זוכט דאָך אַזאַ יינגל! דער זון, מעכל, איז ערשט נישט לאַנג צוריק געגאַנגען פאַר־זיך און ער דאַרף אַ לערן־יינגל מיטן לעבן. אוודאי ווייסט ער אַז דבורהלע שליאַך, ס׳אַנדערע וויבּ זיינס, כאָטש אַ לייבלעכע מאַמע צו מעכעלען, וועט זי אים, דעם אַלטן טאטן, פארשעלטן ס׳געביין פאַרן צושאַנצן דעם זון אַ

לערן־ייִנגל. זינט ער קען זי, דבורהלע שליאָך, איז נאָר זי איז אָנגעדראָלט. עס קרענקט זי נאָך היינט וואָס זי האָט חתונה געהאַט מיט אים, אַן אלמן אויף צוואָנציק יאָר עלטער פון איר, מיט אַ זון אין אירע יאָרן. וואָסזשע איז דאָ מעכל שולדיק? זינט ער האָט חתונה געהאַט, דער מעכל, און זיך גענומען פּאַרלייגן אַן אייגן שטיקל היטל־מאַכעריי, ברענט זי, די מאַמע, ווי ס׳גיהנום. פריער האָט זי זיך געוואָרפן וואָס ער האָט חתונה געהאַט, איצט — וואָס ער ציט זיך אַריין אין צווייטן הויז און וועט איר, חלילה, זיין אַ קאָנ־קורענט. איי אין דער דירה, ווו מעכל האָט זיך אַריינגעצויגן, האָט געוווינט אַ היטל־מאַכער און דער ייד איז געוואָרן אַן עושר, פּאַראיבריקט זיך אויף דער לובלינער גאַס אַ געשעפט מיט צוויי שוי־פענצטער, אויף מעכלען געזאָגט געוואָרן כאָטש אין צען יאָר אַרום און עס איז ב״ה געווען גענוג פּרנסה אויך פאַר איר, דבורה שליאָך; איי, וואָס מעכל האָט נאָך געמעגט הערן שפּילן מיט צוואָנציק יאָר צוריק און ס׳איז שוין לאַנג צייט געווען ער זאָל גיין פאַר־זיך, ווערן אַ מענטש, אַ ייד מיטן יידן צוגלייך, בפרט, אַז אַלע זיינע יאָרן איז מעכל געווען א געטרייער זון, געזאָרגט פאַר דער שטוב, געהאָרעוועט ווי אַן אייזל און זיך נישט פאַרגינען אַ מלבוש אויפן לייב, רק געקלערט וועגן די שוועסטערן, כאָטש אַלע זענען זיי ייִנגער פון אים, געזאָרגט זיי זאָלן האָבן לייטיש אָנצוטאָן, זיי זאָלן קאָנען טאָן שידוכים. אפילו אים, דעם אַלטן טאַטן, האָט ער שטענדיק אין זינען געהאַט מיט א צענערל אויף אַ טרונק־בראָנפן יעדן אינדערפרי נאָכן דאַווענען, טויג עס נאָך אַלץ נישט פאַר דבורהלע שליאָך! ביי דער מאַמע וואָלט רעכט געווען מעכל זאָל נאָך אַלץ זיצן ביי איר, ביז דאָס מוזיניקל, יאָסעלע, וועט אונטערוואַקסן און פאַרנעמען זיין אָרטביים וואַרשטאַט. ביי איר וואָלט רעכט זיין מעכל זאָל געווען זיצן אַ בחור ביז רחלע, די ייִנגסטע שוועסטער, וועט אויך חתונה האָבן. כאָטש וואָס איז מעכל שולדיק אַז רחלע האָט אַ פלאָם אויפן פּנים און ס׳איז איר נעבעך שווער צוליב דעם אַ שידוך צו טאָן. ביי איר, דבורהלע שליאָך, וואָלט רעכט געווען מעכל זאָל אייביק זיצן אַ בחור, אייביק זיין איר אַן עבד כנעני, אַלץ כדי זי, דבורהלע שליאָך, זאָל האָבן צייט צו מאָטלען מיט די ווייבער. ער אָבער, דער אַלטער טאַטע, וויל דאָס נישט. געוואַלד און געשריגן! וויפל איז דער שיער א בחור זאָל זיין אָן אַ ווייב? ווי לאַנג דאַרף זיך אַ יונג אַרומטליקען מיט מיידן אין די פינצטערע גערטנער און סעדער? ביז אַכטאונדרייסיק יאָר איז איר וויניק? דבורהלע שליאָך!

— יעך זעי דאָך אַז די ביזט ניש׳ קאַ היגע׳ — האָט דער אַלטער צוגעצויגן דאָס ייִנגל צו זיינע שפּיציקע, דאַרע קני. — גיי זאַ מוחל אַראַאָן אין אַנדערן טויע׳, — האָט ער געוויזן מיט זיין ציטערדיקער האַנט צום צווייטן הויז, — מאַאַן זין ׳עט דיעך ציִנעמע׳.

— יעך האָ׳ דו ניש׳ קיינעם, — האָט דאָס יינגל זיך פּאַרטרויט מיט זיין פרעמדקייט דאָ.

— ווערימע׳ דאַרפסטי׳ דען הובן? — האָט דער אַלטער אים אַ גלעט געטאָן איבערן פּנים. — גיי, גיי, מאַאַן מעכל ׳עט דיע׳ זאַאַן א גיטע׳ מיינסטע׳.

נתן חיים האָט גענומען גיין איבערן טראָטואַר, א שמאָלער, א צעבראָ־כענער. אָנגעפּאָרענע יידן, קרעמער פון די שטעטלעך אַרום, פּויערים פון די דערפער, זעלנער, פּריי פון די קאַזאַרמעס, אַלע האָבן זיי איצט געווימלט אויפן ראָדעמער וואָעל, און כאָטש נתן חיים איז געשטופּט און געשטויסן געוואָרן פון די מענטשן, האָט ער זיך דאָך אַלע וויל אויפסניי אָפּגעשטעלט און צוריקגעקוקט צו דעם ליבן אַלטיטשקן, דער ערשטער מענטש אין דער פרעמדער שטאָט, וואָס האָט אים אַזוי פּאָטערלעך אַ גלעט געטאָן איבערן פּנים.

דאָס יינגל איז אַריין אין אַ גרויס טויער פון אַ הויך הויז. עס האָט דאָ געווימלט מיט שילדן און שילדלעך. דער ברוק איז דאָ געווען צעבראָכן און פול מיט גריבער פון דעם שטענדיקן געפּאָרעריי, אַריין און אַרויס, פון שווערע וועגענער און פלאַטפאָרמעס, באַלאָדענע מיט באַלן שניט־סחורה, מיט פעסער אויבסט און געהילץ, מיט שטאַבעס אייזן און זויל־לעדער, וואָס די וועגן האָבן אָן אויפהער געפירט צו און פון די קראָמען און סקלאַדעס, וואָס אין דעם לאַנגן, גרויסן הויף.

— אַ טי דאָ קאָגאָ?

אַ דערשראָקענער האָט נתן חיים זיך אומגעקוקט. דער סטרוזש, אַ ריז מיט אַ געשטופּלט פּרצוף, אַ פּאָר דיקע וואָנסעס און אַ נידעריק, טעמפּ שטערנדל אונטער אַ קוטשמע שוואַרצע, צעקודלטע האָר, האָט אַ באָרוועסער געקניט אין פּאַראַדנעם איינגאַנג, אין מיטן פון דעם הויכן טויער. אין איין האַנט,, אַ רויטלעך־נאַסע, אַ ריזיקע לאַפּע, האָט ער געהאלטן א האַרטע שטרוי־באַרשט. די אנדערע לאַפּע זיינע האָט געערוט אויפן ראַנד פון דער הילצערנער וויאַדרע, אַ פולע מיט וואַסער. אינמיטן וואַשן די הילצערנע טרעפּ, וואָס פירן צו די סאַליעס פון הויז־ווירט, צו די סאַליעס פון נאָך צוויי גבירישע שכנים, האָט זיך אים פּאַרגלוסט אָפּצושטעלן דאָס פרעמדע זשידעקל אין דער לאַנגער קאַפּאָטע, מיט דעם טלומיקל אונטערן אָרעם, וואָס גאַפּיעט אזוי אויף יעדן שילדל, זאָל אַ פּלאַטפאָרמע אָנפּאָרן, ווערט ער איינס־און־צוויי צעמאָרשטשעט!

— אַ טי דאָ קאָגאָ? — האָט דער גוי מיט רוגזה געקוקט דעם יינגל אין די אויגן אַריין.

— דאָ טשאַפּניקאַ (צום היטל־מאַכער) — האָט נתן חיים געוויזן אויף אַ שילדל מיט אַן אויפגעמאָלט היטל און גיך דורכגעלאָפּן ס׳טויער.

ער איז אַרײַן אין אַ פֿעדערהויז און געעפֿנט אַ טיר. די ריינקייט אין דער שטוב האָט געפֿעכלט. ס'האָט דאָ געאָטעמט מיט אָנהייב. אַלץ איז דאָ געווען ניי. צוויי נייע, היטל־מאַכערישע זינגער־מאַשינדלעך ביים פֿענצטער. א ניי־געהובלטער טיש לעבן זיי. נייע פּאָליצעס אויף דער וואַנט אַנטקעגן דער טיר, נאָר דער עיקר וואָס אים האָט דאָ פֿאַרכאַפּט, איז געווען דער ריח פֿון פֿריש־פֿאַרבריטער קאַווע און וואַרעם געוואַלענע מילך, וואָס האָט אַרויסגעשמעקט פֿון צוויי נייע, ווייס־עמאַלירטע פֿענדלעך אויף דער פֿריש־געפֿאַרבטער פּליטע.

נאָך אַ ווייל אַזוי קערעווען דעם קאָפּ אין אַלע זייטן, האָט זיך אַנטקעגן, פֿון צווייטן חדר, אַריינבאַוויזן אַ נידעריק פֿאַרשוינדל, איינגעהילט אין אַ נייעם טלית מיט קליינע תפֿילינדלעך איבערן שטערן און אויפֿן לינקן אָרעם.

שוין מיטן ערשטן בליק האָט נתן חיימל באַמערקט אַז דאָס פֿאַרשוינדל איז אַ גלוח, אָנשטאָט אַ באָרד, איז זיין פּרצוף אַרומגעזוימט, ווי פֿון יוצא וועגן, מיט אַ דין זאַראָסטל, אַ שוואַרצס, ווי א דיק, שווארץ רעמעלע און די וואָנסעלעך זענען ביי אים פֿארשוירן ווי ביי א ציגיינער — אַ שוואַרץ פּאַסיקל מיט אַ ווייס שרונטעלע אונטער דער נאָז און ווי ביי אַ ציגיינער, לויפֿן ביי אים די אויגן, שוואַרצע מיט גרויסע ווייסלען, הין און צוריק. דערצו איז דאָס פֿאַרשוינדל געקליידט קורץ, אַ ברוין גאַרניטער מיט גרינע שלעקעלעך, אַ פּאָר נייע שטיוולעטן אויף די פֿיס, וואָס סקריפּען ביי יעדן טראָט וואָס ער מאַכט. ער האָט אויך געזען אַז דאָס פֿאַרשוינדל האָט קרומע ליטקעס, ווי אַ האַלב־רונדער בויגן. ווען ער, נתן־חיים וואָלט נאָר געוואָלט, קען ער זיך דורכגליטשן דורך זיינע פֿיס אַז ער וואָלט אפילו דעם פֿאַר־שוינדלס אַ הויז נישט אָנגערירט.

— ני, פּאַניע שאַנאָווני, וואָס זאָגט מע עפּעס גוטס? — האָט דער פֿאַרשוין אין טלית און תפֿילין אָפּגעמאָסטן דאָס פֿאַרשטויבטע, פֿאַרקנאָ־דערטע ייִנגל מיטן טלומיקל אונטערן אָרעם, וואָס איז געשטאַנען אין דער אָפֿענער טיר, אַ שעמעוודיקער, אַ נישט־דרייסטער.

דאָס אָפּלאַכערישע זאָגעלע: „פּאַניע שאַנאָווני", האָט פֿון נתן חיימען גלייך פֿאַרטריבן דעם שטיפֿער, וואָס איז אויף אַ רגע־נאָר אין אים אָנגע־שטאַנען. ער האָט מיטאיינמאָל פֿאַרגעסן יענעמס קרומע ליטקעס און זיין חשק דורך זיי דורכצוקריכן. ער איז געוואָרן ערנסט און וואַך, גרייט שוין צו באַשיצן דעם האָנאָר זיינעם:

— יעך, יעך, — האָט ער זיך געקרעקט.

— אַ סוף, אַ סוף! וואָס יעכעסטי? זיכסט אַן אָרט? — האָט דער גלוח זיך גענומען דערנענטערן צו אים.

נתן חיים האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגן. ער איז נישט געוווינט צו

אַזאַ אומגעדולד, צו אַזאַ יאָגעניש. איידער ער האָט זיך נאָך דאָ אָנגעדונגען קאָמאַנדעוועט יענער שוין מיט אים: „אַ סוף, אַ סוף, וואָס יעכעסטי?״. ער האָט געוואָלט דעם פאַרשווינדל זאָגן: אמת טאַקע, ער זוכט אַן אָרט, אָבער חוזק מאַכן פון אים דאַרף מען נישט. איז אָבער איידער ער האָט געעפנט ס׳מויל איז יענער אים שוין פאַרלאָפן דעם וועג:

— זאָגזשע אַזוי! זיכסט אַן אָרט? ווער האָט דיך אַריינגעשיקט? דער טאַטע מיינער? גוט! קענסט שוין עפּעס?

אין מיטן דעם פאַרהער האָט זיך אין דער אָפענער טיר אַריינבאַוויזן די מיינסטעראָווע, אַ ווייבל אין די שפּעטע צוואַנציקער, אַ מעוברתטע, אין די הויכע חדשים שוין. אויף די אַקסלען אירע, פולע, רונד־אויסגעכאָליעטע, איז געהאָנגען אַ לייכט טוך מיט בלויע קראַטן. די הענט אירע זענען געווען פאַרנומען מיט פאַפּירענע טאָרבעלעך איינגעקויפטע עסנוואַרגן.

נאָך איידער זי האָט באַוויזן דעם קליינעם צו שענקען אַ בליק, האָט דאָס נתן חיימל זי שוין געהאַט אָפּגעמאָסטן און געזען אַז זי איז אַ חצופה, טראָגט נישט קיין שייטל, נאָר גייט אין די אייגענע האָר, טונקל שאַטינע, פאַרקעמט אַרויף, מיט אַ קאָקס אין מיטן קאָפּ, אַקוראַט ווי אַ פויגל־חלה, וואָס די מאַמע זיינע באַקט אויף ימים נוראים. ער האָט אויך געזען אז איר פּנים, אַ רונ־דיקס, מיט פולע, רויטע באַקן ווי ביי שיקסעס, ביי וועמען אַזעלכע פּנימער זענען פול מיט זוניקייט, מיט געלעכטער, איז גאָר איר פּנים מיט די גרויסע, גרוי־גרינע אויגן, פול מיט איינגעהאַלטן געוויין.

— ני, פּערלשי, האָסט שוין אַ געזעלן אויך, אַבי האָסט זיך געזאָרגט, — האָט דער מאַן האַלב אין חוזק, האַלב אין ערנסט איר אָנגעזאָגט די בשורה. אויף גיך אויסגעטאָן טלית און תפילין און אומצוגעלייגטערהייט, אַלץ אַריינ־געפּאַקט אין טלית־זאַק, אַ נייער, אַ בלוי־פּליושענער, מיט אַ גאָלד־געהאָפּ־טענעם מגן־דוד באַצירט.

דאָס ווייבל האָט אַרויסגעלייגט די פּאַפּירענע טאָרבעלעך פון אירע הענט, אַראָפּגענומען דאָס טוך פון די אַקסלען, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ טאַבורעט לעבן מאַן און גענומען דאָס יינגל אויף איר אייגענעם פאַרהער:

— פון וואַנעט ביזטי, יינגל?

— פון מאָדזשיץ, — האָט נתן חיים געענטפערט און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ. ער ווערט שוין באַלד בר־מצווה און זי גייט ווי אַ חצופה, נאַקעטע אָרעמס און אַזאַ טיף אויסדעקאָלטירטן ביוסט...

— פון אַזוי ווייט און האָסט אַליין געטראָפן אַהער?

— יעך קען טרעפן פּין נאָך וואַאַטע׳, — האָט זיך נתן חיים דערפילט געשמייכלט און דערוויל פאַרגעסן אַז ער טאָר נישט קוקן אויף דער חצופה.

— פין וואַנעט ווייסטי אַז די ווילסט זיין אַ היטל־מאַכער? — איז דער מיינסטראָווע איינגעפאַלן אים צו פרעגן.

נתן חיים האָט געשמייכלט: זיי מיינען אוודאי ער איז א נאַר.

— פין וואַנעט יעך ווייס? מאַאַן מאַמע זוגט אַז נאָך זייגערמאַכעריי איז אַ היטלמאַכער די שענצטע מלאכה. מאַאַן עלצטע׳ ברידע׳ איז אָאָך אַ היטל־מאַכער.

— דאאן ברידער א היטלמאַכער? — האָט דער מיינסטער גיך צוריק איבערגענומען די אויספאָרשונג. א ברודער א היטלמאכער, געפעלט אים שוין גאָרנישט. ער וועט דעם קליינעם לערנען, דערנאָך וועט קומען דער שוואַרץ־יאָר און אים אַוועקנעמען. ער האָט פאַררוקט ס׳היטעלע, אַ שמאָלס, מיט אַ קליין דאשיקל אויף אַהינטער:

— ווי איז דאָס דאַאַן ברידער?

— דו הי, ע׳ דינט בא די זעלנע׳.

דעם מיינסטער איז לייכטער געוואָרן. אַ זעלנער דאַרף נישט קיין לערן־יינגלעך.

— וועמען נאָך האָסטי הי?

— יעך האָ׳ דו נאָך אַ ברידע׳, עי׳ע׳ אַרבעט בא א שיסטע׳.

— וועיע׳ וועט דיך אָנדינגען?

— יעך קע׳ מעך אליין אָנדינגע׳!

מאַן און ווייב האָבן זיך איבערגעקוקט. דער קליינער איז זיי געפעלן. אַ צפאַניאַק פון אַ יונג!

— אין טאָמער ׳עט דאאן טאַטע קימען אין דיעך אָפּנעמען? — האָט דער מיינסטער געוואָלט זיין זיכער.

— קיינע׳ ׳עט נאָך מיע׳ ניש׳ קימע׳, — האָט נתן חיים פאַרזיכערט און דערביי געטראַכט אַז ער זאָגט נישט אמת. דער טאַטע וועט טאַקע נישט קומען נאָך אים, דער טאַטע מיינט רעכט ער איז פון אים פטור געוואָרן. די מאמע וועט אָבער געוויס קומען אים צוריק אהיימנעמען, אָבער ער וועט נישט פאָרן, בשום אופן נישט!

דאָס פאָרפאָלק האָט זיך כסדר איבערגעווונקען. דער קליינער איז זיי געפעלן. זי אָבער, די מיינסטעראָווע, איז געווען אומרואיק איבער דעם יינגלס הולך. זי האָט אַ ווונק געטאָן דעם מאַן נאָך זיך אין דער צווייטער שטוב אַריין. נתן חיים האָט פון דער שושקעריי דאָרטן אויפגעכאַפּט אַז פונקט ווי די קוזינע, שיינדעלע, האָט אויך דאָס ווייבל מורא, טאָמער איז ער לויזיק, וווזשע וועט זי אַהינטאָן זיין שעניק? זי וועט דאָך אים מוזן איינבעטן אין זיין, דעם מיינסטערס בעט.

אָנשטאָט בייז, איז נתן חיים געווען גערירט. א מיינסטראָווע, וואָס קלערט איינצובעטן זיין שעניק אין מיינסטערס בעט, מוז זיין אַ גוט מענטש. ווען דער מיינסטער זאָל אפילו ווען אים שלאָגן, ווי די פּליוקעס פלעגן שלאָגן דעם ברודער זיינעם, אברם יאַנקלען, וועט זי דאָס נישט דערלאָזן!

דאָס פאָרפאָלק איז צוריק אַריינגעקומען. נתן חיים איז געווען זיכער אַז זיי וועלן אים הייסן גיין. צום סוף גאָר האָט דער מיינסטער אים געפרעגט:

— וואָס שטייסטי מיטן פּעקל ווי אַ נאַר? אַ סוף, א סוף, מאַך אַן אייזן!

און זי, די מיינסטעראָווע, האָט אים געפרעגט:

— ׳אָסט שוין געגעסן אָנבייסן?

— יעך האָ׳ נאָך ניש׳ געדאַוונט, — האָט דאָס יינגל שעמעוודיק איר געענטפערט.

# קאַפּיטל פינף

אין יענעם שבת פאַרנאַכט, ווען די באַן מיט נתן חיימען איז שוין לאַנג געווען פאַרשוווּנדן, איז באַלעק נאָך אַלץ געשטאַנען א פאַרוויינטער, מיט די פּייכטע אויגן געווענדט אַהין, אין דער נאַכטיקער ווייטקייט, ווו דאָס לעצטע רויכל פון לאָקאָמאָטיוו איז זיך צעגאַנגען אין דער לופט, געוואָרן אויס און דער לעצטער פונק פון פאַרשוווּנדענעם באַן־קוימען איז אַראָפּגעפאַלן אין די ווייכע גראָזן ווי אַ פאַרלאָשענע פייער־פליג.

ער איז געווען באַטויבט, באַלעק. ער האָט נישט באַלד באַנומען וואָס דאָ איז געשען, אַז ס'איז טאַקע אמת אז נתן חיים איז אַוועק פון אים, אַז ער וועט מער נישט האָבן אים, דאָס איינציקע חברל זיינס לעבן זיך, ווי ער האָט אים נאָרוואָס געהאַט איידער די באַן האָט אים פאַרשלונגען און איז מיט אים פאַרשווּנדן.

ערשט לאַנג נאָכדעם ווי דער פאַרבענקטער פייף פון פאַרשוווּנדענעם לאָקאָמאָטיוו איז אויסגערונען פון זיינע אויערן און די איבערגעריסענע שטילקייט האָט ווידער אָנגעהויערט, האָט ער, באַלעק, דערזען אַז ער איז אליין. א פּחד האָט אים אַרומגעכאַפּט. ווידער האָט ער אין זיין יונגן לעבן פאַרלוירן דאָס טייערסטע, וואָס ער האָט געהאַט, דעם אָנשפּאַר זיינעם, און פונקט ווי אין יענעם פרייטיק, ווען דער היצעל האָט אויפגעכאַפּט וואַצושן, דאָס הינטל זיינס, איז ער ווילד און וואַנזיניק געלאָפן איבערן מאָדזשיצער מאַרק און געיאָמערט צו די פּוסטע הימלען, געשריגן אין די טויבע אויערן פון אַ שטאָט מיט מענטשן: אָליאַ־באָגאַ, ראַטויטאַ! אַזוי האָט ער פּלוצים, ווי אַן אָפּגעריסענער פון זיך אַליין, גענומען לויפן איבערן נאַכטיקן פעלד, לענגאויס די פּוסט־גלאַנציקע באַן־רעלסן און געיאָמערט אין די זעלבע טויבע הימלען אַריין:

— נאָסקע, פאַרוואָס ביזטו פון מיר אַוועקגעפאָרן? נאָסקע!

געטראָגן פון פּחד, פון דער צעטומלטער פאַרלוירנקייט, פון זיין אַליין, איז ער געקומען אָנצולויפן אין שטאָט אַריין. יידן האָבן שוין געהאַט גֶעֶעפנט די קראָמען. מאָדזשיצער דראָזשקאַרעס זענען שוין ווידער געשטאַנען מיט זייערע דראָזשקעס אין אַ לאַנגער ריי אין מיטן מאַרק. די איינציקע לאָמטער האָט ווידער געלויכטן, נאָר אים, באַלעקן, איז געווען פינצטער אין די אויגן און פינצטער אין אים. ער איז געלאָפן אָן אָפּשטעל פאַרביי

אַלעמען, פֿאַרביי דער שענק, ווו ס׳טאַטקעלע זיינס, פּראַנצישעקל, האָט איצט, ווי שטענדיק, אַרומגעפּאַדעט ארום די טישלעך און מיט היגטישער הכנעה געקוקט די טרינקערס אין די אויגן, טאָמער וועט עמעץ פֿון די פּאַנעס אים צוואַרפֿן אַ טרונק־בראָנפֿן.

באָלעק איז אַריין צו זיך אין הויף, פֿאַרבייגעלאָפֿן דאָס שטיבל זייערס, וווּ דאָס מאַמעלע מיט דער שוועסטער האָבן נאַרוואָס אַרויסגעקאָליערט די גרעט־באַליע אין פֿעדערהייזל אַריין, האָבן אויף גיך צוגערוימט דאָס שטיבל און אויסגעשפּרייט אויף דעם ברודיק־ערדענעם דיל גאָלדיק־ריין זאַמד לכבוד דעם הייליקן זונטיק.

אין זיין גרויסן צער, אין זיין טיפֿער בענקשאַפֿט נאָך נתן חיימען, האָט דאָס יינגל נישט געוואָלט אַריין אין שטוב צו זיך, נישט געוואָלט קיינעם זען, קיינעם האָבן לעבן זיך, נאָר לויפֿן, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנט־לויפֿן פֿון זיך אַליין. ערשט לעבן וואַצושס בודע איז ער געבליבן שטיין. אַ פֿאַרלאָזענע איז די בודע געשטאַנען פֿון זינט יענעם פֿרייטיק, מיט צוויי יאָר צוריק, ווען דער היצעל האָט אים אויפֿגעכאַפּט וואַצושן. אינסטינקטיוו, ווי ער וואָלט צוגעפֿאַלן נאָך טרייסט צו זיין געליבט הינטל, איז ער געטאָן א פֿאַל צו דער ערד און, ווי א קראַנק, פֿאַרוווּנדיקט חיהלע אַריינגעקראָכן אין דער בודע, זיך דאָרט פֿאַרקנוילט אַ העשענדיקער, אַ יאָמערנדיקער, ס׳פּנים אויסגעוויקט אין טרערן, בייסנדיק פֿון הילפֿלאָזיקייט די אייגענע, קינדישע פֿויסטלעך.

לאַנג און שטיל האָט דאָס יינגל געקלאָגט אין זיך אַריין און אַלץ נישט געקאָנט מיט זיך מושווה ווערן וועגן דעם זין פֿון אַ וועלט, וואָס פֿריער האָט זי פֿון אים אַוועקגערויבט וואַצושן אויף צו הרגענען אים און איצט האָט זי פֿון אים צוגענומען נתן חיימען, דאָס איינציקע חברל זיינס, דעם גאַנצן אָנשפּאַר, וואָס ער האָט געהאַט. וואָס וועט ער איצט טאָן? מיט וועמען וועט ער גיין אויף די לאָנקעס? מיט וועמען וועט ער גיין צום וויעפּזש זיך באָדן? וועמען וועט ער אָנפּאַרטרויען די עוולות, וואָס אַלע באַגייען קעגן אים? דעם טאַטל? ער שלאָגט דאָך אים אויך! דער מאַטקע? זי שילט אים און שרייט פֿאַרוואָס ער טוט נישט דאָס, פֿאַרוואָס ער טוט נישט יענץ. און די „זשידאָווסקע״ שכנים, וואָס ער הייצט פֿאַר זיי די אויוונס אין די שבתים, גיבן אים נאָך אַלץ א צווייער פֿאַרן איינהייצן, כאָטש אַ דערוואַקסענעם צאָלן זיי פֿארן אייגענעם איינהייצן א פּירער:

— אוי, נאָסקע! פֿאַרוואָס ביזטו אַוועק פֿון מיר?

וואָך, מיט שאַרף־פֿאַרשפּיצטע חושים איז ער געלעגן אין דער בודע, פֿאַרעקשנט זיך נישט גערירט פֿון אָרט, כאָטש ר׳האָט גוט געהערט ווי דאָס מאַמעלע רופֿט אים דורכן אָפֿענעם פֿענצטער אין שטוב אַריין עסן: באָלעק! האָט זי גערופֿן אין נאַכטיקן הויף אַריין און דאָס קול אירס, אַ בייזס, אַ

קוויטשיקס, האָט זיך דערטראָגן צו אים, אין וואַצוּשס בודע אַריין: באָלעק!

שפּעטער איז צוגעקומען ס׳טאַטקעלע. ער האָט זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד, געשפּיזלט אויף אים די שטעכיקע אויגן, געשטאָכן אים מיט די האַרטע קאָטער־וואָנסעס, געדראָט אים מיט די פויסטן, נאָר באָלעק האָט זיך נישט גערירט. אַפּאַטיש, גלייכגילטיק צו אלץ און אלעמען, איז ער געלעגן אין דער בודע. נישט ער האָט געוואָלט עסן און נישט עס האָט אים געאַרט דעם טאטנס דראָען און דער מאַמעס רופן. דערנאָך איז געוואָרן שטיל, אַזוי נאַכטיק־שטיל און ער איז איינגעשלאָפן. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט דורכן רונדן אויסשניט אַריינגעקוקט אין דער בודע אַ נייער טאָג. ער איז ארויסגעקראָכן פון דער נאָרע, און ווי נתן חיימען לעבן שטעלכל פון דער ראָדעמער האַליע, איז אויך אים דאָ, לעבן דער אייגענער היים, געוועזן קאַלט און ס׳אָנטועכץ אויף אים איז געווען פייכט פון נאַכטיקן טוי.

ווי אַ פיר־פיסיק בעל־חי האָט אויך באָלעק דאָ, ווי נתן חיים דאָרט, געטאָן אַ דריגע און אַראָפּגעשאָקלט פון זיך די אָנגעהויפטע קנוילן נאַכט, וואָס האָבן אים געקלעפּט אין די אויגן, אין די פאַרקאָלטנטע האָר, אין זיין גאַנץ קינדיש געביין. ער איז צו צום פלומפּ, וואָס אין מיטן הויף. מיט איין האַנט האָט ער געפּלומפּט שטראָמען קאַלט וואַסער און מיט דער אַנדערער געוואַשן דאָס אונטערגעשטעלטע פּנים, דעם קאָפּ, דעם שטייף־געוואָרענעם קאַרק. אַ נאַסער, אַן אָפּגעצוואָגענער איז ער אַריין אין פעדערהייזל פון זייער שטוב און מיט דער מאַמעס אַן אַלטער ספּודניצע געווישט פון זיך די נאַסקייט.

דער הויף איז נאָך געשלאָפן, די פענצטער — פאַרמאַכט אויף פרענטן, איז ער אַריין אין סאָד. די שימאָווע, די סאַדאָווניטשקע, האָט שוין צעבלאָזן אַ פייער לעבן דער בודע. שמעון, דער סאַדאָווניק, איז געשטאַנען איינגע־הילט אין זשידאָווסקן שאַל מיטן שוואַרץ־גלאַנציקן קעסטעלע איבערן שטערן און זיך „געמאָדליעט" לעבן אַ בוים. ער האָט אויפגעהויבן אַן עפּל פון פייכטן גראָז, געטאָן אַ ביס און אים צוריק אַוועקגעוואָרפן. שפּעטער, ווען ס׳טאַטקעלע האָט אויפגעקייטלט די טיר, איז ער אַריין אין שטוב און זיך געזעצט אויף דער ערד, לעבן ביאַנקען, די עלטערע שוועסטער, שיילן קאַרטאָפל אין אַ טאָפּ אריין. קיינער, נישט דאָס טאַטקעלע מיט זיין דראָען, נישט די מאַטקע מיט גוטן און נישט די שוועסטער מיט איר סודותדיק פרעגן, האָבן אים נישט געקאָנט אַרויסשלאָגן פון זיין שווייגעניש. פון זיין פאַרשלאָסנקייט, פון זיין נישט וועלן מיט איין וואָרט אפילו ארויסגעבן וואָס מיט אים איז געשען, פאַרוואָס ער האָט נעכטן אַזוי לאנג און אזוי איינגעשפּאַרט געוויינט, פאַרוואָס ער איז אָפּגעלעגן אַ גאַנצע נאַכט אין וואַצושס בודע.

דאָס דאָזיקע שטילשווייגן באַלעקס איז נאָר געווען אויבנאויפיק, אין זיך אַליין האָט באַלעק שוין גאָרנישט געשוויגן. פאַרקערט, קיינמאָל פריער האָט זיין קינדישער מוח נישט אַזוי געפיבערט. דאָס פלוצימדיקע בלייבן אַליין, דאָס מיטאיינמאָל זיך ארומזען אַז ער האָט נישט מער נתן חיימען, אָן וועמען ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט, וואָס איז אים שטענדיק געווען אַ באַשיידער און באשיצער, האָט טאקע פון איין זייט אָנגעיאָגט אין אים אַ מורא, אַ פאַרלוירנקייט, פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט דאָס אומגעריכטע בלייבן אליין, אויף אייגענעם באַראָט, ארויסגערופן אין אים די אייגענע אנטשלאָסנקייט, דעם אייגענעם ווילן צו וואַגן, צו שטעלן אויף זיך, צו זוכן אין זיך אליין שוץ און באַשייד.

יענעם זונטיק האָט באַלעק פלוצים, מיטאיינמאָל, זיך איבערגעביטן. איבערנאַכט איז ער אַרויסגעריסן געוואָרן פון די יינגלשע זאָרגלאָזיקייטן. עפּעס אומבאַמערקט האָט דאָס לעבן אים אַריינגעשטופּט אין דער הויט פון אַ דערוואַקסענעם, פון איינעם וואָס מוז נעמען זיין גורל אין די אייגענע הענט אַריין. דאָס קלעטערן אויף ביימער, דאָס אויפשטעלן קלי̄אַטקעס אויף צו כאַפּן פייגל, דאָס יינגליש זאָרגלאָזע רייטן אויף געפּענטעטע שקאַפּעס איבער די לאָנקעס, אַלץ האָט מיטאיינמאָל פאַרלוירן ביי אים יעדן זין. ער האָט אויך מער נישט אַריינגעשמעקט אין סאָד, עפּעס ווי דאָס איינבייסן באַגין דעם אויפגעהויבענעם עפּל און אים באַלד צוריק אַוועקוואַרפן אין גראָז אַריין, וואָלט געווען זיין געזעגענען זיך מיטן סאָד, דאָס קינדישע קעניגרייך זיינס, וואָס האָט אים גענערט דורך זיין גאַנץ, יונג לעבן.

פונקט ווי דאָס חברל זיינס, נתן חיים, נאָך דער גרויסער פאַרשעמונג, וואָס דער פאָטער האָט אים דענצמאָל אָנגעטאָן מיטן אַרויסנעמען אים פון ר׳ שבתאיס גמרא־חדר און אים אַריינגעבן צום דרדיקן מלמדל, הערשעלע, אַזוי האָט אויך איצט באַלעק, נאָך דעם קלאַפּ פון בלייבן אַליין, איינגעזען אַז עס האָט נישט קיין זין דאָס אַרומלויפן פוסט און פּאַס, דאָס לערנען זיך נאָכמאַכן דעם טאַטקעלע אין זיין קונציקן שפּיי הויך און ווייט. און דאָס הייצן ביי די זשידעס די אויוונס האָט אויך נישט קיין צוועק. מער ווי אַ סטרוזש וועט ער פון דעם זיך נישט אויסלערנען צו ווערן און אַ סטרוזש וויל ער נישט זיין, נישט ביי די זשידעס און אויך נישט ביי די אייגענע פּאַנעס. ביי די פּוילישע פּאַנעס, זאָגט דאָס מאַמעלע זיינס, איז נאָך ערגער צו דינען ווי ביי די זשידעס. די יידן רעדן כאָטש צו דיר ווי צו אַ מענטש. ער האָט אַ שפּיי געטאָן פון רוגזה: פּשאַ קרעוו! ווען ס׳טאַטקעלע זיינס וואָלט געווען אַ „גאָספּאָדאַזש״, אַ באַלעבאָס פון אייגענע מאָרגעס פעלד, וואָלט ער נישט געהאַט קיין זאָרג. ער וואָלט געאַקערט די פעלדער און נאָכן פאָטערלס טויט וואָלט ער געוואָרן אַ „גאָספּאָדאַזש״. אַזוי אָבער? טפו׳ זאָל

עס ווערן, האָט ער נאָכאַמאָל בייז אַ שפּיי געטאָן פון איין עק הויף ביזן אַנדערן.

די פראַנצישקאָווע, דאָס מאַמעלע זיינס, וואָס איז איצט אַזוי זונטיקדיק־פריי זיך געזעסן בהרחבה אויף דער פריזבע, אַן אויסגעצוואָגענע, אַ זאַט־אָפּגעגעסענע און מיט אַזויפיל פאַרגעניגן געלויזט דעם קאָפּ פון דער טאָכטער, האָט אויפגעהויבן דעם בליק צום יינגל און אויף אים בייז אַ קוק געטאָן:

— שפּייען ווי אַ גרויסער, דאָס קענסטו שוין! אָבער פאַרדינען אויף אַ פּאָר שטיוול, דאָס וועט נאָך אַלץ די מאַטקע דיינע מוזן פאַר דיר.

— שוין נישט לאַנג, שוין נישט לאַנג, — האָט באָלעק איר געענטפערט מיט דער זיכערקייט פון איינעם, וואָס ווייסט אז וואָס ער זאָגט צו איז ער מקיים.

דאָס מאַמעלע האָט אויף אים אָנגעשטעלט א פּאָר אויגן. נישט נאָר דער זאָג זיינער: „שוין נישט לאַנג, שוין נישט לאַנג״, אויך דאָס קול זיינס איז איר פאָרגעקומען פאַרענדערט, גאָרנישט באָלעקס קול. עפּעס האָט ער מיטאיינמאָל פאַרלוירן דעם יינגלישן קוויטש. זי האָט זיך אין אים גוט איינגעקוקט: וואָס איז מיט דעם יינגל געשען?

אויף מאָרגן האָט די מוטער זיינע איינגעזען, אַז באָלעק איז נישט דער אייגענער וואָס געווען. ווי נאָר דער הייליקער זונטיק איז אַוועק, איז ער אויפגעשטאַנען מיטן באַגין און נאָך פאַרן פאָטערל פאַרלוירן געוואָרן פון שטוב אַרויס. נייך, ער איז איצט נישט אוועק פּוסט און פּאַסעווען אויף די לאָנקעס, ער איז אויך נישט פאַרלוירן געוואָרן אין סאָד אַריין צו קריכן דאָרטן אויף די ביימער זוכן פייגל־נעסטן. יינגליש נישט דרייסט האָט ער זיך צוגעשאַרט צו קלאָסן, בערציק פערד־הענדלערס פאַראָבעק. פאַר א צווייער, וואָס בערציק האָט אים צוגעוואָרפן, ווי מ׳וואַרפט צו אַ הונט א ביין, האָט ער געהאָלפן קלאָסן אין בערציקס פּאָדראַדן פון רייניקן די מיסטקאַסטנס אויף די הייף, אויסליידיקן די אָפּטריטן פון יידישע הייזער, אָפּקערן דעם שטאָטישן מאַרק נאָך די מיטוואָכדיקע יאַרידים, נאָך די זונטיקדיקע אָנפאָרן פון די פּויערים אויף זייערע פערד און וועגן פון די דערפער און די מחנות זעלנער פון פעסטונג.

נישט אַזוי דער צוגעוואָרפענער צווייער פאַר דער ברודנער מלאכה, נאָר דאָס זיצן אינדערהייך, אויפן קאָזשאָל פון בערציקס אָפּטריט־פאַס, דאָס האַלטן די לייצעס און אָנטרייבן דאָס פערד אין מיסטוואָגן, אָט דאָס האָט געהייטערט און צוגעגעבן חשיבות באָלעקס יינגליש געמיט. אַ שטאָלצער איז ער געפאָרן פון הויף צו הויף און מיט ביטול אראָפּגעקוקט אויף די חדר־יינגלעך, נאָסקעס זשידעקלעך, וואָס ראַיען זיך אויף דער ערד, בעת

ער זיצט אַזוי הויך אויפֿן וואָגן. זאָל ער נאָר וועלן גרייכט ער מיט זיין האַנט דעם העכסטן דאַך.

די דאָזיקע צופֿרידנקייט האָט אָבער לאַנג אין אים נישט אָנגעהאַלטן. נישט נאָר די שוועסטער, ביאַנקאַ, אויך דאָס מאַמעלע האָט אים גענומען טרייבן פֿון זיך און שרייען אַז עס שטינקט פֿון אים מיט זשידאָווסקע מיסט און פּאָמיעס.

ווידער האָט דאָס יינגלשע מוחל זיינס געפּיבערט: קיין סטרוזש ווי דאָס טאַטקעלע זיינס וויל ער נישט זיין, צו וואָסזשע איז ער געוואָרן אַ מיסט־פּירער און אָפּטריט־ריניקער ביי בערציקן? ער האָט ווידער אַ שפּיי געטאָן פֿון איין עק הויף ביזן צווייטן, פֿאַררוקט די יינגלשע פּויסטלעך אין די הויזן־קעשענעס, מעשה דערוואַקסענער און זיך גענומען צושאַרן צו יודל קאָוואַלס קוזניע, ווי אַ בלודנע, היימלאָזע קאַץ, שאַרט זיך צו א מענטשלעכער שטוב. ער האָט זיך אזוי לאַנג געדרייט און זיך געטוליעט צום קאָוואַלס צוויי זין, צום אַלטן קאָוואַל אליין, ביז זיי האָבן אים געלאָזט צוקאָלערן אַ ראָד, העלפֿן צושטופּן נענטער צו דער קוזניע אַ געשעדיקטן וואָגן, וואָס וואַרט פֿאַרריכט צו ווערן, אָנטראָגן אַ פּאַס וואסער אין שטוב אריין, אָנשלעפּן קוילן, צעבלאָזן מיטן מיעך דאָס פייער און שפּעטער אויך האַלטן מיט דער גרויסער צוואַנג אַ רויט־אָנגעגליט שטיק אייזן איבער דער קאָוואַדלע, ווען איינער פֿון יידל קאָוואַלס יונגען האָט מיט אַ האַמער אויסגעשמידט אַ פּאָד־קאָווע, אַ רינג צו אַן אָרטשיק פֿון אַ וואָגן, אָדער אַ רייף אויף אַ ראָד אַרויף. און אז עמעץ איז צוגעקומען מיט א פערד צו דער קוזניע, האָט ער איינער אַליין, מיט אַלע זיינע יינגלשע כוחות, געהאַלטן דעם פערדס פוס בעת איינער פֿון די קאָוואַלעס האָט עס צוגעשלאָגן אַ פּאָדקאָווע.

כאָטש ער האָט מיט קיינעם נישט גערעדט וועגן אָנדינגען זיך, וועגן שכירות און תכלית, האָבן סיי דער אַלטער יידל, סיי די צוויי אויסגעריסטע בנים זיינע, גאָר גיך אים אָנגעהויבן צו באַטראַכטן ווי אַ געזעלן זייערס, אים אָנגעטאָן אַ לעדערנעם פֿאַרטעך און אים צוגעלאָזט צו דער קאָוואַדלע. ער האָט אין די קלעשטשעס פֿון דער גרויסער צוואַנג געהאַלטן דאָס פייער־דיק־אָנגעגליטע שטיק אייזן און די צוויי בנים מיט די גרויסע האַמערס האָבן ריטמיש, איינער נאָכן אַנדערן געשמידט יודל קאָוואַלס פּרנסה און ער, ווי זייער געזעלן, האָט יעדן פרייטיק פֿאַר ליכט־צינדן געקריגן אַ גאַנצן זילבערנעם רובל — זיין וועכנטלעכע שכירות.

# קאַפּיטל זעקס

יענעם שבתצונאַכטס האָט שוין יערמע דוד נישט צוגעטאָן קיין אויג. ער האָט זיך געדרייט אויפֿן געלעגער, אָבער און ווידער געטראַכט ס'איינגענע: וויאַזוי ברענגט ער דאָס יינגל קריק אַהיים? אַז ער, דער טאַטע, האָט אים פֿאַרטריבן, איז דער שכל מחייב אַז ער, דער טאַטע, דאַרף אויסטאָן ס'שעם־היטל און אַליין פֿאָרן אים ברענגען צוריק. אָבער וווהין פֿאָרן? וווהין איז דער קלײנער אַוועק?

ווי ער, האָט אויך זי, חנה לאה, נישט געקאָנט איינשלאָפֿן. אַז נתן חיים שפּילט זיך מער נישט אין קינדישע באַהעלטעלעך, אַז ער איז איצט אויף אַן אמת אַנטלאָפֿן פֿון דער היים, דאָס איז איר קלאָר ווי צוויי מאָל צוויי. אָבער וווהין איז ער געפֿאָרן? קיין ווארשע? קיין לאָדזש? און אפשר גאָר איז ער געפֿאָרן קיין ראָדעם? די עלטערע ברידער זענען דאָרט, האָט עס אים אוודאי געצויגן צו זיי!

באַלד אינדערפֿרי ווי נאָר זי איז אויפֿגעשטאַנען, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און אָפּגעזאָגט מודה אַני, האָט חנה לאה אָנגעטאָן די קאָפּקע מיטן טשיפּיק זיך איינגעהילט אין זומערדיקן טיכל, אַ בלוי־געקעסטלטס און זיך מטריח געווען צו דער פֿראַנצישקאָווע אויף קאָזשמינסקיס הויף. אויב עמעץ ווייסט ווו נתן חיים איז, מוז דאָס זיין באָלעק. יעדער פֿון די צוויי יינגלעך ווייסט וואָס ביים אַנדערן אונטערן האַרץ טוט זיך.

די פֿראַנצישקאָווע, אָנשטאָט שטיין ביים פֿענצטערל איבער אַ באַליעוועש ווי יעדער וואָכנטאָג, איז איצט, לכבוד דעם הייליקן זונטיק, געשטאַנען ביי דער פּליטע, אַ פֿריש אויסגעצוואָגענע, מיט אַ ווייסן שרונט אין מיטן קאָפּ, די נאַסלעכע צעפּלעך, גרוילעכע שוין, פֿאַרלייגט אין אַ קרענצל איבערן שטערן און מיט אַ גרויסן, הילצערנעם לעפֿל געמישט און פֿאַרזוכט פֿון אַ גרויסן, פֿאַרעדיקן טאָפּ קרויט, אונטערגערייִשט מיט חזיר־גריוון.

ווי דער ריח פֿון דעם חזיר־ריישעכץ האָט איר פֿאַרשלאָגן דעם אָטעם, האָט דאָך חנה לאה, נישט צו פֿאַרשעמען די קריסטן, נישט אָפּגעקערט דעם קאָפּ נאָר צוגעגאַנגען צום אָפֿענעם פֿענצטערל, אַ קליינס אָבער פֿול מיט זון און ענג־אָנגעשטעלט מיט וואַזאָניקעס, ברייט־צעוואַקסענע מיט רויטע, שפּעט־זומערדיקע בלימלעך.

— גוט־מאָרגן, פראַנצישקאָוואַ — האָט חנה לאה געגרוסט די קריסטין דורכן אָפענעם פענצטערל.

— גוט־מאָרגן, יערמאָוואַ, אַזוי פרי? — האָט די גויע זיך געוווּנדערט.

אָן לאַנגע מחזקות מיט דער מוטערל, האָט חנה לאה זיך גלייך גענומען צום שגץ:

— באָלטשו טייערער, לעכטיקער, דו ווייסט דאָך יאָ ווו נתן חיים איז.

דער קוים דרייצניאָריקער באָלעק, אין בלויזן קאָפּ, ס'בינטל האָר אויפגעשטעלט אין מיטן, ווי אַ טשוואַק־דיבאָם, מיט אַ רינגענדיק נעזל, איז געזעסן אַ באָרוועסער אויפן ערדענעם דיל, אַ באַשאָטענער מיט גאָלד־געלן זאַמד און געשיילט צוזאַמען מיט ביאַנקען קארטאָפל פון אַ געפלאָכטענעם קאָרב און זיי געוואָרפן אין אַן אייזערנעם טאָפּ. נאָך יעדן וואָרף פון אַ קאַר־טאָפל איז ער געבליבן מיט א פאַרשפיצט געהער צום פליוך אין וואַסער.

דערזעענדיק חנה לאהן צוקומען צום פענצטערל, האָט דאָס יינגל אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ צו פאַרשטעלן ס'פנים, וואָס האָט אים אָנגעהויבן פלאַמען און די מורא, וואָס איז אין אים געשטיגן. עפּעס האָט ער, צוליב חנה לאהס צוקומען, זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט די צוויי רינענדיקע ליכטלעך פון דער נאָז. וואָס מער ער האָט זיי געווישט מיטן האַרטן, פאַר־גלאַנצטן אַרבל, זיי געזופּט צוריק אַרויף, אַלץ מער זענען זיי אים גערונען איבער דער ליפּ, איבערן מויל.

די פראַנצישקאָווע, מיטן הילצערנעם לעפל אין האַנט, האָט געקוקט אויפן זון. „טאַק?" אַזוי? האָט זי געמורמלט צו זיך אַליין. צוליב דעם איז דאָס די יערמאָוואַ געקומען אזוי פרי גוט־מאָרגן ביטן! איר איז אויך מיט־איינמאָל קלאָר געוואָרן פאַרוואָס מ'קאָן צו באָלעקן, זינט נעכטן פאַרנאַכט, נישט רעדן, פאַרוואָס ער שווייגט אַזוי פאַרביסן, פאַרוואָס ער איז אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעלעגן אין וואַצושס בודע, געהיילט און געריטשעט, פּונקט ווי דעמאָלט, ווען דער הינטשלעגער האָט אים אויפגעכאַפּט דאָס הינטל זיינס. ווי דענצמאָל, האָט ער אויך די נאכט געטריבן פון זיך די שוועסטער, אויך זי, די מאַמען, האָט ער נישט צוגעלאָזט צו זיך, געשפּיגן און געשאָלטן, ווי דאָס טאטקעלע זיינס, ווען ער איז שיכור און די צונג ווערט אים לויז אין פּיסק.

פול מיט באַדויער האָט איצט די מאמע געקוקט אויפן יינגל. ווי זי איז נאָך געווען בייז אויף אים פאַר דער וואַך־נאַכט, וואָס דער „לאָבוז" האָט דאָ אָפּגעשפּילט דעם גאנצן הויף, איז דאָך אין איר אָנגעשטאנען א טיף רחמנות צום יינגל. „ביעדאַטשעק", אָרעמינקער, האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ. טאָמער האָט ער געהאט א הינטל, האָט עס דער היצעל אויפגעכאַפּט. איצט איז אים דאָס איינציקע חברל אוועקגעפאָרן. וואָס וועט ער טוען? מיט וועמען וועט ער זיך חברן?

זי האָט געלאָזט שטעקן דעם הילצערנעם לעפל אין פאַרעדיקן טאָפּ מיט קרויט און איז צוגעקומען נענטער צום פענצטערל. אַליין אַ מאַמע, האָט זי איצט גוט געפילט חנה לאהס הארץ:

— אַ צאָ? וואָס? שוין ווידער אָפּגעטאָן אַ שטוקע? — האָט זי, פון צווישן די בלומענטעפּלעך געשאָקלט באַדויערלעך מיטן קאָפּ. — אַ שלעכט יינגל דיינער. איך וואָלט אזא „לאָבוז" אָנגעהאקט אַ הינטן אז זיצן אויף אים וואָלט ער נישט געקאָנט. דערביי, די יערמאָוואַ זאָל נישט מיינען אַז נאָר אויף איר יינגל רעדט זי שלעכטס, האָט זי זיך אויסגעדרייט צו באָלעקן און אים גענומען דראָען מיט איר קליין, לייכט־פאַרמאַכט, מאַמעדיק פויסטל:

— אַ טי, און דו, לאָבוז, דו זאָג בעסער וואָס דו ווייסט!

באָלעקן איז געווען הייס. ער האָט זיך געשיבערט, זיך געדרייט. דאָס יינגל האָט זיך נעבעך געפונען אין אַ קלעם. נתן חיימען האָט ער צוגע־שווירן, זיך אפילו איבערגעצלמט, אז ער וועט קיינעם נישט אויסזאָגן אַז ער, נתן חיים, איז אַוועקגעפאָרן און דאָ שטייט גאָר די מאַמע איבער אים און דראָט אים מיט אַ פויסט און באַלד וועט ס'טאַטקעלע קומען. צוליבן רייניקן די זשידאָווסקע אָפּטריטן, וועט ער, אַ בייזער, אַ דערצאָרנטער, אויסלאָזן צו אים דעם גאַנצן כעס זיינעם: דו בענקאַרט! דו קאַנאַליע! וועט ער שרייען איבערן גאנצן הויף. איך האָב דיר געזאָגט זאָלסט נישט זיין קיין „פּשיאַטשעל" מיט קיין זשידעס!

— איך גאָרנישט ווייס, — האָט באָלעק אַ דערשראָקענער געפינטלט מיט די אויגן און געהויבן די שמאָלע יינגלשע אַקסעלעך. — יאַק באָגאַ קאָכאַם, — האָט ער זיך געשווירן און מיט דער האַלב־אָפּגעשיילטער קאַרטאָפליע אין האַנט זיך גיך איבערגעצלמט. נאָר כדי נישט צו האָבן זיך געצלמט אויף אַ ליגן, האָט ער אין זיין גוישן יידיש גיך גענומען זיך פאַר־ענטפערן פאַר חנה לאהן: — יעך ניש' וויים גוניש'. יעך נאָ' געזען נאָסקע אַוועק מיט דע' קאָליע.

חנה לאה איז פון דער פראַנצישקאַווע אהיימגעקומען אַ דערשלאָגענע. איבער און אָבער האָט זי איבערגעחזרט:

— אַוועקגעפאָרן נעבעך. נאַקעט און באָרוועס איז דאָס קינד אַוועק פון דער היים.

דערווייל זענען די טעג געגאַנגען. איידער מ'האָט זיך אַרומגעקוקט איז אַוועק אַ וואָך און באַלד נאָך איינע. ערשט אויף דער דריטער וואָך איז אָנגעקומען אַ קאַרטל פון עלטסטן זון, פון לייבל משהן, אַז נתן חיים האָט זיך אין ראַדעם אָנגעדונגען צו אַ היטלמאַכער אויף דער לער. ער אַליין, לייבל משה, איז נאָך ביי דעם מייסטער נישט געווען, נאָר מ'שמועסט אַז דאָס זענען פיינע לייט, פונדעסטוועגן איז ער, לייבל משה, נישט צופרידן פון דעם.

מ׳האָט נישט באַדאַרפט אַוועקלאָזן ס׳יינגל פאַר בר־מצווה, בפרט אַזוי קרוע־בלוע, אין אַ פּאָר זעלנערישע שטיוול. מענטשן קאָנען מיינען אַז ער איז, חלילה, א יתום, א „זנוידאָק״.

חנה לאה, ווי ס׳האָט איר פאַרקלעמט ס׳האַרץ פון דעם וואָס לייבל משה שרייבט, האָט זי זיך דאָך געפרייט: געלויבט איז זיין ליבער נאָמען! ערשטנס, וואָס ס׳יינגל האָט זיך אָפּגעזוכט געזונט און שטאַרק. צווייטנס, וואָס ר׳האָט אַ גוט אָרט. דריטנס, וואָס ער איז אין איין שטאָט מיט די עלטערע ברידער. ווי זאָגט מען? וואַרף מיך דאָ, וואַרף מיך דאָרט, אבי נאָר צווישן אייגענע. וואָס וואָלט דען פון דעם יינגל געוואָרן דאָ הי? פריער צי שפּעטער וואָלט ער געמוזט אַוועק פון דער היים. אוודאי, אינדערהיים, אונטער דער השגחה פון א לייטישן טאַטן, וואָלט געווען בעסער. נאָר מאַלאָ־שטאָ, וואָס עס איז אַלץ בעסער!

ס׳קאָן זיין, ווען נישט די מעשה מיט הערשעלע מלמד, וואָלט יערמע דוד אויך אזוי געזאָגט. וואָס איז דאָ אזוי קרום אז א יינג אין דרייצנטן יאָר ווערט אַ בעל־מלאכה? ער, יערמע דוד, האָט געמעגט שוין צו צען יאָר זיך שלעפּן מיטן טאַטן אויף פערד־און־וואָגן, זיך וואַלגערן וואָכן־לאַנג הינ־טערוועגס, אין היץ און קעלט, אין שניי, און רעגן. און נתן חיים איז דען ביי אים דער איינציקער? וואָס איז ער מער יחסן פון אברם יאַנקלען? אברם יאַנקל איז אויך אינדערפרעמד, נאָך דערצו ביי בערעלע יאָסקעס, א פושע ישראל, א רוצח! ווער ווייסט צי ער שלאָגט נישט ס׳יינגל? צי ער גיט אים געננוג עסן? צי ר׳האָט כאָטש ביי אים אַ לייטיש געלעגער?

האָט ער אָבער, יערמע דוד, נישט געקאָנט אַזוי טראַכטן, אפילו ווען ער ווייסט אז דער קליינער איז אויף א גוט אָרט. מילא, דאָס וואָס משפּחה וואָרטשעט און מענטשנס מיילער רעדן, באשר ר׳האָט געלאָזט ס׳יינגל אוועק פון דער היים אָן אַ לייטיש מלבושל, אָן אַ רעכטע פּאָר שטיוועלעך, דאָס אַרט אים גראָד ווינציק־וואָס. מענטשן האָבן שוין אזא טבע: נאָר זיי שטעקן די נאָז אין יענעמס טעפּל. אלא עפּעס אַנצוטאָן? דאָס קאָן מען דעם יינגל גרינג באַזאָרגן, אַליין צי מיט אַ געלעגנהייט. אים אַרט אָבער וואָס ער איז דער גורם אין יינגלס אַנטלויפן פון דער היים. צוליב דעם האָט ער נישט קיין מנוחה! דאָס האָט ער דאָך אָנגעטאָן דעם יינגל אזא בושה! אים אַרויסגענומען פון ר׳ שבתאיס הדר, דער גרעסטער גמרא־מלמד אין שטאָט און אים אָנגעדונגען צום קליינעם הערשעלע צו לערנען אינאיינעם מיט קליינע קינדער. איז דען אַ ווונדער וואָס דער נתן חיים איז אַנטלאָפן? אַז ווו א חדר־יינגל, א בית־מדרש־בחור, האָט דאָך פון אים געלאכט, אים גערופן פויערישער קאָפּ, נאָכגעיאָגט אים איבערן מאַרק. כאָטש קריק־געשמועסט, וואָס איז ער דען אויסן געווען? ער האָט זיך כסדר ביי דעם יינגל געבעטן: נתן חיים, עפן ס׳מויל! לאָמיך האָבן די זכיה צו הערן צי

דו קענסט כאַטש ווי געהעריק עברי, צי דו זאָגסט אַ קאַפּיטל תהילים ווי ס׳באַדאַרף צו זיין. נאָך אַלעם בין יעך דעך אַ טאַטע! איז כאַטש האַק אים און בראָט אים האָט ער נישט געוואָלט אָנטאָן דעם טאַטן ס׳נחת. מילא, מ׳זאָגט כאַטש אַ יינגל איז שטומפּיק, קאָן נישט ס׳מויל עפענען. ער אָבער האָט דאָך אַ פּיסק אויף שרויפן. ווי קליין דאָס נתן חיימל איז, שיטן זיך דאָך אים פּערל פון מויל ווען ער דערציילט אַ מעשה. נאָר ווען עס קומט צום דאַווענען, צום זאָגן פּרק אָדער ברכו נפשי, איז ער שטום, אפילו דאָס מעביר זיין די סדרה מורמלט ער אין זיך אַריין אַז מ׳קאָן נישט הערן קיין וואָרט. וואָסזשע האָט ער ,אַ טאַטע, געזאָלט טאָן? זיך נישט מאַכן וויסן? לאָזן אים אויסוואַקסן אַ גוי? בפרט נאָך אַז די „קומעס״ זיינע אין מאַרק האָבן זיך אויף אים אָנגעזעצט: געדענק, יערמע דוד! ס׳וואַקסט ביי דיר אַ גוי! איבער הונדערט און צוואָנציק יאָר וועט ער אפילו נישט קענען רעכט קדיש זאָגן נאָך דיר. אוודאי, איצט זעט ער איין אז ר׳האָט זיך גע־דאַרפט געוועזן צוהערן צום הויכן אייזיק, צו ר׳ שבתאַין, נישט צו די כאַמוליעס! דער הויכער אייזיק האָט דאָך מיט אים איינגעטענהט: יערמע דוד, וואָס ביזטו אזא בור? אזא חמור־קאָפּ? ווי איז דאָס מעגלעך א יינגל זאָל זיין דער בעסטער תלמיד ביי ר׳ שבתאַין, לערנען ביי אים גמרא מיט אַלע מפרשים און דערביי נישט קענען קיין עברי? איצט זעט ער איין אַז דער הויכער אייזיק איז טאַקע געווען גערעכט. דעמאָלט אָבער איז ער געווען פארנארט, ווי דער שטן וואָלט זיך אריינגעלייגט און אים צוגענומען דעם שכל!

יערמע דוד איז אַרומגעגאַנגען אָן א קאָפּ. נישט ער האָט געזוכט אַ גילדן פּרנסה און נישט ער האָט געקאָנט איינזיצן אין שטוב. וואָלט ער כאָטש געהאט פאר וועמען זיך אָפּצורעדן ס׳האַרץ. דער הויכער אייזיק האָט אויף אים אַ מאַך געטאָן מיט דער האנט: יערמע דוד, אז דו האָסט זיך געקאָנט צוהערן צו די כאַמוליעס און אָפּטאָן אזא זאך, וויל איך מיט דיר נישט האָבן צו טאָן! ר׳ שבתאַין שעמט ער זיך גאָר צו קוקן אין די אויגן. נישט נאָר האָט ער דעם איידעלן ייד מבייש געווען, נאָר ר׳האָט אים אויך געטאָן שאָדן אין דער פּרנסה. יידן האָבן צוליב זיין אַרויסנעמען ס׳יינגל אָנגעהויבן צו מורמלען אז ר׳ שבתאי פּירט איבער די תלמידים, גיט זיי נאָך די שמד! מחמת דעם, וואָס אליין איז ער אַ לאָמער נעבעך, איז ביי אים דאָס קאָנען זיך גליטשן אויפן אייז מער „מערײנע״ ווי קענען אַ בלאַט גמרא.

דערווייל איז דער זומער געגאַנגען, אָט־אָט רוקן זיך אָן די יום־טובים. ווי לאָזט מען א יינגל ביי פרעמדע מענטשן אַזוי אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן? יערמע דוד האָט אָנגעהויבן איינזען אז ס׳וועט אים גאָרנישט העלפן. ער וועט מוזן אויסטאָן ס׳שעם־היטל און זיך מטריח זיין קיין ראָדעם נאָכן יינגל. פאַרפאַלן! אז א טאַטע באגייט אָן עוולה קעגן זיין קינד, דארף ער

פאַרבייגן דעם כבוד און דאָס קינד איבערבעטן. רעדט זיך אָבער לייכט: איבערבעטן! וואָס וועט זיין אז ער וועט גאָרנישט פועלן? ביי דעם קליינעם שמאַדאַלניק וועט עס נישט הייסן איבערבעטן, נאָר דער טאַטע איז געקו־מען זיך אַריבערלייגן איבערן בענקל. כאָטש אז מ׳וויל, קאָן ער האָבן אן אויסרייד. ער איז גאָרנישט געקומען קיין ראָדעם צוליב נתן חיימען. געקומען איז ער גאָר צוליב אברם יאַנקלען! ער וויל זען ווי דער בערעלע יאָסקעס באַהאַנדלט אים. אז א טאַטע ווייזט זיך נישט, מיינט דער מיינסטער אז ס׳יינגל איז הפקר. חוץ דעם, מ׳שמועסט אז לייבל משהס פאָלק גייט אַוועק פון ראָדעם קיין וואָראָניעזש, אין טיף ראַסיי, איז ער געקומען זיך געזעגענען מיט לייבל משהן. נאָר פאַראיינוועגס, אַז ער איז שוין סיי־ווי אין ראָדעם, וויל ער זיך זען אויך מיט אים, נתן חיימען, אים פרעגן: היתכן? וואָס איז דאָס פאַר אַ שכל? ווערן א היטלמאַכער קאָנסטו דאָך אינדערהיים אויך, צו וואָסזשע זיך וואַלגערן אינדערפרעמד?

נאָכן גאַנצן אויסבראָיען זיך א תירוץ, האָט ערשט אין יערמע דודס הארץ געגומען נאָגן א נייער וואָרעם: וואָס וועט זיין אז נתן חיימל וועט זאָגן: ניין! ער פאָרט נישט צוריק. וואָס וועט ער דעמאָלט טאָן? ער וועט האָבן אי פאַרשטונקענע פיש געגעסן, אי געוואָרן פון שטאָט אַרויסגעטריבן, אי פאַרבויגן דעם טאַטעשן כבוד, אי אַהיימגעפאָרן אַליין! וואָרעם צוריק־געשמועסט, פאַרוואָס זאָל דאָס יינגל פליצטאַלבן נעמען און פאָרן קריק אַהיים? מיט וואָס לאָקט ער אים דאָ? ער וועט אים צוזאָגן אַ לעקעכל? אַ שפילעכל? אַמאָל וואָלט אַ קליין סידורל, ווער שמועסט נאָך אַ פּאָר קליינע תפילינדלעך, אים שטאַרק געלאָקט. ס׳חיות פלעגט אים פאַר דעם אויסגיין. ער אַליין, וואָס אַן אמת, האָלט נישט פון קליינע תפילינדלעך, ווי ער האָלט נישט פון קליינע ספר תורהלעך. ביי אים אַ תורה — דאַרף זיין אַ תורה! ס׳זאָל זיין אויף וואָס צו קוקן, וואָס צו נעמען אין האַנט אַריין. אַז מ׳גייט מיט א תורה הגבה, זאָל מ׳פילן אַז מ׳האָט עפּעס אויפגעהויבן! דעסגלייכן תפילין. וואָסער פּנים, מ׳שטיינס־געזאָגט, האָט אַ ייד אין אַ פאָר קליינע תפילין־קעסטעלעך?

נאָר מילא, זאָל שוין זיינס איבערגיין. קליינע תפילינדלעך? זאָל זיין קליינע תפילינדלעך! ווער ווייסט אָבער צי ס׳איז שוין נישט צו־שפּעט פאַר דעם? אויב נתן חיימל האָט שוין געפּועלט ביי זיך: באַדיי דעם טאַטנס גרויסע תפילין, אַבי אַוועק פון דער היים, וועלן שוין איצט די קלענסטע תפילין נישט העלפן. אוודאי ווייסט ער וואָס עס וואָלט יאָ געהאָלפן. דאָס אָבער וועט ער דעם שמאַדאַלניק נישט נאָכגעבן! נתן חיימל מיינט אַוודאי אַז ער, דער טאַטע, ווייסט נישט ווי אים גלוסט זיך אַ קורץ גאַרניטערל, אַ היינט־וועלטיש מאַרינאַרקעלע, מיט געפּרעסטע הויזן איבער די שיך, ווי עס גייען די ווילע יונגען די סטרייקערס, וואָס קומען אַהיים פון וואַרשע

אויף די יום־טובים. אָ, ער ווייסט נעבעך גוט זיין אומגליק, יערמע דוד! נאָך איידער די כפּרה, דאָס נתן חיימל, האָט דערלעבט פון דער ערד אויפ־צוּוואַקסן, האָט ער שוין מגלה סוד געווען דער מאַמען אז ער וויל האָבן אַ גארניטערל. ער, יערמע דוד, וועט דאָס אָבער נישט דערלאָזן! זיינס אַ קינד וועט ער לאָזן זיך אָנטאָן דאַאַטשמערישע מלבושים? ווי אַ גלוח? נישט דערלעבן וועלן דאָס די שונאים! א שיין פּנים קאָן שוין א ייד האָבן אין א בגד, וואָס דעקט אים נישט צו דעם „זאַאַטס־מע־מוחל״!

אוודאי ווייסט ער, יערמע דוד, די זיסע ריידעלעך פון מאָדזשיצער שיינע יידן: וואָס איז דער חילוק וואָסער מלבוש א ייד טראָגט? פרעגן זיי אזוי אומשולדיק נעבעך. אָט איז ר׳ מאיר לאַנדוי. שאַדט אים חלילה צום יידיש־קייט אז ער טראָגט הינטערוועגנס, צוליבן וואַלד־מסחר זיינעם, אַ קורצן סורדוט מיט געפּרעסטע הויזן איבער די שטיוועלעטן? ווייסט ער דאָס גאַנץ ווויל, יערמע דוד. ער ווייסט אָבער אויך, אַז אלע צרות הייבן זיך אָן מיט די מלבושים. צום ערשט קירצט מען די קאַפּאָטע, דערנאָך פּאַרפּעלט מען אַ דאוועגען. אַז מ׳באַגייט זיך שוין אָן דאוועגען, פּאַרוואָסזשע טאָר מען נישט פּאַרזוכן אַ שטיקעלע בשר קוויטש? און ווי ווייט איז פון חזיר־עסן ביזן קלויסטער? וויל ער דאָס נישט, יערמע דוד. ניין, בשום אופן, וועט יערמע דוד נישט מלבוש ערומים זיין זיינס אַ קינד דאַאַטשמעריש! זאָלן לייט רעדן וואָס זיי ווילן, ער וועט דאָס נתן חיימלען נישט נאָכגעבן!

# קאַפּיטל זיבן

דאָס ראָדעמער שול־געסל איז געווען ענג, שמאָל, אָן אַ טראָטואַר. דער ברוק דאָרטן איז געווען צעבראָכן, גריבערדיק. די הייזער איןביידע זייטן גאַס זענען געווען אַלטע, נידעריקע, פון איין און צוויי שטאָק, מיט אָפּגעשיילטע ווענט און פינצטערע, שמאָלע קאָרידאָרן, פול מיט פאַרלעגן מיסט און שמאַטעס. אין סאַמע מיטן העלן טאָג זענען דאָרטן אַרומגעלאָפן שטשורעס און מייז. די פענצטער אין די הייזער זענען געווען קליינע, מיט אויסגעשלאָגענע שויבן, פארשטאָפּטע מיט קישנס, פאַרקלעפּטע מיט גאַזעטן־פּאַפּיר. אין די אונטערשטע דירות, האַלב־איינגעזונקענע אין דער ערד, זענען די פענצטערלעך געווען גלייך מיטן ברוק. אין די שבתים זענען אויף די הייף, לעבן די מיסט־קאַסטנס, געשטאַנען אויסגעשפּאַנטע וועגענער און דראָזשקעס מיט די האָלבליעס אַרויף. אין די קיינמאָל־נישט אויסגעטריקנטע רינשטאָקן, געדיכטע מיט אַלערליי אָפּפאַל, האָבן זיך געראָיעט קינדער און קעץ און בלודנע הינט. די ווייבער פון די איינוווינער דאָ, אַלץ אָרעמע הענדלער און באַלעגאָלעס, קאַטעריניאַזשעס און גנבים, פלעגן זיצן פאַר די טירן אין קופּקעלעך, לאַטען אַ העמד, צערעווען אַ זאָק און דערביי מאָטלען און באַרעדן איינע די אַנדערע. ווינטער פלעגן די ווייבער, אָנגעפּעלצטע אין שאָבעס און וואַטענע קאַפּטאַנעס, זיך צענויפקלייבן ביי אַ שכנה אין דער אומגעהייצטער שטוב, קוקן אין די פאַרפרוירענע שויבן און זיך דערמאָנען אין זייער אַמאָל, ווען מ׳איז געווען יונג, געדינט ביי די בעקערמאַנס, ביי די אַדלערס, ביי די מילכיאָרס ווו די קאַכלנע אייוונס האָבן געגליט און אין די געראַמע, ציכטיקע קיכן האָט תמיד געשמעקט מיט פריש געבראָטנס, מיט זיס געבעקס און זאַטער, זאָרגלאָזער רו.

אָט אין דעם געסעלע, אין איינעם פון די אַלטע, גרוי־שטיינערנע הייזלעך, מיט אַן איינציק פענצטערל אויפן ברוק אַרויס, האָט געוווינט אַ קליין שוסטערל, בערעלע יאָסקעס, אַ דראָבנע מענטשעלע, אַ דינס, אַ האַרטס, ווי פון הוילן קנאָכן, מיט אַ פּאָר קליינע, זשמורענדיקע אייגעלעך, גרינלעך־גרויע, אונטער אַ פלאַך, נידעריק שטערנדל. זעלטן דאָס פאַרשווינדל זאָל געווען אַרויסרעדן אַ וואָרט און אז ער האָט אַמאָל יאָ אַ רעד געטאָן איז דאָס געווען ווי אַ שניט מיט זיין שאַרפן שוסטער־מעסער. נישט ווייניקער שאַרף איז געווען זיין שווייגן, אַ שווייגן פול מיט גיפט און האַס, אַ האַס צו

יעדן איינעם און נישט ווייניקער צו זיך אליין פאַר זיין קליינקייט, פאַר זיין מיזערנעקייט, חוץ צו סאַלטשען, זיין ווייב, די איינציקע וועמען נישט נאָר האָט ער זי נישט געהאַסט, נאָר זי ליב געהאַט מיט אַ ברען, מיט אן אייפער ביז צום אויפפרעסן זי און גערינט האָט ער צו איר ווי אַ ווילדער דינט צו אַ גרויסן אומגעלומפערטן געץ.

און די סאַליע איז טאַקע געווען אַן אומגעלומפערטער געץ. ווי ער איז געווען קליין, דאַר און האַרט, אַזוי איז זי געווען גרויס, ברייט און ווייך. בלויז אין זייערע נידעריקע, פלאַכע שטערנדלעך, זענען זיי געווען ענלעך. אָבער אויך דאָ האָבן זיי זיך אונטערגעשיידט איינע פון אַנדערן. ווי פון אונטער זיין שטערנדל האָבן אַפּערגעזשמורעט אַ פּאָר קליינע, קלוגע, גיפטיק־כיטרע, גרויע אייגעלעך, אַזוי האָבן פון אונטער איר פלאַך שטערנדל אַרויסגעגלאָצט אַ פּאָר גרויסע, ברוינע, טעמפּע אויגן, ווי ביי אַ פעטער מעלה־גרהדיקער קו.

מיט יאָרן צוריק, ווען דער בערעלע יאָסקעס איז געווען א געזעלן ביי אַ ראָדעמער שוסטער, אויף דער לובלינער גאַס, האָט דאָרטן, אויפן אויבערשטן שטאָק, ביי אַ רייכן מעל־סקלאַדניק, געדינט די סאַלטשע, אַ גרויסע, פעטע מויד מיט שוואַרצע, געקרייזלטע האָר אַרומגעלייגט ווי אַ וואַליק אַרום איר קאָפּ. כאָטש די מויד איז געווען געשטופּלט מיט גריבעלעך אין אירע פעטע באַקן, האָט זיך בערעלע אין איר איינגעליבט גלייך ווי ער האָט זי דערזען. גראָד ווייל ער איז געווען אַזוי דין, קליין און מיזערנע, האָט ער נאָר ליב געהאט גרויסע מיידן מיט ברייטע היפּטן און הויכע בוזעמס. און כאָטש די שוסטער־יונגען האָבן געלאַכט פון אים אַז ער מיט סאַליען זענען ווי דער קורצער־פּרייטיק מיטן שבת־הגדול, האָט ער דאָך געקלעפּט אָן דער מויד און איז געווען אין זיבעטן הימל ווען ער האָט געקאָנט אַ כאַפּ טאָן די גרויסע, פעטע סאַליע אויף זיין דאַר־שוסטעריש קניעלע.

כדי סאַלטשע זאָל נאָך דער חתונה נישט אָפּפאַלן חלילה פון לייב צוליב דער אָרעם־שוסטערישער פּאָשע זיינער, האָט ער זי גאָרנישט געלאָזט טאָן, נאָר באַשטאַנען דערויף זי זאָל ליגן ביז שפּעט אין טאָג אַריין אין דעם איינציקן אייזערנעם בעטל, ווי די רייכע מאַדאַמען אין זייערע ווייכע בעטן און ער האָט זי באַדינט. איידער נאָך ער האָט גענומען אַ שוך אין האנט אריין איז ער געלאָפן צום גרעק, אויף דער לובלינער גאס און איר געקויפט אַ פיאַנאָווע טשאַסטע, פרישע זעמעלעך, זיי אָנגעשמירט מיט פּוטער און איר דערלאַנגט אין בעט אריין מיט אַ וואַרעם גלעזל קאַקאַאָ מיט שמאַנט. דערביי פלעגט ער זיך אָנבייגן און זי קושן און בייסן איר נאַקעטן, ווייסן, ווייך־געכאַליעטן האַלדז. אים האָט נישט געאַרט וואָס דאָס פענצטערל איז אָפן און שכנים זעען וואָס ביי אים טוט זיך.

אָט דער בערעלע איז געווען אַ מאָדזשיצער תכשיט, יאָסקעלע באַלע־

גאָלעס אַ קדיש, וואָס האָט אינגאַנצן אַריינגעראָטן אין זיין טאַטל. ווי דאָס טאַטל, אזוי איז דער בן געווען א גנב מיט די אויגן. און ווי דאָס טאַטל אזוי איז אויך ער געווען אַ נואף, א נאַפּקעניק. אויב דער בערעלע איז נישט געוואָרן קיין פּאָלנער גנב נאָר אַ שוסטער, איז דאָס געווען נישט מחמת מורא פאַר די קראַטן און שלעסער פון ראָדעמער קרימינאַל, נאָר גיכער אויס מורא אַז וואָס־וואָס, נאָר קיין נקבות וועט ער אין קרימינאַל נישט קאָנען האָבן. וואָלט מען אים צוגעזאָגט אז ער וועט אין תפיסה קאָנען האָבן כאָטש איין נפקה, וואָלט ער געווען אויסגעקליבן צו ארבעטן מיט זיינע פלינקע הענטלעך אין יענעמס קעשענעס, איידער ציען מיט זיי דראַטוועס און קלאַפּן דינע, הילצערנע פלעקלעך אין איידעלע, ווייבערישע זוילן.

אַ צייט נאָכדעם ווי די מייַנסטערס האָבן געהאַט קריק אויפגעהויבן די קעפּ, ווען די סטרייקערס זענען זיך צעלאָפן און די פליוקעס האָבן אברם יאַנקלען געהאַט גוט מקיים־פּסק געווען פאַרן דערציילן זיי אז ער קריגט פון מיינסטער און זיינע זינדלעך געשלאָגן, איז ער, בערעלע, גראָד געווען אין מאָדזשיץ גוט־שבת ביטן דעם טאַטל זיינעם. דערוויסנדיק זיך אַז יערמע דודס יינגל איז לאנג שוין אָן אָן אָרט, האָט ער, בערעלע, אָנגעשלאָגן אברם יאַנקלען ער זאָל מיט אים מיטפאָרן קיין ראָדעם.

ביי דעם פּופּצן־יאָריקן יינגל האָט זיך גלייך די קינדישע פאַנטאַזיע צעשפּילט. דאָס זיין אין א גרויסער שטאָט האָט אים שוין לאנג געלאָקט און געמאַניעט. דערצו נאָך האָט בערעלע אים צוגעזאָגט פינפאונצוואָנציק קאַרבן א זמן, אויב ער וועט זיך אָנדינגען צו אים אויפן גאַנצן יאָר, חוץ עסן און טרינקען און אַ געלעגער אויפן גרויסשטאָטישן שטייגער.

כאָטש דער טאַטע, יערמע דוד, האָט געזאָגט ניין, ער וויל נישט זיינס אַ קינד זאָל זיין אין בערעלע יאָסקעס דלת אמות, בפרט ווען ער איז זיכער אז דאָס גנבל וועט נישט נאָר נישט באַצאָלן די שכירות, וואָס ער זאָגט צו, נאָר דאָס יינגל וועט ביי אים אויסגיין פאַר אַ שטיקל ברויט, האָט עס נישט געהאָלפן. אברם יאַנקל איז געווען איינגעשפּאַרט יאָ צו פאָרן. דערצו נאָך האָט די מאַמע, חנה לאה, ווי תמיד, געהאַלטן מיטן יינגל. ערשטנס האָט זי נישט געקאָנט גלייבן אז אַפילו דער בערעלע יאָסקעס זאָל זיין אזא אַכזר ווי מענטשן זאָגן. ווי איז דאָס מעגלעך א מענטש זאָל האָבן ס׳יאַנדעס אזוי צו באַהאַנדלען יענעמס קינד ? צווייטנס האָט זי געוווּסט אז נאָך דער מעשה מיט די פליוקעס וועט שוין אברם יאַנקל קיינמאָל קיין אָרט ביי מאָדזשיצער מיינסטערס נישט קריגן. ווידער זיין מיטן טאַטן אונטער איין דאַך איז אוודאי נישט קיין תכלית. חוץ וואָס אַזאַ בחור דאַרף, אָן עין הרע צו האָבן, איז אַ מורא ער זאָל בלייבן לענגער מיטן טאַטן אין שטוב. יערמע דודן דאכט זיך נאָך אַלץ אז אברם יאַנקל איז א קינד און אַ קינד מעג דאָך אַ טאַטע שלאָגן. דער טאַטע פאַרגעסט אָבער אז א פּופּצן־יאָריקער בחור קאָן נאָך,

חלילה, הייבן א האַנט אויף צוריק! מ׳האָט שוין פון אַזעלכעס געהערט, בפרט היינטיקע צייטן, ווען ס׳יונגוואַרג, פון זינט די סטרייקערס האָבן זיך געיאַוועט, איז עס גאָר אַרויס פון די האָלאָבליעס. האָט זי דעריבער נישט געהערט וואָס יערמע דוד זאָגט און געראָטן דעם יינגל ער זאָל מושווה ווערן מיט דעם בערעלען און מיט אים פאָרן קיין ראַדעם.

אַז דער טאַטע איז געווען געקעכט האָט ערשט אברם יאַנקל איינגעזען ווען ער איז שוין געווען מיט בערעלען אין זיין היים. שוין אין די ערשטע טעג האָט ער געזען אַז זיין ביי בערעלען איז גאָר קיין פאַרגלייך נישט מיט זיין בידעווען ביי די פליוקעס. ווי אים איז דאָרט געווען ביטער, איז ער דאָך געווען אינדערהיים. דער טאַטע האָט טאַקע געקארגט דעם ביסן, אָבער אין שטוב איז דאָך שטענדיק געווען אַ שוואַרץ קאָרן־ברויט, וואָס די מאמע האָט יעדן דאָנערשטיק געבאַקן צוזאַמען מיט די שבתדיקע חלות. אַז די פליוקעכע האָט זיך געמאַכט פארגעסן אים צו געבן אָנבייסן, האָט אים נתן חיים געברענגט הינטער דער פאָלע א שטיקל ברויט פון שטוב. ער האָט זיך אויך נישט געדאַרפט וואַלגערן ביי די פליוקעס אויף אַ באַרג שמאַטעס, ווי דאָ, ביי בערעלען, נאָר איז געשלאָפן מיט נתן חיימען אין שלאָף־באַנק, וואָס די מאַמע האָט יעדע צוויי וואָכן איבערגעצויגן מיט קלאָר איבערציג. דאָ אָבער איז די מאַמע נישטאָ, און אָנשטאָט די שלאָף־באַנק, האָט אים בערעלע גלייך דעם ערשטן אויפדערנאַכט אָנגעוויזן אויף א באַרג מיט אַלטע לאַכעס, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין פעדערהויז און אים געהייסן פון דעם זיך אויסבעטן א געלעגערל לעבן דער פּליטע, אויפן צונויפגעשאַרטן בערגעלע אַש, מיסט און שטיקלעך אָפּפאַל, צונויפגעקערט פון שוסטער־וואַרשטאַט, פון דער גאַנצער שטוב און אים נישט געגעבן דאָס מינדסטע שטיקל איבערציג, די לאַכעס איבערצודעקן.

ערגער אָבער פאַר דעם געלעגער זענען פאַר דעם יינגל געווען די נעכט, הייסע, פאַרנע נעכט פול מיט צוגעדושעט שושקען זיך פון יינגן און מיידן, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אין די אויסגעשפּאַנטע וועגענער, מיט דעם געבילעריי פון הינט, הינטער דער טיר פון אַן אָפּגעשלאָסענער צויג, מיט דעם געלויפעריי פון קעץ, וואָס האָבן זיך ווילד געיאָגט נאָך די מייז אין די פינצטערע קאָרידאָרן און איבער דעם אַלעם — דאָס ווייגענדיקע קול, וואָס האָט זיך יעדע נאַכט געהערט פון נאָענטן בית המדרש, אַ שטיל, ווייך־מתיקותדיק קול פון אַ היימלאָזן ייד, אַ פּרוש אוודאי, וואָס האָט אין די קאַפּיטלעך תהילים אַריינגעקלאָגט זיין בענקשאַפט, זיין אויסגעהונגערטקייט נאָך היים, נאָך ווייב און קינד.

ביז איצט, כאָטש שוין אַ פופצן־יאָריקער בחור, האָט אברם יאַנקל וויניק וואָס געוווסט פון מאַן־און־ווייב־לעבן. אינדערהיים, ווו ער איז

געשלאָפֿן מיט טאַטע־מאַמע אין איין שטוב, האָט ער קיינמאָל נישט באַמערקט עפּעס, וואָס זאָל אים אומרואיק מאַכן. דאָ אָבער, ביי דעם בערעלע יאָסקעס אויפֿן באַרג שמאַטעס, האָט ער שוין אין דער ערשטער נאַכט איבערגעלעבט עפּעס אַזוינס וואָס האָט אים אינגאַנצן אויפגעטרייסלט! מיטאיינמאָל זענען די אומרייפע, יינגלשע אַנונגען געוואָרן פאַר אים ווילדע קאָשמאַרן, וואָס האָבן צוגענומען פון אים דעם געזונטן, קינדישן שלאָף און אים געלאָזט ליגן אַ פארשפיצט־וואַכן, מיט לויערנדיקן געהער, מיט הונגעריק־גאַרנדיקע אויגן אַהין, צום בעטל, ווו דער מיינסטער מיט דער מיינסטראָווע זענען אַזוי אָפּגעדעקט פרעך געלעגן.

דער בערעלע יאָסקעס האָט שוין דענצמאָל נישט געהאַלטן פון באַזונדערע בעטן ווי דער שטייגער איז געווען אין יידישע שטובן. ער האָט אויך נישט געהאַלטן פון צניעות, און בושה איז גאָרנישט געווען אין זיין טבע. אדרבא, עס האָט גאָר אויסגעזען ווי ער וואָלט בכיוון געוואָלט דאָס פופצן־יאָריקע יינגל, וואָס איז געלעגן ביי דער פליטע אַ וואַכער, אַן אָנגעשפּיצטער אין יינגלשן גאַרן, זאָל גאָרנישט איינשלאָפן, נאָר אין דער אייגענער סלינע זאָל ער דאָרטן מיטלעבן מיט דעם, וואָס עס קומט פאָר צווישן אים און זיין גרויס, פעט ווייב, אין דעם אייזערנעם בעטל, ביים בלוי־נאַכטיקן פענצטערל.

נישט נאָר די נעכט, אויך די טעג, לאַנגע, הייסע, זומער־טעג, זענען געווען פאַר דעם אברם יאַנקלען איין לאַנג אָפּקומעניש. אָנגעהויבן האָט עס זיך מיטן באַגין. אָנשטאָט ער זאָל אַליין, ווי אַלעמאָל, לויפן צום גרעק, האָט איצט בערעלע יאָסקעס געשיקט אברם יאַנקלען מיט א קופּערנעם צענער נאָך דער פיאַנאָווער טשאַסטע פאַר דער מיינסטראָווע און אַ ראָזשינקע־ברויטל פאַר אים, דעם מיינסטער. נאָכדעם האָט ער געדאַרפט לויפן „אויף איין פוס" נאָך פרישן שמאַנד און מילך, אריינברענגען וואַסער, מאַכן פייער, ערשט אז די מיינסטראָווע האָט זיך שוין געהאט אונטערגעלענט איר פאַר־שמאַכט הערצל מיט דער פיאַנאָווער טשאסטע און דער מיינסטער האָט זיך באַלעקט נאָכן ראָזשינקע־ברויטל ווי אַ קאָטער נאָך א געגנבעט הינערן לעבערל, האָט ער געקאָנט אָנטאָן די תפילין, אָפּכאַפּן ס'דאַווענען, אריינ־שלינגען אויף גיך דאָס פאַרדאַרטע שטיקל ברויט מיטן סוכאָטנעם גלעזל טיי מיט איין שטיקל צוקער און זיך זעצן צום וואַרשטאַט.

מילא, צו אַזאַ פּאַשע איז שוין אברם יאַנקל געוווינט געווען. אויך די פליוקעס האָבן אים נישט געכאַליעט. אפילו אינדערהיים, בייט טאַטן, האָט ער, חלילה, קיין מאַרציפּאַנעס אין הינער־יאַכלעך נישט געגעסן. און קריגן אַ פּאַטש איז אים אויך נישט געווען קיין נאָווינע, אָבער אַזוי רוצחיש שלאָגן, ווי דער בערעלע יאָסקעס שלאָגט, האָט אים נאָך קיינער נישט געשלאָגן. א שלעגער פון קליינוויז אויף, איז דאָס שלאָגן ביי בערעלען געוואָרן אַזוי

נאַטירלעך ווי עסן, ווי אָטעמען. כאָטש א קליינער, א דראָבנער, האָבן יונגען, אויף קעפּ העכער און אין וואָג פיל שווערער פון אים, געציטערט פאַרן בליק פון זיינע קליינע, זשמורענדיקע, קאַלט־גרויע אייגעלעך.

אַליין א גוטער שוסטער, וואָס האָט געמאכט פאַצעטישע שיכלעך פאַר איידל־געכאַליעטע ווייבער, איז בערעלע צוגעווױנט געווען צו האַלטן אַן אויג אויף די אַנדערע געזעלן און לערניינגלעך. טאָמער האָט זיך אים געדאַכט אז וועלכער פון זיי האלט נישט ווי געהעריק ס׳העמערל, אָדער קלאַפּט די פלעקלעך אַ האָרעלע טיפער אין דעם איידל־ווייבערישן זוילכל, האָט ער גלייך דערלאַנגט אַ פלאַם אין פּנים. און געשלאָגן האָט ער נישט מיט דער דלאָניע, נאָר איבערגעקערט, מיט דער האַרט־קנאָכיקער זייט. און דאָס הענטל זיינס איז נישט געווען קיין מענטשלעכע האַנט מיט פלייש און הויט באַצויגן, נאָר א שטאָלענע הענטשקע. אז עמעץ האָט געכאַפּט פון דעם הענטשקעלע אַ פלאַם, זענען גלייך אויף דעם אָרט אָנגעלאָפן פּרענגעס ווי בלויע אָדערן, וואָס זענען געשטאַנען טעג נאָכאַנאַנד ווי שטומע עדות אויף א פאַרשענדעט פּנים.

אברם יאַנקל האָט אפילו געטראכט פון דעם מייסטער צו אַנטלויפן באלד ווי ער איז אַהין אָנגעקומען. ער וואָלט דאָס געווען געטאָן אפילו ווען ער האָט געוווסט אז ער וועט צוליב דעם פאַרלירן די עטלעכע העמדלעך מיטן שבתדיקן מלבושל, וואָס ער האָט זיך מיטגעברענגט פון דער היים. האָט ער אָבער דאָס נישט געקאָנט טאָן. ווי נאָר ער איז אָנגעקומען האָט בערעלע יאָסקעס צוגענומען ביי אים די מעטריקע, דעם איינציקן דאָקומענט, וואָס ער האָט אַרויסגעקראָגן אין דער מאָדזשיצער קאַנצעלאַריע אויף צו קאָנען פאָרן אינדערפרעמד. בערעלע האָט טאַקע באדארפט דאָס פּאַפּירל צו געבן דעם הויז־פּאַרוואַלטער, איינצומעלדן אים אין די הויז־ביכער, ווי די פּאָליציי האָט געפּאָדערט. ער האָט אָבער דאָס פּאַפּירל דעם יינגל שוין נישט צוריקגעגעבן, נאָר עס געהאַלטן ווי אַ משכון, אברם יאַנקל זאָל ביי אים אויסזיין דעם קנאַפּן זומער מיטן גאַנצן ווינטער, ווי ער האָט מיט אים אָפּגערעדט און אָן אַ מעטריקע, ווי האָט ער, אברם יאַנקל, זיך געקאָנט אונטערשטעלן אוועקצוגיין? בּפרט אין אַזוינע צייטן, ווען מ׳קאָן נישט א נאַכט איבערנעכטיקן אָן מעלדן דער פּאָליציי.

אוודאי האָט ער געוווסט אז ער וואָלט געקאָנט אַנטלויפן אָן דעם פּאַפּירל און דער טאטע זאָל עס אויפמאָנען ביי בערעלען דורך דער מאָדזשי־צער קאַנצעליאַר. האָט אָבער אברם יאַנקל מורא געהאַט צוריק אַהיימצוקו־מען, נישט אַזוי פאַרן טאַטנס שלאָגן, ווי פאַר דער בושה, וואָס ער האָט ווידער נישט געקאָנט אויסזיין ביי א מייסטער דעם אָפּגערעדטן טערמין. האָט ער אָפּגעפּאַסט ביי זיך מיט אַלע כוחות אויסצוהאַלטן און אויסזיין דאָ,

ביי בערעלען די צייט וואָס ער האָט זיך צו אים פאַרדונגען. און ווי תּמיד האָט ער אויך איצט קיינעם נישט דערציילט ווי אים גייט, נישט דעם עלטערן ברודער, לייבל משהן, דעם זעלנער, וואָס ער גייט יעדן שבת נאָכן עסן אים זען הינטער דער שטאָט, אַרום די רויט־ציגלנע קאַזאַרמעס און אויך נישט דעם קוזין אברהם, צו וועמען ער קומט יעדן שבת פאַרנאַכט גוט־שבת ביטן.

איז אברם יאַנקל געווען אין דער גרויסער שטאָט אַליין און הילפלאָז. פאַרקלאָגן דעם מייַנסטער ווי ער האָט דענצמאָל אין מאָדזשיץ פאַרקלאָגט די פליוקעס האָט ער דאָ נישט געהאָט פאַר וועמען. די סטרייקערס, וואָס פלעגן זיך אָננעמען פאַר א לערניינגל זענען מער נישט געווען. אַ סך פון זיי זענען געזעסן אין די תּפיסות, אַנדערע זענען זיך צעלאָפן, זיך אויסבאַ־האַלטן, האָבן איצט, אָנשטאָט זיי, געבאַלעבאַטעוועט די זשאַנדאַרן, וואָס ראָדעם איז געווען פול מיט זיי. יעדן טאָג זענען פאַרגעקומען אַרעסטן און כאָטש אין מיטן שיינעם העלן טאָג האָט מען אוועקגעלייגט אַ זשאַנדאַרמסקע אָפּיציען אויף דער סאַמער לובלינער גאַס און שפּיאָנען האָבן געציטערט צו ווייזן די נאָז אויף דער ליכטיקער שיין, האָט מען אָבער נישט געהערט מער פון קיין שטאָבן און קאָמיטעטן וואָס זאָלן גיין, ווי אַמאָל, צו מייַנסטערס זיך אָננעמען די קריוודע פון א לערניינגל, די עוולה פון אַ דינסט־מיידל.

אָט אין דער אַליינקייט, אין דער הילפלאָזיקייט, האָט דאָס אברם יאַנקל אָנגעטראָפן דעם יינגערן ברודער זיינעם אין דער גרויסער שטאָט. געטראָפן האָבן זיך די צוויי ברידערלעך פלוצים און אין סאַמע מיטן וואָעל, אין דעם טומלדיקן זונטיק אינדערפרי. אברם יאַנקל איז, ווי יעדער פרימאָרגן, געלאָפן פון שול־געסל, דורכן וואָעל, ארויס אויף דער לובלינער גאַס צום גרעק נאָך דער פּיאַנאָווער טשאַסטע און דעם ראָזשינקע־ברייטל פאַר זיינע הערשאַפטן און נתן חיים איז געגאַנגען מיט אַ ווייס־עמאַלירט קריגעלע נאָך סמעטענע פאַר זיינע באַלעבאַטים.

דערזען דעם ברודער האָט אייגנטלעך אברם יאַנקל. דאָס האָט ער, צוליב דעם שטענדיקן קריגן געשלאָגן פון די מייַנסטערס פאַר זוימען זיך צו־לאַנג, אַנטוויקלט אין זיך די פויגלשע אייגנשאַפט פון קאָנען, אין רעכטן מיטן פליען און לויפן, דערזען און דערבליקן אלץ, וואָס עס טוט זיך אַרום אים און דערביי נישט אָפּשטעלן זיך גאַפיען, ווי דאָס טוען קינדער, וואָס האָבן נישט איבער זיך קיין צוים און קיין האַר, בפרט נאָך אזא ווי דאָס איז בערעלע יאָסקעס. און נתן חיימען האָט ער טאַקע געטראָפן שטיין א פאַר־גאַפּיעטן. אין מיטן וואָעל איז זיך דאָס יינגערע ברודערל געשטאַנען מיט דער נאָז אויף דער שויב פון אַ ווייַן און ליקער שויפענצטער.

— נתן חיים! — האָט ער אין גרויס איבעראַשונג אַ געשריי געטאָן און אויף אַ רגע פאַרהאַלטן די לויפנדיקע פיס. — וואָס טיסטי הי?

דאָס ברודערל האָט פון דעם אומגעריכטן רוף זיך געטאָן אַ צאַפּל און אַ דריי אויס.

— אוי, אברם יאַנקל! יעד זיעך דעך דיעך אַרים פין נעכטן באַנאַכט אָן!

אברם יאַנקל האָט פאַרגעסן אָן קופּערנעם צענער, אָן באַלעבאָס, אָן דער פּיאַנאָווער־טשאַסטע. ער האָט מיטן בליק אַרומגעטאַפּט דאָס ברודערל, ווי ער וואָלט זיך נישט געגלייבט, אַז דאָס איז טאַקע ער, נתן חיים:

— ווען ביזטו אַהעיע געקימע׳?

— יעד בין געקימע נעכטן נאָך הבדלה, אין יעד האָ׳ שוין אָן אָרט אָאָך אָט דאָרטן, — האָט נתן חיים שטאָלץ און באַרימעריש געוויזן דעם ברודער צום גרויסן טויער, אין מיטן וואָעל.

— אין לייבל משהן האָסטי שוין געזעיען?

— ניין, — האָט נתן חיים אים געענטפערט מיט שולדיקייט אין קול.
— יעד ווייס דעך ניש׳ ווי זאַאָן פולק שטייט.

אברם יאַנקל האָט שטאַרק חשק געהאַט זיך אוועקצולאָזן מיטן ברודערל איבערן וואַרשעווער וועג, צו די מיליטערישע קאַזאַרמעס, ווו לייבל משהס פּאָלק געפינט זיך. איצט, זונטיק אינדערפרי, איז דאָרטן לעבעדיק! די זעלנער, פריי פון דעם לערנען זיך לויפן מיט די אויסגעשטרעקטע ביקסן איבער די זאַמדיקע פעלדער, פון דעם וואַרפן זיך אין גריבער, אויפשטיין, ווידער לויפן און ווידער פאַלן, ווי מ׳טוט דאָס אין די מלחמות, ווען מ׳לויפט אַנטקעגן דעם שונא און מ׳וואַרפט זיך אַלע ווייל צו דער ערד צו פאַרהיטן זיך פון שונאס פליענדיקע קוילן. פאַרקערט, איצט, זונטיק אינדערפרי, קומען דאָרט פאַר אַלערליי שפּילן און פאַרמעסטן. זעלנער שפּרינגען איינער איבערן אַנדערן, האָצקען מיט געפּענטעטע פיס, קאַטשען זיך אין פעסלעך און אַלץ אַזוי גיך, גיך, איבערצויאָגן איינער דעם אַנדערן און אָנקומען וואָס פריער צום ציל. דערנאָך, אַז עמעץ האָט געוווּנען און ער קריגט דעם איינגעשטעלטן פּריז: אַ פּעקל טאַבאַק, אַ מעסערל, אַ בריטווע צום גאָלן זיך, אַ קאָמישע ליאַלקע, ווערט אַ געשריי פון טויזנטער זעלנער: הוראַ! הוראַ! און זעלנערישע היטלען הייבן אָן פליען אין דער לופט און דאָס געלעכטער און די פרייד שטייגט אין די הימלען אַריין. האָט ער, אברם יאַנקל, זיך אָבער דערמאָנט אָן קופּערנעם צענער, וואָס אין זיין פאַרמאַכטער דלאָניע און אַלע יינגלשע וויזיעס און אַלע זעלנערישע שפּילערייען זענען פון אים אויסגערונען ווי רויך. ער האָט אַ צי געטאָן דעם ברודער נאָך זיך:

— קים, נתן חיים, ווילסט זען אַ גרעק מיט אַ רויטער פּעסקע?

— אַ ווּע? — האָט דאָס ברודערל אויסגעשטעלט אַ פּאָר פארחידושטע אויגן, — אַ גרעק ווּס די וואַאבע׳ פּאַ׳לייגן זעך אָף די קעפּ?

— ניש׳ אזא גרעק מיין יעך! יעך מיין א גרעק ווּס קימט פין גרעקן־לאַנד. זיי גייען אין רויטע פעסקעס מיט שוואַרצע טראָלדן אָף די קעפּ, אין באַקן אלערליי טשאַסטעס, אין ראָזשינקע־ברייטלעך. קים מיט, יעך גיי איצט קויפן פּאַ׳ מאַאַן מאאנסטראָווע א פּיאַנאָווע טשאַסטע.

— אין די עסט אָאָך פּיאַנאָווע טשאסטעס? — האָט נתן חיים זיך געוווּנדערט.

— יעך עס קרענק מיט קדחת! — האָט דער עלטערער ברודער אים א צי געטאָן און ביידע האָבן זיך צעלאָזט אין א גאַלאָפּ ארויס אויף דער לובלינער גאַס.

# קאַפּיטל אַכט

זינט נתן חיימל איז אים אַזוי ראַפּטום פאַרלוירן געוואָרן פון געוועלב אַרויס, האָט זיך דער קוזין אברהם אַלץ געקליבן צו גיין געוויזיער ווערן ווי דער קליינער איז אַהינגעקומען, וואָס מיט אים איז געשען. ער האָט געטראַכט זיך אַריינצוכאַפּן צו אברם יאַנקלען אין שול־געסל. דער יונג מוז זיכער וויסן ווי דאָס בראַטאָקל זיינס געפינט זיך. ביז אָבער ער האָט זיך אויסגעקליבן צו גיין איז דערווייל אַריבערגעלאָפן די וואָך און שבת קומט דאָך אברם יאנקל צו אים גוט־שבת ביטן.

אברם יאַנקלס עונג־שבתן אין דער פרעמדער שטאָט זענען יעדער וואָך געווען די אייגענע. ווי נאָר ער איז אַוועק פון בערעלע יאָסקעס שבת־טיש, האָט ער זיך גלייך פאַרנומען אַרויס אויפן וואַרשעווער וועג צו די קאַזאַרמעס, זיך זען מיט לייבל משהן, דעם עלטסטן ברודער זיינעם. ערשט אויפן וועג צוריק, פאַר מנחה שוין, האָט ער זיך פאַרקערעוועט אויפן ראַאַ־טשעל, צום קוזין אברהם. פאַרפעלט די מאַרשרוטן האָט ער נאָר אין א שבת ווען בערעלע יאָסקעס האָט אים דורך דער וואָך געהאַט מכבד געווען מיט א מתנת יד און די ברוין און בלויע פרעגנגעס זענען אים שבת נאָך אַלץ געשטאַנען אויפן פּנים. מיט דעם נישט גיין אין אַזוינע שבתים האָט אברם יאַנקל זיך געהאַט זיין חשבון: צו וואָס זאָל ער דעם עלטסטן ברודער, לייבל משהן, אָנטאָן עגמת נפש? לאָזן אים זען אַז דער מיינסטער שלאָגט אים. העלפן קאָן ער דאָך אים סיווי נישט. דעם קוזין ווידער? דאָרט אַהין האָט ער גאָר זיך געשעמט צו ווייזן זיך א געשלאָגענער. בפרט אַז העלפן אים קאָן דער קוזין אויך וויניק וואָס. וואָסי? בערעלע יאָסקעס וועט זיך פאַר אים שעמען? אָדער ער וועט זיך שרעקן פאַר וועמענס מוסר?

דעם אמת געזאָגט, אפילו דאָס איינע מאָל שבת, איז ער אויך מיט קיין גרויס חשק צו דעם קוזין אברהם נישט געגאַנגען. ווען ער וואָלט אין ראָדעם געהאַט ערגעץ אנדערש ווו אריינצוקומען, וואָלט ער דער קוזינע שיינדעלעס שוועל נישט איבערגעטרעטן. אַוודאי ווייסט ער אַז דער קוזינקעס נישט זען גערן זיין אַריינקומען איז נישט צוליבן קיכל, אָדער דעם עפּעלע. מיט וואָס זי איז אים מכבד, ווי צוליב די קינדער אירע. ווי זי איז נישט מער ווי נחום פישערס טאָכטער, בלאָזט זי פון זיך ווי זי וואָלט געווען דעם

רבין ר׳ צאַצס אַן אייניקל! איר שטייט גאָרנישט אָן אַז איר משהלע און איר עלקעלע, די ניין־יאָריקע פּאַניענקע, וואָס גייט אין די שקאַלעס און טראָגט אַ קריינדל אויף איר שקאַלע־היטעלע, זאָלן אים זען און פּרווון נאָכמאַכן זיין קרייען ווי אַ האָן, האַווקען ווי א הונט, קוואַקען ווי א זשאַבע און מער נאָך ערגערט זי זיך, וואָס די קינדער מאכן אים נאָך זיינע קאָזשלקעס, זיין שטעלן זיך אויפן קאָפּ, גיין אויף די הענט. מילא, משהלע איז אַ יינגל. אָבער עלקעלע? א מיידל זאָל זיך שטעלן אויפן קאָפּ? איז ווי שיינדעלע רעדט אים נישט אויס, האָט ער, אברם יאַנקל, הנאָה פון איר ערגערן זיך, בפרט ווען ער זעט אַז דאָס איז אַן אָנשטעל. אויף די קינדער שרייט זי, בייזערט זיך אויף זיי און אַליין קאָן זי זיך נישט איינהאַלטן פון לאַכן ווי נאָר ער נעמט צוליב טאָן די קינדער און הייבט אָן פּראַווען זיינע שטוקעס.

היינט, דעם ערשטן שבת וואָס נתן חיים איז אין ראָדעם, האָט ער געוואָלט דער יונגערער ברודער זאָל אויך מיטגיין צום קוזין אברהם. האָט זיך אָבער דאָס ברודערל איינגעשפּאַרט: ניין און ניין! איז ער קודם אַוועק מיט אים צו די קאַזארמעס, זיך זען מיט לייבל משהן, דעם עלטסטן ברודער זיינעם.

כאָטש דאָס גיין קומט אים אָן שווערלעך צוליב די אייביק צו־גרויסע שטיוול, אין וואָס דער טאַטע איז אים שטענדיק מלבוש־ערומים, איז דאָך נתן חימל איצט געגאַנגען מיטן ברודער אַ גאָר אויפגעהייטערטער. נאָר דערזעענדיק די ראָדעמער קאַזאַרמעס איז עפּעס די גאַנצע אויפגעהייטערטקייט זיינע מיטאיינמאָל אויסגערונען. ווי קומט דאָס צום מאָדזשיצער פּעסטונג? פון דרויסן זעט מען טאַקע אין מאָדזשיץ גאָרנישט, בלויז אַ הויכער, גראָז־באַוואַקסענער באַרג, וואָס ליגט אויף וויאַרסטן ווי אַ ריזיקער בייגל. אָבער אז דער זעלנער מיט דער ביקס לאָזט דיך אריין דורך איינעם פון די פיל טויערן אין דעם באַרג אריין, מאַמעלע! וואָס דאָרטן טוט זיך! אַ גאנצע שטאָט מיט פיר־שטאָקיקע קאַמעניצעס, מיט פריצישע הייזער פאַר אָפיצערן, שטאַלן פאַר פערד, פאַר קאָטשן, לאַגערן פאַר אָנטועכץ, פאַר געווער, פאר ריזיקע האַרמאטן, ערשט דאָס שפּיטאָל מיט גרינע לאָנקעס ארום, מיט אַלערליי בלומען און ווייס־גרויע פּאלאטקעס פאר די קראנקע זעלנער, זיי זאָלן האָבן פרישע לופט. טויזנטער פון זיי שטייען אין גלייכע רייען אויפן גרינעם גראָז. און דאָ? עטלעכע ציגלנע קאַזאַרמעס אַרום אַ זאמדיקן הויף, פול מיט גריבער און לעכער, ווו זעלנער שטייען טשיפּקע און רייבן מיט שטרוי־וויעכיטשעס זייערע צינענע קעסעלעך און הילצערנע לעפל פון עסן.

ווי די קאַזאַרמעס אזוי איז אויך דער זעלנער, דער עלטסטער ברודער זיינער, נתן חיימען גאָרנישט געפעלן געווען. ער האָט זיך געריכט צו זען גאָר אַן אנדערן ברודער, א מער אויסגעמענטשלטן, נישט אזא איינגע־

קנייטשטן ווי אין מאָדזשיץ. ביי לייטן ברידער אז זיי זענען אָפּ אַ יאָר ביי פּאָניע, קריגן זיי אַ פּאָר ברייטע פּלייצעס, אין די מעשענע קנעפּ פון זייער מונדיר, אין שנאָל פון פּאַסעק, אין די געפּאַסטע כאָליעווקעס פון זייערע געפּוצטע שטיוועלעד, אין אַלץ קאָן מען זיך שפּיגלען ווי אין א שפּיגל. דאָ גאָר איז פון קאזארמע־הויף ארויסגעקומען אַן אָפּגעכוימלט זעלנערל אין אַ גרין כאַקי־העמדל איבער די הויזן, אין אַ פּאָר זעלנערישע שטיוול מיט ברייטע נעז. נישט ער האָט א רויט לאַמפּאסל אין די הויזן־נעט, נישט ס'איז דאָ ביי אים אַ סימן פון אַ גלאַנץ אין די מעשענע קעפּ, אין שנאָל פון רימען און טאָמער איז דאָס ווייניק, איז נאָך זיין דין, בלאָנד זאַראָסטל זיך צעוואקסן אין אַ באָרד, וואָס נעמט אַרום זיין בלאַס, אויסגעבלייכט פּנים ווי אַ פּאַראָסטעטע רייף.

ווי נתן חיים אים, אַזוי האָט לייבל משה אָפּגעמאָסטן דאָס ברודערל. דורך די אַנדערהאַלבן יאָר, וואָס ער איז ביי די זעלנער איז דער קליינער, אָן עין הרע, היפּש אויסגעוואַקסן. כאָטש יונגער אויף גאַנצע דריי יאָר פון אברם יאַנקלען, איז ער שוין אין איין הייך מיט אים און דאָס פּנים ביי אים איז פולער און די פּלייצע ברייטער ווי ביים עלטערן ברודער. ער האָט געהאַלטן דעם ברודערלס האַנט אין זיינער ביים נעמען פון אים שלום און כלומרשט באַדויערלעך געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— אַזוי? ביזט גור אַנטלאָפן פין דער היים?

— יעד בין ניש' אַנטלאָפן, — האָט נתן היימל געהויבן די אַקסלען און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.

— ווּוס דען? דע' טאַטע האָט דיעך אָדפּראַוויעט אַהעיע' אָף א קאָטש מיט א סטאַנגרעד?

— יעד דאַרף ניש' קאַ קאָטשן מיט קאַ סטאַנגרעדס.

— ני, מילא, זאָל זאַאַן אַזוי, אָבע' געקימע' ביזטי? דאַ'ציילזשע מיע' ווּוס עס הע'ט זעך? ווּוס מאַכט דע' טאַטע? די מאַמע? די קינדע'? אין ווי דאַ'גייט עס דיע' דו? יעד העיע' דעך אַז די 'אָסט שוין אַן אָרט?

— אָף מיע' געזוגט! — איז אברם יאַנקל זיי ארייִנגעפאלן אין די רייד.

— עיע' שלופט אָף אַ שעניק, אין זאַאַן מאאנסטעראָווע בעט אַאַן דעם שעניק אין מאאנסטערס בעט.

— טאַקע? גאַנץ גיט, — איז לייבל משה געווען צופרידן פון די בייעס.

— אין שכירות גיט מ'דיע' עפּעס? — האָט דער עלטסטער ברודער געוואָלט וויסן תכלית.

— יעד דאַנק גאָט מ'גיט מיע' עסן אין שלופן.

— חכם מאַאַנע, — האָט דער זעלנער אונטערגעהויבן דעם ברודערלס גאָמבע, — ווּעיע' דינגט זעך דוס אָן פאַרן בלויזן ביסל עסן? טי נאָ' אַ קוק אָף דאאן הולך! דאַרפסט דאָך שוין אַ פּאָר שטיוול, א כאַלאַטל.

— עיע׳ איז אזוי גרויס באַ זעך, אז ע׳וויל נישט אפילו אראאנשמעקן צו אברהמען, — האָט דאָס עלטערע ברודערל פאַר׳מוסר׳ט נתן חיימען.

— טאָקע? — האָט לייבל משה זיך געוווּנדערט. — קימסט גו׳ניש׳ אַראַאַן צי אברהמען?

— יעך האָב פאַאַנט אַזאַ משפּחה, — האָט דאָס ברודערל זיך געטאָן אַ שאָקל אָפּ, ווי ער וואָלט פון זיך אַראָפּגעוואָרפן עפּעס וואָס איז אומווירדיק, עקלדיק.

— ווּסזשע מ׳אָט דיעך דאָרט אָבראַזשעט?

— יעך האָ׳ פאַאַנט אַ׳ מ׳לאַכט פין מיע׳.

— וועיע׳ ׳אָט דוס געלאַכט פין דיע׳?

— די ווייסט וועיע׳, — האָט נתן חיים אָפּגעקערט דאָס פּנים, אַ צעקרימטס, אַ פאַרוויטיקטס, ווי ער וואָלט איצט נאָכאַמאָל איבערגעלעבט די פאַרשעמונג, וואָס שיינדעלע האָט אים אָנגעטאָן מיט אירע אָפּלאַכערישע ריידלעך.

— ווּס אַ שטייגע׳ ׳אָט מ׳ דיע׳ אַזוינס דאָרט געזוגט? — האָט דער עלטסטער ברודער אים אָנגענומען ביים אַקסל און קריק אויסגעדרייט זיין פּנים צו זיך.

— שיינדעלע ׳אָט געזוגט אַ׳דע׳ טאַטע ׳אָט זעך פאַ׳לייגט אָף רודעם, גלאַך רודעם איז איעס אין קיינע׳ טוע שוי׳ ניש׳ אַהעיע׳קימע׳.

לייבל משה האָט שווייגנדיק זיך געביסן די ליפּ צו פאַרבאָרגן אי דעם שמייכל, די ליבשאַפט צום ברודערל, אי דעם פאַרדרוס אויף שיינדעלען. געוואָלט האָט ער געבן דעם ברודערל אַ קניפּ אין בעקל, ווי מ׳טוט דאָס צו געראָטענע קינדער. אים האָט שטאַרק הנאה געטאָן וואָס דער קליינער האָט אזוי גיך דערטאַפּט ווער שיינדעלע איז. ער האָט אָבער נישט געוואָלט דאָס ברודערל זאָל וויסן אַז ער גיט אים גערעכט, האָט ער גיך גענומען צערייבן דעם ברודערס תרעומות:

— גיי שוין גיי, זי ׳אָט גוניש׳ געמיינט. ס׳אַנדערע, אינדע׳ פרעמד טו׳מ׳ ניש׳ זאַאַן פאַריסן.

אַ וואָגן מיט ציגל איז אָנגעפאָרן שיער נישט אויף זיי אַרויף. לייבל משה האָט זיך געכאַפּט אַז ער שטייט מיט די ברידערלעך אין מיטן שאָסיי:

— ווּס שטייט מע׳ אינדראַסן? — ער האָט אַ צי געטאָן די יינגלעך ביי די אַרבל: — קימץ אַראַאַן צ׳מיע׳ אָף דע׳ סטאַנציע.

ווי אומעטום האָט נתן חיים אויך אין דער שטוב זיך גענומען אַרומקוקן ווו ער געפינט זיך דאָ. ער האָט גלייך געזען אַז דאָס הייזל איז טיף איינגעזונקען אין דער ערד. אפילו לייבל משה, אַ פּיעכאָטנער סאָלדאַט אין דער פערטער ראָטע, וואָס האָט די נידעריקסטע זעלנער פון גאַנצן פּאָלק, האָט זיך געמוזט איינבייגן ביים דורכגיין די טיר. דאָס איינציקע פענצטער אין

דער שטוב איז אַזוי נידריק ביי דער ערד, אַז מער ווי פיס זעט מען דאָ נישט דורכגיין. כאָטש אין דרויסן איז האַלבער טאָג, די זון ברענט און בלענדט, איז אין שטוב דאָ טונקל און קיל ווי אין אַ קעלער. ביים טיש, לעבן פענצטער, איבער אַן אָפן טייטש־חומש, אַ פאַרגעלטס, מיט אָפּגעריסענע שפּיצן, זיצט אַ יידענע און לייענט די סדרה. אין איינעם פון די צוויי בעטן, צענויפגעשטעלט ווי אַ דלד, ליגט אַ ייד אויף א בארג קישנס, צוגעדעקט מיט אַ פּערינע, ווי ס׳וואָלט געווען אַ פראָסט אינדרויסן. דאָס סאַמעטענע קאַפּל, פול מיט פעדערן, איז אים פאַררוקט אַהינטער, די באָרד, אַ שוואַרצע איז אים צעקנאָדערט, נאָר ער אַליין איז פול מיט תענוג איבער דעם עונג־שבת זיינעם. עפּעס אַ קלייניקייט ? פון נאָכן טשאָלנט ביז פאַר מנחה־מעריב, ליגט ער זיך אונטערן איבערבעט ווי אַ קיסר, רוט זיך אויס דעם מידן, אָנגעהאָרעוועטן גוף נאָך אַ וואָך אַרומהאַווען, נאַכט נאָך נאַכט, ביז שפּעט אין טאָג אַריין, איבער דייזשעס טייג, אַרום דעם אָנגעהייצטן אויוון און באַקן ברויט און חלות אין אַ בעקעריי, ווייט אין שטאָט דאָרטן.

— גיט שבת ! — האָבן די ברידער ווי אין איין קול אַ זאָג געטאָן.

— גיט שבת, גיט יוע׳ ! — האָט דער ייד אין בעט און דאָס ווייב זיינס פון טיש אַוועק זיי געענטפערט. — קימטס וואַאָטע׳ — איז די יידענע אין אַ צעקנייטשטער שלאָף־קאָפּקע און אַ ווייס אונטערקליידל זיי אַנטקעגן געגאַנגען.

— דוס אי׳ מאַאַן יינגסטע׳ ברידע׳, — האָט דער זעלנער אָנגעוויזן אויף נתן חיימען, — ערשט די וואָך געקימע׳.

— ליבע׳ ענקע׳ גאַסט, — האָט דאָס ווייבל, אַ בלאַסע, אַן אויסגע־צערטע, אַזוי מאַמעדיק געגומען אַרומטאַפּן מיטן בליק נתן חיימען. — קאַ׳נאָרע אַ שיין יינגל, ווי אַלט איז עיע׳ ? — און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט זי אַ ווייז געטאָן צום טיש : — זעצט ענק.

די סטאַנציע האָט זיך לייבל משה איינגעשאַפּט ווי נאָר ער איז אָנגע־קומען אַהער דינען. אַ פרומער, האָט ער, ווי דער טאַטע זיינער, דאָס טריפה עסן אין קאַזאַרמע נישט טועם געווען. דאָ, ביי די פרומע, אָפּגעהיטע מענטשן, האָט ער זיך איינגענאַדיעט און דאָס ווייבל האָט אים אָווירט ווי אַן אייגענעם ברודער. דאָ האָט ער געהאַלטן די תפילין מיטן סידורל. יעדן טאָג, נאָך דעם אָנלויפן זיך מיט דער ביקס איבער די פעלדער, פאַלן אין די גריבער און ווידער לויפן, איז ער אַריינגעקומען אַהער, נאָך אויפן ניכטערן האַרץ, געלייגט תפילין, אָפּגעדאַוונט, זיך געוואשן און געגעסן אָנבייסן, א ביסל גריץ מיט אַ שטיקל פלייש, וואָס דאָס ווייבל האָט פאַר אים צוגעגרייט, אָפּגעבענטשט און צוריק אַוועק אין קאַזאַרמע דינען דעם קיסר. איז ער דאָס אַריינגעקומען אַהער מיט די ברידערלעך, זיי מכבד צו זיין מיט שבתדיקן

כיבוד, וואָס ער האָט שטענדיק זיך אָנגעגרייט און דאָס געהאַלטן אין קילן קעלערל.

לייבל משה האָט אַרויפגעברענגט א פלעשל קאַלטן קוואָס, א פּאַפּירן טאָרבעלע מיט באַרנעס. דאָס ווייבל האָט געלייגט צום טיש אַ מעסער, אַוועקגעשטעלט עטלעכע גלעזער. די ברידערלעך האָבן זיך געזעצט צום טיש. ער האָט אויפגעקאָרקעוועט דאָס פלעשל. דער קוואָס, אַ גליאיק־רויטער, האָט זיך געבלעזלט, געקאָכט, געשוימט. ער האָט דערלאַנגט דאָס ערשטע גלאָז דעם גאַסט, נתן חיימען, דערביי האָט ער אים גע׳עצה׳ט:

— פינדעסטוועגן דאַרפסטי ניש׳ מאַכן קאַ רוגז. איינמאָל אַ וואָך, שבת, דאַרפסטי יאָ אַהינגיין.

— יעך גיי אָאָך ניש׳ מעיע׳ אַהין, — האָט זיך אברם יאַנקל אריינגעמישט.

—אין יעך ׳על אפילו קאַן איין מאָל אַהין אָאָך ניש׳ גיין, — האָט נתן חיים א ברום געטאָן דעצידירט, אַנטשלאָסן. ער האָט גענומען דאָס גלאָז, געמאַכט שהכל און געטרונקען דעם ברודערס כיבוד.

אויפן וועג צוריק איז ער אַוועק אויפן וואָעל און אברם יאַנקל האָט זיך פאַרקערעוועט לינקס, אויפן ראַאַטשעל, צום קוזין אברהם:

— גיט שבת, — האָט ער געזאָגט שטיל, נישט דרייסט, ווי תמיד ווען ער קומט אַריין צו דער קוזינקע שיינדעלע.

— גיט שבת גיט יאָר, — האָט אים דער קוזין אברהם הויך און עפּעס גאָר אויפגעלייגט געענטפערט פון טיש.

דער קוזין אברהם איז נאָרוואָס געהאַט אויפגעשטאַנען פון עונג־שבת־שלאָף. ער איז איצט געזעסן ביים טיש אין אַטלאַסענעם וועסט, אין סאַמעטענעם קאַפּל, די וויים־בלאַנקענדיקע העמד־אַרבל, האָבן געפעכלט, ווי נאָרוואָס געפּרעסטע. ס׳פענצטער, אַ הויכס, אַ ברייטס, אָנגעשטעלט פול מיט בלומען־טעפּ, איז געווען צעעפנט, די טיולענע גאַרדינען — צענומען. די זון, נידריק שוין, האָט פון צווישן די ביימער, אין אַנדערן עק הויף, געשאָסן אירע שטראַלן אויפן קוזינס שוואַרץ־גלאַנציקן וועסט, אויף דער גאָלדענער חתן־קייט, וואָס איז אים געהאַנגען פון איין קעשנקעלע ביזן צווייטן. אַן אויסגערוטער, אַן אויסגעגעניצטער, האָט ער זיך הנאָהדיק געוויגט איבערן אָפענעם סידור. די באָרד זיינע, וואָס אַ גאנצע וואָך איז זי פאַרמעליגט, פארשטויבט, פול מיט קערנדלעך הירזש מיט קערנדלעך גרויפּן האָט איצט געבלאַנקט אין איר שוואַרצקייט אַן אויסגעקעמטע, אַן אויסגעציכטיקטע. מיט די גרויסע שוואַרצע אויגן, הנאָהדיק צעפינקלט איבערן ספר, האָט ער זיך געשאָקלט און זיך אונטערגעזונגען דעם פּרק, זיך געקוויקט מיט יעדן וואָרט, לאַנג עס געצויגן, ווי ער וואָלט זיך פון די

קלוג־חכמהדיקע, וואָרעם־ארומגעקושטע ווערטער נישט געוואָלט שיידן, זיי אַרויסלאָזן פון צווישן זיינע לעפצן:

אוי, עקביה בן מהללאל אומר, עקביה בן מהללאל זוגט,

*) הסתכל בשלושה דברים ואין אתה בא לידי עבירה.

איז אָט, איצט, אין מיטן פּרק זאָגן, אַריינגעקומען אברם יאַנקל, אַן אויסגעדאַרנט אָרעם ייִנגל, אין אַן אַלט, פֿאַרפּעצט היטל, אין אַ גרינלעך־אָפּגעבליאַקעוועט סאַקל, איבערגעמאַכט פון אַן אַלט בגד. כאָטש שוין איבער פופצן יאָר, איז דאָס ייִנגל קלענער געווען פון קוזינס צוועלף־יאָריק משהלע.

געוויינלעך איז דער קוזין נישט מפסיק אין מיטן זאָגן אַ יידיש וואָרט. איצט אָבער, נאָכדעם וואָס דאָ איז געשען לעצטן שבתצונאַכטס מיט דעם נתן חיימען, האָט ער געוואָלט פאַרלויפן שיינדעלען דעם וועג, טאָמער כאַפּט זי זיך ווידער אַרויס מיט אַ קרום וואָרט, ווי זי טוט דאָס גערן, נישט נאָר צו זיינס אַ קרוב, נאָר אויך גאַנץ אָפט צו אירע אייגענע קרובים.

— גיט שבת, גיט שבת, — איז ער גיך אַנטקעגן געגאַנגען דעם ייִנגל און אים צוגעפירט צום טיש, — זעץ דיך. כ׳האָ׳ שוין געמיינט די ווערסט אָאָך מיט מיר ברוגז ווערן.

די הויכע, ווייס־געפּאַרבטע אַלקער־טיר האָט זיך געעפנט און שיינדעלע איז אַריינגעקומען. אויך זי איז נאָר וואָס געהאַט אויפגעשטאַנען פון עונג־שבת שלאָף. אין אונטערקליידל, אַ ווייס׳ אַ שטייף־אויסגעפּרעסטס, מיט טי״ולענע שפּיצעלעך אַרומגעזוימט, אין אַ ווייס שלאָפקאָפּקעלע אויפן קאָפּ, אַ נישט געשוירענער, נאָר מיט די אייגענע האָר, רויטלעך־בלאָנדע, וואָס זענען איר געפאַלן פון אונטער דער קאָפּקע אַפּער לאָקנווייז, איז זי צוגעקומען מיטן הויך־פאַרשפּיצטן בויך פאַראויס:

— גיט שבת, ווּס איז ער אַזוי האָנאַראָווע, דער ברידער דאַאַנער?

— ני, ני, — האָט דער קוזין זיך אַריינגעמישט, גיך איבערגעהאַקט איר אַרויספאָר, און אַליין זיך גענומען נאָכפרעגן אויפן ייִנגל:

— ווי איז ער טאַקע?

— ווּעיע׳? נתן חיים? — האָט דאָס ייִנגל זיך געמאַכט נישט ווּיסנדיק ווּעמען מען מיינט.

— ווּעמען דען מיין יעך? — האָט דער קוזין שוין געזאָגט מיט געבייזער.

— ער ׳אָט שוין אַן אָרט באַ אַ היטלמאַכער, — האָט אברם יאַנקל אים

---

*) קלוג זיך איבער דריי זאַכן און דו ווּעסט נישט קומען צו קיין עבירה.

געענטפערט הויך מיט צופרידנקייט און דערביי געטראַכט: און זיי האָבן געמיינט אַז דער ברודער וועט זיך זיי אָנוואַרפן.

— בא וועמען האָט ער זיך אָנגעדונגען?

— באַ מעכעלע היטלמאַכער, אָפּן וואָעל.

שיינדעלע איז ווידער צוגעקומען צום טיש. זי האָט אַוועקגעשטעלט אַ טעלערל מיט אַ קיכל, אַ באַרנע, כיבוד פאַרן גאַסט:

— ווּוס איז ער אַזוי אַנטלאָפן? ווּוס האָב יעך אים אַזונס געטיען? — האָט זי זיך אַלץ נישט געקאָנט שענקען, וואָס צוליב נתן חיימלס מאַכן אָמיק פון געוועלב אַרויס, האָט דער מאַן געהאט מיט איר אַן איבעררייד, וואָס זינט זייער חתונה, ביז הונדערט מיט צוואַנציק, האָט זי פון אים אַזוינס נישט געהערט.

אברם יאַנקל האָט שווייגנדיק געקוקט אויף איר. לויט איר רעדן קומט עס אויס ווי זי וואָלט געהאַט קרענקונג פון דעם וואָס נתן חיים איז אַזוי, אָן א גוטע נאַכט אפילו, אוועק, אָבער לויטן שמייכל אויף איר שיין פּנימל און לויט דעם געלעכטער אין אירע אויגן, זעט עס גאָרנישט אויס דאָס זאָל זי אַזוי אַרן:

— ווּוס ווייס יעך? — האָט ער אַזוי אומשולדיק געהויבן די אַקסלען.

דער קוזין, אין מיטן פּרק זאָגן, האָט זיך געכאַפּט אַז דער קליינער רירט זיך נישט צו צום כיבוד:

— עס, עס, — האָט ער אַ מינטער געטאָן דאָס יינגל און דערביי זיך דערמאָנט אַז דער פעטער יערמע דוד האָט אים געבעטן השגחה האָבן אויפן בחור, אים דערמאָנען ער זאָל זאָגן פּרק, מאַכן א ברכה, זאָגן א שטיקל תהילים, איז גיי האָב השגחה אז די בנים זענען אַזוי האָנאַראָווע. — עס, עס, האָט ער ווידער אַ זאָג געטאָן צום יינגל און אַליין זיך צוריקגענומען שאָקלען איבערן סידור:

*) אוי, דע מאין באָת, ולאָן אתה הולך,
ולפני מי אתה עתיד ליתן דין וחשבון.

פאַרן אַוועקגיין האָט ער צוריקגערופן אברם יאַנקלען:

— קענסט אים זוגן, דעם ברידע׳ דאַאַנעם, ע׳מעיג אַהע׳ קימע׳. קיינע׳ ׳עט אים חלילה גוניש׳ זוגן.

---

*) חיים פונוואַנען דו קומסט און וווהין דו גייסט און פאַר וועמען דו דאַרפסט זיין אָנגעברייט אָפּצוגעבן דין וחשבון.

# קאַפּיטל ניין

ווי דאָס קליינע נתן חיימל איז דאָ געווען פּאַריאַגט פון באַגין ביז שפּעט אין אָוונט ביי דער מלאָכה, ביים פּאַרלויפן אַלע וועגן דער מיינסטראָווע אין קיך, איז דאָך דער יינגלשער נייגיר זיינער פון אים נישט אַוועק. פאַר־קערט, מער נאָך ווי אין מאָדזשיץ האָט ער דאָ, אין דער גרויסער שטאָט, אומעטום אַריינגעשטעקט די נאָז, אונטערגעשטעלט אַן אויער, געוואָרפן אַ בליק צו זען וואָס מענטשן טוען דאָ, ווער די שכנים זענען, וואָס זיי רעדן, מיט וואָס זיי פאַרנעמען זיך.

שוין דער הויף אליין האָט אים געוואַלדיק געלאָקט און געצויגן. דאָס איז דאָך נישט קיין הויף נאָר אַ גאַנצע שטאָט מיט איינוווינער, מיט סקלאַדעס, מיט בעל־מלאכהס. אַנטקעגן דעם מיינסטערס טיר איז אַ וואַטע־פאַבריקל. ווען נאָר ער איז פאַרבייגעגאַנגען האָט ער זיך געשטעלט אויף די שפּיץ־פינגער צו כאַפּן א קוק דורכן אָפענעם פענצטער. אין דער גרויסער שטוב איז שטענדיק געווען טונקל, אַ געדיכטער נעפּל פון וואַטע־שטויב איז דאָ אַלעמאָל געשטאַנען אין דער לופט. פון סופיט אַראָפּ, אויף דינע שטעקעלעך, זענען אַראָפּגעהאָנגען פּלאַכטעס וואַטע, גרויע, ווייסע, אויך שוואַרצע. דער וואַטע־מאַכער, אַ נידעריקער ייד מיט א לאַנגער באָרד, א גרוי־פאַרשטויבטע ווי די לופט דאָ, א באַהאָנגענער מיט פּליסלעך וואַטע, איינגעקלעפּטע אין די האָר אַרום קאָפּל, אין די ברעמען פון די אויגן, אין דער באָרד, איז דאָ אַרומגעקראָכן אונטער די אַראָפּגעהאָנגענע וואַטע־פּלאַכטעס, וואָס האָבן אים כסדר געווישט דעם קאָפּ און אַלץ מער פּליסלעך אָנגעקלעפּט אָן זיין יאַרמלקע. אַ הוסטנדיקער, סאָפּענדיק, ציענדיק דעם אָטעם מער דורכן מויל ווי דורך דער פאַרפּאַקטער נאָז, האָט ער דאָ אַרומגעהאַוועט אין אַ פּאָר שווערע שטיוול, אין ברייטע פּלודערן מיט אַ לאַנגן טלית־קטן איבער זיי. אַלע ווייל קומט ער צו צום פענצטער, לעבן לאַנגן טיש, נעמט אַרויס פון געפּלאָכטענע קוישן וואַטע־פּליסלעך, שפּרייט זיי אויס אויפן טיש, גלייכט זיי אויס מיט די דאַר־שווינדזיכטיקע הענט צו אַ גלייכער לענג, אַ גלייכער ברייט, אַ גלייכער הייך, טונקט איין אַ ברייטע באַרשט אין אַ קלעפּיקער פליסיקייט, טוט אַ שמיר איבער דער וואַטע־פלאך אהין, אהער, וואַרט א רגע ביז דאָס הייטל ווערט טרוקן, קערט איבער די פּלאַכטע אויף דער צווייטער זייט, פירט ווידער די באַרשט הין און

צוריק, נאָך א רגע פארוואָרפט ער די פּלאַכטע איבער א לאנג, דין שטעקל און רוקט עס אריין אין הענגער, אויפן סופיט און שוין, נאָך אַ פּלאַכטע וואַטע איז אים צוגעקומען איבערן קאָפּ, און אַזוי טאָג נאָך טאָג, פון באַגין ביז שפּעט אין אָוונט.

ווי דער וואַטע־מאַכער אונטן, אין פּאַרטער, אַזוי איז אויבן, איבערן מיינסטערס דירה, אַ פאַבריקל פון בייטעלעך. ער אַליין, דער בייטעלע־מאַכער, אַ ייד מיט אַ געל, שיטער בערדל, אַרבעט נישט. ווי אַ ווינט פליט ער מיטן פאַררוקטן קאַשקעט און צעפלויגענע פּאָלעס אַרויף און אַראָפּ די טרעפּ, שטייט אַ ווייל פאַרן טויער, לעבן אַרויסגעהאָנגענעם שענקעלע, די „וויסטאַווע" זיינע, אַ פול אָנגעשטעלטע מיט אַלערליי טײַסטערלעך און בייטעלעך, ברוינע און שוואַרצע, ווייכע און מיט שלעסלעך, שמעקט אַרום מיט דער שאַרף־שניפּנדיקער נאָז דעם מאַרק, צי ס'ווייזט זיך נישט „טשאַ־סעם" א קונה, א פּראָווינצער קרעמערל, אַן אָנגעפּאַרן סוחרל און שוין פליט ער צוריק אַרויף אין שטוב אָנפירן מיט דער קאַפּעליע זיינער אין וואַר־שטאַט, ווי א קאָמאַנדיר מיט זיין ראָטע.

קיין פרעמדע געזעלן האַלט נישט דער ייד. ער האָט ב"ה געזונג זיינע אייגענע. זאָל ער נאָר אַזויפיל דאַרפן ווי די קאַפּעליע זיינע קאָן אים אויפ־מאַכן בייטעלעך. ביי איין מאַשין, לעבן אָן אָפן פענצטער, זיצט די טאָכטער, אַ דרייצן־יאָריקע מויד, אַ געל קינד מיט קליינע אויפן נעזל, מיט צוויי דינע, געלע צעפּלעך אויפן שמאָלן, קינדישן פּלייצקעלע. אַן איינגעבויגענע איבער דער זינגער־מאַשין, זיצט זי, שטעפּט צונויף די דינע לעדער־בלעט־לעך אין זעקעלעך, האַלב רונדע און פירעקיקע און זינגט זיך דערביי אַ לידל:

אוי אַבראַם, איך קען אָן דיר נישט זאַן,

איך אָן דיר און דו אָן מיר, ווי אַ קליאַמקע אָן אַ טיר!

לעבן צווייטן פענצטער, ביי אַ שווער געשטעל, איבער דער שטאַמס־מאַשין, זיצט דער עלטערער ברודער, אַ ייִנגל פון אַ יאָר פופצן, אַ געלער ווי זי, ווי דער טאַטע, העלפט אונטער דער שוועסטער אין זינגען און היט די יונגע הענט זיינע, דינע, קינדישע נאָך, ביים אַריינשטאַמסן די צענויפּ־געניייטע זעקעלעך, מיט אַריינגעשטופּטע פּאַטשעווקעס שויך, אין אַלערליי בייטל־שלעסער, מעשענע און ניקלנע, מיט קעפּעלעך, וואָס פאַרמאַכן זיך מיט א קניקס און מיט קונציקע פאַרוקעלעך, פאַרבאָרגענע קוועטשעלעך.

ביים צושנייד־טיש, לענגאויס דער וואַנט, שטייט דער בכור, דער הויפּט־געזעלן, אַ יונג פון אַ יאָר זיבעצן, דין און הויך ווי דער טאַטע, מיט אַ געל פוך־וואָנסעלע אויף דער אויבערשטער ליפּ, און אַ שויבער ברוינלעך־געלע האָר פון אונטערן שמאָלן היטעלע אַפּער. מיט אַ בלייערל הינטערן אויער, אַ ציגאַרעטל ווילעריש פאַרשטעקט צווישן די ליפּן, שטייט ער

מיט פאַרשאַרצטע ארבל ביז איבער די עלנבויגן, שנײַדט מיט א שאַרף שוסטער־מעסער די בייטל־בלעטלעך פון קליינע פעלכלעך, שוואַרצע, ברוינע, העל־געלע און ברומט זיך באַזונדער אַ לידל:

הער נאָר די שיין מיידעלע, הער נאָר די קליין מיידעלע,

וואָס וועסטו טיען אין אַזאַ וואַטן וועיג?

אין מיטן שטוב, ביים קיך־טיש, אַרומגעשטעלט מיט פּאַפּירענע שעכטלען, גרויסע און קליינע, מיט אַ שטויס ביבולקע־פּאַפּיר, ווייסע און ראָזאָווע ביי איר רעכטער האַנט, זיצט די מאַמע, א שטילע, א פּאַרטוענע. צווישן גרייטן איין מאָלצייט און דעם אַנדערן, צווישן באַזאָרגן, די צווי קלענערע יינגלעך אין חדר אַריין און דאָס קלענסטע, אַ פיר־יאָריק מיידעלע מיט געלע צעפּעלעך און אַ נעזעלע פול מיט קלאַיען, עס זאָל אַראָפּ אויפן הויף, זיך שפּילן אויפן טראָטואַר מיט אַנדערע קינדער, איז זי דערוויייל אַ געזעלן אין וואַרשטאַט, קוקט איבער די אויפגעמאַכטע בייטעלעך, רייניקט זיי אַרום פון צויטן, פילט אָן זייער אינעווייניק מיט ביבולע־פּאַפּיר, וויקלט יעדערס איינע אין אַ באַזונדער בויגן ביבולקע און לייגט עס אין אַ שעכ־טעלע — פּאַרטיקע סחורה, גרייט פאַרן קונה, וואָס דער מאַן, דער קאָפּ פון דער משפחה היט אַזוי גיריק אין מאַרק.

איבערן בייטל־מאַכער, אויפן לעצטן שטאָק, לענגאויס דער גאַנצער אָפיצינע, איז אַ גרויסער שניט־סקלאַד מיט לאַנגע לאָדן־טישן און פולע פּאָליצעס אַרום די ווענט, אָנגעפּראָפּטע מיט לאָדזשער וואָל־שטאָפן און טאָמאַשאָווער געוואַנטן, מיט געבלימטע סיצן, מיט ווייסע לייוונטן און פאַרביקע קאָפּ־טיכלעך. גאַנצע טעג ראַיעט דאָ ווי אין אַ בינשטאָק. פּראָ־ווינצער שניט־קרעמער קומען און גייען. די משרתים, יונגע בחורים מיט ווײַסע גומע־קעלנערלעך אויף די העלדזער און שטייפע פורלאַגעס הינטער די וועסטן, שטייען ביי די לאָדן־טישן, וויקלען שטאָפן, מעסטן, חשבונען, שטעלן אויס וועקסעלעך, וואָס די פּראָווינצער יידן חתמענען און שוין טאַסקען די טרעגער שווערע באַלן אויף די אַקסלען אַראָפּ די טרעפּ, אַרויס צו די וועגן און פּלאַטפּאָרמעס, וואָס ציען שווער־באַלאָדענע אַרויס און אַריין אין דעם הויף.

פונקט אַנטקעגן, אין דער אַנדערער אָפיצינע, אין דער גאַנצער לענג פון פּאַרטער, אַ וווינונג פון זעקס צי גאָר זיבן שטיבן, איז אַ טאַנדעט־שניידער מיט פיר זין און דריי טעכטער. אין קיך, אַ ריזיקע שטוב מיט צווי פענצ־טער, פירט דער טאַטע מיט די דריי עלטערע זין דאָס שניידעריי. אין אַלקער ווידער, ביי אַ טיש פול מיט האָר, מיט הילצערנע קעפּ, מיט קעמלען און האָר־נאָדלען, זיצן צווי פון די טעכטער און מאַכן שייטלען, גזשיווקעס, אַלערליי פריזורעס און געפלאָכטענע צעפּ פאַר יענע, וואָס זענען קנאַפּלעך

אין אייגענע. דאָס יינגסטע יינגל מיטן נאָך־יונגערן שוועסטערל, גייען נאָך אין די שקאָלעס.

גראָד אין די פּענצטער האָט נתן חיימל אַמערסטן ליב אַריינצוקוקן. זיי, די איינוווינער, האָבן אים גאָרנישט אויסגעזען ווי אַ משפּחה פון יידן, נאָר עפּעס אַ ציגיינער־שבט פון ריזן. דער טאַטע, א הויכער ייד, מיט ברייטע פּלייצעס, מיט אַ געדיכטער באָרד, בלוי אַזש פון שוואַרצקייט. די אויגן זיינע, שוואַרץ־גליאיקע, פול מיט תאווה. און ווי דער מאַן אַזוי איז דאָס ווייב אַ שאָנקייט, שטענדיק נעט אָנגעטאָן. כאָטש אין די אָנהייב פּערציקער שוין, ווען מענטשן הייבן אָן ווערן גרוי, איז נאָך אין איר קאָפּ שוואַרצע, ווייך געקרויזטע האָר, נישט געווען קיין איין גרוי פּעדימל. און די קינדער האָבן אינגאַנצן אַריינגעראָטן אין טאַטן, אין דער מאַמען. אַלע הויכע, שלאַנקע, די יונגען — מיט פעסטע, רויטע באַקן, רויטע קאַרקן, מיט שוואַרצע וואָנסעלעך, די מיידן — מיט פולע בוזעמס און ביי אַלע האָבן די שוואַרצע אויגן געגליט מיט תאווה און אין די באַקן האָט געשפּראָצט דאָס בלוט.

גאַנצע טעג, ביז שפּעט אין די אָוונטן, האָבן דאָרטן געררוישט די זינגער ניי־מאַשינען. דער טאַטע איז געשטאַנען ביים לאַנגן טיש, געשניטן מיט דער גרויסער שער די צייגן, די ביליקע וואָל־שטאָפן און די יונגען האָבן געשטעפּט און גענייט פּויערישע רעקלעך, הויזן, סערמינגעס און אַלע צוזאַמען האָבן זיי דערביי געזונגען אין כאָר שטיקלעך פון יידישן טעאַטער:

פּאַריאָמערט, פּאַרקלאָגט, פון דער היים פּאַריאָגט,
פּאַר אונדזערע גרויסע זינד.

ווי די ברידער אין קיך, אַזוי זענען די צוויי שוועסטער אין אַלקער געווען פּאַרטאָן אין קעמען די שייטלען, אין פלעכטן צעפּ און דערביי געזונגען זייערע לידלעך, נישט חלילה ווי די קעכנס, אויף יידיש, נאָר אויף פּויליש:

*) יאַשיאַ קרוווקי גנאַל, נאַ פּויאַרצע גראַל,
אַליע יאַקיע סמוטנע טאָני, פּלינאָן, פּלינאָן וו דאַל.

פרייטיקצונאַכטס, אַז דער ייד איז אַהיימגעקומען פון שול מיט די פיר זין לעבן זיך, דער שבתדיקער טיש האָט געפּעכלט פון ווייסקייט, די ניין ליכט, אַ ליכט פאַר יעדן איינעם אין דער משפּחה, זענען געווען אָנגעצונדן אין די לייכטער; אין עק טיש זענען געלעגן די חלות, צוויי גרויסע, אויס־געברוינטע קוילישן, צניעותדיק איבערגעדעקט מיטן שבת־טישטעכל, אַן

---

*) יאַשיאַ קיעלעך טרייבט, אויפן פייפל פייפט, אָבער ואַסערע טרויער־טענער פליסן, פליסן ווייט.

אויסגעהאָפּטנס, מיט גרויסע, רויטע אותיות: לכבוד שבת; די קאַרפּינקע, אַ שיין געפינגערטע, האָט געפינקלט מיטן רויטן וויין; דאָס ווייב מיט די דריי טעכטער, אויסגעצוואָגענע, פאַרפלאַמטע, שבתדיק אָנגעטוענע, האָבן געוואַרט גרייטע, צו הערן אים מאַכן קידוש, האָט ער אָנגעגאָסן דעם בעכער און קודם אָפּגעגעבן א שבח צו זיין ליבן נאָמען: „כ'דאַנק דיר גאָט וואָס כ'האָב אַ שיין ווייב, שיינע קינדער, שיינע חלות, שיינע פיש, וואָס נאָך פעלט מיר״? ערשט נאָכדעם האָט ער פאַרהויבן די אויגן צום ווייס־געקאַלכטן סופיט:

יום השישי: ויכולו השמים והאָרץ וכל צבאָם,

מער אָבער ווי די בעל מלאָכהס האָט נתן חיימלס נייגיר געצויגן טיף אין הויף אַריין, צו די סקלאַדעס פון לעדער און יוכטן, פון אייזנוואַרג און געהילץ און, דער עיקר, צום גרויסן שפּייכלער פון אויבסט. איצט, פאַר די יום־טובים, ווען די ביימער אין די סעדער ברעכן זיך אונטער די שווער־אַראָפּהענגענדיקע צווייגן, פול מיט צייטיקע פרוכט, רוט דאָ נישט דער הויף. אין בלויען באַגין־שוין, ווערט אַ געפאָרעריי פון פלאַטפאָרמעס און וועגענער, באַלאָדענע מיט פעסער און געפלאָכטענע קוישן, פולע מיט זאַפטיקע עפּל, מיט באַרנעס און פלוימען. פון דעם אָנגעברענגטן אויבסט, פריש נאָך מיטן זילבערנעם טוי, ווערט די לופט פול מיט אַ זויערלעך־זיסע האַליקייט, וואָס רייצט די נאָז־פליגלען, מאַכט וואַסערן ס'מויל און גיריק דעם גומען.

אָט דער ריח פון פריש אויבסט האָט נתן חיימען נישט געלאָזט אייג־רוען אויפן געלעגער. אינדרויסן האָט קוים געגרויט אויף טאָג, איז ער שוין אַראָפּ פון שעניק, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און שטיל אַרויס אויפן הויף. געגאַנגען איז ער צו די פריוועטן, טאָן אַ מענטשלעך באַדערפעניש, אָבער געבליבן איז ער גאַר שטיין צווישן די אָנגעפאָרענע וועגענער, צווישן די אַראָפּגעשטעלטע פעסער און קוישן. געוווּינט פון קינדווייז אויף, צוזאַמען מיט באַלעקן, דאָס חברל זיינס, צו טאָגן און נעכטיקן אין קאָזשמינסקיס סאָד, אַרומגיין אַרום אויבסט און עסן וויפל ער האָט נאָר געוואָלט, איז אים דאָ, אין דער פרעמדער שטאָט, ס'האַרץ אַנטגאַנגען נאָך אַן עפּעלע, אַ באַרנע, אַ פלוים. איז ער דאָס איצט, אין די גרויע פרימאָרגנס, געשטאַנען, געגאַ־פיעט און כאָטש איינגעאָטעמט דעם שמעקעדיקן ריח פון קילן סאָד. ס'מויל האָט אים געוואַסערט, ס'האַרץ האָט געצויגן: נעם אַ פרוכט, טו א ביס, איז ער אָבער יערמע דודס אַ זון, וואָס וועט הונגערן און יענעמס נישט אָנרירן.

איינמאָל האָט געטראָפן אַז דער הורטאָווניק, אַן עלטערער ייד מיט אַ גרוי בערדל, רונדיק אַרומגעשוירן, האָט אים באַמערקט שטיין צווישן די פעסער מיט אַן עפּל ביי דער נאָז. אָן זיין הולך: אַ פאָר אַלטע, זעלנע־רישע שטיוול, צוגרויס פאַר דעם יינגלס פיס, אַ צייגן כאַלאַטל, אַן אַלטס,

מיט לאַטעס אויף די עלנבויגנס, א פאַרפעצט קאַשקעטל, א פאַרגרינטס פון אַלטקייט אויף זיין קאָפּ, לויט דעם הולך, האָט דער ייד שוין געזען אַז דאָס יינגל באָדט זיך נישט אין שווילטיק, איז ער אין מיטן האַווען צווישן די וועגענער, אין מיטן דעם דינגעניש מיט די סאַדאָווניקעס, שטיל צוגע־קומען צום יינגל און אים געטאָן אַ ריר אויפן אַקסל:

— ווילסט אַן עפּעלע? נעם, שעם דיך נישט.

— חלילה! — האָט נתן חיים, אַ דערשראָקענער, זיך געטאָן אַ דריי אויס און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. אַ פאַרשעמטער איז ער נאָכדעם גיך אַוועק צו די פּריוועטן.

נתן חיימלס נייגיר איז אויך געווען צום הונט, וואָס אויף דעם הויף. וואָרעם חוצן טויער מיטן סטרוזש, מיט די געקאָוועטע טירן אויף די סקלאַדעס, גרויסע, שווערע טירן, פאַרשלאָסענע אויף שווערע פּרענטן, איז נאָך דער הויף געהיט געוואָרן פון אַ גרויסן בולדאָג. נאַכט נאָך נאַכט פּונקט איינס אַזייגער, איידער ראָך, דער סטרוזש, איז געגאַנגען שלאָפן, האָט ער אָפּגעטשעפּעט דעם הונט פון דער קייט און אים אַרויסגעלאָזט אויפן הויף פון דער אָפּגעשלאָסענער קאַמער, אַ פינצטערע, ווו ער האָט אים געהאַלטן פון באַגין אָן.

דער בולדאָג האָט אָנגעוואָרפן אַן אימה אויף יעדן איינעם. ווי וואָלט געווען דעם גנב, וואָס אים וואָלט זיך פאַרגלוסט אַריבערצוכאַפּן איבערן פאַרקאַן און אַ שמעק טאָן צו א טיר פון וועלכן סקלאַד. אויך קיינער פון די שכנים וואָלט זיך נישט אונטערגעשטעלט צו עפענען א טיר, אפילו אויף אַן אויבערשטן שטאָק, ווען דער בולדאָג איז געווען אָפּגעלאָזט פון דער קייט. די וואַכקייט פון דעם בולדאָג איז געווען אַזוי שפּירעוודיק אַז איינמאָל, נישט לאַנג נאָך זיין אָנקומען צו דעם מיינסטער, האָט נתן חיים שפּעט ביינאַכט, נישט האָבנדיק אין וואָס־אַריין צו טאָן אַ לייכט מענטשלעך באַדערפעניש, שטילינקערהייט געעפנט די טיר צו טאָן דאָס באַדערפעניש דורכן דינינקן שפּאַלט אין פעדערהויז אַריין. פייל אויסן בויגן איז דער הונט געטאָן אַ פלי אָן אַזש פון יענעם עק־הויף מיט אזא רציחה אז ער, נתן חיים, האָט קוים באַוויזן צו פאַרהאַקן די טיר. ער איז נאָכדעם געבליבן נישט נאָר ווייס און דערשראָקן אז הענט און פיס האָבן אים געציטערט, נאָר אויך פאַרשעמט וואָס דער מיינסטער מיט דער מיינסטעראָווע האָבן, צוליב דעם הונטס ניכפּהדיק אָנגעלויף, זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ פייער און אריינגעלאָפן אין קיך אריין, זי אין נאַכט־העמד איבערן גרויסן בויך און ער אין די ווייסע גאַטקעלעך איבער די באָרוועסע פיס און געטראָפן אים, נתן חיימען, אין מיטן דעם גרייט־זיין אָפּצוטאָן אזא נישט שיינע זאַך אין פעדער־הויז אַריין.

נאָך דער איבערלעבעניש מיטן בולדאָג איז אין נתן חיימען אָנגעשטאָ־נען א גרויס באַגער צוצואייגענען דעם הונט צו זיך. ער, וואָס האָט אַזויפיל געקראָגן געשלאָגן פון טאַטן צוליבן שפּילן זיך מיט הינט, אים, וואָס וואַצוש, דאָס אויפגעכאַפּטע הינטל, האָט אים נאָך ליבער געהאַט און זיך צו אים געטוליעט מער ווי צו באַלעקן, אים איז גאַרנישט אָנגעשטאַנען צו זיין דאָ נאָך איינער פון די שכנים, וואָס אַלע ציטערן זיי פאַרן הונט אימת מות.

פון זיין אַזויפיל זיך אָפּגעבן מיט וואַצושן, וואָס איז אויך געווען געלערנט צו באַפאלן יעדן פרעמדן, וואָס וויזט זיך אַריין צו קאַזשמינסקין אויפן הויף, האָט ער, נתן חיים, געוווּסט אז נישט נאָר אַ פּשוטן הונט, נאָר אפילו וואַצושן האָט מען געקאָנט איינגעמען און ווערן פריינט מיט אים דורך גוטסקייט, דער עיקר, דורך וויזן אים אַז מ׳שרעקט זיך נישט פאַר זיין האַווקען און שפּרינגען. וואָרעם נישט אָפּטרייבן אַ הונט און פאַרפירן מיט אים אַ געשלעג דאַרף מען, נאָר פאַרקערט, אים צולאָזן צו זיך און אים אַ גלעט טאָן אויפן קאָפּ, אים צערטלען צווישן די אויגן, אונטער דער מאָרדע, ווייל נישט אַלעמאָל מיינט דעם הונטס האַווקען בייזקייט. פאַר־קערט, אָפטמאָל מיינט זיין בילן גאָר אַ מין פרייען זיך מיטן מענטש און זיין שפּרונגען מיט די פֿעדערשטע פיס אויפן מענטש אַרויף איז גאָר אַ ווילן צו גרייכן דעם מענטשס פּנים כדי אים אַ לעק צו טאָן, אַ מין הינטישער קוש. און אַוודאי קאָן מען ווערן באַפריינדט מיט אַ הונט, ווען מ׳וואַרפט אים צו אַ שטיקל פליייש. דער הונט פאַרגעסט גאָר אָן זיין האַווקען און, שטאָט בילן און שפּרונגען אויף דיר, נעמט ער גאָר זיך טוליען צו דיינע פיס, ווי צו אַן אייגענעם, זיינס אַ נאָנטן.

ווי תמיד ביי נתן חיימען, אויב נאָר געטראַכט איז גלייך געטאָן, האָט ער אויך איצט, שבת נאָכן עסן, ווען דער הויף איז געווען איינגעהילט אין שטילקייט, די שכנים זענען געשלאָפן דעם עונג־שבת־שלאָף, זיך צוגע־שאַרט צו דער קאָמער, וווּ דער בולדאָג, אַ געשמידטער צו דער אייזערנער קייט, האָט דאַכט זיך געדרימלט אין דער קילער האַלב־טונקלקייט.

ס׳ערשטע מאָל איצט אַז ער האָט געזען דעם בולדאָג. דאָס איז געווען אַ געלער הונט, גרויס ווי אַ קאַלב. דער קאָפּ ביי אים איז געווען שוואַרץ מיט אַ ווייס פּאַסיקל צווישן די אויגן. ער איז געלעגן אויפן בויך. דער קוואַדראַטנער לעפּ, א שווערער, א גרויסער, מיט וואַכע נאַזדרעס, פייכטע, פאַרריסענע, האָט גערוט צווישן די פֿעדערשטע לאַפּעס. אין ליכט־שטראַל, אַן אריינגעפאַלענער דורכן דינעם טיר־שפּאַלט, האָבן געהאַוועט פליגן, גרין־גלאַנציקע, זשומענדיקע, רוישנדיקע אין דער שטילער, שבת־דרימ־לענדיקער שטילקייט. פויל־ליגנדיק האָט ער זיך געצאַיעט, דער בולדאָג, געזשמורעט די בייזע, בלוט־פאַרלאָפענע שליפּיעס צו די פליגן, געטאָן אַלע ווייל אַ הייב אַ לאַפּע און אַ כאַפּ מיטן פיסק.

געגאַנגען צו דעם הונט איז נתן חיימל נישט גלאַט אַזוי אַ קוק טאָן אויף אים, נאָר אַ באַוואָפנטער און זיכערער אַז איצט וועט דער בולדאָג שליסן פריינטשאַפט מיט אים. פריער, ביים שבתדיקן מאָלצייט, האָט ער, דער מיינסטער זאָל נישט זען, אַראָפּגעשניפּט פון אייגענעם טעלער דאָס שטיקל פלייש, אַ פעטס, אַן אויסגעברוינטס, און עס באַהאַלטן אין קעשענע. כאָטש אַליין אַזוי אויסגעהונגערט נאָך אַ קריש פלייש, האָט ער אַפילו אַ האָרעלע דערפון נישט טועם געווען. מיט דער מתנה איז ער געגאַנגען אויף אַ זיכערער בריק, אַז איצט האָט ער אים, דעם הונט. ער וועט שוין איצט ווערן פריינט מיט אים. נתן חיימלען האָט אַפילו נישט געאַרט, וואָס נאָך איידער ער איז רעכט צוגעקומען צו דער קאַמער, איז שוין דער בולדאָג אויפגעשפּרונגען און גענומען סיקען מיט רציחה אין טיר־שפּאַלט אַריין, אַט־אָט און דער כלב קריגט זיך אַרויס און צערייסט אים ווי אַ הערינג. אדרבה, ער האָט גאָר געשמייכלט, נתן חיימל, און זיך געדריקט נענטער צו דער טיר. ווי אַמאָל צו וואַצושן האָט ער אויך איצט צו דעם בולדאָג גערעדט דורך דער טיר־שפּאַלט צאַרטע רייד, אים געלאָקט ער זאָל זיך באַרואיקן, ער זאָל נישט אַזוי רציחהדיק שפּרונגען, ווייל ער, נתן חיים, איז אים אַ פריינד און וואָלט נאָר די שפּאַרע אין דער טיר געווען אַביסעלע ברייטער, וואָלט ער אַריינגעשטעקט צו אים די האַנט און אים געגלעט דעם קאָפּ, אים געצערטלט און אַרויסגעלאָסקעט פון אים די הינטישע יוכע. אַזוי אָבער האָט ער קוים געקאָנט אַריינשטופּן צו אים דאָס שטיקל פלייש, וואָס ער אַליין איז אַזוי אויסגעהונגערט דערצו. איצט, איז ער געווען זיכער, וועט דער בולדאָג אַ כאַפּ טאָן דאָס פלייש און, שטאָט בילן און סיקען אַזוי רציחהדיק, וועט ער זיך אַוועקלייגן אויף יענער זייט טיר פול מיט גוטסקייט, ווי וואַצוש, ווען ער פלעגט הכנעהדיק זיך לייגן צו זיינע פיס. איז אָבער דער בולדאָג נישט וואַצוש. אים האָט מען שוין געהאַט צוגערייט נישט צו לאָזן זיך אונטערקויפן פון אַ פרעמדן מיט אַ גוטן ביסן. איז, אַנשטאָט כאַפּן דאָס שטיקל פלייש אין פיסק אַריין, האָט ער אַפילו די נאָזדרע נישט צוגעטאָן, נאָר מיט דער לאַפּע עס געטאָן אַ שאַר הינטער זיך און נאָך מיט גרעסערער רציחה גענומען בילן און רייסן מיט די לאַפּעס די טיר.

נתן חיים האָט נעבעך נישט געוווּסט אַז די סקלאַדניקעס פון דעם הויף האָבן שוין געהאַט אַ ביטערע דערפאַרונג מיט אַ הונט, וואָס האָט זיך געלאָזט אונטערקויפן מיט אַ גוטן ביסן. צו יענעם הונט האָבן גנבים, פון איבערן פלויט, אַריבערגעוואָרפן אַ שטיק פלייש און ווי נאָר דער כלב איז געוואָרן פאַרטאָן אין דער אכילה, האָבן זיי איבער אים אַריבערגעוואָרפן אַ שווערע קאָלדרע, צו פאַרטעמפּן זיין בילן און אים פאַרשלעפּט פון הויף אַראָפּ בעת די אַנדערע חברה האָבן דערוויל אויסגעליידיקט דעם לעדער־סקלאַד אַז מער ווי דער ריח פון יוכט איז דאָרטן נישט געבליבן.

איצט אָבער איז איבערן בולדאָג נישט געווען אַריבערגעוואָרפן קיין קאָלדרע, האָט זיין רציחהדיק סיקען און בילן אויפגעוועקט דעם גאַנצן הויף פון שבת־דרימל. יידן אין די אונטערוועש, אין יאַרמלקעס אויף די קעפּ, ווייבער אין שלאָף־קאָפּקעס האָבן אַרויסגעשטעקט די קעפּ פון די צעעפנטע פענצטער.

פונקט אַזוי איז דאָס פּלוצימדיקע געבילעריי דערגאַנגען צום סטרוזש, אין זיין טונקל שטיבל, ווייט דאָרטן אין טויער. אַ באַרוועסער, אין בלויזן קאָפּ, ס׳פּויערישע זאַק־העמד איבער די הויזן, איז דער גוי אַרויסגעקומען אינדרויסן, פאַרלייגט די שווערע לאַפּע ווי אַ דעכעלע איבער די אויגן און פּאַר אַ רגע געקוקט אהין, טיף אין הויף אריין. עפּעס האָט זיין טעמפּער קאָפּ נישט גלייך באַנומען וואָס דאָרטן געשעט, פאַרוואָס האָט זיך דער הונט אין מיטן העלן טאָג אַזוי צערעוועט? באַלד אָבער האָט ער זיך צעלאָזט אויף זיינע לאַנגע פיס אין געיעג אַהין, צום בולדאָגס קאַמער און א כאַפּ געטאָן נתן חיימלען ביים יינגלשן קערקל:

— פּשאָ קרעוו טי! וואָס טוסטו דאָ?

נתן חיים, אַ פאַרטוענער אין פּרווון איינצעמען דעם כלב, האָט גאָרנישט געהאַט געזען נישט די איבערגעשראָקענע שכנים, נישט דעם אייגענעם מיינסטער אויף דער שוועל דאָרטן און אוודאי נישט דעם סטרוזשס אָנלויפן. ערשט ווען דער בייז־אויפגעקאָכטער גוי האָט אים אָנגעכאַפּט פאַרן קאַרק, האָט ער זיך א צאַפּל געטאָן און דערזען די מיחיה, וואָס ער האָט דאָ אויפ־געראָיעט:

— יעך טו גאָרנישט, — האָט ער, אַ דערשראָקענער, געפינטלט מיט די אויגן אַרויף צום גוי, — יעך האָב בלויז געגעבן דעם הונט צו עסן.

ערשט איצט איז דער סטרוזש אַריין אין רציחה און דאָס יינגל גענומען שאָקלען און וואַרפן:

— טי פּאַרשיווי זשיד! ווער האָט דיך געהייסן אים געבן צו עסן?

נתן חיים האָט זיך געוואָלט פאַרענטפערן, נאָר דער ריזיקער גוי האָט אים געטאָן אַ שליידער פון זיך אַז דער קליינער האָט זיך דריי מאָל איבער־געקערט אויפן שטיינערנעם ברוק. ערשט אין מיטן הויף האָט זיך דער סטרוזש אומגעדרייט און באַטראַכט דאָס יינגל, וואָס האָט זיך געהאַט צוריק אויפגעשטעלט פון דעם פאַל, אָנגעטאָן דאָס אַראָפּגעפאַלענע היטל און מיט די הענט אָפּגעשאַרט פון קאַפּאָטקעלע דאָס צוגעקלעפּטע מיסט און שטרוי. עפּעס האָט דער גויאישער קאָפּ נישט געקאָנט באַנעמען ווי אזא קליין זשידעקל מיט אַ לאַבסערדאַק און פּיאות זאָל זיך אונטערשטעלן צוצוגיין צום הונטס קאַמער. יידישע יינגלעך אַנטלויפן דאָך פאַר אַ הונט, ווי אַ שד פאַרן בילד פון דער הייליקער מאַריע. ער האָט געוואָרט ביז נתן חיים איז געקומען נעענטער, אויף זיין וועג צוריק אין שטוב אַריין און אים צוגערופן:

— קום נאָר אַהער, זשידקו!

נתן חיים האָט געצעגערט. פון איין זייט האָט ער מורא געהאַט צוצוגיין, פון דער אַנדערער זייט האָט ער מורא געהאַט נישט צו פאָלגן דעם ריזיקן סטרוזש.

— אָ ניש׳ מורא, — האָט ראָך שוין גענומען רעדן צו אים יידיש, — קים אַהער, איך דיר גאָ׳ניש׳ טיען.

נתן חיים איז צוגעקומען נענטער. מיט שרעק אין די אויגן האָט ער געקוקט אַרויף, צו דעם ריזיקן, געשטופלטן פּרצוף מיט די שווערע, שוואַרצע וואָנסעס.

— די גאָ׳ניש׳ מורא פאַרן הינט? — האָט אים ראָך געפרעגט, שוין נישט מיט דער פריערדיקער פאַראַכטונג, נאָר מיט טיפער באַווונדערונג, וואָס דאָס זשידעקל שרעקט זיך נישט פאַר אזא ריזיקן בולדאָג.

— נייך, — האָט נתן חיים געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט, אַשטייגער ווי דער גוי וואָלט אים געפרעגט צי ער האָט נישט מורא פאַרן ברודער, פאַר דער מאַמען. — פאַרוואָס זאָל יעך מורא האָבן? האָט דער קליינער אים געפרעגט מיט אַ קול פון באַרימערישקייט, — יעך שפּיל מיך מיט הינט!

— דזשיווי זשידעק (אַ מאָדנע יידעלע), — האָט דער הויכער גוי אַ זאָג געטאָן און אים אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ מיט די צוויי פּיאות, ביז צו די צו־גרויסע שטיוול אויף זיינע פיס.

נאָך דער געשעעניש, אַז נתן חיים איז דורכגעגאַנגען דורכן טויער, האָט שוין דער סטרוזש אים נישט געטריבן, ווי עס איז געווען זיין טבע אָנצושרעקן און טרייבן יידישע יינגלעך. אדרבה, דער גוי האָט געקוקט אויף אים ווי אויף זיינסגלייכן און אַז נתן חיים האָט אים באַגריסט, האָט ער אים געענטפערט הויך:

— דזשען דאָברי (גוט מאָרגן), נאָסקע!

נתן חיים האָט געטראַכט אַז די מאַמע זיינע איז גערעכט: א גוי איז ווי, להבדיל, אַ הונט, אַז ער זעט דו ביסט נישט קיין שרעקעוודיקער, ווערט ער פריינט מיט דיר.

# קאַפּיטל צען

באַלד נאָך תשעה באב האָט זיך קיין מאָדזשיץ אַראָפּגעיאָגט אַ זייער געהויבענער גאַסט, — יענטעלע פּאַרכס געמאַל פון וואַרשע. פּאַרפאַרן איז ער אויפן הויף צו די פליוקעס, יענטעלעס לייבלעכע פעטער און מומע.

ווי דער שטייגער אין מאָדזשיץ, ווען אַ געהויבענער גאַסט פלעגט קומען, איז אויך איצט געוואָרן אַן אויפגעלויף פון קינדער און באַלד נאָך זיי האָבן זיך גענומען אַרויסיאָגן אין זוניק־בלענדיקן דרויסן שכנים. אין גרויס נייגיר האָט מען אָנגעקוקט דעם אויסגעלייגט דאָס טועכץ, דאָס נייען סערמינגעס, דאָס קלאַפּן פלעקלעך אין זוילן, דאָס פאַרעזן זיך אַרום פליטעס, איבער די צוגעשטעלטע טעפּ מיט וואַרעמעס און איינציקוויז, אַזוי נישט דרייסט, זיך גענומען קלייבן אַרום דער דראָזשקע, כלומרשט ווינטשן די פליוקעס אַ סקאָצל־קומט, אינדעראמתן אָבער איז מען גאָר אויסן געווען אַרומצוזשמעקן דעם גאַסט, אויסצושניפּן וואָס ער האָט געבראַכט, נאָכוואָס ער איז געקומען.

אַז דער פּאַרשוין איז נישט געקומען אין אַ מיטן פּראָסטן מיטוואָך גוט יום טוב ביטן דער משפּחה, האָט מען געזען באַשיינפּערלעך פון די שווער־אָנגעפּאַקטע קוישן און וואַליזעס, וואָס די יונגע פליוקעס, אין זייערע שוסטער־פּאַרטעכער, מיט פאַרשאַרצטע אַרבל און צעפלויגענע, רויט־פלאַמיקע טשופּרינעס, האָבן גענומען טאַסקען פון דער דראָזשקע אין זייער שטוב אַריין.

דער איינציקער פון די שכנים, וואָס איז נישט אַרויס באַשויען דעם גאַסט, איז געווען יערמע דוד. ערשטנס איז עס נישט אין זיין טבע אַריינ־צושטעקן די נאָז אין פרעמדע קרענצלעך. צווייטנס האָט ער פיינט די יענטעלע און נאָך מער איר געמאַל און, מיט זיי, דאָס גאַנצע פליוקן־געזינדל. מילא, דער אַלטער פליוק אַליין איז א גאנץ ווילער ייד, היט אָפּ קדושה און ברכו, פאַרפעלט נישט, חלילה, קיין מנחה־מעריב, אָבער די משפּחה זיינע? זאָל אים דער אויבערשטער פון זיי אויסהיטן. איז טאָמער דאָס געווען ווייניק יחוס, נעמט די יענטעלע, דעם פליוקס אַ שוועסטערן־טאָכטער און פאַרליאַפּעט זיך אין וואַרשע אין עפּעס אַ פּאַרשוין, אַ איגנאַץ מאנדזשע, וואָס אַמאָל, ביי טאַטע־מאַמע, האָט ער אוודאי געהייסן איטשע, אָדער אפשר יצחק, א הויכער, שטאַלטנער יונג, וואָס זעט אויס צו זיין אַ גנב און אפשר

נאָך אַ „פּזשידופּניק״ אַ הייזל־האַלטער דערצו. מאָדזשיצער שיינע יידן מעגן זיך מיט אים גרויסן, רעדן צו אים חניפה־ריידעלעך, ער אָבער, יערמע דוד, וויל אים נישט קענען און וויל נישט אָטעמען דעם דוך פון אַזאַ פּאַרשוין.

אַראָפּגעקומען איז דער גאַסט אַן אויסגעפּיאָקעוועטער ווי דער מאָדזשי־צער באָרדעלניק. ווי יענער איז אויך ער, דער איגנאַץ מאַנדזשע, געווען אָנגעטאָן אין אַ העלן גאַרניטער פון דין זיידענעם טשעסטשואַר. ווי דער באָרדעלניק האָט אויך ער געטראָגן אַ ווייכן פּאַנאַמע־קאַפּעליוש אויפן קאָפּ, געלעכלטע זומער־סאַנדאַלן אויף די פּיס און אַ שווערן סיגנעט, מיט אַ גרויסן, בלישטשענדיקן בריליאַנט אויפן פינגער און ווי ביים באָרדעלניק איז אויך דאָס פּרצוף ביי דעם איגנאַץ מאַנדזשע געווען אויסגעגאָלט מיט איבערגעלאָזטע באַקן־בערד, מיט אַלפאָנסיש־אַרויפגעדרייטע וואָנסעס אונ־טער דער נאָזדרע און אַ קליין לאָפּעטע־בערדל, אַ שוואַרצס ווי קויל, אויף דער מאָרדע.

די אַרומשטייענדיקע שכנים האָבן זיך גלייך דערוווסט אַז געקומען איז דער איגנאַץ מאַנדזשע נישט סתם צו־גאַסט, נאָר צוליב מסחר. וואָרעם באַלד נאָכן אָפּפרייען זיך מיטן פעטער, מיט דער מומע, מיט די קוזינס, וואָס אַלע האָבן זיי איבערגעלאָזט דעם וואַרשטאַט מיט די זוילן און דראַטוועס, אויס־געטאָן די שוסטער־פאַרטעכער, אַראָפּגעוואַשן די סמאָלע פון זייערע הענט, ווי אויף שבת און זיך אויסגעזעצט אַרום דעם ווייס־געדעקטן טיש, פול אָנגעשטעלט מיט פריש אויבסט, מיט קאַרשן־ווישניאַק, מיט מאַלינע־איינ־געמאַכטס, מיט קיכלעך, ווי אין א סוכותדיקן חול המועד צו אַ יום־טוב־דיקן כיבוד, האָט ער, דער גאַסט, צעעפנט די וואַליזעס, אויפגעשנאָרעוועט די שטריק פון די קוישן און גענומען אַרויסלייגן אויף די בעטן מענערשע מאַנטלען, אָנצוגן, העמדער, ווייבערישע קליידער, טייערע אונטערוועש מיט זיידנאויסגעהאָפּטענע מאָנאָגראַמען, וואָס מאָדזשיץ האָט נאָך אַזוינס נישט געהאַט געזען.

די מאָדזשיצער אַלטוואַרג־סוחרים האָבן זיך איינציקווייז גענומען אַרייניאָוועך צו די פליוקעס. ווי פליגן אַרום זיס געבעקס האָבן זיי געהאַוועט אַרום די בעטן, באַקוקט די סחורה, געפּרוווט די שטאָפן, געטראַכט, געביסן אַ האָר פון דער אייגענער באָרד און צום סוף אַוועקגעגאַנגען אָן עפּעס צו קויפן.

זיי, די מאָדזשיצער סוחרימלעך, אַלץ געריבענע הברה, אויסגעקאָכטע אין פעסטונג־האַנדל, אין ליציטאַציעס ביי דער באַן, זיי איז עפּעס די מעשה געווען קשה: ממה נפשך, איז דאָס כשרע סחורה? צו וואָסזשע האָט דער פּאַרשוין געדאַרפט דאָס ברענגען אַזש אַהער? ווינציק פון די סחורות ווערן

פאַרקויפט אין וואַרשע? איז עס ווידער אַ געגנבעטע מיירע, פאַרוואָסזשע פאַרלאנגט ער אזא הויכן מקח?

דער איגנאַץ מאנדזשע, א וואַרשעווער פאַסער פון אָסטראָווסקי־געסל, איז אָבער געווען געריבענער פון די מאָדזשיצער סוחרימלעך. ער האָט גלייך דערשמעקט וואָס די זעקל־יידלעך קוועטשט, פאַרוואָס זיי טראָגן זיך אַזוי שטילינקערהייט אָפּ איינער נאָכן אַנדערן. אַזוי הייסט עס? די פראָ־ווינצער חיות ווילן אים איבערקליגן? האָט ער זיי טיף־טייער! וועט ער זיי ווייזן וואָס ער קען! אין וואַרשע וואָלט ער זיך טאַקע נישט אונטערגע־שטעלט אַרויסצולייגן אזא געגנבעטע מיירע אויף אַ שטעלכל אין גאַס. אַמאָל, אומגעריכט, קאָן אונטערקומען דער שטומפּ און, ווען אפילו נישט דער שטומפּ אַליין, קאָן אַמאָל פאַרבייגיין אַ קרוב, א באַקאַנטער און דערקענען א קלייד, אַן אַנצוג, א פאַלטן און מער וואָלט אים שוין נישט געפעלט. דאָ אָבער, אין אַ שטעטל אַזוי ווייט פון וואַרשע, פאַר וועמען האָט ער דאָ מורא? פאר וועמען דארף ער זיך דאָ היטן? האָט ער אויף צומאָרגנס געהייסן די יונגע פליוקעס אָוועקשטעלן אַ טיש אין מאַרק און ער האָט אַרויסגעלייגט די אָנגעברענגטע סחורה, פראַנק און פריי פאַר יעדן אין די אויגן.

ערשט איצט האָבן די מאָדזשיצער סוחרים זיך געלאָזט רעדן. קויפן סחורה אין מיטן העלן טאָג אין מאַרק, איז שוין נישט דאָס אייגענע וואָס קויפן די זאַכן פאַרבאָרגן ערגעץ דאָרטן אין אַ שטוב. סוף כל סוף איז אַ גארניטער אָדער א מאנטל, נישט קיין פערד, וואָס מען טאָר עס נישט קויפן אפילו אויפן מאַרק, סיידן דער פאַרקויפער האָט א „שוויאַדעטסטווע", אַ צייגעניש הייסט עס, פון דער גמינע, אַז דאָס איז זיין פערד. האָבן זיך די סוחרימלעך גענומען קלייבן אַרום דער אויסגעלייגטער סחורה און גענומען באַטאַפּן די מלבושים אויף אַן ערנסט שוין.

יערמע דודן איז איצט געווען ביטער. אַן אַלטוואַרג־הענדלער ווי אַלע אַנדערע אין שטאָט, איז ער דאָך געשטאַנען פון ווייטנס און נישט געקאָנט ביי זיך פועלן צוצוגיין צו דעם אַרויסגעשטעלטן טיש אפילו אַ קוק טאָן. פון איין זייט האָט ער איינגעזען אַז דאָס איז געגנבעטע סחורה, אַ מיירע, וואָס עס איז בעסער צו איר זיך נישט צוצורירן. פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט דער סוחר אין אים, אים געריפּעט, געשטופּט, מיט אים איינ־געטענהט: מילא, צו די פליוקעס אין שטוב אַריין, האָט ער געטאָן רעכט וואָס ר'איז אַהין נישט געגאַנגען, אָבער איצט? אין מיטן מאַרק? ס'דאָך אַ רשות הרבים! איז ער פּאַוואָליע, נישט דרייסט צוגעגאַנגען צום טיש באַטאַפּט אַ מלבוש, באַלד אַ צווייטס, פּלוצים, אין מיטן זיך ראַיען אין דעם באַרג מיט אָנטועכץ, איז אים אין האנט אריינגעפאלן א יינגלש אָנצוגל פון א טונקל־גרויען שטאָף מיט א בלוי און גאָלדן שטרייפעלע. אין מוח האָט אים א זעץ געטאָן: אָט, דאָס אָנצוגל וואָלט געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר נתן חיימען!

ווי נאָר דער געדאַנק זיינער האָט צונויפגעפּאָרט נתן חיימען מיט דעם אָבראַניעלע, האָבן עס די הענט, אינסטינקטיוו, געטאָן אַ לייג אוועק, ווי דאָס וואָלט געווען עפּעס אומווירדיקס, טריפס. און כדי צו זיין וואָס ווייטער פון דער אומווירדיקייט, האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעטראָגן פון דעם טיש מיט סחורה.

דער דאָזיקער אימפּולס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. יערמע דוד האָט שוין נישט געקאָנט איינשטייך פונוויטנס. דאָס יינגלשע גאַרניטערל האָט אים שוין געצויגן, געמאַניעט. איז ער אויפסניי צוגעגאַנגען און עס גענומען באטראכטן: אפשר זאָל ער עס יאָ קויפן? נתן חיים וואָלט זיך אָן דעם אָנצוגל אָנגעכאַפּט ווי אָן אַן אבן־טוב און וואָלט מיט אים גלייך קריק אהיימגעפּאָרן. נאָר אפשר, איידער ער קויפט, זאָל ער זיך מיט עמעצן מיישב זיין? אָבער מיט וועמען? מיטן הויכן אייזיק? מיט ר׳ שבתאין? ער ווייסט פריער וואָס זיי וועלן אים זאָגן. סיי דער הויכער אייזיק, סיי ר׳ שבתאי וועלן זאָגן: יערמע דוד, גלייכער צו האָבן ס׳יינגל אינדערהיים אין אַ קורץ גאַר־ניטערל, איידער אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע אים לאָזן זיך וואַלגערן אינדער־פרעמד, אָן השגחה, אָן צו וויסן צי ער דאַוונט, מיט וועמען ער חברט זיך דאָרטן, צי ער גייט נישט, חלילה, אויף קרומע וועגן.

יערמע דוד האָט זיך לאַנג אַזוי געשלאָגן מיט דער דעה: קויפן, לאָזט אים נישט ס׳האַרץ. מיט די אייגענע הענט מלבוש־ערומים זיין אַ קינד אין דאַאַטשמערישע בגדים? ווידער נישט קויפן, מיט וואָסזשע פאָרט ער צום יינגל? און דערווייל שטייען נישט די טעג, די ימים נוראים רוקן זיך אָן! ער וועט דאָך נישט האָבן קיין פאַרענטפער פאַר גאָט, אויב ער וועט לאָזן דאָס יינגל יום־טוב אינדערפרעמד אַזוי קרוע־בלוע! דער עלטערער, אברם יאַנקל, אויף אים קאָן ער זיך רעכטן ער זאָל כאָטש אַהיימקומען אויף סוכות. נתן חיימל אָבער, אויב ער, דער טאַטע, וועט נישט באַצייטנס פאָרן אים איינגעמען מיט עפּעס אַ לעקעכל, וועט ער אפילו אויף סוכות אויך נישט אהיימקומען. וואָס וועט א שטאָט מיט מענטשן זאָגן? און זיי וועלן דאָך זיין גערעכט אויך!

יערמע דוד האָט אַראָפּגערוקט ס׳היטל, ווי צו פאַרשטעלן די בושה און זיך גענומען קריק דערנענטערן צו איגנאַץ מאנדזשעס טיש. זאָל שוין הייסט עס זיין וואָס עס וויל!

אַריינגעקומען אין שטוב איז יערמע דוד אָן א וואָרט, ווי ער וואָלט זיך געשעמט צו הערן ס׳אייגענע קול. ער האָט באהאלטן דאָס גארניטערל אין קופערט, צווישן די סחורות וואָס ער האָט דאָרטן. חנה לאה גייט דאָרטן קיינמאָל נישט צו, וועט זי נישט וויסן מיט וואָס ער גרייט זיך צו פאָרן אונטערקויפן דאָס זונדעלע אירס. זאָל עס ביי איר הייסן אַז ער פאָרט קיין ראָדעם בלויז מיט די קליינע תפילינדלעך און קליינעם קעשענע־סידורל

וואָס ער האָט אין בית מדרש געקויפט ביים מוכר־ספרימניק. ביים יינגל וועט עס הייסן אַז צוליב זיין בר־מצווה איז דער טאַטע צו אים געקומען מיט א מתנה, אַ פּאָר קליינע תפילינדלעך און אַ כל־בו־סידורל, ווי ער האָט שטענדיק באַגערט. אלא דאָס גאַרניטערל? איז גאָרנישט, אַ יינג האָט זיך איינגעשפּאַרט אַ גארניטער? זאָל זיין א גארניטער!

האָט אויך דאָס נישט געטויגט. מיט די אלע מתנות האָט ער, יערמע דוד, שוין ביי זיין אָנקומען אין ראָדעם, זיך געמוזט אָנהייבן צו קליגן. ווי נאָר ער איז אַריינגעקומען צום שוועסטערן־זון אין שפּייז־געוועלב און זיך דערוווּסט אז נתן חימל שמעקט אהין נישט אריין, האָט ער גליך איינגעזען אז ער מוז שוין פאַרקערעווען דעם דישעל. בלייבן ביי דער שיינדעלען און רופן דעם קליינעם וועט נישט טויגן. דער יינג וועט האָבן אַ צווייענדיקע סיבה נישט צו וועלן קומען. ווידער גיין צו אים, צו דעם קליינעם פענדריק, וועט אויך נישט טויגן. אַז נתן חימל וועט זען דער טאַטע איז צו אים געקומען, נאָך דערצו מיט מתנות, וועט זיך ערשט זיין האָנערל צעשפּילן, ווייל דו, טאַטע, ווילסט, וויל יעך נישט!

איז יערמע דוד אַוועק פון שוועסטערן־זון און זיך געמאַכט סטאַנציע ביים בלינדן יואל, א „קום" זיינער, אַ ייד מיט א בעלמע, ווי מיט איַיווייסל, איבערגעצויגן דאָס לינקע אויג, אַ ראָדעמער אַלטוואַרג־הענדלער, וואָס קומט אָפּט קיין מאָדזשיץ אויפקויפן זעלנערישע הלבשה. צו אים וועט נתן חימל נישט האָבן קיין סיבה נישט צו וועלן קומען.

יערמע דוד האָט ביי דעם „קום" אָפּגעלייגט דאָס טלומיקל און זיך אַרויסגעלאָזט אויפזוכן די דריי זין זיינע. צום ערשט איז ער אַוועק אויפן וואַרשעווער וועג, צו די קאַזאַרמעס, זיך זען מיט לייבל משהן. פאָרט דער עלטסטער זון, דערצו א בר דעת, וועט ער מיט אים איבערשמועסן סיי וועגן דעם וואָס דער פאָלק זיינער ווערט אַוועקגעשיקט קיין ראָסיי, סיי וועגן נתן חיימען. ווי מיינט ער? זאָל ער שוין לאָזן דעם קליינעם דאָ בלייבן? אָדער באַשטיין דערויף אַז ער מוז מיט אים אַהיימפאָרן.

צומאָרגנס אינדערפרי איז ער אַוועק אויפן שול־געסל צו אברם יאַנקלען. ער קען טאַקע נישט פאַרטראָגן בערעלע יאָסקעס דוך, אָבער נישט אַריינ־גיין דאָרטן זיך ווייזן, וועט שאָדן דעם יינגל. דאָס גנבל וועט מיינען אז אברם יאַנקל איז שוין גאָר הפקר, ער קאָן מיט אים טאָן ווי אים ווילגע־פעלט. פאַר איין וועגס וועט שוין דער יינג אַריבערגיין רופן דאָס ברודערל אויף דער סטאַנציע זיינער, צו דעם בלינדן יואל.

נתן חיים איז גראָד געשטאַנען אויף אַ פוסן־בענקעלע, לעבן פרעס־קלאָץ, אַ דערשוויצטער, אַ צעקנעפּלטער, דער טלית־קטן מיט די ציצית איבער די הויזן. אַז דער מיינסטער איז אַוועק קיין וואַרשע נאָך סחורה און אים איבערגעלאָזט אָפּצופּרעסן אַ גרויסע פאַרטיע היטלען, האָט ער זיך

דערפילט ווי אַן אמתער געזעלן. אַ שטאָלצער איז ער געשטאַנען אויפן בענקעלע, גענומען אַלע ווייל אַ שלוק וואַסער פון דער קוואַרט, געטאָן אַ שפּריץ א שפּריי־רעגן אויפן פּרעס־טוך און מיט אלע זיינע קינדישע כוחות, פּרעסנדיק, געדריקט דאָס גליאיקע אייזן אויפן איבערגעדעקטן היטל, דער־ביי האָט ער כסדר געכאַפּט א בליק צו דער צעפּראלטער טיר, צי ס׳ווייזט זיך שוין, ענדלעך, די מיינסטראָווע. כאָטש ס׳איז שוין צען דער זייגער און ער שטייט אַזוי ביים פּרעס־קלאָץ פון זיבן באגין אָן, האָט זי זיך נאָך אלץ נישט דערמאָנט אים צו געבן עסן אָנבייסן. איז גאָר, אָנשטאָט דער מיינ־סטראָווע, אָנגעלאָפן אברם יאַנקל. ווי א ווינט איז ער אָנגעפלויגן אין דער אָפענער טיר אַריין:

— נתן חיים, דע׳ טאטע איז דו!

פון דער אומגעריכטיקייט האָט נתן חיים אַזש אויפגעדריגעט. אָנשטאָט אַוועקשטעלן דאָס פּרעס־אייזן אויפן טיש, אויפן שטאָלענעם געשטעל אַרויף, האָט ער, פון גרויס איבערראַשונג, געהאַלטן דאָס אייזן אויפן פּרעסטוך. ערשט נאָך אַ לענגערע ווייל תמעוואַטע גלאָצן אויפן ברודער, ווען ער האָט דערפילט דעם סמאַל פון אָנגעברענטס, האָט ער אַוועקגעכאַפּט דאָס אייזן און אַ זאָג געטאָן:

— ס׳אַליגן! נאַרסט מיעך אָפּ.

— זאָל יעך אַזוי לעיבן ווי ניש׳.

— אין ווי איז דע׳ טאַטע אַצינד? בא שיינדאלען? יעך ׳על אַהין ניש׳ גיין.

— ער אי׳ ניש׳ בא שיינדאלען, — האָט דער עלטערער ברודער אים פאַרזיכערט. — ער שטייט גוע׳ אַאַן באַ דעם בלינדן יואל.

נתן חיים איז אַראָפּ פון פוסן־בענקעלע. ער האָט זיך געקראַצט אונטערן היטל, זיך געשיבערט, עפּעס האָט ער זיך נישט געגלייבט דער טאַטע זאָל אלץ אוועקלייגן און קומען קיין ראָדעם, דערצו נאָך האָט ער זיך געשראָקן, וואָס ער האָט דאָ פאַרברענט א היטל. ער האָט געהאַלטן דאָס היטעלע, א שמאָל יידיש קאַשקעטל, געקוקט אויף דעם אָנגעברוינטן זענג און גערעדט צום ברודער:

— ווי קען יעך אַוועקגיין? די מאַאנסטראָווע אי׳דעך נישטו!

— יעך ׳על וואַרטן אָף דיע׳ — האָט אים אברם יאַנקל באַרואיקט.

אינמיטן דעם שמועס האָבן זיך דערהערט טריט אין פעדערהויז. נתן חיים האָט גיך פאַרשטעקט דאָס צוגעזענגטע היטל און זיך צוריקגענומען פּרעסן. די מיינסטראָווע, אין דינעם פלעד מיט די ווייסע קראַטן אויף די האַלב־נאַקעטע אַקסלען, א פאַרשוויצטע, מיט א בינטל צעפּלאָשעטע האָר צוגעקלעפּט צום שטערן, איז אַריינגעקומען אין שטוב מיטן הויך־פאַרשפּיצטן בויך פאָראויס. אין איין האַנט האָט זי געהאַט אַ שוואַרץ־צעראַטענע טאָרבע

פול מיט גרינסן, מיט ברויט און קעז און אַ בינט ציבעלעס מיטן גרינעם שטשיפיער אינדרויסן און אין דער צווייטער האַנט — אַ בלוי־עמאַלירט קריגעלע מיט סמעטענע. אַן איבעררעאַשטע איז זי געבליבן שטיין אין דער אָפענער טיר, אויף דער שוועל. שארף און פאָרשעריש האָבן אירע גרין־גרויע אויגן זיך געגליטשט אויף די צוויי ברידערלעך, פון נתן חיימען צו אברם יאַנקלען און באלד אויף צוריק. עפעס איז איר נישט געפעלן דעם שוסטערלס אומגעריכט אַריינוויזן זיך. זינט זי האָט דאָס שוסטערל דער־קענט, זעט זי אים נישט גערן. ווי דער יינגערער איז אַ שטיל, פאָלגעוודיק יינגל, אַזוי איז דער עלטערער הוילער פיסק! מעכעלע דער מאַן אירער, מעג טאַקע פון אים אָנקוועלן, אים רופן צפאַניאַק, איר אָבער איז ער נישט צום האַרץ. זי האָט פיינט אַ יינגל פון פופצן יאָר זאָל רעדן רייד וועגן פרויען מיט אַזוינע אָרדינערע אָנצוהערענישן.

— וואָס זאָגט מ'עפעס גיטס? — האָט זי, מיט די פעקלעך אין די הענט, זיך געוואָנדן צו אברם יאַנקלען און געקומען נענטער אין שטוב אַריין.

— יעך? — האָט אברם יאַנקל געהויבן די אַקסלען, — יעך זוג גוניש'. מאַאַן טאטע איז געקימע' קא רודעם, וויל ע'זעיען מאאן ברידע'.

— וועיע? ענקע' טאַטע? — האָט זי אויפגעריסן אַ פאָר אויגן, אַזש דער הויכער שטערן אירער, דער פאַרשוויצטער, האָט זיך פאַרצויגן אין דריי טיפע פאַלדן. — אַז ענקע' טאטע איז דו, קען ע'דעך אראאנקימע' אַהעיע'.

זי האָט געמאכט אַ טראָט צו דער פליטע, אַרויסגעשטעלט פון האנט דאָס קרוגעלע סמעטענע, אַראָפגעלייגט אויפן דיל דעם קויבער שפייז און זיך אַוועקגעזעצט מיטן שווערן לייב אויפן טאַבורעט. זי האָט געשוויגן, די מיינסטראָווע, אָבער אירע גרויסע אויגן, די גרוי־גרינע, האָבן כסדר געפאָרשט די ברידערלעך. איר שלויער קאָפ האָט גיך איינגעזען אַז די יינגלעכס פאָטער קומט דאָ נישט אַריין, ווייל ער וויל נתן חיימען צוריק אַהיימנעמען. און דאָס געפעלט איר שוין גאָרנישט! דער קליינער איז נישט נאָר פייער און פלאַם צו דער מלאָכה, נאָר ער טויג זיך אויך זייער גוט אויס אין קיך, ער פאַרלויפט דאָך איר אַלע וועגן, בעסער נאָך ווי ס'בעסטע דינסט־מיידל! ער וואַשט דאָך איר אָפ די פאָדלאָגעס שענער פון דער בעסטער גויע; זאָל אים, חלילה, דער פאָטער אָפנעמען, מעג זי פאַרגעסן צו האָבן אַן אַנדער יינגל ביז נאָך סוכות, ווען דער זמן שטעלט זיך און די יענגאָלקעס פון די קליינע שטעטלעך הייבן אָן קומען. וואָלט כאָטש מעכל געווען אינדערהיים, האָט אים דער טייוול אָנגעטראָגן פונקט איצט צו פאָרן קיין וואַרשע. שיין ווערט זי דאָ אויסזען דער קליינער זאָל זי לאָזן אַליין אין אַזאַ צייט און קריקפאָרן מיטן פאָטער אין שטעטל אַריין.

— ווי קען איך אַוועקגיין? ער 'אָט דאָך ניש' געגעסן קאַ פרישטיק,
— האָט זי כלומרשט פול מיט זאָרג געפרעגט.

— זי קענען אים געיבן עסן, יעך 'על וואַרטן, — האָט אברם יאַנקל איר געגעבן אַן עצה און שוין געפילט ווי ס'מויל וואָסערט אים זעענדיק ווי זי שניידט אָפּ אַ פּעניץ פון דעם פרישן, געבייטלטן ברויט און שמירט עס אָן מיט פּוטער פאַרן ברודער. נישט נאָר ביי בערעלע יאָסקעס, אפילו אינ־דערהיים ביי דער מאַמען האָט ער אויך קיינמאָל נישט פאַרזוכט פריש־געבייטלט ברויט מיט פּוטער. ווען די מיינסטראָווע איז נישטאָ, וואָלט אים נתן חיים געלאָזט טאָן אַ ביס פון דעם פּעניץ ברויט און אַ זופּ פון דער זיסער ציקאָריע, וואָס זי האָט אים דערלאַנגט. אַזוי אָבער? ער איז צוגע־גאַנגען צום פענצטער כלומרשט אַרויסקוקן אויפן הויף, צו דעם געפּאָרעריי פון די וועגענער און פלאַטפאָרמעס. אינדעראמתן איז דאָס פלוצימדיקע גיין זען וואָס אויפן הויף טוט זיך, געווען א מין אויסבאַהאַלטן זיך, די מיינסטראָווע זאָל נישט זען ווי עס איז אים אויפן געמיט.

נתן חיים האָט אויף גיך איינגעשלונגען דעם פרישטיק, אָפּגעמורמלט ס'בענטשן און שוין אַרויס פון שטוב מיט אברם יאַנקלען. ער איז געגאַנגען מיטן ברודער איבערן וואָעל, אַרויס אויף דער וואַרשעווער גאס גאָר אָן חשק. פריער, ווען ער איז געווען אינדערהיים, האָט זיך דער טאַטע מיט אים אַרומגעקריגט, אים געשלאָגן, נישט געלאָזט אים אויפן אויג. איצט, אז ער איז אַוועק פון דערהיים און זיך אַליין אויסגעזוכט אַן אָרט אין ראָדעם, שטייט עס דעם טאַטן נישט אָן און ער איז געקומען אים אַהיימנעמען. ניין, ער וועט קריק אַהיים נישט פאָרן, בשום אופן נישט! וואָלט כאָטש די מאַמע געווען געקומען. מיט דער מאמען קאָן ער זיך אויסטענהן. דער מאַמען וואָלט ער געקאָנט זאָגן אַז דאָ איז אים בעסער, קיינער שלאָגט אים דאָ נישט. אמת, ער איז שטענדיק הונגעריק, די מיינסטראָווע טיילט אים צו ס'שטיקל ברויט, ס'האַרץ אַנטגייט אים נאָך אַן עפּעלע, אַ בארנדל, פונדעסטוועגן איז אים דאָ בעסער און ער וועט קריק אַהיים נישט פאָרן!

א שטילער, מיט אַן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, האָט ער זיך נאָכגעשאַרט הינטער אברם יאַנקלען צום טאַטן אין בלינדן יואלס שטוב אריין. די צוויי יידן, דער טאַטע — מיט א לאנגער רויטער באָרד, דער בלינדער יואל מיט א קליין, בלאָנד, רונדיק בערדל ווי פון שטרוי, ביי ביידע געוויקלטע טיטון־ציגאַרלעך אין ציגאַר־שפּיצן פאַררוקט אין די מויל־ווינקלען, ביידע פאַר־שוויצטע, די קאַשקעטן פאַררוקט אַהינטער, די כאַלאטלעך אויסגעטאָן, זענען זיי געזעסן ביי א טיש, איינער אנטקעגן אנדערן און מיט שטיקלעך קרייד געמאכט רינגעלעך און שטריכעלעך אויפן נאַקעטן טיש, א סימן אַז דער־וויל, וואַרטנדיק אויף אים, נתן חיימען, האָט דער טאַטע געפירט

מסחר מיטן בלינדן יואל, אים אוודאי פאַרקויפט זעלנערישע שטיוול, שינעלן, מונדירן, פּאַלאַטקעס, ליילעכער.

נתן חיים איז געבליבן שטיין אין דער אָפענער טיר, כאָטש אברם יאַנקל האָט גלייך געטאָן אַ שפּאַן צו צום טיש. אוודאי האָט ער, נתן חיים, געוווּסט אז ער דאַרף אויך צוגיין נעמען שלום פון טאטן, פאַרט עפּעס כיבוד אב! ער האָט עס אָבער בשום אופן נישט געקאָנט טאָן. נישט, חלילה, ווייל ער איז אין כעס אויפן טאַטן, אדרבה, זינט ער איז נישט אינדערהיים דאכט זיך אים גאָר אַז ער האָט ליב דעם טאַטן און עס קאָן זיין אז דער טאטע האָט אים אויך ליב, אנדערש וואָלט ער דאָך זיך נישט מטריח געווען צו פאָרן אזש קיין ראָדעם.

— ני ? וווּס שטייסטי בא דע׳ טיע׳ ? — האָט דער טאטע, מיטן קייקעלע קרייד צווישן די פינגער, אים געפרעגט פון טיש אַוועק. — ווילסט גוניש׳ וויסן וווּס די מאַמע טיט, וווּס די קינדע׳ טיען ?

נתן חיים איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און געשוויגן. אַוודאי וויל ער וויסן וואָס אינדערהיים הערט זיך. נישט איינמאָל וויקט ער ביי־נאכט אויס דאָס קישעלע מיט זיינע טרערן אין בענקשאַפט נאָך דער מאמען, נאָך די שוועסטערלעך, נאָך באָלעקן. ער וועט דאָס אָבער נישט מודה זיין, בפרט נאָך דעם טאטן. ער האָט געמאכט אַ טראָט נענטער צום טיש און ווידער געבליבן שטיין שטיל, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, נישט ווייל ער האָט זיך אין עפּעס געפילט שולדיק, אָדער פאַרשעמט, נאָר ווייל עפּעס אין אים האָט אים צוריקגעהאַלטן, נישט געלאָזט אים קוקן דעם טאַטן אין די אויגן אַריין.

— גיסט גוניש׳ דעם טאַטן קא שלום ? — האָט דער בלינדער יואל אָנגעשטעלט אויף אים דאָס ווייס־פאַרצויגענע בעלמע־אויג און אַרויסגע־נומען דעם ציגאַרן־האַלטער פון צווישן די שטרוי־באַוואקסענע ליפּן, עפּעס ווי אויך ער וואָלט זיך דאָ געקליבן אים צו נעמען אויפן פאַרהער.

ערשט איצט האָט נתן חיים אויסגעשטרעקט די האַנט, וואָס דער פאָטער, נישט נאָר האָט ער זי אָנגענומען, נאָר צוגעצויגן ס׳יינגל צו זיך מיט יענעם ציטער, מיט יענער פאַרשולדיקטער ליבשאַפט, וואָס עס האָבן שטענדיק טאַטעס וואָס וויסן אַז זיי זענען זיך נישט גערעכט באַגאַנגען מיט זייער קינד. ווען ער קאָן איצט, יערמע דוד, וואָלט ער דאָס יינגל אַרומגענומען, אים צוגעדריקט צום האַרץ און גערעדט מיט אים : זעסט דאָך, נתן חיים, איך בין גאָרנישט אויסן, כ׳וויל נאָר זאָלסט זיין אַ ייד, מער גאָרנישט ווי אַן ערלעכער ייד. איז ער דאָך אָבער געשטראָפט פון גאָט נישט צו קענען אויסרעדן אַ גלייך וואָרט צו זיינס א קינד, צום ווייב, האָט ער גאָר אים גענומען שטראָפן, אים פורהאַלטן :

— ני ? פרעיג יעד דיעד, טיט מען אַזוי ? די נעמסט אין אַנטלויפסט

פין דע׳ היים? די טיסט דעך מיער אָן חרפּות אין בושות. ׳עסט דעך מיעך טראַאַבן אין דער ערד אראאן! מענטשן מיינע׳ דעך אז יעך בין א גזלן ניש׳ קא טאטע, — און כדי צו וייזן דעם ייגגל אז ער איז טאַקע נישט קיין גזלן, נאָר א געטרייער טאטע, האָט ער גענומען ס׳טלומיקל אויפן טיש ארויף און פאַוואָליע ארויסגענומען פון דאָרטן די תפילינדלעך אין א בלוי־פּליושן תפילין־זעקל מיט אַ גאָלד־געהאַפּטענעם מגן־דוד, וואָס נאָר אַ חתן קריגט אזוינס פון זיין כלה. ער האָט דאָס געהאלטן פאַרן ייגגלס אויגן:

— זעיסט ווּס יעך האָ׳ דיע׳ ג׳ברעגגט? ׳אָסט דעך אַלעמאָל געוואָלט קליינע תפילינדלעך. און כדי צו שטאַרקן מער נאָך דעם חשק אין ייגגל, האָט ער די אייגענע איבעררראַשונג איבערגעחזרט מיטן סידורל, עס אַרויס־גענומען פון טלומיקל, א קליינס, מיט אַ גאָלד־געליישטן רוקן: — נאַ, זעיסט ווּס נאָך יעך ׳אָב פּאַ׳ דיע? אפילו ס׳ימים נוראימדיקע דאַווענען ׳אָסטי דו אָאָך.

אַ רגע נאָר האָט דאָס קינד אין נתן חיימען געקריגן די אויבערהאַנט און געוואָלט זיך אַ שטרעק טאָן צו די מתנות, אויפקנעפּלען די קליאַפּע פון תפילין־זעקל, אַ מיש טאָן די בלעטלעך פון דעם קליינעם, גאָלד־געליישטן סידורל, זענען אָבער באַלד אָנגעשווומען אין אים אַלע זיינע תרעומותן און שטיל, אין אים, האָט עפּעס געזאָגט, ניין! גאָרנישט נעמען מער פון טאַטן! אפילו נישט קיין תפילין צו זיין בר־מצווה!

ווי תמיד, האָט אויך איצט יערמע דוד נישט באַנומען דעם בן זיינעם. ער האָט געמיינט אז נתן חיים רירט זיך נישט צו צו דער מתנה ווייל ער פילט זיך שולדיק, ווייל ער זעט איין ווי אומגערעכט ער איז, דעריבער איז ער פול מיט חרטה אויף דעם וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. האָט ער, דער טאַטע, געוואָלט אויסנוצן דעם שעת הכושר און אַביסל מדריך זיין ס׳ייגגל:

— ווּס דען ׳אָב יעך ג׳זאָלט טיען? האָט ער צוגעצויגן דעם זון נענ־טער צו זיך און, שוין אָפּן־שטראָפעריש, אים אונטערגעהויבן די גאָמבע, צו קאָנען אים קוקן גלייך אין די אויגן — יעך האָ׳ דעך ניש׳ ג׳אַט קא ברירה. די הייבסט זעך אָף אין פּו׳סט אַוועק מיט מאאנע תפילין?

— ווּס דען ׳אָב יעך ג׳זאָלט טיען? — האָט דאָס ייגגל שטיל זיך פאַר־ענטפערט. — פורן אָן תפילין?

— ני, ני, — האָט דער פאָטער אים א גלעט געטאָן אין פּנים, — אַבי בא קא פרעמדן ׳אָסטי ניש׳ גענימע׳. לויף קריק צים מיינסטער אין ברענג אַהעיע׳ דאנע זאַכן, פּארנאכט גייט א באן ׳ע מע׳ אהיימפאָרן.

נתן חיימען איז געוואָרן ענג אין האַלדז. דאָס ביסל צוגעלאָזנקייט, וואָס דער טאַטע האָט אים דאָ אַרויסגעוויזן, האָט אים געמאכט ווייך, שלאַבעריק. איין גאָט ווייסט אז ער וויל נישט צוריק ווערן קידער־ווידער מיטן טאַטן. ס׳איז אַזוי גוט אַז דער טאַטע נעמט אים אַרום, דריקט אים צו צום האַרץ.

ער וואָלט איצט אפילו געקאָנט דעם טאַטן א קוש טוען אין האנט ביים געזעגענען זיך מיט אים, האָט אָבער דאָס איינע וואָרט דעם טאַטנס: „אַהיימפֿאָרן”, אים קריק אָנגעשפּאַנט און, צוריק שטייף און דעצידירט, האָט ער א זאָג געטאָן:

— יעד ׳על ניש׳ אהיימפורן! — און שוין האָט ער זיך אַרויסגעשיילט פון טאַטנס אָרעמס און גענומען גיין צו דער טיר.

— קים נאָ׳ אַהעיע׳! — האָט אים דער פּאָטער אָנגעכאַפּט ביי אַן ארבל. — ניין, איז ניין! ווילסט ניש׳ פורן מיט מיע׳, ׳עסטי קימע׳ מאָרגן אַליין. קיינע׳ שלעפּט דיעך חלילה ניש׳. דע׳וואַאל אָבע׳ ברענג מע׳ קריק די תפילין. יעד האָ׳ דעך ניש׳ אין ווס צי דאַוועגע׳.

נתן חיים איז גיך אַרויס פון בלינדן יואלס שטוב. פייל אויסן בויגן איז ער געלאָפן צוריק אויפן וואָעל און שוין האָט ער געאיילט צוריק צו דער וואַרשעווער גאס מיטן פּאָטערס תפילין־זעקל אין האַנט.

דורך דער צייט וואָס נתן חיים איז דאָ נישט געוועז, האָט יערמע דוד איבערגעטראַכט צי ער זאָל נאָך פּרווון אַריינלאָקן דאָס ייִנגל מיטן געברענגטן אָבראַניעלע. פאָרנדיק אין דער באַן, האָט ער געמיינט ער וועט זיך דאָס איינשפּאָרן, און בלויז מיט די תפילין און סידורל, וועט ער נתן חיימלען אונטערקויפן. איין גאָט ווייסט ווי ער וויל נישט מיט די אייגענע הענט אונטערטראָגן דעם זון עשו׳ס הלבשה. אָבער אַז עס העלפט נישט? ער האָט ווייטער אַ פּרווו געטאָן:

— ני? ווּוס זוגסטי? ׳עסט פורן מיט מיע׳?

— ניין, — האָט נתן חיים שטיל, אָבער שאַרף אים געענטפערט.

— ׳על יעך דיע׳ ניש׳ איבע׳לאָזן די נייע תפילינדלעך מיטן סידורל.

— יעך וויל זיי סאַווי ניש׳, יעך קען דאַוונע׳ אין מיינסטערס תפילין.

יערמע דוד האָט אַ קוק געטאָן צום בלינדן יואל. דער ייִד איז די גאַנצע צייט געזעסן ווי פאַרגאַפּט. זינט ער לעבט האָט ער נאָך נישט געזען אַ ייִנגל מיט אזא שטעל, מיט אזא עקשנות. שטומערהייט, מיט אַ ווינק בלויז, האָט ער געפרעגט דעם האַלב־בלינדן ייִד: „ני? ווּוס זוגט עך צי מאַאַן סחורה? שוין איינמאָל א צאַצע, א יאָ?”. דאָך, אין מיטן גאַנצן אַמפערניש מיטן ייִנגל, האָט ער אָפּגעגעבן אַ שבח צו זיין ליבן נאָמען. וואָס טוט ער ווען דער קליינער זאָגט ער וועט איינגאַנצן נישט דאַוועגען? דעם מיינסטערס תפילין זענען דען קיין תפילין נישט?

אָט דער זאָג נתן חיימס, אז ער קאָן דאַוועגען אויך אין מיינסטערס תפילין, האָט יערמע דודן גאָר צענומען. דער באַגער צו האָבן דאָס ייִנגל אינדערהיים איז אין אים נאָך מער געשטיגן. אַ שיינע כלי, כל זמן זי איז גאנץ, אָן א שטשערב נאָך, דאַרף מען זי היטן, טאקע ווייל דאָס ייִנגל איז נאָך נישט קאַליע, טאָר ער אים נישט לאָזן אינדערפרעמד, אָן השגחה, איז,

זאָל שוין זיין אין דייטשמערישע מלבושים, אַבי א ייד! ער האָט ווידער צוגעצויגן דאָס יינגל צו זיך:

— ני, מילא, תפילין קענסטי דיע׳ לאַיען, אָבע׳ אָנטיעכץ? די גייסט דעך קרוע־בלוע? — ער האָט גיך אַ צעלייג געטאָן דאָס גאַרניטערל: — זעיסט ווס נאָך יעך האָ׳ דיע׳ ג׳ברענגט. ׳אָסט דעך אַלעמאָל געוואָלט האָבן אזא גארניטע׳.

נתן חיים האָט אויפסנייִ אויפגעריסן די אויגן. ער האָט געקוקט אויפן פאָטער, אויף דעם אָנצוגל, עפּעס האָט ער זיך נישט געקאָנט גלייבן דער טאַטע זאָל אים ברענגען אזא זאַך! מיט די הענט האָט ער טאַקע צו דעם אָנצוגל זיך נישט צוגערירט, אָבער דער בליק זיינער איז זשעדנע אויף דעם אַרומגעשווומען, עס באַטראַכט: אוודאי וויל ער שוין פון לאנג האָבן אזא אָנטועכץ. אָבער צוליב דעם צוריק אהיימפאָרן?

— יעך דאַרף נאָך ניש׳ קאַן אָבראַניעס. אברם יאנקל איז עלטע׳ פין מיע׳.

יערמע דודן איז געוואָרן ביטער אין מויל. ער האָט פאַרביסן די אונ־טערשטע ליפּ אַזש די באָרד זיינע, די רויטע, האָט זיך אים אונטערגעהויבן דיבאָם. אויך דאָס גארניטערל האָט נישט געהאָלפן!

די גאַנצע צייט, וואָס דער פאָטער האָט אַזוי געלאָקט נתן חיימען מיט מתנות, איז אברם יאַנקל געשטאַנען אָן א זייט א שטילער, ווי ער וואָלט גאָר דאָ נישט געווען. דער מוח זיינער האָט אָבער די גאנצע צייט געפיבערט. די אייביקע קנאה צום ברודער, וואָס זינט ער איז געבוירן געוואָרן, איז נאָר מ׳פאַרנעמט זיך מיט אים, שטענדיק האלט אים די מאמע אונטערן פאַרטעך, נאָר זי נעמט זיך פאר אים אָן: לערנען אין בית מדרש — דאַרף נתן חיימל, לערנען זיך שרייבן ביי נח לערער — דאַרף נתן חיימל! אָט די קנאה, וואָס אים האָט מען געלאָזט ווערן אַ שוסטער, בעת נתן חיימלען, ווי לייבל משהן, האָט די מאמע נאָר געוואָלט מאכן פאר א רב, די קנאה האָט זיך אין אים נאָך מער צעפּעכערט דאָ, אין ראָדעם. אָט זענען זיי ביידע אין דער פרעמד, קומט דער טאַטע צו נתן חיימלען מיט מתנות, צו פּועלן ביי דעם יחסן ער זאָל קריק אַהיימפאָרן און נישט דער מאַמען און נישט דעם טאטן פאַלט אפילו נישט איין צו וועלן אז אויך ער, אברם יאנקל, זאָל אהיימפאָרן און אים איז דאָך דאָ ביטער, דער מייגסטער, בערעלע יאָסקעס, שלאָגט דאָך אים מכות רצח, גיט אים נישט קיין עסן און לאָזט אים זיך וואַלגערן אויף שמאַטעס, אין מיסט, צווישן די ראַצן, אָן אפילו א שטיקל יילעך די לאַכעס איבערצודעקן, בעת אים, נתן חיימען, איז דאָ גוט, מ׳גיט אים עסנס, וואָס ער, אברם יאַנקל, האָט אפילו אין חלום נישט געזען און ער שלאָפט אויף אַ שעניק, וואָס די מיינסטראָווע בעט איין אין מיינסטערס בעט!

אברם יאַנקל האָט געפילט ווי ס׳ווערט אים ענג אין האַלדז. קוים איינ־האלטנדיק דאָס אָנגעשטאָנענע געוויין האָט ער זיך געטאָן אַ ריס צו דער טיר:

— יעך דאַרף ניש׳ קאַן אָבראַניעס! אז יעך ׳על מע׳ פאַ׳דינע׳ ׳על יעך מע׳ אַליין מאַכן!

יערמע דוד איז געבליבן זיצן אַ דערשלאָגענער. ער האָט זיך געשעמט צו קוקן דעם בלינדן יואל אין זיין איינציק אויג אַריין. אַ ביטערניש איז אים אָנגעשטאנען אין מויל. וואָס זאָל ער זאָגן? און וואָס זאָל ער רעדן? טאָמער האָט ער געהאַט וויניק דעם קידער־ווידער מיט נתן חיימען, האָט ער נאָך אויפגעבלאָזן א קנאה־שנאה צווישן די צוויי יינגלעך.

פאַרנאַכט, זיצנדיק אין באַן אויפן וועג אהיים, האָט ער געטראכט וועגן חנה לאהן, דאָס וייב זיינס, וואָס וועט זי איצט זאָגן? זי איז דאָך גערעכט געוועזן. זי האָט דאָך אים געוואָרנט ער זאָל נישט פאָרן. איז אָט פאָרט ער שוין צוריק. געפאָרן אַהין אויף אַן אייזערנער בריק און צוריק פאָרט ער אַן אָפּגעשמיסענער. אי פאַרשטונקענע פיש געגעסן, אי פון שטאָט אים אַרויסגעטריבן. דערצו נאָך האָט ער אָנגעיאָגט אַזאַ קנאה־שנאה צווישן די צוויי ברידערלעך!

# קאַפּיטל עלף

ווי דער הויף, אַזוי איז די שטוב ביי דעם מיינסטער, געווען גאָר אַ נייע וועלט פאַר נתן חיימען. אַ גוטער יונג, דער מעכעלע, דערצו נאָך א שטיקל לץ, האָבן מענטשן, בפרט משפחה, געקלעפּט אָן אים. צוליב אים איז מען אפילו געקומען צו דער מאמע זיינער, צו דבורהלע שליאָך. איצט, אַז גאָט האָט געהאָלפן, מעכעלע האָט חתונה געהאט און געגאַנגען פאַר־זיך, איז יעדער צו אים געקומען שעפּן נחת און נישט נאָר נחת, טייל פון זיי זענען גאָר געקומען צולייגן אַ קנייטל צום פייער, וואָס האָט געפלאַקערט צווישן מעכעלען און דער מאַמע זיינער און ממילא שוין אויך צווישן אים און די שוועסטערן, וואָס אַלע האָבן זיי געהאַלטן מיט דער מוטער און געווען אש להבה אויפן ברודער און נאָך מער אויף דער שוועגערן: „אַזאַ נאפּטשארקע! געקומען און צוגענומען דעם ברודער פון שטוב אַרויס!“.

באַלד אינדערפרי האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געגיי. דער ערשטער איז אַריינגעקומען דער עלטסטער ברודער מעכעלעס, דער הויכער בער, וואָס כאָטש פון איין טאַטן, איז ער געווען פּונקט דער היפּוך פון מעכעלען. ווי מעכעלע איז געווען נידעריק, ברייטלעך, געהאט אַ ווייס געזיכט, איינגעראַמט אין אַ שמאָל־פאַרשוירן זאַראָסטל, ווי א שווארץ רעמל ארום דעם שיינעם פּנים, דערצו נאָך צוויי גוטמוטיקע, שוואַרצע, לציש־אָפּלאַכערישע אויגן, אַזוי איז דער ברודער געווען א הויכער, ביינערדיקער ייד מיט ביסטרע קוקערס, שטענדיק אָנגעכמורעט, בייז, דערצו נאָך טונקלהויטיק, ווי אַ ירושלמי, איינער פון יענע מיסטעריעזע משולחים, וואָס ווייזן זיך פּלוצים אין בית מדרש, קיינער ווייסט נישט פון וואַנען און ווערן פּונקט אַזוי אומגע־ריכט פאַרשווונדן קיינער ווייסט נישט וווהין. דאָס פּנים ביי דעם הויכן בער איז געווען שמאָל און שאַרף ווי ביי אַ רויב־פויגל און די ליפּן זיינע, גראָבע, אַרויסשטאַרצנדיקע — ווי אַ ווייך־פלײשיקער שנאָבל, באוואקסן מיט בינטלעך האָר, וואָס נישט זיי זענען געווען אַ באָרד און נישט קיין וואָנסעס.

אַריינקומען פלעגט דער הויכער בער אינדערפרי, נאָכן עפענען די קראָם זיינע פון אַלט מעבל, וואָס ער האָט געהאַט אויפן וואָל, אין דעם אַלטן אָוואַלן ראד. ווי נאָר איינער פון זיינע פינף זין, אלע הויכע, טונקלהויטיקע, אָנגעכמורעטע ווי דער טאַטע, איז אָנגעקומען, האָט דער הויכער בער, אָנ־

שטאָט גייִן אהיים אין אנדערן עק שטאָט, זיך אריינגעכאַפּט צום ברודער אויפן וואָעל לייגן ביי אים טלית און תפילין.

געקומען איז ער,הייסט עס, דאַווענען, נאָר אָנשטאָט די תפילות, האָבן די שפּיציק־אָפּשטײיענדיקע ליפּן זיינע געפּאַטשט איבער די אייגענע ציין, הויכע, פאַרגעלטע און געשאָטן פּעך און שוועבל אויף דער שטיף־מאַמע, דבורהלע שליאַך, וואָס איז אין איין עלטער מיט אים און דערפּאַר טאקע האָט ער זי פיינט געקריגן ווי נאָר דער פּאָטער האָט מיט איר חתונה געהאַט און ער, אַ צוואָנציק־יאָריקער בחור, האָט געדארפט צוזען ווי ברייט און חוצפּהדיק זי צעלייגט זיך אין זיין מאַמעס הויז, אויף דער מאַמעס שטאָט אין שול, ווי זי טוט אָן דער מוטערס צירונג און פאַרנעמט דער מאַמעס האָב און גוטס:

— הערסט, מעכל, — האָט ער געדיכט און הייזעריק אַריינגערעדט אין ברודער און דערביי געהאַלטן אין איין פאַרהייבן צוריק די אַראָפּגעגליטשטע זייט פון טלית אויפן דאַרן, שפּיציקן אַקסל אַרויף, — דו הערסט? זי איז דאָך דיין מאַמע, ביסט דאָך איר מחויב כיבוד אם, נאָר כ'זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, איידער אזוינע מאַמעס.. לאָם איך שוין בעסער נישט רעדן!

— מאַאַנע רייד! — איז פערעלע, די מיינסטראָווע, געטאָן אַ לויף מיטן הויכן בויך פאַראויס. — דאָס טענה איך דאָך. אָן אייגענע מאַמע זאָל אזוי פּייערן? אַזוי שעלטן מיט טויטע קללות אָן אייגענעם זון? אָבער, שוואָגער, — האָט זי זיך כלומרשט געבעטן ביי דעם הויכן, ביסטרן ייד, — וואָס קאָן מעכל טיען? ער קען זיך דען אויסקלייבן אָן אנדערע מאַמע? — דערביי, שטיל אין הארץ, האָט זי צוגעגעבן: „כ'קאָן באַשטיין אז קלייבן זאָל מען שוין זי, מיט אירע טעכטער, אויפן בית־עולם אַרויס!".

מעכעלע האָט זיך נעבעך געפילט אין קלעם. ער איז געשטאַנען ביים טיש, געצייכנט מיטן קריידל דענקעלעך אויפן בלויען געוואַנט און זיך געביסן די ליפּן. זיי מעגן זיין טאקע גערעכט, פערעלע און דער ברודער, נאָר אים האָט געשניטן ס'האַרץ אויף דער מוטער, וואָס איצט, אויף די עלטערע יאָרן, האָט ער, מעכל, געמוזט אַוועק און לאָזן דעם ווערקשטעל מיט דער גאַנצער זאָרג פאַר פרנסה אויף אירע פּלייצעס. פאַר פערעלען כאַפּט ער זיך אמאָל ארויס מיט א שארף וואָרט אויף דער מאמען, פארן ברודער אָבער וויל ער נישט רעדן קיין שלעכטס אויף איר, ער איז אַ שטיף־זון, זיינע איז זי אָבער א לייבלעכע מאַמע, פאַרענטפערט ער זי:

— אומשטיינסגעזאָגט, ווער ס'איז זי מקנא! ז'עט זיך נעבעך געגנוג אָנמוטשען איידער יאָסל, דער מוזיניק, ועט קאָנען אָנפירן מיטן ווערקשטעל.

נאָכן הויכן בער האָט זיך אַריינגעוויזן ר' שילמל, אַ קליין יידעלע מיט גרויסע, שארפע אויגן און א לאנגע, ווייסע באָרד. פון דעם ר' שילמל האָט נתן חיים נישט געקאָנט אַראָפּנעמען די אויגן. זינט ער לעבט האָט ער נאָך

אַזאַ פּיצינקע מענטשעלע נישט געזען. ס׳גאַנצע יידעלע האָט קוים געגרייכט צו זיינע אַקסלען, כאָטש ער אַליין, נתן חיים, איז געווען אַ נידעריק־געוואַקסן יינגל. אַז דער ר׳ שילמל האָט זיך מיט גרויס מי אַרויפגעדראַפּעט אויף אַ שטול זענען אים די צוויי פיסלעך, אין די גלאַנציק־געפּוצטע שטיוועלעך, און דאָס שטעקעלע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין הענטל, געבליבן הענגען אין דער לופט. טאָמער האָט ער נישט געוואָלט זיצן נאָר איז געבליבן שטיין ביים טיש האָט ער געמוזט זיך שטעלן אויף די שפּיצן פינגער און פאַר־הייבן דעם קאָפּ צו קאָנען זען וואָס אויפן טיש טוט זיך. און גראָד דער קאָפּ איז ביי דעם ר׳ שילמל געווען אַ לייטישער, ווי ביי אַ באַלעבאַטישן ייד, א יוסטער קאָפּ אין א סאַמעטן קאַפּל אונטער א הויכן קאַשקעט מיט א ברייטער דענקע. דער שטערן זיינער איז געווען א הויכער, א לומדישער, מיט טיפע ווינקלען און אַזוי זענען די מלבושים זיינע געווען ציכטיקע, ווי ביי אַ תלמיד חכם, אָפּגעבאַרשטע, אָן אַ שטויבעלע אויף זיי, כאָטש דאָס קאַפּאָט־קעלע זיינס, אַ שוואַרץ־ריפּסן כאַלאַטעלע, וואָלט פּונקט גוט געווען אויף אַן אכט־יאָריק יינגל. דערפאַר אָבער איז זיין ווייב געווען העכער און דאַרער פון אַלע ווייבער, וואָס נתן חיים האָט דאָ געזען אַריינקומען און די זין זיינע זענען געווען הויכע, בערדיקע יידן, וואָס דער טאַטע זייערער, דער אַלטער ר׳ שילמל, מיט דער לאַנגער ווייסער באָרד, וואָלט זיי קוים געגרייכט צום אונטערשטן קנעפּל פון זייערע לאַנגע קאַפּאָטעס.

דאָס יידעלע, אַ קרוב מעכעלעס פון דער מוטערס צד, איז דאָ אַריינ־געקומען כדי צו לעשן אַביסל דאָס פייער, וואָס האָט שוין חדשים לאַנג געפלאַקערט צווישן זון און דער מאַמע:

— וויפל איז דער שיער צו זאָאן צעקריגט? — האָט ער זיך געגלעט מיטן קליינעם, יינגלשן הענטל די ברייטע, לאַנגע, ווייסע באָרד זיינע. — האַ? מעכל, וואָס זאָגסטי? האָסט שוין אינגאַנצן פאַרגעסן אָן כיבוד אם? געדענק, מעכל, ס׳גייען פאַרכטיקע טעג!

— און א מאַמע זאָל אַזוי שעלטן אַן אייגן קינד? — איז פּערלע געטאָן אַ לויף אָן פון דער פּליטע.

דער מיינסטראָוועס אָנלויף האָט נתן חיימען גאָר דערשראָקן. אָט, אָט און זי צעדריקט מיט איר גרויסן בויך דאָס פּיצינקע יידעלע.

— די וואַאַבל, — האָט ר׳ שילמל אַרויפגעקוקט צו דער גרויסער, שווערער מיינסטראָווע, — די ביזט טאַקע גערעכט. מ׳אָט דיר געגעבן א מאַן ווילסטי ער זאָל זעך מיט דיר באהעפטן ווי אין פסוק שטייט: ודבק באשתו והיה לבשר אחד. *)

---

*) און ער זאָל זיך באַהעפטן אין זיין ווייב און זיין צו איין לייב.

— דאָס זאָג יעד דעך ! — איז אים פּערעלע אַריינגעפּאַלן אין די רייד. אָבער דאָס קליינע יידעלע האָט א מאַך געטאָן מיטן הענטל און זי אָפּגעשטעלט אין איר שטראָם מיט תּרעומות. — די וואאבל, דאַרפסט זעך אָבער נישט מישן. צישן א מאמע מיט א זין טאָר זיך קיינער נישט אריינמישן!

פּערעלע איז געוואָרן רויט, אָנגעצונדן. די אויגן אירע, אזוי אויך פּולע, האָבן איצט אויסגעזען נאָך מער אַרויסגעבאָלט פון כעס. מעכעלע איז גיך צוגעלאָפן. אין אזא צייט איז נישט גוט פאַר איר זיך אויפצורעגן. ער האָט זי געגלעט, זי באַרואיקט, זי אָבער האָט געהעשעט:

— מיך קומט מען שטראָפן, אָבער זיי שטעלט זעך קיינער נישט אונטער צו זאָגן מוסר!

— די, וואאבל, 'אָ נאָ' ניש' מורא, — האָט דאָס קליינע יידעלע פון טיש־אַוועק געמאכט צו איר מיטן קינדישן הענטעלע, ווי ער וואָלט זי געגלעט, באַרואיקט:

— ניש' קשה, יעדך קלוג דאאן שוויגער גאנץ גיט דעם קאָפּ.

נאָך וואַרעמעס איז אריינגעקומען דער פעטער כאַסקל, דעם אלטן חיים יונהס ברודער. דער פעטער כאַסקל, אין איין עלטער מיטן הויכן בער, מיט מעכעלעס מאַמע, ער איז דאָ נישט געקומען קריגן אויף קיינעם און אויך זיך נישט אריינלייגן אין קיין שלום. די שוועגערן זיינע, די דבורהלע שליאָך, איז אים גאַנץ ווייניק אָנגעגאנגען.

אַריינגעקומען צום ברודערן־זון איז ער, ווייל ער האָט מעכעלען זייער גערן געהאט. א דימענטענער יונג, מיט א גאָלדן האַרץ, האָט ער, דער פעטער, ליב געהאט מיט אים צו שמועסן, זיך צוקוקן ווי ער נייט די היטעלעך, פאַר איין וועגס כאפּן אַ דרימל, מיטן קאָפּ אָנגעשפּארט אויפן אייגענעם אָרעם, אָן אָנגעלעגטער אויפן טיש. פארן אוועקגיין האָט ער גענומען ביי מעכעלען אַ גילדן פארן פאָטער. ער אליין, כאָטש ר'איז שוין אויך ווייט אין די חמישים, קאָן ער זיך דאָך גאנץ ווויל באַגיין אָן אַ טרונק בראָנפן. דער ברודער אָבער, מעכעלעס טאַטע, אַ זקן, נאָנט שוין צו די שמונים, ער קאָן אָן א ביסל אָקעוויט נישט לעבן. אין מיטן זומער איז אים, אָן אַ ביסל בראָנפן, קאלט ווי אין גרעסטן פראָסט. זיצנדיק אינדרויסן,ביים שענקעלע, שלאָפט ער איין ווי א הון אויף דער גזשענדע. זי, דבורהלע שליאָך, לאָ די וואָס זי גיט אים נישט אַ גראָשן, שרייט זי נאָך: — וואָס? בראָנפן דאַרף ער? דער אַלטער פיאַק! זאָל ער גיין צום זין זאַאַנעם!

לויטן הולך האָט דער פעטער כאסקל דערמאָנט נתן חיימען אָן מאָדזשי־צער פּורים־סוחר. ווי יענער, איז אויך ער נידעריק און אַביסל געבויגן. דאָס כאלאטל איז אויך ביי אים פאַרשטויבט און פאַרמעליקט און דאָס בערדל זיינס איז שוין גרוי ווי ביי יענעם, נאָר אָנשטאָט וואָס דער פּורים־סוחר זעט שטענדיק אויס פאַר'צער'ט, אַזוי איז דעם פעטער כאַסקלס פּנים

צעשמייכלט און די אויגן זענען ביי אים גוטמוטיק, לאַשטשענדיקע און אים, נתן חיימען, האָט ער גלייך צוגעאייגנט צו זיך, ווי ער וואָלט אויך אים געווען אַ פעטער. שוין דעם ערשטן טאָג האָט ער אים גענומען אויספרעגן:

— ׳אָסט עפּעס דאָ קרובים? און אין שקאָלע ביסטי געגאַנגען? וואָס? דאאן טאטע האָט נישט געלאָזט זאָלסט זעך לערנען שרייבן? ני, אין לשון קודש קענסטי כאָטש? ווייניק? וואָסזשע? ׳אָסט נישט געלערנט קיין פּסוק? אויך ווייניק? נאָר גמרא ׳אָסטי געלערנט? אוי, די קליינשטעטלדיקע צלאָפּעס!

נתן חיים האָט דעם ייד ליב געקריגן מער נאָך ווי אַן אייגענעם פעטער און דער פעטער כאַסקל אים האָט אויך האָלד געהאט, אים געשענקט אַ מעסערל מיט בלישטשעדיקן פּערלמוטער איינגעפאַסט אין די זייטלעך. ער האָט אים אפילו צוגעזאָגט צו פּועלן ביי זיין זון יוסף, אַ סטודענט אין די לעצטע קלאַסן גימנאזיע, ער זאָל אים לערנען שרייבן אַ יידיש בריוול, אַ רוסישן אַדרעס, אביסל חשבונען.

געהייסן האָט עס אַז דער פעטער כאַסקל האַנדלט מיט תבואה. אָבער ווי קאָן ער אין זין האָבן מסחר, אַז דער קאָפּ זיינער ליגט אים גאָר אין ארץ ישראל. אָנשטאָט די נאָז זיינע זאָל, ווי אנדערע יידישע נעז, אַרומשניפן דעם מאַרק, צו דערשמעקן אויף וועלכן וואָגן ס׳געפינט זיך אַ זעקל קאָרן, אַ זעקל ווייץ, אביסל קאָשע אָדער גערשטן, זענען גאָר זיינע אויגן אַריינגעטאָן אין דער „הצפירה״ צו זען וואָס סאָקאָלאָוו זאָגט דאָרטן, זיך צו דערוויסן וואָס אויף דער וועלט הערט זיך, ווער דער טערקישער סולטאַן לאָזן יידן האָבן ארץ ישראל? וועט פּעטערבורג שטערן? וועט בריטאַניע העלפן? אוי בריטאַניע, בריטאַניע! דו הערשערין איבער די ימים, געדענק! *) אם החרש תחרישי בעת הזאת, רוח והצלה יעמוד ליהודים ממקום אחר!

די מומע, דעם פעטער כאַסקלס ווייב, האָט אפילו געשריגן ער זאָל אַרויסנעמען די אויגן פון די גאַזעטן און בעסער זוכן א גילדן פּרנסה. אָבער וואָס וואָלט דען געהאָלפן ווען ער פאָלגט זי? גיי האַנדל מיט תבואה אַז די קעשענע איז ליידיק! בפרט איצט, ווען מ׳רייסט דעם ביסן פון יידס מויל. ער ווייסט וואָס ער רעדט, דער פעטער כאַסקל, ווען ער זאָגט „בעת הזאת״. אזא ביטערע צייט אויף יידן איז שוין לאַנג, לאנג נישט געווען. זינט דער באַיקאָט האָט זיך אָנגעהויבן, קאָן דאָך שוין דער ייד באַלד נישט אָטעמען. ווי נאָר ס׳שטעלט זיך דער יאַריד, יאַווען זיך באַלד שקצים, ווי שטשורעס

---

*) אויב שווייגן װעסטו שװייגן אין דער צייט, וועט דערלייכטערונג און רעטונג קומען פון אַן אַנדער אָרט.

פון די לעכער אַרויס. מיט פּאַלקעס אין די הענט שטעלן זיי זיך אַוועק לעבן די געוועלבער און לאָזן נישט א פויער איבערטרעטן די שוועל פון א יידישער קראָם. ווי שוואָמען נאָך א רעגן זענען אויפגעקומען זייערע „ספּולקעס״, די פּוילישע געוועלבער, אָנגעפּאַקט מיט אַלעם גוטן. אויף אַלע ווענט, ווו נאָר דער בליק פאַלט, האָבן זיי אויסגעקלעפּט פּלאַקאַטן מיט ריזיקן שריפט: „פּאָליאַקן! קויפט נישט ביי די זשידעס! געדענקט! סוואָי דאָ סוועגאָ, אָן אייגענער צו אייגענע!״ ס׳נאָך אַ גליק וואָס דער פּאָליאַק האָט מער האָנאָר ווי שכל, וואָס ער מיינט נאָך אַלץ ס׳איז אמאָל, ווען דער פויער איז אים געווען אַ לייב־אייגענער, א קנעכט. וויל טאַקע דער פויער ליבערשט האנדלען מיטן ייד. דער ייד באהאנדלט אים פּאָרט ווי אַ גלייכן, רעדט צו אים ווי צו אַ מענטש, בעת אין דער „ספּולקע״ מוז ער שטיין מיטן היטל אין האנט, ווי פּאַר פּריצים און באַהאַנדלען, באַהאַנדלט מען אים דאָרטן ווי אַ הונט. דערצו נאָך איז דער ייד צופרידן מיט א קלענערן ריווח, קאָן דער פויער קריגןביים ייד א גילדן מער אויפן זעקל קאָרן און קאָן ביים ייד קויפן מיט עטלעכע גראָשן ביליקער זיין קענדל נאַפט, דאָס פּעקל טיטון, דעם הערינג און זאַלץ, דאָס קעסטל שמירעכץ צו די רעדער און דעם טראָן צו זיינע שטיוול.

ער אַליין האָט זיך חלילה נישט וואָס צו באַקלאָגן. ווי די צייטן זענען ביטערע און יידן זענען נעבעך געצוווּנגען צו רייסן איינער ביים אַנדערן דעם ביסן פון מויל, לאָזן דאָך יידן אין מאַרק אים כאַפּן עטלעכע גילדן פּרנסה, אַמאָל אויך א פּאַרדינסטל ביי מעקלעריי. אַן אנדערן וואָלטן זיי טאַקע געוויזן אַ פייג. אים אָבער, פּאָרט ר׳ יחזקאל רייכמאַן!

איז אים טאַקע נישט געלעגן אין זין די פּרנסה. פּאַרטאָג איז ער געווען טאָג און נאַכט אין גאולה, אויסלייזונג. זינט דער באַיקאָט האָט זיך אָנגע־הויבן, טראַכטן יידן מער וועגן ארץ ישראל. נישט נאָר טאַטעס, אויך מאַמעס צאַפּלען זיך שוין נישט אַזוי ווען זיי הערן אז א זון זייערס גרייט זיך צו פּאָרן אין אַלט־נייעם לאַנד אַריין. האָט ער גענוג צו טאָן, ר׳ יחזקאל רייכמאַן. מ׳דאַרף זען אין וואָס מער יידישע שטובן זאָלן זיך געפינען פּושקעס פּאַרן קרן קימת, פּאַרן קרן היסוד. און אסיפות פון ציונים קומען אויך, ב״ה, גענוג פּאָר!

די ראָדעמער פּאָליציי האָט אפילו קרום געקוקט אויף די יידישע טועכצער פּאַר פּאַלעסטינע. זי האָט זיך אָבער געמאַכט נישט זען און נישט הערן. ערשטנס, האָבן יידן געגעבן אין יד אריין פּאָניע זאָל ווערן אַביסעלע בלינד. פון גובערנאַטאָר אין זיין פּאַלאַץ, אַנטקעגן דעם נייעם גאָרטן, ביזן מינדסטן סטראַזשניק אויפן וואָעל, האָט קיינער פון זיי נישט צוגעלייגט זייער באָבעס ירושה צום יידישן ראָדעם. פּאַרקערט, אַלע זענען זיי געוואָרן פעט, די בייכער זענען ביי זיי געוואַקסן און די קאַרקעס זענען געוואָרן רויט

פון יידישן בראָנפן און ביר, פון געבראָטן געגדזנס און געפילטע פיש. דער עיקר אָבער האָט זיך דער רוסישער נאַטשאַלסטווע געלוינט צו פאַרקוקן און זיך מאַכן נישט זען וואָס יידן טוען פאַר פּאַלעסטינע. די זשאַנדאַרמעריע האָט נאָך געהאַט געגנוג קאָפּ־דרייענישביים היטן די טליענדיקע פּייערלעך פון דער נאָר־וואָס אונטערדריקטער רעוואָלוציע, האָט זי געמיינט רעכט וואָס יידן ציען אָפּ זייער יונגוואַרג פון די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען. אַז דאָס יידישע יונגוואַרג וועט זיין פאַרטאָן מיט פּאַלעסטינע, וועט זיי נישט ליגן אין זינען צו מאַכן רעוואָלוציעס דאָ, אין פּוילן, אין רוסלאַנד. האָט דעריבער די פּאָליציי זיך געמאַכט נישט זען די אסיפות, וואָס יידן האָבן גערופן אין שטיבלעך, אפילו אין בית המדרש, אסיפות וואָס על פּי קאָדעקס האָבן זיי נישט געטאָרט פאָרקומען. און אויף די אסיפות ווער האָט געוועקט? גערופן די ראָדעמער יידן, געמאָנט ביי זיי, אויב נישט ער? יחזקאל רייכמאַן.

אויף איינער אזא אסיפה איז נתן חיים אומגעריכט געווען. געגאַנגען איז ער גראָד אין בית המדרש אַריין זאָגן א יום תהילים. זינט ער איז אַוועק פון דער היים און די השגחה פון טאַטן, פון דער מאַמען, פון שבתאי מלמד האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן, האָט נתן חיים דערפילט אַז די גאַנצע אחריות פאר זיין אויפפירן זיך, פאַר אַלע זיינע טועניש, ליגט איצט אויף אים אליין, אויף די אייגענע יינגלשע פּלייצעס, בפרט נאָך אַז ער איז שוין בר מצווה, ווען אַלץ וואָס ער טוט גייט שוין אויף אייגענעם און נישט מער אויפן טאַטנס חשבון. אמת, דער טאַטע איז נישט געווען מיט אים אין שול שבת, ווען דער מיינסטער האָט געפּועלט מ׳זאָל אים אויפרופן צו דער תורה און ער, דער טאַטע, האָט נישט געזאָגט איבער אים „ברוך שפטרני מעונשו של זה״, איז ער דאָך, נתן חיים, שוין אַ ייד פאַר זיך און ער טראָגט אַליין די אחריות סיי פאַר זיינע מצוות, סיי פאַר זיינע עבירות. דערצו נאָך רוקן זיך אָן די אלול־טעג, ווען אַ פיש אין וואַסער ציטערט, ווען יידן גרייטן זיך אָפּצו־געבן דין וחשבון. יעדן טאָג, נאָך מנחה־מעריב, איז שוין ס׳ראָדעמער בית המדרש געווען פול. יידן, וואָס א גאַנצן טאָג זענען זיי פאַריאָגט ביים וואַר־שטאַט, ביי וואָג און מאָס ארויסצושלאָגן ס׳בידנע ביסל פרנסה, האָבן איצט, אין די פארנאכטן, געלערנט משניות, אריינגעקוקט אין א ספר, געזאָגט בציבור תהילים.

אָט, דאָס בציבורדיקע תהילים־זאָגן, האָט נתן חיימען געצויגן אין בית המדרש אריין. אַזוי זאָגן תהילים האָט ער אין מאָדזשיץ קיינמאָל נישט געהערט. אינדערהיים, גראָד ווייל דער טאַטע איז געשטאַנען איבער אים, דערמאָנט און געמונטערט און געשלאָגן אים, האָט דאָס תהילים־זאָגן ביי אים קיינמאָל קיין טעם נישט געהאַט. דאָ אָבער האָט דאָס מתיקותדיקע תהילים־זאָגן פון אַן עדה יידן אים צענומען. יעדעס וואָרט איז אים אַריין אין האַרץ, געעפנט דאָרטן פאַרבאָרגענע טירעלעך, וואָס ער האָט גאָרנישט

געוווסט פון זיי און איידער ער האָט זיך אַרומגעקוקט איז ער שוין געווען אַריינגעכאַפּט אין דעם געוויג פון דער גאַנצער עדה און עפּעס איז אים געוואָרן אַזוי גרינג אויפן געמיט און ס'האַרץ איז אים צעגאַנגען פון מתיקות און צוזאַמען מיט דער עדה האָט ער אויפגעהויבן זיין קול: *) ותן לכל איש ואיש די פרנסתו ולכל גויה וגויה די מחסורה!

נייך, נתן חיים האָט נישט געקאָנט אַזוי גיך ווי אברם יאַנקל, אַראָפּוואַרפן פון זיך אַלע יאָכן, צעברעכן אַלע צוימען, אומוואַרפן אַלע סייגים, וואָס דער טאַטע, די מאַמע, דאָס חדר און דאָס בית מדרש האָבן אַרום אים אויפגעשטעלט, אין אים איינגעקנאָטן און מיט זיי אים געבונדן. גראָד ווייל דער טאַטע איז דאָ נישט געווען לעבן אים צו דערמאָנען און צו מאָנען, האָט ער אליין גענומען אויף זיך דעם יאָך פון יידישקייט. ער האָט טאַקע נישט געהאט דאָ קיין צייט אין מיטן דער וואָך זיך אַוועקצוזעצן לערנען א בלאַט גמרא, האָט ער כאָטש יעדן באַגין געהיט דאָס לייגן תפילין, פאַרנאַכט געדאווענט מנחה־מעריב און שבת מעביר געווען די סדרה ווי אינדערהיים, שנים מקרא ואחד תרגום, און ער איז אויך געבליבן אין די אָוונטן אין בית מדרש צו זאָגן אַ יום תהילים בציבור. איז גראָד איינמאָל, אין מיטן תהילים־זאָגן, צוגעקומען דער פעטער כאַסקל:

— וואָס טיסטי דו? זאָגסט תהילים? גוט אַזוי, זאָג, זאָג, — און ער האָט אים געגעבן א גלעט אין באַק, וואָס נאָך אזא האָט ער בלויז איינמאָל אין זיין לעבן געקריגן פון טאַטן בעת דער שבעה, ביים הויכן אייזיק אין שטוב, ווען די מאַמע, אָנשטאָט שבעה־זיצן צוזאַמען מיטן טאַטן נאָכן שוועסטערל, איז זי גאָר געלעגן אין קימפּעט און ער און אַלע קינדער זענען געווען מסוכן שלאַף. ער האָט דענסטמאָל חרטה געהאט אויף דעם שטענדיקן זיין קידער־ווידער מיטן טאַטן און זיך צעוויינט: „כ'על שוין נישט מער", האָט אים דאָס דער טאַטע געטאָן א גלעט אין באַק ווי איצט דער פעטער כאַסקל.

אָט דער גלעט אין באַק האָט נתן חיימען אַרויסגעריסן פון זיין תהילים־זאָגן. מיט ליבשאַפט אין די אויגן האָט ער נאָכגעקוקט דעם פעטער כאַסקל, וואָס אָט איז ער געווען לעבן אים און אָט שפּאַנט ער שוין איבערן בית מדרש, פון כיור צום אָרון קודש און באַלד צוריק. אָן איינגעבויגענער, פאַר'מוח'ט, די ווייסע, איידעלע הענט פאַרלייגט אַהינטער, שפּאַנט ער אזוי הין און צוריק, ער זעט, דאכט זיך, קיינעם נישט, ווי ער וואָלט גאָרנישט געווען דאָ, אין בית מדרש, נאָר ערגעץ אין ווייטע, אויסגעחלומטע וועלטן.

*) און גיב צו יעדן מענטש גענוג זיין פרנסה און צו יעדן גוף און גוף גענוג זיין באַשיצונג.

דעם אָוונט, נאָכן תהילים־זאָגן, איז שוין נתן־חיים נישט באַלד אוועק אהיים, צום מיינסטער. זיין נייגיריקע נאָז האָט אים שוין אונטערגעזאָגט אַז עפּעס דאַרף דאָ, אין בית מדרש, פאַרקומען. עפּעס האָט ער באַמערקט אַז איידער נאָך די תהילים־זאָגער, די משניות־לערנער זענען זיך צעגאַנגען אַהיים, האָבן שוין אָנגעהויבן קומען אנדערע יידן, נישט אין אַזעלכע לאנגע קאַפּאָטעס, טייל פון זיי — אפילו קורץ געקליידט, אין קאַפּעליושן, הארטע און ווייכע. און די עטלעכע יידן צווישן זיי, אין די לאַנגע קאַפּאָטעס, האָבן נישט געקלאַפּט אין טיש אַריין ווי אַמאָל אַבעלע, אין מאָדזשיץ, ביים רב אין בית־דין־שטוב, ווען ער האָט געשריגן: [1] „עוקר מן השורש זיין דאַרף מען זיי, די פושעים, צוזאַמען מיט זייערע לשון־קודשדיקע בלעטער". דאָ האָט קיינער קיינעם נישט געוואָלט עוקר מן השורש זיין. פאַרקערט, דער פעטער כאַסקל, כאָטש ער זעט אויס אינגאַנצן ווי דער מאָדזשיצער פורים־סוחר, איז דאָ געשטאַנען אויבן־אָן. ער האָט נישט געהאַמערט מיט דער פויסט, נישט געוואָרן רויט פון כעס ווי אַבעלע. אמת, אויך זיין, דעם פעטער כאַסקלס פנים האָט געפלאַמט, אָבער דאָס איז נישט געווען דער פלאַם פון האַס און כעס נאָר פון ליבשאַפט, פון טיפן גלויבן אין אַ גרויסן חלום, אין אַ וויזיע פון גאולה און אויסלייזונג, וואָס מוז און וועט קומען. ווי די פריערדיקע יידן פון תהילים אַזוי זענען די איצטיקע יידן, אַרום און אַרום דעם לאַנגן בית מדרש־טיש, געווען פאַרפלאַמט פון די רייד פון ר׳ יחזקאל רייכמאַן, וואָס איז געשטאַנען אויבן־אָן און גערופן:

— חברים, ציונים! [2] עד מתי? ס׳איז דאָך שוין [3] באו מים עד נפש; דער באַיקאָט רייסט ס׳שטיקל ברויט פון אונדזער מויל. אונדזערע קינדער ווערן פון אונדז אָפּגעריסן אין פרעמדע מחנות אַריין. אויף װען וואַרטן מיר? [4] קומו, לכו ונלכו!

נתן חיים איז געווען באַרוישט, צעטראָגן. קיינמאָל האָט ער נישט געהערט אַזעלכע רייד. אין זיין דמיון איז אים דער פעטער כאַסקל פאָרגע־קומען ווי אַ נביא. אַזוי האָבן אַוודאי די נביאים אַמאָל געוועקט דאָס פאָלק, גערופן נישט אָפּצוקערן פון גאָטס וועגן, צו געדענקען אַז יידן זענען אַ [5] ממלכת כהנים וגוי קדוש!

---

[1]) אויסרייסן מיטן וואָרצל.

[2]) ביז ווען?

[3]) ס׳וואַסער איז דאָך שוין ביים האַלדז.

[4]) לאָמיר אויפשטיין און לאָמיר גיין.

[5]) אַ מלוכה פון כהנים און אַ הייליק פאָלק.

# קאַפּיטל צוועלף

כל זמן קיינער פון דער היים איז נאָך צו אים נישט געהאַט געקומען, האָט זיך נתן חיים געפילט ביי דעם מיינסטער ווי אויף דערווייל. ער טאַקע ביי זיך האָט געוווסט אַז פון דאַנען וועט ער שוין אַזוי גיך נישט אַהיימ־פאָרן, דאָך האָט זיך אים אויסגעוויזן אַז ער איז דאָ בלויז אויפגעכאַפּט. ערגעץ־ווו האָט נאָך דאָס קינד אין אים געהאָפט און געוואָלט אַז די מאַמע זאָל צו אים אַהערקומען און אים בעטן ער זאָל קריק אַהיימפאָרן.

נאָר דאָס איז געווען פריער. איצט אָבער, אז לייבל משה איז שוין דאָ געווען און אים אָנגעדונגען אויף דער רעשט זומער, אויף דעם גאַנצן ווינ־טער, אַזש ביז פּסח! פאַר גאַנצע פופצן קערבלעך, און אָנשטאָט דער מאַמען, איז גאָר געקומען דער טאַטע, איז נתן חיים אַרומגעגאנגען א צעטומלטער. עפּעס האָט אים אי הנאה געטאָן, אי אים געקרענקט. פון איין זייט האָט ער זיך געפרייט וואָס ער איז שוין א גרויסער, פאַרדינט שוין אויפן אייגענעם אויסקומעניש, און דער עיקר, וואָס דער טאַטע אַליין האָט זיך צו אים מטריח געווען קיין ראָדעם, נאָך דערצו מיט אַזוינע מתנות און ער האָט אים, דעם טאַטן, געזאָגט „ניין״! ער פאָרט נישט מיט אים צוריק אַהיים! פון דער אַנדערער זייט איז ער געווען געפאַלן ביי זיך, שפל, געוויינט אויפן געלעגער, וואָס די מאַמע קומט נישט צו אים, וואָס ביי איר איז רעכט ער זאָל זיך וואַלגערן אינדערפרעמד.

מיט דער צעטומלעניש איז אין אים אָנגעשטאַנען אַ פאַרלוירנקייט, די פאַרלוירנקייט פון אַ קליין יינגל אין אַ גרויסער, פרעמדער שטאָט, און מיט דעם — אַ בענקשאַפט צוריק קיין מאָדזשיץ, צו דער אייגענער היים, צו דער מאַמען און די שוועסטערלעך, צו באָלעקן, און, ווי אויסטערליש! אויך אַ בענקשאַפט נאָכן טאַטן, נישט אַזוי נאָכן טאַטן, ווי נאָך דעם געפיל, וואָס א יינגל האָט, וויסנדיק אַז ער איז נישט אַליין, אויף אייגענעם באַראָט, אַז עמעץ, ווען אפילו א בייזער טאַטע, וואַכט איבער אים, האָט אויף אים השגחה, זאָרגט וועגן זיינע באַדערפעענישן.

טאָמער האָט ער נאָך געהאָפט אַז די מאַמע וועט דאָך צו אים קומען, האָט זי גאָר באַלד נאָכן טאַטנס זיין ביי אים, צוגעשיקט אים מיט אַ געלעגנ־הייט זיינע זאַכן: דאָס שבתדיקע קאַפּאָטקעלע, אַ גריך־אָפּגעבליאַקעוועט סאַקל, אַן איבערגענייטס פון אַן אלטן בגד, נאָך עטלעכע העמדלעך און א

צווי פּאָר אָניטשקעס אויף ארומצוווויקלען די פיס אין זיינע אייביק צו־גרויסע שטיוול אַריין. זי האָט אים אויך געשיקט אַ זעקעלע מיט קיכלעך און מאַנדל־ברייטלעך, וואָס אַזעלכע באקט זי נאָר אויף יום־טוב. אין דעם פּעקל האָט זי צוגעלייגט א בריוול, וואָס זי דיקטירט און ברײנדל, די קרובה, שרייבט פאַר איר:

מאאן טייע׳ קינד, האָט זי אים געשריבן, לאנג לעיבן אין געזינד זאָלסטו מיע׳ זאאן, צים עיעש׳ט פין מאאן שראאבן קים יעך דיע׳ צי בענאַכריכטען פין אינזע׳ ליעבען געזינד דאָס נעמלעכע פון דיע׳ צי העירען ביז עיוויג אין עיוויג אָמן. צווייטענס קען יעך דיע׳ שרייבען דאָס די קינדע׳ געזינד אין שטאַרק זאָלען זיי זאאן, בענקען נאָך דיע׳ סכנות נפשות. זיי פרעיגען אַללע טאָג ווען קימט שוין נתן חיים געזינטעהייט אהיים. אָבע׳ יעך דאַנק אין לויב זאאן ליבען נאָמען וואָס עיע׳ האָט דיע׳ ציגעשיקט אַ גיט אָרט מיט א ליעבען מיינסטע׳ אין מיינסטעראָווע זאָלען לעיבען אין געזינד זאאן. אין דעים זכות וואָס זיי זענען גיט צי מאאן קינד זאָל דער אייבע׳שטע׳ זיי העלפען זייערע קינדע׳ זאָלען באַהיט זאאן פין כל שלעכטס זיי זאָלען ניש׳ דארפען זאאן אינדע׳ פרעמד. נאָך בעיט יעך דיעך מאאַן ליעב קינד זאָלסט געיבען אברם יאַנקלען העלפּט פין די קיכלעך. יעך העיע׳ אז עים איז נעבעך ניש׳ גיט באַ זאאַן מיינסטע׳. מ׳גיט עים דאָרטן ניש׳ צ׳עסען. עך זאָלט אָאָך געיבען עטלעכע קיכלעך צי לייבעל משהן, עיע׳ וועיע׳ט נעבעך פאַרשוואַרצט בא די זעלנע׳ אין זיי גייען עים אוועקשיקען קיין טיעף ראסיי אז ווי דע׳ מאמעס הארץ. ע׳ זאָל כאָטש דאָרט זאאן צישן אידען אין עך זאָלט למען השם אהיימקימע אויף סוכות ווי עס ווינטשט ענק ענקע׳ מיטע׳ חנה לאה.

איצט נאָכן דערהאַלטן דאָס טלומיקל מיטן בריוול, האָט נתן חיים איינ־געזען אז ער איז אין ראָדעם אויף גוט, נישט מער אויף דערווייל, אז די מאמע וועט שוין אזוי גיך נישט קומען אים אַהיימבעטן, אז ער מוז זיך דאָ איינהיימישן, זיין פּאָלגעוודיק, מ׳זאָל אים דאָ וועלן האַלטן, נישט ווי אברם יאַנקלען, וואָס בערעלע יאָסקעס סטראַשעט אַז אין מיטן זמן וועט ער אים אַרויסטרייבן.

כאָטש, וואָס אַן אמת, צו־גוט איז אים ביי דער מיינסטעראָווע נישט געווען.אַ יונג ווייבל אין די הויכע חדשים, פאַרפּיעשטשעטביים מאַן, וואָס איז אפשר מער ווי אויף צען יאָר עלטער פון איר, האָט זי אים כסדר געמאַכט אַ מענטליק און אים נאָר דערמאָנט אַז ער האָט נישט גענומען אין איר עפּעס דאָרטן אַ פּראָסטע מויד, א קוכטע, וואָס דאַרף אליין אלץ טאָן אין דערווירטשאַפט, בפרט אַז קיין דינסטמיידל גיט ער איר דערווייל נישט

און זי דאַרף נאָך שטיין פאַרן טויער אריינצורופן אַ קונה אויך, און כדי דער קונה זאָל נישט אַוועקגיין, באַדינט זי אים, טוט אים אָן דאָס היטל, טראָגט אים צו דאָס שפּיגעלע, און אַז זי טוט נאָך אַ שמייכל און מאַכט דעם שגץ אַ קאָמפּלימענט אַז ער איז אַ „פּזשיסטאָיני כלאָפּ", אַ שיינער יונג, הייסט עס, וועט שוין דער גוי פון שטוב נישט אַרויסגיין: ער וועט איר שוין באַצאָלן וויפל זי בעט. מעג זי זיך דאָך כאָטש באַהילפיק זיין מיטן לערניינגל, מיט אים, הייסט עס, נתן חיימען, ער זאָל איר אָפּוואַשן ס'געפעס, גיין פאַר איר אין מאַרק איינקויפן, אָפּשווענקען די פּאָדלאָגעס אויף שבת. (ביי איר הייסט עס „אָפּשווענקען", אינדעראמתן ווערט ער אַוועקגעלייגט יעדן דאָנערשטיק ביים סקראָבען זיי). אמת, זי גיט אים פאַר דעם אַ קניפּ אין בעקל און טיילמאָל דריקט זי אים צו צו זיך, אַז ס'קומט אים ס'בלוט אין פּנים פון בושה. זי טשאַקעט אים: „אוי, נתן חיים, ביזטי אַ טייער יינגל!" זי ווינטשט אפילו דער מאַמען ס'אייביקע לעבן, וואָס זי האָט אים געלערנט אַזוי גוט בייהילפיק צו זיין אין קיך, כאָטש די מאַמע האָט אים קיינמאָל נישט געלאָזט טאָן אַזעלכע זאַכן. די מאַמע האָט גאָר געזאָגט אַז פון אַזעלכע טועכצער קריגט אַ יינגל אַ פארשטאָפּטן קאָפּ און ער פאַרגעסט ס'לערנען. אָבער וואָס קומט אים אַרויס פון די אַלע לויבענישן אַז קיין געניוג עסן האָט זי אים נישט געגעבן. זי גיט אים טאַקע אויף אָנבייסן ברויט מיט פּוטער און אַ גלאָז זיסע ציקאָריע, אויף וואַרעמעס ווידער אַ שטיקל ברויט מיט פּוטער און אויף וועטשערע — פּערפּל מיט צוקערבאָבעס און אַ שטיקל פלייש, פונדעסטוועגן איז ער שטענדיק הונגעריק. עפּעס נאָגט אים כסדר אונטערן לעפּעלע די פּרעמדקייט, דאָס שעמען זיך צוצוגיין און אַליין זיך אָפּשניידן אַ שטיקל ברויט. ביי דער מאַמע האָט ער טאַקע נישט געהאַט קיין פריש־געבייטלט ברויט מיט פּוטער, אויך נישט קיין פּערפּל מיט יויך אינדערוואָכן, דערפאַר אָבער האָט אים די מאַמע גאָר נישט צוגעטיילט, ווי די מייסטעראָווע טוט דאָס. ער האָט געקאָנט שניידן און עסן פון דעם שוואַרץ־קאָרענעם ברויט, וואָס די מאַמע האָט יעדן דאָנערשטיק געבאַקן צוזאַמען מיט די שבתדיקע חלות, וויפל נאָר ער האָט געוואָלט. כאָטש אָן פּוטער, נאָר בלויז מיט אייל, אָנגעריבן מיט אַ ציינדעלע קנאָבל, צי גאָר מיט אַ שטיקל ציבעלע, איז אים דאָך די מאַמעס פּאָשע געווען ליבער און זי איז אים בעסער באַקומען. דעסגלייכן אויבסט. טייל־מאָל, אין מיטן טאָג, דערמאָנט זיך די מייסטעראָווע אים צו געבן אַן עפּעלע, אַ באַרנדל. די מאַמע אָבער האָט אים נישט צוגעטיילט קיין אויבסט, בפרט נאָך איצט, פאַר די יום־טובים, ווען די טישלעך אין מאַרק ברעכן זיך אונטער דער שפע פון עפּל און בארנעס און מאַרעלן און אַלערליי בערע־לעך און מאַלינעס און ערשט די פלוימען, גרינע און שוואַרצע, פּורפּורנע און טונקל־בלויע ווענגערקעס, וואָס דער טוי רוט אויף זיי.

אין די פרימאָרגנס, אויף זיין וועג צום איינקויף, בלייבט ער שטיין אַ פאַרגאַפּיעטער אין מיטן מאַרק. די אויגן עסן די באַלאָדענע טישלעך מיט אויבסט. ס׳האַרץ נאָגט, ס׳מויל וואַסערט. נישט ער האָט דאָ קאָזשמינסקיס סאָד, ווו ער און באַלעק האָבן געקאָנט קריכן אויף דיביימער און רייסן וואָס זייער האַרץ גלוסט און נישט ער האָט אַ גראָשן זיך עפּעס צו קויפן. כאָטש נעם און גנבע. וויאַזוי מ׳גנבעט ווייסט ער גראָד גאַנץ גוט. נישט איינמאָל האָט ער זיך צוגעקוקט ווי דער זנוידאַק אין מאָדזשיץ האָט געגנבעט פון די טישלעך אַראָפּ. נחומל זנוידאַק האָט כלומרשט געהאַלטן די הענט אין די קעשענעס און א מענטש מיט די הענט אין זיינע אייגענע קעשענעס קען דען גנבענען ביי יענעם? זענען אָבער די קעשענעס אין נחומל זנוידאָקס בגדל געווען אויסגעריסן און די הענטלעך זיינע, הינטער די פּאָלעס — פריי. ער איז כלומרשט פאַרבייגעגאַנגען אַ טישל, נאָר אומגעזען האָט דאָס הענטל פון הינטער דער פּאָלע, מיטגעצויגן אַ זעמל, אַ באַרנע, אַ הענגל פייגן, אַ שטיקל שאָקאָלאַד און דאָס אַלץ אראָפּגעלאָזט אין די הויזן־קעשענעס, וואָס זענען שוין גאָרנישט געווען אויסגעריסן נאָר גראָד טיפע און גאַנצע.

אויך ער, נתן חיים, וואָלט דאָ געקאָנט גאַנץ לייכט נאָכטאָן דעם זנוי־דאָק. ער דאַרף נאָר אויסרייסן די רעכטע קעשענע אין כאַלאטל, נעמען דאָס קריגעלע פון סמעטענע און דעם קויבער פון גרינס אין דער לינקער האַנט און פּאַוואָליע דורכגיין אַ טישל זייער נאָנט...

כאָטש געטאָן האָט ער דאָס נישט, האָבן שוין די ציין אין מויל אָנגעהויבן ציטערן און ס׳האַרץ צו קלאַפּן ווי ביי אַן אמתן גנב. אים האָט זיך שוין געדאכט אז די זיצערקע האָט אים געכאַפּט ביי דער האַנט און דער גאַנצער וואָעל מיט מענטשן איז זיך צונויפגעלאָפן אויף אירע געשרייען, אויף איר פליאַסקען אים מיט ביידע הענט איבער די באַקן און איר שלעפּן דאָס געגנבעטע אויבסט פון זיינע הויזן־קעשענעס.

פון בענקשאַפט נאָך דער היים האָט נתן חיים אויפגעהערט צו קאָנען איינשלאָפן. ער איז געלעגן אויפן אויסגעבעטן טיש, אין מיטן שטוב, געגאַ־פּיעט אין דער פינצטערניש, זיך איינגעהערט אין יעדן שאָרך פון אַ שכנישער שטוב, אין ווילדן געלויף פון בולדאָג איבערן הויף, אין זיין רציחהדיק בילן, נישט ווי אַמאָל זיין וואַצוש, דאָס רויטלעכע הינטל וואָס האָט געבילט אַזוי דיק, אַזוי איידל, שיער נישט ווי אַ קינד וואָלט געוויינט אין דער נאַכט אַריין.

אין די נעכט האָט זיך נתן חיים פאַרקלערט פאַרוואָס אים קומט אַזוי יונג שוין צו זיין אין דער פרעמד, פריער נאָך פאַר אברם יאַנקלען. פאַרוואָס האָט זיך דער טאַטע אזוי אָנגעזעצט אויף אים? וואָס ער האָט געטאָן האָט נישט געטויגט. איז ער געגאַנגען מיט די הענט אינדרויסן, האָט דער טאַטע געשריגן: וואָס וויגסטי מיט די הענט! האָט ער געהאַלטן די הענט אין די

קעשענעס, האָט ווידער נישט געטויגט, כאָטש דער טאַטע אַליין האָט אויך געהאַלטן די הענט פארשטעקט אין די קעשענעס. איז ער אמאָל געגאנגען פאַרטראכט, האָט אים דער טאטע דערמאָנט אז ער גייט מיט די הענט אויפן הינטן, און אַליין האָט ער געהאַט א טבע אזוי צו גיין. די לעצטע צייט האָט ער גאָר אויסגעפונען אז ער הייבט נישט אויף די פיס ביים גיין, אז ער רייבט אויס די זוילן און אַליין האָט ער געשלעפּט די פיס אז מ׳האָט אים, דעם טאטן, געהערט גיין פון ווי ווייט!

אָפטמאָל האָט ער זיך צעוויינט אויף זיין ביטער מזל, אויף דעם וואָס די מאַמע קומט אפילו נישט געוויזיער ווערן ווי אים דערגייט דאָ. אים איז איינ־געפאַלן אז נישט אַנדערש נאָר די מאמע איז שלאָף פון בענקעניש נאָך אים, אז אַלע שוועסטערלעך זענען שלאָף. וואָלט ער כאָטש געקענט אָנשרייבן אַ בריוול צו דער מאַמען, צו באָלעקן, האָט אים אָבער דער טאַטע נישט געלאָזט גיין צו נח לערער זיך לערנען שרייבן. אין אַלץ איז אים שולדיק דער טאַטע! אפילו צום פעטער כאַסקל האָט ער איצט געהאט תרעומות. פאַרוואָס האָלט ער נישט קיין וואָרט? ער האָט אים צוגעזאָגט אז דער זון זיינער, יוסף, דער סטודענט מיט די לאַנגע, שוואַרצע האָר און דאַר, אויסגעבלייכט פּנים, וועט אים לערנען שרייבן. אָבער נישט ער הערט און נישט ער זעט אים. זאָל ער אפשר בעטן דעם מיינסטער, ער זאָל פאַר אים אָנשרייבן אַ בריוול? ער וועט אים דיקטירן, ווי די מאַמע דיקטירט ברײַנדלען:

„צי מאַאַן ליעבע׳ מאַמע זאָל לעיבען אין געזינד זאַאַן. זאַ וויסן, טייערע מאמע, אז יעך בענק זייער אהיים״. דאָ האָט זיך דאָס דיקטירן זיינס גלייך אָפּגעשטעלט. ס׳וועט דאָך נישט טויגן! דער מיינסטער וועט דאָך אים פרעגן: אַזוי גאָר? דו בענקסט אַהיים? פאַרוואָס בענקסטו? ס׳איז דיר דאָ שלעכט? מ׳באַהאַנדלט דיך נישט גוט? און וועגן עסן: ווי קאָן ער הייסן דעם מיינסטער שרייבן אז מ׳גיט אים נישט דאָ גענוג עסן, אז ער איז שטענדיק הונגעריק, אז ס׳גייט אים אויס ס׳חיות נאָך אַן עפּעלע, נאָך א באַרנדל. ס׳עט דאָך הייסן גע׳מסור׳ט!

און אַ בריוול צו באָלעקן וועט ער דען קאָנען פאַר אים שרייבן? און גראָד באָלעקן האָט ער אַזויפיל צו דערציילן! ווי וווּיל ער איז פאַרן אָפּפאָרן פון דער היים נישט געגאנגען מער אויף די לאָנקעס, ציט אים ס׳האַרץ אַהין. דאָס ראַפּטומדיקע ווערן איינגעשפּאַנט פון באַגין ביזן שפּעטן אָוונט ביי אַ מאַשין, צו אַ גליאיק פרעס־אייזן, צו אַלערליי טועכצער פאַר דער מיינסטעראָווע ביי איר פליטע, אָט דאָס אַלץ האָט אין נתן חיימען אַרויסגערופן אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט, אַן אומגעשטילט גאַרן נאָך די מאָדזשיצער לאָנקעס, ווו ער און באָלעק האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די געפּענטעטע פערד, זיי געקיצלט מיט די פיס אין די זייטן און ווילד הנאה געהאט ווען די סוסים האָבן גענומען האָצקען אויף די געפּענטעטע פיס און זיי, די צוויי רייטער, האָט זיך געדאַכט

אז זיי זענען צוויי דראַגונער, וואָס טראָגן זיך אין ווילדן גאַלאָפּ און שרייען: „בערגיס! בערגיס!".

איינמאָל, אין אזא שלאָפלאָזער נאַכט אויפן געלעגער, איז נתן חיימען איינגעפאַלן אז ער דאַרף גאָרנישט דעם פעטער כאַסקלס זון. ער קאָן זיך אליין אויסלערנען שרייבן. דעם אלף־בית קען ער דאָך, וועט ער פּרווון שרייבן.

ווי תמיד, ווען נתן חיימל האָט עפּעס ביי זיך אָפּגעפּאַסט, האָט ער אויך איצט, שוין אויף צומאָרגנס, זיך איינגעשאפט אַ שטיקל בלייפעדער און אַ געווירעט בייגעלע פּאַפּיר און פאַרנאַכט, ווי נאָר מ'האָט אַוועקגעלייגט די ארבעט, אָנשטאָט גיין אין בית מדרש אַריין תהילים־זאָגן, האָט ער אין שטוב אָפּגעדאַוונט מנחה־מעריב און זיך אַוועקגעזעצטביים טיש איבער דעם בייגעלע פּאַפּיר מיטן בלייערל אין האַנט.

די ערשטע צוויי אָוונטן האָט ער די שרייב־לערע געטאָן בגנבה. עפּעס האָט ער אי מורא געהאַט, אי זיך געשעמט פאַרן גרויסשטאָטישן מיינסטער און דער מיינסטעראָווע, וואָס ביידע זענען זיי אוודאי געגאַנגען אין די שקאָ־לעס און זיך דאָרטן געלערנט פּויליש און רוסיש און דאַטש און פראַנצייזיש און וואָס נישט? שעמט ער זיך זיי זאָלן זיך דערוויסן אז ער קען אפילו נישט שרייבן קיין יידיש בריוול צו דער מאַמען.

דורך אַלערליי אויסריידן איז נתן חיימל אין די אָוונטן געבליבן אין שטוב. אים איז נאָר אַ שאָד געווען, וואָס ער איז דאָ נישט אָנגעקומען אָנהייב זמן. ווי ער הערט, פלעגט דער מיינסטער מיט דער מיינסטעראָווע דעמאָלט גיין יעדן פאַרנאַכט שפּאַן לופט אין נייעם גאָרטן. ער וואָלט דאַן געווען גע־קאָנט זיצן אומגעשטערט אין שטוב און זיך לערנען. איצט אָבער, אַז די מיינסטעראָווע איז אין די הויכע חדשים און ווייט קאָן זי נישט גיין, זיצן זיי אין די אָוונטן פאַרן טויער און שפּאַן פרישע לופט אין מיטן וואָעל. זיצט ער דעריבער אין שטוב, נתן חיים, אומרואיק, דער מיינסטער זאָל נישט פּלוצים טאָן אַ קום אַריין און אים טרעפן אין מיטן דער גנבה. פונדעסטוועגן פאַר־געסט ער זיך און, ס'זאָל אים זיין ליכטיקער צום שרייבן, נעמט ער אַראָפּ ס'נאַפט־לעמפּל פון דער וואַנט, שטעלט עס אוועק אויפן טיש און אליין זיצט ער זיך און שרייבט אַ שורה נאָך א שורה. פון די עטלעכע טעג, וואָס ער איז געגאַנגען אין שקאָלע צו נח לערער, איידער דער טאַטע האָט זיך דערוווסט און אים אָפּגענומען פון דאָרטן, געדענקט ער אז דער לערער האָט צום ערשט געלערנט זיינע שילער דעם אלף־בית און דערנאָך שרייבן ווערטער. און אַזוי ווי דעם אלף־בית קען ער, האָט ער גלייך גענומען שרייבן גאַנצע ווערטער.

אַ פאַרטאָגענער אין שרייבן, אַן אַריבערגעבויגענער איבערן בייגעלע

פּאַפּיר, האָט ער נישט געהערט און נישט געזען ווי דער מײנסטער האָט זיך אַרײַנגעשטעלט אין דער אָפענער טיר:

— וואָס טיסטי? — האָט אים מעכעלע געפרעגט פון דער טיר אַוועק. און נאָך אײדער נתן חיים האָט באַוויזן זיך אויסצודרײען, איז ער שוין געווען הינטער זײַן פּלײצע.

— יעך לערן מיעך שראַאַבן, האָט דאָס ײנגל געזאָגט שטיל און אַ פּאַר־שעמטער געהאַלטן די אויגן אויפן פּאַפּיר. נישט בלויז פאַרשעמט, ער האָט זיך אויך געשראָקן, וואָס ער האָט זיך „פּאָזוואָליעט" אַראָפּצונעמען ס'לעמפּל פון דער וואַנט און נאָך אַזוי אַרויסגעדרײט דעם קנויט, גלײַך נאַפט וואָלט נישט געקאָסט קײן געלט!

מעכעלע, דער מײנסטער, האָט אַ ווײל געקוקט אויף דעם קינדישן גע־שריפטס, קרומע, צעפּאָרענע אותיות. אַז אָרעמע ײנגלעך, נישט נאָר פון קלײנע שטעטלעך, נאָר אפילו דאָ, אין ראָדעם, זאָלן נישט קענען רעכט אויפשרײבן אַן אַלף, איז נישט פאַר אים קײן נאָווינע. אָבער שוין גאָר אַ נאָווינע איז: אַ ײנגל זאָל אין אַזעלכע פאַרנע אָונטן, נאָך אַ הײסן טאָג פאַדען און אַרבעטן, נישט אַרויסגײן דרויסן אַ ביסל אָפּדעכן, זיך אַרומ־שפּילן ווי אַנדערע ײנגלעך, נאָר זיך גאָר זעצן אַלײן לערנען שרײבן!

ער איז געווען גערירט, מעכעלע. אַזוי, צוליב דעם פאָנטלט זיך דאָס דער קלײנער אַרום יעדן פאַרנאַכט און גײט נישט אַרויס פון שטוב:

— ביסט גאָרנישט געגאַנגען אין קײן שקאָלע?

— מאאן טאטע האָט נישט געלאָזט יעך זאָל מיעך לערנע' שראַאַבן.

— נו, מאַ, ביסט נישט דער אײנציקער, — האָט דער מײנסטער אים געפּרוווט טרײסטן. — אַ סאַך קינדער גײען נישט אין קײן שקאָלעס. — אויב די ווילסט 'על יעך דיך לערנען.

— דע' פּעטע' כאַסקל 'אָט מיע ציגעזוגט אַז יוסף וועט מיעך לערנע'.
— האָט דאָס ײנגל אים געענטפערט, ווי אײנער רעדט: „פון די צוואָגן וועל איך מיך א סך אויסלערנען".

— איז דאָך גיט! — האָט אים דער מײנסטער געטאָן אַ קלאַפּ אין פּלײצע. — יוסף איז שוין אין אַכטן קלאַס גימנאַזיע. ד'עסט שוין אײנמאָל האָבן אַ לערער!

ער האָט גענומען אַ פלעשעלע קעפיר, א דערלובעכץ פאַר פערעלען און איז גיך אַרויס צוריק פאַרן טויער. נתן חיים האָט באנעצט מיט די ליפּן דאָס בלײערל און זיך צוריק גענומען שרײבן. אַז דער מײנסטער האָט גאָר־נישט געזאָגט וועגן אומזיסט ברענען דעם לאָמפּ, מעג ער דאָך זיצן און זיך לערנען פראַנק און פרײ!

געפּרוּווט האָט ער צום ערשט אויפשרייבן לייכטע ווערטער, ווי נח לערער פלעגט דיקטירן די יינגלעך: „איך גיי, די גייסט", דערביי האָט ער גערעדט צו זיך הויך, ווי ער וואָלט אויפן קול געלייענט דאָס אויפגעשרי־בענע:

— ווי גייסטי?

נתן חיים האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. ווי נעכטן דער מיינסטער, אַזוי איז היינט, אומגעריכט, אַריינגעקומען אברם יאַנקל. ער האָט נישט נאָכגעטאָן דעם יונגערן ברודער. אַנשטאָט אין בית מדרש אריין תהילים זאָגן, איז ער גאָר, אין די פּאַרנאַכטן אַוועק אין נייעם גאָרטן. אויף די זייטיקע שטעגעלעך דאָרטן, איז געווען טונקל און יינגלעך מיט מיידלעך האָבן זיך דאָרטן אַרומגעשפּילט אין יאָגעלעך, אין אומוואַרפעלעך און אויך אין טאַפּעלעך. ער האָט געוואָלט נתן חיים זאָל אויך אַהינגיין, ער זאָל נישט אויסוואַקסן א כניאָק, אַ זיידן יינגערמאַנטשיקל ווי לייבל משה, דער עלטסטער ברודער. איז אָט, אַנשטאָט אין בית מדרש, זיצט ער גאָר אין שטוב:

— וואָס טיסטי, — האָט ער איבערגעפרעגט דעם יונגערן ברודער, כאָטש ר׳האָט שוין געזען, וואָס נתן חיים טוט.

— יעך לערן מיך שראַבן, — האָט דאָס ברודערל אים געענטפערט מיט יענער פרייד, וואָס עס האָבן קינדער, ווען זיי רעדן וועגן עפּעס וואָס זיי דערגרייכן אַליין, אָן וועמענס הילף.

אברם יאַנקל איז געשטאַנען שטיל, עפּעס ווי ער וואָלט מיטאיינמאָל פאַרלוירן דאָס לשון. ווי ביים בלינדן יואל אין שטוב, דאָ, נישט לאַנג צוריק, איז אויך איצט די גאַנצע דאָליע זיינע אים מיטאיינמאָל קאַפּויער געקומען. ווען ער, אַ שטייגער, טוט אַזוינס? ווען ער וואָלט זיך דערלויבט אראָפּצונעמען דעם לאָמפּ פון דער וואַנט, ארויסדרייען די קנויט און זיך זעצן ביים טיש לערנען זיך שרייבן. וואָס וואָלט בערעלע יאָסקעס געזאָגט? ער וואָלט נישט בלויז צוגענומען פון אים דעם לאָמפּ נאָר אים אונטער־געהאַקט די זייטן פאַר אזא חוצפה!

אַ רגע בלויז האָט אברם יאַנקל געשוויגן. אין דער רגע אָבער זענען אַלע זיינע נישט־ארויסגעזאָגטע תרעומות צו דעם ברודערל אים אָנגעלאָפן אין דמיון. ווי וויל ער האָט פון קינדוויז אויף זיך צוגעזען ווי דער טאַטע לאָזט נישט נתן חיימען אויף די אויגן, האָט זיך דאָך אין אים געקליבן אַ פינצטערע קנאה צו אים, גראָד דערפאַר וואָס נאָר ער ליגט דעם טאַטן אין זינען, וואָס רק נתן חיימל גייט אים אָן, גלייך ער, אברם יאַנקל, וואָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געווען. ערשט די מאַמע? נאָך איידער דער טאַטע

רעדט אַרויס אַ וואָרט אויף נתן חיימלען איז זי שוין דאָ אים צו פּאַרענט־פערן, ווי ער וואָלט געווען איר איינציק שוואַרץ־אַפּל אין אויג:

— אוודאי, ווע׳עט קען זעך גלאאכן צי דיע׳? — האָט אברם יאַנקל אַ זאָג געטאָן מיט גיפטיקער קנאה. — די ביסט דאָך געבוירן געוואָרן אין אַ זאַאַדן העמדל. דיע׳ גיט דאָך דאַאַן מאַאַנסטעראָווע געבאַטלט ברויט מיט פיטע׳. אָפּגעציקע׳טע ציקאָריע. די שלאָפסט דאָך אויף אַ שעניק! — די שטים האָט זיך ביי אים אָנגעהויבן צו ברעכן, און איידער נאָך נתן חיים האָט באַוויזן אַרויסצוזאָגן אַ וואָרט אים צו באַרואיקן, איז ער אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

נתן חיימען זענען געקומען די טרערן אין די אויגן אַריין, נישט נאָר אויס רחמנות צום ברודער, נאָר אויך צו דער אייגענער דאָליע: וואָס איז ער שולדיק אז אברם יאַנקלען איז נאָך ערגער ווי אים? ער האָט צוגעמאַכט דעם קייעט און איז אַרויס אינדרויסן זוכן דעם ברודער.

# קאַפּיטל דרייצן

יעדן פרייטיק פאַר ליכט־צינדן, האָט בערעלע יאָסקעס געשיקט דעם געזעלן זיינעם ער זאָל אַ לויף טאָן אויפן וואָעל נאָך א קוואַרטירל ווייַן אויף קידוש. געוויינלעך האָט דאָס מיינסטערל שוין געהאט ארויסגעשלאָגן פון אברם יאנקלען די קינדישע געוואוינהייט פון גאַפּיען, פון פאַרקוקן זיך אויף אלץ וואָס נאָר ער זעט און דערווייל פאַרגעסן צו וואָס מ׳האָט אים געשיקט. דאָ אָבער, ביים וויין־סקלאַד, האָט אברם יאַנקלען נישט געאַרט וואָס ס׳איז פרייטיק פאַרנאַכט, וואָס בערעלע יאָסקעס וועט אים שלאָגן פאַרן זוימען זיך. אַ פאַרכאַפּטער פלעגט ער שטיין מיט דער נאָז אויפן גרויסן שויפענצטער, אַן אָנגעשטעלטס מיט אַלערליי פלעשער און פלעשלעך, לאַנגע און דינע, פלאַכע און גראָבבייכיקע, אַלע אָנגעפילטע מיט ווייַנען און ליקערן, רויטע און ווייסע, גרינע און אָראַנזשאָווע, אָנגעברענגטע פון ווייטע לענדער, יעדעס פלעשל מיט אַ פאַרביק בלעטל, ווי אַ פאַרטעכל אויפן בויך, אַן אויס־געצירט פאַרטעכל מיט אלערליי אויפשריפטן און עמבלעמען פון מענטשע־לעך, לייבעלעך און פּיפּערנאָטערס מיט פליגלען און אַרויפגעדרייטע וויידלען. און שטענדיק איז אים ס׳חיות אויסגעגאַנגען נאָך אזא פלעשל ליקער, וואָס דאָ, אין וויין־סקלאַד, אויפן לאַדן־טיש, ליגן זיי אָנגעוואָרפן אין אַ געפלאָכטענעם קאָרב, ווי קאַרטאָפל ביי א זיצערקע אין מארק.

אברם יאנקל איז געווען זיכער אז אין די פלעשלעך איז דאָ דער יין המשומר פון סאמע גן־עדן. נישט נאָר האָט ער קיינמאָל אין זיין לעבן נישט פאַרזוכט אזא געטראַנק, נאָר ביז ער איז אהערגעקומען קיין ראָדעם, האָט ער אזעלכעס אפילו פאַר די אויגן נישט געזען. געלע־לאה, די מאָדזשיצער וויין־שענקערין, האָט קיין סימן פון די ליקערן נישט געהאט. מער ווי אַ פלעשל כרמל־וויין מיט דעם ריזיקן הענגל ווייַנטרויבן אויפן דראָנג פון די צוויי אַראַבערס אקסלען, דער איינציקער סאָרט וויין, וואָס מאָדזשיצער יידן פלעגן קויפן אויף איינצוגעבן לעפעלעכווייז אַ שווערן חולה אויף צו קרעפטיקן אים, אָדער א פלעשל מעד, וואָס הולטאַיעס האָבן זיך פאַרגינען אין א חול־המועד, אָדער אין אַ יום־טוב, האָט מען דאָרט נישט געזען.

נישט איינמאָל, אין מיטן דעם גאַפּיען, האָט אברם יאַנקל געטראַכט אַז ווי ווויל דער קאָרב מיט די אָנגעוואָרפענע פלעשער ליקער שטייט אויפן

לאָדן־טיש ביי דער וויינשענקערין אונטער דער נאָז, וואָלט ער, איינס און צוויי, געקאָנט אַראָפּציען אַ פּלעשל און פאַרשטופּן עס אין קעשענע אז אַ האָן זאָל אפילו קיין קריי נישט טאָן.

יעדן פרייטיק האָט אברם יאנקעלע בלויז געטראכט, דאָס מאָל אָבער האָט ער עס געטאָן! ווי נאָר די וויין־שענקערין, אַ יונגע, בלאָנדע פרוי מיט דריי פעטע גוידערלעך אונטערן גלאַנציקן גאָמבעלע, איז אויף אַ רגע אָפּגעטראָטן פון איר קאָסע־שופלאָד, האָט אברם יאנקעלע אויסגעשטרעקט זיין פלינק שוסטער־הענטל צום געפלאָכטענעם שטרוי־קאָרב און שוין האָט זיך א פלאַטשיק פלעשל ליקער אַראָפּגעגליטשט אין זיין טיפער הויזן־קעשענע אריין.

וואָס אן אמת, בשעת מעשה, האָט דאָס יינגל גאָרנישט געוווסט וואָס ער טוט, וואָס מיט אים געשעט. א פינצטערער כוח האָט דאָס געמאכט אים אויסציען די האנט און אָפּטאָן אזא זאך! ערשט דערנאָך, ווען ער האָט פלוצים דערפילט דאָס געוויכט פון פלעשל, האָט ער זיך דערשראָקן און אַ שוויס האָט אַרויסגעשלאָגן אויף זיין שטערן. אַ טיפע חרטה האָט אים ארומגעכאפּט: גרויסער גאָט! וואָס האָט ער דאָ אָפּגעטאָן! די דערשראָ־קענע, קינדישע אויגן האָבן גענומען לויפן אין אלע זייטן פון געוועלב, אָן אָנגעפּאקטס מיט איילנדיקע קונים, יידן, מיידלעך און יינגלעך. זאָל ער אפשר קריקלייגן די גנבה? איז ער אָבער אַרומגערינגלט מיט אַזויפיל מענטשן און אלע, דאכט זיך, נעמען אים דורך מיט זייערע אויגן.

כאָטש מינוטן בלויז האָט געדויערט ביז דער וויינשענקער האָט, דורך אַ לועק אין פלעשל אריין, אים אָנגעצאפּט פון א פעסל דאָס קוואַרטירעלע וויין, איז ער אָבער, אברם יאַנקל, דורך די געציילטע מינוטן דורכגעגאַנגען חיבוט הקבר. אָט איז אים געווען הייס אז די אויערן האָבן אים געפלאַמט און אָט גאָר איז אדורך א קעלט איבער זיין לייב אז ס׳האָט אים געקלאַפּט א צאָן אין א צאָן. אָט איז ער געווען זיכער אז קיינער האָט גאָרנישט באמערקט און אָט גאָר האָט זיך אים געדאכט אז יעדער איינער אין דעם וויין־סקלאַד האָט געזען וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן. נישט נאָר דער שוואַרץ־בערדיקער וויינשענקער מיטן פארפעדערטן קאפּל אויפן קאָפּ, אויך דער משרת זיינער, לייזער קאַטשקע, מיטן לעדערנעם פאַרטעך אויפן גראָבן בויך, וועט זיך דאָ באלד טאָן א שטעל אריין פון האלב־טונקעלן הינטער־געוועלב, ווו ער שטייט אייביק צווישן צוויי באַליעס וואַסער און וואשט און שווענקט די צוריקגעברענגטע וויין־פלעשער און ביידע, דער באַלעבאָס און משרת וועלן מיט זייערע נאַסע הענט, ברייטע, רויט־אָנגעדראָלענע, אים נעמען פליאַסקען און פאטשן איבערן פנים, איבערן קאָפּ, און וואָס נאָך ערגער, ווי אמאָל טוביה וואָנצבערגס משרת האָט געשלעפּט נתן חיימען, דאָס ברודערל זיינס, איבערן גאנצן מארק, צום טאטן, נאָכן כאפּן אים קנייפּן

ביסעלעך טיטון פון קאַסטן ארויס, אזוי וועלן זיי אים שלעפּן אין מיטן אַן אָנגעלויף איבערן גאַנצן וואָעל צום מיינסטער און ער, בערעלע יאָסקעס, וואָס אליין איז ער א גנב מיט די אויגן, וועט זיך דאָ ארויסשטעלן פאַר אַן ערלעכן מאַן און אים, אברם יאנקלען, נעמען שלאָגן פארן גאנצן אָנגעלויף אין די אויגן און נאָך שרייען: דו געמיינער גנב! פלעשלעך ליקער וועסטו גנבענען?

כל זמן אברם יאנקל איז נאָך געווען אין וויין־סקלאַד, איז ער געווען זיכער, אז ווי נאָר ער וועט בשלום ארויס פון דאָרט, וועט ער נעמען לויפן ווי א קאַץ פון א זאק ארויס. אָבער אז ער האָט שוין דערלעבט אַריבערצו־טרעטן דאָס בריקל, האָט ער זיך געכאַפּט אז דאָס וועט נישט טויגן. טאָמער איז ביי עמעצן אַ ספק, וועט יענער באַלד זען אַז ער האָט טאָקע געגנבעט, אַ סימן: אָט אַנטלויפט ער דאָך! דערצו נאָך וועט זיך דאָס פלעשל אין קעשענע וואַרפן און קינד און קייט וועלן זען אַז ער טראָגט דאָרטן עפּעס שווערס, געגנבעטס. האָט ער גענומען גיין איבערן וואָעל פּאַוואָליע, כלומרשט רואיק, כאָטש די מורא האָט אים געוואָרגן אין האַלדז און דער אימפּעט צום לויפן האָט אים געהויבן אין דער לופט.

אז ער האָט שוין דערלעבט צוריקצוקומען צום מיינסטער, האָט זיך ערשט דער פאַרנאַכט געצויגן ווי פון פעך. אַלע פרייטיק טוט דער שבת אַ פאַל־צו גיך. גראָד היינט קאָן ער זיך גאָרנישט דערוואַרטן בערעלע יאָס־קעס זאָל א זאָג טאָן: געננג! מאַך שבת! און גראָד היינט קאָן ער זיך קוים דערוואַרטן ער זאָל שוין קאָנען לויפן אין שול אַריין אָנפאַרטרויען דעם ברודערל, נתן חיימען, דעם טיפן סוד זיינעם. אפילו אין דעם האָט נתן חיימל מער מזל פון אים. מעכעלע, דער מיינסטער זיינער, מאכט שבת צוגלייך מיט אלע יידן. זיין מיינסטער אָבער, בערעלע יאָסקעס, האָט נישט מורא וואָס יידן זאָגן אז ער טוט א שטאָך אין שבת אריין. ווען ס׳גאַנצע שול־געסל איז שוין אויפגערוימט און דורך די אָפענע פענצטער, פון הינטער די פאַרהאָנגענע פויערהענגלעך, לייכטן שוין ארויס די אָנגעצונדענע שבת־ליכט, ווען אלע ווייבער, אויסגעצוואָגנע, אָנגעטאָענע אין ווייסע שבת־בלוזקעלעך, אין ווייסע פאַרטעכלעך, זיצן שוין פאַר די טירן, ווען פון שול טראָגט זיך שוין דעם חזנס געזאַנג:

שמור וזכור בדיבור אחד,
השמיענו אל המיוחד,
ה׳ אחד ושמו אחד,
לשם ולתפארת ולתהלה,

דעמאָלט ערשט קאָן אברם יאַנקל פאררוקן דעם וואַרשטאַט, זיך ארומוואַשן און אריינלויפן אין שול טרעפן ס׳ברודערל.

איז ער דאָס איצט, אַ פאַרסאַפּעטער, אַ נאַרוואָס אָפּגעוואַשענער פון

דער שוסטער־סמאָלע, צוגעלאָפן צו דער שול. דאָ אָבער האָט ער פאַרהאַלטן דעם טראָט. אין שול לויפט מען נישט אריין ווי אַ ווילדער. אין בית המדרש קאָן נאָך א יינגל טאָן א פלי אריין צעיאַכמערט, צעטראָגן. אין בית המדרש זענען יידן מיט בערד אויך נישט אַזוי סטאַטעטשנע. זיי שפרייזן ארום אין מיטן דאַווענען, לויפן אויף און אָפּ מיט אזא אימפעט, אזש די טליתים זייערע גליטשן זיך אַראָפּ פון זייערע אַקסלען. זיי פּאַטשן מיט די הענט, הייבן זיך אויף די שפּיץ־פינגער און שרייען צום סופיט אַרויף: אוי, טאַטע פּאָטער! אין שול אָבער מוז מען אַריינגיין געלאַסן, מיט דרך ארץ.

די גרויסע ראָדעמער שול איז איצט געווען פול. יידן זענען געזעסן אויף זייערע שטעט איבער אָפענע סידורים אויף די שטענדערס. די שבת־דיקע שלווה האָט דאָ געהויערט פון די געוועלבטע הויכן אַראָפּ. דאָס ליכט אין די הענג־לייכטער האָט געפינקלט.ביים עמוד, אַנטקעגן דעם שויתי מיטן ששה נרות, איז געשטאַנען דער חזן אַן איינגעהילטער אין טלית. די ווייסע באָרד פארהויבן צו די געוועלבטע שול־הויכקייטן, האָט ער געזונגען ווי ער וואָלט זיך געהנדלט צו דער מלכה־שבת דאָרטן:

לכה דודי, לקראת כלה, פני, פני, פני שבת נקבלה!

אברם יאַנקל האָט זיך זייטיקלעך קוים צוגעקריגן צום ברודער, וואָס נאָר ער שטייט אויבנאָן, לעבן עמוד און קאָן זיך גאָרנישט גענוג אָפּוואונדערן פון דעם חזן, פון די משוררים, פון די אויסטערלישע הויכקייטן פון דער שול, וואָס אזא האָט ער קיינמאָל פריער נישט געהאט געזען.

— נאָ׳ די קימסט שפעיט! — האָט נתן חיים צו אים שטיל אַ ברום געטאָן.

— קים בעסע׳ אַראָאָס, יעך האָ׳ דיע׳ עפּעס צי זוגן, — האָט אברם יאַנקל געטאָן א צי דאָס ברודערל נאָך זיך. ערשט אין האַלב־טונקעלן פּאָליש, אַוועק פון דער אָפענער טיר אין שול אריין, האָט ער אים אַ זאָג געטאָן אויפן אויער:

— טרעף וווס יעך האָב.

נתן חיים האָט געקוקט אויפן עלטערן ברודער סיי מיט נייגיר און סיי מיט חשד. ער קען גאַנץ גוט אברם יאַנקלען. שטענדיק האָט ער ליב אָנצו ציען און מאַכן אויס יעדן ס׳געגנאַר:

— די נאַרסט אָפּ, — האָט נתן חיים צו אים געזאָגט און שוין געוומען גיין צוריק אין שול אריין.

— יעך זאָל אזוי לעיבן ווי יעך זוג אמת, — האָט אברם יאַנקל זיך געשוווירן און גענומען ציען דעם ברודער אויף צוריק. — טאַפּ אָן, — האָט ער צוגעשלעפּט דעם ברודערס האַנט צו דער קעשענע.

— וווס אי׳ דועס? — האָט נתן חיים אויפגעריסן אַ פּאָר אויגן. — אַ פלעשל?

— דוס איז אַראַק, אזא ליקעיע׳, טעם גן עדן! — האָט אברם יאַנקל איינגערוימט דעם ברודער אין אויער, מעשה גאַנצער ווייסער.

— אין ווי ׳אָסטי דוס געגימע׳? — האָבן נתן חיימס אויגן אָפּגעמאָסטן דעם עלטערן ברודער פול מיט חשד.

— יעך ׳אָ דוס געקויפט אין וואאן־סקלאד׳ — האָבן אברם יאנקלס אייגעלעך שעלמיש געשמייכלט.

— די זאָגסט ליגן! — איז נתן חיימס פּנים מיטאיינמאָל געוואָרן בלאס, דערשראָקן. ער קען גאַנץ גוט אברם יאַנקעלען! נישט איינמאָל, אינדערהיים נאָך, פּלעגט ער אים אונטערוּקן אַ שטיקל קיכל, אַ האַלב עפּעלע, וואָס ער האָט אונטערגעקלאַפּט אין מאַדזשיצער שטובן, ווו ער פלעגט קומען אָפּברענגען אַ פּאָר שיכלעך פאר א טעכטערל, א פּאָר שטיוועלעך פאַר אן איידל געכאָליעט זינדל. לכתחילה פּלעגט ער, נתן חיים, זיך אָפּזאָגן אָנצו־רירן עפּעס וואָס איז געגנבעט. אָבער דער יצר הרע נאָך אַ נאַש איז געווען שטארקער. אויך איצט, נאָך די ערשטע עטלעכע מינוט זיך בייזערן, איז אים דער יצר הרע בייגעקומען און ער האָט שוין געוואָלט זען ווי דאָס פלעשל זעט אויס און וואָסער טעם דער אראק האָט:

— יעך וויל עס זעיען! — האָט נתן חיים גענומען שטופּן די האַנט צום ברודער אין קעשענע.

— קים בעסע׳ דאַוונע׳, מ׳קיקט אָף אינז! — האָט אברם יאַנקל זיך געטאָן אַ רוק אָפּ און גענומען ציען דעם ברודער צוריק אין שול אַריין.

נתן חיים האָט שוין איצט נישט געהערט דעם חזן, ער האָט אויך פאַרגעסן אָן די פילצאָליקע עלעקטרישע לעמפּלעך, וואָס מ׳זאָגט אַז זיי ברענען מיט קאַלט פייער. ער האָט זיך קוים דערוואַרט צום עלינו לשבח און נאָך איידער דער חזן האָט געמאַכט קידוש, האָט ער שוין געטאָן אַ צי דעם ברודער:

— קים אַראָאָס!

ס׳שול־געסל האָט איצט געשוויבלט מיט טומלענדיק יונגוואַרג. פון די צעפּראַלטע טירן פון בית מדרש, פון שול, פון אַלערליי שטיבלעך, חסידישע און חברה תהילים און חברה משניות, פון אומעטום האָט געשטראָמט מיט שבתדיקע יידן אין אַטלאַסענע קאַפּאָטעס מיט טכויערנע שטריימלען אויף די קעפּ, אין קורצע גארניטערס מיט היינטוועלטישע קאַפּעליושן, אין קאַמ־גארענע כאלאטלעך און שמאָלע, יידישע היטעלעך, אַלע האָבן זיי זיך גע־שטופּט ארויס, ארויס, נישט געגאנגען, נאָר קנוילנווייז זיך געוויקלט פון די צעעפנטע טירן אַרויס אין מיטן גאַס, איבער דעם געלעכערטן, שטיינער־נעם ברוק, א פרייער איצט, א שבתדיק־באַרוטער, אָן א סימן פון א וואָגן, פון אַ פערד, פון די פאַרהאַוועטע באַלעגאָלעס. און די שמאָלע כמו־טראָטואַרן פון ביידע זייטן געסל, צעבראָכענע, געלעכערטע, זענען געווען פול מיט

ווייבער און מיידלעך און אַרומלויפנדיקע קינדער, וואָס אַלע, שבתדיק באַרואיקטע, אויסגעטאָענע פון וואָכעדיקן יאָך, זענען זיי געזעסן פאַר די טירן, לעבן די פענצטער און געוואַרט אויף די מענער און טאַטעס, זיי זאָלן קומען פון דאַווענען און מאַכן קידוש פאַר דער פּרייטיקצונאַכטיקער סעודה.

ווי ווײַל די צוויי ברידערלעך האָבן זיך געדאַרפט אײַלן אַהיים, צו די מיינסטערס, האָבן זיי זיך דאָך נישט איינגעהאַלטן און זיך גאָר פאַרקליבן אין אַ ווינקעלע, כאָטש אַ קוק צו טאָן אויף דעם, וואָס ליגט זיך אַזוי רואיק אין אברם יאַנקלס הויזן־קעשענע, אָבער ציט זיי ביידע שטאַרקער ווי צען יצר־הרע׳ס.

שטערן צו שטערן, ווי צוויי יונגע פאַרשווערער, זענען זיי געשטאַנען לעבן אַ פּלויט אין ליכט־שיין פון אַ גאַסן־לאָמפּ און באַקוקט דאָס אַרויס־געצויגענע פלעשל, פאַרהויבן עס צו די אויגן: איז דער ליקער אינעווייניק רויט? אָדער טאַקע גרין?

— אין ווּס׳עט מ׳ טיע׳ מיט דעים? — האָט נתן חיים זייער פאַרזאָרגט געפרעגט.

אברם יאַנקל האָט גיך פאַררוקט צוריק דאָס פלעשל אין קעשענע אַריין. דאָס שמאָל־פויגלש פּנימל זיינס האָט זייער צופרידן געשמייכלט, ווי איינער רעדט: „אַ גרויסער חכם מיין ברודער":

— אין ווּס טיט מ׳ מיט ליקעיע׳? — האָט ער צוריק געפרעגט און באַלד אליין געענטפערט: — מ׳מאַכט אַ סעודה, אין מ׳ טרינקט אים אָאָס!

— אין ווי ׳עט מ׳ מאַכן די סעודה?

אברם יאַנקל איז געבליבן שטיין ווי ער וואָלט זיך פאַרטראַכט. ער האָט געקוקט אויפן ברודערל און דאָס שמאָלע שטערנדל זיינס האָט זיך געקנייטשט: זע נאָר דאָ! אים איז דאָס גאָרנישט איינגעפאַלן. טאַקע, ווו מאַכט מען אַזאַ סעודה? ביי די מיינסטערס אין זייערע שטובן קאָן מ׳דאָס נישט. זיי וועלן דאָך גלייך וויסן אַז דאָס איז געגנבעט. זיך פאַרקלייבן הינטער אַ וואַנט און זשליאָקען ווי שיכורים? טאָמער זעט עמעצער?

אין מיטן דעם טראַכטעניש האָט זיך נתן חיים געכאַפּט אַז ס׳איז נישט רעכט וואָס זיי זוימען זיך דאָ. מילא, בערעלע יאָסקעס, אים אַרט נישט צי אברם יאַנקל קומט עסן צו דער צייט, אָדער ער קומט אינגאַנצן נישט עסן. זיינסטאַלבן קאָן ער דעם גאַנצן שבת נישט אריינקומען אין שטוב. זיין מיינסטער אָבער, מעכעלע, מאַכט נישט קיין קידוש ביז ער קומט אַהיים.

— קים בעסער, — האָט ער אַ צי געטאָן דעם ברודער און אַליין שוין גענומען לויפן.

אברם יאַנקל האָט גענומען נאָכאיילן, אָבער ביים ראַג שול־געסל און וואָעל, האָט ער אָנגעכאַפּט דעם ברודערס אָרעם:

— געדענק, נתן חיים, באַלד נאָכן עסן זאָלסטי אַראָאָסקימע פארן טויע׳, יעך ׳על וואַרטן אָף דיע׳!

# קאַפּיטל פערצן

בערעלע יאָסקעס פלעגט נישט זינגען קיין זמירות ווי, געוויינלעך, יידן — בעת די שבתדיקע מאָלצייטן. האָבן ביי אים דעריבער די שבת־סעודות נישט לאַנג געדויערט. ווען אין אנדערע שטובן האָט מען ערשט געהאַלטן ביי די לאָקשן מיט יויך, אָדער אינדערפרי — ביים טשאָלנט, האָט בערעלע שוין געהאַט אראָפּגעפּוצט אלע געריכטן וואָס סאָלטשע, דאָס פּעטע ווייב זיינס האָט אים אָנגעגרייט אויף שבת. נאָכן עסן ווידער, בעת יידן זענען נאָך געזעסן ביי די ווייס־געדעקטע טישן אין שבתדיקער מנוחה און אַריינגעקוקט אין א ספר, געלייענט א מעשה־ביכל, א בלאַט־צייטונג, האָט בערעלע יאָסקעס זיך געשפּילט מיטן ווייב אין פּעטשעלעך. צום ערשט האָט ער אוועקגעלייגט זיין קנאָכיק שוסטער־הענטעלע אויפן טיש, אַ שוואַרץ־פאַרסמאָלעוועט הענטל מיט ברודיקע רעמלעך אונטער די נעגל און זי האָט געדאַרפט גיך, איידער ער כאַפּט עס אַוועק, טוען דערויף אַ פּעטשל. איז זי אָבער נישט געווען פלינק גענוג און תמיד געטראָפן דערנעבן, אויפן טיש אַרויף. האָט זי דערפאַר געדאַרפט אוועקלייגן איר האַנט, א ברייטע, פּעטע קעכין־האַנט און בערעלע האָט גלייך געטראָפן מיט זיין פּעטשעלע. האָבןביידע ווילד געלאַכט און דערביי, ווי אַ שטראָף, האָט דאָס מאַנכל געטאָן אַ כאַפּ דאָס ווייב מיטן ברייטן געזעס אויף זיינע שוסטער־קניעלעך, און פון גרויס ליבשאַפט, זיך איינגעביסן מיט די דינע ליפּעלעך אין איר ווייס־פּעטן האַלדז.

די ערשטע וואָכן נאָך זיין קומען אַהער, האָבן די עונג־שבתן דעם מיינסטערס, אברם יאַנקלען פאַרשעמט. עפּעס איז אים געווען ענג ביי זייער טיש. די פּרעכע ליובעווישן און טשעטשקענישן פון דעם מיינסטער מיט זיין ווייב, וואָס איין פּאָלקע אירע וועגט מער ווי ער אינגאַנצן, האָט אין דעם יינגל אָנגעיאָגט די בלוטן אין זיין פּנים אַריין. אינערגעץ פריער האָט ער אזוינס נישט צוגעזען, אפילו נישט ביי די פּליוקעס, וואָס די יונגען דאָרטן האָבן פראַנק און פריי געטאַנצט מיט מיידן.

דאָס איז אָבער געווען אין אָנהייב. שפּעטער האָט דער פּופּצן־יאָריקער אברם יאַנקל זיך אויפגעהערט צו פילן ענג, זיך צו שעמען, נאָר פּאַרקערט, ער האָט גאָר געלעכצט און מיט אומרו געוואַרט אויף דעם. און אַז דער מיינסטער האָט זיך איינגעקנעטן אין דער מיינסטעראָוועס ווייכן בויך, אין

איר מעכטיקן בוזעם, איז ער, אברם יאַנקל, געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל, אין אָנמאַכט. ס'שטיקל ארבעט פלעגט אים דאַן ארויספאַלן פון די הענט און אזא ווייטיקדיקע זיסקייט צעגייט זיך אים איבער די גלידער, די אויגן ווערן אים מאַט, פארלאָפן, גלייך הינטערן שטערן וואָלט זיך עפּעס נאָכגעלאָזט און אים פאַרגאָסן די ראיה.

לכתחילה האָט זיך אברם יאַנקל געשראָקן, געמיינט ער דאַרף זיך היטן, דער מייַנסטער זאָל נישט באַמערקן זיין פאַרטראָגנקייט. ער האָט אָבער גיך איינגעזען אז ער דארף זיך נישט שרעקן. בערעלע יאָסקעס האָט גאָר דאָס האָלד. עס טוט אים, זעט אויס, הנאה, וואָס בעת ער ליובטשעט זיך מיטן ווייב, זיצט דער געזעלן מיט אַן אָפן מויל ווי א גולם.

ערגער איז אָבער אברם יאַנקלען געווען אין די נעכט. זינט ער איז אָנגעקומען אהער האָט ער פארלוירן דעם שלאָף. ער איז קיינמאָל נישט געשלאָפן מיט מאַן און ווייב אין איין שטוב, בפרט אז אין דער שטוב איז נישטאָ מער ווי איין בעט. איידער נאָך די נאַכט פאַלט צו ווערט ער שוין אומרואיק, פול מיט שפּאַנונג, ער דערוואַרט זיך קוים מ'זאָל אויסלעשן דעם לאָמפּ און ווי נאָר בערעלע יאָסקעס לייגט זיך מיטן ווייב אין בעטל אריין, ווערט ער איין שטיק געהער. ער ליגט אויף דעם אויסגעבעטן געלעגערל, ביי דער פּליטע דאָרטן, אַן איינגעקורטשעטער, מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם, וואַך, פון די האָר־שפּיצן פון זיין קאָפּ ביז די נעגל פון זיינע פיס. די אויגן זיינע שטעכן זיך ווי שפּיזן דורך דער נאַכט־פינצטערניש און יעדער פליסטער, יעדער שאָרך צווישן מייַנסטער מיט דער מייַנסטעראָווע, יעדער סקריפּ און ריר פון דעם אייזערנעם בעטל, שלאָגט זיך אָפּ אין זיין געהער, אין זיין געהירן, אין זיין גאַנצן, ייִנגלשן לייב און לעבן.

גאַנצע טעג נאָכדעם האָט אברם יאַנקל נאָכגעקלערט פאַרוואָס דער מייַנסטער האָט נישט קיין בושה פאַר אים. ער ווייסט דאָך אז ער, אברם יאַנקל, ליגט די גאַנצע צייט וואַך און הערט און זעט, דורך דער טונקלקייט, וואָס זיי צעטוען דאָרט אין דעם שמאָלן בעטל. איז דען מעגלעך זיי זאָלן מיינען אַז ער שלאָפט? נאָר מילא, אויף יאָסקעלע גנבס זינדל קאָן מען אַלץ גלייבן. אָבער זי, די מייַנסטעראָווע? זי איז דאָך אַ יידישע טאָכטער, אַרט זי גאָרנישט וואָס א פרעמד ייִנגל שלאָפט אין דער אייגענער שטוב און זעט זיך צו וואָס אַלץ דאָס מאַנכל אירס צעטוט מיט איר! זיי דעקן זיך דאָך צומאָל נישט צו! אפשר זאָל ער, אברם יאַנקל, צו וויסן טאָן אַז ער שלאָפט נישט? אפשר, ווען זיי האַלטן ביים רעכטן־געדעכטן, זאָל ער טאָן אַ הוסט?

צום ערשט האָט ער מורא געהאַט, אברם יאַנקל, געווען זיכער אַז צומאָרגנס, נאָך אזא הוסטעלע, וועט בערעלע יאָסקעס אים ברעכן רוק און לענד, איז אָבער דער שטיפער אין אים געווען שטאַרקער פאר דער מורא

און טאַקע די זעלבע נאַכט, ווי נאָר דאָס בעטל האָט זיך אונטער זיי צעוויגט און ער האָט געפּילט אָט, אָט... האָט ער געטאָן אַ הוסטעלע און באַלד נאָך איינס.

ער איז נאָכדעם געלעגן אין טויט־שרעק, געהיט מיט די אָנגעשפּיצטע אויגן, דורך דער פֿינצטער, דאָס בעטל, ביים פענצטער דאָרטן צי בערעלע יאָסקעס קריכט נישט אַרויס צו אים, אָבער שאַ, שטיל, נישט באַלד און נישט צומאָרגנס האָט נישט דער מיינסטער און אויך נישט די מיינסטע־ראָווע, מיט אַ פּיפּס אפילו, אים נישט געגעבן אָנצוהערן אַז זיי שטויסן זיך אָן וואָס זייַנע הוסטעלעך האָבן געמיינט.

אברם יאַנקלען איז איינגעפאלן אז די צוויי לייט זענען אזוי פארטאָן אין זייערע תאוות אז זיי ווייסן גאָרנישט אז ער ליגט אויף און זעט וואָס זיי צעטועז, זיי מיינען אוודאי אַז די הוסטעלעך זענען פון שלאָף אַרויס. ווייניק מענטשן הוסטן אין שלאָף? נאָר אפשר ווייסן זיי יאָ? אפשר אַרט ער זיי גאָרנישט, ווייל זיי האַלטן אים נישט פאר קיין מענטש? און אפשר טוט זיי גאָר הנאה וואָס ער ליגט אויף? וואָס בעת זיי פאַרגייען זיך אין זייערע תאוות, בייסט ער זיך איין ביז בלוט אין אייגענעם, ייִנגלשן לייב.

זינט דער נאַכט, נאָך די צוויי הוסטעלעך, איז אין אברם יאַנקלען אָנגעשטאַנען א ווילדער באַגער אָפּצוטאָן עפּעס אזוינס, וואָס זאָל סיי בערעלע יאָסקעס און סיי זיין פעטער קו, ווייזן, אַז נישט נאָר שלאָפט ער נישט, נישט נאָר הערט ער און זעט, נאָר ער לעבט מיט און איז אַ שותף אין אַלץ וואָס זיי צעטועז אין דעם אייזערנעם בעטל זייערן.

אָט די נעכט האָבן אין אברם יאַנקלען אָנגעפּלאָנטערט אַ גאנצן קנויל פון געפילן און טראַכטענישן. פון איין זייט האָט דער שטיפער אין אים געוואָלט אָפּטאָן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל דעם מיינסטער מיט דער מיינסטע־ראָווע באַשפּייען, מאַכן פון זיי א בלאַזן גראָד ווען זיי האַלטן ביים שטיך... פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט דער אויפגעוואַכטער באגער אין אים, צוריקגעהאלטן אים פון טאָן אַזוינס, טאָמער דערוויסן זיי זיך אז ער ווייסט און זיי וועלן זיך שוין היטן און אַזוי ארום צונעמען ביי אים דעם זיסן געַנוס, עפּעס נאָך וואָס ער גארט, וואָס פארשיכורט אים און לאָזט אים יעדעס מאָל ווי ניי־געבוירן. פון דער דריטער זייט ווידער האָט דאָס יונגע ייִנגל אין אים, דאָס ייִנגל וואָס איז דערצויגן און אויסגעוואַקסן אין צניעות, וואָס חלומט און בענקט נאָך צאַרטן באַריר, נאָך דעם שעמעוודיקן בליק פון א מיידלש אויג, אָט דאָס ייִנגל האָט אים געטריבן צו פארשטעלן, זיך אָפּצו־שיידן פון זייערע צעטועניש, פון זייער פרעכקייט, פון דעם הפקרדיקן צונויפ־קום פון מאַן און ווייב, וואָס, נישט ווייסנדיק, האָט ער דאָך געוווּסט אַז זיי פארשווועכן עפּעס, וואָס איז די טיפסטע מיסטעריע, דער סאַמע וווּנדער פון גאנצן באַשאַף.

איז אים פּלוצים אונטערגעקומען דאָס פּלעשל ליקער און דער שטיפּער אין אים האָט גובר געווען.

ס׳איז שוין געווען שפּעטלעך ווען ער איז אריינגעקומען צום מיינסטער. די ליכט אין די לייכטער האָבן געהאַלטן ביים אויסגיין. בערעלע יאָסקעס האָט שוין געהאט אָראָפּגעפּוצט די פּרייטיקצונאַכטיקע סעודה און איז שוין געווען פאַרטאָן מיטן ווייב אין זיין עונג־שבת.

אברם יאַנקל האָט נישט געוואַגט צו נעמען די טעלערלעך מיט זיין ביסל עסן צום טיש, ווו די הערשאַפטן זיינע זענען געזעסן איינער אַנטקעגן אַנדערן פאַרטיפט אין זייער שפּיל אין פּעטשעלעך, האָט ער, אָן קידוש שוין, זיך געזעצט אויף דער קיך־טאַבורעט, לעבן דער פּליטע און גענומען עסן די סעודה אויפן שויס. ער האָט געשלונגען די קאַלט־געוואָרענע פּערפל מיט באָבעס און זייטיקלעך געקוקט צום טיש, ווו די צוויי לייט האָבן זיך געוויילט, אַלע ווײַלע פאַרוואָרפן די קעפּ אַהינטער אין פריידיקן געלעכטער. פּלוצים איז אין זיין קעפּעלע געבוירן געוואָרן אַ געדאַנק, וואָס האָט זיך באַלד צעפּעכערט אין אַ בילד און שוין האָט אים גענומען שטיקן אַ געלעכ־טער, וואָס ער האָט עס קוים איינגעהאַלטן אין קעל.

דאָס מיינסטערל ,אין מיטן דער גאַנצער פאַרטועקייט, האָט דערהערט דעם געזעלנס שטילע כאָכאָטשען. ער האָט אויסגעדרייט דאָס קעפּל און אָנגעשטעלט די קאַלטע, שטאָל־אייגעלעך אויפן יינגל :

— די, וואָסער שמחה אי׳דאָס אָף דיר ?

אברם יאַנקל האָט שוין נישט געוווּסט וואָס ער עסט. אומגעבענטשט, מיטן ביסן נאָך אין מויל, איז ער אַרויס פון שטוב און זיך געלאָזט הענדום, פּענדום צום ברודערל אויפן וואָעל.

ווי ער, אַזוי האָט אויך נתן חיימל זיך קוים דערוואַרט איבערצוקומען די סעודה. ווי פרום ער האָט פריער געמוסרט דעם ברודער פאַרן גנבענען אַ פּלעשל ליקער, אזוי איז דער יינגלשער חשק צו פאַרזוכן דעם דאָזיקן ליקער, געווען ביי אים שטאַרקער ווי דער פרומער מוסר זיינער :

— ני ? ׳אָסט שוין אָנגעהויבן דוס פּלעשל ? — האָט ער גלייך ביים ארויסקומען פון טויער, א פרעג געטאָן דעם ברודער.

אברם יאַנקל האָט נישט געענטפערט. דאָס קעפּל זיינס איז נאָך געווען פול מיט דעם שטיפערישן איינפאַל : אוי, וועט דאָס זיין אַ טריאַטער ! ער וועט ליגן אויפן געלעגער און האלטן דאָס פּלעשל גרייט. ווי נאָר בערעלע יאָסקעס מיט דער קו וועלן קומען צום שטיק, וועט ער אַ געשריי טאָן : לחיים ! און טאָן אַ צי פון פּלעשל !

— קים ! — האָט ער אַ שלעפּ געטאָן נתן חיימען.

גיך זענען די צוויי ברידערלעך אַריבערגעלאָפן דעם וועג, זיך אַריינ־געדרייט צווישן די טישלעך און שטעלעכלעך פון וואָעל, וואָס אין די וואָכע־

דיקע טעג זענען זיי באלייגט מיט עסנוואַרג און אויבסט, מיט צעלניק און שניט־סחורה, מיט טאַנדעטנע שיך און היטלען, מיט קריסטלעך הייליקוואַרג און ערדענע טעפּ. איצט אָבער, אין הייליקן שבת, איז איינגעשטילט דער יאַריד, אָפּגעקערט און פאַרלאָזן זענען די טישלעך.

אברם יאַנקל איז געבליבן שטיין און אויך פאַרהאַלטן דעם ברודער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט צי עמעץ האַלט אים נישט אויפן אויג, צי אַנט־קעגן, אויף די שטאָקן, אין די זומערדיק־צעעפנטע פענצטער, צווישן די טיולענע גאַרדינען, איז נישט אַרויסגעבויגן אַ קאָפּ, וואָס פאָלגט זיי נאָך מיטן בליק. ערשט איצט האָט ער זיך באַרואיקט. דאָ, צווישן די פינצטערע טישלעך, וועט אים קיינער נישט זען און נישט הערן. נישט דאָס עלעקטרישע ליכט פון די הויכע לאָמפּן אנטקעגן, אויך נישט דאָס העל־שניידיקע ליכט איבערן קאָפּ פון דער הייליקער מאַריע און איר געטלעך קינד, וואָס לייכט דאָרטן אין דער בלוי־געקאַלכטער נישע, אין דער ציגלנער קאָשטשאָל־וואַנט, וועט אַהער נישט גרייכן.

— ני? — האָט נתן חיים, אַן אומגעדולדיקער שוין, איבערגעריסן דעם ברודערס כסדרדיקע אַרומקוקן זיך. — ווען 'עט מ' שוין פאַ'זיכן דעם ליקעיע'?

אברם יאַנקל האָט אויפסניי זיך אַ טאָפּ געטאָן ביי דער קעשענע. ער האָט נישט בדעה געהאַט איצט צו עפענען דאָס פלעשל. פריער, לויפנדיק, געטראָגן פון יינגלשן אימפּעט, מיט דעם אויסטערלישן איינפאַל אין קאָפּ, האָט ער געהאַט אַ פול מויל מיט געלעכטער און רייד איבערצוגעבן דעם ברודער, וואָס ער קלייבט זיך צו טאָן מיט דעם פלעשל. איצט אָבער האָט ער נישט געוווּסט ווי אַזוי ער הייבט אָן צו דערציילן אַזוינס נתן חיימען.

ני? ווּס קלעיע'סטי? — האָט דאָס ברודערל אים געמינטערט.

אברם יאַנקל האָט זיך געטאָן אַ הייב און אַ צי אַרויף אויף אַ טישל. ער איז געזעסן אַ רגע שטיל, פאַרטראַכט געשוויגן, דערנאָך, פּלוצים, האָט ער געטאָן אַ פּאָר אַרויס:

— נתן חיים, באַ דאַאַן מיינסטע' איז דו איין בעט, צי צוויי בעטן?

נתן חיים האָט געגלאָצט אויפן ברודער ווי ער וואָלט געוועזן חסר דעה.
*) מה ענין שמיטה אצל הר סיני? וואָס האָבן בעטן צו טאָן מיט ליקער? ס'אַנדערע, וועלכער ייד האָט דאָס איין בעט?

— מאַאַן מיינסטער האָט אַ באַזונדערע שלוף־שטיב מיט צוויי בעטן, — האָט דאָס ברודערל אים געטאָן אַ שניט אָפּ מיט געבייזער, וואָס אים קאָן גאָר איינפאַלן צו טראַכטן אַזוינס וועגן זיין מייסטער.

---

*) ווי קומט שמיטה צו באַרג סיני?

— אין מאַן מיינסטער האָט נאָר איין שטיב אין בלויז איין בעטל, — האָט אברם יאַנקעלע מיט אַ געלעכטערל אים געענטפערט און דערביי אַזוי שמאַדאַלסקע געטאָן אַ הייב מיט די שמאָלע, יינגלשע פּלייצקעס.

נתן חיים איז געשטאַנען לעבן ברודערס קני און געשוויגן. אַז בערעלע יאָסקעס וווינט נאָר אין איין שטוב האָט ער געזען גלייך ווי ער איז דאָרטן ס׳ערשטע מאָל אַריינגעקומען. ער האָט דעמאָלט אויך געזען אַז עס שטייט דאָרט נאָר איין בעטל. אָבער מאַלע וואָס עס שטייט אין אַ שטוב איין בעט! ביי אַ סך יידן, אַז ס׳איז ענג אין שטוב שטייט בייטאָג איין בעטל, אָבער ביינאַכט שטעלט מען אויף נאָך בעטן.

איין בעטל זאָגסטו? — האָט נתן חיים איבערגעפרעגט דעם ברודער.
— וויזשע שלופּט דאַאַן מיינסטער? אָף דער ערד?

— בהמה! — האָט אים אברם יאַנקל געגעבן אַזאַ ווילעריש שטופּעלע מיטן אַקסל, — ווּס פּאַ׳שטייסטי ניש׳? — מאַן און וואַאַב שלופן אינאַיינעם.

— ביסט אַ ליגנע׳, — האָט זיך נתן חיים געטאָן אַ וואָרף אויפן ברודער גלייך אים צו דורסן! פּאַר אים, דעם ערב בר־מצוה־יינגל, איז דעם ברודערס זאָגעלע געווען אַזוי אומגעריכט און אַזוי צעטומלענדיק, אַז ער האָט געפילט ווי ער פּאַרלירט דעם באָדן פון אונטער די פיס. וואָרעם ווי וויל ער האָט נאָך צו ניין יאָר געלערנט אַז מקדש זיין אַ כלה קאָן מען: *) בכסף, בשטר, ובביאה, איז אים אָבער קיינמאָל נישט איינגעפאַלן וואָס עס מיינט אַזוינס ד׳ער בביאה. מער נאָך, ווי ער האָט געהאַט די טבע אַריינצושטעקן זיין נאָז אומעטום, אָנצוהעקלען זיינע נייגעריקע אויגן אָן יעדער געשעעניש און ער האָט געקאָנט אין מיטן בעסטן געלויף, בלייבן שטיין און זיך צוקוקן אַ פּאַרגאַפּטער ווי הינט פּאָרן זיך אין מיטן מאַרק, ווי אַ האָן, אויפן הויף, נעמט פלוצים שאַרן מיט אַ פליגל אָן דער ערד, זיך דרייען אַרום דער הון ביז זי זעצט זיך און ער כאַפּט זיך אַרויף אויף איר מיטן שנאָבל אין איר קאָם, און בעת די יארידים, נאָך פּסח־צייט, פלעגט ער פאַרלירן ווערן פון חדר, אָפּליגן האַלבע טעג אויפן האָפּן־פעלד און זיך צוקוקן ווי פּויערים ברענגען אַרויס זייערע אָגערס און לאָזן זיי זיך פּאָרן מיט די אומרואיקע, הירזשנדיקע קאָבעלעס, ווי וויל ער האָט דאָס אַלץ נאָך געוווּסט אין מאָדזשיץ, האָט זיך אָבער קיינמאָל אין זיין קינדישן קאָפּ דאָס אַלץ נישט צונויפגעלייגט מיט די שייכותן פון מאַן און ווייב.

— די זוגסט ליגן, — האָט ער קוים איינגעהאַלטן דאָס געוויין, וואָס האָט זיך אים געריסן אין קעל אַריין, אַ קינדיש געוויין, וואָס איז אין אים

---

*) מיט אַ זילבער־שטיק, מיט אַ חפץ און מיט באַשלאָפן זי.

אַנגעשטאַנען טאַקע ווייל ער האָט פּלוצים איינגעזען אַז אברם יאַנקל זאָגט שוין גאָרנישט קיין ליגן.

— ני, גיט, — האָט אברם יאַנקל דורך דער טונקל אזוי שמאַדאַלסקע אים געשמייכלט אין די אויגן אריין. — קאָנסט האאנט שלופן מיט מיע׳, ׳עסטי, שוין זען צי יעד זוג ליגן.

— שלופן מיט דיע׳? — האָט נתן חיים אויפגעריסן די אויגן און זיך גענומען שיבערן. דאָס בלויזע הערן אז ער קאָן מיטגיין און אליין זעען ווי א מאנצפּאַרשוין ליגט מיט א נקבה, האָט אים שוין צעטראָגן און צעטומלט.

— אין ווּס ׳עט זוגן דאאן מיינסטער?

— עיע׳ ׳עט גוניש׳ זוגן. עים אָרט ניש׳.

נתן חיים האָט געפילט ווי א היץ באַשלאָגט זיין לייב. עפּעס איז ער מיטאיינמאָל געוואָרן אי טרויעריק, אי הייטעריק־געשפּאַנט. פון איין זייט האָט דאָס קינד אין אים געוויינט, אים געטריבן צו נעמען לויפן, אנטלויפן פון אלץ וואָס ער האָט זיך דאָ דערוווּסט, פון דער אנדערער זייט האָט דער אויפגעוועקטער מאנצביל אין אים, געהאלטן אים דאָ, ווי צוגעשמידט צו אברם יאַנקלען און אים געטריבן מיטצוגיין מיט אים צו בערל יאָסקעס אין שטוב אריין.

אַ ווייסע קאַץ איז פּלוצים ארויסגעשפּרונגען פון א שופלאָד. אברם יאנקל האָט א דריגע געטאָן און זיך אראָפּגעגליטשט פון טישל. מיר זענען שוין דאָ ארומגעלאָפן צווישן די שטעלעכלעך. שווייגנדיקע האָבן זיך די צווי ברידערלעך אַריינגעדרייט אין קיילעכדיקן מארק. ס׳איז דאָ געווען ליכטיק און שבתדיקע פּאָרלעך האָבן שפּאַצירט אויף די טראָטואַרן. דער שטאָט־זייגער, אין ראָטהויז־טורעם, האָט זיך צעקלונגען. גלייכצייטיק האָבן די ברידערלעך פאַרהויבן די קעפּ צום ציפערבלאַט. נתן חיים האָט זיך געגעבן א פּאַטש אין באַק:

— אוי, אַ בראָך אי׳ צ׳מיע! שוין צוועלף דער זייגע׳! — איצט, ער זאָל שוין אפילו נישט וועלן, מוז ער שוין גיין מיטן ברודער שלאָפן. עלף אזייגער פאַרמאַכט ראָך ס׳טויער. נאָך עלף, אז מ׳קלינגט און מ׳רופט דעם גוי אַרויס עפענען, דארף מען אים געבן כאָטש א צווייער אין יד אריין און ער, נישט ער האָט א גראָשן און נישט ער מעג איצט, שבת, האלטן ביי זיך געלט. אָן חשק איז ער געגאַנגען מיטן ברודער צוריק אַרויס אויפן וואָעל און פון דאָרטן צום שול־געסל. פּלוצים איז אברם יאנקל געבליבן שטיין:

— אוי, כ׳אָ׳דעך גוע׳ פאַ׳געסן! ס׳פלעשל אי׳דעך פאַ׳קאָרקעוועט.

ער האָט צוגעשלעפּט נתן חיימען צו א טונקל ווינקעלע, לעבן אַ פּלויט, ארויסגעצויגן פון דער הויזן־קעשענע די פלאַש, פון דער אַנדערער — אַ מעסערל מיט א פּראָפּנציער, אויפגעקאָרקעוועט און געטאָן א זופּ:

— אוי, נתן חיים, ס׳טעם־גן־עדן! — ער האָט זיך באלעקט ד׳י ליפּן ווי א קאַץ און דערלאַנגט דאָס פלעשל דעם ברודערל.

נתן חיים האָט אויסגעשטרעקט די האנט, נאָר זי האָט אים געציטערט, זיך געטרייסלט. צופיל איז ער אין דעם פּרייטיקצונאכטיקן אָוונט דורכגעגאַנגען. פריער דאָס דערוויסן זיך אַז מענטשן טוען דאָס אייגענע וואָס פערד, וואָס הינט, און איצט — אברם יאנקלס מחלל־שבת זיין, אזוי פריי, אזוי אָפן אַראָפּרייסן דאָס צינענע היטעלע פון פלעשל און אַרויסשלעפּן דעם קאָריק. אָט דאָס אלץ האָט דעם קוים דרייצן־יאָריקן נתן חיימען דערשיטערט, צוגענומען פון אים דעם גאנצן אָנהאלט זיינעם, צעטרייסלט די קינדישע וועלט, אין וועלכער ער האָט נאָרוואָס געלעבט אזוי זיכער, אזוי געשיצט:

— יעך וויל ניש׳ טרינקע׳, — האָט ער אָפּגעשטופּט דאָס פלעשל און אוועקגעדרייט דאָס פּנים, דער ברודער זאָל נישט זעען ווי ער צעוויינט זיך.

שטיל, אין זיך אריין, האָט נתן חיים איצט געוויינט. די טרערן האָבן אים געפּלייצט איבער די באקן. ס׳ווייס־בלויע ליכט פון איינציקן גאַסןלאָמפּ האָט זיך געררויטלט אין זיינע פאַרוויינטע אויגן, זיך געבראָכן ווי גאָלדענע שטרויעלעך. ס׳שול־געסל איז איצט געווען ווי אויסגעשטאָרבן, גלייך אַלע מענטשן וואָלטן פון דאַנען אַוועק. אויך ער, נתן חיים, האָט איצט געוואָלט אוועק, אוועק פון ברודער, פון דער גרויסער שטאָט, צוריק אהיים צו דער מאַמען, צום טאַטן, יאָ, אפילו צוריק צום טאטן, פון וועמען ער איז אזוי אַנטלאָפן, וואָלט ער איצט געפאָרן. איז אָבער שבת, פרייטיקצונאַכטס, די טויערן זענען געשלאָסן, פינצטער, א פינצטערע וועלט!

אָן זיין ווילן איז ער נאָכגעגאנגען אברם יאנקלען. ווי דער ברודער, האָט אויך ער זיך שטילערהייט אריינגעשלייכט אין פעדערהויז, וואָס איז שטענדיק אָפן, ווי אלע אָרעמאנסקע הייף, דערנאָך צו בערעלע יאָסקעס אין שטוב. אברם יאַנקל האָט פון פינצטערן פעדערהויז אָנגעטראָגן אַ באַרג מיט צעריסענע זעק, צעריסענע קאָלדרעס און גיך אויסגעבעט א געלעגערל אויף דער ברודיקער פּאָדלאָגע, לעבן דער פּליטע. ער, נתן חיים, איז געשטאַנען ביי דער טיר און געקוקט דורך דער פינצטער. צום ערשט האָט ער גאָרנישט געזען, ביסלעכוויין אָבער האָבן זיך די שטוב־זאַכן אָנגעהויבן אַרויסשיילן. אָט איז דער ווייס־געדעקטער טיש, אָט איז די קליידער־שאַנק און דאָרט, לעבן פענצטער, איז ס׳בעטל!

נתן חיימס געבליטן האָבן געגומען שטייגן. ער האָט זיך געקניפּט די באקן, געריסן מיט די נעגל ס׳לייב: אוי וויי! אברם יאנקל האָט געזאָגט אמת. ער האָט נישט אָפּגענאַרט. אָט ליגן זיי טאקע ביידע אינאיינעם! די באַלעבאָסטע מיט דער פּלייצע אויף דער וואנט. מיט איין אָרעם, א נאקעטער, אזא ריזיקער, האלט זי ארומגענומען בערעלען און ער ליגט איינגעטוליעט אין איר ווי א קליין יינגעלע לעבן א ריזיקער מאַמע!

— טי דעך אָאָס! — האָט אים אברם יאנקל געשושקעט אין אויער און אים געצויגן ביים אַרבל צום געלעגערל.

די נאכט, א הייסע, א פאַרנע, האָט זיך פאַר די צוויי ברידערלעך געצויגן ווי פון פעך. אין פעדערהויז זענען די קעץ ארומגעלאָפן, מייז האָבן געפּישטשעט. נתן חיים האָט אלע ווײַלע א טאָרע געטאָן דעם ברודער:

— זײַ שלופן?

— ש־ש־ש! — האָט אברם יאנקל אים גיך פארדעקט ס׳מויל מיט דער האנט־פלאך.

ער האָט זיך געשראָקן, אברם יאנקל, אפשר איז שוין נאָך אלעמען? ער האָט נישט געדארפט געווען אזוי לאנג זיך ארומשלעפּן מיט נתן חיימלען איבער די גאסן:

— נאַ, ווילסט א זיפּ? — האָט ער דעם ברודער געשושקעט אין אויער און אונטערן צודעק אים געשטופּט דאָס פלעשל אין האנט ארײַן.

— יעך וויל ניש׳, — האָט דאָס ברודערל אָפּגעשטופּט דאָס פלעשל און אַליין זיך געטוליעט צו אים, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרײַנקריכן אין עלטערן ברודער.

די נאכט איז דערווייל נישט געשטאנען. בערעלע יאָסקעס האָט זיך שוין געהאט גוט אויסגעכראָפּעט. די וואָכעדיקע מידקייט איז אים ארויס פון די גלידער. דער שבת, דאָס נישט דארפן אויפשטיין מיטן באַגין צום שוסטעריי, האָט אים געהויבן, געהייטערט ס׳געמיט. ער האָט אַרומגענומען דעם ווײַבס האלדז:

— סאלטשאַלע, שלאָפסט?

זי האָט געעפנט די אויגן, גרויסע, וואַרעם־אונטערטעניקע ווי ביי אַ קו. בערעלע האָט ארונטערגערוקט אויך זײַן רעכטן אָרעם אונטער איר קאַרק, צוגעצויגן איר קאָפּ צו זיך און אליין זיך אײַנגעקנעטן אין איר ווייכן בויך, אין אירע ריזיקע בריסט אין אַ ווײַלע אַרום האָט צום געלעגערל אַ בליאַסק געטאָן ווייס, אָפּגעדעקט לייב...

נתן חיימל האָט זיך געטוליעט אין ברודער. זײַן גאנץ געביין האָט געציטערט, ווי ער וואָלט געלעגן א נאַקעטער אויפן גרעסטן פראָסט.

— ש־ש־ש! — האָט אברם יאנקל אים געפּרוווט בארואיקן.

— וואָס טיט זיך דאָרטן! בענקאַרטעס, ממזרים! האָט בערל יאָסקעלעס אונטערגעהויבן ס׳קעפּל זײַנס און באלד געטאָן א שפרונג צו צום געלעגערל א נאקעטער ווי די מאמע האָט אים געהאַט. אין דער פינצטער האָט ער גענומען בויקערן די ייִנגלעך איבער די קעפּ און געשריגן: — אַ כאָלערע ׳עט ענק דאָ טרעפן! וואַד־נעכט ׳עט עץ מיע׳ מאַכן? אַראָאָס פון מאַאַן שטיב, ממזרים!

# קאַפּיטל פופצן

פון זינט נתן חימל איז אָנגעקומען אויף דעם אָרט, איז אים די מיינסטעראָווע א רעטעניש. דער מיינסטער גראָד איז אַן אָפענער זעקס און זעכציק. א פריילעכער לונג און לעבער, האָט ער ליב זיך צו מאכן א געלעכ־טערל. אים, נתן חימען, געפעלט נאָר־נישט וואָס ער רעדט אַזוינע גראָבע, אָרדינערע רייד, וואָס ער מאכט נישט־שיינע אָנצוהערענישן דער מיינסטע־ראָווס קאָלעזשאַנקע, רייזעלען, אַן עלטער מיידל נעבעך, א בלאסע, מיט שווארצע, שעמעוודיקע אויגן און א קאָפּ שווארצגעקרויזטע האָר, פאַר־לייגטע אין אַ רונדן וואַליק. ס'הייסט ליב האָט ער, נתן חיים, גראָד יאָ צו הערן אזוינע רייד. זיי פארכאַפּן אים דעם אָטעם און ס'ווערט אים אזוי הייס. אויך די רייזעלע, זעט אויס, האָט ליב די געלעכטערלעך. אַ סימן: זי שמייכלט. זי בייזערט זיך כלומרשט אָן. זי זאָגט אים: „רעדן זי ניש' אזוי, פּאַניע רייכמאַן!" מ'זעט אָבער אז זי מיינט דאָס נישט.

די מיינסטעראָווע אָבער מאכט זיך קיינמאָל נישט קיין געלעכטערל. זינט ער איז אָנגעקומען אַהער, האָט ער זי נאָך נישט געהערט לאכן. פאַר־וואָס זאָל אזא ווייבל קיינמאָל נישט טאָן א לאך? ס'פעלט איר דען עפּעס? דער מיינסטער אָווירט זי ווי א קייסערינע. א דירה האָט זי א הערלעכע. אין שלאָפשטוב ביי איר שטייען צוויי בעטן און א קליידער־שאַנק קאָן מ'זיך אין זיי שפּיגלען. דערצו נאָך איז זי זייער א שיינע. זי האָט א האַלדז איז ער ווייס ווי „אלבאסטער". זי האָט אויך שיינע אויגן, גרויסע, פולע, אזעלכע גרינלעך־גרויע און די באַקן ביי איר בליען ווי צוויי רויטע רויזן. פאַרוואָס־זשע זעט זי שטענדיק אויס צו זיין אזוי אומגליקלעך? אזוי פול מיט צער? שטענדיק דאכט זיך אים: אָט, אָט און זי ברעכט אויס אין א געוויין.

מילא, אז די מאמע אירע, אסתר די נאפטשארקע, האָט א פארוויינט פּנים, דאָס פארשטייט ער. איר איז נעבעך נישט גוט. ערשט קוים אַריבער די פופציק, איז זי שוין העכער פופצן יאָר אַן אלמנה. פון די צוויי קאַנען נאַפט האָט זי געדאַרפט דערנערן אַ גאַנץ הויזגעזינד, פיר זין און צוויי טעכטער; זיי אַלע שטעלן אויף די פיס און מאכן פון זיי שטיקלעך מענטשן.

ווי מעכעלעס קרובים, אזוי איז אויך זי, פערעלעס מאַמע, אָפּט אריינ־געקומען אַהער. נאָך די טעגלעכע מאַרשרוטן איבער די הייזער און שטאָקן, שלעפנדיק זיך פון הויף צו הויף א באהאָנגענע מיט קוואָרטן און קווערטלעך,

א באַלאָדענע מיט צוויי קאַנען נאפט איןביידע הענט, טרעט זי אָפּ ביי פּערעלען. א מאמע, קוים וואָס זי האָט דערלעבט חתונה, צו מאַכן די טאָכ־טער, בפרט נאָך איצט, אז זיין ליבער נאָמען האָט איר געהאָלפן און פּערעלע האָט שוין אן אייגענע דירה, אזא ראָסקאָשנע וווינונג, א שטוב מיט א קיך נאָר פאַרן קיסר, קומט זי אָפּט אַריין שעפּן נחת.

פריער, איידער דאָס פּראָווינצערל איז אָנגעקומען, האָט זי נעבעך געאיילט אין איין אָטעם, צו קאַנען מיט עפּעס בייהילפיק זיין פּערעלען, וואָס איז שוין, קאַנעהאָרע, אין די הויכע חדשים. איצט, אז זיין ליבער נאָמען האָט איר אונטערגעשיקט דאָס יינגל און זי באהעלפט זיך מיט אים בעסער ווי מיטן בעסטן דינסטמיידל, לויפט זי נישט אזוי. זי קומט אַריין פּאַוואָליע, שטעלט אוועק די צוויי קאַנען לעבן דער טיר, נעמט פון זיך אראָפּ די קוואָרטן און קווערטלעך און זעצט זיך אַביסל אָפּדעכען אויף אַ טאַבורעטקע, לעבן ארבעטס־טיש. איר ליגט נישט, חלילה, אין זינען צוצולייגן א קנייטל צום פייער, וואָס פלאַקערט אַזוי צווישן איידעם און זיין מאַמען, צווישן פּערעלען און איר שוויגער. נישט זי וויל זיך אריינמישן און ס׳איז נישט נייטיק אויך. פּערעלע איז נישט פון יענע ווייבלעך וואָס מ׳קאָן זיי דאָסן אויף די קעפּ. איר ליגט גאָר אין זינען זיך נאָכצופרעגן וואָס די טאָכטער מאַכט, צי זי פילט ס׳קינד. „פּערעלע״, פרעגט זי די טאָכטער, „ס׳קינד קאָפּעט?״. און נישט ווארטנדיק אויף קיין ענטפער, טשאַפּעט זי צו צו דער פּליטע, א טאַפּ טאָן פּערעלעס פארשפּיצטן בויך. עס ארט זי נישט וואָס די טאָכטער שטופּט זי אָפּ: „מאַמעשי זיך ניש׳ מאַכן נאַריש!״. נאָך ווייניקער ארט זי וואָס מעכעלע, דער איידעם, ביים מאשינדל דאָרטן, לעבן פענצטער, טרייבט פון איר קאַטאָוועס: „שוויגער, אפשר ׳עט איר אַ טאַפּ טאָן באַ מיר?״. וואָס וועט זי זיך דאָ מאַכן א צימעס פון מעכעלען? זי קען אים דען נישט? דאָס איז דאָך ביי אים א גאָרנישט! טיילמאָל כאַפּט זי דאָך די צוויי קאַנען און לויפט גיך ארויס פון שטוב, נישט צו הערן זיינע אָרדינערע אָנצוהערענישן איבער איר אלמנהשאַפט: „ס׳קיצלט? שוויגער? די שוויי־גער קאָן זיך גאָרנישט פאָסטאַרען?...״ פּערעלע טוט טאקע א געשריי: „מאָך צו ס׳מויל, מאכל!״. אָבער ער הערט זי דען?

אויך פון איר האָט זיך נתן חיים דערוווסט, אַז ער איז אַ גאַנצער חשוב אין ראָדעם, כאָטש ער וואָלט זיי אלע מוחל געוועז אזא חשיבות. ווי אנדערע משפּחה־לייט דאָ, האָט זי אויך שוין דעם ערשטן טאָג געטאָן אַ פאָר־ארויס:

— אַזוי, קימסט גור פין יעקב הערשעלעס שטאָט? ׳אָסט ניש׳ געקענט זען ער זאָל דאָרטן איינגעמען אַ מיתה משונה איידער ער איז געקימען אַהער? — גלייך נאָר מאָדזשיץ האָט ארויסגעגעבן אזא יעקב הערשעלע און גלייך ער, נתן חיים, איז שולדיק, וואָס יעקב הערשעלע איז געקומען קיין ראָדעם.

געוויינלעך איז די נאפטשאַרקע, א שטילע יידענע, א בלאסע, מיט אויסגעוויינטע טרערן־זעקלעך אונטער אירע אויגן, פייכטע, מאטע, אויס־געלאָשענע שוין. ס׳רוב, אז זי איז אריינגעקומען, איז זי געזעסן ביים שפּיץ־טיש, דער נאפט־ריח, וואָס טראָגט זיך פון איר זאָל נישט קריכן קיינעם אין נאָז. צוליב די נאפטיקע הענט, וואָס זי קאָן זיי קיינמאָל נישט דערוואשן, האָט זי נישט געלאָזט די טאָכטער זאָל זי מכבד זיין מיט אן עפּעלע, א בארנדל, אפילו נישט מיט קיין גלעזל טיי.

זיצנדיק אַזוי אָנגעשפּאַרט אָן שפּיץ פון טיש, האָט זי זיך צוגעקוקט ווי דאָס פּראָווינצערל פּרעסט נעטלעך, באנייט לייסטלעך אין היטלען, ווי דער איידעם צייכנט דענקעלעך אויף א געוואנט, אמאָל א שווארצס אמאָל א גראַנאַטס. און אזוי קוקנדיק האָבן זיך אירע מידע אויגן צוגעשלאָסן און זי האָט איינגעדרימלט אויפן אייגענעם אָרעם, אָן אָנגעשפּאַרט אויפן שפּיץ טיש. צומאָל, אז דער איידעם איז נישט געווען אין שטוב, האָבן מאַמע און טאָכטער זיך אראָפּגערעדט פון הארץ. אים, נתן חיימען, איז פּאָרגעקומען ווי די צוויי ווייבער וואָלטן געגאַנגען אין א פּארמעסט מיט קללות. אז פּערעלע האָט געזאָגט: „יעדן קאָן באַשטיין ער זאָל איינעמען א מיתה־משונה", האָט די נאפטשארקע זי איבערגעשטיגן „מאנסטאַלבן קאָן ער פּאָאַלן לעבעדיקערהייט".

ביסלעכווייז, נאָכן האָבן דאָ אָפּגעוועזן עטלעכע וואָכן, האָט נתן חיים, פון דער אלטערס „מאַנסטאַלבן" און דער מיינסטעראָוועס „יעדן קען באשטיין", אָנגעהויבן אַנען פאַרוואָס די פּנימער ביי דער מאמע און טאָכטער זעען שטענדיק אויס ווי אָט, אָט ברעכן זיי אויס אין געוויין.

ער האָט איינגעזען אז די מיינסטעראָווע, ווי א סך יידישע ווייבלעך און מיידלעך, מאכט א פּוסטן אָנשטעל אז זי איז איידל געפּאַטשקעט, אז זי איז נישט געוווינט זיך צו פּאָרען ביי דער „קאָך". אַז אויב דער מאַן קאָן איר נאָך דערווייל נישט געבן קיין דינסט איר נאָכצוטראָגן דעם קויבער אין מארק אריין, צו וואשן ס׳געפּעס, צו סקראָבען די פּאָדלאָגע אין דער „קאָך־שטוב" און „פּוטערירן" די רויט־געפּארבטע דיל, אין שלאָפּצימער, זאָל ער, נתן חיים, דאָס טאָן פאר איר.

פון דער אלטערס רייד זעט ער איין אז זי, די מיינסטעראָווע, איז געווען א פּראָסט מיידל, אז אינדערהיים האָט זי גאָרנישט געלעקט קיין האָניק און זי בלאָזט זיך אומזיסט. דער מאַמעס צוויי קאַנען נאפט האָבן געדאַרפט זיי אלע דערנערן. בלויז כדי צו טאָן א בעסערן שידוך איז זי, פּערעלע, נישט געוואָרן קיין נייטאָרקע, נאָר זיך געבלאָזן און זיך געהאלטן פּאַר אַ פּאַניענקע. שפּעטער האָט אָנגעהויבן ווערן אַביסל לייכטער אין שטוב. מאַקס, דער עלטסטער זון, איז געוואָרן אַ סוביעקט אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט אויף דער לובלינער גאס. ווען נישט דאָס אומגליק מיט חיימלען,

מיט וועלוועלען, וואָלט זי, די מאַמע, שוין געקאָנט איצט האָבן פיל נחת. ער, מאַקס, איז קאַנעהאָרע צו גאָט און צו לייט. צוויי קינדערלעך — מעגן זיי איינשטיין ביים קיסר. ס'ווייב איז גאָרנישט קיין פּרוי נאָר א הערלעכע דאַמע. אין געשעפט איז ער דער גאַנצער קאָפּ. מיט פערעלען האָט זי אויך, דאַנקען גאָט, געטראָפן. אמת, דער מעכעלע איז אַן אַלטער בייז, זיך אַרומ־געטליקעט מיט מיידן ביז אכטאונדרייסיק יאָר. נאָר וואָס האָט זי געקאָנט טאָן? פערעלע האָט שוין אויך געמעגט הערן שפּילן. ווי לאַנג קאָן א מיידל זיצן? אז זי איז געוואָרן זעקסאונצוואַנציק, האָט זי א זאָג געטאָן: „מאַמע־שי, זאָל זיין מאכל, לענגער וויל איך שוין נישט וואַרטן". אָבער דאַנקען גאָט, מעכעלע איז איר א גוטער מאַן. ער אָווירט זי ווי א קייסערינע, זעגען אָבער די צוויי יונגערע זין, חיימל און וועלוועלע, דער גאַנצער ווייטיק אין איר האַרץ. ביז היינט קאָן זי נישט פאַרשטיין ווי ס'קומט צו איר אזא פּרי ווי חיימל! הלוואַי וואָלט ער איר געווען אויסגערונען פון בויך איידער זי האָט אים אויף דער וועלט געבראַכט. א פּרעסער, א זויפער, אַ שיקסעניק. דערצו נאָך אַ גנב מיט די אויגן! מילא, קליינערהייט, אַז ער האָט געגנבעט פון דער מאַמעס טאָרבע־קעשענע די שווער־פאַרהאָרעוועטע צענערס און זעקסערס, האָט כאָטש קיינער נישט געוווּסט. ס'איז טאַקע געווען א לאַך אין האַרץ, אָבער כאָטש נישט קיין שאַנד אין פּנים. ס'אומגליק איז געקומען שפּעטער, ווען דער מאַמעס קופערנע צענערס האָבן שוין נישט גענוגנט אויף צו פרעסן און זויפן אין די קנייפּעס מיט די פּשיאַטשעלעס און זייערע נקבות, האָט ער אָנגעהויבן רוקן ס'הענטל אין פרעמדע קעשענעס, זיך אריינברעכן אין הייזער, אין סקלאַדעס, זיצט ער איצט גאַנצע דריי יערלעך אין קרימינאַל.

— יעך קען באַשטיין ער זאָל שוין פון דאָרט נישט דערלעבן אַרויסצו־קומען, — האָט פערעלע גיך אונטערגעהאָלפן דער מאַמען מיט א ברכה.

ווי פאַרביטערט מאַקס, דער עלטסטער ברודער, איז נישט געווען אויף דעם יונג, צוליב זיין פאַרשוואַרצן אים ס'פּנים אין דער געשעפטס־וועלט, איז זי, פערעלע, נאָך מער געווען אויף אים פאַרהאַסט. צוליב אים האָט זי יאָרנלאַנג נישט געקאָנט קיין לייטישן שידוך טאָן און געמוזט נעמען מעכל היטלמאַכער, וואָס איז מיט איבער צוועלף יאָר עלטער פון איר!

געוויינלעך, אז די טאָכטער זאָגט „יעך קען באַשטיין", קומט די מאַמע אונטער מיט איר: „מאַאנסטאַלבן". דאָ אָבער האָט דער מאַמעס האַרץ נישט געלאָזט שעלטן אַן אייגן קינד, איז זי גיך אריבער מיט איר מענה־לשון אויפן צווייטן זון.

פון וועלוועלען וואָלט זי גראָד יאָ געקאָנט האָבן נחת. א טייער קינד, געטריי דער מאַמען, איבערגעגעבן דער שטוב. דער מיינסטער זיינער, דער קאַמאַשנמאַכער, האָט זיך געשפּיגלט אין אים ווי אין א שפּיגעלע. האָט זיך

יעקב הערשעלע אָנגעזעצט אויף אים, אז זיצן זאָל ער שוין אינדערערד, טאַטע געטרייער! מילא, מ׳זאָגט כאָטש א מסור מסרט פרעמדע, וואָס ער קען זיי נישט. וועלוועלע איז דאָך אָבער געווען זיין פּשיאַטשעל, זיי זענען דאָך ביידע געזעסן אין ווארשטאַט א מאשין לעבן א מאשין. יעקב הערשעלע האָט דאָך ביי איר געטאָגט און גענעכטיקט, א נעכטיקן זאָל ער שוין אויפן בית עולם!

אן עלנט ייִנגל, פון א פרעמדער שטאָט, האָט זי אים אָווירט ווי איר אייגענעם זון, וועלוועלען. ער האָט ביי איר געגעסן און געטרונקען. זי האָט פון אים געוואשן די וועש, נעמט דער יונג און פארשיט אויף אים, וועל־וועלען! ווו איז אזוינס געהערט געוואָרן? ס׳איז דאָך אויס וועלט! ווען זי עקספּעדירט נישט באַצייטנס וועלוועלען פון שטוב אַרויס, וואָלט זי איצט געדארפט טראָגן טאָפּלטע וואַלוּווקעס אין קרימינאַל אריין. אָבער וואָס קומט פון דעם ארויס? ווו וועלוועלע טאָגט, דאָרטן נעכטיקט ער נישט, און אַרבעטן האָט ער מורא. זאָל ער זיך היינט אויסזוכן א מייַנסטער, קומט מאָרגן יעקב הערשעלעס א שמש און פאַרנעמט אים פון דער מאשין אוועק. טאָמער איז ער איינמאָל אוועקגעפאָרן קיין ווארשע, האָט יעקב הערשעלעס א סיסטשיק אים דאָרטן דערשמעקט, אז שמעקן זאָל ער שוין דעם טויט. און ווי לאַנג קאָן מען זיך אויסבאַהאַלטן? מ׳איז דאָך אַ לעבעדיקער מענטש! מ׳דאַרף דאָך א שוך, א מלבוש אויפן לייב. אנדערע ייִנגלעך האָבן כאָטש געהאַט שכל מיט וועמען זיך אָנצוהייבן. אַז זיי האָבן זיך געברידערט מיט די פּעפּעסניקעס, איז זיי איצט לייכטער. זיי, די פּעפּעסניקעס, זאָגט מען, האָבן קורחס אוצרות. נישט בחינם האָבן זיי געמאכט אָנפאַלן אויף קאַזנאַ. האָבן זיי טאַקע איצט אויסצוהאַלטן זייערע לייט אין די תפיסות. וועלוועלע אָבער האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך די בונדאָווצעס, וואָס, מ׳שטיינס־געזאָגט, קאָנען שוין די אָרעמע חברה, שניידערס, שוסטערס, קעכינס, נייטערקעס, אויפטאָן פאַר זייערס א מענטש? אמאָל אין א יובל שיקן זיי אזא איינעם א וואַלוּווקע אין קרימינאַל אריין. נאָר זאָל זי שוין דער אויבער־שטער אָפּהיטן, וועלוועלע זאָל, חלילה, דארפן אויסקוקן אויף זייערס אַ פּעקל. ליגט ער טאַקע, וועלוועלע, אויף אירע פּלייצעס, אז ליגן זאָל יעקב הערשעלע שוין אינדערערד.

אין איר אָפּרעדן זיך ס׳האַרץ פאר נתן חיימען, האָט די מאמע, דער מייַנסטעראָוועס, געוואָלט דאָס ייִנגל זאָל דעם יעקב הערשעלען, וואָס ער איז דאָך זיין בן עיר, אויך האַסן, שעלטן אים, האָט גאָר נתן חיימל אים באַוווּנדערט. ער איז טאַקע בייז געווען אויף אים וואָס ער טוט שלעכטס מענטשן, וואָס ער איז א מסור. ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט העלפן און אים געמוזט באַוווּנדערן. אין דעם דרייצן־יאָריקן ייִנגלס אויגן איז ער, חוץ א מסור, געווען אויך א העלד. הער נאָר דאָ! דער יונג שאָקלט דאָך

מיט ראָדעם! דאָס הייסט ס׳איז נאָך נישט אויס מיט די סטרייקערס! אַז יעקב הערשעלע יאָגט זיך נאָך זיי, איז דאָך א סימן אז זיי זענען דאָ, אַז עס רודערט זיך נאָך!

און אין ראָדעם האָט זיך טאַקע נאָך געראודערט! יעקב הערשעלע איז נאָך דאָ געפּאָרן נאַשפּיץ! אָט איז ער קאַפּויער געקומען אויף דער לובלי־נער גאַס אין דער הלבשה פון אַ זשאַנדאַרמסקע אָפיציר מיט בלישטשעדיקע עפּאָלעטן אויף די אקסלען, מיט צוויי שפּייערס אין זיינעביידע זייטן און אָט גאָר האָט מען אים געזען ציוויל, דער רעוואָלווער פאַררוקט אין קעשענע, אָבער שטענדיק מיט די צוויי שמשים זיינע, די צוויי סיסטשיקעס הינטער אים. אין זיין יעדן ריר און קער איז געווען דער ארויסרוף: דאָס איז מיין ראָדעם!

און עס איז טאַקע געווען זיין ראָדעם. דאָ האָט ער איבערגעדרייט די קאַפּאָטע, געוואָרן אויס פּראָלעטאַריער, אויס סאָציאַליסט, וואָס דינט דער רעוואָלוציע און גאָר גענומען דינען דעם רוסישן צאַריזם, גענומען סליחהנען אויף רעכטס און לינקס און דווקא מיט הנאה, ווי ער האָט מיט יאָרן צוריק מיט הנאה וויי־געטאָן דעם טאַטן, דעם שיינעם מאָדזשיצער בעל־הבית, דעם חסידישן וואַלד־סוחר, וואָס כדי אים, דעם טאטן, צו פאַרשוואַרצן ס׳פּנים, איינצורעכטן אים דעם יחוס, איז ער, יעקב הערשעלע, בייז זייענדיק אויף דער שטיף־מאַמע, אוועק קיין ראָדעם און דאָרטן געוואָרן אַ באַלמע־לאָכע, א קאַמאַשנשטעפּער און פאר איין וועגס שוין א רעוואָלוציאָנער, אַ סאָציאַליסט.

און נישט עפּעס דאָרטן א מסורל, איינער פון די פיל פּראָוואָקאַטערלעך, וואָס זענען דעמאָלט אַרויפגעקומען ווי בלאָטע אין אַן אויפגעבורעטן טייך ער איז געוואָרן די רעכטע האנט פון זשאנדארמסקן פּאָלקאָווניק אין ראָדעם, וואָס אונטער זיין רוט זענען געווען פיל שטעט און געגנטן ארום. צוליב אים איז אויך די ליובאָוניצע זיינע, די רויטהאָריקע „זאָכטער" פון דער לעקעך־הענדלערין אויפן וואָעל, אריינגעצויגן געוואָרן אין דעם לאָוויען די נעכטיקע חברים און חברטעס זייערע. די רשימות מיט נעמען, וואָס זיי האָבן צוגעשטעלט דער זשאנדארמעריע, האָבן געדעקט אלע פּאַרטייען אין ראָדעם, די פּ.פּ.ס. ווי דעם „בונד", די פּועלי ציון ווי די ס.ס. און די עס־דעקעס.

ביידע, די כלה פּונקט ווי ער, האָבן געוווּסט אז זייערע קעפּ שטייען אין קאָן, אַז די שמירה זייערע פון שטענדיק האָבן באַוואָפנטע אגענטן ארום זיך, וועט זיי נישט אויסהיטן פון אַ גוט־אויג. און טאָמער האָבן זיי דאָס געוואָלט פאַרגעסן, האָבן די געהיימע קאָמיטעטן פון די רעוואָלוציאָנערע פּארטייען זיי אלעמאָל אויפסגיי דאָס דערמאָנט. דורך געדרוקטע בלעטלעך, צעקלעפּטע אויף ראָדעמער ווענט און סלופּעס, האָט מען זיי געלאָזט וויסן

אז בײדע װעלן זײ באַצאָלן פאַר העלפן דער זשאַנדאַרמעריע פאַרשיקן אַזױ־פיל חברים אין די טורמעס, קײן סיביר. און כדי נישט נאָר יעקב הערשעלע און זײן כלה, נאָר אױך דער ראָדעמער זשאַנדאַרמסקער פּאָלקאָװניק זאָל נישט מײנען אַז דאָס זענען פּוסטע סטראַשונקעס, האָבן די פּאַרטײ־קאָמי־טעטן אים געגעבן אַן אַדערױף.

אין אַ שײנעם, ליכטיקן זומער־טאָג, האָט זיך פּלוצים, אױף דער סאַמע לובלינער גאַס, דערהערט אַ שאָס און נאָך אײדער דאָס רױכל פֿון דער אָפּגעשאָ־פּײערטער קױל איז זיך צעגאַנגען אין דער לופט, איז שױן אױפן טראָטואַר, אונטער די ברײט־צעװאָקסענע קאַשטאַן־בײמער, געלעגן טױט דער קאָפּ פֿון די ראָדעמער געהײם־אַגענטן, טאַקע יענער, װאָס האָט אַזױ זאָרגעװודיק געהיטן אַז קײן האָר זאָל חלילה נישט געקרימט װערן, נישט יעקב הער־שלען און נישט זײן רױט־האָריקער ליובאָװניצע. און נישט לאַנג נאָך דעם האָט דאָס ראָדעמער יונגװאַרג געגעבן אַ צװײטן אַדערױף און אױך זי, יעקב הערשעלעס כלה, מקיים פּסק געװען.

געזאָלט האָט זי, די רױט־האָריקע מױד, קריגן אַ קנײדל אין קאָפּ, װי דער געהײם־אַגענט, װאָס האָט זי אַזױ זאָרגעװודיק געהיט און געשיצט, נאָר אױסגעלאָזט האָט זיך אַז דאָס ביסל הינטישע לעבן אירס, איז איר נאָך באַשערט געװען אױף אַ שטיקל צײט, איז זי איצט אַרױס פֿון דעם איבערפאַל בלױז אַ צעקװעטשטע, אַ באַשפּיגענע, אַזױ באַשפּיגן אַז דער טױט איז איר געװען מער ניחא.

אַ דרײסטע, אַ מײדל, װאָס האָט שטענדיק געשטעלט אױף זיך, האָט זיך איר, אין יענעם זומער פֿאַרגלוסט צו פֿאָרן קײן קאָליש, נישט אַזױ צוליבן גוט־יום־טוב־ביטן דער מאַמעס משפּחה, װי צו קאָנען זײן עטלעכע טעג אַן שומרים, װאָס אין ראָדעם איז דאָס איר נישט מעגלעך. אין קאָליש אָבער, װוּ קײנער קען זי נישט, װעט זי קאָנען, כאָטש עטלעכע טעג, זײן אַ פֿרײער מענטש, אָן די שטענדיקע צװײ שאָטנס אַרום איר.

נישט די מאַמע און אױך נישט דער חתן, יעקב הערשעלע, האָבן נישט געװוּסט פֿון איר אײנפאַל. װען זײ װײסן, װאָלט זי אָן דער שמירה נישט געװען געפֿאָרן און דאָס האָט זי דאָך נישט געװאָלט. די צװײ שאָטנס אַרום איר האָבן זי געשטיקט, װי זײ װאָלטן אַװעקגענומען פֿון איר דאָס ביסל לופט צום אָטעמען.

װי תמיד, איז דער דאָזיקער אײנפאַל בײ איר געװאָרן אַ שטאַרקער באַגער. גראָד װײל עס שמעקט מיט געפֿאַר, איז דאָס אַרױסגנבֿענען זיך פֿון שטאָט געװאָרן בײ איר אַ מין פֿאַרמעסט, אַ פֿאַרמעסט מיט זיך אַלײן, צו זען אױף װיפֿל איר געװאַגטקײט גײט, דער עיקר אָבער איז דאָס געװען אַ פֿאַרמעסט מיט די פּאַרטײ־קאָמיטעטן, װאָס האַלטן כסדר אַן אױג אױף איר. זי װעט זײ װײזן! פֿון אונטער זײער נאָז װעט זי זיך אַרױסדרײען!

שבת פאַרנאַכט, פאַרן עפענען די לעקעך־קראָם, ווען די פרומע מאמע אירע האָט געזאָגט „גאָט פון אברהם״, האָט זי זיך פאַרקליבן אין לעצטן שטיבל, וואָס איז געווען א פינצטערס, אָן א פענצטער צו דער גאַס, ווו קיין מענטשלעך אויג קאָן אהין נישט ארייַנבליקן און זיך דאָרטן אָנגעטאָן דער מאַמעס א ברייטע ספודניצע מיט אן אלטפרענקיש סאַמעטן יופקעלע. אויפן קאָפּ האָט זי אָנגעטאָן אַ קאָפּקע מיט א שטייענדיקן טשיפּיק איבערן שטערן, וואָס האָט פאַרדעקט און באַהאַלטן אירע גאָלדענע קודלעס. אין אַ שטרוי־געפלאָכטן קויבערל, וואָס עס נוצן אַלטע ווייבער, ס׳גאיעס פון דאָרף, האָט זי ארייַנגעלייגט עטלעכע קליידלעך, די שיך מיט די הויכע אָפּצאַסלעך. א פּאָר שטיקלעך מיידלשע אונטערוועש און מיט דעם זייטיקלעך זיך אַרויסגעשלייכט פון שטוב. איצט, שבת, צווישן מנחה־מעריב, ווען סיי דער וואָעל און סיי די גאַסן אַרויס פון וואָעל, ווימלען מיט יידן, מיט ווייבער, מיט יונגוואַרג, וואָס שפּאַצירן אויף די טראָטואַרן, שמועסן, רוישן, לאכן, וועט איר גאָר לייכט זיין זיך דורכצושלייכן די גאַסן, אוועק צום וואָקזאַל און דאָרטן זיך ארייַנקריגן אין קאָלישער שנעלצוג.

פּאַוואָליע, ווי אַן אלטע, אויסגעהאָרעוועטע יידענע, איז זי געקראָכן איבערן וואָעל און אַרויס אויף דער לובלינער גאַס. דאָ האָט דער שבת שוין געהאט אַוועקגעשוועבט אין די הייליקע הויכן און די פארשטופּטע וואָך האָט זיך ווידער צעלייגט איבער טיר און טויער. דאָס בלענדיק עלעקטרישע ליכט פון די שויפענצטער איז געפאלן אויף די טראָטוארן, ווו דאָס יונג־ווארג, געאָרעמטע, אייַנגעקנעטענע איינע אין אנדערן האָבן נאָך רואיק, שבת־מנוחהדיק שפּאַצירט, ראָמאַנסירט, גלייך עס וואָלט גאָר קיין וואָך אויף דער וועלט נישט געווען. אַ צופרידענע איז זי זיך געגאנגען אין דעם געווימל מיטן שטרוי־געפלאָכטענעם קערבל אויפן אָרעם און געוואָרפן זייטיקע בליקעלעך אויפן יונגוואַרג, וואָס יעדער פון זיי קען זי און זי קען יעדן פון זיי, אָבער ווער פון זיי וועט דאָ איינפאַלן אז די אייַנגעבויגענע אַלטיטשקע איז זי? יעקב הערשעלעס כלה!

איז אָבער די ראָדעמער פאַרטיי־קאָמיטעטן יאָ איינגעפאַלן. זיי האָבן שוין גאָר גוט געוווּסט ווער עס גייט דאָ, אזוי גנביש פארשטעלט, זיך איבער־פאָרן אַביסעלע קיין קאָליש. זי האָט טאַקע גאָרנישט פאַרדעכטיקט און קיינעם נישט באַמערקט, אָבער פיר פאַרשוין, צו צוויי אויףביידע זייטן גאַס, האָבן זי גוט געהאַלטן אויפן אויג, איר נאָכגעגאנגען פּוסטריט און ווי נאָר זי איז אַרויס פון לובלינער גאַס, אַוועק פון באַלויכטענעם צענטער־שטאָט, אויפן וועג צום וואָקזאַל און איז אריין צווישן די צוויי רייען געדיכט־צעוואַקסענע קאשטאַן־ביימער, ווו בלויז קאַרגע ליכט־פלעקן, ווי גאָלד־פלאַטערלעך, פאַלן דורך דעם בלעטער־געפלעכט אראָפּ אויפן טראָטואַר, האָבן אַ פּאָר געזונטע מענער־הענט זי געטאָן אַ כאַפּ ווי אין

אייזערנע קלאַמערן אריין און איידער נאָך זי האָט באנומען וואָס מיט איר געשעט, צו קאָנען ארויסלאָזן א געשריי, א קרעכץ, איז שוין איר מויל געווען פאַרבונדן מיט אַ האנטעך אזוי שטייף אז ס׳האָט איר פאַרפעלט אָטעם און שוין איז זי געשלעפּט געוואָרן פון טראָטואַר, אוועק אין דער פינצטער־ניש אריין, צווישן די קאַרטאָפל־קזשאַקעס, גלייך שוין, איידער נאָך מ׳האָט עפּעס מיט איר געטאָן, איז זי שוין אַ שטיק טויטע פאַדלע.

די צוויי פּעפּעסניקעס,ביידע יונגע, געזונטע גאַרבערס, וואָס האָבן זי געשלעפּט אין דער פינצטערניש אריין, זיי האָבן געדארפט אָפּטאָן דאָס שטיקל אַרבעט איבער איר שטיל און ריין. דאָס קניידל האָט געדארפט אָפּגעפּייערט ווערן אין איר קאָפּ אַריין נישט פון ווייטנס. זיי האָבן געדאַרפט צושטעלן דעם שפּייער הארט צו איר שטערן, דער קנאַל זאָל זיין אַ שטילער, אָן אָפּגעטעמפּטער אז אפילו נאָנט ארום זאָל מען דעם שאָס נישט הערן. די אנדערע צוויי חברה, פון דער אנטקעגנדיקער זייט גאס, האָבן געדארפט, ווי נאָר די צוויי חברים מיט דער מויד זענען פאַרשוואונדן, אריבער אויף יענעם טראָטואר און דאָרטן גיין אהין און צוריק, האלטן די אויגן אָפן און די אויערן וואַך און היטן מיט די שפּייערס אין די הענט, גרייט אָפּצושלאָגן יעדן אריינמיש פון דער זשאַנדארמעריע אָדער פון דער פּאָליציי.

האָט זיך אָבער די ערשטע צוויי חברה־לייט פאַרגלוסט אָפּצוטאָן דאָס שטיקל ארבעט אַנדערש ווי דער באַפעל איז געווען. דער צאָרן און האס צו דער פארעטערין און איר ליובאָווניק איז ביי זיי געווען אַזוי גרויס און טיף, אז דאָס אוועקלייגן די מויד אזוי פּשוט, מיט אן איינציקער קויל אין קאָפּ, איז זיי פאָרגעקומען ווי אַ צו־גרינגער און צו־גיכער טויט. אזא צויג דארף זיך אביסל צאַפּלען איידער זי קריגט די קויל. זאָל די נפקא פריער גוט זען דעם טויט פאר אירע שליפּיעס. זאָל זי, איידער איר הינטיש לעבן ווערט איר אויסגעלאָשן, האָבן צייט אַ טראַכט צו טאָן אז ס׳איז דאָ אן אויג וואָס זעט, אַן אויער וואָס הערט און א האנט, וואָס נישט נאָר פאַרצייכנט זי און פאַר־שרייבט יעדן פאַראַט, יעדע מסירה, נאָר די זעלבע האַנט נעמט אויך נקמה, נקמה פאַר אלע פּיין און מאטערנישן, פאר יעדער דערנידערונג און פאַר־שעמונג, וואָס די מסירות פון איר און איר ליובאָווניק האָבן גורם געווען דער באוועגונג, די ארעסטירטע און זייערע נאָנטע פריינד און קרובים.

איז באשערט געווען דער פּלאַן זאָל אין דער לעצטער מינוט זיך איבערקערן מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס ארויף און אלץ צוליב וואָס? צוליב צו־גרויסער שנאה און נאָך גרעסערער תאווה.

אין מיטן שלעפּן די מויד איבער די קזשאַקעס, טיפער אין פעלד אַריין, האָבן זיך איר די קליידער פאַרהויבן איבער די שענקלען און איר ווייס, מיידלש לייב האָט אין דער פינצטער א בליאסק געטאָן און שוין האָט דער בליאסק פון אָפּגעדעקטן פרויען־לייב די יונגען פאַרבלענדט, פאַרשיכורט,

פאַרגאָסן זיי דעם מארך און אין איין הרף עין איז דער רעוואָלוציאָנערער האַס זייערער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווילדן באַגער, אַ באַגער כלומרשט, נישט אזוי צו שטילן די אָנגעשטאנענע מאנצבילישע תאווה, נאָר, פארן אָפּטאָן דער פאַרעטערין איר רעכט, צו באַשפּייען די פרוי אין איר און צעקוועטשן דעם מענטש אין דער פרוי. זענען גאָר, אין רעכטן מיטן, אָנגעלאָפן די אנדערע צוויי לייט, יענע וואָס האָבן נאָר־וואָס געשפּאַנט היין און צוריק אויפן טראָטואַר און געוואכט מיט די געלאָדענע שפּייערס אין די הענט, גרייטע אויף יעדן פאַל. זיי, נישט הערנדיק קיין שאָס און נישט זעענדיק די צוויי חברים צוריק, האָבן זיי גענומען גיך איילן אין פינצטערן פעלד אַריין. אָבער, נאָך איידער זיי זענען צוגעקומען נאָנט צום פינצטערן בערגעלע אויף דער ערד, זענען זיי געבליבן שטיין געליימטע. נישט די אָפּגעדעקטע מויד אין די קושאַקעס, זיי אַליין, די צוויי אָנגעלאָפענע יונגען, האָבן זיך געפילט ווי די געשענדטע, די באַשפּיגענע און צעקוועטשטע.

ווי אויסטערליש! נאָר־וואָס האָבן זיי געהאַלטן זייערע הענט אויף די רעוואָלווער־צינגלעך געשפּאַנטע, גרייטע, ווען אפילו זיי דאַרפן לייגן די אייגענע קעפּ, אָפּצושלאָגן יעדן פרווו צו שטערן דאָס אָפּווישן דעם פאַר־ברעכן פון פאראט, די זעלבע יונגען, כאָטש אין זייערע הענט זענען געווען די זעלבע געלאָדענע רעוואָלווערן, האָבן איצט נישט געקאָנט נישט נאָר א דריק טאָן אויף די רעוואָלווער־צינגלעך צו דערשיסן די צוויי שענדער, אייגענע חברים, וואָס האָבן אַזוי מיאוס פאַראַטן אַ הייליקע שליחות, אַזוי עקלדיק באשפּיגן דעם צוטרוי פון זייער פּארטיי, אזוי דערנידעריקט די רעוואָלוציאָנערע באוועגונג, זיי האָבן אפילו נישט געקאָנט אויסשטרעקן אַ האַנט צו צונעמען ביי די שענדער דאָס פאַרשעמט־געבליבענע געווער, וואָס איז זיי אָנפאַרטרויט געוואָרן. שטום און געליימט האָט זיי געקוקט איינער אויפן אנדערן און באַלד אראָפּ אויף די קושאַקעס, ווו די געשענדעטע מויד איז געלעגן אַן אָפּגעדעקטע מיט אַ פאַרבונדן מויל און פאַרבונדענע הענט אויף אהינטער.

שפּעט ביינאַכט האָט זיך די מויד דערשלעפּט אהיים, אויפן וואָעל, צו דער מאַמע. זי האָט זיך אריינגעשארט אין שטוב שטיל, ווי א שאָטן, נישט אויפגעדרייט די עלעקטרי, די מאמע זאָל זי נישט זען אין דעם הולך פון אן אַלטער יידענע.

נאָך דער נאכט האָט רייזעלע, יעקב הערשעלעס כלה, נישט מער געלאכט אַלעמען אין די אויגן אריין אַזוי טראַציק, אזוי זיכער מיט זיך. א פאַרשטויסענע, ווי א פאַרשיווע צויג, איז זי איצט געלעגן אין דעם פינצטערן אָן פענצטערדיקן שטיבל. וויפל די מאמע האָט נישט געוויינט, וויפל יאָקוב האָט נישט געבעטן, האָט זי אלץ נישט געוואָלט פון דאָרט

ארויס און נישט געלאָזט אָנצינדן די עלעקטרי, זיי זאָלן איר נישט קאָנען קוקן אין די אויגן.

יעקב הערשעלע האָט אפילו געהערט אז דער פּ.פּ.סישער פּאַרטיי־קאָמיטעט האָט געמשפּט די צוויי שענדער. ער האָט אָבער נישט געוווּסט ווער זיי זענען און וואָסער שטראָף זיי האָבן געקריגן. נאָר ווען אפילו יאָ, וואָלט דאָס נישט געווען בכוח צו שטילן זיין צאָרן און היילן זיין ווונד.

און דער צאָרן אין אים איז גראָד געווען גרויס און געוואָרן גרעסער וואָס מער ער האָט זיך ארומגעזען ווי גענאַרט ער איז געווען. ער האָט געמיינט ער האָט מאכט. אָבער איצט, ווען ער גארט אזוי צו נוצן די מאַכט, זעט ער איין ווי מאכטלאָז ער איז. נישט גענוג וואָס די איוואַנעס טוען גאָרנישט צו געפינען די שענדער, לאכן זיי נאָך אויס אים, וואָס ער פאר־לאנגט גאָר מ׳זאָל זיי זוכן. מער נאָך, מ׳כיכיקעט אים אין די אויגן אריין מיט גרויס הנאה. טייל האַלטן זיך נישט איין: „א שיינע דיעווקע דיין ליו־באָוניצע. די סוואָלאָטשעס ווייסן וואָס א גוטער ביסן איז, ניטשעוואָ״. אפילו דער פּאָלקאָווניק אליין שמייכלט אין די וואָנסעס אריין:

— גאָלובטשיק, וואָס ווילסטו? זיי האָבן דאָך פון איר גאָרנישט אוועק־גענומען. פאַרקערט, צו די ניין מאָנאַטן וועט זי דיר האָבן אַ „סינאָק״...

פון גרויס האַרץ־עסעניש וואָס, פון איין זייט איז ער אזוי מאַכטלאָז, מיט דער שווערד און מיט די צוויי רעוואָלווערן, און, פון דער אנדערער זייט, איז ער פאַרהאַסט ביי אַלעמען, נישט בלויז אין ראָדעם, און איצט נאָך דער שפּאָט און די פאַראַכטונג פון די אייגענע קאָלעגן, די סיסטשיקעס, אָט דאָס אלץ האָט ראַפּטום געטאָן אַ טרעט צו צו יעקב הערשעלעס האַרץ אז ער איז אויפסניי קראנק געוואָרן. די טעמפּעראַטור איז ביי אים כסדר געשטיגן. די משפּחה־קרענק זיינע, די שווינדזוכט, אויף וואָס די מאַמע און דער איינציקער ברודער זענען אוועק פון דער וועלט, אָט די חולאת זיינע, וואָס פריער האָט ער זי נאָך ווי עס איז געהאלטן אין צוים, האָט אים איצט גיך איבערוועלטיקט. מיטאיינמאָל איז ער איינגעפאלן, ווי אַן אויפגעבלאָ־זענער פּענכער, וואָס מ׳האָט מיט איין שטאָך פון אַ שפּילקע, אַרויסגעלאָזט פון אים די לופט. די בלוט־שטורצן זענען געקומען אָפטער און שטאַרקער. קיינער האָט איצט נישט געטראַכט פון ראטעווען אים, פון שיקן אים אויף וואַלד־קוראַציע. דעם זשאנדארמסקע פּאָלקאָווניק איז ער איצט געווען איבעריק, אַ לאַסט. אפילו אַ געזונטער יעקב הערשעלע וואָלט שוין איצט דער זשאנדארמעריע מער קיין נוצן נישט געקאָנט ברענגען. די אלע, וואָס מ׳האָט געקאָנט, האָט מען שוין אויסגעלאָוויעט. יענע, פון די פּאַרטייען, וואָס מ׳וואָלט נאָך געדארפט פארנעמען, זענען זיך צעלאָפן, אָדער האָבן זיך פארקאָנספּירירט. וואָס קאָן שוין דאָ א קראנקער, א בלוט־שפּייענדיקער מסור אויפטאָן? איז ער געלעגן אין שפּיטאָל עטלעכע וואָכן אַן עלנטער, אַ

פאַרלאָזענער. אפילו די כלה זיינע, די רויט־האָריקע מויד, איז איצט, צוליב איר אייגענער בראָך, נישט געקומען אים מבקר חולה זיין. בלויז איין שפּיצעל, ווי א שאָטן, האָט טאָג און נאכט געוואַכט איבער אים, אויסגעהיט אים פון א קויל, וואָס עמעץ וואָלט אזוי גערן אין אים אריינגעיאָגט. אַזוי איז ער געלעגן און געפּאָכעט מיטן אָטעם ביז, איינמאָל, אין אַ פרימאָרגן, האָט זיך ראָדעם דערוווסט אז שוין, א סוף! יעקב הערשעלע האָט איינגע־נומען א מיתה משונה.

דער שומר זיינער, דער סיסטשיק, א איוואַן, האָט זיך איבערגעצלמט און איז אוועק פון בעט.

מ׳האָט דעם מת אָפּגעהויבן, אָבער קיינער האָט זיך נישט געוואָלט פאַרנעמען מיט זיין קבורה. דער פּאָטער, א געבויגענער אין דרייען, ווייס ווי א טויב, האָט נעבעך געקלאפּט אין די טירן, געלאָפן הין און צוריק פון דער מאָדזשיצער הברה קדישא צו דער ראָדעמער. ער האָט געוויינט, געבעטן רחמים, געוואָלט אוועקגעבן ביזן העמד פון לייב. אָבער ראָדעם האָט געטענהט אירס: דער תכשיט איז נישט קיין ראָדעמער און פאַר קיין געלט וועט זי נישט געבן א פרעמדן מסור קיין קרקע אויף איר בית־עולם. מאָדזשיץ ווידער האָט געטענהט: אמת טאַקע, דער יונג איז געווען אַ בן עיר פון מאָדזשיץ. ער איז אָבער געוואָרן אַ מסור אין ראָדעם, זאָל אים זיך ראָדעם איינמאַרינירן אין זויערן.

ערשט אויפן פערטן טאָג האָט דער צעבראָכענער טאַטע, פאַר א סך געלט געפּועלט ביי אַן אָרעמער קהילה, דער זון זיינער זאָל דאָרטן קומען צו קבורה. זאָל זיין קבורת חמור, פיר איילן הינטערן פּלויט, אַבי נישט לאָזן דאָס מת לענגער אומבאַגראָבן.

# קאַפּיטל זעכצן

נישט לאַנג נאָך יעקב הערשעלעס אייננעמען א מיתה משונה האָט ראָדעם געהאַט נאָך א לוויה, דאָס מאָל אַן אייגענע, א לעגיטימע. פון דער לוויה האָט שוין די ראָדעמער חברה קדישא זיך נישט געקאָנט אָפּוואַרפן. רייזעלע פעלדמאַן, יעקב הערשעלעס כלה, האָט זיך א מעשה אָנגעטאָן!

איבער זעקס יאָר האָט געדויערט איר ליבע מיט יעקב הערשעלען, כאָטש, אינדעראמתן, איז דאָס געווען נאָר פיר יאָר, ווייל די ערשטע צוויי יאָר איז דאָס געווען אַן איינזייטיקע ליבע, זי איז געווען פאַרליבט אין אים, ער — איר האָט בלויז געגעבן „זיין געזעלשאַפט", געגאַנגען מיט איר שפּאַצירן, אפילו זיך געקושט מיט איר, אָבער פאַרליבט איז ער געווען אין אַן אַנדערער, אין פעסעלע בעקערמאַן פון מאָדזשיץ.

עס קאָן זיין, ווען איר גורל וואָלט נישט געווען אַזאַ, אַז איר ליבע מיט יאַקובן זאָל זיך נישט געווען אָנהייבן, ווי אַלץ ביי איר, מיט א פאַרמעסט. א פאַרמעסט צו ווייזן זיך און אויך אים, אַז זי האָט מער כוח פון דער פעסעלען, ווען זי האָט קיינמאָל נישט באַגעגנט, אַז זי קאָן אים צונעמען פון איר, וואָלט זי זיך אפשר געווען אויסגעטשוכעט פון דער פאַרליבטקייט און איר לעבן וואָלט נישט געוואָרן אַזוי צעריבן, אַזוי באַשפּיגן און צעשטערט.

צופעליק, אויף א דעמאָנסטראַציע לעבן נייעם גאָרטן, אנטקעגן דעם גובערנאַטאָרס באַלקאָן, ווען די רויטע פענער האָבן געפלאַטערט און א רעדנער, אויף אַן אויסגעשפּאַנטער פלאַטפאָרמע האָט גערדונערט קעגן דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט, געשריגן: „זאָל לעבן די רעוואָלוציע!" און די גאַנצע מאַסע ארום, א צעשטראַלטע, מיט אָפּגעדעקטע קעפּ, האָט געפּאָכעט מיט די היטלען און מיטגעדונערט: „הוראַ! זאָל לעבן!". אָט דעמאָלט, אין מיטן דעם גאַנצן יום־טוב, האָבן צוויי פּאָר אויגן זיך באַגעגנט, זיינע — שווארצע, אירע — בלויע. נישט ער איז דעמאָלט געווען אַ פּראָוואָקאַטאָר, און נישט איר איז אפילו איינגעפאַלן אַז זי וועט אַמאָל אריינגעצויגן ווערן אין דער נעץ.

איצט, נאָך אַלעמען שוין, אַז יאַקוב איז שוין נישטאָ, אַז זי שעמט זיך ארויסצוווייזן איר פּנים אויף דער ליכטיקער שיין, אַז זי ליגט שוין טעג אין דעם פינצטערן שטיבל א פאַרריגלטע, א באַשפּיגענע, לויפט איר אין

דמיון פארבײַ דאָס יונגע לעבן אירס, די מיידלשע פאַרוויקלונגען, די ווילדע, אומזיניקע ליבע מיט יאקובן.

אייגנטלעך איז זי דאָך גאָרנישט קיין פּראָלעטאַריערין. ווען דער פאָטער וואָלט איר נישט געווען געשטאָרבן בעת זי איז נאָך געווען אַ קינד, וואָלט זי זיך געווען געקאָנט רעכענען פאַר אַ רייכער טאָכטער. אַפילו אַזוי, נאָכן פאָטערס טויט, דאָס איינציק־לעבנגעבליבענע טעכטערל פון זעקס קינדער, האָט איר די מאַמע אויך אַלץ נאָכגעגעבן. זי האָט געענדיקט די ראָדעמער האַנדלס־שול און געטראָגן דעם גרין־סאַמעטענעם בערעט מיטן גלאַנציקן קריינדל צוגלייך מיט די רייכסטע טעכטער אין שטאָט.

געהייסן האָט עס אַז זיי האָבן אַ לעקעך־געווועלב, אינדערעמתן איז דאָס געווען אַ געשעפט פון די פיינסטע נאַשערייען און דעליקאטעסן. די קראָם און דאָס הינטער־געוועלב זענען געווען אָנגעפּאַקט מיט דענישע און שווייצאַרישע שאָקאָלאַדן און קאַקאָ, מיט אַלערליי קעזן און באַמבאַניערעס. עס זענען דאָרטן געשטאַנען זעק מיט אַלערליי ניס און מאנדלען, געטריקנטע פּרוכט און מאראנצן, אימפּאָרטירטע שפּראָטן און סאַרדינען, לעקעכוואַרגן און מאקאראָנען.

געזאָלט האָט רייזעלע זיין דער מאַמעס טעכטערל, א פרום יידיש קינד, צו גאָט און צו לייט. האָט אָבער די שול זי, ווי אַנדערע אַזעלכע זין און טעכטער, ארייגעשלעפּט אין רעוואָלוציאָנערן אויפבּרויז, אין מיטשרייען „נידער!" און „זאָל לעבן!".

אָן אָנגעזעטיקטע מיט פרומער יידישקייט פון ראָדעמער וואָעל, די טאָכטער פון א מאַמע א שייטל־יידענע און א טאַטן א ביאלאָבזשעגער חסיד, האָט עס זי, ווי די זין און טעכטער פון איר גלייכן, געצויגן דווקא צו די גויים, רק צו די פּוילישע אַרבעטער, וואָס שמעקן מיט רויע יוכטן, מיטן אייל פון מאַשין־וואַלצן, יונגען מיט אָרעמס ווי שטאַבעס, וואָס נאָר זיי, לויט איר באַנעם, זענען פּראָלעטאַריער און נאָר זיי זענען בכוח צו מאכן די רעוואָלוציע, צו באַפרייען פּוילן פון דער רוסישער זעלבסטהערשאַפט.

אין דער ראָדעמער פּע־פּע־עס האָט מען רייזעלען גערן אויפגענומען. די צייט — אַ רעוואָלוציאָנערע, די באַוועגונג דעמאָלט א פרייע, אָן אָפּענע, האָט מען נישט שטארק בודק געווען ווער איז וואָס און וואָס איז ווער. אַ געבילדעטע, מיט אַ פּרעכטיקן פּויליש אין מויל, וואָס זעלטן ביי פּאָליאַקן אַזאַ, דערצו נאָך א פּעיקע, א רירעוודיקע, איז רייזעלע פעלדמאַן גיך געוואָרן א סעקרעטאַרין ביי די ראָדעמער גארבער אין דער פּע־פּע־עס. האָט זי דאָס אויף איינער פון די דעמאָנסטראַציעס זיך באַגעגנט מיט יאקובן, באַגעגנט זיך מיט א בליק, איין בליק נאָר, אָבער דער בליק האָט זי משוגע געמאַכט און — צעשטערט איר לעבן!

נאָך דעם בליק האָט זי שוין נישט גערוט. נישט ער — זי, דאָס איז זי,

נאָך יענער באגעגעניש, געגאנגען אים אויפזוכן. ער איז דעמאָלט געווען אין דער יידישער פאַרטיי־בערזע, אויף דער אָרעוואַנסקע גאס, אנטקעגן פוילישן קאָשטשאָל.

ס׳איז געווען שפעט אין ווינטער, פאַר פורים שוין. אינדרויסן איז געפאלן א טרוקענער שניי. די גאסן זענען געווען ווייס, ווייסע קאַפּלען — אויף די לאמטערן און ווייסע איבערבעטן — אויף די פערדישע רוקנס. נאָך איינע פון יענע ווייסע צוויבער־נעכט האָט געהאט אראָפּגענידערט איבער דער וועלט. דו גייסט אין דער ווייסער וועלט און דיין האַרץ קוועלט פון פרייד. שטעלסט אונטער דיין יונג פנים און די פוכקע שנייעלעך פאַלן דיר אויף די רויט־אָנגעהיצטע באַקן, אויף די ברעמען, אויף די וויעס פון דיינע גליאיקע אויגן. יעדעס שנייעלע — א דערקוויקנדיקער קוש. יעדער טראָט — אַ שוועב און אַ פלי אין דיינע שענסטע חלומות אריין.

זי האָט געעפנט די טיר פון דער קאָוויארניע. א פארע האָט איר א זעץ געטאָן אין פנים. ס׳איז דאָ געווען אָנגערויכערט און שטיקנדיק הייס. ס׳גע־רעדעריי האָט געלעכערט די אויערן. ביי טישלעך, צעשטעלטע ארום די ווענט, אין מיטן געוועלב, אַלע איבערגעצויגן מיט צעראַטע, וואָס אַמאָל איז זי געווען ווייס, זענען געזעסן יונגען און מיידן צו פיר, צו זעקס ביי א טישל. א קעלנערין מיט א ווייסן שרונט און שוואַרצע צעפּ, ווי א קראַנץ ארום איר קאָפּ, האָט געהאַוועט ארום די טישלעך מיט א טאץ אויף איר לינקן אָרעם און דערלאַנגט די שטאַמגעסט גלעזער קאַווע מיט אַ ווייס שמאנט־שוימעלע, גלעזער באַווארקע, הערינג מיט פלעצעלעך, טעלער זופּ און פעניצן ברויט. דער עולם האָט סיי געגעסן און סיי געריכערט און דערביי זיך געאַמפּערט, געשפּארט, איבערגעשריגן איינער דעם אנדערן. די יידישע פּע־פּע־עסניקעס האָבן געשריגן אויף די בונדיסטן אז זיי זענען מאָסקאַלעס, אז ווי זין פון פוילן דארפן זיי מיטהעלפן אין דער באַפרייונג פון זייער לאנד. די בונדאָווצעס האָבן זיי געענטפערט אַז זיי, די יידישע פּע־פּע־עסניקעס זענען גישט קיין סאָציאַליסטן, נאָר נאציאָנאלע שאָוויניסטן, אז דעם יידישן פּראָלעטאריאַט איז אלצאיינס וועלכע בורזשואזיע עס עקס־פּלאָאַטירט אים, די רוסישע, צי די פוילישע, צי די אייגענע, יידישע. דערביי־בער איז די אויפגאבע פון פּראָלעטאַריאַט אראָפּצוואַרפן די „סאַמאָדער־זשאַוויע״ און איינפירן א קאָנסטיטואַנטע. דאָ האָבן זיך אריינגעמישט די פועלי ציון און אויפגעוואָרפןביידע, סיי די פּע־פּע־עסניקעס און סיי די בונדאָווצעס, אַז זיי זענען אַסימילאַטאָרן, אַז נאָר אין אייגענעם לאַנד, אין ארץ ישראל, וועלן זיך די יידישע מאסן פּראָלעטאַריזירן און ערשט דאָרטן וועלן זיי קאָנען איינפירן א סאָציאַליסטישע אָרדענונג!

רוזשע פעלדמאַן האָט אָפּגעטרייסלט ביי דער טיר דעם שניי פון איר מאנטל, פון די טיפע, וואַרעם־אויסגעבעטע קאַלאָשן. אירע אויגן, בלויע,

גליאיקע האָבן געפירט דעם בליק איבערן אָנגערויכערטן חלל. ביי איין טישל האָט זיך איר בליק פֿאַרהעקלט אין זיינעם. זי האָט געטאָן אַ שמייכל און אַ לייכטן שאָקל מיטן קאָפּ. אין זיך האָט זי אַ זאָג געטאָן: ווי שיין ער איז! ווי ליידנשאַפטלעך ער רויכערט! ביי יעדן צי פון פאַפּיראָס, ווערן אים צוויי גריבעלעך אין די בלייכע באַקן און באלד ווערט ער איינגעהילט אין רויך־קרייזעלעך, וואָס שלענגלען זיך אים פון די נאָזלעכער, פון שיין־געטאָקטן מויל ארויף, איבער דעם הויכן, איידעלן שטערן און כוואַליען זיך צונויף מיט דעם קלומפּ שוואַרצע, געלאָקטע האָר.

ווי זי אים, אזוי האָט ער זי אויף גיך אָפּגעמאָסטן. זי האָט אים איצט אויסגעוויזן העכער ווי אויף דער דעמאָנסטראַציע. דאָרטן, צווישן די ערשטע רייען פּע־פּע־עסניקעס, הויכע, געקליבענע יונגען, איינער און איינער, האָט זי אים אויסגעזען קליין, א קינד מיט רויטלעכע לאָקן פון אונטערן גרין־סאַמעטענעם בערעט אפּער. אויך איצט פאלט איר א רויטלעך־בלאָנדער לאָק איבערן לינקן אויג, פון אונטערן גרין־וועליורענעם קאַפּעליוש אַפּער.

— וואָס שטייט די חברטע ביי דער טיר? — האָט ער איבערגעשריגן אין פויליש דאָס געדיכטע יידיש־גערעדעריי.

— איך קוק זיך אַרום, — האָט זי אים געענטפערט אויך אין פויליש, און דערביי געשמייכלט צו אים מיט יענעם זיכערן שמייכעלע, וואָס עס האָבן שטענדיק צעפּיעשטשעטע טעכטערלעך, איינאונאיינציקע אין שטוב.

צוליב זייער איבעררעדן זיך, האָט דער עולם ארום די טישלעך זיך אומגעקוקט. טייל האָבן אויסגעדרייט די קעפּ. אויך די קעלנערין האָט אַ קער געטאָן איר פּנים צו דער טיר.

יאַקוב איז גיך אויפגעשטאנען פון טישל. זי האָט באַמערקט אז ער טראָגט נישט קיין מאַרינארקע ווי אנדערע, נאָר אן ענג־געפּאסט רעקל פון שוואַרצן, נאָדלדיק־געריפּטן סאַמעט, ווי דאָס טראָגן עלעגאנטע וואָיאַזשאָרן פון גרויסע פירמעס. דאָס אויבערשטע קנעפּל, אונטערן האלדז, איז אים געווען אויפגעקנעפּלט און ס׳האָט זיך ארויסגעזען דער ווייך־פאַרשלייפטער, שווארצער שניפּס מיט צוויי צעפלויגענע עקן, ווי צוויי פליגל פון א גרויסן פויגל.

— אפשר וועט די חברטע טיילן אונדזער געזעלשאַפט? טרינקען מיט אונדז אַ קאַווקע — האָט ער זי געגריסט און מיטן בליק איר געוויזן דאָס טישל זיינס מיט די וואַרטנדיקע חברים דאָרט.

— דזשענקויע. — האָט זי צו אים געשמייכלט און אים געוויזן אַ מויל ווייסע, פּערלדיקע ציין. — צו וואָס זיצן אין רויך? אין גאס איז אזוי צוויי־בערדיק. אפשר גייען מיר שפּאַצירן?

— אָוושעם, מיט פארגעניגן, — האָט ער צו איר צוריקגעשמייכלט און

דערביי באַמערקט עטלעכע פּאָקן־גריבעלעך אויף איר פּראָסטיק־אָנגערוי־טיקט פּנים, גריבעלעך, וואָס גיבן איר צו חן און רייץ.

זיי האָבן יענעם אָוונט לאַנג שפּאַצירט איבער דער לובלינער גאַס, פאַרביי דעם נייעם גאָרטן. זי האָט שטיפעריש א שאָקל געטאָן א צווייג און בײדע זענען זיי אָפּגעשאָטן געוואָרן מיט שניי, ווי מיט א פרישן, ווייס־געפאַלענעם פּוך. זיי האָבן זיך געוואָרפן שניי־קוילן ווי יונגע, צעלאָזענע סטודענטלעך. דערנאָך זענען זיי איינגעזעסן אין א שליטעלע. די לופט איז געווען זיס און די גלעקלעך אויף זייערס און אויף די פאַרביישוועבנדיקע שליטעלעך האָבן אזוי זילבערדיק געקלונגען. ער האָט זי ארומגענומען און זי האָט זיך געטוליעט צום אים, צוגעלייגט אירע אָנגעפרוירענע באַקן צו זיין פּנים און אים אזוי שעלמיש געקוקט אין די אויגן. איינגעדעקט אונטערן געקעסטלטן, דיק־וואָלענעם צודעק, איז איר קליין, אויסגעוואַרעמט הענטל, א נאַקעטס, אָן א הענטשקע, געלעגן אין זיין האַנט ווי א קליין, ארומגעוואַ־רעמט פייגעלע אין א נעסט. דערנאָך, ווען ער איז אוועק פון איר טויער אויפן וואָקזאַל, האָט ער געוווּסט איר גאַנצן יחוס, אז פּונקט ווי ער איז זי אויך נישט קיין פּראָלעטאַריערין און זי האָט געוווּסט אז ער האָט שוין אַ געליב־טע, פעסעלע, פעסל בעקערמאַן.

אָט דאָס דערוויסן זיך, דאָס איינהערן זיך מיט וואָסער פאַרליבטקייט ער רעדט וועגן יענער, האָט גלייך דעצידירט איר גורל. זי האָט שוין יענע נאַכט נישט געקאָנט איינשלאָפן. נאָך איידער זי האָט זיך רעכט געהאַט צוגעהערט צו איר האַרץ, צי זי איז טאַקע פאַרליבט אין יאַקובן, צי דאָס איז נישט אמאָל איינע פון יענע מיידלשע פאַרכאַפּענישן, וואָס וועפּן זיך באַלד אויס, איז עס שוין געוואָרן איר אַמביציע זיך צו פאַרמעסטן אין כוחות, צו זען ווער שטאַרקער איז, די קליינשטעטלדיקע פעסעלע, די וועש־נייטאָרין, וואָס קען זיך אוודאי נישט אונטערשרייבן, אָדער זי, רוזשקע פעלדמאַן, א געענדיקטע פון דער ראָדעמער הויכשול. ווער וועט יאַקובן נעמען? זי? צי די פעסעלע?

איצט ביים סוף שוין, אליין מיט זיך אין דער פינצטערער אָפּגע־שלאָסנקייט, אַ צעבראָכענע, א באַשפּיגענע, איצט ווייסט זי אז זי האָט פאַרשפּילט, אז פעסעלע איז געווען שטאַרקער פון איר, אז זי, רוזשע פעלד־מאַן, האָט יאַקובן קיינמאָל נישט געהאַט! ווי אויסטערליש דאָס איז! ליבסט זיך מיט אַ מענטש איבער זעקס יאָר, האָסט אים כסדר מיט זיך, אויפן שפּאַציר ווי ביים טיש, אין בייזן איבעררייד, ווי אין ליבשאַפט אויפן בעט, דער ריח פון זיין אָטעם און דאָס שלאָגן פון זיין האַרץ, אלץ איז דיר אזוי אייגן און צום סוף זעסטו איין אַז דו האָסט אים נישט געהאַט, אַז ער איז נישט געווען דיין! אין די אינטימסטע מאָמענטן, ווען דו מיינסט אז דו האָסט אים, אז ער לייזט זיך אינגאַנצן אויף אין דיר, בריט דיך א געפיל אז ער

איז נישט דיינער, אז דאָס פארשיכורט ער זיך נאָר מיט דיר און דו, וואָס יאָגסט זיך אזוי נאָך אים, ביסט גאָר דאָ נישטאָ. ווען ער קוקט דיר אין די אויגן, זעט ער אין דיינע בלויע אַפּלען יענע, פעסעלען. איצט, ביים שוידער־לעכן סוף, יאקובס און אירן, זעט זי דאָס איין. גרויסער גאָט! ווי אומברח־מנותדיק דער גורל קאָן זיין!

א קאַפּריזנע, א צעפּיעשטשעטע, דאָס איינציק־געבליבענע אויג אין קאָפּ ביים טאַטן, ביי דער מאמען, איז זי, רייזעלע, געוווינט געוואָרן פון קליינוויז אויף נאָר צו קריגן, צו נעמען, גאָרנישט צו געבן, איז דען אַ וווּנדער וואָס אויך אין דער ליבע איז זי אַזוי געווען? טוליען? דאָס דאַרף ער — זי. אַרומנעמען? ער — זי. קושן? דאָס דאַרף זי געקושט ווערן. נישט זי האָט אים געשענקט לאסקעס. אויף דער קאנאפּע צי אויפן בעט, האָט ער געדאַרפט זיצן לעבן איר, קוקן איר אין די אויגן, ארומהויכן זי מיט זיין אָטעם, האלטן זי אין בליק פון זיין אויג. ערשט ווען אירע בליטן האָבן זיך אָנגעצונדן, האָט זי זיך איינגעביסן אין זיין מויל, אין זיין סאַמע געביין, אָבער געגעבן האָט זי פון זיך אויך דאן נישט, פאַרקערט, זי האָט אים אריינגעאָטעמט אין זיך, אים איינגעשלונגען אָן צו שענקען אים אירס א ריר, א גלעט. פּונקט ווי די ערד צערטלט נישט, לאַשטשעט נישט, נאָר נעמט אריין אין זיך דעם זאָמען צו געבערן פרוכט, אַזוי האָט ער, יאקוב, אָן איין צערטל אירס, זיך געמוזט אויפלייזן אין איר.

היינט, ביים סוף שוין, ווייסט זי אז יאקוב איז נישט געווען גליקלעך פון דעם, אַז נאָך אַן אַנדער סאָרט ליבע האָט ער געגאַרט. אַ יתום פון קינדוויז אויף, אויפגעוואקסן אָן דער ווארעמקייט, אָן דעם צאַרטן גלעט פון א מאמע, האָט אין אים שטענדיק געטליעט און געשלומערט א בענקשאַפט, א באגער זיך צו טוליען אין דער פרוי, צו פילן איר ארומנעם, צו איינקלייַנען זיך און אַנטרינען אין אירע ווייבלעכע ווייכקייטן.

האָט נישט זי, נאָר פעסעלע, פאַר אים די ליבע געהאַט, די ליבע פון דער מאמע אין ווענענס אָרעמס דאָס קראַנקע ייִנגל שליסט זיינע מידע אויגן צו.

אַ קינד פון אַן אָרעמער שטוב, די טאָכטער פון פּרץ דראָזשקאַר און העניע די ברויט־קנעטערין, כאָטש אויך אן איינציקע ווי זי, רייזעלע, מיט בלויז איין יונגער ברודערל, אַן אויסגעבעטנס, אַן אָפּגעציטערטס, האָט זי נישט געקאָנט זיין צעפּיעשטשעט און קאַפּריזנע ווי זי, רוזשקע פעלדמאַן. און אין די שקאָלעס איז זי אויך נישט געגאַנגען. אָנשטאָט אויף דער שול־באַנק אַ צעבאַלעוועטע סטודענטין, איז די פעסעלע גאָר געזעסן ביי אַ מאשין פון באגין ביז שפּעט אין דער נאכט און גענייט וועש פאַר איידל־געבאָליעטע לייט צו העלפן טאטע־מאמע פאַריאָגן דעם דלות פון שטוב. א הויכע, מיט גרויסע, פארחלומטע פלוימען־אויגן און שווארצע, גלייכע

ציגיינער־האָר, לאַנגע, שיער נישט ביזן טריט, האָט זי אײנגאַנצן ארייגגע־ראָטן אין פֿאָטער, דער געל־בערדיקער פּרץ דראָזשקאַר. ווי ער, אַזוי האָט זי געקאָנט קלוג און געדולדיק שווייגן. ווי זיינע בלויע, אַזוי זענען אירע שוואַרצע, טוי־באַהויכטע אויגן געווען פֿול מיט קלוגן שמייכל. ווי טראָציק, קידער־ווידערדיק יעקב הערש זאָל נישט געווען זיין מיט אַנדערע, איז ער אונטער פּעסעלעס קלוג־געדולדיקן בליק געוואָרן אַ גוט, פֿאָלגעוודיק ייִנגל. א בלויזער זאָג אירס: „ניין, יאַנקעלע, דאָס נישט!" איז געווען גענוג ער זאָל אויפֿהערן טאָן דעם טאָטן אין גאַל אריין, ער זאָל מער זיין פֿוס נישט אריינשטעלן אין די רעסטאָראַציעס, צום פּרעס און זויף מיט פּשיאַטשעלעס. איינמאָל האָט ער איר געבראַכט אַ מתנה, אַ גאָלדענע בראָש מיט אַ בלויען סאַפּיר. זי האָט געקוקט אויף דער שפּילקע און באַלד אויף אים:

— ווי 'אָסטי גענימע' געלט אָף דעם?

כאָטש ער האָט פֿריער געהאַט אָפּגעפּאַסט ביי זיך איר נישט אויס־צוזאָגן, האָט ער דאָך, אונטער איר קלוג־מאַמעדיקן בליק, גאָרנישט גע־קאָנט באַהאַלטן פֿון איר:

— כ'אָ פֿאַ'קויפֿט דעם טאַטנס גאָלדענע פּאַפּיראָסן־פּושקע.

פּעסעלע האָט פֿאַרמאַכט דאָס צירונג־קעסטעלע און עס אים דערלאַנגט:

— טראָג דאָס שוין אָפּ און לייז אויס די פּושקע! מיט געגנבעטע געלט ווּעסטו מיר קא מתנות נישט קויפֿן!

ווי א מאמע אין קליינקייטן, אַזוי איז אים פּעסעלע אויך געווען א מאַמע אין דער ליבע, אַ מאַמע וואָס פֿאַרגעסט און פֿאַרזעט איר אייגן געזונט אַבי אים צו שוינען. נישט חלילה, ווייל זי איז געווען קאַלט צו אים. פֿאַר־קערט, זי איז אויסגעגאַנגען פֿון ליבשאַפֿט, פֿון א באַריר מיט אים. זי האָט אָבער געוווּסט אז די שווינדזוכט טליעט אין אים און ער טאָר נישט גערייצט ווערן. אויף זייערע שפּאַצירן, ווען אליין אין וואַלד, אויפֿן ווייך־מאָכיקן גראָז, יאַקוב האָט אָנגעהויבן ווערן אומרואיק, איז גענוג געווען זי זאָל אים צאַרט ארומנעמען, ארויפֿשאַרן אים דעם אראָפּגעפּאַלענעם קלומפּ שוואַרצע, ווייך־כוואַליעדיקע האָר צוריק אויפֿן שטערן, ווי דאָס טוט א מאמע צו א קראַנק ייִנגל און אים זאָגן: „באַרואיק זיך, טייערער, אויפֿרעגונג איז נישט גוט פֿאַר דיר".

זי, רוזשע, האָט דאָס נישט געקענט. זי האָט נישט געהאַט דעם כוח אַזוי צאַרט־מאַמעדיק צו האַמעווען זיינע באַגערן. פֿאַרקערט, ווי פּעסעלע האָט אָן זיך פֿאַרגעסן אבי אים צו שוינען, אַזוי האָט זי, מיט איר קעציש־קייט, מיט איר טוליען זיך, אים שטענדיק געהאַלטן גערייצט און געֶרעגט. צוליב אירע אומגעשטילטע ליידנשאַפֿטן איז ער לעבן איר געוואָרן הילפֿ־לאָז ווי אַן אַלקאָהאָליקער. זיין אָן איר א טאָג איז פֿאַר אים געווען א פּיין. ער האָט זי ליב געהאַט און זי געהאַסט! ליב געהאַט איר לייב און געהאַסט

זי, איר גאַנץ וועזן. ער האָט גוט געוווּסט אַז אירס איז נישט קיין ליבשאַפט צו אים, נאָר אַ פאַרשיכּורט נאָכגעבן זיך די אייגענע, אומגעשטילטע באַגערן.

אָ, ווי זי ווייסט דאָס איצט! איצט, אין איר וויסטער אָפּגעזונדערטקייט, ווען דער סוף, אַזאַ מיאוסער, אַזאַ באַשפּיגענער, איז אַזוי נאָענט, ווייסט זי דאָס אַלץ אַזוי קלאָר. און ווי מקנא זי איז די פּעסעלע בעקערמאַן. נאָך אַזויפיל האַסן זי, איז זי איצט, צוויי יאָר נאָך יענערס טויט, זי מקנא, מקנא יענערס כּוח פון באַהערשן זיך און האַמעווען אים און דורך דעם צוימען זיך און אים, געווינען אַזאַ איידעלע ליבשאַפט פון יאַקובן, אַזאַ פאַרגע־טערונג!

נישט נאָר פאַרגעטערט זי, יאַקוב האָט געקאָנט פּעסעלן אַלץ פאַרגעבן, אפילו די צוויי פּעטש, וואָס ער האָט פון איר געקריגן, נישט דעמאָלט, ווען ער איז נאָך געווען עפּעס דאָרט אַ מאָדזשיצער ייִנגל. זי האָט געוואַגט און אים אויסגעפּאַטשט ווען ער איז שוין געווען געהילף ביים ראָדעמער זשאַנ־דאַרמסקע פּאָלקאָווניק. און ווי גליקלעך ער איז געווען מיט אירע צוויי פּעטש! ווי ער האָט זיך דאָס מיט זיי באַרימט פאַר איר, רייזעלען, און איר אַלץ דערציילט, עפּעס ווי פּעסעלעס פּעטש וואָלטן פאַר אים געווען אַ רייני־קונג, אַן אַראָפּוואַשונג פון אים די זינד פון פאַראַט, פון מסרן פריינד און חברים און, דער עיקר, זיין זינד קעגן איר, פּעסעלען, וואָס ער האָט זי, מיט זיין געפאַלנקייט, אַזוי פאַרשעמט, אַזוי איר ווי געטאָן.

ער איז געהאַט געווען אַראָפּגעפאָרן קיין מאָדזשיץ אויף אַ גאַסטראָל, איינער פון די אָפטע גאַסטראָלן אין זיין היימשטעטל. אין דער ראָדעמער זשאַנדאַרמעריע איז אָנגעקומען אַ באַריכט אַז צוויי געזוכטע העכט האָבן דאָרט פּלוצים אויפגעטויכט.

געפאָרן איז ער, ווי אַלעמאָל, מיט צוויי זשאַנדאַרן־באַגלייטער. ער אַליין — אין זיין גאַנצן פּראַכט, אין זשאַנדאַרמסקן מונדיר מיט די בליש־טשעדיקע, אָפּיצערישע עפּאָלעטן אויף די אַקסלען, די שווערד, אַ לאַנגע, קלינגענדיק אָן ברוק, אין איין זייט און אַ רעוואָלווער מיט אַ פּערלמוטערן הענטל אין דער צווייטער זייט.

פאַרן פאָרן נאָך האָט ער געהאַט אָפּגעפּאַסט ביי זיך, וואָס עס זאָל נישט זיין, גייט ער גלייך נאָכן גאַסטראָל צו זי, פּעסעלען. זינט ער האָט איבערגעדרייט דעם פּעלץ האָט ער נישט געוואַגט זיך צו ווייזן פאַר איר. אויף יעדן גאַסטראָל אין מאָדזשיץ האָט אים ס׳האַרץ געצויגן צו גיין צו זי צו, ער האָט אָבער קיינמאָל נישט געהאַט דעם כּוח דערצו. ווי אויסטערליש דאָס איז! יעדער איינער האָט פאַר אים געציטערט און ער, מיט זיין גאַנצן כּוח פון דער זשאַנדאַרמעריע האָט געציטערט פאַר פּעסעלען. נישט זיין

שוועדר און נישט זיין פּיסטויל זענען אים געווען א שוץ אויף צו קאָנען זיך טרעפן אויג אויף אויג מיט איר.

זוכן זי האָט ער נישט באדארפט. זי האָט זיך נישט אויסבאהאלטן פאַר אים, ווי אנדערע האָבן דאָס געטאָן. פאַרקערט, זי האָט אויסגעקוקט דערויף ער זאָל זי קומען ארעסטירן, ווי ער האָט ארעסטירט אלע זיינע און אירע חברים און פריינד. אָבער נייך, ווען־ווען, פּעסעלען וועט קיין האָר פון קאָפּ נישט געמינערט ווערן אזוי לאַנג ווי ער לעבט.

ס׳איז געווען א זומערדיקער באגין. ער איז אָנגעקומען פון פּעסטונג אין שטאָט אריין אין קאָמענדאַנטס קאָטש, אַ שווארץ־גלאנציקע, מיט רויטע און גרינע שלעקעלעך באַצירט, מיט גומענע רעדער און געשפּאנט צו צוויי קאַרע פערד, ציכטיקע, אויסגערוטע. די שטאָט איז נאָך געשלאָפן, טיר און לאָדן פאַרמאכט. ער איז אויסגעשטיגן פון דער קאָטש און זיך ארומגעקוקט. דער בליק זיינער האָט צוריקגעוואָנדערט אָהינטער צום ראָג גאַס, צו די עטלעכע דראָזשקעס מיט די דרימלענדיקע דראָזשקאַרעס אויף די קאָזשלעס. נייך, פּעסעלעס טאַטע, דער געל־בערדיקער פּרץ דראָזשקאַר, איז דאָרטן נישט געווען. ער האָט געלאָזט דעם סטאַנגרעט מיט די צוויי זשאַנדאַרן־באַגלייטער וואַרטן און אַליין איז ער אַוועק אין אַנדערן עק שטאָט, צו דער אַלטער אַפּטייק, אין אַ הויף דאָרטן, פול מיט דראָזשקעס און וועגענער און פערד־שטאַלן. דאָס שטיבל, וווּ פּעסעלע מיט אירע עלטערן האָבן געוווינט, איז געווען נידעריק, דער דאַך — פול מיט גרינעם מאָך, כאָטש שטרעק אויס די האַנט און נעם אים אַראָפּ.

געגאַנגען צו פּעסעלען איז ער נישט ווי אַ זשאַנדאַרמען־אָפיציר, נאָר אָנגעטאָן ציוויל, אין א גרויען גארניטער מיט א גרויען, ווייכן הוט. פאַר פּעסעלען איז ער נישט דעם קיסרס קיין סיסטשיק און נישט דעם ראָדעמער זשאַנדאַרמסקע פּאָלקאָווניקס קיין אדיוטאנט, נאָר א צעבראָכן, דערשלאָגן יינגל, גרייט אויסצושטיין פון איר יעדע באליידיקונג, יעדע דערנידערונג אַבי זי צו זען. ער איז געווען זיכער, ווי נאָר ער וועט איר געבן די געלעגנ־הייט אראָפּצושרייען איר כעס, אויסצוזידלען אים, וועט נישט נאָר אים ווערן גרינגער צו טראָגן זיין אייגן שולד־געפיל, נאָר אויך איר וועט לייכ־טער ווערן אַריבערצוטראָגן דעם ווייטיק איבער זייער צעבראָכענער ליבע, דעם צער און בושה, וואָס ער האָט איר פאַרשאַפט דורך זיין זינקען אַזוי טיף, דורך זיין ווערן דאָס, וואָס ער איז געוואָרן.

נישט דרייסט, קוים, קוים וואָס ער האָט אַ קלעפּל געטאָן מיט די פינגער־קנאָכן אין הילצערנעם לאָדן. ער האָט זיך איינגעהערט. א רגע איז געווען שטיל אין דער שטוב און באַלד איז דאָרטן אָנגעשטאַנען אַ שטיל גערודער, א שושקעניש. אין אלע מאָדזשיצער היימען אזוי. זינט ער איז געוואָרן אַ מסור און קומט אויף גאַסטראָלן אין זיין אַמאָליקן היימשטעטל,

ציטערט מען דאָ פּאַר זיין דוך. פון אַ קלאַפּ אין לאָדן ביינאַכט, פּאַלן אין שטוב ביי די מענטשן אין די הערצער. איז אפשר זאָל ער זיך צוריק אָפּ־טראָגן? צו וואָס איבערשרעקן די מאַמע? א טייער מענטש. דעם טאַטן? א ייד אָן א גאַל. און זי אליין, פּעסעלען? אפשר שרעקט זי זיך פּאַר זיין קומען?

ער האָט צוגעלייגט אַן אויער צום לאָדן. וואָס אים פאַלט איין! ווער־ווער, פּעסעלע וועט זיך פּאַר אים נישט שרעקן. ער האָט נאָכאַמאָל אָנגע־קלאַפּט אין לאָדן.

— ווער איז דאָרט? — האָט ער געהערט דעם פּאָטערס קול.

— איך, יעקב הערש, — האָט ער בכיוון צוגעלייגט דעם „איך".

ס׳הייסט, נישט דער היינטיקער יעקב הערש, דער געזונקענער, שטייט דאָ, נאָר ער, דער אַמאָליקער חתן פּעסעלעס, וואָס פלעגט דאָ, אין דער אָרעמער שטוב, זיין היימישער איידער אין דער רייכער היים פון זיין טאַטן מיט דער שטיף־מאַמע דאָרטן.

אינעווייניק, אין שטוב, איז דאָס שושקעניש געשטיגן, געוואָרן געדיכ־טער. די מאַמע, ליגנדיק אין בעט, האָט זיך געקנייפּט די באַקן, געביסן די נעגל פון די פינגער. זי איז געווען זיכער אז שוין! איצט גייט פּעסעלע אוועק מיט קייטעלעך אויף די הענט. געוואָלט־געשריגן, וויפל זי האָט זיך געבעטן ביי דער טאָכטער זי זאָל אַנטרינען פון דער היים, זיך אויסבאַ־האלטן, ווי אנדערע מאָדזשיצער זין און טעכטער האָבן דאָס געטאָן, האָט זי דאָס נישט געוואָלט הערן און געדענקען. וואָס? באַהאַלטן זיך? פּאַר וועמען? פּאַר יעקב הערשן? נישט דערלעבן וועט ער דאָס! וואָסי? ער וועט זי קומען ארעסטירן? זי וויל דאָס טאַקע! זאָל ער נאָר קומען. ער איז נאָך מיט איר נישט פּאַרטיק! זאָל ער נישט מיינען, דער פּראָוואָקאַטאָר, אז מיטן לאָזן זי אויף דער פריי, האָט ער זי אָפּגעקויפט.

— וואַרט, טאַטע, — האָט זי א זאָג געטאָן צום פּאָטער און איז אליין ארויס עפענען די טיר. זי האָט גיך אַרויפגעוואָרפן א קליידל, זיך גלייך־געמאכט די האָר. יעקב הערשן האָט דערווייל געקלאַפּט ס׳האַרץ. ער האָט געהערט אז דאָס גייט זי עפענען, איז אים יעדע רגע געווען א יאָר. וואָס זאָל ער טאָן? זי אַרומנעמען? בלויז געבן איר די האַנט?

די טיר פון פּעדערהויז האָט זיך געעפנט און אין גרויען באגין האָבן זיך צוויי פּאָר אויגן באגעגנט. נאָך איבער א יאָר זיך נישט זען זענען זיי ווידער געשטאנען איינער אנטקעגן אנדערן. אירע אויגן — אָפענע, דרייסטע, א געמיש פון צער און פרייד, האס און ליבשאַפט, האָבן אויסגעהאלטן דעם בליק. זיינע אויגן, מאַט־פּאַרלאָפענע, פול מיט שולד און בושה, זיי האָבן דעם בליק נישט אויסגעהאלטן. ער האָט אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, געקוקט אויף דער שוועל, אויף אירע באָרוועסע פיס, אויף די אייגענע שיך־שפּיצן.

אַ קורצע רגע נאָר זענען זיי געשטאַנען איינער אַנטקעגן אַנדערן שטום, אָן לשון, אָבער די קורצע רגע האָטביידן אויסגעזען אַן אייביקייט:

— נאָך וואָס ביסטו געקומען? — האָט זי אים געפרעגט שטיל אָבער דרייסט, מיט שאַרפקייט אין קול, ווי זי וואָלט מיט אָט דער עקסטרער שאַרפקייט געוואָלט באַהאַלטן, דערשטיקן אין זיך דעם אָנגעשטאַנענעם ציטער פון ליבשאַפט, וואָס איז אָנגעלאָפן אין איר, איבער דעם האס, איבער דער פאראכטונג, וואָס האָט זיך אין איר אָנגעקליבן צו אים.

— נאָך גאָרנישט, בלויז דיך צו זען, — האָט ער שטיל געפליסטערט, אפילו נישט אויפהייבנדיק די אויגן צו איר.

— אַזוי גאָר? בלויז מיך צו זען? נישט מיך צו אַרעסטירן? — האָט זי סאַרקאַסטיש אים איבערגעפרעגט און דערביי איז איר קול געוואָרן העכער, שארפער, פול מיט גיפט. — אזוי גאָר? — האָט זי צו אים אַרויס־רופעריש געשמייכלט, — האָסט זיך נעבעך פאַרבענקט נאָך מיר?

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ. דער סארקאזם, די שארפקייט אין איר קול, האָט אים געגעבן מוט, געוועקט אין אים א דינע האָפענונג אויף איינזען, אפשר אויך אויף פאַרגעבן. ער האָט איר גאָרנישט געענטפערט בלויז געקוקט אויף איר, שולדיק געקוקט און געשוויגן.

אין דער אָנגעשטאַנענער שטילקייט האָט פעסעלע גיך געפירט איר בליק איבער אים. גאָט! ווי ער זעט אויס, ווי דאַר און בלאס ער איז, ווי איינגעפאלן זיינע באקן זענען און ווי קרענקלעך די אויגן גליען ביי אים!

— איך האָב דאָך דיך עפּעס געפרעגט? נאָך וואָס ביסטו געקומען? וואָס שטייסטו? פאַרוואָס אַרעסטירסטו מיך נישט?

ער האָט א שמייכל געטאָן:

— דיך אַרעסטירן?

— ווילסט מיר אפשר זאָגן אז דו האָסט מיך נאָך ליב? — איז פעסע־לעס קול געוואָרן העכער, פול מיט גאַל און האַס.

— נאָר דער טויט וועט איינשטילן מיין ליבע צו דיר.

פעסעלע האָט דערפילט אַ שטאָך אין קאָפּ, ס'האָט איר געשווינדלט אין די אויגן, די קני האָבן זיך געבראָכן, אָט, אָט און זי פאַלט אוועק! עפּעס גאָרנישט מיט איר קול האָט זי א געשריי געטאָן:

— פראָוואָקאַטאָר! אוועק פון מיר! איך וויל נישט קיין ליבע און לאַסקעס פון א מסור! — און נישט וויסנדיק וואָס זי טוט, האָט זי אים אַראָפּגעלאָזט א פלאַם אין איין באַק און באלד אין דער צווייטער און פאַר־האַקט די טיר פאַר זיין פּנים.

יעקב הערש איז לאַנג נאָך געשטאַנען הינטערן לאָדן. ער האָט געהערט פעסעלעס אַוועקפאַלן אויפן בעט, איר שלוכצן אין קישן אריין. א גרינגקייט האָט גענומען אויפגיין אין אים. ער האָט מיט די הענט צוגעהאַלטן די

באַקן, נישט חלילה צוליבן ווייטיק, וואָס האָט נאָך געבריט די הויט, נאָר צוצוהאַלטן, נישט צו פאַרלירן דאָס, וואָס פּעסעלע האָט אים דאָ געשענקט, עפּעס, וואָס האָט אים געגעבן דאָס זיסע געפיל פון האָבן געקריגן פון איר די פאַרדינטע שטראָף און, דורך דעם, פון אים אַראָפּגעוואַשן די געפאַלנ־קייט, די זינד צו איר, צו זיך.

די גרויקייט פון באַגין איז דערווייל געהאַט אויסגערונען. א יונגער טאָג, א זוניקער, איז אויפגעגאַנגען איבער פּעסעלעס פייכטן, גרין־מאָכיקן דאַך. פון די „גזשענדעס" אין די שטאַלן, אויף די בוידעמער, זענען אַראָפּ־געפלויגן די הינער. הונגעריקע זענען זיי געגאַנגען איבערן הויף, אונטער די וועגענער און דראָזשקעס און געקליבן קערנער, געזוכט ווערימלעך אין דער ווייכער, שיטער־באַגראָזטער ערד.

יעקב הערש האָט געגומען גיין צום טויער און באַלד קריק אומגעקערט דאָס פּנים צום לאָדן, ווי ער וואָלט שטום, מיטן בליק בלויז, אריינגעשיקט דורך צוויי האַלבע־לבנה־אויסשניטן אַ קוש, דעם לעצטן קוש איר, פּעסע־לען, וואָס נאָר דער טויט קאָן זי פון אים צונעמען.

אַ יאָר שפּעטער, ווען ער האָט זיך דערוווּסט אַז פּעסעלע האָט געקריגן אַ מוח־אָנצינדונג און אין געציילטע טעג איז זי געשטאָרבן, האָט ער זיך ביטער צעוויינט, געלעגן מיטן קאָפּ איינגעגראָבן אין איר, רייזעלעס שויס, און ביטער געקלאָגט אַז דאָס איז זיין שולד! צוליב אים איז זי אַזוי יונג אַוועק פון דער וועלט.

ווער וועט נאָך איר, רוזשען, וויינען? יאַקוב, צוליב וועמען איר לעבן איז אַזוי מיאוס צעשטערט געוואָרן, ער וואָלט אפשר נאָך איר גאָרנישט געוויינט אויך. איז ער שוין אויך נישטאָ און זי ליגט א באַשפּיגענע, מיט א ממזר אונטערן האַרץ און זי ווייסט אפילו נישט ווער פון די צוויי שענדערס איז דער פאָטער פון דעם, וואָס הייבט אין איר אָן אויפגיין, ווערן.

יאָ, דאָס איז דער סוף! זי האָט פאַרבראָכן די הענט, געריסן מיט די ציין די נעגל פון די פינגער. גרויסער גאָט! אין וואָס אַלץ דער מענטש קאָן אַריינגעדרייט ווערן! אליין, אין אַלעם האָט זי זיך אליין אריינגעדרייט! צוליב יאַקובן איז זי געוואָרן אַ פּראָוואָקאַטאָרקע. ווען נישט איר מורא פאַרן זיצן, פאַרן גיין אין סיביר, וואָלט זי געווען מיט מענטשן גלייך. זי האָט פאַרהויבן די אויגן צום לאָמפּ־האָקן אין סופיט. נישט איינמאָל ווי זי פאַרהייבט אַזוי די אויגן צו דעם האָקן. וועט ער זי אויסהאַלטן? ס׳ערשטע מאָל איז איר פון דעם געדאַנק אַריבער אַ גרויל איבערן רוקן. זי האָט גיך, מיט די אייגענע הענט, זיך פאַרשטעלט דעם האַלדז. איצט איז זי שוין צוגע־וווינט צו דעם געדאַנק. דער האָקן אין סופיט איז געוואָרן איר לעצטע רעטונג, דער אַנטלויף פון איר פיין, פון דער פאַרשעמונג.

— פאַרשעמונג? זי האָט איבערגעחזרט דאָס וואָרט אויפן קול, ווי עס

וואָלט פאַר איר געווען אַ ניי וואָרט, וואָס זי האָט קיינמאָל פריער נישט געהערט. פאַרשעמונג? ווי אויסטערליש! זי האָט אַרויסגעגעבן דער זשאַנ־דארמעריע אַזויפיל פריינד און חברים, וואָס א סך פון זיי זענען פאַרשיקט געוואָרן אויף קאַטאָרגע, פוילן אין תפיסות, גאַנץ ראָדעם פאַראַכטעט זי, ווען די מענטשן קענען, וואָלט יעדער איינער פון זיי איר געשפּיגן אין פּנים און איר איז גאָרנישט איינגעפאַלן אז זי דאַרף זיך שעמען. זי איז געגאַנגען איבער די ראָדעמער גאַסן מיט אַ פאַררייסענעם קאָפּ, פרעך געקוקט יעדן אין די אויגן און זי האָט גאָרנישט געטראַכט אַז ס׳איז דאָ אַזאַ וואָרט ווי זיך שעמען. איצט, אַז צוויי גאַרבער־יונגען האָבן זי פאַרשלעפּט אין אַ פעלד און זי געשענדט, איז אין איר אויפגעקומען דאָס געפיל פון שעמען, זיך שעמען צו ווייזן פאַר דער ליכטיקער שיין, זיך שעמען צו זען ס׳אייגענע פּנים אין שפּיגל. איז דען די שאַנד וואָס די צוויי שקצים האָבן איר געטאָן גרעסער ווי די שאַנד פון פאַראַט צו פריינד, צו חברים? וואָס טוט זיך דאָ? איז טאַקע די פרוי אין מענטש שטאַרקער ווי דער מענטש אין דער פרוי?

זי האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ: גאָט אין הימל! ס׳איז דאָך משוגע צו ווערן! נאָר אפשר איז זי שוין משוגע? אויב נישט משוגע, וואָסזשע קוקט זי מיט אַזויפיל מורא צום האָקן אין סופיט? דער האָקן אליין קאָן איר גאָרנישט טאָן. אויב זי וועט נישט פאַרוואַרפן א שטריק און מיט די אייגענע הענט נישט פאַרציען דעם שלייף און אליין נישט אַפּערקאָפּען דאָס בענקל פון אונטער די פיס, וועט זי נישט הענגען!

אַן אויסגעשעפּטע, אַן אָפּגעגאַנגענע אין שווייס, איז זי אוועקגעפאַלן אויפן בעט. די מאַמע איז אריינגעקומען, געשטאַנען אַ ווײַלע, געשאָקלט מיטן קאָפּ. זינט דעם אומגליק האָט זי שוין אויסגעווײנט יעדע טרער פון אירע אויגן. כאָטש זי שלאָפט איצט, רייזעלע, האָט זי איר צוגעלייגט אַ נאַס האַנטעך צום קאָפּ. צוליב איר, רייזעלען, האָט זי געמוזט אהיימשיקן דאָס דינסטמיידל, זי אויפגעזעצט אויף אַ פור און זי אַוועקגעשיקט קיין פּשיטיק. אז א פרעמד אויג וועט נישט זיין אין שטוב וועט זי אפשר קאָנען פאַרדעקן איר בראָך. לויפט זי דאָס אזוי און פאַדעט, פאַרשטעקט מיט איר אויסגע־האָרעוועטן גוף אַלע לעכער. אין מיטן דער פאַריאָגטקייט אין געוועלב, קאָכט זי אָפּ אין קיכל אביסל עסן, שטעלט אוועק א טעלער גריץ, לייגט אַוועק א פרוכט, א שטיקל שאָקאָלאַד, רייזעלע זאָל האָבן אַ דערלובונג. אין איר אייגענער פאַרצוגטקייט טרייסט זי די טאָכטער:

— ׳עסט זען רייזעלע, ס׳עט דיער נאָך גיט זאַאַן. ביסט שוין נעבעך דאַאַנס אָפּגעקימען אויף דער וועלט. — אין דער שטיל, אין האַרץ, לייגט זי נאָך צו: „געלויבט אי׳ גאָט! אז ער, יעקב הערשעלע, האָט שוין איינגע־נומען אַ מיתה משונה, וועט זי שוין אויך געהאָלפן ווערן. געוואַלד־געשריגן!

וויפל איז דער שיער ? דאָס מיידל איז דאָך שוין דורכגעגאַנגען חיבוט הקבר ביים לעבן״.

זי האָט נעבעך געוואַרט, די מאמע, רייזעלע זאָל קריק ארויף אויפן גלייכן וועג, צום סוף האָט מען זי גאָר אַראָפּגענומען פון שטריק אַ פאַר־שטייפטע.

האָט דאָס ראָדעם געהאַט א צווייטע לוויה, דאָס מאָל אן אייגענע, אַ לעגיטימע. פון דער דאָזיקער לוויה האָט זיך שוין די חברה קדישא נישט געקאָנט אָפּוואַרפן. פאַרקערט, זי, די חברה קדישא, האָט געהאַט גרויס איינזעעניש, מיט דער מוטער, אן איידל, כשר מענטש, די אלמנה פון ר׳ זלמן פעלדמאַן, זי איז שוין נעבעך געגנוג געשטראָפט געוואָרן, האָבן זיי אָפּגעפּאַרטיקט די לוויה איינס און צוויי, געבערענגט דאָס מת צו קבורה הינטערן פּאַרקאַן ווי ס׳געהער צו אזא ווי זי, א מאבדה עצמה לדעת.

# קאַפּיטל זיבעצן

שבת, צו די ערשטע סליחות, איז לייבל משהס פֿאָלק אַוועק פֿון ראָדעם. אַ גאַנצן טאָג האָט די שטאָט גערוישט און געזשומיעט. די לופֿט איז געווען פֿול מיט הוראַ־געשרייען, מיטן טעמפּן אָפּהילך פֿון זעלנערישע טריט, מיטן געקלונג פֿון אייזערנע רעדער אָן שטיינערנעם ברוק, מיט קינדישע פֿרייד אויפֿן געפֿלי פֿון קאָנפֿעטיע, אָט די קליינע, פֿילקאָלירקע פּאַפּירלעך, וואָס האָבן זיך געטראָגן פֿון אָפֿענע פֿענצטער, ווי מיליאָנען פֿאַרביקע פֿלאַטערלעך אין דער לופֿט. אַ פֿריילעכער יום־טוב, אַ מין קאַרנאַוואַל, געמישט מיט טרויער, איז געהאָנגען איבער דער שטאָט.

אין שול און אין בית מדרש איז געווען ליידיקלעך בעתן דאַווענען. יידן האָבן אָפּגעכאַפּט די סעודה, נישט געזונגען קיין זמירות און גיך אַרויסגעאיילט צו דער וואַרשעווער און לובלינער גאַסן. פֿון מינוט צו מינוט איז דאָרטן געוואָרן ענגער און געדיכטער. וועגט פֿון מענטשן, יונג און אַלט, קריסטן און יידן, האָבן זיך געדרענגט אויף די טראָטוארן, אויף די שטאָקן אין די אָפֿענע פֿענצטער. כאָטש מ׳האָט געיובלט: הוראַ! איז ביי פֿיל מענטשן געווען אַ באַנג געפֿיל ביים קוקן צום מיטן וועג, ווו דאָס מיליטער האָט געצויגן ארויס צום ראָדעמער וואָקזאַל.

פֿאָרויס, אויף אַ גרוי־געפּלעקטן אָגער, איז געריטן דער פּאָלקאָווניק, אַ שווער־לייביקער פֿאַרשוין מיט אַ גרוי לאָפּעטע־בערדל, אַ צעקעמטס אין דער ברייט, מיט שרונטלעך אונטער דער נאָז און אין מיטן דער גאָמבע. כאָטש ס׳איז נאָך געווען הייס, האָט ער געטראָגן דעם פּאַראַדנעם מונדיר, אַ זילבער־גרויער, מיט אַ הויך־אונטערגעבעטער ברוסט, באַהאָנגען מיט מעדאַלן און גאָלד־גלאַנציקע שליפּעס אויף די אַקסלען. אַ שטאָלצער איז ער געזעסן אויפֿן אָגער, אַ ראַסאָווער סוס, וואָס האָט געברענט די ערד אונטער זיך. דאָס איז געווען אַ קראַסאַוועץ מיט אַ ווייסן שטרייף איבער דער לענג פֿון זיין פּנים, אַ ווייסע גריווע אויפֿן שטאָלצן, האַלברונדיקן קאַרק, אַ ווייסער, זיידיק־צעקעמטער עק און ווייסע, האַלבע שקאַרפּעטן אַרום די קלאָען. אין איין האַנט, די לינקע, האָט דער פּאָלקאָווניק געהאַלטן דאָס ציימל און די אַנדערע, די רעכטע, אין אַ ווייסער האַנדשו, האָט ער געהאַלטן ביים קליינעם, לאַקירטן דאַשיקל פֿון חנעווודיקן, אָפּיצערסקן היטל, אַ באַקרוינטס מיט אַ זילבער־בלישטשעדיקע קאָקאַרדע. ער האָט געשמייכלט

לייטזעליק, דער פּאָלקאָווניק, גענייגט דעם קאָפּ אויף רעכטס, אויף לינקס, סאַלוטירנדיק אַזוי אַרום די אַרומשטייענדיקע מענטשן אויף ביידע זייטן גאַס. צומאָל האָט ער פאַרהויבן דעם בליק און אַרויפגעשיקט זיין לייטזעליק שמייכעלע צו די יונגע דאַמען, אין די אָפן־צעפּראַלטע פענצטער, וואָס האָבן געשאָטן אויף אים קאָנפעטיע, געפאָכעט מיט זיידענע טיכעלעך און פריידיק אַראָפּגעשריגן: הוראַ! הוראַ!

הינטער דעם פּאָלקאָווניק, אויף אַ קאַשטאַן, אַ רויטלעך־געלער אָגער, שלאַנק און אומרואיק און גוט־געכאַליעט, איז געזעסן דעם פּאָלקאָווניקס געהילף מיט זיינע מעדאַלן אויף דער ברוסט, זיין קאָקאַרדעלע אויפן היטל און זיינע קלינגענדיקע שפּאָרן אויף די געפּאַסטע, לאַקירטע שטיוועלעך אויף זיינע פיס.

נאָך זיי, אין מיטן גאַס, פאַראויס דעם מיליטערישן אָרקעסטער, אַ שפּילנדיקער, די מוזיקאַנטן, בלאָזנדיק זייערע אינסטרומענטן ביזן פּלאַצן, איז געגאַנגען דער משוגענער אהרעלע, דער אייביקער פאָרויסגייער פון אַלע מוזיק־קאַפּעליעס. אין צעפּאָרענע כאַדאַקעס מיט די פאַרבלאָטיקטע פינגער אינדרויסן, דער קאַשקעט, אַ פאַרפּעצטער, מיטן צעבראָכענעם דאַשעק ביים לינקן אויער; אויפן נאַקעטן גוף — אַ זומערדיק רעקל פון ווייס־געלבלעכן טשעסטשואַר, אַן איבערגעקערטס, מיטן אונטערשלאַק און די צוויי טאָרבע־קעשענעס אינדרויסן. די הויזן זיינע, אַ פּאָר לאַנגע, ברייטע מכנסים, מיט געלעכערטע קני און אויסגעזעסענע פענצטער אויפן דאַרן הינטן, האָבן זיך אים קוים געהאַלטן אַרום גאַרטל. צווישן אָפּך־צעקנעפּלטן רעקל און די אַראָפּגעגליטשטע תחתונים, האָט אַרויסגעקוקט דער בויך, אַן איינגעפּאַלענער, מיטן פאַרברודיקטן פּופּיק, ווי דעם פּאָלקאָווניקס קאָקאַרדע, שטאָלץ פאָרויס!

אַ באַוואַקסענער, מיט גליאיקע אויגן פון די טיפע לעכער אַרויס, אַ פייערלעכער, מיט די אייביקע צוויי שטעקנס אין די הענט, איז ער געגאַנגען פאָרויס, פאַרן קאַפּעלמייסטער און גלייך מיט יענעם אַלע ווײַלע זיך געטאָן אַ דריי אויס מיטן פּנים צום אָרקעסטער, געטריטלט הינטנווײַלעכטס און דיריגירט די קאַפּעליע מיט די צוויי שטעקנס ווי דער קאַפּעלמייסטער מיט זיין דיריגיר־שטעקעלע.

ערשט נאָכן משוגענעם אהרעלע מיטן אָרקעסטער, איז געגאַנגען דאָס מיליטער. אין זייערע גרוי־גרינע כאַקי־העמדלעך, מיט די גרוי־גרינע כאַקי־ציכלעך אויף זייערע היטלען, האָט עס אויסגעזען ווי אַ גרוי־גרינ־לעכער טייך וואָלט געפלייצט איבער דער וואַרשעווער גאַס, אַריין אין דער לובלינער.

אָפּגעטיילט אין באַטאַליאָנען, אין ראָטעס, אין ווזוואָדן, אָפּגערוקט איין אָפּטיילונג פון דער אַנדערער, איז פאַר יעדן באַטאַליאָן, פאַר יעדער ראָטע,

גערימן אויף אַ פערד דער קאָמאַנדיר, אַ פּאָדפּאָלקאָווניק, אַ קאַפּיטאַן און די נידעריקערע אָפיצערן — צופוסנס, מיט די פעלדפעבלס און פּראָפּאָר־טשיקעס — רעכטס פון יעדן ווזוואָד.

נאָכן מיליטער האָבן נאָכגעצויגן קאָטשן און בריטשקעס, פולע מיט די אָפיצערישע ווייבער און קינדער און דינסטן, טייל מיט גאָלדיק־דראָ־טענע שטייגלעך אין זייערע הענט. די זינגפייגעלעך אין די שטייגלעך, האָבן געהאָפּסלט, געשפּרונגען פון איין שטאַפּעלע צום אַנדערן, געצוויטשערט פריילעך, די פּאַפּוגייען אָבער, גרינע און רויטע, זענען געשטאַנען אָנגע־כמורעטע, געמרוקעט אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, געשריגן און די הינט, ביי די פיס פון זייערע פּריצהטעס, באַאומרואיקטע פון דעם גאַנצן גערודער, האָבן בייז געהאַווקעט צו די ארומשטייער.

הינטער די קאָטשן און דראָזשקעס זענען נאָכגעפאָרן מיליטערישע וועגן, הויך אָנגעפּאַקטע מיט מעבל, מיט פּיאַנעס, מיט געקאָוועטע קופערטן און קרעדענצן, מיט קינדער־וויגעלעך און ראָווערן און וויט הינטער דעם אַלעם האָט נאָכגעצויגן דער אָבאָז: קיכן אויף רעדער, מיט רויכערנדיקע קוימענס פון הינטן, פלאַטפאָרמעס מיט היי פאַר די פערד און זעק מיט פּראָוויאַנט פאַר די זעלנער.

פּאַוואָליע, טריט ביי טריט, האָט דער פּאָלק מאַרשירט איבער די גאַסן. די זון האָט געגליט איבער די קעפּ פון די זעלנער, דער שווייס האָט זיך געגאָסן איבער זייערע פּנימער אָבער דער אָרקעסטער האָט געשפּילט און די אָפיצערן מיט זייערע ווייס־באַהאַנטשטע הענט האָבן סאַלוטירט און דער ארומשטייענדיקער עולם האָט געפּאַטשט בראַוואָ, פריידיק געשריגן: הורא! הורא! דאָ און דאָרט האָט אַ פאַרטרויערט מיידל געוואָרפן אַ פאַרחלשט בלימל צו אַ באַקאַנטן זעלנער און יענער, פון די מאַרשירנדיקע רייען אַרויס, האָט אויף גיך איר צוריקגעשיקט אַ פאַרטרערטן בליק, אַ פאַרבענקטן שמייכל.

אַז דער אָרקעסטער האָט אויפגעהערט שפּילן, האָבן די זעלנער אָנגע־הויבן זינגען, ראָטע נאָך ראָטע. אַז די ערשטע ראָטע האָט געזונגען וועגן מיידלעך:

טרי דיערעווניא, דוואַ סעלאַ,
קודאַ דיעווקאַ, טודאַ יאַ,
האָט נאָך זיי, די צווייטע ראָטע, געזונגען אַ ליד וועגן פייגל:
סאָלאָוויי, סאָלאָוויי, פּטאַשיטשקאַ—אַ—אַ,
קאַנאַריעטשקאַ זשאַלאָבנאַ פּאָ—יאָט,
ראַז דוואַ, גאָריע ניע ביעדאַ!
און די דריטע ראָטע האָט אונטערגעכאַפּט אַ ליד וועגן פיש:

ניע פוימאַלאַ ריבי ס׳ ראַקאָם,
פוימאַלאַ לינאַ!
העי, העי, פוימאַלאַ לינאַ!

דאָס שפּילן פון אָרקעסטער, דאָס ריטמיש־הילכיקע זינגען, האָט געטריבן די זעלנערישע בלוטן, געהויבן זייערע פיס און אָנגעפילט די אָנגעהיצטע נאָכמיטאָג־לופט מיטן טעמפּן געטראָט פון טויזנטער פּאָר געקאָוועטע שטיוול אָן שטיינערנעם ברוק.

שטייפע, זינגענדיקע, מאַרשירנדיק מיט די ביקסן אויף די אַקסלען, די שווערע רוקזעק מיט די איינגעוויקלטע שינעלן אויף די פּלייצעס, האָבן די זעלנער געקערעוועט די פאַרשוויצטע פּנימער פון איין זייט גאַס צו דער אנדערער. אומרואיקע האָבן זייערע אויגן גענישטערט צווישן די ענגאַרומשטייענדיקע ווענט מיט מענטשן, געזוכט אַ לעצטן בליק, אַ שמייכל, אַ פּאַך מיט אַ טיכל און אפשר אויך אַ לופט־קוש פון אַ מיידל, אַ געליבטער, וואָס אַ סך פון זיי לאָזן דאָ איבער און יענע, די מיידלעך, שטייען דאָ אין די הונדערטער, ווישן די פאַרוויינטע אויגן, צוקן מיט אַ ליפּ און טראַכטן מיט שרעק פון דער דיזינע, דאָס לעצטגעזעלט, וואָס די אוועקגייענדיקע געליבטע זייערע האָבן, ביים געזעגענען זיך, זיי איבערגעלאָזן און איצט שטייען זיי דאָ פאַרשעמטע, אַנטוישטע, טראָגן דאָס סודותדיק אונטער זייערע הערצער, פאַר וועמען? אויף וועמענס באַראָט?

פאַרן נייעם גאָרטן, אַנטקעגן פּאַלאַץ פון דער גובערניע, איז דער פּאַראַד געבליבן שטיין. מיטאַיינמאָל האָט אויפגעהערט דאָס ריטמישע טריטלען פון די טויזנטער פּאָר שטיוול און ס׳איז געוואָרן אומהיימלעך שטיל. דער פּאָלקאָווניק מיט די אָפּיצערן אויף זייערע פערד, דער משוגענער אהרלע מיטן אָרקעסטער, די ראָטעס זעלנער מיט זייערע קאָמאַנדירן, אלע האָבן שטייף־מיליטעריש זיך געטאָן אַ דריי אויס מיט די פּנימער צום גובערנאַטאָרס באַלקאָן און גלייך איז די לופט פאַרהילכט געוואָרן מיטן רוף פון טויזנטער העלדזער, ווי דאָס וואָלט געוועזן אַ געבריל פון איין מאָנסטערדיק־ריזיקן האַלדז אַרויס:

זדראַוויאַ זשעלאַיעם וואַשע וויסאָקאָיע בלאַגאָראָדיע!

דער ראָדעמער גובערנאַטאָר, אַ יונגער רוס נאָך, מיט אַ בלאָנדזיידענער באָרד, אָן אויסגעצירטער אין פּאַראַדנעם, גענעראַלסקן ראָק, אַ לאַנגער ביז די קני, אַ באַהאָנגענער מיט מעדאַלן, מיט שווערע, בערשטלדיקע, גענעראַלסקע שליפּעס, מיט אַ רויט־זיידענע מאָרעי־לענטע פון לינקן אַקסל ביזן רעכטן היפּט, איז געשטאַנען אויפן באַלקאָן, די גובערנאַטאָרשע מיט די צוויי בלאָנדע, יונגע טעכטער לעבן אים. ווי דער פּאָלקאָוו־

ניק מיט די אָפיצערן — אַרויף, אַזוי האָט ער מיט דער ווייס־באַהאַנטשטער האַנט, סאַלוטירט אַראָפּ.

ווידער האָט דער אָרקעסטער אויפגעשפּילט און דאָס גאַנצע פאָלק אַרום האָט אַראָפּגעכאַפּט די היטלען און דער גאַנצער פאָלק סאָלדאַטן און אָפיצערן האָבן געהאַלטן די הענט ביי די דאַשקעס, סאַלוטירט און מיט־געזונגען הילכיק: „באָזשע צאַריאַ כראַני״ און דער משוגענער אַהרעלע האָט דיריגירט מיט די צוויי שטעקנס און ביים ענדיקן דעם הימן איז ווידער אויסגעבראָכן אַ שטורמישער: הוראַ! הוראַ!

נאָך דעם געזעגענען זיך מיטן גובערנאַטאָר פאַרן גובערניע־פּאַלאַץ, האָט דער פּאַראַד געענדיקט און זיך פאַרקערעוועט רעכטס, דאָס מאָל שוין אַרויס צו דער באַן.

ווי ווייל די ראָדעמער לופט איז נאָך געווען פול מיט די הוראַ־געשרייען, די גאַסן האָבן נאָך געדרוישט מיט יום־טובדיק, צעשטראַלט יונג־וואַרג, זענען אָבער יידן געווען פאַרטרויערט און שטיל אין זיך געזיפצט: טאָמער איז זיי ווייניק דער באַיקאָט פון די ליבע שכנים, די פּאָליאַקן, וואָס די יוכע איז נאָך אַלץ ביי זיי צעהיצט, צוליב דעם, וואָס נישט דער נאַראָ־דאָוויעץ זייערער, נאָר דער סאָציאַליסט יאַגעלאָ, איז אויסגעוויילט געוואָרן צו דער דומע אין פעטערבורג און זיי שרייען „בייליס״ און שלעפּן דעם פּוילישן פּויער פון יידישן געוועלב אַרויס, טאָמער איז דאָס אַלץ ווייניק, נעמט דער פּאָלק און גייט אויך אַוועק פון שטאָט. אמת, יידן לאָזן זיך נישט. די פּאָלאַקן שרייען „בייליס״, שרייען יידן צוריק: מאַצאָך! זאָלן זיי באַגראָבן די קעפּ פון שאַנד, וואָס זייערס אַ קאַטוילישער גלח האָט אין סאמע טשענ־סטאָכאָוו, אַרויסגעגנבעט די ברילאַנטענע אויגן ביי דער הייליקער מאַריע זייערער. דאָס איז טאַקע גאַנץ ווויל, אָבער צו קיין פרנסה קומט עס נישט!

יאָ, ווער עס גייט פון שטאָט אַוועק, האָבן יידן געוווּסט, ווער אָבער עס וועט אויף זייער אָרט קומען, ווייס איין גאָט אין הימל! מיט אָט דעם פּאָלק, איז אַוועק אַ גרויסער טייל פון דער יידישער פרנסה אין ראָדעם. נישט בלויז די פּאָדראַטשיקעס, וואָס האָבן געליפערט פאַרן מיליטער, הונ־דערטער און הונדערטער יידישע משפחות האָבן געלעבט פון פּאָלק. יעדער זעלנער און אָפיציר, יעדע אָפיצירשע מיט זייערע דינסטן און דענשטשי־קעס, אבי נאָר זיי זענען געקומען אין שטאָט אַריין, האָבן זיי מיט זיך געבררענגט פרנסה פאַרן שוסטער און שניידער, פאַרן בעקער און קצב, פאַרן היטלמאַכער און פאַר דער אויבסט־פאַרקויפערין און דעם שטעלכל־שטייער פון מעסערלעך און שערעלעך, בריטוועס און שלעסלעך, אַלע האָבן זיי געלייזט און געלעבט פון די זעלנער. אפילו ס׳באָד אויפן וואָל איז איצט איינגעשטעלט. טאָמער, חלילה, קומט נישט אין שטאָט אריין קיין

אַנדער וואָיסק, מעג עס זיך אינגאַנצן פֿאַרמאַכן. מ׳איז דען אַ מבֿין וואָס ארום דעם באָד האָט זיך צעטאָן אין א זונטיק ? אין א שבת ? אין א פרייטיק ? און אַפילו אין אַ פּראָסטן מיטוואָך ! גאַנצע ווזוואָדן מיטאַמאָל זענען זיי דאָך געקומען ! ערשט די פעלדפעבלס מיט זייערע ווייבער און קינדער ? משפּחות־ווייז האָבן זיי זיך דאָך אראָפּגעלאָזט מיט די פּעקלעך וועש אונטער די אָרעמס. שעהן־לאַנג פלעגן זיי דאָך אָפּזיצן טשיפּקע אַרום די רויט־ציגלנע ווענט, אויפן גרויסן הויף דאָרט, איידער זיי האָבן זיך דערוואַרט ארויסצוקריגן א בילעט, פון דעם פאַרקראַטעוועטן פענצטערל ארויס, אויף אריינצוקומען אין דעם באָד זיך אויסצופּאַרען און אַראָפּצוּוויקן פון זיך דעם ברוד און שווייס. מילא, די לאַנדויס, די ווערטסלייט, פאַר זיי איז מען אויסגעזאָרגט. רייך ווי קורח ! א רחמנות איז אָבער אויפן בעדער און אויף די אלע משפּחות, וואָס האָבן געלעבט פון באָד. וואָלט עס כאָטש געווען אין אַ רואיקער צייט, נעמען זיך יידן צו אנדערע פּרנסות. איצט אָבער, אז דער באָיקאָט אויף יידן ברענט, זאָל זיך נאָר דער אייבערשטער מרחם זיין !

די יידן האָבן בלויז געקרעכצט, די אַלטע דראַנע אָבער האָט ביטער געקלאָגט אויף דעם וואָס דער פאָלק גייט אוועק. גייענדיק פון בית מדרש, אין דער אַטלאסענער קאָפּקע מיטן רויטן טשיפּיק איבערן שטערן, אין סאַמעטענעם יופּקעלע מיטן קרבן־מנחה־סידור, אן איינגעוויקלטער אין ווייסן שניפּ־טיכעלע, אונטערן אָרעם, איז זי, אויפן ראָג לובלינער און וואַרשעווער, ביים אַרויסקומען פון וואָעל, אריינגעכאַפּט געוואָרן אין געדרענגעניש און שוין אָפּגעשטאַנען דאָרטן ביז דער גאַנצער פּאַראַד איז אַריבער.

ניין, איר האָבן די זעלנער, חלילה, נישט איבערגעלאָזט אזא סודותדיק „לעצטגעלט״ אונטערן פאַרטעך, ווי א סך פון די ארומשטייענדיקע שיקסלעך און יידישע דינסטמיידלעך. פונדעסטוועגן איז ביי איר, צוגלייך ווי ביי יענע, געריננען שטראָמען פון אירע אויגן. שיקסלעך און דינסטמיידלעך האָבן געוואָרפן בלימלעך אויף זייערע דורכמאַרשירנדיקע ליובאָוניקעס, און זי האָט געוואָרפן טויטע קללות צו די פאַרבייציענדיקע קאָטשן, אויף די קעפּ פון טייל פריצהטעס, וואָס זענען זיך דאָרטן געזעסן אויסגעפּיאָקעוועטע אין זומערדיק־העלע קליידער און ברייטע שטרוי־היט, מיט טייערע שטרויס־פעדערן אויף זייערע קעפּ.

זי האָט נעבעך געהאט אויף וואָס צו וויינען, די אלטע דראַנע. צוזאמען מיט די דורכפאָרנדיקע קאָטשן, האָט זיך אוועקגעקאָלערט איר ביסל אויסגעהאָרעוועטע פּראַצע, דאָס ביסל נדן, וואָס זי האָט געקליבן לאנגע יאָרן פאַר דער ייִנגסטער טאָכטער, אַ פאַרזעסן מיידל נעבעך.

אַן אלמנה, האָט זי אַרויסגעשלאָגן איר חיונה פון טראָגן צווײ קערב אויף אירע ביידע אָרעמס, אָנגעפּילטע קערב מיט וואָס נישט ? אַ פּריצה, האָט געדארפט א מענדל אייער, א הון, א קאטשקע, אן אינדיק, א גאנדז,

א פונט פוטער, געוויקלט אין גרינע בלעטער, א קיישעלע פּאָמידאָרן, פּרי־שינקע, רויטינקע, נאָר־וואָס פון גאָרטן ארויס, א קאַלאַפּיאָר, ווייס ווי שניי, אלץ האָט די אַלטע דראַנע געשלעפּט אין אירע צוויי קערב, געטאַסקעט זיי אויף די שטאָקן, צו די פּריצהס אין די קיכן אריין.

דער האַנדל אירער איז געווען אויף באָרג. ס׳הייסט, זי — דעם פּויער האָט באַצאָלט, באַצאָלט באַלד, אויפן שטעל. איר אָבער האָבן די פּריצהטעס געצאָלט איינמאָל אין חודש, נאָכן צוואָנציקסטן. ווען קריגט דען אַן אָפּיציר זיין זשאַלאָוואַניע? „וו דוואַצאַטאַוואָ״ (דעם צוואָנציקסטן). למאי זאָל זי ליי־קענען? טייל פּריצהטעס זענען כשרע נשמות, ערלעך ווי דער טאָג, אויף די שטיגן שוין האָט מען איר אַקעגנגעטראָגן וואָס איר איז געקומען. אַנדערע אָבער זאָל נאָר די ערד אַרויסוואַרפן. נאָר זיי האָבן זי אָפּגעשלעפּט פון איין חודש אויפן אנדערן. מענטשן האָבן זי טאַקע געוואָרנט: דראַנע, גיט נישט מער! לייגט נישט ס׳טויטע אויפן לעבעדיקן! איז דאָך אָבער אַ מענטש פּאַרנאַרט, האָט זיך איר אלץ געדאַכט, אפשר, טאָמער, און די חובות זענען דערווייל געוואַקסן, א וואַקסן זאָל זיי מכות אין די העלדזער, טאַטע דער־באַרעמדיקער! איז אָט, איצט, שלעפּן זיי זיך אוועק, א שלעפּן זאָל מען זיי אויפן צווינטער! זי האָט זיך אויסגעווישט די אויגן און גענומען אַריבער־גיין דעם וועג, פול מיט איבערגעבליבענער פערדישער צואה און קאָנפעטיע. גייענדיק האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ און די אויערינגען אין די אַלטע, האַלב־טויבע אויערן, לאַנגע, זילבערנע אויערינגען, די כלה־מתנות פון איר חתונה נאָך, האָבן זיך מיטגעשאָקלט אויף איר אומגליק נעבעך.

די גאַנצע צייט, זינט דער פּאַראַד האָט געווירט פון די קאַזאַרמעס אוועק, זענען נתן חיים און אברם יאַנקל נישט אָפּגעטרעטן, נאָר זייטיק מיטמאַר־שירט מיט די זעלנער. לייבל משה, דער עלטסטער ברודער, מיטן וואָוואָד זיינעם, דער לעצטער שוין, סאַמע פון הינטן, האָט געשפּאַנט אין מיטן וועג און די צוויי ברידערלעך אין די לאַנגע קאַפּאָטעס און שווערע שטיוול האָבן, פאַרשוויצטע, הונגעריקע, מיטגעשפּאַנט אָן דער זייט, לעבן דער רינווע.

צוליבן ברודערס אוועקגיין האָבן זיי היינט רעכט נישט געדאַוונט. זיי זענען אויך נישט געווען ביי די מיינסטער צום שבתדיקן מאָלצייט. פאַר־שמאַכטע, ווי אין א תענית, האָבן זיי געשפּאַנט לעבן ברודער ביז צום וואָקזאַל, צו קאָנען זיך דאָרטן מיט אים געזעגענען, איידער דער פּאָלק ווערט אויפגעלאָדעוועט אין די רויטע פראַכט־וואַגאָנען אריין, אַוועקגעשיקט צו ווערן קיין טיף ראַסיי.

# קאַפּיטל אַכצן

וואָס שפּעטער אין אלול, אלץ לענגער און קילער די אָוונטן. די פּאַר־טאָגן צוויקן דעם אָטעם מיטן נאָענטן פראָסט. דער טוי, וואָס אין זומער־דיקן באַגין הענגט ער אויף די בלעטער טראָפּנווייז, ווי אָפּגערונדיקטע דימענטן, איז איצט פראָסטיק־צעפלאָסן, צעשפּרייט, ווי געמאָלן זילבער. די טעג קומען אָן שטילע, הכנעהדיקע. די זון גליט נישט מער, ברענט נישט נאָר לאַשטשעט און גלעט אַזוי ליב דאָס לייב. די גערטנער און סעדער שטייען רייפע, מידע. די ביימער, פאַרגעלטע, באַלאָדענע מיטן צייטיקן אויבסט, פראַאַכן ווי טראָגעדיקע ווייבער, וואָס קוים, קוים זיי דערציען די טעג אָפּצוגעבן די רייפע פרוכט, וואָס זיי האָבן אזוי לאנג גענערט און געקרעפטיקט, געשיצט און געצייטיקט.

האַרבסט פלאַטערט אינדערלופט, איז דער מענטש שטילער, איינגע־מידיקט. די זיצערקע ביים שטעלכל, איז נישט מער אזוי האָפּערדיק, שלעפּט זי נישט דעם קונה פון איר שכנה און דער קרעמער, אויף דער שוועל פון זיין קראָם, וואַרפט נישט מער די זשעדנע בליקן צום שכן אין געוועלב אַריין.

לענגער זענען געוואָרן די שאָטנס און די מענטשן — פאַרטראַכט איבער דעם זין פון געיעג, איבער דער אומזיניקייט פון האַווען און לויפן. וואָס קומט דען אַרויס דעם מענטש פון זיין מיען זיך? פון זיין געלויף אויף דער ערד? אָט קומט אָן דער יום־הדין. יעדעס באַשעפעניש וועט זיך שטעלן צום משפּט, אָפּצוגעבן חשבון פאַר יעדן כאַפּ און לויף, פאַר יעדן גלוסט און טראַכט.

אויפגעהערט האָט דאָס זומערדיקע צוויטשערן פון פייגל. אָנגעשטאַנען איז דאָס קראַקען פון שוואַרצע קראָען. איבער יעדן פלויט און צוים הויערן זיי, די קראָען און דערמאָנען אָן די נאָענטע, פאָרכטיקע טעג. האָבן יידן אויפגעשטעלט די קעלנערלעך, גענומען טלית און תפילין אונטערן אָרעם און, פאַרטאָג נאָך, פאַרן זעצן זיך צום וואַרשטאַט, פאַרן עפענען די קראָם, אוועק אין שול, אין בית המדרש, אין די שטיבלעך זאָגן סליחות, דאַוועגען מיט מנין און שוין באַצייטנס אָנהייבן דאָס לייטערן זיך פאַרן קומענדיקן יום הדין.

איז שוין צו די ערשטע סליחות די ראָדעמער שול געווען געפּאַקט און

געבלענדט מיט ליכט. די עלעקטרישע זשיראַנדאָלן פון די ווינקלדיקע הויכן אַראָפּ, די לאָמפּן אין ביידע זייטן אָרון־קודש, דער ששה נרות איבערן עמוד, די מנורה אויפן שולחן, אַלע האָבן זיי איצט געברענט און געבלענדט מיט פּאָרכטיק ליכט.

באַצייטנס שוין, לאַנג נאָך פּאַר האַלבער נאַכט, האָבן יידן אָנגעהויבן שטראָמען אין שול אריין, און איידער דער גרייזגרויער חזן, איינגעהילט אין פּאָרגעלטן, וואָלענעם טלית האָט פאַרהויבן דעם בליק צו די הייכן, צום *) אל מלך יושב על כסא רחמים, איז די שול געווען געפּאַקט קאָפּ אויף קאָפּ, פּנים אויף פּלייצע. ווי א געדיכט פעלד מיט זאנגען בעת אַ שטורעם, אַזוי האָבן די יידן זיך געוויגט און געשאָקלט און געבעטן דעם אַלמעכטיקן אין הימל: **) וזכור לנו היום ברית שלוש עשרה! און באַלד, האָפּערדיק, מיט פאַרטרויען אין דער הימלישער גערעכטיקייט, האָבן זיי, צוזאַמען מיטן חזן, אויסגערופן: ***) ויקרא בשם ה׳!

אין דער געדיכטעניש פון שול, אויבנאָן לעבן באלעמער, איז געשטאַנען נתן חיים. איינגעשרומפּן, נישט אָנצורירן, חלילה, קיינעם פון די חשובע באַלעבאַטים, וואָס זענען געזעסן באַקוועם אויף זייערע שטעט מיט די יחידישע שטענדערלעך צוגעבויגן צו זיך, איז ער געשטאַנען זייטיקלעך, געקוקט אין פרעמדן מחזור און זיך פרום מיטגעוויגט מיט דער גאַנצער עדה.

ער איז איצט געווען זייער שפּל ביי זיך, נתן חיים. מיטן עלטסטן ברודערס היינטיק אָוועקגעשיקט ווערן, צוזאַמען מיטן פאָלק, פון ראָדעם, איז אין אים שאַרפער געוואָרן דאָס געפיל פון פאַרלוירנקייט, נישט אַזוי די פיזישע פאַרלוירנקייט. נתן חיים איז נישט געווען פון די יינגלעך, וואָס די פרעמד שרעקט זיי. דאָס איז גיכער געווען יענע פאַרלוירנקייט, וואָס עס באפאלט א קינד, ווען עס זעט זיך פּלוצים ארום אז מיט יעדן טאָג ווערט ער אלץ מער און מער אָנגעוויזן אויף זיך אליין, אויף דעם אייגענעם באַראָט, אַז ער איז מער נישט געשיצט פון קיין טאַטן, פון קיין מאַמען, פון קיין עלטערן ברודער, אז אַלע וּוענט און אלע ווארעמקייטן, וואָס ער האָט געהאַט אַרום זיך, פאַלן פון אים אַוועק, טיילן זיך אָפּ און ער בלייבט אַליין, נאַקעט און אליין, אָן מינדסטן צוים און אָנשפּאַר קעגן דעם האַרטן ארום, קעגן דער קאַלטער פרעמדקייט, וואָס ווייעט אויף אים פון אַלע זייטן.

ער איז יענע נאכט וויניק געשלאָפן, נתן חיים. ס׳איז אים אויך נישט

---

*) גאָט דער קעניג, וואָס זיצט אויף דער שטול פון דערבאַרעמדיקייט.

**) געדענק אונדז היינט דעם בונד פון די דרייצן.

***) מיר רופן אין נאָמען פון גאָט.

געלעגן אין זין צו זיצןביים חלבן ליכטל ביז שפּעט אין דער נאכט אריין און זיך לערנען שרייבן, ווי ער טוט דאָס אלע נאכט. אין זיין פאַרלוירנקייט זענען ווידער אין אים שאַרפער געוואָרן די תרעומות צום טאטן, דער גורם פון זיין מוזן אזוי יונג זיין אַוועק פון דער היים, די תרעומות צו דער מאַמען, וואָס זי איז אזוי גיך מרוצה געוואָרן אויף זיין בלייבן אינדער־פרעמד, וואָס זי איז אפילו נישט געקומען צו אים ער זאָל קריק אהיימפאָרן.

אין זיין פאַרלוירנקייט, אין דער אינערלעכער נאַקעטקייט, אין דעם קינדישן דראַנג צו זיין פון עמעצן אָדער פון עפּעס געשיצט, האָט נתן חיים נאָך מער זיך גענומען טוליען אין דער פרומקייט, וואָס ער האָט מיט זיך געברענגט פון דער היים. ווי להכעיס דעם מיינסטער, מעכעלען, וואָס שלאָפט דאָרטן, אין אנדערן חדר אזוי געשמאק און עס פאלט אים אפילו נישט איין אַז ס׳זענען *) ימים נוראים, אז א ייד דאַרף זאָגן סליחות, איז ער יעדן טאָג אויפגעשטאַנען מיטן באַגין, ווען ס׳האָט קוים געבלויט אין די פענצטער און ווי נאָר ראָך, דער סטרוזש, האָט אָנגעבונדן דעם בולדאָג אויף דער קייט און געעפנט ס׳טויער, איז ער שוין, מיטן מיינסטערס תפילין אונטערן אָרעם, געלאָפן אין שול אריין דאַווענען און סליחות־זאָגן. ער האָט אויך נישט פאַרגעסן צו מינטערן דעם עלטערן ברודער:

— אברם יאַנקל, די פאַ׳קיק דעך ניש׳ אָף דאַאַן מיינסטע, בערעלע יאָסקעס איז אַ גנב, אַ זבראָדניאַזש, מעג ע׳ ניש׳ דאַוונע׳ אָבע׳ ניש׳ די.

— אין די וועיע׳ מיע׳ נאָ׳ ניש׳ קאַ צדיקל, — האָט דער ברודער אים צונישט געמאכט זיין גאַנצע פרומקייט.

פונדעסטוועגן, ווי אברם יאנקעלע האָט נישט פון אים חוזק געמאכט, זיך געגרויסט מיט זיין גרינגקייט צו פאַרפעלן א דאווענען, מיט זיין נישט וואשן זיך צום עסן און נישט בענטשן נאָכן עסן, איז ער דאָךביידע טעג ראש השנה גאַנץ שיין אָפּגעשטאַנען אין שול צוגלייך מיט אים, נתן חיימען און וואָס נענטער ס׳איז געקומען צו יום כפור, אלץ מער האָט ער זיך גענו־מען שרעקן פאַר אַ שלעכטן גזר.

לכתחילה האָט אברם יאנקל נישט געוואָלט זאָגן דעם קלענערן ברודערל פאַרוואָס ער איז אזוי באַזאָרגט, אזוי סמוטנע. פאָרט איז ער דער עלטערער! שטייט אים נישט אָן זיך צו פאַרטרויען פאַר א יונגערן ברו־דער. דערצו נאָך איז אים די בושה געווען גרויס און דער ווייטיק טיף. אין אלץ איז זיין מזל פינצטערער פון נתן חיימס. אין אלץ איז ער מער באַעוולהט. אזוי דאַוונט ער נישט, בערעלע יאָסקעס, פאַסט נישט קיין תענית, טוט אָפּ **) כל דבר אסור! נאָר כפּרות־שלאָגן היט ער אָפּ! האָט ער פאַר זיך גע־

---

*) פאַרכטיקע טעג.

**) אַלץ װאָס מ׳טאָר נישט.

קויפט א רויטן, גאלאגאנסקן האָן מיט א פייערדיקן קאַם און פּאַרן ווייב אַ ווייסע, פּעטע הון. אים אָבער, דעם געזעלן, האָט ער נישט געקויפט קיין כפּרה. וואָס אַרט אים, בערעלע יאָסקעס, אז ער, אברם יאנקל, וועט נישט האָבן קיין אָפּלייזער, אז ער וועט, חלילה, צוליב דעם, נישט אויסלעבן ס׳יאָר.

פּאַרטרויט נתן חיימען וועגן זיינע קלעמענישן, האָט אברם יאנקל דעם לעצטן אָוונט שוין, פאַר ערב יום כּפּור און דאָס אויך אינדרויסן, ווען דער וואָעל האָט געררישט און געזשומעט מיט פאַרשמייעטע יידן און יידענעס, ווען די געוועלבער זענען געווען פול מיט ערב־יום־טוב־קונים, ווען די שוחטים זענען שוין געשטאַנען אין זייערע שטעלעכלעך ביי אָנגעצונדענע קאַרביד־לאָמפּן, די חלפים צווישן די ציין, געפּליקט פעדערן פון די העלדז־געך, געשאָכטן פרי־אָפּגעשלאָגענע כּפּרות און זיי געוואָרפן אין די ווינקלען.

אברם יאנקלס פאַרטרויען זיך האָט נתן חיימען געברענגט טרערן אין די אויגן אריין. אברם יאנקלס ביטערע דאָליע נעבעך! אין אלץ איז ער געשטראָפט מער פון אים, נתן חיימען. אים איז איצט נישט באקומען דער האָן, וואָס וואַרט דאָרטן פאַר אים, אין שטוב, א געבונדענער. וואָרעם, ווי דער מיינסטער, א האלבער לץ וואָס ער איז, לאכט נישט אָפּ פון כּפּרות־שלאָגן, האָט דאָך די מיינסטעראָווע געקויפט כּפּרות סיי פאַר זיך און סיי פאַרן מאַן און סיי פאַר אים, נתן חיימען. אמת, זיך און דעם מאַן האָט זי געקויפט ווייסע עופות, שיינע, ריינע כּפּרות. אָבער אים, נתן חיימען אַרט נישט וואָס פאר אים האָט זי נישט געקויפט קיין ווייסן האָן, נאָר א גרוי־געפלעקטן. אים אַרט נאָר וואָס צוליב דעם כּפּרה־שלאָגן איז ער ביי דער מיינסטעראָווע אַראָפּגעפאלן פון דער מדרגה.

אַ פּשוט ווייבל, האָט זי, די מיינסטעראָווע, געמיינט אז ער, א יינגל מיט לאנגע פּיאות, אין א לאנגער קאַפּאָטע, וואָס האָט געלערנט אין בית המדרש, איז שוין א גאנצער רב און ער איז מחויב צו קענען פּסקענען שאלות.

אז זי האָט געקויפט די עופות איז זי געווען אין פאַרלעגנהייט: מעג זי שלאָגן כּפּרות מיט א הון? טאָמער טראָגט זי א יינגל?

נתן חיים איז פון איר שאלה צעטומלט געוואָרן. ס׳איז דאָך טאַקע א האַרבער ענין! די כּפּרה דאַרף דאָך מוציא זיין נישט נאָר זי, די מאַמע, נאָר אויך ס׳קינד. ווייזשע מעג זי שלאָגן כּפּרה מיט אַ הון? טאָמער איז ס׳קינד א זכר? זאָל זי ווידער שלאָגן כּפּרות מיט א האָן? איז זי דאָך אַ נקבה! און ס׳קינד וואָס זי טראָגט קאָן דאָך אויך זיין א נקבה?

אַז ער האָט נישט געוווּסט ווי צו פּסקענען איר די שאַלה, האָט זי אים געטאָן אַ שטופּ אָפּ פון זיך:

— גיי! אַבי איך האָב געמיינט די קענסט לערנען.

זי האָט דעם פּעטער כאַסקל אויך געפּרעגט די אייגענע שאלה. דער פּעטער כאַסקל, כאָטש ער האָט אויך נישט געוווּסט ווי צו פּסקענען, איז ער אָבער נישט געווען אין קיין פאַרלעגנהייט, ער האָט נאָר געשמייכלט אין דער באָרד אריין:

— אויף מיר די עבירה, — האָט ער איר געזאָגט. מעגסט גאַנץ וווּיל שלאָגן כפּרות מיט דער הון.

שטיל און פאַרזאָרגט איז נתן חיים געשטאַנען מיטן ברודער אין דער פינצטער, פארן טויער און זיך צוגעהערט צו זיינע קלעמעניש. ווי ער קען נישט דעם בערעלע יאָסקעס, האָט ער זיך דאָך נישט פאַרגעשטעלט ער זאָל זיין אזא אכזר? ס׳זאָל אים נישט אָנהייבן צו אַרן וואָס זיינס א געזעלן, א יינגל וואָס ארבעט פאר אים אזוי געטריי, זאָל נישט האָבן קיין כפּרה אויף יום כפּור? הלוואי וואָלטן נאָך היינט געווען די סטרייקער! ער אַליין, נתן חיים, וואָלט שוין איצט אוועק צו זיי און אלץ דערציילט! אמת, אים אליין, אויסצולייזן זיין הינטל, וואַצושן, פון הינטשלעגערס הענט, האָבן זיי, די לייזיקע פּאָלקעס, אין מאָדזשיץ, נישט געוואָלט העלפן. פאר אברם יאנקלען האָבן זיי זיך אָבער אָנגענומען און כל זמן זיי זענען געווען, האָבן די פליוקעס מער דעם ברודער נישט געשלאָגן.

ער האָט זיך געקראַצט אין קאָפּ, נתן חיים. נאָך גוט וואָס ס׳איז פאר האלבער נאַכט און ער האָט נאָך נישט אָפּגעשלאָגן כפּרות. ס׳האַרץ האָט אים געצויגן צו טרייסטן דעם ברודער: זאָל ער זיך נישט זאָרגן, ער האָט בערעלע יאָסקעס אינדערערד! אינדערהיים האָבן זיי בײדע געקאָנט שלאָגן כפּרות מיט איין האָן? קאָנען זיי דאָ אויך אַזוי טאָן. ווי אָבער קאָן ער דאָס זאָגן דעם ברודער? טאָמער וועט די מיינסטעראָווע פאריבל האָבן?

דערווייל איז מעכעלע, דער מיינסטער נתן חיימס, ארויסגעקומען פון טויער. ער האָט פאַרהאלטן דעם טראָט, און דורך דער פינצטער, האָבן די פולע ווייסלען פון זיינע לצאישע ציגיינער־אויגן, געטאָן א בליאסק אויף די צוויי ברידערלעך:

— וואָס שטייט מ׳ אזוי פאַרזוויערט? אַ שיף מיט הינער־דאָס איז אונטערגעגאנגען?

ער האָט געטאָן אַ שלעפּ־אַראָפּ נתן חיימען ס׳היטל איבער די אויגן, דער דאַשעק זאָל אים אַ קוועטש טאָן אין דער נאָז, ווי דאָס טוען געזעלן צו לערניינגלעך, וועמען זיי האָבן האָלד און זיך געלאָזט גיין איבערן וואָעל, מיט די צוויי בויגן־פּיס, ארויס צו דער לובלינער גאַס.

נתן חיימען איז איינגעפאלן אויף גיך ארייַנצולויפן צו דער מיינסטע־ראָווע. איצט, אז דער מיינסטער איז נישטאָ אין שטוב און ס׳וועט נישט זיין

ווער ס׳זאָל מאכן פון אים חוזק, וועט ער זי בעטן זי זאָל אים פּאָזוואָליען אברם יאנקל זאָל צוזאמען מיט אים שלאָגן כּפּרות איבער דעם האָן:

— האַ׳ דו אָף מיע׳ יעך קים באַלד צ׳ריק אַראָאָס, — האָט ער אַ זאָג געטאָן צום ברודער און פארשווּנדן אין טויער אריין.

פּערעלע, די מיינסטעראָווע, אין א ברייט, בלוי־געשלעקלט פארטעך איבערן הויכן בויך, האָט זיך ערב־יומטובדיק געפּאָרעט ביי דער פּליטע. א האלבן יום־טוב האָט זי שוין, דאנקען־גאָט, אריינגעפּירט אין שטוב אריין. די פּאָדלאָגעס אין פאָדער־שטוב און אין אלקער האָט שוין ער, נתן חיים, אָפּגעוואשן, אָפּפּאָטערירט און פאַרשפּרייט מיט זעק. אויך די פיש האָט ער פאר איר איינגעהאקט. איז זי איצט געזעסן רואיק לעבן דער פליטע, דאָס פיש־ברעטל אויף דער שויס און פּאָוואָליע געפּילט די פּיקן פיש און זיי געוואָרפן אין דער קופער פּאַן אריין, וואָס האָט געזעצט מיט פּאַרע, מיט זיסן ריח פון געקאָכטע רעדלעך מערן, פּעטרישקע, איינגעבריטע ציבעלעס. די עופות, אז מ׳וועט מיט זיי אָפּשלאָגן כּפּרות נאָך האַלבער נאַכט, קאָן זי זיי לאָזן געשאָכטענע ביז אינדערפרי. פיש אָבער איז בעסער אָפּצוקאָכן באצייטנס, די פיש־יויך זאָל קאָנען איינגליווערן איידער זי דער־לאנגט צום טיש. פאר א קאלט שטיקל פיש מיט געגליווערטע פיש־יויך וועט מעכעלע אויעקגעבן דעם טאַטן מיט דער מאמען. פון געוווינהייט איז דאָ, ביים דערמאָנען אפילו אין געדאנק די שוויגער, מעכעלעס מאמע, ס׳מויל אירס שוין גרייט געוועזן צו טאָן א פּאָר ארויס מיט איר: „יעך קען באשטיין" און נאָכשיקן איר א קללה, האָט זי זיך אָבער געכאפּט אז ס׳איז פאר יום כפּור און מ׳טאָרנישט שעלטן, האָט זי פארביסן די ליפּן און זיך אויסגעדרייט צום פּראָווינצערל, וואָס איז אריינגעקומען אין שטוב אזוי שטיל, ווי א שאָטן. אין זיין בלייבן שטיין אין מיטן שטוב ווי א ליימענער גולם, האָט זי גלייך פארשטאַנען אז ער וויל זי עפּעס פרעגן. זי קען שוין דעם קליינעם. אַזוי האָט דאָס נתן חיימל אַ פּיסקל אויף שרויפן, טאָמער אָבער דארף ער אָנקומען צו איר, אָדער צו מעכעלען נאָך עפּעס, קען ער ס׳מויל נישט עפענען:

— וואָס שטייסטו אינמיטן שטוב? וואַרטסט מ׳זאָל דיך אויסמעלקן?

נתן חיים איז געוואָרן רויט פון בושה. נישט נאָר דער מיינסטער, אויך זי, די מיינסטעראָווע, האָט א גרויס מויל. זי רעדט רייד וואָס פּאַסן נישט פאר א יידישער טאָכטער. אויסמעלקן גאָר! וואָס איז ער, א בהמה? אַ ציג?

— יעך, יעך, — האָט ער זיך גענומען קרעקן. — יעך וויל בעיטן די מיינסטעראָווע זאָל אזוי גיט זאַן מיע׳ לאָזן שלוגן כּפּרות מיט מאאן ברידע׳.

פּערעלע האָט אויסגעשאָסן אין א געלעכטער:

— וואָאָס? שלאָגן כּפּרות מיט דיין ברידער? כ׳האָב דאָך דיר געקויפט א האָן!

נתן חיים איז געוואָרן ווייס, דערשראָקן: אוי־ווי, דער שטן איז מקטרג! וואָס האָט ער דאָ געזאָגט! ער האָט גענומען שטאַמלען:

— חלילה, יעך מיין ניש׳ דוס, יעך מיין אינדז ביידע, מאאן ברידער מיט מיע׳ זאָלן שלוגן כפרות מיט מאַאַן הוען.

— מיט דיין האָן? — איז די מיינסטעראָווע געוואָרן ערנסט און אויפ־געהערט דאָס פילן די פיש. זי האָט אים אָנגעקוקט ווי זי וואָלט נישט פארשטאנען וואָס ער מיינט:

— וואָסי? זיין מיינסטער איז קראנק אים צו קויפן א כפרה? — זי האָט, חלילה, גאָרנישט געהאט קעגן דעם. וואָס אָרט עס דען זי? ס׳וועט דען עפּעס אָפּקומען פון האָן אז מ׳וועט אים דרייען ארום צוויי קעפּ? ס׳האָט זי אָבער געקרענקט וואָס אנדערע ברענגען זיך איין געלט. — זעסט שוין? — האָט זי גענומען אויסנוצן די געלעגנהייט צו לויבן איר גוטסקייט. — יעך האָב דיר יאָ געקויפט א שיינע כפרה!

נתן חיימען איז געוואָרן ענג אין האַלדז. ער האָט איר געוואָלט זאָגן אז אוודאי ווייסט ער ווי גוט מ׳איז דאָ צו אים, געראָט ער אָבער אריין אין זיין טאטן, וואָס קאָן נישט פארטראָגן ווען מ׳רעדט וועגן אים און נאָך ווייניקער קאָן ער פּאָטאָקעווען יענעמס רייד, העלפן יענעם זיך פּאַטשן אין בייכל...

— ני, וואָס שטייסטו? קענסט נעבעך נישט עפּענען ס׳מיילעכל? יעך קען באשטיין דיין ברידערס מיינסטער זאָל זיין דיין ברידערס כפרה.

— אוי! — האָט נתן חיים אַ ציטער געטאָן. — ערב יום כיפּור! מ׳טאָר ניש׳ שעלטן.

זי האָט אריינגעוואָרפן אַ פיק פיש אין דער פאַן און זיך ווידער אויס־געדרייט צום יינגל:

— מ׳מעג דען? צוויי ברידער מעגן שלאָגן כפרות מיט איין האָן?

— פאַ׳ווּס ניש׳? — האָט נתן חיים צוריקגעפרעגט.

— אז מ׳ מעיג, קען יעך באשטיין.

פאר זיין אָפּקומעניש איבערן כפרות־שלאָגן איז נתן חיימען באשערט געווען נחת ביים מתיר־נדר זיין זיך אינדערפרי, אין שול.

דער מעכעלע, גרינג אויף אלערליי פארבאָטענע טועכצער, איז נישט גערן געגאנגען אין שול אריין. ער האָט נאָר זיך פאררופן אויפן פעטער כאסקל. דער פעטער יחזקאל, ווי וויל ער האָט געהאט א שטאָט אין שול, געטראָגן א באָרד און געגאנגען אביסעלע איינגעבויגן, ווי דאָס איז די טבע פון די מערסטע יידן, איז ער אָבער קיין גרויסער דאַוונער נישט געווען. ס׳איז ביי אים רעכט געווען צו קומען אין שול נאָכן לייענען און גאנץ אָפט גאָרנישט קומען אויך. אויף א סך מנהגים און פירעכצער פון

די פרומע יידן, האָט ער געשמייכלט אונטער די וואָנסעס. ווען ס׳וואָלט זיך געווענדט אָן אים וואָלטן יידן זיך געמעגט באַגיין אָן כּפּרות־שלאָגן, אָן התרת־נדרים, און אפילו אויך אָן קדיש און אָן יזכור. האָט מעכעלע געהאלטן מיטן פעטער. אז דער פעטער יחזקאל, וואָס איז אזא גרויסער העברעער, זאָגט מ׳דארף נישט, ווייסט ער וואָס ער זאָגט! האָט ער אָבער חתונה געהאט און פערעלע, פונקט ווי די מומע רויזע, דעם פעטער כאַסקלס ווייב, זאָגט: דער פעטער כאַסקל איז זיך טאקע דער פעטער יחזקאל, אָבער אלע יידן פירן זיך אזוי, וויל זי איר מאַן זאָל זיך פירן ווי אַלע יידן!

— מאַאַן טאַטעשי איז געווען אַזוי היינטוועלטיש ווי דו, פונדעסטוועגן איז ער געגאנגען אין שול אריין, — האָט זי געזאָגט מעכלען.

ווי אין אלץ האָט איר מעכעלע אין דעם אויך נאָכגעגעבן. ס׳וועט דען פון אים עפּעס אָפּקומען אז ער וועט יאָ שלאָגן כּפּרות? אז ער וועט יאָ גיין אין שול אריין זיך מתיר נדר זיין? האָט ער זייטיקלעך געטאָן א ווינק מיט די שמאַדאַלסקע ציגיינער־אויגן צו נתן חיימען, גענומען טלית און תּפילין אונטערן אָרעם און אַוועק מיטן געזעלן אין שול אריין.

געוויינלעך, אין אלץ, האָט נתן חיים אַרויפגעקוקט צום מיינסטער. אין זיינע אויגן האָט מעכעלע אַלץ געוווּסט און אלץ געקענט. עפּעס איז ער דאָך געגאנגען אין א ניי־מאָדיש חדר, וואָס איז א חדר מיט א שקאָלע צוזאמען, אָט אַזאַ ווי דער פּורים־סוחר האָט אַמאָל געוואָלט איינפירן אין מאָדזשיץ, ווען זיי האָבן אראָפּגעברענגט דאָס ליטווישע מלמדל, א צלם־קאָפּ מיט א הארטן קאפּעליוש.

אין דעם ניי־מאָדישן חדר האָט דער מיינסטער געלערנט דקדוק! כאָטש וואָס דאָס איז אַזוינס דקדוק, האָט נתן חיים נישט געוווּסט. ער האָט אָבער יאָ געוווּסט וואָס דאָס מיינט אָנשרייבן אָן אדרעס אויף רוסיש און מעכעלע, דער מיינסטער זיינער, האָט אחוץ רוסיש אויך געקענט לייענען פּויליש און ער האָט נתן חיימען געלערנט אז די גוים ווייסן נישט פון קיין תשרי, חשון, כסלו. אז זיי, די גוים, האָבן אנדערע נעמען פאר זייערע חדשים, וואָס זענען נישט קיין לבנה־חדשים און אז יידן וואָס האַנדלען מיט ווארשע, מיט לאָדזש, דאַרפן אויסשטעלן די וועקסעלעך צו ווערן פעליק נישט פופצן טאָג אין אָדר, אָדער צען טעג אין תמוז, נאָר זיי ציילן לויט די גויאישע חדשים, אַ שטייגער: דעם 15־טן יאַנואַר, דעם 3־טן יולי, אָדער מ׳דערמאָנט גאָרנישט די נעמען פון די חדשים, נאָר מ׳שרייבט דעם 15־טן דעם דריטן, וואָס דאָס מיינט פופצן טעג אין חודש מערץ!

נתן חיים האָט געהאלטן אָפן מויל און אויערן. צוליב די חידושים און נאָך אזוינע ווייסעכצן, האָט דאָס יינגל געקוקט אויף דעם באלעבאָס נישט נאָר מיט קנאה און הכנעה, נאָר אויך מיט גרויס דרך־ארץ. האָט דאָס איצט, אין שול, ערב יום כּפּור אינדערפרי, דאָס רעדעלע זיך געדאַרפט איבער־

דרייען. מיטאיינמאָל האָט נתן חיים זיך ארומגעזען אז נישט אין אלץ דארף ער זיך פילן געפאלן פאַר זיין מיינסטער. אין שרייבן, אין לייענען רוסיש און פויליש, אין חשבונען, אין דעם אַלץ מעג זיך טאַקע דער מיינסטער גרויסהאַלטן. אין עברי אָבער, פשוט, זאָגן א שטיקל עברי, אין דעם האָט ער זיך גאָרנישט מיט וואָס גרויסצוהאלטן. אין אשרי אָדער א שטיקל שמונה עשרה, דרייט זיך מסתמא די צונג ביי אים נישקשה, אָבער אין דער עברי פון התרת נדרים, איז אַ גרויס רחמנות אויף אים. די צונג זיינע האָט זיך דאָ געשלעפּט, ווי להבדיל, א פגירהדיק פערד געשפאנט אין א שווערן וואָגן איבער א זאַמדיקן וועג.

ווי איינער פון די צוויי מתירים, האָט נתן חיים מיט פרייד אין הארץ זיך איינגעהערט ווי דער מייסטער צעקאַליעטשעט די עברי. ער האָט דערביי געטראכט פון טאטן, פון אבעלען. זיי זענען געווען גערעכט ווען זיי האָבן געשריגן אז דאָס ליטווישע צלם־קעפּל האָט נישט אין זין צו לערנען מיט די ייִנגלעך יידישקייט, נאָר ער קלאַפּט זיי אין קאָפּ אריין די רוסישע מעשה מיטן זיידן און די באָבע און דאָס אייניקל און זייער הונט, וואָס אַלע שלעפּן זיי א ריבל פון דער ערד און זיי קאָנען עס נעבעך נישט ארויסשלעפּן. אָט זעט ער טאקע, פונקט ווי מעכעלע, האָבן די ייִנגלעך ביים ליטווישן מלמד נישט געקענט קיין שייטל עברי. ער האָט זיך קוים דערוואַרט אויף זיין ריי, נתן חיים.

דער טאטע זיינער האָט זיך טאקע געצאַפּלט, מורא געהאט אז ער קען נישט רעכט דאַווענען, ער אָבער, נתן חיים, האָט דאָך יאָ געוווּסט וואָס ער קען. דעם מעכעלען האָט מען אפשר אין דעם ניימאָדישן חדר געלערנט העברעיש, אָבער ער זעט איצט אז ער, נתן חיים, מיט זיין חדרדיקן לשון קודש, פאַרשטייט בעסער *) פירוש המלות פון מעכעלען.

ווי וויל ער האָט געוווּסט אַז גרויסהאַלטן זיך איז אַ זינד, בפרט אין לערנען, דערצו נאָך ערב יום כפור, פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט גע־קאָנט באַהערשן. דער דראַנג פון ייִנגל אין אים, מיט עפּעס זיך ארויסצו־הייבן פון שפלות, אין עפּעס צו זיין העכער, צו קענען בעסער פון מיינסטער, איז איצט געווען אין אים שטאַרקער איידער די מורא פאַר זינד.

אין זיין איצטיקן אויפזינגען הויך, דרייסט דעם: **) שמעו נאָ רבותי דיינים מומחים, האָט ער געפילט, ליגט א סך פון זיין דאָברע־מזל ביים מיינסטער. מעכעלע וועט פון איצט אָן גאָר אנדערש קוקן אויף אים, ער וועט מער נישט זיין ביי אים: „דאָס אָרעמע פּראָווינצערל נעבעך".

---

*) טייטש פון די חערטער.

**) הערט, איך בעט אייך מיינע הערן, ריכטער געניטע.

נתן חיים האָט איצט נישט סתם געזאָגט דעם התרת נדרים. ער האָט יעדעס וואָרט געציקלט, ווי א קינסטלער רעציטירט א פּאָעמע, ארויסברענ־גענדיק יעדן קנייטש און געקלאָג פון יום כפּורדיקן פּיוט. נישט בלויז פּירוש המלות, יעדער מיין און זין אין דעם התרת נדרים האָט ביי אים אויפגעלעבט.

נישט נאָר מעכעלע, אויך דער צווייטער מתיר, אַ חסידישער ייד, מיט א לאנגער, שווארצער באָרד, א הדרת־פּנים, האָט זיך צוגעהערט מיט מויל און אויערן. ווען ער איז געקומען צום סוף און אויסגעציקלט דעם לעצטן *) אתרחטנא בהון מעתה ועד עולם, האָט אים דער ייד געטאָן אַ קניפּ אין בעקל:

— שיין, זייער שיין. בא וועמען האָסטי געלערנט? אזוי? ביסט נישט קאַ היגער? ני, וואָס אַ חילוק? האָסט געהאַט גוטע רביים.

*) מיר האָבן חרטה פון איצט ביז אייביק.

# קאַפּיטל נײַנצן

ערב יום כּפּור האָבן יידישע באַלמעלאָכעס נישט געאַרבעט. דעם אָוונט פריִער, לאַנג נאָך פאַר כּפּרות־שלאָגן, זענען שוין די וואַרשטאַטן פאַררוקט געוואָרן אין די ווינקלען, די מאַשינען איבערגעדעקט מיט ווייסע ליילע־כער, ווי אויף שבת. דער גאַנצער טאָג פון ערב יום כּפּור איז געווען א מין יום־טוב־אינדערוואָכן, אַ מין חול המועד. מ׳איז אַרומגעגאַנגען ליידיק אָבער אָן דעם גרינגן חול־המועד־געמיט. מ׳האָט זיך נישט געלאָזט וווילגיין ווי אין חול המועד. מ׳איז נישט געפאָרן צוגאַסט, מ׳האָט נישט, פון פאַרגעניגן וועגן, אַרומגעפּאַטשט אין דראָזשקעס, נישט געזעסן אין די ווײַן־שענקען טרינקען מעד, ווײַן, ווי אין די חול המועדן. פאַרקערט, די געמיטער זענען געווען שווער, מ׳איז צוריקגעגאַנגען אינדערפרי פון דאַווענען מער געבויגן, פאַרטראַכט, אָן געאײַל, אָן דעם יום־טובדיק פריידיקן גערויש. דאָס שטיין אינדערפרי אין מקום קדוש פאַר צוויי מתּירים און זיך מודה־זיין אויף אַלערליי שבועות, נדרים, אסורים, וואָס מ׳האָט *) ביודעים, אָדער בלא יודעים גענומען אויף זיך דאָס גאַנצע יאָר, אָט דאָס אַלץ האָט שוין באַ־צײַטנס אָנגעיאָגט אויף יעדן איינעם דעם הויך און פלאַטער פון יום הדין, פון משפּט, וואָס וועט זיך אָנהייבן שוין ביי מנחה און נישט אויפהערן דעם גאַנצן אָוונט און דעם גאַנצן טאָג מאָרגן, ביז נאָך זון־פאַרגאַנג.

ס׳פרימאָרגנדיקע אָנבייסן איז טאַקע געווען יום טובדיק, ביי ווייס־געדעקטע טישן. מ׳האָט געמאַכט שהכּל איבער אַ קעלישעק אָקעוויט, מ׳האָט זיך געוואַשן צו א פרישער חלה, א גלאַנציק־אויסגעברויינטע, א רונדע, מיט א קנופּ ווי א פויגל פון אויבן, א רמז אַז פּונקט ווי א פויגל, וואָס פליט הויך און גרינג, אַזוי זאָלן אויך די תּפילות פליִען לייכט און הויך אין די הימלען אַריין. מ׳האָט געגעסן געפילטע פיש, קרעפּלעך מיט יויך, אַ שטיקל עוף פון די אָוועקגעמאַכטע כּפּרות, מערן־צימעס, אָבער גלייך נאָכן בענטשן איז אַוועק דאָס לייכט יום־טובדיקע געמיט און ס׳איז צוריק אָנגעשטאַנען די פאַרטראַכטקייט, דער טרויער, די שרעק פאַר א שלעכטן גזר דין.

אָט די שרעק, די פאַרטראַכטקייט, האָט גיך פאַריאָגט פון נתן חיימס

---

*) חיסנדיק אָדער נישט חיסנדיק.

געמיט דאָס ביסל פריידיקייט, דאָס יינגלשע גרויסן זיך, וואָס איז אָנגע־שטאנען אין אים אינדערפרי, אין שול ביי התרת נדרים. אפשר אינדערהיים, ווען ער האָט נאָך נישט געהאט דאָס דריקנדיקע געפיל פון אליינקייט, ווען ער האָט נאָך נישט געטראָגן אויף זיך די גאנצע אחריות פאַר זיין יעדן טראָט, וואָלט ער אוודאי געכאַליעט אין זיך די בארוישונג און נישט געלאָזט אזוי גיך אויסוועפן דאָס זיסע געפיל פון וויכטיק־זיין, פון נישט זיין ביי זיך אזוי שפל. דאָ אָבער, אינדערפרעמד, בפרט נאָך איצט, אין דער אימה פאַרן יום הדין, האָט ער גיך זיך אויסגעטשוכעט פון דער שיכרות פון גרויסהאלטעריי. פסוקים, וואָס האָבן געוויינלעך גאָרנישט געמיינט פאַר אים, זענען איצט אים אָנגעלאָפן אין מוח מיט אימהדיקער שארפקייט: מה אָנו? מה חיינו? וואָס זענען מיר? וואָס איז אונדזער לעבן?

געארבעט ערב יום כפור האָבן יידן טאַקע נישט, אָבער געהאלטן אָפן די געוועלבער, די געשטעלן אין מארק, דאָס האָט מען יאָ. די פרומע יידן האָבן צוגעמאכט די קראָמען אין האַלבן טאָג, אנדערע האָבן זיי געהאלטן אָפן אביסל לענגער. מ׳איז שוין טאַקע געווען צוריק פון מרחץ, פון דער מקוה, מ׳האָט שוין געהאט איבערגעטאָן וועש, אַ פריש־געפּרעסט העמד, אַ שניפּסל, אַ יום־טובדיק בגד, אָבער מ׳האָט נאָך געטאָן וואָכעדיקן מסחר. מ׳איז געשטאַנען אין דער אָפענער קראָם־טיר, אויפן בריקל, אויסגעקוקט אַ קונה, געקויפט, פאַרקויפט.

אויך נתן חיים איז געשטאנען פארן טויער. נאָכן יום־טובדיקן מאָלצייט האָט אים דער מיינסטער אַרויסגעשטעלט היטן, טאָמער ווייזט זיך אַ קונה. אז מ׳היט נישט, שלעפּט אַן אנדער היטלמאַכער דעם קונה צו זיך. אפילו די מאמע זיינע, מעכעלעס, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, טוט דאָס אייגע־נע, אויב נאָר קיינער זעט נישט. איז ער געשטאַנען, נתן חיים, און געקוקט אויפן ערב יום־טובדיקן וואָעל. דער ראָד, רעכטס־צו, אַ געביי ווי אַ ריזיק, גרויס איי, האָט שוין באַצייטנס אָנגעהויבן זיך צו פאַרמאַכן. ביסלעכוויז האָבן יידן אראָפּגענומען פון די געוועלב־טירן די ארויסגעהאָנגענע שטרוי־געפלאָכטענע קערב, בעזעמער, פאַרביקע קאָפּ־טיכלעך, אַן אָפּגענוצטן גאַר־ניטער און דאָס אַלץ געטראָגן אינעווייניק, אין די געוועלבער אריין. אַנדערע האָבן געשלעפּט שטויסן ביכער, קעסטלעך אייזנוואַרג, קופּערטלעך, אַלט מעבל, אַראָפּ אין די קעלערן אריין. אויך די זיצערקעס אַרום די שפּייז־ און פרוכט־געשטעלן אין קעגנאיבערדיקן מארק זענען שוין געווען אומרואיק מיטן געפלאָטער פון ערב יום כפור. זיי האָבן נאָך געהיטן דעם דורכגייענ־דיקן קונה, געטריבן די פליגן, אָבער זייערע קעפּ זענען שוין געווען אין די היימען, ביים אָנטאָן אַ קינד, ביים צוגרייטן ס׳מאָלצייט צום פאַרפאַסטן.

נתן חיים, ווי וויל ער האָט געהאט די אויגן ארום, אויפן וואָעל, איז אָבער דער קאָפּ זיינער געווען אין שטוב. איידער דער מיינסטער האָט אים

אַרויסגעשיקט פאַרן טויער, איז דער פעטער כאַסקל געהאַט אַריינגעקומען. ער איז איצט נישט געווען דער וואָכעדיק־פאַרמעליקטער ייד, וואָס האַנדלט מיט תבואה. אַ יום־טובדיקער, די באָרד ציכטיק אויסגעקעמט, אין געפּוצטע שטיוולעטן, אין א העל־גרויער, געהאַקטער קאַפּאָטע, אונטערגעקירצט אַביסעלע, אין א קאשקעטל מיט א זיידן בענדל איבערן דאַשעק, איז ער זיך אַריינגעקומען אַזוי רואיק, שמייכלדיק, אָן אַ סימן פון יום כּפּורדיקן פלאַטער אין זיינע קלוגע, גרויע אויגן.

פון די געציילטע ווערטער וואָס ער, נתן חיים, האָט נאָך אויף איין פוס באַוויזן צו כאַפּן, האָט ער פאַרשטאַנען אַז דער פעטער יחזקאל איז דאָ געקומען, ווי דער שטייגער איז, ערב יום כּפּור, זיך אריינצולייגן אין אַ שלום צווישן מיינסטער און זיין מאַמע. טאַקע, וויפל איז דער שיעור צו זיין ברוגז? צו טראָגן א שנאה, א כעס. ער, דער פעטער יחזקאל, וואָלט עס אפשר נישט געטאָן. וואָס איז ער? א רודף שלומניק? ער אליין קען די שוועגערין זיינע, די דבורהלע שליאָך, נישט פאַרטראָגן. אַ יידענע — אַ מרשעת; אַ פּיסק, ווי אַ פּאָמעשאף! ער טוט דאָס אָבער דעם ברודער צוליב. א זקן ביי די שמונים שוין, בעט ער זיך שוין וואָכן ביי אים: כאסקל טו מיר צוליב. זע זיך מיט מעכלען. זאָל ער ערב יום כּפּור קומען דער מאַמע ווינטשן א גוט יאָר. אמת טאַקע, געדארפט וואָלט זי, דבורהלע שליאָך, גיין צום זון אין די זאָקן און פאַלן אים צו די פיס, ער זאָל איר מוחל זיין די בושות, וואָס זי האָט אים אָנגעטאָן, די קללות, וואָס זי שיקט נעבעך אויף אים, איז זי דאָך אָבער א מאַמע, קומט דאָך איר כיבוד אם! איז ווי לאַנג איז דער שיער? ער איז דאָך אַן אַלטער מאַן! ער וויל זייער נישט גיין אין קבר אין אַזאַ ברוגז, אין אזא כעס און האַס אין דער משפחה.

נתן חיים איז געווען זיכער אז ביים מיינסטער וועט דער פעטער יחזקאל גלייך פּועלן. ער איז א גוטער יונג, ער קאָן גאָרנישט טראָגן קיין שנאה. ער האָט טאַקע ליב צו מאכן א הלצהלע אויף יענעמס חשבון, אָבער א קללה? אַ בייז וואָרט? חלילה! געפינט ער זיך אָבער, דער מיינסטער, צווישן צוויי פייערן. פון איין זייט די מאַמע זיינע מיט די שוועסטער. ער האָט גאָר מורא אהינצוגיין. די מאַמע קאָן אים נאָך געבן צוויי פּעטש אויך און די שוועסטער קאָנען אים נאָך אַרויסטרייבן מיט א בעזעם. וואָס וועט ער טאָן? צוריקשלאָגן זיי? צוריקשלאָגן די מאַמע? פון דער אנדערער זייט איז פערעלע. ווי נאָר ער האָט מיט איר חתונה געהאַט, האָט דאָס רייסעניש איבער אים זיך נאָך מער פארשטאַרקט. זי, פערעלע, וויל גאָר־נישט ער זאָל זיך איבערבעטן מיט דער מאַמען. זיי, די מאַמע מיט די שוועסטערן, ברענען איר די טריט און זי, ווען ער איז נאָר נישטאָ דערביי, פאַרשעלט זי זיי ס'געביין. אפילו איצט, ערב יום כּפּור, איידער ער האָט

נאָך רעכט צייט געהאט צו זאָגן דעם פעטער צי ער וועט יאָ אָדער נישט גיין צו דער מאַמען, איז זי שוין ארויס מיט אַ געבייזער:

— איך וויל נישט די זאָלסט גיין! — שטילערהייט, כאָטש ס'איז ערב יום כפור ווען מ'טאָר נישט שעלטן, האָט זי זיך דאָך נישט איינגעהאַלטן און צוגעלייגט: — כ'קען באַשטיין זיי זאָלן אלע גיין אויף קוליעס!

דער פעטער יחזקאל איז געזעסן אנטקעגן מעכלען, ביים ווייס־געדעקטן טיש, געזופּט די הייסע, פינקלדיקע טיי פון אַ געשליפן גלאָז, זיך צוגעהערט צו די טענות. ווער־ווער, ער פאַרשטייט גאנץ ווויל דעם ווייבלס תרעומות, די שנאה צווישן דער שוויגער און שנור. די דבורהלע, אויף איבער צוואָנציק יאָר יינגער פון ברודער זיינעם, האָט זי אים קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר קיין מאן, געהאט מיט אים קינדער און אים מבטל געווען. ווי נאָר מעכעלע, איר בכור, איז אביסל אונטערגעוואַקסן, איז ער שוין ביי איר געווען דער קאָפּ פון דער משפּחה. מיט אים איז זי געפאָרן קיין ווארשע נאָך סחורה, מיט אים איז זי געגאַנגען צוגאַסט. ווער שמועסט נאָך שפּעטער, ווען ער איז געווען אַ יאָר זעכצן, איז ער שוין געוואָרן דער גאַנצער מיינסטער אין ווערקשטעל, קומט אַ פרעמדע מויד און נעמט אים אַוועק פון איר. אַיי דער יונג איז שוין געווען אכטאונדרייסיק יאָר אַלט און ס'איז געווען די העכסטע צייט פאַר אים חתונה צו האָבן! ער האָט זיך אויסגעדרייט צו דער פּליטע, דער פעטער כאַסקל, ווו פּערעלע איז געזעסן אויפן טאַבורעט און געפּאָרעט זיך, געשאָבן מערן, אָפּגעשוימט מיט אַ לעפל די יויך:

— זעסטו, פּערעלע, דאָס איז נישט רעכט, — האָט ער גוטמוטיק גענומען רעדן צו איר. — די מאַמע מעג טאקע זיין וואָס אין דער קאָרט, איז זי פּאָרט אַ מאמע און מעכל איז איר זון און צווישן אַ מאמע מיט אַ זון דארף מען זיך נישט מישן.

— ער איז אָבער מיין מאן! — האָט זיך פּערעלע געטאָן אַ דריי אויס מיטן פּנים צום טיש מיט רוגזה.

— אוודאי איז ער דיין מאַן ביז הונדערט און צוואָנציק יאָר. קיינער נעמט אים, חלילה, ביי דיר נישט צו. איך מיין נאָר אז אונטערבלאָזן אַ פייער צווישן אַ מאמע און אַ זון איז נישט רעכט, בפרט ערב יום כפור.

— מעכל האָט זיין מאמען נישט געטאָן קיין שלעכטס. די שוויגער וואָלט געדארפט קומען אין די זאָקן פאַלן פאַר זיינע פיס. אזא זון ווי מעכל...

— אמת, אמת, — האָט דער פעטער יחזקאל איר איבערגעריסן ס'מענה־לשון. — ס'פּירט זיך אָבער נישט אז אַ מאמע זאָל גיין איבערבעטן אַ זון. — ער האָט אָפּגערוקט פון זיך דאָס ליידיקע גלאָז מיטן טעצעלע און זיך געווענדט צום ברודערן־זון, גלייך זי, דאָס ווייבל, וואָלט גאָר דאָ נישט געווען: — איך מיין, מעכל, זאָלסט פאר מנחה אריינגיין צו דער מאַמען אָנווינטשן איר אַ גוט־יאָר און זאָל נעמען אַ סוף צו די קריגערייען!

דעם פעטער יחזקאלס קומען דערמאָנען דעם מיינסטער צו גיין אָנווינ־
טשן דער מוטער אַ גוט יאָר, האָט נתן חיימען דערמאָנט אז אויך ער דאַרף
גיין צום קוזין אברהם. ווי וועט ער קאָנען בעטן ביים רבונו של עולם מחילה
וסליחה אז ער גייט נישט מוחל זיין אייגן בלוט און פלייש, האָט ער דאָס
איצט געוואָרט אויפן ברודער, זיי זאָלן ביידע אהינגיין צום קוזין אברהם
אָנווינטשן אַלעמען אַ גוט־יאָר.

ווי דער ראַד אויפן וואָעל אזוי האָבן די האליעס אויפן ראַטשעל זיך
גענומען פארמאכן באַצייטנס אויף פרעגנטן און שלעסער. די געשטעלן פון
די קצבים און פישער האָבן זיך נאָך געהאט אָפגעליידיקט אינדערפרי.
הינט און קעץ זענען איצט ארומגעשפרונגען אויף זייערע טישן און קלע־
צער, געלעקט די פייכטקייטן, וואָס האָבן נאָך געשמעקט מיטן ריח פון
בלוט, פון פיש. אויפן ברוק, אַרום די האלעס, האָט זיך געוואַלגערט דאָס
אָפפאַל פון גרינס, פון אויבסט, דאָס מיסט פון פערד.

דעם קוזין אברהמס געוועלב איז שוין געווען האַלב־פארמאכט. א האלבע
טיר נאָר איז נאָך געווען אָפן. דער קוזין אברהם, אין א וואָכעדיק כאלאטל
איבער די שבתדיקע הויזן־וועסט, אין א פריש געפרעסט העמד מיט אַ
שוואַרץ שניפסל, אין סאמעטענעם קאַפּל אויפן קאָפּ, די שוואַרצע באָרד
ברייט צעקעמט, איז געשטאַנען אומגעדולדיק לעבן אַ באָרוועסן פויער, א
פארשפעטיקטער קונה אין א שווער זאַק־העמד איבער די גרוי־לייוונטענע
פלודערן. אין דער לינקער האנט האָט דער פויער געהאלטן די בייטש און
אין דער רעכטער — אַ קעסטעלע שוואַרצע סמאַרווידלע. ער האָט געקוקט
אויפן קעסטעלע שמירעכץ, געקנייטשט דעם פאַרזאָרגטן שטערן און אַלץ
נישט געקאָנט ביי זיך אָפּפאַסן וואָס צו טאָן. ער דאַרף די שמירעכץ פאַר די
רעדער, ער דאַרף אָבער די פאַר גראָשן אויף זאַלץ.

— זעי נאָ׳ וועיע׳ ס׳אי׳ דו! — האָט דער קוזין זיך דערפרייט ביים
דערזען די צוויי ברידערלעך אין דער האַלב־אָפענער קראָם־טיר. — שלום־
עליכם, — האָט ער צום ערשט אויסגעשטרעקט די האנט צו נתן חיימען,
ער איז דאָך טאַקע א גאסט!

— וואָס סמאַרגאָליעט מ׳דאַרטן? האָט דער פויער אויסגעקערעוועט
דעם רויטלעך־געלן, צעקודלטן קאָפּ, בייז וואָס מ׳רעדט הינטער זיין פלייצע
דאָס זשידאָווסקע לשון, וואָס ער פאַרשטייט נישט. אַמאָל וואָלט אזא כאַם
אזוינס נישט אונטערגעשטעלט זיך אין אַ יידיש געוועלב. היינט אָבער, זינט
דער באָיקאָט האָט זיך צעפלאַקערט און אַ ייד דאַנקט גאָט אז אַן ערל
וויזט זיך אריין אין קראָם, מיינט אזא כאַם אז ער קויפט דעם ייד אָפּ מיט
די זעקס גראָשן לייזעכץ.

— נישט דיין געשעפט און מיש דיך נישט אריין! — האָט דער קוזין

אים געטאָן א שניט אָפּ אויף פּויליש. מיטן גאנצן אויסקוקן אַ גילדן לייזעכץ, איז דער קוזין אברהם נישט ווי אנדערע געוועלבניקעס, וואָס נעמען אראָפּ ס׳היטל פאַר אַ ליאַדע כאַם. דער קוזין אברהם קאָן נאָך היינט אָננעמען אַ גוי ביים קאָפּ און אים ארויסשליידערן פון געוועלב. ער האָט אויסגעשטרעקט די האנט צום פּויער: — ווילסט קויפן, קויף! אז נישט, טראָג זיך! כ׳דאַרף פארמאכן ס׳געוועלב און גיין אין בוזשניצע!

— גיי, ווער האַלט דיך! — האָט דער פּויער אים צוריקגעגעבן ס׳קעסטל שמירעכץ.

— מיטן ראָש אין דער אדמה! — האָט דער קוזין אים נאָכגעווינטשן און פאַרמאַכט ס׳געוועלב הינטער אים.

— ני, קימטס אַראאן אין שטיב, — האָט ער גענומען גיין אין דער טונקלקייט און די צוויי יינגלעך הינטער אים. אין הינטער־געוועלב נאָך האָט ער אריינגערעדט אין שטוב אריין:

— זעסט, שיינדעלע, כ׳אָ׳ דיע׳ געזוגט א׳ די ברידע׳לעך ׳עלן האַנט קימען. פאָרט ערב יום כפּור!

— געסט, געסט, — האָט זיי שיינדעלע אָקעגנגעשיקט איר קאָלט שמייכעלע.

שיינדעלע, אין א ווייסער האַלקע מיט שפּיצעלעך ארומגעזוימט, אין א ווייס סטאַניקל אָן ארבל, אן ענגס ארום די פולע, נאקעטע אָרעמס און נאָך ענגער איבער די פולע, אָנגעקוואָלענע בריסט, איז געזעסן אויף אַ טאַבו־רעט און געצוואָגן עלקעלען, דאָס צען־יאָריקע טעכטערל, א הויכס, א דינס, ווי א יונג, שלאַנק סאָסנעלע. זי האָט געהאלטן דאָס מיידעלע צווישן אירע פיס. דאָס פנימל אויף איר ביוסט, צענומען איר די שוואַרץ־גלאַנציקע האָר אין אַ שרונט און איר פאַרפלאָכטן צוויי לאַנגע דיקע צעפּ מיט צוויי רויטע, אַטלאַס־שלייפן אין זיי. דערביי, ווי שטענדיק ווען עמעצער קומט צו איר אומגעריכט, האָט זי, קוקנדיק אויף די צוויי יינגלעך, געביסן די אונטער־שטע ליפּ.

— יעדן האָ׳ ניש, געמיינט, חלילה, דיך צ׳אָבראַזשען, — האָט זי געזאָגט צו נתן חיימען, וואָס איז נאָך אלץ געשטאַנען מיט דער פּלייצע אויף דער קיך־טיר.

— ני, ני, — האָט דער קוזין גיך איבערגעהאקט דעם ווייב די רייד. אז דער קליינער איז שוין יאָ געקומען, וויל ער נישט שיינדעלע זאָל אויפ־ראָיען וואָס עס איז געוועזן.

ער האָט אין קיך אויסגעטאָן ס׳פאַרמעליקטע כאַלאַט. די גאָלדענע קייט איבער דער גאנצער ברייט פון שווארץ־אַטלאסענעם וועסט, האָט

געטאָן א בליאסק אין די אויגן. א יום־טובדיקער שוין איז ער אריין אין אַלקער, א ליכטיקע, זון־פארפלייצטע שטוב.

— משהלע! — האָט ער געררופן אין קיך אריין, — גי׳מע׳ דאָרטן דעם מערזשע׳.

דער צוועלף־יאָריקער בכור, אַן אויסגעצוואָגענער שוין, מיט אַ ווייס שרונטל אין דער לינקער זייט פון זיין שוואַרץ־געקרייזלטן קאָפּ, אַן אָנגע־טאָענער אין א יום־טובדיק גארניטערל, מיט א שווארץ־ריפסן שניפּסל אונטערן ווייסן העמד־קעלנערל, האָט אין קיך־ווינקל גענומען דעם מעשע־נעם מערזשער, א פריש אָפּגעפּוצטער, א גלאַנציקער, א פולער מיט געל זאמד און אים צוגעטראָגן צום פאָטער, ביים ווייס־געדעקטן טיש.

— נישט אויפן טישטעך! — האָט שיינדעלע נאָכגערופן און שוין איז זי אין ווייסן אונטערקליידל געטאָן אַ פלי אין די רויטע לעטשעלעך אויף די באָרוועסע פיס, אַראָפּגענומען פון דער וואנט א בלישטשענדיקע, מעשע־נע טאַץ און זי אַריינגעשיקט אין אַלקער מיט דער קליינער פּערעלע, אַ זעקסיאָריק מיידעלע מיט גרויסע, שוואַרצע אויגן און לאַנגע צעפּ ווי עלקעלעס.

דער קוזין אברהם האָט אַוועקגעשטעלט די טאַץ אין מיטן טיש, אויף איר דעם מערזשער, געמאכט א לאָך אין פייכטן זאמד און אהין אַריינגע־שטעלט אַ דיק סטעאַרינאָווע ליכט, וואָס האָט אים געגרייכט איבערן קאָפּ אריבער. נאָך אזא גרויס נשמה־ליכט האָט ער געלאָזן אין פאַפירענעם העמדל, אויפן בעט, גרייט עס מיטצונעמען אין שטיבל אַריין און עס דאָרטן אריינשטעלן אין לאנגן קאסטן מיט זאמד, וואָס שטייט איבער דער גאַנצער לענג פון טיש, פול מיט נאָך אזעלכע הויכע, אָנגעשטעלטע ליכט, וואָס ברענען פון פאר כל נדרי ביז צומאָרגנס נאָך נעילה.

— ווּס שטייט עץ אין קעך? — האָט שיינדעלע ווי ערשט איצט דער־זען די צוויי יינגלעך. — גייטס וואאטער. זי האָט זיך אָפּגעוואַשן די הענט, וואָס האָבן געשטינקען פון נאפט, נאָכן צוואָגן די קינדערס קעפּלעך און ארויסגענומען פון פארשלאָסענעם קרעדענץ קיכעלעך, מאנדל־ברויטלעך, אַרויפגעלייגט אויפן טעלער אויך עטלעכע פלוימען, גרויסע, אָפּגעטונקענע אין טוי. זי האָט אונטערגעטריבן די יינגלעך. — קימטס צים טיש, — און אוועקגעשטעלט פאַר זיי דעם טעלער מיט כיבוד. דערביי האָט זי געטאָן נתן חיימען א פעטשל אויפן אקסל:

— ׳אָסט שוין איינמאָל א האָנעירל.

סיי פון פעטשל, סיי פון איר זאָג, האָט נתן חיים געפילט אז זיין דעמאָל־טיק זיך אָפּטראָגן פון דאנען האָט זי שטארק פארדראָסן. ער האָט אָבער אויך געפילט פון דעם פעטשל אז זי איז נישט אין כעס, פאַרקערט, זי האָט אים אפשר האָלד פאר זיין האָנעירל, פאר זיין האלטן זיך אין דער מדרגה.

אויף דער זעלבער טאָג, לעבן מערזשער מיטן גרויסן ליכט, האָט דער קוזין אברהם ארומגעשטעלט צוויי זילבערנע און פיר מעשענע לייכטער, אריינגעטריפט אין זיי די בענטש-ליכט, א ליכט פאר יעדן אין דער משפּחה, דערביי האָט ער געמינטערט די צוויי ברידערלעך וואָס זענען געזעסן ביים טיש ווי פרעמדע:

— ני, וואָס זיצט עֶך? נעמטס עפּעס.

נאָך אברם יאנקלען האָט ערשט נתן חיים זיך אונטערגעשטעלט און אויף גענומען א מאנדל־ברויטל. אין מיטן כראָמשקען דאָס באטעמטע קיכעלע, האָט ער זיך גוט ארומגעקוקט אין דער שטוב, וואָס ערשט ס׳ערשטע מאָל אַז ער איז דאָ. קודם האָט ער געזען אַז שיינדעלע האָט שוין נישט דעם גרויסן בויך. אז זי האָט געהאט א מיידעלע האָט אים נאָך אברם יאנקל געזאָגט מיט וואָכן צוריק. ער האָט אויך געזען אז כאָטש די שטוב דאָ איז א גרויסע, מיט צוויי פענצטער, הויכע, מיט שיינע, טיולענע גאַרדינען, און פול מיט זון, ווי די סאָליעס ביי שמחהלע פּוטערפּליאם אין מאָדזשיץ, איז ער אָבער, דער קוזין, נישט אזא גביר ווי שמחהלע. ווען יאָ, וואָלט ער נישט געוווינט מיט פיר קינדער אין איין שטוב מיט א קיך. ער האָט אויך באַלד געזען אז דעם קוזין אברהמס קינדער שטייט נישט אָן צו זיין מיט אים און אברם יאנקלען משפּחה. ווען יאָ וואָלטן זיי דאָך נישט געזעסןביידע אויף דער שלאָף־באַנק און זיך געסודעט און זיך געשטיקט פון געלעכטער. פון וואָס דען לאכן זיי אויב נישט פון אים מיט זיינע זעלנערישע שטיוול? אברם יאנקל גייט כאָטש אין א פּאָר קאמאשן.

ווי דאָס ברודערל מיטן שוועסטערל אויף אים, אזוי האָט ער, זייטיק־לעך, געהאלטן אַן אויג אויף זיי. דער משהלע, כאָטש מיט איין יאָר נאָר יונגער פון אים, איז ער שוין אָנגעטאָן אין אַ קורץ גאַרניטער, אין געמ־זענע שטיוולעטן, אין א היטל מיט א לאקירטן דאשעק, כאָטש ער גייט גאָר נישט אין קיין שקאָלע, נאָר בלויז אין א ניי־מאָדיש חדר, ווי דעם פּורים־סוחרס אין מאָדזשיץ. ער האָט אויך געזען אז זי, עלקעלע, זעט אויס ווי חנהטשע, שמחהלע פּוטערפּלאמס מיידעלע. עלקעלע האָט נאָר נישט אזעלכע בייזע אויגן מיט אזעלכע רויטע באקן ווי חנהטשע.

— ני, וואָס זיצסטי ווי א לָמד? — האָט אים דער קוזין פלוצים ארויס־געריסן פון זיין פארטראכטקייט. — וואָס ביסטי אזוי פאַ׳קלעיערט? רעד א וואָרט.

— ווּוס ׳אָב יעך צי רעדן? — האָט נתן חיים געהויבן די אקסלען.

— ווי גייט עס דיע באַ דעם מיינסטע׳?

— ווי זאָל מיע׳ גיין?

— ׳אָסט כאָטש צ׳עסן? א לאַאטיש געלעיגע׳?

— יעך שלוף אָף אַ שעניק! — האָט נתן חיים זיך באַרימט הויך, אויפן

קול, נישט, חלילה, צו פארשעמען דעם ברודער, אברם יאנקלען, וואָס וואַלגערט זיך נעבעך אויף דער ערד, אויף א בארג זעק און שמאטעס, נאָר צו לאָזן וויסן משהלען און עלקעלען אז ער איז נישט קיין שלעפער, אז דער מיינסטער מיט דער מיינסטעראָווע באהאנדלען אים מיט לייטן גלייך.

— אין ווי גייט עס דיע׳? — האָט דער קוזין, פון יוצא־וועגן, געפרעגט אברם יאנקלען.

שיינדעלע איז דערווייל אויפגעשטאנען פון וויגל, ווו זי איז געלעגן איבערגעבויגן און געזייגט ס׳קינד. זי האָט צוגעקנעפלט דעם ענגן ליעניו־שעק איבער די פול־אָנגעקוואָלענע בריסט און אַריין אין קיך שניידן די לאָקשן. אָט באַלד וועט מ׳דארפן פארפאַסטן און זי האָט נאָך צוטאָן איבערן קאָפּ:

— משהלע! — האָט זי געגרופן אין אלקער אריין, — בלאָז מיר אָף ס׳פייער, לייג אינטער א שטיקל האָלץ, דער טאָג שטייט דאָך ניש׳.

נתן חיימען איז איינגעפאלן אז עלקעלע איז מער אָפּגעציטערט ביי דער מאמען. ווען נישט פארוואָסזשע רופט זי משהלען צו טאָן אין קיך און נישט זי, עלקעלען, א מיידל.

דער קוזין אברהם האָט אָפּגערוקט פון זיך דאָס גלאָז מיטן ביסל נישט־אויסגעטרוקענע טיי. ווי אין שיינדעלען אַזוי איז אויך אין אים אָנגע־שטאַנען די אומרו, דאָס איילעניש. ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער מיט די נאָכהענגענדיקע וואַגעס און באלד דורכן פענצטער, ארויס אין דרויסן, ווי די זון האלט:

— ני, ס׳ווערט שפעיט, עלקעלע! גי׳ מע׳ דאָרט די שטיוולעטן! — ער איז אויפגעשטאַנען פון טיש און ארויסגענומען פון דער קליידער־שאַנק דעם קיטל, א צעקנייטשטער נאָך פון ראש השנהדיקן דאווענען, אַ פארגעלטער שוין מיט א שמאָלער, זילבערנער עטרה, אויך שוין גרין פון אַלטקייט און אים אַריינגעלייגט אין בלוי־פליושענעם טלית־זאַק. — עץ ׳אָט כאָטש א מחזור? — און נישט ווארטנדיק אויף קיין ענטפער פון די יינגלעך, איז ער ווידער צוגעגאנגען צו דער שאנק און אָנגעטאָן א גרוי־ריפסן כאלאטל, א מין האלב־וואָך־ און האלב־יום־טוב־מלבוש, גרייט צו גיין אין שטיבל מנחה־דאַווענען.

— צאאט צ׳גיין. — האָט אברם יאנקל א טאָרע געטאָן דעם ברודער ביים אָרעם. ביידע זענען זיך פאַרזעסן נישט ווייל זיי האָבן דאָ געוואָלט וואָס לענגער זיין, עפּעס איז זיי שווער געווען אָנצוהייבן דאָס ווינטשעניש, דאָס ערב יום כפורדיקע געזעגעניש.

— יאָ, יאָ, ס׳וועיע׳ט שפעיט! — האָט זיי דער קוזין אונטערגעיאָגט.

— ני, אברם זיך אָפּסבעיטן א גיט יוע (יאָר), — האָט אברם יאנקל צום ערשט אויסגעשטרעקט די האנט צום קוזין.

— אמן, די אָך. — האָט אים דער קוזין צוגעצויגן צו זיך. — זאָלסט זאאן געזינד, טאטע־מאמע זאָלן דע׳לעיבן נחת פֿין דיע׳.

א דרייסטער שוין האָט נתן חיים נאָכגעטאָן דעם ברודער:

— אברם זעך אָאסבעיטן אַ גיט יוע׳.

אים האָט דער קוזין נישט נאָר צוגעצויגן נאָנט צו זיך, נאָר אויך אים אַרומגענומען, אַ מין פֿאַרגיטיקונג פֿאַרן נישט האָבן אים מקרב געווען ביז איצט. אַליין אַ פֿאָטער פֿון אַ זון, שיער נישט ווי דאָס ייִנגל, האָט אים פֿאַר־קלעמט ס׳הארץ. ווי אלט איז ער דען אינגאַנצן? אפילו נישט קיין יאָר עלטער ווי זיין משהלע, איז ער שוין נע־ונד. ערב יום כּפּור און דער טאַטע איז נישטאָ אים צו בענטשן. לייכט, כלומרשט אויסצוגלייכן ס׳היטל, האָט ער ארויפגעלייגט די האנט אויפֿן ייִנגלס קאָפּ און שטיל אים געבענטשט:

*) „ישמך אלהים כאפרים וכמנשה״.

נתן חיימען זענען געקומען די טרערן אין די אויגן אריין. דער קוזין, וואָס האלט זיך אזוי ווייט פֿון דער משפּחה, וואָס האָט נישט געוואָלט טועם זיין דער מאמעס כיבוד, זאָל אים אזוי צוטוליען צו זיך, אים אזויפֿיל אָנווינ־טשן צום נייעם יאָר? אָנשטאָט אים בארואיקן, האָט דעם קוזינס ארומנעמען אים, נאָך מער ארויסגערופֿן אין אים די בענקשאפט נאָך דער היים, נאָך דער מאמען. ער האָט איצט געזען ווי זי שטייט דאָרטן ביים וויס־געדעקטן טיש, איבער די אָנגעצונדענע ליכט. די הענט, דארע, מיט בלויע אָדערן, פֿאַרדעקן איר בלאס־אויסגעצערט פּנים. זי וויינט שטיל, די מאמע, נאָר באַלד רייסט זיך פֿון איר הארץ ארויס א גרויס געקלאָג און די טרערן נעמען פֿלייצן פֿון אונטער אירע הענט אַפֿער. זי האָט, חלילה, נישט קיין תרעומות צום רבונו של עולם. אלץ נעמט זי דאָך אָן באהבה. זי בעט בלויז מחילה, פֿארגעבונג פֿאר איר הויזגעזינד, א יאָר פֿון געזונט, א שטיקל ברויט פֿאר די קינדער און א בגד צו פֿאַרדעקן ס׳לייב.

אין דער אנדערער זייט טיש, אנטקעגן דער מאמען, שטייט דער טאטע. כאָטש מ׳הערט אים נישט וויינען, זעט מען דאָך ווי די טרערן רינען אים אין דער רויטער באָרד אריין. דער טלית מיטן קיטל ליגן אויפֿן טיש גרייט און די קינדער שטייען איינער הינטערן אנדערן פֿאר אים. צום ערשט בענטשט ער ס׳ייִנגסטע שוועסטערל. ער לייגט ארויףביידע הענט אויף איר קעפּל און די לעפֿצן ציטערן ביי אים פֿון געוויין; ישמך אלהים כשרה, רבקה, רחל ולאה. און די ייִנגלעך: כאפרים וכמנשה. און אזוי טראָגט זיך א געוויין פֿון יעדן הויז, פֿון יעדער צעבראָכענער מאמע און הכנעהדיקן טאטן און באלד וויינען אויך די קינדער, גרויסע און קליינע און אזוי וויי־

*) גאָט זאָל דיך לייטזעליקן ווי אפרימען און מנשהן.

נענדיק גייט מען ארויס אויפן הויף בעטן מחילה ביי די שכנים, וויינט שוין איצט דער גאנצער הויף און באלד טראָגט זיך דאָס געוויין ארויס אין גאס און שוין וויינט די גאנצע שטאָט און אזוי וויינענדיק גייט מען מיט אויס־געשטרעקטע הענט און אָפענע הערצער צו יעדן שכן און קרוב, צו יעדן פריינד און שונא. מ׳בעט איינער ביים אנדערן פאַרגעבונג, מחילה אויף א שלעכט וואָרט, אויף אַ קללה, אויף אַ גראָב פאָרקומעניש. מ׳ווינטשט זיך איינער דעם אנדערן א גוט יאָר, א יאָר פון געזונט און פרנסה, א יאָר פון שלום אויף דער וועלט.

ווי אזוי וועט אים, נתן חיימען, איצט דער טאטע בענטשן? פאַר וועמען וועט ער זיך איצט אויסוויינען? ביי וועמען וועט ער דאָ בעטן מחילה, פאַר־געבונג? ער האָט אוועקגעדרייט דעם קאָפּ פון קוזין, זיך געווישט די רויט־געוואָרענע אויגן, די פייכטע נאָז. מיט ציטערדיקע ליפּן, קוים איינהאַלטנדיק דאָס געוויין, איז ער אריין אין קיך:

— שיינדעלע זיך אָאסבעיטן א גיט יוע׳.

— אָמן, די אָאָך. — זי האָט גיך אָפּגעווישט די הענט פון מעל און ארומגענומען די צווויי יינגלעך, איינעם נאָכן אנדערן, זיי אָנגעווינטשן אלדאָסגוטס און דערביי געפּליסטערט שטיל: רבונו של עולם, אין דעם זכות וואָס זי איז גוט צו פרעמדע קינדער, זאָלן אירע קינדער אָפּגעהיטן ווערן פון כל שלעכטס, פון וואַלגערן זיך אינדערפרעמד, פון דאַרפן זיצן ביי פרעמדע טישן.

די ברידערלעך, כאָטש עלטער, האָבן זיי פאַרבויגן זייער כבוד און צוגע־גאנגען צו משהלען. א פאררויטלטער איז ער אויפגעשטאַנען פון דער שלאָף־באנק און אויסגעשטרעקט די האנט. עלקעלע אָבער האָט זיך באהאלטן הינטער דער מוטער.

— קים, — האָט אברם יאנקל א צי געטאָן דעם ברודער.

דער ראָטשעל איז איצט געווען שטיל, אָפּגעליידיקט, קיין איין פערד און וואָגן איבערן גאנצן, ריזיקן מארק. זיי האָבן געאיילט, די צוויי ברי־דערלעך. פאַרביי זיי, אין אטלעסענע קאַפּאָטעס, מיט גארטלען ארום די לענדן, אין ווייסע זאָקן, מיט שטעקשיך אויף די פיס, האָבן יידן געאיילט אין די שטיבלעך אריין דאַווענען מנחה פארן פארפאסטן. אנדערע יידן, זייער פרומע, זענען שוין באצייטנס געגאנגען מיטן טלית און קיטל אונטערן אָרעם און דאָס לאנגע יאָרצייט־ליכט אין האנט, זיך שטעלן אין די זאָקן, אויפן אויסגעשפרייטן היי אין שטיבל, צי אין בית מדרש, זאָגן תפילה זכאי, זיך אריינטאָן אין *) הירהור תשובה. גייענדיק האָט מען זיך אָפּגעשטעלט, אויס־געשטרעקט די האנט איינער צום אנדערן און זיך געווינטשן:

— בעט זיך אויס א גוט יאָר!

— אמן, גם אתם.

*) אין געדאַנקען פון בעטן פאַרגעבונג.

# קאַפּיטל צוואַנציק

וואָס נענטער צו סוכות אַלץ אומרואיקער זענען די צוויי ברידערלעך געוואָרן. לויט ווי ס׳פּירט זיך, אויב מ׳איז ביים מיינסטער מיט עסן, קומט דעם געזעלן די ערשטע טעג יום־טוב. חול המועד פאָרט דאָס יינגל צו זיינע עלטערן אַהיים אויף די אַנדערע טעג. ביי די ברידערלעך אָבער האָט עס נישט אויסגעזען ס׳זאָל זיין אַזוי.

וואָכן פריער האָט זיך אברם יאַנקל שוין געשראָקן טאָמער שיקט אים בערעלע יאָסקעס ערב יום־טוב אהיים. ביי דעם גנב קאָן דאָס ביסל עסן זיינס, פון די ערשטע צוויי טעג יום־טוב, אויך זיין א קרן. די מאמע האָט אים טאקע געשריבן ער זאָל, למען השם, קומען אהיים אויף די ערשטע טעג סוכות און ער וואָלט טאקע ליבערשט געוואָלט זיין אינדערהיים איידער זיך וואַלגערן יום־טוב ביי בערעלען, וואָס פאַרגינט אים נישט דעם ביסן אין מויל אריין, קאָן ער אָבער דאָס נישט טאָן צוליבן טאַטן. דער טאַטע האָט טאקע נישט געוואָלט ער זאָל זיך אָנדינגען צו בערעלען. ער האָט אפילו געזאָגט: בעסער זאָל ער זיך אַרומדרייען ליידיק איידער זיין ביי אַזא גנב. ווייסט ער אָבער אַז א ליאַדע־וואָס וואָלט אים דער טאַטע אויפגעוואָרפן: ביי לייטן האָט מען פון קינדער אַ הילף, ער אָבער, אַ יונג פון פופצן יאָר, ליגט ער נאָך ביים טאַטן אויפן קאַרק! ער וועט זיך טאקע מיט אים פרייען, דער טאַטע, ביים קומען. ביי דער צווייטער סעודה אָבער וועט ער אים שוין אויפוואַרפן: אוודאי, ווען דו הערסט מיך און דינגסט זיך נישט אָן צו בערעלען, נאָר צו א לייטישן מיינסטער, וואָלט ער דיך נישט ארויסגעטריבן ערב יום־טוב. גלייך ער האָט געהאט אן אַנדערן מיינסטער צו וועמען זיך אָנצודינגען און ער האָט נאָר געוואָלט זיין ביי בערעלע יאָסקעס! נאָר וואָלט אים כאָטש בערעלע אָפּגעגעבן די שכירות, וואָס אים קומט, וואָלט אים נישט געאַרט דאָס אַהיימפאָרן אויף די ערשטע טעג. ער וואָלט זיך נישט געמאַכט קיין מלבוש, נאָר, ווי אַנדערע געזעלן, וואָלט ער אויך איינגעקויפט פיש און פלייש, א פונט ניס, אַ פלעשל אָקעוויט און ערב יום־טוב, באַגין, וואָלט ער אַריינגעפּאַטשט אין שטאָט אויף אַ דראָזשקע. דעמאָלט וואָלט ער זיך געפילט ווי אַן אָנגעלייגטער גאַסט. אַזוי אָבער, נישט נאָר אינדערהיים, ער וועט זיך דאָך שעמען צו ווייזן ס׳פּנים אין גאַס, אין שטיבל. גאַנץ

מאָדזשיץ וועט רעדן אַז פּונקט ווי די פּליוקעס, האָט אים אויך בערעלע ארויסגעטריבן פון שטוב.

נתן חיים ווידער, כאָטש פאַר די ערשטע טעג האָט ער זיך נישט געשראָקן, האָט ער אָבער מורא געהאַט פאַרן חול המועד און פאַר די אנדערע טעג יום־טוב. דער מיינסטער איז דאָך נישט מחויב אים צו האַלטן חול המועד, ווען מ׳ארבעט נישט און אים נאָך געבן עסן די אנדערע טעג. ביים אָנדינגען זיך האָט ער נישט אויסגעזאָגט אַז ער האָט אַ קריוודע אויפן טאַטן און דערפאַר וויל ער נישט פאָרן אַהיים אויף סוכות.

האָט זיך גאָר ארויסגעוויזן אַז בלויז אברם יאַנקל האָט געהאַט אַ גרונט פאַר זיין שרעק. די גאַנצע צייט צווישן ראש השנה און סוכות האָט בערעלע יאָסקעס געשוויגן ווי אַ פיש. מיט קיין איין וואָרט אפילו האָט ער אים נישט געגעבן אָנצוהערן אַז ער וועט אים נישט לאָזן דאָ זיין יום־טוב. ערשט ערב סוכות, נאָך אַ גאַנצער נאַכט זיצן ביים וואַרשטאַט און ארויסיאָגן די באַ־שטעלונגען, האָט בערעלע אים געגעבן צוויי זילבערנע רובל און זיין געבורט־שיין און אים געהייסן זיך איינפּאַקן און אַהיימפאָרן. פּשוט אים געהייסן גיין. ס׳האָט בלויז געפעלט ער זאָל אים זאָגן: פּאַשאָל וואָן אַרויס!

ווי אברם יאַנקל האָט זיך אויף דעם געריכט, איז ער דאָך געווען פריטשמעליעט פון אַזאַ נאָכאַסלסטווע. עטלעכע שעה פאַרן גיין אין שול אריין — אים הייסן גיין! דאָס מיינט דאָך קומען אַהיים שוין אַ שטאָך אין יום־טוב אריין!

אַ דערשלאָגענער, אַ באַליידיקטער איז ער געשטאַנען מיט די צוויי זיל־בערנע רובל אין איין האַנט און די מעטריקע אין דער אנדערער. וואָס זאָל ער טאָן? זיך פאַרהערן מיט בערעלע יאָסקעס? דער גנב קאָן אים נאָך געבן אַ מתנת יד אויך און ער זאָל פאַר אַ צולאָג, דאַרפן אַהיימקומען מיט אונטער־געהאַקטע אויגן. האָט ער אראָפּגעשלונגען דעם אָנגעלאָפענעם קלומפּ טרערן און בלויז געפרעגט:

— אין מאַאַנע שכירות? ס׳קימט דעך מיע׳ פאַר אַ קנאַפּן זמן!

— יעך אַנטלויף ניש׳ פין רודעם. אַז ׳עסט אָפּזאָן דעם ווינטע׳ ׳על יעך דיע׳ באַצולן אינאַיינעם.

אַ פאַרשעמטער האָט אברם יאַנקל גענומען זיין קופערטל, אַ הילצערן קעסטל, וואָס ער האָט זיך אַליין אויפגעקלאַפּט און איז ארויס פון שטוב.

אויפן וואָעל, לעבן נתן חיימס טויער, איז ער געבליבן שטיין און זיך געשלאָגן מיט דער דעה: זאָל ער ארויסרופן דעם ברודער? שעמט ער זיך אָבער אהין אריינצוגיין מיטן קופערטל. נישט נאָר וועט מען זיך דאָרטן דערוויסן אַז ער איז ארויסגעטריבן, נאָר זיי קאָן נאָך איינפאַלן דאָס אייגענע צו טאָן מיט נתן חיימען! ווידער אוועקפאָרן אָן אַ זיי־געזונט? וועט דער

ברודער איבערקלערן. ער האָט שוין גענומען אוועקגיין פון טויער, איז אים פּלוצים נתן חיים אַנגעקומען אַנטקעגן. אַז די מיינסטעראָווע איז אויף דער צייט, איז ער נישט נאָר א דינסטמיידל אין שטוב, נאָר אויך דער גאַנצער איינקויפער פאַר דער שטוב. איז ער דאָס איצט אָנגעקומען א באַלאָדענער מיט דער שוואַרץ־ווייס געקעסטלטער, צעראַטענער טאָרבע, אַ פולע מיט חלות און אויבסט, מיט ניס און האָניק, מיט וויינטרויבן און א פערטל ארבוז, א רויטער, א זאפטיקער:

— אברם יאנקל! — האָט ער א געשריי געטאָן און געבליבן שטיין א פארציטערטער. — ווי גייסטו מיטן קיפּערטל?

אברם יאנקל האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן. ס׳איינגעהאלטענע געוויין האָט זיך אים ווידער געריסן פון האַלדז און מיטן געוויין די קנאה: פאַרוואָס האָט נתן חיים א בעסער מזל פאר אים? אָט טראָגט ער פון אַלעם גוטן אין שטוב אַריין. ער וועט זיין יום־טוב ביים מיינסטער, האָבן כּל׳ע גדולות און אים האָט מען ארויסגעטריבן ווי א הונט. ער האָט אראָפּגעשטעלט דאָס קופערטל אויפן טראָטואַר און אויסגעשטרעקט די האנט:

— זא געזינט, יעך גיי צי דע׳ באאן.

נתן חיים, מיט דער צעראַטענער טאָרבע אין איין האנט און דאָס פערטל ארבוז אין דער אנדערער, איז געשטאַנען אָן לשון. ער האָט זיך געשעמט צו קוקן דעם ברודער אין פּנים. גראָד היינט איז ער פול מיט פרייד און געוואַרט אומגעדולדיק אויפן פאַרנאכט, אין שול, צו פאַרטרויען דעם ברו־דער אז אינדערפרי האָבן דער מיינסטער און מיינסטעראָווע אים אָנגעביט ער זאָל דאָ בלייבן איבער יום־טוב און דערפאַר אים שוין געגעבן די פינף קערבלעך שכירות, ער זאָל האָבן אויף אַ פּאָר שטיוולעטן און אים אויך צו־געזאָגט צו לאָזן אים אויפנייען אַ צוויי דריי העמדער ווי א מתנה.

ער האָט נעבעך נישט געוווסט, נתן חיים, אז פּונקט ווי ער איז געווען פאַרזאָרגט, וואָס ער וויל נישט און וועט מוזן אהיימפאָרן חול המועד, אַזוי זענען פערעלע און מעכעלע געווען באַזאָרגט, וואָס ער דאַרף מוצאי יום־טוב פאָרן אהיים. וואָס וועלן זיי טאָן אָן אים? אָט זיצט זי און פילט די פיש. זאָל זי קריגן ווייען, דאַרף זי אַלץ לאָזן שטיין און ליגן און גיין אין בעט אַריין. זאָל, חלילה, דאָס יינגל נישט זיין און מעכל זאָל דאַרפן לויפן נאָך דער אקושערקע, בלייבט זי אליין אין שטוב און גראָד קאָן נאָך א קונה אריינקומען אויך. אויף קיין שכנה קאָן זי זיך גאָרנישט פאַרלאָזן. גיי, לויף אויף די שטאָקן נאָך עמעצן! דערצו נאָך יום־טוב, ווען יעדער איינער איז פאַרטאָן ביי זיך. די מאַמע קאָן אויך דאָ נישט זיצן. צוליב די יום־טובים, איז ס׳לייזונג ביי איר, קאַנעהאָרע, גרויס. זי קאָן אפילו נישט אריינקומען אַהער אביסל אָפּדעכען. די מאַדאַמען ווילן פון גאָרנישט וויסן. זאָל זי נישט

צושטעלן דעם נאַפּט צו דער צייט, האָבן זיי גליידך אַן אַנדערע נאַפּטשאַרקע. איז דעריבער דאָס פֿאַרפּאַלק וואָכן פריער געווען צעטראָגן. זיי האָבן געוווּסט אַז זיי טאָרן נישט לאָזן דאָס יינגל אהיימפאָרן, איידער זי קומט בשלום איבער די קימפּעט. זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט וויאַזוי דעם יינגל אונ־טערצוקומען ער זאָל דאָ בלייבן איבער יום־טוב. א יינגל דערוואַרט זיך קוים אויפֿן חול המועד, ער זאָל שוין קאָנען אהיימפאָרן, וועלן זיי גאָר פאַרלאַנגען פון אים דאָ צו בלייבן? זענען דערווייל די טעג געגאַנגען. ערשט היינט, ערב סוכות אינדערפֿרי, ביים צורוימען דעם וואַרשטאַט נאָך א גאַנצער נאַכט אַרבעטן, אין מיטן איבערדעקן, צוזאַמען מיטן יינגל, די מאַשינען מיט א ווייס ליילעך, איז מעכעלע פּלוצים אַרויסגעפּאָרן:

— די הערסט, נתן חיים, ווען די ׳אָסט שכל, בלייבסטי איבער סוכות. וואָס ׳עסטי טיען אין דאַאן שטעטל? די בלאָטעס מוזן שוין זאַאן דאָרטן איבערן האַלדז.

ווי גרויס ס׳איז נישט געווען די איבעראַשונג פֿאַר נתן חיימען, אַז ער קאָן דאָ בלייבן גאַנץ יום־טוב, האָט אים פּונדעסטוועגן פאַרדראָסן דעם מיינסטערס זאָגן אַז אין זיין שטאָט איז בלאָטעס. די גרויסשטאָטישע מיינען נאָר אַז ביי זיי זענען די גאַסן ברוקירט. אויב נאָר א קליין שטעטל, מיינען זיי שוין אַז עס איז פאַרסאַרגעט. זיי ווייסן נישט אַז מאָדזשיץ איז אַ פּעס־טונג־שטאָט, אַז נישט בלויז די זייטן־גאַסן, לענגאויס די געווועלבער, אפילו דער מאַרק, אין מיטן שטאָט, איז אויסברוקירט ווי אַ טיש. אַ באַליי־דיקטער, האָט ער א זאָג געטאָן:

— בא אינדז אי׳ נישטו קאַ בלאָטעס!

פּערעלע האָט גלייך דערפֿילט דעם יינגלס אָנגעשטויסנקייט. ווען דער קליינער זאָל שוין אפילו וועלן, וועט ער, צוליב מעכעלעס אָבראַזשען אים, דווקא פֿאָרן אהיים. זי האָט א גלי געטאָן מיט די אויגן אויפֿן מאַן, צוגע־קראָכן מיטן הויכן בויך צום טיש און זיך אוועקגעזעצט אויף אַ טאַבורעט לעבן געזעלן:

— נתן חיימל, הער ניש׳ וואָס דער מיינסטער רעדט. זעסט דאָך מאַאן פּאַלאָזשעניע. זיי א גיט יינגל אין בלאַאב איבער יום־טוב. נאַדיר דאַאן שכירות און אז גאָט ׳עט מיר העלפן, כ׳על בשלום איבע׳קימען, ׳על יעך אליין קויפן עטלעכע איילן לאַוונט אין דיר לאָזן אויפנייען א צוויי־דריי העמדלעך פֿאַר א מתנה.

נתן חיים האָט געקוקט ווי פֿאַרלוירן, דאָ אויפֿן מיינסטער, דאָ אויף דער מיינסטעראָווע. ער האָט נישט געוווּסט וואָס ער זאָל דאָ זאָגן. זיך מודה זיין אַז דאָס האָט ער געוואָלט בעטן מ׳זאָל אים לאָזן זיין איבער יום־טוב?

אָדער מאכן אַן אָנשטעל אז ער רייסט זיך צו פאָרן אהיים? ער האָט א ברום געטאָן:

— ווי די מיינסטעראָווע וויל.

פון גרויס פרייד האָט אים פערעלע ארומגעכאפּט און אים געטאָן א גלעט איבערן פּנים:

— ׳עסט זען, נתן חיימל, וואָסערע שיינע העמדע׳ יעך ׳על דיר לאָזן אויפנייען, — דערביי האָט זי אָפּלאַכעריש געטאָן אַ ווינק צום מאַן מיט די פולע, גרין־בלויע אויגן, ווי איינער רעדט: זעסט, וויאַזוי מ׳דאַרף אונטער־קומען אַ יינגל?

איז ער דאָס איצט געשטאַנען פאַרן טויער, נתן חיים, לעבן ברודער, פון איין זייט פול מיט פרייד, וואָס מ׳איז דאָ אזוי גוט צו אים, פון דער אנדערער זייט פול מיט קלעמענישן, מיט צער איבערן ברודערס וויסטער דאָליע.

— האַ׳ דו אָף מיע, — האָט ער שטיל, ווי מיט געבעט, גערעדט צום ברודער, — יעך קים שוין צ׳ריק אראָאָס.

ער איז אַריינגעלאָפן אין שטוב, אַוועקגעשטעלט אויפן טאַבורעט די טאָרבע מיטן איינקויף, געגעבן דער מיינסטעראָווע דאָס פערטל ארבוז און שוין געוועןן צוריק אינדרויסן. אברם יאנקל האָט גענומען דאָס קופּערטל און שטילע, פאַרשעמטע זענען זיי געגאַנגען איבערן וואָעל, ארויס אויף דער לובלינער גאַס, ארום זיי האָט גערוישט מיט ערב יום־טוב. די געוועלבער זענען געוועןן פול מיט קונים. ארום די געשטעלן מיט חלות און טאָרטן, מיט אויבסט און ניס, מיט וויינטרויבן און אַרבוזן, אומעטום האָט עס געראָ־יעט מיט ווייבער. ביי די פורן מיט סכך האָבן אַרומגעהאַוועט יידן, געשלעפּט די גרינע בינטלעך מיט סכך אויף די אַקסלען צו פאַרדעקן די אויפגעקלאַפּטע סוכות און אויף די טראָטואַרן זענען געגאַנגען יידן מיט איינגעקויפטע אתרוגים אין איין האנט און א לולב אין דער צווייטער. טייל האָבן די אתרוגים געטראָגן אין זילבערנע פושקעס, אנדערע אין פּראָסטע קאַרטאָנענע שאַכטלען. אָבער ביי יעדן איז דער אתרוג געלעגן צ׳יטעריק־אָפּגעהיט אין וויכע פאַקעלעס, ער זאָל, חלילה, נישט קריגן אַ ראַץ אין זייט, אָדער, חס־ושלום, דער פּטום זאָל זיך נישט אָפּברעכן!

זיי זענען פאַרביי די עלעקטראָווניע. די הארבסט־זון איז נאָך געשטאַ־נען הויך, אָבער זי האָט נישט מער געבלענדט אין די אויגן און ווייניק שוין געוואַרעמט. אין דער אַלייע איז די שאָטנדיקייט געוועןן אַ צעריסענע. אָנשטאָט קליינע זון־פלעקן, ווי אינמיטן זומער, גאָלדענע פּלאָטערלעך, זענען איצט אויפן טראָטואַר געלעגן שטיקער זון־דורכריסן. די קאַשטאַן־ביימער,

אויףביידע זייטן טראָטואַר, זענען שוין געווען שיטער, די בלעטער — פאַרגעלט און אַרום זייערע שטאַמען האָבן זיך געוואַלגערט אַראָפּגעפאַלענע קאַשטאַנעס אין זייערע גרינע, זאַפטיקע הויטן. בערג מיט בלעטער, פאַר־טרוקנטע שוין, האָבן געשאָרכלט אונטער די טריט. אויף די קאַרטאָפל־פעלדער ארום, זענען געקראָכן איינגעבויגענע גויעס מיט פאַרביקע טיכלעך אויף די קעפּ. פּאַוואָליע האָבן זיי זיך גערוקט צווישן די בייטן און געריסן די גענדיכטע קאַרטאָפל־בינטן, אָפּגעשאָקלט די ערד און געוואָרפן די קאַר־טאָפל אין געפלאָכטענע שטרוי־קערב.

איילנדיקע זענען די צוויי ברידערלעך צוגעקומען צום וואָקזאַל. באַלד גייט אָפּ דער דרייער צוג און דער וואָקזאַל איז ליידיק. דאָ און דאָרט קוואַ־טשעט א פויער אויף דער פאָדלאָגע לעבן דעם אייגענעם טלומעק, אַן איינ־געוויקלטער אין א גרוי־ליינענער פלאַכטע. חוץ דעם זשומען פון שפּעט־זומערדיקע פליגן, הערט מען נישט קיין שאָרך. וועלכער ייד לאָזט זיך אַזוי שפּעט ערב יום־טוב אין וועג אַריין? האָבן די צוויי הויכע זשאַנדארן מיט זייערע לאנגע שווערדן און שווערע פּיסטוילן זיך פּוסט געדרייט אַריין און ארויס פון וואָקזאַל.

די צוויי ברידערלעך האָבן זיך אַוועקגעשטעלט לעבן פאַרמאַכטן קאַסע־פענצטערל. נאָך אַ היפּשע ווײַלע האָט זיך פון דרויסן אָנגעטראָגן אַ סיקען און פרייכן פון אַ לאָקאָמאָטיוו. ס׳פענצטערל האָט זיך אויפגערוקט. אברם יאַנקל האָט געקויפט אַ בילעט. נתן חיים האָט נאָכגעטראָגן דאָס קופערטל און ביידע ברידערלעך אין לאנגע כאלאטלעך, אין פאַרפּעצטע קאַשקעטלעך, זענען ארויס אויף דער פּלאַטפאָרם.

דער דרייער־צוג, אַ פערטע־קלאַס באַן פון רויט־געפאַרבטע פראַכט־וואגאָנען, האָט אָנגעצויגן. עטלעכע פּאסאזשירן מיט וואַליזעס אין די הענט זענען אויסגעשטיגן, איינגעזעסן אין דראָזשקעס און זיך אָפּגעטראָגן אין שטאָט אַריין.

אברם יאנקל האָט אריינגעשטעלט דאָס קופערטל אין דער אויפגע־רוקטער וואַגאָן־טיר און אויסגעשטרעקט די האנט צום ברודער:

— זאַ געזינט.

נתן חיימס ליפּן האָבן געציטערט. ער האָט געאַהנט אז דער ברודער וועט זיך שוין צוריק קיין ראָדעם נישט אומקערן און ער וועט דאָ בלייבן אליין, איינער אליין. אָנשטאָט „פאָר געזונט״, האָט ער געפרעגט:

— אין ווּס ׳עט זאַאן וואַטע׳?

— יעך ׳על מיע׳ זיכן א ניי אָרט. יעך קלעיע׳ צ׳פורן קא ווארשע.

— אין דאנע שכירות דו?

— אַז יעד ׳על אפילו אָפּזאַאַן ביז פּסח, ׳עט בערעלע יאָסקעס מיע׳ אָאָך ניש׳ באַצולן.

אברם יאַנקל איז אריין אין וואַגאָן „פּאַר אַכט פערד אָדער פערציק מענטשן”, אָבער געוועזן איז דאָ, חוץ אים, נישט קיין לעבעדיקער דוך. ער איז געשטאַנען אין דער ברייט־אויפגערוקטער טיר. דער לאָקאָמאָטיוו האָט געטאָן אַ פּייף און די רעדער האָבן זיך אָנגעהויבן קאָלערן, פּאַוואָליע, באַלד גיכער און אָט שוין גיך! ער האָט געפאָכעט מיט דער האַנט צום ברודער, ווי דעמאָלט באָלעק צו אים, ביז אברם יאַנקל איז אים פאַרשוווּנדן אין גרויען רויך אריין.

## קאַפּיטל איינאונצוואַנציק

פּאַרוואָס דערמאָנען זיך ווייבער ערשט שפּעט ביינאַכט צו גיין צו קינד ? ביי זיינעביידע שוועסטערלעך האָט מ׳געדאַרפט לויפן נאָך שרה די היווזן אין שטאָק־פינצטערניש און אויך דאָ האָט די מיינסטעראָווע זיך צעקרעכצט נאָך האַלבע נאַכט. אַ גאַנצן טאָג איז איר גאָרנישט איינגעפאַלן צו טאָן אַ קרעכץ. זי האָט זיך ארומגעשאַרט מיטן הויכן בויך איבער דער שטוב, אויסגעטיילט די יום־טוב־סעודות, וואָס ער, נתן חיים, האָט געטראָגן אין סוכה אַריין פאַרן מיינסטער און פאַר זיך, נאָכדעם איז זי שעהן־לאַנג געזעסן פאַרן טויער, נאָר איצט, מוצאי יום־טוב, שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, האָט זי גענומען מאַכן יעלה׳ס אז דער סופיט הייבט זיך! וואָלט כאָטש מעכעלע, דער מיינסטער, געווען געהאַט שכל אָנצוזאָגן דעם סטרוזש ער זאָל די נאַכט נישט אָפּלאָזן דעם הונט פון דער קייט, טאָמער דאַרף מען לויפן נאָך דער אַקושערקע, האָט ער צו דעם קיין שכל נישט געהאַט. איז איצט, אין מיטן דער נאַכט, טאָמער איז ווייניק דער מיינסטעראָוועס געוואַלדן, איז נאָך אָנגעלאָפן דער בולדאָג מיט אַ צאָרנדיק געבילעריי אז דער גאַנצער הויף האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ פייער ארויס. און מעכעלע, פון גרויס צעטומלעניש, האָט דערוויל פאַרגעסן קריק אויפצוהענגען דאָס נאַפט־לעמפּל, וואָס ער האָט אויף גיך אָנגעצונדן, נאָר דרייט זיך איבער דער שטוב אַ באָרוועסער, אין די אונטערוועש, מיטן לייכטנדיקן לעמפּל אין די הענט, ווי ער וואָלט געגאַנגען הקפות, יאָגט אָן אַ כמאַרע מיט שאָטנס, וואָס דרייען זיך אויף די ווענט צוגלייך מיט אים און מורמלט ווי אַ משוגענער:

— אַ סוף, אַ סוף, נתן חיים, שטיי נישט!

ער נתן חיים, האָט, חלילה, נישט געוואַרט אויף מעכעלעס מינטערן אים. וואָס צו טאָן ביי א געווינערין ווייסט ער בעסער פון מיינסטער. מ׳האָט אים אפילו נישט באַדאַרפט צו וועקן. ווי נאָר ער האָט דערהערט דער מיינסטעראָוועס ערשטן געשריי, איז ער גלייך אַריינגעשפּרונגען אין אָנטו־עכץ, אָפּגעגאָסן נעגל־וואַסער און איז שוין גרייט געווען צו לויפן נאָך דער אַקושערקע און פון איר צו דער מיינסטעראָוועס מאמע, ווי פּערעלע האָט אים געהאַט אָנגעזאָגט. אָבער גיי, לויף, אַז אין פּעדערהויז לויפט ארום דער בולדאָג אַ ווילד־צערייצטער, דראַפּעט מיט די ציין און נעגל די טיר און

זאָל מען, חלילה, עפּענען אויף אַ שפּעלטעלע, שפּרינגט ער דיר אין פּנים ווי אַ טיגער, דיך צו צערייסן אויף שטיקער.

— אפשר אויפוועקן דעם סטרוזש? שרייען: „פּאָניע ראַך!" — האָט נתן חיים נישט דרייסט געפרעגט דעם מיינסטער.

מעכעלע האָט אפילו נישט געהערט וואָס דער געזעלן רעדט צו אים. וואָס העכער פּערעלע האָט אין שלאָפשטוב געשריגן, אַלץ צעטומלטער און דערשראָקענער איז ער דאָ, אין פראָנט־שטוב געוואָרן און אַלץ האַסטיקער האָט ער געמאכט הקפות מיטן אָנגעצונדענעם לעמפּל אין די הענט און נישט אויפגעהערט צו פּליסטערן:

— א סוף, א סוף, נתן חיים, שטיי נישט!

גראָד ער, נתן חיים, האָט זיך נישט פאַרלוירן. ביז דער סטרוזש, אין טויער דאָרטן, וועט זיך אויפכאַפּן און קומען צונעמען דעם הונט, האָט ער דערוויל געטאָן ס'אייגענע, וואָס דער טאַטע זיינער פלעגט טאָן בעת די מאַמע איז געגאַנגען צו קינד.

קודם האָט ער אָנגעלייגט אַ פייער אונטער דער פּליטע און צוגעשטעלט אויף אַלע פיר פייערקעס טעפּ און פאַנען מיט וואַסער צום וואַרעמען. אז די אַקושערקע וועט קומען זאָל זי נישט דאַרפן וואַרטן ביז דאָס וואַסער וועט הייס ווערן. אָפּגעטאָן דאָס שטיקל אַרבעט, האָט ער ארויסגענומען פון מיינסטערס הענט דאָס לעמפּל, עס אויפגעהאָנגען אויפן טשוועקל, אויף דער וואַנט, און געבעטן ביי אים צוויי זעקסערס, צו האָבן וואָס אַריינצושטופּן די סטרוזשעס אין יד אַריין, ווען ער וועט אָנקלינגען און זיי אַרויסשלעפּן אין מיטן שלאָף, צו קומען עפענען פאַר אים דאָס טויער צו דער אַקושערקע און, דערנאָך, צו דער אלטער נאַפּטשאַרקע, דער מיינסטעראָוועס מאמע.

ווען ראַך האָט ענדלעך צוגענומען דעם הונט און אים, נתן חיימען, אַרויסגעלאָזט פון טויער איז שוין אַוודאי געווען צוויי נאָך האַלבער נאַכט. חוץ אים איז אויפן גאַנצן וואָעל נישט געווען צו זען קיין איין לעבעדיקן נפש. די פּוסטע, האַלב־טונקעלע גאַס, דער אויסגעלאָשענער ראַד, דער מאַרק־פּלאַץ מיט די סומנע, אין דער פינצטער פאַרשלונגענע טישלעך און שטעלכלעך, פון אלץ האָט געאָטעמט אויף אים מיט אימה. דערצו נאָך האָט דער ווינט, אַ שפּעט־האַרבסטיקער, אַ קאַלטער, בייז געבלאָזן, געריסן די שילדן און געוויגט און געשליידערט דעם אָנגעהאָנגענעם, עלעקטרישן לאָמפּ אויפן ראָג־גאָס און מיטן לאָמפּ מיטגעוויגט דעם ליכט־קרייז אויפן טראָטואַר, אויפן ברוק, אזוי אז נתן חיים, לויפנדיק, האָט געהאט א געפיל אז נישט נאָר דער טראָטואַר מיטן ברוק, נאָר די הייזער און די ערד מיט זיי, שאָקלען זיך אונטער זיינע פיס.

ער איז געלאָפן גיך, נתן חיים, אָבער דער אָפּהילך פון זיינע געקאָוועטע

שטיוול אויפן פוסטן טראָטואר, איז געלאָפן נאָך גיכער, עפּעס ווי נישט ער אַליין, נאָר אַ גאַנצער פאָלק זעלנער וואָלטן זיך דאָ געטראָגן אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.

געדאַרפט האָט ער לויפן מיט דער וואַרשעווער גאַס צום ראָג פון ראטשעל נאָך דער אָקושערקע, און צוריקוועגס, דורך דער אָרעוואַנסקע, אריינלויפן אין קיילעכדיקן מארק נאָך דער מיינסטעראָווּעס מאמע. האָט גראָד איצט, ווייל ער איילט זיך, דער שטן מקטרג געווען און אָנגעשיקט אויף אים אַן אומגליק.

ביים אַריבערלויפן דעם וואָעל צו דער וואַרשעווער גאַס, אויפן ראָג לובלינער, האָט אים אַ פאָליציאַנט אָנגעכאַפּט ביים אָרעם:

— קודאַ טי (ווּ לויפסטו?).

הענט און פיס האָבן ביי אים געציטערט. וואָס וויל דער יוון פון אים?

— יעך לויף נאָך דער אָקושערקע, — האָט ער געוויזן מיט דער אויס־געשטרעקטער האַנט אַריבער צו דער וואַרשעווער גאַס.

— אַקושערקאַ? — האָט דער פּאָליציאַנט אים שאַרף געקוקט אין די צעשראָקענע, יינגלשע אויגן. — מאַשעניק טי! ווּעמען האָסטי באַגנבעט? דו מאַרודיע נישט קיין קאָפּ מיט אַן אָקושערקע!

— יעך בין נישט קיין גנב, יעך זאָג אמת, — האָט נתן חיים, ווייַנענ־דיק שוין זיך געבעטן ביים פּאָליציאַנט ער זאָל אים אָפּלאָזן, די מיינסטע־ראָווּע גייט דאָך צו קינד!

פון דעם אָנגעשטאַנענעם געשריי אין מיטן דער נאַכטיקער שטילקייט, האָט אַ דראָזשקאַר, אויפן אַנטקעגנדיקן ראָג גאַס, זיך אויפגעכאַפּט פון דרימל. ער איז פּאַוואָליע אַראָפּגעקראָכן פון קאָזשאַל, מיט דער בייטש אין האַנט און די צוויי רייען זילבער־קנעפּ אויף דער לאַנגער ליבעריע פאַראויס, איז ער צוגעקומען צום טומל.

נתן חיים האָט אַפילו רעכט נישט אַ קוק געטאָן צי דער דראָזשקאַר איז אַ ייד, צי גאָר אַ קריסט, נאָר גלייך ארויסגעפּאָרן אויף יידיש צו אים:

— דע'באַרעמסט ענק! זוגטס עים אַז יעך בין ניש' קא גנב! יעך לויף דעך נאָך דע' הייוון! מאַאן מיינסטעראָווּע, מעכעלע היטלמאכערס וואאב, גייט דאָך דאָרטן צו קינד!

— וואָס סקאַמאָליעט ער? — האָט דער פּאָליציאַנט געפרעגט ביים דראָזשקאַר.

דער דראָזשקאַר האָט, אַפּנים, געקענט מעכעלע היטלמאכער און געוווּסט אַז דאָס ווייב זיינס איז אויף דער צייט:

— דער קליינער זאָגט אמת, — האָט ער פאַרזיכערט דעם פּאָליציאַנט. ערשט איצט, אַז דער יוון האָט אים אָפּגעלאָזט, האָט נתן חיים גענומען

לויפן אויף דער גאנצער פאַרע איבער דער האַלב־טונקעלער, וואַרשעווער גאַס, פארביי דעם שטאָטישן טעאטער מיט די דריי נאַקעטע נקבות, איינזאַמע אין דער קאַלטער, נאכטיקער פינצטערניש.

געמיינט האָט ער, נתן חיים, אַז ווי נאָר די אקושערקע וועט קומען, וועט דאָ זיין ווי אינדערהיים, ביי דער מאַמען. איידער מ׳האָט זיך אומגעקוקט, האָט די אַלטע שרה ארויסגעשטעקט דאָס קעפּל מיטן איינגעדארטן, פאַרוויענגלטן פּנימל פון הינטערן ווייס־פאַרהאָנגענעם ליילעך און מיט א הנאהדיק שמייכעלע א זאָג געטאָן צום טאטן: מזל טוב דיר, יערמע דוד, האָסט שוין נאָך אַ מויד! דאָ אָבער, — נישט מ׳הערט און נישט מ׳זעט. ס׳שוין אַוועק די נאַכט, דער גאנצער טאָג איז שוין אויך באלד אריבער און די געוואַלדן הערן נישט אויף. דער מיינסטער דרייט זיך אריין און ארויס פון שטוב, ווי א דולער. דער הויף איז פול מיט מענטשן, שכנים, משפּחה־לייט. חול המועד ב״ה איז, צייט האָט מען, קלייבט מען זיך הינטער די פענצטער. ווייבער גייען אריין אין שטוב א שמעק טאָן ווי עס האַלט דאָרטן. מאַנצלייט אָבער, מיטן פעטער כאסקל אין מיטן, שטייען אינדרויסן, זעצן זיך צו אויף א ווייל אין סוכה, גייען אוועק כדי באלד ווידער צוריקצוקומען.

אויך ער, נתן חיים, האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט. אוועקגיין קאָן ער נישט, טאָמער דאַרף מען אים ערגעץ שיקן טאָן א פלי, א לויף. ער איז הונגעריק אויך. ס׳איז אפילו דאָ חלה, א באַרנע, פלוימען, אָבער ווי פּאַסט דאָס ער זאָל אין מיטן דערינען, ווען די מיינסטעראָווע האָט שוין נישט קיין כוח צו שרייען און דער מיינסטער דרייט זיך אַרום אָן א קאָפּ, גאָר זיך אַוועקזעצן עסן? איז ער געזעסן ביים יום־טובדיק איבערגעדעקטן טיש אַ שטילער און געהאלטן די נייגעריקע אויגן צוגעהעפט צו דער אָפענער טיר, אין שלאָפשטוב אריין. אָט איז פון דאָרטן אַרויסגעקומען די אלטע מאמע, ס׳פּנים ביי איר — גרוי ווי אַש, די טרערן־זעקלעך אונטער די אויגן — נאָך שוואַרצער. זי טראָגט אַרויס אַן איבערגעדעקטע שיסל און טראָגט צוריק אַריין א שיסל הייס וואַסער צו דער געווינעריך, וואָס ליגט דאָרטן, הינטער די פאַרהאָנגענע ליילעכער א פאַרשמאַכטע, אַן אָפּגעגאַנגענע אין שווייס, דרימלט איין אויף א ווייל און כאַפּט זיך באַלד ווידער אויף מיט די אייגענע געשרייען: מאמעשי! מעכלשי!

פון מאָל צו מאָל האָט זיך אין פאָדערשטוב אויף ארייגעוויזן די אַקושערקע. פאַרטאָג, ווען זי איז אָנגעקומען מיט איר קליין וואַליזקעלע, האָט ער, נתן חיים, זי רעכט נישט געזען. זי איז פאַרשוווּנדן אין שלאָף־שטוב אַריין. איצט ערשט זעט ער זי אין איר ווייס־בלאַנקעדיקן כאַלאַט. מיט אַ פּי־צינקע, ווייס הויבל אויף איר קאָפּ, די געדיכטע שוואַרצע האָר, אוי, מאַמעלע! ס׳אַ שיינהייט זי איז! אַן אמתע יפת תואר! זי איז נישט צעטראָגן, פאַרווינט,

ווי די מיינסטעראָוועס מאַמע. רואיק און מיט ווירדע קומט זי אַריין און רואיק און מיט ווירדע גייט זי צוריק צו דער געווינעריין אין שלאָפשטוב. יעדער טראָט אירער דערמאָנט אז זי איז נישט דאָרט עפּעס אַן אלטע, צעפלאַטערטע הייזון, נאָר א ניימאָדישע אקושערקע איז זי! אַן אקושערקע וואָס איז געגאַנגען אין די שקאָלעס!

אַ שיינע, שטאַלטנע דאמע מיט א פּנים ווי ווייסער אלבאסטער, מיט א הערלעך פאַרקעמטן קאָפּ שוואַרצע האָר. אין איר ווייס־געביטערישן כאַלאַט, האָט זי מער געשוויגן ווי גערעדט און אַז זי האָט עפּעס געזאָגט, איז עס געווען א באפעל אין פּויליש און קיינער וואָלט זיך נישט אונטער־געשטעלט צו רעדן צו איר אנדערש ווי אין פּויליש, האָט זי דאָס איצט שטיל און מיט אויטאָריטעט, ווי א לערערין — אַ קליין מיידעלע, אויסגע־מוסרט די אַלטע נאַפּטשארקע:

— וואָס טוט זיך דאָ מיט דער פּאַני? די פּאַני האָט דאָך געהאט זעקס קינדער, מעג דאָך די פּאַני וויסן, אז אן ערשטלינג קומט נישט אזוי גרינג אָן דאָס געווינען. זי האָט אונטערגעהויבן דאָס צוגעטשעפּעטע זייגערל ביים ברוסט־קעשנקעלע פון איר ווייסן כאלאט: — ס'איז דאָך איצט קוים צוויי אַזייגער! פריער ווי צומאָרגנס באגין, האָט מען זיך אויף גאָרנישט צו רעכטן. זי איז מיד, גייט זי איצט אהיים זיך צולייגן אָפּרוען אויף עטלעכע שעה.

מעכעלע איז געוואָרן א פּאַרציטערטער. צוליב דער צעטראָגנקייט האָט ער גאָר פאַרגעסן דעם אָנשטעל מיט דעם פּויליש און געטאָן א פּאָר ארויס צו איר אויף יידיש:

— גאָט איז מיט איהן! איצט וויל די פּאַני לאָזן מיין פרוי און אוועק־גיין? ער האָט גאָר געוואָלט בעטן די פּאַני זאָל אים „פּאָזוואָליען" צו רופן אַן אָקושער־דאָקטאָר. די קימפּעטאָרין האָט דאָך שוין נעבעך קיין כוח נישט.

זי האָט איראָניש געשמייכלט, די אַקושערקע. אירע שווארצע, קלוגע אויגן, האָבן אי געחוזקט אי רחמנות געהאט אויף אים. דאכט זיך גאנצע העלדן, די מענער! נאָר אז ס'ווייב גייט צו קינד, ווערן זיי נישט נאָר צעשראָקן, נאָר אויך קאָמיש. אַ ליאדע וואָס — פארלירן זיי דעם קאָפּ אין די הויזן אריין.

זי איז נאָכאַמאָל אריינגעגאנגען צו דער געווינערין, זיך איינגעהערט אין איר פּולס, עפּעס אָנגעזאָגט דער מוטער, זיך אָנגעטאָן, גענומען ס'וואַליז־קעלע און זיך געלאָזט צו דער טיר. מיט דער קליאמקע שוין אין האַנט האָט זי זיך אומגעקערט צום צעשראָקענעם, צוקונפטיקן טאַטן:

— דער פּאַן דארף זיך גאָרנישט זאָרגן. דערווייל איז אלץ „וו'פּאָ־זשאָנדקו". נאָך „קאָלאַציע" וועט זי זיין צוריק.

נתן חיים האָט נאָכגעקוקט דער אוועקגייענדיקער דאַמע. פון איין זייט האָט איר ווירדיק גיין, איר געלאַסן רעדן, אים אימפּאָנירט, ארויסגערופן אין אים דרך־ארץ, ווי צום דאָקטאָר סאָכאַצקי אין מאָדזשיץ. יענעם אָבער האָט ער ליב און אויף איר איז ער בייז. דאָקטאָר סאָכאַצקי וואָלט איצט נישט אַוועקגעגאנגען זיך אָפּרוען און געלאָזט אַ געווינערין אליין. חוץ דעם האָט ער זי פיינט! וואָס מאכט זי אזא אָנשטעל? וואָס פּאַסט איר נישט צו רעדן קיין יידיש? נאָר „פּאָ־פּאָליאַשו?". זי האָט דאָך גאָרנישט קיין יידיש האָרץ! שרה די הייוון, אין מאָדזשיץ, טוט נישט אזוי. זי גייט נישט אהיים ווי זי, אָפּהיטן זיך ס'אייגענע לייב ווען א געווינערין גייט שווער צו קינד. זי פּלאָ־טערט ארום ווי א דערשראָקענער פויגל, זי הייסט יידן זאָגן תהילים, זי שיקט ווייבער אין בית מדרש עפענען ס'אָרון־קודש, לויפן אויפן גוטן־אָרט קברים רייסן, און דאָ? ס'זאָל דאָס די ניימאָדישע אקושערקע אָרן. מילא, זי גייט אהיים זיך אָפּרוען, האָט זי דאָך כאָטש געקאָנט הייסן דעם מיינסטער זאָגן אַ קאפּיטל תהילים. אז מ'בעט, העלפט דער אייבערשטער. ס'אַנדערע, זי וואָלט מיט דעם אים פארשפּאָרט, דעם מיינסטער, דאָס לויפן ווי אַ משוגע־נער ארויס און אריין.

געזען אז אים, דעם מיינסטער, פאלט אפילו נישט איין צו נעמען א ספר אין דער האנט אריין, כאָטש פון שלאָפשטוב טראָגן זיך שוין ווידער די קולות עד לב השמים, האָט ער גענומען דאָס סידורל און אליין זיך געזעצט זאָגן א קאפּיטל תהילים, די מיינסטעראָווע זאָל בשלום איבערקומען:

— אוי, — האָט ער זיך גענומען שאָקלען, — *) אשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים, ובדרך חטאים לא עמד, ובמושב לצים לא ישב.

מעכעלע איז געבליבן שטיין א געפּלעפטער. ער איז פּאַוואָליע, ווי פּאַר־שולדיקט, צוגעקומען צום טיש, הינטערן יינגלס פּלייצע, געקוקט אים איבערן קאָפּ אין סידורל אריין. ער אליין וואָלט אפשר אויך באדארפט אזוי טאָן. פערעלע גייט שוין צו קינד פון מיטן דער נאַכט אָן. זי האָט שוין נעבעך נישט קיין כוח צו שרייען. איז אָבער אין אים גלייך קאַפּויער געקומען דער לץ, דעם פּעטער כאַסקלס תלמיד: וואָס עפּעס בלויז זאָגן תהילים? פּאַר־וואָס נישט אויך זיך פּאַרלאָזן פּיאות? זיך אָנטאָן א שטריימל מיט אַן אַטלאַ־סענע קאַפּאָטע, א פּאָר לעטשלעך מיט ווייסע זאָקן, זאָל כאָטש דאָס תהילים־זאָגן האָבן א פּנים! ער האָט א קלעפּל געטאָן דעם געזעלן אין פּלייצע:

— זאָג, זאָג, נתן חיים, טוסט זייער גלייך — און אליין איז ער ווידער ארויס פּאַרן טויער.

---

*) ווויל איז דעם מענטש, וואָס גייט נישט אין דער עצה פון די רשעים און אין וועג פון די זינדיקע שטייט ער נישט און צחישן אָפּשפּעטער זיצט ער נישט.

נתן חיים האָט אים זייטיקלעך נאָכגעקוקט. ער האָט שטאַרק חשק געהאט אים צו זאָגן: איר וואָלט אויך געמעגט זאָגן א יידיש וואָרט. אָבער ווי קאָן מ׳אַזוי רעדן צו אַ מיינסטער? האָט ער זיך שטאַרקער גענומען שאָקלען איבערן סידורל: *) לא כן הרשעים, כי אם כמוץ, אשר תדפנו רוח.

מעכעלע איז געשטאַנען פאַרן טויער, געקוקט אויפן מארק אין וואָעל און געטראכט וועגן נתן חיימען. ער האָט צוגעזאָגט דעם יינגל עפּעס אים פאַרצושרייבן, איבערקוקן דאָס וואָס ער שרייבט און געטאָן האָט ער ביידע נישט. ער האָט איצט געטאָן א נדר, באַלד נאָך יום־טוב, די אָוונטן וועלן שוין זיין לענגער, וועט ער אים יעדע נאַכט נאָך דער ארבעט לערנען אָנצו־שרייבן א רוסישן אדרעס, אריינקוקן מיט אים אין א פּויליש לערן־ביכל. ער איז א גוט יינגל, דער נתן חיים, מ׳דאַרף אים אביסל צוזען.

פארנאכט איז די אקושערקע צוריקגעקומען. די קולות פון דער געווי־נערין האָבן געשפּאָלטן די הימלען, נאָר זי האָט איר טראָט נישט פאַרגי־כערט. פּאַוואָליע און מיט ווירדע האָט זי זיך געזייפט און געוואַשן די הענט מיט וואַרעם וואַסער. דערנאָך איז זי אריין אין שלאָפשטוב, אַלע ווילע געטאָן א קוק הינטערן ליילעך, אָפּגעווישט דעם שוויס פון פּערעלעס געזיכט, איר געטאָן אַ גלעט: טייערינקע, שוין נישט לאַנג, שוין נישט לאנג און זיך צוריק אוועקגעזעצט באַקוועם אויף אַ שטול לייענען א בוך, וואָס זי האָט שטענדיק געטראָגן מיט זיך אין איר וואַליזקעלע.

די אלטע נאַפּטשאַרקע האָט זיך דערמאָנט אז נישט דער אידעם און נישט ס׳יינגל האָבן עפּעס געגעסן, איז זי, אַ פארצוגטע, א פלאַטערנדיקע, צו צו דער פּליטע און געמאכט וועטשערע פאַר די צוויי מאַנצביל, א ביסל יויך, א שטיקל עוף און זיך אליין אויך געזעצט צום טיש דערכאַפּן ס׳האַרץ.

נתן חיימען איז דאָס עסן נישט באקומען. יידן זיצן איצט אין סוכה און דאָ, מעכעלע, עסט אין שטוב. ווי קאָן ער אליין זיך נעמען דאָס עסן אין סוכה אריין? ער וועט דאָך מבייש זיין דעם מיינסטער.

אין מיטן עסן זענען די געשרייען אין שלאָפשטוב געוואָרן געדיכטער און שטאַרקער. די אַלטע נאַפּטשארקע האָט געלאָזט דעם טעלער עסן און אוועק פון טיש העלפן דער אַקושערקע, אויך מעכעלע האָט שוין דאָס עסן נישט געענדיקט. ער האָט ווידער גענומען שפּריזן ארום דער שטוב ווי אין הקפות, נאָר אָן דעם אָנגעצונדענעם לעמפּל אין די הענט. פּלוצים האָט זיך דערהערט דאָס ערשטע געוויין פון עופהלע. באַלד האָט אין דער אָפענער טיר זיך באַוויזן מעכעלעס שוויגער מיט ליכטיק־צעגליטע אויגן:

— מזל־טוב דיר, טאַטע, ׳אָסט אַ טאָכטע׳ ביז הונדערט און צוואָנציק יאָר.

---

*) נישט אַזוי די רשעים, נייערט ווי דער שפּריי, וואָס אַ ווינט פאַריאָגט אים.

# קאַפּיטל צווייאונצוואַנציק

פריער האָט נתן חיים גאָרנישט געוווּסט אַז דער ברודער וועט אים אַזוי אויספעלן. איידער אברם יאנקל איז אוועקגעפאָרן פון ראָדעם איז אים אפילו נישט איינגעפאַלן אַז ער איז געוואָרן אַזוי צוגעבונדן צו אים.

אויף גאַנצע דריי יאָר יינגער, האָט ער אינדערהיים ווייניק וואָס זיך אָנגעקערט מיטן ברודער. צוזאַמען אין חדר זענען זיי נישט געגאַנגען. אפילו די שפּילן מיט די חדר־יינגלעך האָט ער ווייניק מיטגעמאַכט. אליין אַ פּויער־רישע נאַטור ווי דער טאַטע זיינער, יערמע דוד, איז באַלעק, דאָס פּוילישע פּויערים־יינגל, אים, נתן חיימען, גיכער געווען צו זיין געמיט ווי די יידישע חברימלעך אין חדר. דאָ אָבער, אין ראָדעם, האָט ער נישט באַלעקן און קיין אנדערע יינגלעך פון זיינסגלייכן זענען אויף דעם הויף אויך נישטאָ, נעמט אברם יאנקל און פאָרט אויך אוועק!

מילא, אין די ערשטע טעג סוכות, ווען מ׳האָט זיך געריכט יעדע מינוט די מיינסטעראָווע זאָל געלעגן ווערן, איז ער אויך געווען צעטראָגן און יינגלעך זענען אים נישט געלעגן אין זינען. איצט אָבער, אַז די מיינסטע־ראָווע איז שוין ב״ה איבערגעקומען, זעט ער זיך ארום ווי עלנט ער איז. גאַנץ סוכות האָט ער נישט וווּ זיך אהינצוטאָן, מיט וועמען צו שפּילן אין ניס, אָדער גלאַט ארויסצוגיין מיט א יינגל אויף דער גאַס.

ווי וווּיל ער האָט געוווּסט אַז ער האָט שוין קיינעם נישט אין שול־געסל, אַז אברם יאַנקל איז שוין דאָרטן נישטאָ, האָט עס אים דאָך געצויגן אַהין. בטבע אַ פאַרבענקטער, אַ נאָכטראַכטער, האָט עס אים אַלעמאָל געצויגן צוריק צו די ערטער, וווּ ער האָט עפּעס איבערגעלעבט, וווּ ער פלעגט זיך שפּילן, וווּ זיי האָבן אַמאָל געוווינט. אים האָט זיך נאָר געדאַכט אַז עפּעס, אַ נישט־זעעוודיקער טייל פון אים, איז דאָרטן געבליבן.

איז ער איצט, כאָטש אברם יאנקל איז שוין דאָרטן נישט געווען, צוריק־געגאַנגען, ווען נאָר ער האָט געקאָנט, אין שול־געסל, זיך פאַרבייגעשלייכט בערעלע יאָסקעס האַלב־איינגעזונקן פענצטערל און געזוכט דעם ברודער, וואָס פלעגט זיצן ביים וואַרשטאַטל מיט א שוך אויף דער קני, מיט א העמערל אָדער מיט אַן אָל אין דער האַנט און קלאַפּן און לאַטן. שבת פלעגט ער צו אים קומען און זיי זענען צוזאַמען געגאַנגען דאַווענען, נאָכן עסן זענען זיי געגאַנגען אויף דער לובלינער גאַס, אין נייעם גאָרטן, דאָרטן געזעסן אויף

אַ באַנק, געקוקט ווי מענטשן גייען פאַרביי און געחלומט וואָס זיי וועלן זיין ווען זיי וועלן אויפוואַקסן. ער, נתן חיים, וועט זיך קויפן אַ פידל, ער וויל זיך לערנען שפּילן אויף אַ פידל. ער וועט זיך אויך לאָזן וואַקסן לאַנגע האָר, ווי דער קלעזמער, וואָס האָט אַזוי שיין געשפּילט אויף זיין פידעלע, אויף יענער חתונה, וואָס ער, נתן חיים, האָט געזען אין דער ראָדעמער טאַנץ־סאַליע, אויפן קיילעכדיקן מאַרק.

— וועס? ׳עסט גוט׳ ווערן אַ קלעזמע׳? — האָט אברם יאַנקל געלאַכט פון אים.

ווי צום שול־געסל, אַזוי פלעגט עס אים אויך ציען צו די זאמד־פעלדער, אַרויף דאָרטן, אויף דער וואַרשעווער גאַס, וווּ די רויט־ציגלנע קאַזאַרמעס שטייען, וווּ לייבל משה, דער עלטסטער ברודער האָט געדינט דעם קיסר. איצט זענען ביידע ברידער אַוועק און ער איז געבליבן אַליין אין דער גרויסער שטאָט, איינער אַליין, האָט ער זיך גענומען טוליען צום קוזין. ווי ווייל דאָס גיין אַהין איז אים נישט געווען צום געמיט, איז דאָך נתן חיים יעדן שבת נאָך וואַרעמעס געגאַנגען צום קוזין אברהם גוט־שבת ביטן. שיינדעלע, די קוזינקע, אַן אויסגערוטע נאָכן עונג־שבת־שלאָף, נאָך אין דער שלאָף־קאָפּקע אויפן בלאָנדן קאָפּ מיט קודלעס, אין אַ ווייסער האַלקע, אין בלויזן סטאַניקל, מיט נאַקעטע אָרעמס און ווייכע, רויטע שטעק־שיכלעך אויף די באָרוועסע פיס, האָט אים טאַקע אַקעגנגעטראָגן דעם ברייטן „ס׳קאָצל־קימט, אַ גאַסט, אַ גאַסט, ווּוס מאַכסטי גיטע?״ פונדעסטוועגן האָט ער זיך דאָרטן נישט געפילט היימיש.

בטבע אַן ערנסטער, דער היפּוך פון אברם יאַנקלען, וואָס האָט איבּ־גאַנצן אַריינגעראָטן אין דער מאַמע, אין דער מאַמעס ברודער און פּונקט ווי יענער געקאָנט מאַכן פון זיך אַ בלאָזן, קרייען ווי אַ האָן, זיך פאַרקריי־מען ווי אַ לץ אין צירק, זיך שטעלן אויפן קאָפּ, האָט ער, נתן חיים, נישט געקאָנט אַזוי גיך ווערן חבר מיט דעם קוזין אברהמס קינדער, ווי דאָס האָט געקענט אברם יאַנקל. זענען טאַקע די קינדער געווען צו אים צוגעבונדן, אים ליב געהאַט און פון אים, נתן חיימען, געמאַכט חוזק, אים פאַרשעמט.

דער משהלע, בלויז אַ קנאַפּ יאָר יינגער פון אים, כאָטש אין קיין שקאָלע איז ער נישט געגאַנגען, נאָר בלויז אין אַ ניי־מאָדיש חדר, האַלט ער זיך שוין פאַר אַ גאַנצן סטודענט און אים פּאַסט גאָרנישט זיך צו חברן מיט אים, נתן חיימען. וואָסי? אַז ער גייט שוין אין אַ היטל מיט אַ לאַקירטן דאַשעק, מעג ער זיך שוין האַלטן גרויס? מאַכן פון אים חוזק? אים רופן פּראָווינצער חיה, קליינשטעטלדיקער צלאַפּ? און אַלץ פאַרוואָס? ווייל ער, נתן חיים, גייט אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, אין אַ יידיש היטל, אין צו־גרויסע, זעלנערישע שטיוול!

ווידער דאָס טעכטערל, עלקעלע, ווי קליין דאָס איז, אַזוי גרויס כפּרה

איז דאָס! קוים צען יאָר אלט, איז דאָס שוין א גאַנצע פּאַניענקע! ר'עדט נאָר פּאָ פּויליאַשו און איר מאַמעשי, די קוזינקע שיינדעלע, וואָלט געוואָלט פון איר מאכן, וואָס נישט? א גרעפין, א פּרינצעסין, גלייך זי וואָלט געווען דעם רבין ר׳ צאָץ׳ס אַ טאָכטער.

פאַרליבט אין מאַן ביז משוגעת, דערביי א פרומע, צניעותדיקע יידישע טאָכטער, האָט זיך שיינדעלע געשעמט ארויסצוווייזן אים יענע ליבשאַפטן, וואָס פארשייטע ווייבלעך „פאַזוואָליען״ זיך. אז ער איז שבת געזעסן ביים טיש און אריינגעקוקט אין א ספר און זיין שיינקייט האָט איר פאַרלויכטן די שטוב, האָט ס׳הארץ זי געצויגן צוצוגיין און אים טאָן א גלעט, א צערטל· זיך א שפּיל טאָן מיט זיין שוואַרצער, פרינצלעכער באָרד, אויסקושן אים דעם קלוגן שמייכל פון זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגן, האָט זי זיך אָבער געשעמט און, דעריבער, אריבערגעטראָגן די גאנצע ליבשאַפט צום טעכ־טערל, וואָס איז איינגאַנצן אריינגעראָטן אין פאָטער. שטאַלטנע און געטאָקט ווי ער, די אייגענע שוואַרצע, ווייך־צעכוואַליעטע האָר, די אייגענע גרויסע, שוואַרצע פלוימען־אויגן, בלויז אביסעלע פארחלומטער, קינדיש נאָך פאַר־קלערט, מיט דעם טוי נאָך פון תמימות אויף זיי.

מער פון די אנדערע קינדער האָט די מאמעשי געכאָליעט און געפּיעש־טשעט דאָס טעכטערל. זי האָט זי געוויקלט אין סאמעט און אין זייד. געלאָזט נייען פאר איר די טייערסטע קליידלעך, געקויפט פאַר איר די פיינסטע לאַקירטע לעטשלעך מיט קורצע, פריצישע שקאַרפּעטן. און אז זי האָט דאָס טעכטערל אָנגעטאָן און פאַרקעמט איר די האָר, איינגעפלאָכטן אין אירע צוויי שוואַרצע צעפּ, רויטע, אָדער ערב יום כפור, צוויי ווייסע אַטלאַס־שלייפן, האָט זי זיך אָפּגערוקט פון טעכטערל אויף א צוויי־דריי טריט, געמאכט „פּו, פּו״, איןביידע זייטן, ווי זי וואָלט זי שוין באַצייטנס אָפּגעבלאָזן פון א גוט־אויג, זי געטאָן א קלאמער איין אין אירע ווייכע, מאַמעדיקע אָרעמס און זי געדריקט צו איר פולן בוזעם:

— אוי, קינד מיינס! מיר זאָל זיין פאַר דיין מינדסטן ביינדעלע.

אָט דאָס עלקעלע, נישט נאָר האָט עס נישט געקוקט אויפן קוזין נתן חיים, נאָר זי האָט פון אים געוויכט ווי ער וואָלט, חלילה, געווען אַ מצורע. ווי נאָר ער האָט זיך אריינגעוויזן אין קאָך־שטוב, איז זי שוין אַנטלאָפן אין אלקער אריין, דערביי נאָך מיט א געלעכטער און אויב זי איז נישט אַנט־לאָפן, האָט זי זיך פארררוקט אין ווינקעלע, אויף דער שלאָף־באנק, געגאַ־פיעט אויף אים מיט אירע צוויי גרויסע אויגן, פול מיט בלוילעכע ווייסלען, אָפּגעמאָסטן אים פון קאַשעקעטל אויף זיין קאָפּ ביז די זעלנערישע שטיוול אויף זיינע פיס, געטאָן א וואָרף אים אין פנים „דזשיוואַק״ (ווילדער) און מיט א געלעכטער גענומען לויפן אין אלקער אריין.

די קוזינקע, שיינדעלע, האָט זיך אפילו אָנגענומען פאַר אים. זי האָט

אים דערלאנגט כיבוד צום טיש, אן עפעלע, א קיכעלע און דערביי כלומרשט אויסגעשייגעצט דאָס טעכטערל:

— קאָזע, נאַרישע קאָזע, — האָט זי גוטמוטיק, פול מיט ליבשאַפט, איר נאָכגעשריגן — וואָס אַנטלויפסטי? עמיץ יאָגט דיך דען?

דעם קוזין אברהם האָט דאָס אויף אן אמת פאַרדראָסן. דאָס יינגל האָט נעבעך נישט קיינעם דאָ חוץ אים, האָט ער נישט געוואָלט מ׳זאָל אים ווידער „אָבראַזשען״, ווידער אים פארטרייבן פון דאנען.

— וואָס אי׳דאָס פאר א כאָכאָטשן! הא? — האָט ער פון טיש אוועק, אין מיטן אריינקוקן אין א ספר, נאָכגעשריגן דעם צעפיעשטשעטן טעכ־טערל. — וואָסי? דע׳ נאר שטיפט דיך?

„א מצווה אויף איר!״ האָט נתן חיים אין דער שטיל זיך געקילט דאָס האַרץ, וואָס דער פאָטער האָט אויף איר געשריגן, אָבער פאַרשעמט פון איר לאַכן פון אים, איז ער סייווי געווען, און פארשעמונג האָט אים שטענדיק מער ווי געטאָן ווי קריגן געשלאָגן און גראָד מיט איר האָט ער געוואָלט זיין גוט. אים איז אויסגעגאנגען ס׳חיות עלקעלע זאָל נישט פון אים לאַכן, זי זאָל נישט ווייכן פון אים. זי איז אַזאַ שיינע! שענער נאָך פון כאַנטשען, שמחהלע פּוטערפלאמס. ער וואָלט איר, עלקעלען, געהאַט אזויפיל צו דער־ציילן. קודם וואָלט ער איר געזאָגט אז ער איז נישט קיין „דזשיוואק״, ער קען גוט לערנען. ער וואָלט איר אויך דערציילט אז דער מיינסטער לערנט אים שרייבן, אפילו רוסישע אדרעסן און פּויליש לייענען לערנט ער אים אויך און ער קען צייכענען שיינע רייזעלעך, אויסשניצן מנורות, אפילו דעם אָרון־קודשל האָט ער אויסגעשניצט, ס׳הענגט אינדערהיים אויף דער מזרח־וואַנט. זאָל זי נאָר וועלן, הייסט ער עס גלייך זיך אַהערשיקן און ער וועט עס איר ווייזן. אויפן לעצטן שבועות האָט ער אויסגעריסעוועט אַן עקדת־יצחק. די גאנצע שטאָט איז זיך צונויפגעקומען הינטערן פענצטער, ווען ער האָט עס אויפגעקלעפּט אויף דער שויב לכבוד יום־טוב. ער וואָלט איר אויך געזאָגט אז ער האָט שוין א פּאָר שטיוולעטן פון אמתע געמזענע לעדער! ער קאָן זיי נישט אָנטאָן, ווייל ער האָט נאָך נישט קיין שקאַרפּעטקעס. געמ־זענע שטיוולעטן קאָן מ׳דאַרף נישט אָנטאָן אויף גראָבע זאָק־אָניצעס, ווי שטיוול. כאָטש, ווען ער האָט אפילו שקאַרפּעטקעס, וואָלט ער אויך די שיך נישט אָנגעטאָן איצט, אין דער בלאָטע אריין. ווי קאָן מ׳דאָס ווינטער, אין שניי, אין רעגן, אָנטאָן אזא פּאָר טייערע קאמאשן? ס׳עט דאָך באלד ווערן פון זיי אַ תל! ווען ער וואָלט געהאַט אַ פּאָר קאַלאָשן איז עפּעס אַנדערש. האָט ער דאָך נישט! אויף פּסח־מערטשעם, וועט ער זיך שוין קויפן שקאר־פּעטקעס, ער וועט זיך אויך לאָזן מאכן א קורצן גארניטער און זיך לאָזן אָנוואקסן לאנגע האָר. אָ, זי וועט שוין זען סארע פּאַצעט ער׳ט אַמאָל זיין! אין זיין עלנטקייט, אין זיין בענקשאַפט נאָך ווארעמקייט, נאָך א ליב

וואָרט, איז נתן חיים געקראָכן דער מיינסטעראָווע אונטער די נעגל, זיך געכאַפּט צו טועכצן, וואָס איר איז גאָרנישט איינגעפאַלן א יינגל זאָל זיין מסוגל דערצו.

געראָטן אין דער מאמען מיט איר איינזעעניש, מיט איר שטענדיק גרייט זיין יעדן צו העלפן, האָט אים שטאַרק געקוועלט וואָס דער מיינסטעראָווע קומט נעבעך אַלץ אָן אזוי שווער, דער עיקר וואָס זי קאָן זיך נישט קיין עצה געבן ביים באָדן דאָס ניי־געבוירענע עופהלע. ווי גרויס בריה זי איז נישט געווען ביים אומגיין זיך מיט א קונה, ביים ארומוויקלען דעם מאַן, מעכעלען, ארום איר מינדסטן פינגערל, אזוי אומבאַהאָלפן איז זי געווען ביים אומגיין זיך מיטן קינד, דער עיקר ביים באָדן עס. יעדן אָוונט, ווען עס איז געקומען צום באָדן דאָס עופהלע, איז איר באַפאַלן א שרעק טאָמער, חלילה, ברעכט זי עס איבער, טאָמער דערטרינקט זי עס. האָט ער, נתן חיים, זיך איינמאָל ארויסגעכאַפּט:

— אַז די מיינסטעראָווע וויל, ׳על יעך בודן ס׳קינד.

פערעלע האָט געטאָן אַ קוק אויף אים ווי ער וואָלט אראָפּ פון זינען:

— אוי, מענטשן! כ׳נעם מיר שוין ס׳לעבן! הערטס נאָר וואָס דעם יונג פאָלט איין!

פערעלע האָט נישט געוווסט אַז דאָס פּראָווינצערל האָט געהאט א טבע צו וועלן אַלץ קענען, נישט אזוי ווייט צוליב קענען, ווי אין ווייזן זיך און דער עיקר טאַקע אַנדערע, אַז אויב ער וויל נאָר, קען ער טאָן אַלץ, וואָס נאָר ער נעמט זיך אונטער. און אונטערגענומען האָט ער זיך, נתן חיימל, נישט נאָר צו טאָן זאַכן וואָס פּאַסן פאר א יינגל, ווי קריצן רייזעלעך, שניצן מנורות און אָרון־קודשלעך, אָדער אָנהאקן א ביסל האָלץ, כאָטש דער טאַטע האָט אים נישט געלאָזט זיך צורירן צו דער האק, נאָר אויך ווייבערישע טועכצן האָט ער זיך געכאַפּט צו טאָן. אז די מאמע האָט געצערעוועט זאָקן, האָט ער ארויסגענומען פון אירע הענט דעם זאָק, אָן ארויפגעצויגענעם איבערן מויל פון גלאָז, די נאָדל־פּאָדעם און אליין געלייגט צערעלעך, געדיכט און גלייך ווי איינגעוועבטע קעסטעלעך. רחל שיעס, דעם קראַוואַט־ניקס טאָכטער, האָט געהאָפטן די וועש פאר איר חתונה־וויפראָווע, האָט ער איר געוויזן אז ער קען פונקט אזוי גוט לייגן די זיידענע פעדעמלעך איבערן אָנגעצייכנטן אות ווי זי, בפרט אז זי האלט פאר די אויגן א ביכל מיט אויסגעצייכנטע מאָנאָגראַמען, וואָס זי מאכט נאָך. די מאמע פלעגט אים אפילו מוסרן:

— נתן חיימל, ס׳פּאַסט נישט א גמרא־בחור זאָל זיך פאַרנעמען מיט ווייבערישע זאַכן! ׳עסט נאָך, חלילה, פאַרגעסן ס׳לערנען.

ווי ר׳האָט שטענדיק געפאָלגט די מאַמע, האָט ער זיך אין דעם נישט

צוגעהערט צו איר. זי האָט אים טאַקע געמוסרט, פונדעסטוועגן האָט עס איר גאַנץ שיין הנאה געטאָן צו הערן ווי ווייבער לויבן אים:

— קיין עין הרע, גאָלדענע הענט!

— זאָאַן מזל זאָל כאַטש אַזוי געראָטן זאַאָן, — האָט זי קרעכצנדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— די מיינסטעראָווע דאַרף ניש׳ מורא האָבן, — האָט נתן חיים זי באַרואיקט, — יעדן ׳אָב געבאָדן מאַאנע ביידע שוועסטערלעך. מאַאַן מאַמע ׳אָט מיך אפילו אָאָסגעלערנט שטעלן ביינקעס.

— אוי, מענטשן, יעדן שטאַרב! — האָט פּערעלע, אינמיטן זייגן ס׳קינד, זיך געקניפּט אין די אָנגערויטיקטע באַקן. — ביינקעס? ווי׳ קימען צי דיר ביינקעס?

נתן חיים האָט זיך איצט געפילט אין דער מדרגה. ער איז, דאַכט זיך, געזעסן ביים פּרעס־קלאָץ און געפּרעסט דענקעלעך, אינדעראמתן איז ער גאָר געוועזן אין די וואָלקנס, אין די הימלען, ס׳האַרץ אין אים האָט געקוואָלן, געזונגען פון פרייד:

— די מיינסטעראָווע מעיג מיע׳ גלייבן, יעדן זוג ניש׳ קאַ ליגן.

אין מיטן דעם געשפּרעך צווישן געזעלן און זיין מיינסטעראָווע איז אַריינגעקומען מעכעלע, דער מיינסטער. פּערעלע, מיטן קינד ביי דער ברוסט, די פיס אויפן פוסנבענקעלע, איז גלייך געטאָן אַ פּאָר ארויס מיט דער נייעס:

— אוי, העיע נאָ׳ מאַכל, ע׳ זוגט דאָך ע׳ קען באָדן אַ קינד און אפילו שטעלן ביינקעס!

מעכעלע האָט ממזריש געטאָן אַ גליטש־איבער די צוויי שוואַרצע ציגיינער־אויגן פון ווייב אויפן געזעלן:

— און אַ קאַנע מאַכן קענסטי אויך?

נתן חיים איז געוואָרן רויט פון בושה. מיטאיינמאָל איז פון אים אויס־געראונען די גאַנצע הייטערקייט, די אויפגעלייגטקייט, דאָס זיסע געפיל פון ווערן באַוווּנדערט. ער האָט איינגעגראָבן די אויגן אין דענקעלע, געקוקט דאָס גליאיקע פּרעסאייזן איבער דער נאָט גיך, גיך, ווי ער וואָלט מיטן גליטשן דאָס אייזן, ווען אַוועקגליטשן די פּאַרשעמונג, אָבער די פּאַרשעמונג איז פון אים נישט אַוועק. חוזק, וואָס עמיץ טרייבט איבער אים, פּאַרגייט נישט אַזוי גיך אין נתן חיימען:

— דע׳ מיינסטע׳ דאַרף ניש׳ פין מיע אַזוי לאַכן, האָט ער געזאָגט שטיל, נישט אויפהויבנדיק דעם קאָפּ.

— הער אים ניש׳, נתן חיימל, — האָט די מייסטעראָווע געפּרוווט אים איינגעמען מיטן פאַרצערטלען זיין נאָמען. אויב דער קליינער קען טאַקע אויסבאָדן ס׳קינד, וועט עס דאָך זיין פּאַר איר ווי פון הימל:

— דו נאַר מיט דיינע געלעכטערלעך! — האָט זי כלומרשט בייז, נאָר אינדראַמתן פול מיט ליבשאַפט געטאָן א זאָג צום מאַן און באַלד האָט זי צוריק אויסגעדרייט איר בליק צום ייִנגל, — נתן חיימל, דעם מיינסטער צו להכעיס, וועסטו מיר היינט אויסבאָדן ס׳קינד, — דערביי האָט זי אַזוי חנעוודיק אַרויסגעשטעקט צום מאַן דעם שפּיץ פון איר צינגל, א רויטס, א רייצנדיקס, אוועקגענומען דעם עופהלעס פּיסקעלע פון דער ברוסט, א פולע, אָן אָנגעקוואָלענע מיט מילך, זי אַריינגעשטופּט אין ווייסן סטאַניק און פאַרקנעפּלט די קנעפּלעך.

נתן חיימען האָט שוין דאָס גאַנצע עסק באַנג געטאָן. צו וואָס האָט ער זיך באַדאַרפט אַרויסכאַפּן אַז ער האָט געבאָדן די שוועסטערלעך? עס איז אָבער נישט אין זיין טבע צו האָבן חרטה. ער האָט פיינט מענטשן זאָלן מיינען ער קען נאָר פּיסק־מלאכה:

— אָבע׳ די מיינסטעראָווע זאָל מיע׳ גוניש׳ ציהעלפן, — האָט ער זיך מיט איר אויסגענומען.

מעכעלע האָט אָפּגעשטעלט דאָס נייען. דער לץ אין אים האָט אים ווידער געטאָרעט צו מאַכן אַ הלצהלע מיטן געזעלן:

— אָבער קיקן ׳עט מ׳ מעיגן? צי מ׳עט דאַרפן קויפן בילעטן?

— נתן חיימל, — האָט די מיינסטעראָווע, מיטן עופהלע אין די אָרעמס, גיך גענומען צערייבן דעם מאַנס חכמהלע. — הער אים ניש׳ קענסט דאָך שוין דיין מיינסטער. ער האָט נאָר ליב צו מאַכן געלעכטערלעך.

ווי אַ געשיקטע וואַרטאָרן האָט נתן חיים, אין אָוונט, זיך גענומען צוגרייטן די באָד פאַרן קינד. קודם האָט ער אין דער ווייס־עמאַלירטער שיסל אַריינגעגאָסן הייס וואַסער. איצט האָט ער פאַרשאַרצט דעם אַרבל פון לינקן אָרעם און געפּרוווט מיטן נאַקעטן עלנבויגן צי דאָס וואַסער איז נישט צו הייס, דערביי האָט ער ביסלעכווייז צוגעגאָסן פון דער שעפ קאַלט וואַסער. ס׳וואַסער געשטעלט, האָט ער אַריינגעטאָן אין שיסל ריינע ווינדע־לעך, ס׳זאָל זיין ווייך, דעם עופהלעס קערפּערל זאָל נישט באַרירן די האַרטע וואַנט פון דער שיסל. איצט האָט ער גענומען ס׳קינד פון וויגל, עס אוועק־געלייגט אויפן בעט, פאַוואָליע אַראָפּגעוויקלט די לאַנגע וויקל־שנור און אינעם העמדעלע עס גענומען אין לינקן אָרעם, דערביי האָט ער צערטלעך געהאַלטן ס׳קעפּעלע ביי זיין ברוסט, פאַוואָליע זיך איינגעבויגן און, צוזאַ־מען מיט זיין אָרעם אַריינגעטאָן ס׳עופהלע אין דער שיסל וואַסער. מיט אַ ווייך פלאַנעלן טיכל האָט ער געשוווענקט דעם קינדס ברוסטל, ס׳בייכל, די איינגעקורטשעטע ליטקעלעך, פאַרזיכטיק אפּערגעוואַשן דעם ברוד פון אונטערן העלדזל און, פונקט ווי די מאמע זיינע, געטאָן א וויש מיטן נאַסן שמאַטקעלע איבער די ליפּעלעך, דאָס קינד זאָל זיך באַלעקן און אויפהערן

ווינען. אָפּגעבאָדן דעם טייל האָט ער, אין אָרעם, איבערגעקערט דאָס עופּהלע מיטן פּנימל אַראָפּ און גענומען וואַשן און שווענקן ס׳פּלייצעלע, דאָס געפּאַלבטע געזעסל, ס׳קערקעלע און אויך לייכט, קוים־אָנרירנדיק ס׳ווייכע, ציטערדיקע מוחעלע, אָפּגעוואַשן ס׳קעפּל מיט דעם קלומפּ שוואַרצע, ווייכע הערעלעך. איצט האָט ער גיך איינגעהילט דאָס קינד אין אויסגעשפּרייטן, ווייך־פּלאַנעלן ליילעכל און דערלאַנגט דער מוטער אין די אָרעמס עס אָנצוזייגן.

אין אָנפאַנג, ביים אָנגעטרויען דעם יינגל ס׳עופּהלע, איז פּערעלע געשטאַנען הינטער אים אין איין שרעק. אירע אומרואיקע אויגן, איבער נתן חיימס קאָפּ אריבער, זענען נאָכגעלאָפן זיין יעדן קער און ריר, פּונקט ווי א געבונדן, הילפלאָזן, דערשראָקן בעל־חי, ווען עמעץ פאַרעט זיך מיט אירע ניי־געבוירענע יונגע. אָבער ווי נאָר זי האָט געזען ווי געשיקט דער קליינער נעמט דאָס קינד אין זיינע אָרעמס, ווי ער געדענקט די מינדסטע קלייניקייט, אפילו צו לאָזן אויפן קינד ס׳העמדעלע, ס׳זאָל זיך נישט פאַר־קילן איידער ער נעמט עס אין וואַרעמען וואַסער אריין, איז די מורא פון איר אויסגערונען און זי איז פול געוואָרן מיט שטוינען, מיט באַוווּנדערונג. אָפּגערוקט אויף א טריט פון אים, איז זי געשטאַנען אָן לשון און געקנייפּט דעם מאַן, וואָס איז געווען פאַרגאַפט נישט ווייניקער פון איר. נאָר איצט, אז דער קליינער פּענדריק האָט שוין געהאַט איבערגעגעבן דאָס קינד צו דער מוטער, אָנצוזייגן עס, האָט מעכעלע, פּונקט ווי פּערעלע, נאָכגעלאָזט דעם אָטעם, די שפּאַנונג איז פון אים אוועק און דער לץ אין אים איז צוריק אָנגעלאָפן. ער האָט געשווינד געטאָן א דריי אויס דעם געזעלן מיטן פּנים צו זיך:

— כ׳האָ׳דעך גאָרנישט געוווּסט אז די קענסט זיין א פאַרשטשיק אויך. דערביי האָט ער אים מיט ליבשאַפט אָפּגעשטופּט פון זיך, און אים, ווי תמיד, אונטערגעיאָגט: — א סוף, א סוף, שטיי נישט, ס׳ווערט שפּעט!

# קאַפּיטל דרייאונצוואַנציק

וואָס טיפער אין ווינטער, אַלץ עלנטער, אַלץ מער פאַרלאָזן און אַליין, האָט זיך נתן חיים געפילט אין דער שטאָט ראָדעם. די גאַנצע וואָך איז ער געווען פאַריאָגט ביים נייען און פרעסן היטלען, אין גיין א גאַנג פאַרן מיינ־סטער, גיין איינקויפן אין שטוב אַריין פליש פון קצב, גרינס און אויבסט פון מאַרק, עסנוואַרג פון שפייז־געוועלב, צו דעם נאָך היטן ס׳קינד, אָט וויינט עס, דאַרף ער אַריינלויפן עס צוּוויגן, אָדער אַרויסלויפן פאַרן טויער אַריינרופן די מיינסטעראָווע, זי זאָל עס אָנזייגן, יעדן אויפדערנאַכט דאַרף ער עס אויסבאָדן און דער דאָנערשטיק שטייט אויך נישט אויף אָן אָרט. איידער מ׳קוקט זיך אום איז שוין ווידער דאָנערשטיק און ער דאַרף שוין אויפסנייַ וואַשן די פּאָדלאָגעס אין יידע שטובן לכבוד שבת. ערשט דאָס לערנען זיך שרייבן! יעדע נאַכט, ווען אַלע שלאָפן שוין, טריפט ער אָן א ליכטל אויפן ברעטל פון דער מאַשין און זעצט זיך שרייבן א שורה־גרוסל, נאָכשרייבן די רוסישע און פּוילישע בוכשטאַבן, אַביסל חשבונען, וואָס דער מיינסטער ווייזט אים צו.

האָט ער אין דער וואָכעדיקער פאַריאָגטקייט קיין צייט נישט געהאַט צו פילן דעם עלנט, די פאַרלאָזנקייט. דאָס דריקעניש פון פרעמדקייט, פון זיין אַליין, איז אים באַפאַלן שבת, ווינטערדיק־כמורנע, רעגנדיקע, קאַלטע שבתים. זעלטן ס׳זאָל אין אַזא שבת אויפשיינען די זון, ס׳זאָל זיך עפּעס גלוסטן. נאָר ווען יאָ? וואָס, אַשטייגער, וואָלט זיך אים געגלוסט?

איז ער שבת נאָך דער סעודה געזעסן ביי דער ווייס־איבערגעדעקטער מאַשין איינער אַליין. אין שטוב איז שטיל. די הערשאַפטן שלאָפן אין אַלקער דעם עונג־שבת־שלאָף און ער קוקט אַרויס אין כמורנעם דרויסן און טראַכט אַז געגלוסט וואָלט זיך אים שטאַרק צו ריסעווען. זינט ער איז אַוועק פון דער היים האָט ער נישט אויפגעריסעוועט קיין איין רייזעלע, קיין פערדל, קיין ציג אָדער א קו אויף דער פּאַשע. און גראָד ריסעווען האָט ער אַזוי ליב! אָ, ווען ער וואָלט נאָר צייט געהאַט! ס׳ערשטע וואָלט ער אויפגעריסעוועט דעם שור־הבור מיטן לויתן און ער וואָלט דאָס נישט געמאַכט מיט א שוואַרץ שרייב־פּענדל. מיט אַלע קאָלירן וואָלט ער דאָס אויפגעמאַליעוועט, ווי לעבעדיק! דער שור־הבור, אַ רויטער מיט ווייסע פלעקן פּאַשעט זיך אויף א גרינער לאָנקע. אַרום און אַרום דער לאָנקע

וואָלט ער אויפגעריסעוועט דעם ים הגדול. שאַ. וואָסער קאָליר איז דער ים? בלוי צי גרין? אין ים וואָלט ער אויפגעריסעוועט דעם לויתן, ווי ער האלט ארומגענומען די וועלט, מיטן וויידל אין מויל. ער וואָלט זיך אויך געקויפט אַ שעכטל דינע זעגעלעך און גליטקעלעך און האָלץ־דיקט און ער וואָלט אויסגעשניצט אַן אָרון־קודשל מיט צוויי לייבן מיט כתרים*) אויף זייערע קעפּ און צוויי כרובים**) מיט פליגלען אויףביידע טירלעך. שבת וואָלט ער מיט דעם געגאַנגען צום קוזין אברהם. ער וואָלט דאָס עלקעלען נישט באַלד אוועקגעגעבן. זי איז א שלעכטע! צום ערשט וואָלט ער צו איר געזאָגט:

— ווייסט ווּס יעך 'אָב? — זי וואָלט שוין איצט נישט אנטלאָפן אין אלקער אריין. זי וואָלט גלייך צוגעקומען צו אים:

— וואַז, וואָס 'אָסטי?

— טרעף.

— יעך וויל ניש' טרעפן.

— 'על יעך דיע' ניש' וואאזן.

— איז ניש'.

— ס'איז אָבע' א שיינע זאך. ס'עט דיע' באַנג טיע'.

— וואַז.

— 'עסט מיע' ציזוגן 'עסט מעיע' פין מיע' ניש' לאכן, 'על יעך דיע' וואאזן.

— ניין, וואז פריע'.

— זוג פריע' צי.

— גיט, יעך זוג צי.

ערשט איצט וואָלט ער איר געוויזן דאָס אָרון־קודשל, דעם שור־הבור מיטן לויתן:

— זעיסט ווּס יעך האָ' געמאכט פאַ' דיע'!

עלקעלע וואָלט פון גרויס פרייד געטאָן א פּאַטש מיט די הענט:

— אוי ווי שיין! — זי וואָלט צוגערופן די קוזינקע שיינדעלע: — מאַמעשי! מאַמעשי נאָר זען וואָס ער 'אָט געמאַכט.

האָט ער אָבער א גאנצע וואָך קיין צייט נישט צו ריסעווען, צו שניצן און שבת, ווען ער האָט יאָ צייט, טאָר א ייד גאָרנישט טאָן חוץ שלאָפן און אריינקוקן אין א ספר. וויל ער אָבער נישט שלאָפן און אין ספרים קוקט ער גענוג אריין. שבת אינדערפרי, נאָך פארן גיין דאווענען, איז ער מעביר

*) קרוינען.

**) געפליגלטע מענטשלעכע פיגורן.

די סדרה פונקט ווי אין דער היים, *) שנים מקרא ואחד תרגום. אַ פּרשה חומש און רש״י לערנט ער יעדן פרייטיקצונאַכטס נאָכן עסן. אַ בלאַט גמרא לערנען אין שטוב קען ער נישט. דער מיינסטער האָט נישט קיין ש״ס. חוץ אַ חומשל מיט אַ סידור, האָט ער נישט קיין שום ספר. האָט ער איינמאָל, שבת נאָכן עסן געפּרוּווט אַריינגיין אין בית מדרש אַריינקוקן אין אַ ספר זענען אים די ייִנגלעך באַפאַלן. אין די ווינטערדיקע שבתים איז דאָ פּונקט ווי אין מאָדזשיץ. אַז אינדרויסן איז קאַלט, קלייבן זיך כאָפּטעס ייִנגלעך צוזאַמען אין געהייצטן בית מדרש. קיין לערנערס זענען דעמאָלט נישטאָ. באַלעבאַטישע ייִדן — אויך נישט. זיי האָבן אין דער צייט הנאה פון אונג־שבת־שלאָף, אַזוי אויך דער שמש, וואָס כראָפּעט דאָרטן, אינדערהיים, אונ־טער די פּערענע. נעמען די אָנגעלאָפענע ייִנגלעך איבער ס׳בית מדרש. לויפן ארום באלעמער, א שפּיל אזא אין יאָגעלעך, וואָס איינער דרייט זיך אַרום מיט פאַרבונדענע אויגן און זוכט בלינדערהייט עמעצן צו כאַפּן. זיי קערן אויך איבער די טישן און בענק. אז ער, א נישט היגער, איז יענעם שבת אריינגעקומען, האָבן זיי גלייך אים געכאַפּט, אריבערגעצויגן אים די קאַפּאָטע איבערן קאָפּ, זי פאַרבונדן מיט א גארטל און אזוי, א בלינדן, מיט אויסגעשטרעקטע הענט, אים געוואָרפן הין און צוריק ווי אַ באַלעם.

האָט ער נישט אין די שבתים וואָס מיט זיך צו טאָן, כאָטש נעם און שלאָג זיך קאָפּ אין וואנט. אין שטוב איז אזוי שטיל! מ׳הערט נישט קיין זשום פון קיין פליג. ס׳קינד שלאָפט, דער מיינסטער איז פאַרקראָכן אונטערן איבערבעט, אַזוי אויך די מיינסטעראָווע. די מאַשינען זענען איבערגעדעקט מיט א ווייס ליילעך. אויפן טיש ליגט ס׳שבתדיקע טישטעך. קרישקעס חלה וואַלגערן זיך נאָך. די צוויי זילבער־לייכטער שטייען פאַרטריפטע, מיט פאַרקאָפּטשעטע רערלעך, געניצן מיט שוואַרצן אומעט נאָך די אויסגע־גאַנגענע ליכט.

שטיל, אויף די שפּיץ פינגער, האָט ער זיך צוגעשאַרט צו דער טיר און איז ארויס אינדרויסן, א כמורנער, קאַלט־נאַגנדיקער דרויסן. דער אָנגע־פאַלענער שניי איז שוין געווען ברודיק, בלאָטיק, מיט געלבלעכע גריבע־לעך ארויפצו־צו, ביי די ווענט, וואָס ייִדן האָבן געמאכט, נאָכן האָבן דאָרטן משתין געווען. גרויע שפּערלען האָבן ארומגעהאָפּסלט איבער דער ברודי־קייט, געפּיקט מיט די שנעבעלעך די קרישקעס, וואָס גוטהאַרציקע באַלע־באָסטעס האָבן ארויסגעוואָרפן ביים אויסטרייסלען א טישטעך, א שבתדיקע סערוועט. א קראָ איז אָנגעפלויגן, א נישטער געטאָן מיטן שנאָבל און זיך באַלד אוועקגעטראָגן אין אנדערן עק הויף, צו די אָפּטריטן, צו די סקלאַ־דעס און זיך געשטעלט גאַפּיען פון פאַרקאָן אראָפּ.

*) צוויי מאָל חומש און איין מאָל די איבערזעצונג.

אין מיטן דער וואָך איז גראָד לעבעדיק אויף דעם הויף. אַ גאַנצן טאָג איז דאָ א יאריד. ס׳טויער רוט נישט א מינוט. געלאָדענע וועגן און פלאט־פאָרמעס ציען דאָ איבערן ברוק אריין און ארויס פון הויף. יידן שמאַיען דאָ ארום ביז שפּעט אין דער נאכט אריין. א גאנצן טאָג, ביז שפּעט אין די אָוונטן, טראָגט זיך ס׳געקרויש פון נייי־מאשינען, פון שטאַמסן, ס׳קלאפּן פון שטעקעלעך ביים וואטע־מאַכער און דאָס געזאנג פון די יונגען און מיידן ביי דער ארבעט. איצט איז אָבער נישט אינמיטן דער וואָך נאָר שבת־קודש, איז שאַ, שטיל, יידן שלאָפן דעם עונג־שבת־שלאָף, אָבער וואָס זאָל ער טאָן?

פון דער אנטקעגנדיקער אָפיצינע זענען ארויסגעקומען דעם טאַנדיי־טערס צוויי זין. זיי זענען א ווײַלע געשטאנען אויפן שטיינערנעם בריקל. צוויי הויכע, שווארץ־ראסאָווע יונגעו מיט רויטע באַקן און פייערדיקע אויגן. ביידע אין ווינטער־טוליפּלעך מיט קאראקולענע, שאליאָווע קעלנער, אין שמאָלע, יידישע היטעלעך אויף די קעפּ, ווייסע שאליקלעך ארום די העלדזער און ניי־גלאנציקע קאלאָשן אויף די געמזענע שטיוולעטן. ווי צוויי פּלוצים אָנגעפּלויגענע פייגל זענען זיי געשטאַנען, געשניפּט אַ ווײַלע דעם דרויסן און באלד זיך פארנומען אין טויער אריין.

נישט לאַנג נאָך זיי, האָבן זיך ארויסבאוויזן די דריי שוועסטער. שלאַנקע מיידן מיט הויכע ביוסטן און רויטע, דאָרפישע באקן. אויף די קעפּ, שווארץ־גלאַנציקע ווי ביי ציגיינערינס, האָבן זיי געטראָגן היט מיט סאַמעטלעך. די פוטערנע קעלנער, גרוי־זילבערדיקע האָבן אויסגעזען ווי זיי וואָלטן געהאט וועלף ארום זייערע העלדזער, לעבעדיקע וועלף מיט קעפּ און גליאיקע אויגן און נאַסלעך־ניוכעדיקע נאָזדרעס. די הענט האָבן זיי געהאט פאר־שטעקט אין מופטעס, רונדיקע ווי פּעסעלעך, גרוי־זילבערדיקע ווי די קעלנער.

פון בריקל אַראָפּ האָבן די מיידן דורכגעפּאַרשט דאָס סטעזשקעלע דורכן ברודיקן שניי און באַלד געגומען טריטלען זייטיקלעך, מיט קונציקע איבער־היפּערס, נישט איינצוריכטן, חלילה, די גלאַנציקע קאלאָשעלעך.

דאָס דורכשוועבן פון די מיידן אַזוי נאָנט, האָט אין נתן חיימס נאָז־לעכער געלאָזן דעם שארפן ריח פון שמעקעדיקן זייף, פון שמעקעדיקע וואַסערלעך, וואָס נאָר חציפות באשפּריצן זיך מיט אזעלכע.

וווהין גייען זיי איצט? זיי זענען דאָך חציפות! יידישע טעכטער טאָרן זיך נישט וואשן שבת מיט קיין זייף. זיי גייען אוודאי טאַנצן אויף דער סאליע דאָרטן, אין קיילעכדיקן מארק. אָ, ער קען שוין די סאַליע!

אין א פּאראדנעם ארייגאנג, מיט ברייטע, רויט־געפּארבטע טרעפּ, אויס־געבעטט מיט אַ ווייכן כאָדניק, האָט ער, נתן חיים, איינמאָל אין אַן אָוונט זיך געהאט אַרויפגעגנבעט. מאמעלע! וואָס דאָרטן האָט זיך געטאָן!

ס'ליכט פון די זשיראַנדאָלן האָט פאַרבלענדט די אויגן. א גראַמאָפאָן האָט געשפּילט אזוי פאַרשייט אז ער, נתן חיים, האָט זיך געמוזט צוהאלטן די אויערן. א פּאַרשוין אין א שווארצן פראַק, מיט א בלימעלע אין לאַץ און א זיידן טיכעלע אין ברוסט־קעשנקעלע, האָט קאָמאַנדעוועט מיט א פולע סאַליע יונגען און מיידן ווי אן אָפיציר מיט וואָיסק. ער האָט געפּאָכעט מיט זיין ווייס, אויסגעאיידלטע האנט אין דער לופט און געשריגן: „אננא־וואַ״!
און די יונגען און מיידן, אויסגעשטראָצלטע, פאַרשוויצטע ווי דער פעטער עשו, האָבן אים נאָכגעשוועבט אין רעדער, אין לאנגע קאָליעס, דורכגע־צויגן זיך דורך אונטערגעהויבענע אָרעמס, ביז פון אלע פּאָרלעך איז גע־וואָרן איין גרויסער בינט, איין גרויסער פלאָנטער, דערביי האָבן זיי אַלע געלאכט אזוי פאַרשייט און די מיידן זענען געגאנגען מיט נאַקעטע אָרעמס און די העלדזער אזוי טיף דעקאָלטירט אז מ'האָט ביי זיי אַרויסגעזען העלפט פון די ברוסטן און זיי האָבן זיך געקושט מיט יונגען אויך, ער האָט אליין געזען! אין דעם טאַנץ־זאַל טאַקע, נאָר אויף א חתונה, האָט ער דאָס געזען דעם קלעזמער מיט לאנגע האָר. ס'בלאַסע פּנים, אַן אויסגעאיידלטס, איז אים געווען אָנגעלענט אָן פידעלע און ער האָט געשפּילט אזוי זיס אז מ'האָט געקאָנט צעגיין פון מתיקות.

נתן חיימען איז געקומען אויפן זינען דעם פעטער יחזקאלס זון, דער אויסגעבלייכטער סטודענט. גייט ער אויך אויף סאַליעס טאַנצן? אָדער ער קוקט אריין אין אַ ספר, ווי זיין פאָטער? און וואָס, אשטייגער, טוט איצט וועלוועלע? דער מיינסטעראָוועס ברודער. ער איז דאָך אַ סטרייקער און סטרייקער קוקן דאָך נישט אַריין אין קיין ספרים, זיי גלייבן דאָך נישט אין גאָט, גייען זיי אויך אויף סאליעס טאַנצן מיט די מיידן? פע! אזעלכעס פּאַסט נישט פאַר סטרייקער!

אין טויער האָט זיך באַוויזן דער הויכער ראָך, דער געשטופּלטער סטרוזש מיט די שוואַרצע, שווערע וואָנסעס און שמאָלן, טעמפּן שטערנדל. צוזאַמען מיט אים האָט זיך פון דער געעפנטער טיר אין זיין שטיבל, אונטער די טרעפּ דאָרטן, אָנגעטראָגן דער ריח פון געפּאַרעט קרויט און געריישטע חזיר־גריוון.

— אַ טי? — האָט ער אַ ברום געטאָן צו נתן חיימען. — שטייסט און גאַפּיעסט? וואָס גאַפּיעסטו אין דער בלאָטע אריין? זעסט עפּעס דאָרטן? — ער האָט אַ וויטן שפּיי געטאָן, מיט א סווישטש, ווי דער קנאַק פון א בייטש און גענומען גיין אראָפּ אין הויף, צו די אָפּטריטן. „דזשיוני זשידעק״ (א מאָדנע יידעלע), האָט ער געברומט צו זיך. פון זינט יענעם שבת ווען דאָס „זשידעקל״ האָט זיך אונטערגעשטעלט צוצוגיין צו דער שטאָל און אריינגעבן דעם בולדאָג עסן, האַלט ער, ראָך, אים אויפן אויג. עפּעס איז ער

גאָרנישט ווי אַנדערע ייִנגלעך. נישט ער לאָבוזעוועט אַרום און נישט ער האָט אַ ניוך פאַר די „דזשעוווּכעס". ער, אין דעם קלייִנעמס עלטער, איז דאָך נאָכגעלאָפֿן אַלע „דזשעוווּכעס" (מיידלעך) אין זיין דאָרף.

נתן חיימען איז געוואָרן קאַלט פֿון דעם שטיין אָנגעשפּאַרט אָן דער שטיינערנער וואַנט. ניין, אים האָט זיך היינט נישט געגלוסט צו גיין צום קוזין אברהם גוט־שבת־ביטן. ער איז אַריין אין שטוב שטילינקערהייט און זיך געזעצט צום טיש זאָגן ברכו נפשי, געדאַוונט מנחה און זיך קוים דער־וואַרט מ׳זאָל אָנצינדן אַ ליכט. בעסער שוין דער עול פֿון דער וואָך, איידער דאָס נישט האָבן וואָס מיט זיך צו טאָן אַ גאַנצן שבת.

און דער וואָכעדיקער עול האָט זיך אין ראָדעם אָנגעהויבן ווי נאָר מ׳האָט אָנגעצונדן אַ ליכט. שבת פּאַרנאַכט שטעלן זיך אָפּ די גאַרבאַרניעס און די גאַרבערס קריגן אויסגעצאָלט זייער שכירות, צעלאָזן זיי זיך איבער דער שטאָט איינקויפֿן שיך, אַ היטל, אָנטועכץ אויפֿן לייב און אויך עסנוואַרג אויפֿן הייליקן זונטיק. איילן יידן צו עפֿענען די קראָמען אויף אַ שפּעלטעלע כאָטש, אַריינצונעמען אַביסל פּדיון אויף דער פּולער וואָך, און מעכעלע, דער מיינסטער זיינער, איילט זיך מער נאָך פֿון אַנדערע יידן. פֿאַר מעריב נאָך, הענגט ער שוין אַרויס פֿאַרן טויער דאָס שענקעלע מיט היטלען, דאָס שויפֿענצטער זיינס, און אים, נתן חיימען, טרייבט ער שוין באַצייטנס אונטער :

— אַ סוף, אַ סוף, שטיי נישט ! רוף אַריין אַ קונה.

ערשט שפּעט אין אָוונט, פֿאַר האַלבע נאַכט שוין, ווען אַלע שלאָפֿן, אָטעמט נתן חיים אָפּ. איצט איז ער אַ פֿרייער מענטש. ער לייגט טאָקע אַרויף דעם שטרוי־זאַק אויפֿן טיש, בעט זיך אויס ס׳געלעגער, אָבער שלאָפֿן גייט ער נאָך נישט. ער איז אַ וואָרטסמאַן, נתן חיים. ער האָט זיך געגעבן אַ נדר אַלע נאַכט פֿאַרן שלאָפֿן גיין צו מאַכן אַ לעקציע. האַלט ער דעם נדר. ער טריפֿט אָן אַ ליכטל אויפֿן ברעטל פֿון דער מאַשין און זעצט זיך נאָכשרייבן אַ שירה־גרוסל פֿון „בריפֿנשטעלער" אַרויס. טיילמאָל איז דאָס אַ בריוו צו „האָכגעשעצטע אונד פילגעליעבטע עלטערן". אַן אַנדערטמאָל איז עס אַ בריוו צו אַ „האָכגעשעצטען אונד וואָהל־האַבענדען ברודער". אָבער אַמליבסטן האָט ער נאָכצושרייבן די בריוו פֿון אַ „בראָטיגאַם" צו זיין „האָכגעשעצטע אונד עדעלע בראָטע". אים קומט פֿאַר אַז דאָס שרייבט ער אַזאַ בריוו צו עלקעלען. ער האָט אָבער פֿיינט נאָכצושרייבן אַקוראַט וואָס דער „בראָטי־גאַם" זאָגט אין בריפֿנשטעלער. ער פֿאַרטראָגט נישט אָנצורופֿן עלקעלען „מיין הימלעשעס וועזען, מיין נאָבעלער ענגעל". ווי וווּיל ער ווייסט נישט וואָס די ווערטער מיינען, אַנט ער אָבער אַז דאָס זענען חניפֿה־רייד און חניפֿה האָט ער פֿיינט. פֿאַרקערט, ער וויל גאָר עלקעלען אויסמוסרן, אויס־

שייגעצן זי פּאַרוואָס זי לאַכט אָפּ פון אים, פּאַרוואָס זי האַלט זיך גרויס קעגן אים. זאָל זי געדענקען אַז גאָט שטראָפט פאַר האַלטן זיך גרויס, בפרט פאַר אייגן בלוט און פלייש. זי דאַרף דאַנקען און לויבן גאָט וואָס זי איז אין איר היים, ביי טאַטע־מאַמע, נישט ווי ער, וואָס איז נע־ונד אינדערפרעמד. דאָ קומען אים די טרערן אין די אויגן אַריין און ער ווערט אויפסניי אַרומגע־נומען מיט דער בענקשאַפט נאָך דער היים, נאָך דער מאַמען, די שוועסטער־לעך, די בענקשאַפט וואָס ער טרייבט אַזוי עקשנותדיק פון זיך, וואָס ער פּאַרניינט און פאַרלייקנט זי, אָט די בענקשאַפט טויכט אין אים אויף אין די שפּעט־נאַכטיקע שעהן, נאָגט זיין יונג האַרץ, פּאַרצערט דאָס ביסל קינדישע פאַרב פון זיין אויסגעצערט פּנים.

אין דער בענקשאַפט פּאַרגעסט נתן חיים אַלע פּיינען, אַלע בושות, וואָס ער איז זיך אויסגעשטאַנען אינדערהיים פון זינט ער געדענקט זיך. זיין קינדיש האַרץ איז דעמאָלט פול בלויז מיט די גליקלעכע רגעס, וואָס ער האָט אין זיין קורצן לעבן געהאַט. יעדער צאַרטער גלעט פון דער מאַמען וואַרעמט אים איצט אין זיין עלנטקייט. יעדער נישט־בייזער בליק פון טאַטן לייכט פאַר אים אין דער איינזאַמקייט. אָ, ווי גוט ער געדענקט די קאַלטע נעכט, ווען דער טאַטע פלעגט שטילינקערהייט אַראָפּגיין פון בעט און באַרוועס ארומקריכן איבער דער שטוב, צווישן די געלעגערס, זען צי די קינדער זענען גוט איינגעדעקט. ער האָט אויך נישט פאַרגעסן צוצוקומען צו דער שלאָף־באַנק און אויך אים, נתן חיימען ארומגעטאַפּט דאָס איבערבעט. דער טאַטע האָט געמיינט אַז ער שלאָפט, אָבער ער איז נישט געשלאָפן. אָ, ווי ער האָט אין יענע נעכט געגאַרט אַנצוכאַפּן דעם טאַטנס האַריקע האַנט און זי צוציען צו זיינע ליפּן און זי קושן, ווי ער האָט זי געקושט אַמאָל, ווען ער איז געווען קליין און איז געלעגן שלאָף ביים הויכן אייזיק אין שטוב. ער האָט געלעכצט אים צו זאָגן: טאַטע, דו האָסט דאָך מיך ליב, פּאַרוואָסזשע טרייבסטו מיך אַזוי? פּאַרוואָס לאָזסטו מיך נישט אויף די אויגן? האָט ער אָבער דאָס נישט געקאָנט מער טאָן. א גמרא־בחור קאָן שוין נישט טאָן, וואָס אַ קליין יינגל טוט.

ער האָט זיך אויסגעווישט די אויגן. א פאַרקלערטער האָט ער געביסן מיט די יונגע ציין דעם פען־האַלטער: ס׳איז ערשט האַלב כסלו. ביז פּסח איז נאָך דאָ א לאַנגער ווינטער. אָנשטאָט ווייטער ציען די שורות צו עלקע־לען, האָט ער איבערגעמישט דאָס בלעטל אין קייעט און גענומען שרייבן אַ בריוול אהיים. ביז איצט, די קאַרטלעך, האָט פאַר אים דער מיינסטער גע־שריבן, וועט ער איצט, מיט דער אייגענער האַנט שרייבן צו דער מאַמען.

ער האָט נאָכגעקוקט אין בריפנשטעלער און אויפגעשריבן: "האָכגע־שעצטע אונד אומפערגעסלעכע מוטער". דאָ האָט זיך די האַנט אָפּגעשטעלט. ער האָט ווידער גענומען בייסן דעם פען־האַלטער: ניין, ס׳איז נישט גלייך

אזוי. מ'טאָר דאָס נישט! אין דער תורה שטייט פריער *) כבד את אָביך, ווישע מעג ער פאַרשעמען דעם טאַטן? שרייבן בלויז „ליבע מוטער"? ווידער שרייבן „ליבער פאָטער און מוטער" לייגט זיך אים נישט די האַנט. ער איז יערמע דודס זון. ווי דער טאַטע, קאָן ער אויך נישט סתם פּלאַנטערן מיט דער צונג, רעדן רייד, וואָס ער מיינט נישט, זאָגן עפּעס, וואָס ס'האַרץ איז נישט דערביי און ס'האַרץ לאָזט אים נישט זאָגן: „ליבער פאָטער". אײן גאָט ווייסט אז אין דעם גאַנצן קינדער־ווידער האָט ער דאָך ליב דעם טאַטן, ליב **) אהבת־נפש, אָבער די בושות און ווייטיקן, וואָס דער טאַטע האָט אים פאַרשאַפט, זענען נאָך אזוי פריש, נאָך אזוי רוי און אָפן־ווונדיק אײנגעקאַרבט אין זיין יונג לייב און לעבן. ער האָט ווידער איבערגעמישט אַ בלעטל אין העפט און נאָכגעשריבן פון בריפנשטעלער אַרויס:

„האָכגעשעצטע, אונד אומפּערגעסלעכע עלטערן".

„אמערשטענס פאָן מיינעם שרייבען קאָם איך צו בענאַכריכטען פאָן מיינעם ליעבען געזונט, גיבע דער ליעבער גאָט דאַס נעמלעכע צו הערען פון איהנען אָף עיוויג אונד עיוויג אָמן".

ביז אהער האָט דער בריפנשטעלער אים געדינט. דער ווייטערדיקער שפּרוך אָבער האָט זיך שוין גאָרנישט געפּאַסט צו דעם וואָס ער וויל שרייבן. האָט ער אָפּגערוקט דאָס ביכל, אַן אלטס, מיט טינט־פלעקן אויף די פאַרגעלטע, צעריסענע בלעטער און זיך צעלאָזט מיט אייגן לשון:

„שנית, ליעבע עלטערען, קען יעך ענק בענאַכריכטען דוס יעך לערען מיך שראַאבען. אָאָך רישיש אונד פּויליש לערען יעך מיעך. וואַאטע' קען יעך ענק שראַאבען אז מאַאן מאַנסטע' 'אָט מיע' געלאָ'ט מאכען א פּוע' געמזענע שטיוועלעטען. נאָך קען — — —

— צעלייגער מיינער! די הענער קרייען דאָך שוין!

נתן חיים האָט זיך א צאַפּל געטאָן. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן. אין דער אלקער־טיר איז געשטאַנען מעכעלע, אין בלויזן קאָפּ, באָרוועס, אין די ווייסע גאַטקעס מיט די אומפאַרבונדענע בענדלעך, נאָכשלעפּנדיקע זיך אויפן דיל. די ציגיינער־אויגן זיינע האָבן שוין אַ לענגערע ווילע געהאַט נאָכגעפּאָלגט דעם געזעלן, וואָס זיצט דאָרטן ביי דער מאשין, אַ קליין איינגעבויגן הויקערל, נאָר דער שאָטן זיינער פאַלט ווי א ריזיקער בער אויף דער גאנצער וואַנט און אויף אַ האלבן סופיט.

---

*) האַלט ערלעך דיין טאַטן.

**) נשמה־ליבשאַפט.

נתן חיים האָט זיך אויפגעשטעלט, פאַרלאָשן דאָס ליכטל און אין דער פינצטער זיך גענומען אויסטאָן. מיטאיינמאָל האָט אים דאָ דער מיינסטער אַרויסגעריסן פון דער וואַרעמער היים, אוועקגענומען אים פון דער מאַמען, פון די שוועסטערלעך און אים צוריקגעבראַנגט קיין ראָדעם, אין א פרעמ־דער שטוב אריין, אַ שטוב פול מיט היטלען, פארטיקע און האַלב־אויפגע־נייטע, וואָס אלע וואַרטן זיי אויף אים. יענע, אויף די פּאָליצעס — ער זאָל זיי ארומפוצן, גלייכשטעלן, די וואָס ביי די מאַשינען, ער זאָל זיי פרעסן, העלפן אויפנייען, ארייַנרופן פאַר זיי קונים און מעכעלע האָט אלץ נישט גענוג, נאָר ער האַלט אין איין שטורכען אים:

— אַ סוף, א סוף, שטיי נישט! ס׳ווערט שפּעט.

## קאַפּיטל פּיראונצוואַנציק

מער נאָך ווי נתן חיים האָט חנה לאה, די מאמע זיינע, זיך אויסגעקוקט די אויגן דער ווינטער זאָל שוין אריבער און דער ליבער יום־טוב פּסח זאָל מיט מזל קומען. אוודאי ווייסט זי אז אזוי איז דער שטייגער. יינגלעך וואקסן אונטער, צעפּאָרן זיי זיך אין די גרויסע שטעט. וואָס קאָן דען פון זיי ווערן אינדערהיים? אין קליינעם שטעטל? פונדעסטוועגן שניידט איר ס׳הארץ אויף נתן חיימען. אברם יאנקל איז כאָטש מיט דריי יאָר עלטער. ער אָבער, א קינד, נאָך פאַר בר־מצווה און שוין נע־ונד! וואָלט זי כאָטש איינמאָל דורך די קנאַפּע דריי־פערטל יאָר זיך געקאָנט געוועזן אַראָפּכאַפּן קיין ראָדעם, זען ווי אים גייט דאָרט. אברם יאנקל האָט אפילו סוכות אָפּגעגעבן „אַ גריסקע" אז ער האָט דאָרטן זייער א גוט אָרט. נתן חיים אליין באַקלאָגט זיך אויך נישט. איז דאָס אָבער נאָך אלץ א קנאַפּער סימן. אָט האָט זיך אברם יאנקל אויך נישט געקלאָגט, איז ער דען נישט אויסגעשטאנען ביי דעם בערעלע יאָסקעס חיבוט־הקבר? ווען זי אָבער וואָלט נאָר געקאָנט טאָן אַ פאָר אהין, וואָלט זי שוין אַלץ געזען. א מאמען קאָן מ׳נישט גענארן. א מאמע זעט אָן די באקן ווי די ציין קנאקן. האָט זי אָבער נישט געקאָנט טאָן א כאַפּ און פאָרן. זי וואָלט שוין אפשר געפּועלט ביי זיך איבערצולאָזן די דריי מיידלעך אויף יערמע דודס הענט. אָבער די עטלעכע גילדן אויף הוצאות? און ווי קומט דאָס א מאמע צו א יינגל מיט ליידיקן?

האָט זי זיך קוים דערוואַרט אויף פּסח. כאָטש אין אָרעמקייט, האָט זי דאָך, געלויבט זיין ליבן נאָמען, אָנגעגרייט אויף יום־טוב פון אַלעם גוטן. אזוי קאַרגט טאַקע יערמע דוד דאָס שטיקל ברויט אין מויל אריין. נישט חלילה ווייל ער פאַרגינט נישט. פּשוט, די פּרנסה קומט נעבעך אָן מיט קריעת ים סוף. דערפאַר אָבער, אז זיין ליבער נאָמען העלפט, ס׳קומט אַ יום־טוב, בפרט נאָך פּסח, זשאַלעוועט ער נישט ס׳קערבל. חנוכה שוין, ווי נאָר מ׳צינדט אָן ס׳ערשטע ליכטל, דערמאָנט ער זי:

— חנה לאה, מ׳דארף קויפן א גענדזל. אז ס׳דאָ שמאלץ אין שטוב איז פּסח א פּסח!

לויט מיינען אז יערמע דוד איז א שלעכטער טאַטע. זי ווייסט אָבער בעסער. נישטאָ אין גאנץ מאָדזשיץ נאָך א טאַטע, וואָס זאָל אזוי שטרעקן דעם האלדז פאַר זיינע קינדער. וואָס קומט אָבער דערויס? א וויסטע קליפּע

זיצט נעבעך אין אים! א קליפה וואָס לאָזט אים נישט רעדן א גלייך וואָרט צו א קינד. טאָמער איז א קינד נישט אינדערהיים גייט אים אויס ס׳חיות און ער ציילט די טעג עס זאָל שוין זיין אהיימקומען. אָבער ווי נאָר דאָס ייִנגל איז קריק אינדערהיים, ברענט ער אים ווידער די טריט.

אז אברם יאנקל איז געווען ביי דעם בערעלע יאָסקעס, האָט ער זיך קוים דערוואַרט דאָס ייִנגל זאָל שוין פון דאָרטן אוועק. ער האָט געשריגן: באַדיי פאַרפאַלך־לאָזן די שכירות אבי וואָס גיכער פּטור צו ווערן פון דעם גנב, נישט צו זיין אין זיינע דלד־אמות. אָבער סוכות, אַז מ׳האָט שוין דער־לעבט און אברם יאנקל איז אהיימגעקומען, אויסגעדאַרט נעבעך, הויט און ביין, האָט ער דעם ייִנגל גלייך פאַרגעוואָרפן אז ער קאָן נישט אויסזיין אויף אַן אָרט, אז ער האָט פארפאלן געלאָזט ביי בערעלען א קנאַפּן זמן שכירות. דערצו נאָך האָט ער אים געיאַדעט פארוואָס ער שלאָפט שפּעט, פאַרוואָס ער גייט נישט אויך חול המועד מיט אים אין שטיבל אריין דאווענען, זאָגן הושענות, בענטשן אתרוג.

ס׳ייִנגל איז נעבעך אהיימגעקומען אויסגעמאָרעט, נישט דערעסן, נישט דערשלאָפן, האָט ער אינדערפרי נישט געקאָנט אויפהייבן דעם קאָפּ. פונ־דעסטוועגן איז ער די צוויי טעג יום־טוב יאָ אויפגעשטאַנען און געגאַנגען מיטן פאָטער אין שטיבל אריין דאווענען. חול המועד אָבער, האָט ער געוואָלט שלאָפן אביסל לענגער. איז עס אזא חטא? ער האָט זיך אויך אָנגע־זעצט אויף אים למאי ער שלעפּט זיך ארום מיט די יונגען. וואָס דען זאָל א בחור אין זיבעצנטן יאָר טאָן? בפרט חול המועד! זיצן כסדר אין שטוב און זאָגן תהילים? זיך האלטן אין איין שאָקלען איבער א ספר?

אמת טאַקע, יערמע דוד איז נישט אויסן געווען אזוי שטאַרק אברם יאנקלס טרעפן זיך מיט ייִנגלעך. געמיינט האָט ער נאָר דאָס ארומשלעפּן זיך מיט די מיידן. מ׳זאָגט, אז אויפן דעמבלינער וועג טרעפן זיך בחורים מיט מיידלעך און מ׳גייט דאָרטן געאָרעמט, מ׳זינגט לידער, און ווער ווייסט וואָס נאָך זיי טוען דאָרטן? אוודאי, ווען מ׳פרעגט זי, וואָלט זי געזאָגט אַז ס׳איז גלייכער ייִנגלעך מיט מיידלעך זאָלן זיך נישט ארומשלעפּן הינטער דער שטאָט, אויף פעלדער און אפשר אויך אין וועלדל. פרעגט מ׳זי דאָך נישט. פרעגט דען ס׳יונגוואַרג היינטיקע צייטן ביי עלטערן, וואָס זיי זאָלן יאָ טאָן און וואָס זיי זאָלן נישט טאָן? פאַרוואָסזשע זאָל אברם יאַנקל זיין אנדערש פון אנדערע ייִנגלעך? יענע מעגן יאָ? נאָר ער טאָר נישט? האָט זי טאַקע געדאנקט גאָט אז דער סוכות איז אריבער און אברם יאנקל איז געזונטערהייט אוועקגעפאָרן קיין ווארשע. זי האָפט נאָר, מיט גאָטס הילף, דער פסח זאָל זיין אנדערש. ער זאָגט איר נישט, אָבער זי זעט ווי ער, יערמע דוד, ציילט די טעג די ייִנגלעך זאָלן שוין בשלום אהיימקומען. נישט

אזוי ווייט אויף אברם יאנקלען ווי אויף נתן חיימען קוקט ער זיך אויס די אויגן. ער שרעקט זיך אלץ, טאָמער קומט דער קליינער אויף פסח נישט אַהיים. ס'איז נישט אין יערמע דודס טבע זיך צו פּאַרטרויען, אַרויסצודערציילן וואָס אים דריקט, זי אָבער זעט גאַנץ גוט ווי דער וואָרעם פון חרטה עסט אים אויף, ווי ער קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען, בפרט זינט דאָס יינגל האָט נישט געוואָלט נעמען די מתנות, וואָס ער האָט אים געבראַנגט קיין ראָדעם, נאָר געלאָזט דעם טאַטן אַהיימפאָרן מיטן אָבראַניעלע און מיט די נייע תפילינדלעך.

— שראאב עים ע'זאָל למען־השם אהיימקימע' אָף די ערשטע טעיג פּסח, די הע'יע'סט? חנה לאה!

— אוודאי 'עט ע' מיט גאָטס הילף קימע', — האָט זי אים באַרואיקט.

— פאַ' ווּוס זאָל ע' ניש' קימע'?

איז ער אָבער נישט געקומען, נתן חיים. מילא, אז אברם יאנקל איז נישט געקומען, האָט מען זיך כאָטש נישט אזוי געריכט אויף אים. סוכות נאָך האָט ער געזאָגט: אויב ער וועט נישט האָבן קיין געלט אהיימצוברענגען אויף יום־טוב פיש און פלייש, ווי דאָס טוען אַנדערע זין, וועט ער אויף די ערשטע טעג פּסח נישט קומען. זי, די מאמע, האָט זיך אויף אים אָנגעבייזערט, אים אויסגערעדט און אים אָנגעזאָגט ער זאָל, למען־השם, אזוי נישט טוען. קען זי אָבער אירע קינדער. ווי דעם טאַטן זייערן, פּאַסט זיי נישט אָפּצושטיין פון אנדערע. נתן חיים אָבער האָט בפירוש געשריבן אז ער קלערט יאָ אהיימצוקומען אויף די ערשטע טעג יום־טוב.

האָט מען דעם גאנצן ערב פּסח די אויגן זיך אויסגעקוקט אויף אים. די קינדער האָבן נישט געקאָנט איינזיצן אין שטוב. אַ גאָלדענער טאָג, טיר און טויער אָפן, אויסגעצוואָגענע, מיט קאָלירטע סטענגעס אין די צעפּלעך, באַצייטנס שוין אין די יום־טובדיקע קליידלעך, זענען די קינדער כסדר געלאָפן אין מאַרק אַריין צו די אָנגעקומענע דראָזשקעס, זען צי וועלכער פון די ברידערלעך איז אָנגעקומען.

זי אליין, חנה לאה, כאָטש בטבע א געלאַסענע, אן איבערגערעכנטע, האָט זי אויך פון באגין אָן געפּיבערט מיט דערוואַרטונג. זי האָט געזאלצן די עופות און געהיט דעם דרויסן, פאַרזוכט די פיש־יויך פון דער קאָכעדיקער פאַן און געהאַט די אויגן אויפן הויף.

כאָטש די יינגלעך זענען נאָך נישט געווען, האָט זי דאָך, ביים אויפגעבן ס'ערב־פּסחדיקע וואַרעמעס, אויסגעטיילט צוויי טעלער מיט אונטערגעריישטע קאַרטאָפל, צוגעשמאָלצן מיט א שטיקעלע לעבערל פון די צוויי הינער, גרייט פאַר אברם יאנקלען מיט נתן חיימען, אז זיי וועלן אָנקומען, זאָלן זיי האָבן מיט וואָס זיך אונטערצולענען ס'הארץ, קיין מצה פאַרן סדר, טאָר מען דאָך נישט עסן!

יערמע דוד איז א גאנצן טאָג נישט אָפּגעטרעטן פון בריקל, ביי דער אַלטער פּאָטשט. ווי ווייל די צען־אזייגער־באַן פון ראָדעם איז שוין לאנג געהאַט אָנגעקומען און דער דרייער־צוג פון דאָרט האָט ערשט געדאַרפט אָנקומען פאַרנאַכט, האָט ער דאָך געהיטן דעם שאָסיי, טאָמער קומט דער קליינער אָן אויף וועלכן פראכט־צוג. אויף נתן חיימלען קאָן מ׳זיך אלץ ר״עכטן. ער קאָן זיך אריינכאפּן אין אַ „טאָוואַרנע וואגאָן״ אויך.

האַלב שוין א יום־טובדיקער, אין קלאָרע וועש, אין די שבתדיקע הויזן־וועסט, בלויז נאָר אין וואָכעדיקן כאלאטל, איז ער געשטאנען, יערמע דוד, אָנגעשפּארט אָן ווייס־געפּארבטן צוים פון דער בריק, געביסן א שפּיץ פון דער רויטער באָרד און מיט קנאה זיך צוגעקוקט ווי עס ציען פון דער באַן־סטאַציע אין שטאָט אַריין דראָזשקעס מיט יונגוואַרג, אָנגעפּאָרענע פון וואַרשע, פון לאָדזש. אין זייערע קוישן און קופערטלעך, אָנגעפּאקטע מיט אָנטועכץ און וועש, פירן זיי פּאַר טאַטע־מאַמע אויף יום־טוב פיש און פלייש, אָקעוויט און ניס, פסחדיקע טאָרטן און מאקאראָנען.

צום גערויש און געפּאָרעריי פון די דראָזשקעס איז נאָך פון באַגין אָן געשטאַנען אין מארק א גערויש און געזשום ווי בעת א יאריד. ווי דער יום־טוב איז שוין געווען אריינגעפירט ביי יעדן ייד אין שטוב, האָבן ווייבער נאָך אלץ באדארפט לויפן איבער די געוועלבער עפּעס־צו־קויפן. איינע האָט זיך אין מיטן האַקן די פיש ארומגעזען אז זי האָט נישט קיין פעפער, אַן אנדער מאָדזשיצער טאָכטער האָט זיך געכאפּט אז ס׳פעלט איר א פעכער איבערן שפּיגל, א פאפּירענער פּאָמפּאָן צום אַראָפּהענגנדיקן לאָמפּ.

צו דער שטאָטישער ערב־יום־טוב־מיחיה, האָט נאָך דער מאַרק גערוישט מיט זעלנער און פריצהטעס פון פעסטונג, קאָלעיאַזשעס פון דער באַן־סטאציע און פויערים פון די דערפער. די קריסטן האָבן גוט געוווּסט אז אָט באַלד, אין געציילטע שעהן ארום, קומט אָן דער יידישער פסח און צוויי לאַנגע מעת־לעתן וועלן קראָם און געשטעל זיין פאַרמאַכט הינטער שלאָס און ריגל. האָבן זיי אויך געאיילט איבער די געוועלבער, ארום די מארק־טישלעך, איינצוקויפן וואָס נייטיק און זיך אָפּגעטראָגן פון שטאָט.

איז ביסלעכווייז דער מאַרק געוואָרן ליידיק, אויך קיל, שאָטנדיק. די ערב־פּסח־זון, נאָרוואָס אַ לאַשטשעדיק־וואַרעמע, האָט זיך פאַררוקט הינטער הייזער, הינטער דאָרפישע שייערן. די זיצערקעס האָבן גענומען אַראָפּרוי־מען פון די טישלעך דאָס אויבסט, די ניס, די בינטן פייגן און די קרעמער — אוועקרוקן די קאַסטנס און פעסער פון די געוועלב־טירן און קלאָס, בערציקס פאַראָבעק, האָט זיך גערוקט מיטן הויכן בעזעם פאָראויס איבערן מאַרק, געקערט דעם פערדן־אָפּפאַל אין קופּקעלעך און דערנאָך זיי פאַר־נומען אויפן מיסטוואָגן ארויף, דערביי האָט ער מיט רוגזה געטריבן די בלודנע הינט, וואָס האָבן זיך געראָיעט אין די צונויפגעקערטע מיסט־

בערגלעך און געזוכט דאָרטן מיט גאַוווערנדיקע מאָרדעס א ביין, א קעפּל פון א הערינג, א שניפּ אין חזירניקס אן אוועקגעוואָרפן פעט שטיקל פּאַפּיר.

מאָדזשיץ האָט געשמעקט מיט יום־טוב. פון די צעעפנטע פענצטער, פאַרהאָנגענע מיט פריש־געפּרעסטע, טיולענע גאַרדינען, האָט זיך געטראָגן דער ריח פון זיסע פיש, פון הינערנע יויכן, פון צוגעברוינטע זרוֹעס. און טאָמער איז נאָך דער אַלטער יחיאל שניידער, איינגעבויגן אביסעלע, גע־גאַנגען וואָכעדיק איבערן מאַרק אָפּטראָגן צו א מאָדזשיצער שיינעם ייד אַ נאָרוואָס אַרויסגעענדיקטע, געהאַקטע קאַפּאָטע, וואָס דער גזעלן, קאָפּעלע מיט דער קאַרטאָפּליע־נאָז, האָט אים נאָכגעטראָגן פּאָרזיכטיק־פאַרוואָרפן איבערן אָרעם, אן ארומגעהילטע מיט א ווייס ליילעך, עס זאָל, חלילה, אויף דעם טייערן בגד, נישט פאַלן קיין שטויבעלע, איז דערפאַר, באַצייטנס שוין, בערל ישראל־אהרנס, געזעסן, אויף א שטול, אויפן בריקל פון זיין פראָנ־טאָווע הויז, אין סאמע מיטן שטאָט, א יום־טובדיקער, דאָס שוואַרצע בערדל צעקעמט, דאָס קאָפּל, א זיידנס, מיט א דענקעלע, פאַררוקט אַהינטער און בנעימותדיק, מיט גרויס הרחבה, געטרונקען אַ פריש רויט־פינקלענדיק פסחדיק גלעזל טיי.

אויף דאָס אָנגעפּאָרענע יונגוואַרג, אַרומגעוואַשענע שוין, אָנגעטוענע, האָבן זיך אָנגעהויבן ארויסווייזן אין גאס אין די נייע גאַרניטערס, אין די גרויסשטאָטישע קאַפּעלושן אויף די קעפּ, אין די נייע, געמזענע שיך, ברוינע און שוואַרצע, אזעלכע פריש־סקריפּענדיקע, אלע אין בלאַנק־ווייסע, פּאַפּי־רענע קעלנערלעך מיט שטייפע מאַניושקעס אונטער די וועסטן. די בליש־טשענדיקע שפּילקעס אין די פאַרביקע שניפּסן פאַראויס, מיט די שטעקעלעך אין די הענט, האָבן זיי, באַצייטנס שוין, אָנגעהויבן פּראָמענאַדעווען אויף און אָפּ דעם מאָדזשיצער שאָסיי, זיך געוויטעט איינער מיטן אנדערן, גרויס־שטאָטיש געצויגן די היט, באַגריסנדיק א מאָדזשיצער פּאַניענקע, וואָס האָט אויף גיך שוין באוויזן זיך אָנצוטאָן און זיך אוועקשטעלן אן אויסגע־פּוצטע פאַר דער טיר.

דער דרייער־צוג פון ראָדעם איז שוין לאנג געהאַט אָנגעקומען. יערמע דוד האָט איינגעזען אז דאָס שטיין זיינס ביי דער בריק האָט מער נישט קיין זין. ער האָט זיך א וויש געטאָן מיט דער האַנט־פלאַך איבער די פאַרטרוקנטע ליפּן. דער קליינער גיט אים שוין איינמאָל דעם קאָפּ אין דער האנט אריין ! ער האָט פאַרקנעפּלט דאָס כאַלאַטל, וואָס וועט ער נאָך שטיין ? ס'איז ערב יום־טוב, ער דאַרף אַהיימגיין, אָנטאָן די קאַפּאָטע און דאַווענען מנחה. ער האָט אראָפּגערוקט דאָס היטל און געמומען גיין האסטיק. תמיד אזוי, אַז עפּעס דריקט אים, אַז ער פילט זיך פון עפּעס פאַרשעמט, רוקט ער אַראָפּ דעם דאַשעק איבער די אויגן. אן אלטע געוווינהייט זיינע אַזויארום זיך צו

שיצן פון פרעמדן נייגיר, פון עמעצנס א מיטלייד־בליקעלע, וואָס אממערסטן איז עס פול מיט שאָדן־פרייד.

ער האָט זיך איצט טאקע געפילט פארשעמט, יערמע דוד, טיף פאַר־שעמט, דערצו נאָך געקרענקט וואָס אין דער פארשעמונג איז ער אליין זיך שולדיק. דעם הויכן אייזיקס עצה האָט ער נישט געהערט, אָבער סרול ריק׳ן האָט ער געפאָלגט. ארויסגענומען ס׳יינגל פון ר׳ שבתאין און אים אָנגעדונגען צום קליינעם הערשעלע! ווו איז געווען זיין שכל? אזוי צו פאַרשעמען א קינד! נו, מאַ, ער קומט שוין אָפּ זיינס! ס׳שטיבל וועט היינט צו מעריב זיין פול מיטן אָנגעקומענעם יונגוואַרג. טאַטעס וועלן פון זיך בלאָזן, זיך גרויסן מיט די אהיימגעקומענע זין. און ער? ער וועט זיין פאַר־שעמט. קומען אליין אין שטיבל אריין צום דאווענען. יידן וועלן זיך חידושן: וואָס איז די מעשה? יערמע דוד, אליין גאָר? אנדערע, כלומרשטע גוטע פריינד, וועלן זיך נישט איינהאַלטן אים א שטאָך צו טאָן: וואָסי? יערמע דוד, קאָנסט זיך נישט פאַרגינען די יינגלעך זאָלן זיין אינדערהיים יום־טוב?

ער איז אריינגעקומען אין שטוב. חנה לאה, כאָטש אליין מיט א פול האַרץ, צעטראָגן, ווער־וויסט וואָס מיט דעם יינגל איז געשען? האָט זי דאָך, אין מיטן פאָרען זיך ביי דער פליטע, געגומען, ווי תמיד, אים אויסרעדן, לייכטער מאַכן ס׳געמיט:

— ווּס קלעיע׳סטי אַזוי איבער? ז׳עלן ביידע געזינטע׳הייט קימען גלאַך מוצאי־יום־טוב.

געוויינלעך פארטראָגט נישט יערמע דוד חנה לאהס זיסע ריידעלעך, דאָס מאכן אן אָנשטעל אז אלץ איז ווי ס׳באדארף צו זיין, ווען ער זעט אז זי אַליין איז אומרואיק, אַז איר האַרץ איז אויך פול. איז אָבער ערב פסח, טיר און פענצטער זענען אָפן, אויף יעדן בריקל, פאַר יעדער טיר זיצט עמעץ פון די שכנים, אַ יונג, אַ מויד, אַ יידענע, וואָס פוצן שיך, שייערן א קופערנע פאַן פון פיש, די מעשענע בענטש־לייכטער, וועט ער זיך איצט נעמען קריגן מיט איר? מאכן לייטיש געלעכטער? האָט ער געשוויגן און, ווי יעדן ערב יום־טוב, זיך גענומען אריינגיסן נאפט אין די לאָמפן, אויס־ווישן די גלעזלעך, אָנטריפן ליכט אין די לייכטער אויפן טיש, אין די העסעס איבער דער טיר. ער האָט אָבער נישט געקאָנט אַריבערטראָגן דעם געליאַרעם פון די קינדער. מילא, פרעמדע קאָן ער נישט איינשטילן, אָבער זיינע? די עלטערע, די צען־יאָריקע אסתר־פערעלע, זי איז גראָד געזעסן א שטילע אויפן פוסן־בענקעלע, לעבן פעסל וואסער און געריבן כריין, צעשטויסן עטלעכע ניס פאַר די חרוסת. די קלענערע אָבער, האָבן אים אראָפּגענומען דעם קאָפּ מיט זייערע געשרייען אונטערן פענצטער. ער

האָט געוואָרפן אַ בליק אינדרויסן ארויס: ווו האָבן זיי שוין גענומען ניס צו שפּילן אין גריבל?

— ס׳עט דאָרט זאאן שטיל, צי ניין?

ער האָט אָנגעצונדן דעם בליך־לאָמפּ, ארויפגעזעצט די שיין, אַ געפּינ־גערטע, א מאט־פּאַרלאָפּענע. ווי ווויל דער ארייגעפירטער יום־טוב לייכט און שמעקט אין יעדן ווינקעלע, דער ווייס־געדעקטער טיש איז גרייט צום סדר, דער לייכטער מיט די ליכט בלאַנקען, דער וויין אין דער געשליפענער קאַרפינקע פינקלט, די פסחדיקע כוסות מיט די גאָלדענע רייפן שטייען גרייט, צעשטעלט, א כוס לעבן דער שטול פון יעדן איינעם אין דער משפחה און אליהו הנביאס כוס — אין מיטן. אויפן שענקל, אויפן גרויסן פּול־מיסעק, קילן זיך די פיש, מיט א רעדעלע מערער אויף יעדן פּיקל, די יויך פארשמעקט די שטוב און מצות הענגט ב״ה אין ווינקל, אונטערן סופיט, א פול ליילעך און שמאַלץ און אייער איז אָנגעגרייט גענוג, ס׳זאָל חלילה גאָר־נישט פעלן, גייט אים דאָך דער יום־טוב נישט איין. ס׳ערשטע מאָל אז ער וועט זיך זעצן צום סדר אָן איינעם פון די זין. וואָסער טעם האָט שוין אזא סדר? וואָסער פנים האָט דאָס זאָגן אליין די הגדה? ווען אפילו חנה לאה העלפט שוין אונטער? און ערשט די קשיות? ווער וועט אים פרעגן מה נשתנה?

## קאפיטל פינפאונצוואנציק

דער ווינטער איז געווען זייער א לאנגער פאַר נתן חיימען, א לאנגער און א דריקנדיק איינזאמער. ער איז טאקע דורך דער צייט געוואָרן אַ שטיקל בעל מלאכה, אָבער דער חלום זיינער זיך אויסצולערנען שרייבן אין דעם ווינטער, איז אים נישט מקוים געוואָרן. נישט דער מיינסטער און נישט יאָסעלע, דעם פעטער יחזקאלס זון, האָבן נישט געהאלטן וואָרט, אים נישט געגעבן קיין לעקציעס ווי זיי האָבן אים צוגעזאָגט. דער מיינסטער האָט אים נאָר אַ צוויי־דריי מאָל פאָרגעשריבן ס׳אלף־בית און יאָסעלע האָט מיט אים אַ פּאָר מאָל ארויסגעלייענט פון א רוסיש און א פוילישׁ ביכל. האָט ער זיך געמוזט לערנען אליין, אָבער פון דעם אליין זיך לערנען אין די שפּעט־נאַכטיקע שעהן, ביי אַן אָנגעטריפט ליכטל אויפן ברעטל פון דער מאַשין, האָט ער זיך זייער ווייניק געקאָנט אויסלערנען.

אויך זיין חלום אויסצוריסעווען רייזעלעך, אויסצושניצן אַן אָרון־קודשל, מיט דעם צו געפעלן עלקעלען, זי זאָל נישט אַזוי וויכן פון אים, אויך דער חלום איז אים נישט מקוים געוואָרן. דעם גאַנצן ווינטער האָט ער נישט געהאט קיין פרייע רגע צו קאָנען נעמען א בלייערל אין האנט אריין, ער זאָל כאָטש זען צי ער געדענקט נאָך דאָס ריסעווען. האָט ער זיך קוים דערוואַרט אויפן פסח און איצט, דעם ערשטן טאָג חול המועד אינדער־פרי, איז ער ענדלעך געקומען צוריק אהיים.

אויסגעשטיגן פון דער באַן איז ער נישט אויף דער הויפּט־סטאַציע, נאָר אויפן פּזשיסטאַנעקל. פון דאנען איז ער מיט קנאַפּע דריי־פערטל יאָר צוריק אַוועקגעפאָרן. אָבער ווי אַנדערש עס איז איצט! אוועקגעפאָרן איז ער אין אַ שבת פאַרנאַכט, ווי א גנבל, אין א פערטן קלאַס פּראכט־וואַגאָן, באַהאַלטן אונטער אַ באַנק. געהאַט האָט ער מיט זיך אַ טלומיקל מיט צוויי העמדלעך אונטערן אָרעם און צוואָנציק גראָשן, געגנבעטע פון דער מאַמעס קעשענע אַרויס. און איצט קומט ער קריק ווי אַ מענטש, אין א פּאסאזשיר־צוג מיט א בילעט אין האנט, א בילעט געקויפט פאר אייגן געלט, וואָס ער האָט אליין זיך פאַרדינט.אמת אויף קיין נייעם גאַרניטער האָט אים נאָך די שכירות נישט געקלעקט, ער קומט צוריק אין זעלבן גרין־אָפּגעבליאַ־קעוועטן סאַקל. אָבער א ניי קאַשעקטל אויפן קאָפּ און אַ פּאָר נייע, געמזענע

שטוולעטן אויף די פיס האָט ער זיך אָפּגעשפּאַרט, דערצו נאָך זיבן קערבלעך אין בייטעלע!

שטאָלץ, מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, איז ער ארויס אויפן וועג און זיך פאַרנומען אין שטאָט אריין. ס'איז איצט געווען צען אזייגער אינדער־פרי, אָבער דער שאָסיי האָט שוין נישט גערוט. מאַדזשיצער חול המועד־ניקעס האָבן אַרומגעפּאַטשט אין דראָזשקעס. פריצהטעס פון פעסטונג זענען געפאָרן אין שטאָט אריין אין זייערע קאָטשן מיט גומענע רעדער, פויערים האָבן געפירט וועגעלעך גנוי פון די שטאַלן צו באַמיסטיקן די פעלדער און איבערן קאָפּ האָבן זיך געטראָגן טשאַטעס פייגל מיט אַן אומרו, מיט אַ געצוויטשער, וואָס האָט פאַרוישט די לופט, א בלויע, אַ זוניקע, א פרילינג־דיק־מילדע.

געגאַנגען איז נתן חיים נישט מיטן שאָסיי. ווי דער דאָרפישער טאטע זיינער, האָט אויך ער ליב געהאט צו פילן די הוילע ערד אונטער זיינע פיס. ווי ווייל ער האָט געזען אז די ערד איז נאָך ווייך, פייכט פון די שפעדיקע רעגנס און שנייען און ער קאָן זיך גאָר איינבלאָטיקן די נייע שטיוולעטן, נאָס מאכן די זוילן און די שיך קאָנען נאָך, חלילה, אויפהערן צו סקריפּען, איז ער דאָך ליבערשט געגאנגען אין שטאָט אריין מיטן שמאָלן סטעזשקעלע, ביים ברעג פעלד.

געטראַכט האָט נתן חיים זיך אריינצושלייכן אין שטוב שטיל, אומבאַמערקט, ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל פון דער היים נישט געווען אוועק. צום סוף, איידער נאָך ער איז אריין אין הויף, האָבן שוין די צוויי קליינע שוועס־טערלעך אים דערזען און גענומען לויפן מיט א געשריי:

— מאַמע! נתן חיים גייט!

חנה לאה, די מאַמע, איז גראָד געזעסן מיט דער פּלייצע צו דער פּליטע און געשיילט קאַרטאָפל אין אַן אייזערנעם טאָפּ אריין. דערהערנדיק דאָס געשריי, האָט זי געלאָזט פאלן דאָס מעסער מיט דער האלב־אָפּגעשיילטער קאַרטאָפליע אין קיישל אריין, זיך אָפּגעווישט די הענט אָן פארטעך און זיך קודם א טאַפּ געטאָן ביים קאָפּ, צי ס'שייטל זיצט איר גלייך. ערשט איצט האָט זי זיך פאַרנומען אין דרויסן ארויס. נאָך איר האָט געאיילט אסתר פּערעלע, די צען־יאָריקע מויד, וואָס איז געזעסן ביי דער מצה־סטעמפּע.

ווי תמיד, ווען א גאסט באַווייזט זיך אין הויף אריין, זענען אויך איצט די שכנים ארויס פאַר די טירן. חול המועד ב"ה איז, צייט איז דאָ גענוג, האָבן יידן זיך געלאָזט אַקעגנגיין נתן חיימען מיט א ברייטן שלום עליכם. די ווייבער און מיידלעך גיבן דאָך אָבער נישט קיין שלום עליכם, האָבן זיי, פון די טירן אוועק שמייכלענדיק אים מקבל־פּנים געווען. דערביי האָט גיטעלע קראַוואַטניק אויסגענוצט די געלעגנהייט אַ שטראָף צו טאָן אירע

צוויי יינגלעך, איינער אין איין עלטער מיט נתן חיימען, וואָס ביידע זענען זיי געשטאַנען לעבן דער מאמע ווי די גולמס און נישט געוווּסט צי זאָלן זיי יאָ אָדער נישט אקעגנגיין דעם גאסט.

— ני, עץ זעט כאָטש? בא לייטן יינגלעך! אוועקגעפאָרן אָן א גראָשן, איצט קימט ער אהיים באַקליידט און באַנייט!

די פליוקעכע ווידער, ווי תמיד אין די זומערדיקע פרימאָרגנס, איז זי שוין איצט, פסח ערשט, אַרומגעגאנגען אין דער אונטערהאַלקע, א ווייסע, מיט שפּיצעלעך, אָן א בלוזקע אויף די שטעקלדיק־דאַרע אָרעמס, ס'איינ־געפאלענע הארץ־ברעטל, מיט בריסט ווי ליידיקע טאָרבעס, אנטבלויזט, אין א טיפן דעקאָלט פון איר העמד. פון שוועל אראָפּ, מיט א גלעזל טיי ביים אָנצייניקן מויל, האָט זי אַריבערגעשמייכלט צו חנה לאהן:

— ני, זעיסטי שוין? זיך אָ'געזיכט דער פּאַ'לוירענע' הועז.

אינמיטן דעם ברוך הבא פון הויף, האָט אָנגעאיילט יערמע דוד, אַ צע־טראָגענער, די רויטע באָרד — צעפלויגן.

נתן חיים האָט זיך גלייך ארויסגעשיילט פון דער מאַמעס אָרעמס. כיבוד אב קומט פאר כיבוד אם. ער האָט גיך אַקעגנגעטראָגן די אויסגעשטרעקטע האנט צום פאָטער. פון זיין זייט איז ער גרייט צו מאַכן שלום מיטן טאטן, צו פאַרגעסן אַלע עוולות, אויפצוהערן דעם קידער־ווידער, דאָס טאָן דעם טאטן אין דער גאַל אריין. נישט דרייסט, מיט א שעמעוודיקן בליק האָט ער אַרויפגעקוקט צום פאָטער. די רויטע באָרד האָט נאָך אלץ פייערדיק געגליט. ער האָט אָבער געזוכט דעם טאטנס אויגן. זענען זיי נאָך אלץ גרין פון בייז־קייט? פון כעס? אָדער טיקט זיך אין זיי דאָס תמימותדיקע בלוי, וואָס לויכט אין זיי אויף אין יענע זעלטענע רגעס, ווען ס'געמיט איז אים אויס־געלייטערט פון דער רוגזה, פון די פלאָגענישן, וואָס ס'שווערע לעבן יאָגט אויף אים אָן.

יערמע דוד האָט געהאלטן דעם יינגלס האנט א לענגערע ווײַלע. אין דער רגע האָט די אויסגעבענקטע וואַרעמקייט דורכגעשטראָמט די האַרט־געוואָרענע הויטן, די אָנגעשטאַנענע וואנט צווישן פאָטער און זון. ס'האַרץ האָט אים געצויגן ארומצונעמען דאָס יינגל, אים צודריקן צו זיך, א קוש טאָן אים, איז עס אָבער נישט אין יערמע דודס טבע ארויסצוּווייזן ליבשאַפט, בפרט נאָך צו נתן חיימען, וואָס זינט ער איז אויף דער וועלט געקומען, האָט ער, דער טאַטע, כסדר פון אים פלאָגעניש מיט האַרץ־עסעניש:

— וויאזוי ביזטי אָנגעקימע? יעך האָ' דעך דיעך ניש' געזעיען דורכ־גיין די בריק.

— יעך בין געגאַנגע' מיטן סטעזשקעלע, — האָט נתן חיים נאָך אלץ געזוכט דאָס ביסעלע שלווהדיקע בלוי אין פאָטערס אויגן.

חנה לאה האָט דערווייל אויף גיך געגרייט צום טיש, געשטעלט די קאַרפינקע ווײַן מיט די פּסחדיקע כוסות, אויפגעשלאָגן אַ פּיאַנע פון עטלע־כע אייער צו מאכן כרעמזלעך:

— וווס שטייט עץ אין מיטן שטיב? — האָט זי געזאָגט צום טאַטן מיטן זון און דערביי אָפּגעטריבן די קינדער וואָס האָבן נישט אָפּגעלאָזט דאָס ברודערל אויף א רגע. — לאָזט אים ציגיין צים טיש, ס׳האַרץ איז דעך אים אוועק!

— יעך בין ניש׳ הינגעריק, — האָט נתן חיים באַרואיקט די מאמע.

— מאאַן מיינסטעראָווע האָט מיעך ניש׳ אוועקגעלאָזט אָן עסן. זי ׳אָט מיע׳ מיטגעגעבן מצה מיט שמאַלץ אין צוויי האַרטע אייע׳ אָאָך.

— ׳אָסטי דעך טאַקע אַ גיט אָרט, — האָט יערמע דוד זיך אַוועקגעזעצט אין זיין שטול, אויבנאָן ביים טיש. — קלעיעסט דאַרט צי בלאאבן וואאַטע׳?

— יעך ווייס נישט׳, יעך האָ׳ גוניש׳ ציגעזוגט, — האָט נתן חיים גע־הויבן די אקסלען און זיך אוועקגעזעצט ביים טיש, לעבן פאָטער.

— ווזשע? — איז שוין יערמע דוד געווען נייגעריק. — זיי ׳אָבן דיע׳ ניש׳ אָנגעשלוגן צ׳בלאאבן וואאַטע׳?

נתן חיים האָט געשמייכלט: צי מ׳האָט אים אָנגעשלאָגן?

— נאָך פּאַר פּורים האָט מיעך דע׳ מיינסטע׳ געפרעיגט צי יעך קלעיע׳ צ׳בלאאבן איבערן זימע׳.

— ני, ווזשע ׳אָסטי עים געענטווע׳ט?

— יעך ׳אָב געזוגט, יעך ווייס נאָך ניש׳ אָף זעכע׳.

די גאַנצע צייט, זינט דאָס יינגל איז אַנטלאָפן, כל זמן ער האָט זיך געשראָקן טאָמער וויל דער קליינער מער די שוועל פון דער היים נישט איבערטרעטן, איז אים, דעם טאַטן, טאַקע געגאַנגען אין לעבן צוריקצו־ברענגען נתן חיימלען. איצט אָבער, ווען ער זעט אז דער קליינער האָט זיך געקריגן א גוט אָרט, איז שוין דאַרטן אָפּגעווען קנאַפּע דריי פערטל יאָר און אהיימגעקומען איז ער ב״ה אויך, איז שוין יערמע דודן שטאַרק געווען געלעגן, וואָס דער יונג רעכנט ווייטער צו טאָן:

— ווזשע ווילסט דאַרט מעיע׳ ניש׳ זאאַן?

נתן חיים האָט ווידער געהויבן די אקסלען:

— יעך ווייס אַליין ניש׳. יעך קלעיע׳ גוע׳ צ׳פורן קאַ וואַרשע.

— קאַ וואַרשע גוע?

חנה לאה איז דערווייל צוגעקומען צום טיש מיט א טעלער פּריש־געפּרעגלטע כרעמזלעך, אויסגעברוינטע אין גענדזן־שמאַלץ, מיט ווייסע בעקעלעך פון אָנגעשאָטענעם מעל־צוקער:

— ווס ווינדעסטי זעך אזוי, — האָט זי געקוקט צום מאַן מיט חידוש.

— אברם יאַנקל איז אין וואַרשע ציהט עים אָאָך אַהין. ווּעימע׳ ׳אָט עיע׳

דען אין רודעם? — זי האָט אוועקגעשטעלט דעם טעלער מיט כרעמזלעך אויפן טיש און צוגערוקט אַ כוסה׳לע צום יינגל:

— נא, נעם אביסל וואַן.

— ווּס טויג עים דע׳ וואַאַן? — האָט ירמע דוד זיך אויפגעשטעלט, בישט פארגינענדיק דער מאַמען, וואָס נאָר זי איז מהנה דעם זון. — טרינק בעסע׳ א ביסל בראָאָפן, — האָט ער גיך צוגעברענגט די פלאַש מיטן פסחדיקן ספירט. ער האָט אָנגעגאָסן א כוסהלע דעם יינגל, ס׳אנדערע — זיך און אויסגעשטרעקט די האנט:

— לחיים, מ׳ זאָ׳ מע׳ ׳אָבן נחת פין דיע׳.

— אָמן, — האָט חנה לאה געזאָגט.

זי, די מאַמע, א פאררויטלטע פון פאָרען זיך און מער נאָך פון יינגלס אהיימקומען, זי איז איצט גאָר געווען מלא שמחה! ס׳זאָל איר נאָר נישט פאַרשטערט ווערן. נתן חיים זעט קאַנעהאָרע אויס גאָר גוט. דערצו נאָך שמועסט זעך דער טאַטע מיט אים אויס געלאַסן, אָן די שטענדיקע רוגזה. געלויבט איז זיין ליבער נאָמען! זי איז צוריק אַריין אין קיך און זיך ווידער גענומען שיילן די קאַרטאָפל. איידער מ׳קוקט זיך אום וועט אברם יאנקל אָנקומען. די באַן פון ווארשע איז שוין אוודאי דאָ. א שטיקל פיש פון די ערשטע טעג איז, גאָט צו דאנקען, געבליבן, ציבעלעס מיט שמאַלץ, מיט אַן איי, מיט געגדזענע גריוון, האָט זי אויך ב״ה, איצט אז זי וועט צוקאָכן אַ טאָפּ קארטאָפליעס צום רויטן, פסחדיקן בורקע־באָרשט, האָט זי א וואַ־רעמעס פארן קיסר!

— אסתר פערעלע! — האָט זי א מינוטער געטאָן די גרויסע מויד, וואָס פונקט ווי די צוויי קלענערע שוועסטערלעך, איז זי נישט אָפּגעטרעטן פון ברודער: — אסתר פערעלע! צעשטויס ס׳ביסל מצות. יעך אָ׳ ניש׳ א לעק מעל אָף קניידלעך!

די גרויסע מויד, מער נאָך ווי ארום ברודער, האָט זי, מיט די שוועס־טערלעך, נישט אָפּגעטראָטן פון נתן חיימס קופערטל, א באשלאָגנס מיט גלאַנציקע, מעשענע טשוועקעלעך. זיי האָבן כסדר געטאַפּט דאָס שלעסעלע, אַ קונציקס, מיט אַ רוק־טירעלע איבערן שליסל־לעכל. די קינדער איז נעבעך ס׳חיות אויסגעגאנגען צו זען וואָס ער האָט דאָרטן, וואָס ער האָט זיי געברענגט.

לאַנג נאָך פאַר פסח, האָבן די מיידעלעך שוין אָנגעהויבן צו חלומען וועגן די מתנות, וואָס די ברידער וועלן זיי ברענגען פון ווארשע און ראָדעם. דאָס פינף־יאָריקע פרומעטל האָט געוואָלט א ליאלקע מיט לאנגע האָר און אויגן, וואָס פארמאכן זיך, ווען מ׳לייגט זי שלאָפן. די עלטערע, די זיבן־יאָריקע רחלע, האָט זיך אויסגעקליבן א באלעם אין א שאַטקע, א גרויסער

באַלעם מיט רויטע און גרינע שלעקעלעך, וואָס געווייגלעך טראָגט מען אים אין דער נעץ, אָנגעהאָנגען אויפן האַלדז, אָבער אז מ׳נעמט דעם באלעם ארויס פון דער נעץ און מ׳טוט אים א וואָרף אויף דער ערד, שפּרינגט ער ביזן דאך. די עלטסטע ווידער, די צען־יאָריקע אסתר פּערעלע, האָט זיך אָפּגעקליבן א זיידן קאָפּ־טיכל מיט בלימעלעך, ווי טייל מאָדזשיצער כלה־מיידלעך האָבן.

זענען דאָס איצט די שוועסטערלעך נישט אָפּגעטראָטן פון ברודערס קופּערטל און דאָס קליינע פּרומעטל איז צוגעקומען צום טיש און אים געצויגן ביי אן אַרבל:

— שליס אָף ס׳קיפּע׳טל. אינדז ווילן זעיען ווּס די אָסט׳אינץ געבערענגט.

— יעך ׳אָב גוניש׳ געברענגט. — האָט זיך נתן חיים מודה געווען, א פּאַרשעמטער, וואָס אים איז גאָרנישט איינגעפאַלן אז ער דארף ברענגען די שוועסטערלעך א מתנה.

— לאָזטס עים געמאך! — האָט דער פּאָטער א געשריי געטאָן.

אסתר פּערעלע, ווי א דערוואקסן מיידל, איז גיך אוועק אין קיך און זיך געזעצט צו דער סטעמפּע שטויסן מצה־מעל. די זיבן־יאָריקע רחלע אָבער, האָט נישט געקאָנט אזוי לייכט און שטיל ארונטערשלינגען אזא אנטוישונג. ווידער האָבן טענות צום ברודער האָט זי אויך נישט געקאָנט, האָט זי אויסגעבראָכן אין א געוויין וואָס מ׳האָט צו איר טענות פאַר אזא אומדערהערטער זאך:

— יעך ׳אָ ניש׳ געוואָלט קא מתנות.

גאָר צעטומלט איז געבליבן דאָס קליינע פּרומעטל. דאָס פינף־יאָריקע קינד האָט נעבעך נישט געקאָנט פאַרשטיין וואָס דאָ איז געשען? פארוואָס זאָגט רחלע אז זי האָט נישט געוואָלט דער ברודער זאָל איר ברענגען אַ מתנה? זי האָט דאָך געוואָלט א באַלעם!

א צעטומלטע איז דאָס קינד א ווײַלע געשטאַנען, זיך געגראַבלט מיטן פינגערל אין נעזל, געגלאָצט מיט די גרויסע, שווארצע, קינדיש־נאַיווע אויגן דאָ אויף נתן חיימען, דאָ אויף רחלען, דאָ אויפן טאטן וואָס ער שרייט אויף איר און געטאָן א פּלאַץ ארויס מיטן אמת:

— זי איז א ליגנערין! — האָט זי מיטן פינגערל געוויזן אויף רחלען.
— זי ׳אָט געוואָלט זאָלסט איע׳ ברענגע׳ א באַלעם.

— אפשר ׳עט עץ עים לאָזן באַקימע׳ דוס כרעמזל? — האָט חנה לאה, מער מיט געבעט איידער געבייזער, אריינגעשריגן פון קיך אין אַלקער.

יערמע דוד האָט געמאכט א בורא נפשות און איז אויפגעשטאַנען פון טיש:

— ני, יעד ׳על אראָסגיין אין מארק א קיק טיען. אפשר איז אברם יאנקל שוין אָנגעקומען. — זעי נאָ׳, ס׳קאָצל קימט! — האָט ער מיטן ווייז־פינגער געוויזן אין דרויסן ארויס.

נתן חיים האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ. באַלעק, אַ באָרוועסער ווי תמיד, אָן א היטל, מיטן האָר־טשוואָק־דיבאָם אין מיטן קאָפּ, איז געשטאַנען אָנגע־שפּאַרט מיטן אַקסל אָן משה יצחקס וואָגן. נישט דרייסט אַריינצוקומען צום חברל אין שטוב, איז ער געשטאַנען דרויסן און כאָטש געקוקט אויף נתן חיימען דורכן אָפענעם פענצטער.

נתן חיים האָט אין איין רגע פאַרגעסן אָן די שוועסטערלעך, אָן דער שטוב, אָן טאַטן מיט דער מאַמען און געטאָן א פלי ווי א ווינט אין דרויסן ארויס.

— מזל טוב! — האָט ירמע דוד, פול מיט ווייטיק און פאַרדראָס אַ זאָג געטאָן צום ווייב. — נאָ, ס׳הייבט זעך שוין ווידער אָן די סדרה מיטן שייגעץ.

חנה לאה האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ און דורך דער אָפענער טיר געכאַפּט א קוק אין הויף אריין. כאָטש זי אליין וואָלט אויך גערן־געזען נתן חיים זאָל מער נישט האָבן קיין מחזקות מיט באַלעקן, האָט זי, פונדעסטוועגן, ווי תמיד, גענומען צערייבן, מאכן צונישט דעם גאנצן עסק.

— אָסור מיע׳, — האָט זי אריינגערעדט אין אלקער צום פאַרזאָרגטן מאן, וואָס האָט מיט רוגזה געקוקט דורכן פענצטער צו די צוויי יינגלעך, ווי זיי וויטען זיך דאָרטן, גיבן זיך די הענט, — אסור מיע׳ צי יעך וואָלט זעך פין דעים געמאכט א צימעס. איידע׳ מ׳קיקט זעך אים איז אָאָס יום טוב. נתן חיים ׳עט זעך געזינטע׳הייט אוועקפורן קאַ ווארשע, אין באַלעק ׳עט בלאאבן הי. נישט אַזוי?

ירמע דוד האָט אויף איר א קוק געטאָן און איז ארויס אין מארק אריין. געזאָגט האָט ער גאָרנישט. אָבער די אויגן זיינע, גרין דערצאָרנטע, האָבן גערעדט אָן ווערטער: חנה לאהלע! שטענדיק האָט זי גרייט אירע גלאָטע ריידעלעך!

# קאַפּיטל זעקסאונצוואַנציק

דער טייך וויעפּזש איז געווען אָנגעשוואָלן הויך, ביז די ברעגעס. אין נידעריקע ערטער האָט ער זיך געהאַט אויסגעגאָסן און פֿאַרפּלייצט פֿעלדער, לאָנקעס, אַראָפּגעשווענקט בריקן. וואָכן נאָכאַנאַנד האָט מען זיך אין מאָדזשיץ געשראָקן פֿאַר אַ גרויס פֿאַרפּלייצעניש. אין זיין ראַשיקן שטראָמען, אין זיין פֿרילינגדיק־אימפּעטדיקן טראָגן זיך אַראָפּ צו דער ווייסל, האָט דער טייך מיטגעריסןביימער, געהילץ, שטיקער שוואַרצן טאָרף, וואָס זענען געשווימען מיטן גראָז אַרויף, ווי גרינע, פֿאַרטראָגענע אינדזלעלעך אין מיטן דעם געוויטער.

אויפֿן ברעג פֿון טייך, די פֿיס אין שטראָמיקן וואַסער, אַ לאַנגע ווענטקע אין האַנט, אַ ציגאַרל מאַכאָרקע צוגעקלעפּט צו דער אונטערשטער ליפּ, איז געזעסן באַלעק, צעקודלט ווי תּמיד, דער בינט האָר, אין מיטן קאָפּ, אויפֿגעשטעלט דיבאָם. ער האָט געפּיפּקעט דאָס ציגאַרל, געלאָזט רויכלעך דורך דער נאָז, דורכן האַלב־אָפֿענעם מויל און בייז געגאַפֿיעט אין די שטראָמיקע וואַסערן, געל־אויפֿגעבורעטע, וואָס רוישן און שאַרעווען, דרייען זיך אין רעדער און לויפֿן אַראָפּ, אַראָפּ צו דער ווייסל.

הינטער אים, אויף אַ שיטער ביסל גראָז פֿון די זאַמדן אַרויס, פֿרי־מאָרגנדיק פֿייכטלעך נאָך, איז געלעגן נתן חיים מיטן פּנים אַרויף, די אָרעמס אונטערן קאַרק, אַן איינגעשוויגענער, אַן איינגעשלאָסענער אין זיך. ווי באַלעק אַראָפּ אין טייך אַריין, אַזוי האָט ער געגאַפֿיעט אַרויף, אין די בלויע הויכקייטן, נאָכגעשווימען מיטן בליק די ווייסע וואָלקנדלעך, וואָס שוועבן דאָרטן, באַהעפֿטן זיך, נעמען אָן אויסטערלישע געשטאַלטן, פֿאַר־שטעלן אויף אַ רגע די זון, שפּרייטן איבער אים טונקעלע, קילע שאָטנס און צערינען, צעגייען ווי רויך, ווי אויסגעהויכטער אָטעם אין פֿראָסט.

די גאַנצע דריי טעג, זינט ער איז געקומען, זוכן זיך די צוויי חבֿרימלעך אַרום און זיי קאָנען זיך אַלץ נישט צוריקגעפֿינען. זיי זענען שוין אויסגע־ווען ווו נאָר זיי פֿלעגן זיך צוזאַמען שפּילן, אויפֿן פֿעלד פֿון האָפֿן און אין קאָזשמינסקיס סאָד, ביי בערציקן אויפֿן היי־בוידעם און אויף די לאָנקעס הינטער דער שטאָט, איצט זענען זיי געקומען כאַפּן פֿיש און ווי וויל זיי זענען אַזוי נאָנט איינער פֿון אַנדערן, זענען זיי ווייטער נאָך ווי אײדער ער

איז אַהיימגעקומען. עפּעס איז דורך די דרייפערטל יאָר פון זייער צעשיידט זיין א הויכע וואנט צווישן זיי אויסגעוואקסן.

שוין ביים ערשטן צונויפקום איז זיי באַפאַלן יענע שעמעניש, וואָס שטייט שטענדיק אָן אין קינדער נאָך א לענגערער צעשיידונג. זיי האָבן זיך רעכט נישט געוויטעט און, ביים ארויסגיין צוזאמען פון הויף, איז אין נתן חיימען אויפגעגאנגען נאָך א באזונדערע בושה, דאָס שעמען זיך פון גיין אליין אין נייע שיך, בעת באָלעק, זיין נאָנטסטער חבר, גייט נאָך אלץ ארום באָרוועס און די פיס זיינע, שווארץ פון איינגעגעסענעם ברוד, פון איינגע־טרוקנטער בלאָטע, זענען אים צעקאַליעטשעט, פול מיט ווונדן, מיט נישט־פארהיילטע שניטן פון זיין ארומקריכן אין קוזניע, צווישן האַרטע קאָקס־קוילן און פאַרזשאַווערט אייזן. און גראָד איצט, ביים ערשטן צונויפטרעף, האָבן די נייע שטיוולעטן זיינע געדארפט נעמען סקריפען העכער נאָך ווי פריער, בעת ער האָט זיי באַנייט אין ראָדעם.

ווי אויסטערליש! א ווינטער לאנג האָט ער געחלומט פון דעם אהיימ־קומען אין נייע סקריפענדיקע שיך, צוגלייך מיט די פאַצעטן, וואָס קומען פון וואַרשע און איצט, אַז ער האָט זיך שוין קוים אויף דעם דערוואַרט איז, שטאָט פרייד, דערהויבנקייט, יאָגט דאָס סקריפען פון די שיך אויף אים אָן א פארשעמטקייט, וואָס דריקט זיין קינדיש געמיט, ווערגט אים אין האלדז ביז געוויין. וואָס וואָלט ער איצט נישט געגעבן? די שיך אויף זיינע פיס זאָלן אויפהערן סקריפען, אָט דאָס חוצפּהדיקע שרייען זייערס, וואָס קומט אים פאָר ווי א מין באַרימען זיך פאַר באָלעקן: זעסט? איך גיי אין נייע, געמזענע שטיוולעטן!

אמת, גלייך נאָך יענעם ערשטן צונויפטרעפן זיך מיט באָלעקן, האָט ער אויסגעטאָן די שיך און זיי שוין מער נישט אָנגעטאָן א גאנצן חול המועד. דעם טאַטן געפעלט דאָס גראָד. א יינגל דארף זיך לערנען אָפּשוינען אַ מלבוש. דער מאמען געפעלט עס אויך, כאָטש ער זעט אז זי האָט צער דערפון. זי שטויסט זיך אָן וואָס די סיבה פון זיין אויסטאָן די שיך איז. זי זאָגט דאָך טאַקע אז מ׳טאָר זיך נישט זעצן עסן ווען א הונגעריקער שטייט איבער דיר און דו קאָנסט איב נישט בעטן צום טיש מיטעסן. אָבער וואָס קומט ארויס? ער האָט טאקע אָנגעטאָן צוריק די זעלנערישע שטיוול, גאָר שפילן זיך מיט באָלעקן ווי אַמאָל קאָן ער מער נישט און רעדן מיט אים האָט ער אויך נישט וואָס. שווייגן זיי א שטיל, פאַרכמורעט שווייגעניש. בלויז איינמאָל אין גאנצן פרימאָרגן האָט באָלעק איבערגעריסן די שטילקייט:

— האָסט שוין אנדערע פּושיאַטשעלעס אין ראָדעם, האַ? נאָסקע? —

ער האָט גערעדט אריבער דעם אייגענעם אַקסל, ס׳קול איז געווען כריפּעדיק, אָנגעזאַפּט מיט איינגעהאלטן געוויין און דאָס שטיקל אויסגעלאָשענע

מאַכאָרקע־ציגאַרל האָט זיך מיטגעשאָקלט מיט זיין ציטערדיקער ליפּ. אין א מינוט ארום ווידער אַ זאָג: — ביסט שוין אַ פּאַניטש אין געמזענע שטיוולעטן.

ווי ער האָט נישט געוואָלט באַלעקן ווי טאָן, האָט ער דאָך, דורך געביי־זער, וואָס איז געווען פול מיט שולדיקייט, געפּרוווט באַרעכטיקן דאָס אומ־רעכט, וואָס ער האָט יאָ שיך, און זיין נאָנטסטער חבר האָט נישט:

— די פּאַ׳דינסט שוין אויך געלט. די קענסט זיך אויך לאָזן מאכן אַ פּאָר קאמאשן.

באַלעק האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך האָט ער אַראָפּגענומען דאָס שטיקל צוגעקלעפּטע ציגארל פון דער ליפּ, א וויטן שפּיי געטאָן אין טייך אריין:

— דיינע זשידקעס ווילן נישט געבן צו פּאַרדינען. יודקא קאָוואַל גיט מיר נאָר איין רובל א וואָך, נעמט עס באַלד די מאטקע צו. זי זאָגט איך עס אויף איבער דער וואָך מער ווי דאָס קערבל.

ערשט אינמיטן טאָג, ווען די זון איז שוין געשטאַנען הויך, איז נתן חיים געקומען אהיים פון וויעפּזש. דעם גאנצן וועג זענען זיי ביידע געגאַנ־גען צוזאמען, אין שטאָט אריין איז אָבער נתן חיים אָנגעקומען פריער און שפּעטער ערשט האָט הינטער אים נאָכגעצויגן באַלעק אין בלויזן קאָפּ, באָרוועס, די צוויי הויזן פארשאַרצט ביז די קני, די וועַנטקע אין איין האנט און די עטלעכע געכאַפּטע שלייענדלעך, אָנגעצויגענע אויף א שטריקל, אין דער אנדערער. ער איז אָנגעקומען פריער נישט, חלילה, ווייל ער שעמט זיך צו קומען אין שטאָט אַריין מיט באַלעקן אין אַזאַ הולך. פּשוט, ער האָט נישט געוואָלט מצער זיין דעם טאטן אין די עטלעכע טעג וואָס ער דאַרף זיין אינדערהיים.

ס׳כאַלאטל פארקנעפּלט, ס׳היטל אויפן קאָפּ אויסגעגלייכט, מ׳זאָל אין שטוב זיך נישט כאַפּן אז ער האָט זיך געוואַלגערט אין גראָזן, ביים וויעפּזש דאָרט, האָט נתן חיים געאײַלט אהיים עסן וואַרעמעס. איז אָבער ביים דורכ־גיין דאָס לאנגע פּעדערהויז פון גאָס אין הויף אריין, אים אַנטקעגנגעקומען נעכעלע יאכטשעס, נאָר שטאָט אים פארבייגיין, האָט זי גאָר אים פאַר־שטעלט דאָס שמאָלע דורכגעגנגל צווישן די ברעטער, לייטערס און דרענגער, די צענומענע מארק־געשטעלן, וואָס בערל טאַנדייטער האָט דאָ געהאלטן אָנגעוואָרפן לענגאויס ביידע זייטן ווענט.

די נעכעלע איז געווען די איינציקע בלאָנדע צווישן אַלע שווארץ־האָריקע מיידלעך אין הויף. אַמאָל, קליינערהייט, פלעגט ער זיך שפּילן מיט איר אין גריבלעך, אין מאן־און־ווייב, אין קרעמער און קונה. דערנאָך, ווען ער איז אביסל אונטערגעוואקסן און אָנגעהויבן, צוזאמען מיט באַלעקן,

פארשווינדן פון הויף, האָט ער זיך ליבערשט געשפּילט מיט כאַנטשען, שמחהלע פּוטערפּלאַמס מיידעלע, אויפן בוידעם פון זייער שטאַל. איצט איז נעכעלע שוין א גרויסע, א גאַנצע כלה־מויד מיט לאַנגע, בלאָנדע צעפּ און א הויך ביוסטל.

אויף דער מינוט האָט אים נישט אזוי געוווּנדערט איר פאַרשטעלן אים דעם וועג, ווי דאָס, וואָס זי איז איצט, פאַר וואַרעמעס, אין לעצטן טאָג חול המועד, ערב די צווייטע טעג פּסח, ווען אַלע מיידלעך זענען פאַרפּאַרעט אין העלפן די מאַמעס מאַכן יום־טוב, האַקן און פילן די פיש, קאָכן יויכן, פאַרמישן שיסלען מצה־מעל אויף קניידלעך, איז זי, נעכעלע, גאָר אויסגע־פּוצט אין אַ פריש געפּרעסט בלוי קליידל, אין לאַקירטע שיכלעך מיט הויכע אָפּצאַסן, בלויע אַטלאַס־שלייפן אין די צעפּ.

נתן חיימען איז גאָרנישט איינגעפאַלן אז דאָס פאַרהאַלטן אים אין דעם האַלב־טונקעלן פעדערהויז איז ביי נעכעלען נישט געווען אזוי צופעליק, אזוי אומגעריכט. ער האָט נישט געוווּסט אז דורך די גאַנצע דריי טעג חול המועד, זינט ער איז אהיימגעקומען, האָט זי געטראַכט וועגן אים און אַלץ געזוכט אַ פּאָרטל וויאַזוי אים צו פאַרטשעפּען, צו קאָנען רעדן מיט אים. אין אירע אויגן איז ער שוין געווען א גרויסשטאָטישער פּאַצעט און זי האָט געהאַט גרויס קרענקונג וואָס ער קוקט זיך נישט אום אויף איר. איינמאָל האָט זי אים געשאָנקען א שמייכל, האָט ער זיך פאַררויטלט און אוועקגע־דרייט דעם קאָפּ. דאָס וואָלט זי נישט אזוי פאַרדראָסן ווען זי ווייסט אז ער איז אזא חסידל, וואָס קוקט נישט אויף קיין מיידלעך. זעט זי אָבער ווי ער דרייט זיך פאַר שמחהלע פּוטערפּלאַמס קאָמעניצע, טאָמער וועט כאַנטשע אים שענקען אַ שמייכל פון באַלקאָן אַראָפּ.

ביי אירע פערצן יאָר איז דאָס נעכעלע שוין געווען א דערוואַקסענע מויד. זי האָט אויף איר קאָפּ געהאַלטן יעדע „ראַנדקע" וואָס אַ מאָדזשיצער פריילין האָט געהאַט מיט א קאַוואַליער הינטער דער שטאָט. זי האָט באַצייי־טנס־שוין זיך אָנגעהויבן פּוצן און רעדן ווי די פּאַצעטקעס פון די גרויסע שטעט מיטן „העירן זי נאַר און זעיען זי נאַר", נישט ווי מ׳רעדט אין מאָ־דזשיץ אַזוי קליינשטעטלדיק: „העיערטס נאַר און זעיטס נאַר".

פּול מיט אומרו, מיט אימפּעט, ווי דער טאַטע אירער, דער געלער פישל־יאַכטשעס, א תבואה־הענדלער, א געררער חסיד, וואָס די ערד ברענט אים אונטער די פיס, האָט זי, צו דרייצן יאָר שוין, נישט געקאָנט אויסהאַלטן דאָס מיידל־שפּיל פון שעמען זיך, פון נישט וואַגן, פון וואַרטן ביז א ייִנגל וועט זיך אומקוקן אויף איר. ווייבער האָבן גלייך געזאָגט, אז פון דער נעכעלע וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען. זי לאָזט דאָך נישט דורכגיין קיין איין ייִנגל!

ווי א קאַץ אויף איר פאַנג, אזוי האָט נעכעלע, פון הינטער די טיולענע פויערהאַנגען, געלויערט און געהיטן נתן חיימס גיין און קומען. אז יענער שמייכל, איר זאָגן אים, ס׳קאָצל קימט, וואָס מאכן זי? האָט נישט געהאָלפן, איז זי איצט, אומגעריכט, אויסגעוואקסן פאַר אים אין האלב־טונקעלן פעדערהויז, א יום־טובדיק־אויסגעפּוצטע, אין אירע נייע לאַקערקעס מיט די הויכע אָפּצאַסן:

— א גאַסט! פון וואנעט גייען זי? — דערביי האָט זי געשמייכלט און אים געוויזן אירע פיר גרויסע לאָפּעטע־ציין.

נתן חיים איז געבליבן צעטומלט, נישט אזוי דאָס פארשטעלן אים דעם וועג, ווי דאָס רעדן צו אים אויף „הערן זי נאַר און זעען זי נאַר", ווי פריי־לינס רעדן צו קאַוואַליערן, אָט דאָס האָט אים פאַרהאַקט דעם אָטעם. קיינער האָט נאָך צו אים אזוי נישט גערעדט. ס׳גאַנצע ביסל יינגלשע בלוט איז אים געקומען אין פּנים אריין. ער האָט נישט געוווּסט וואָס איר צו ענטפערן, האָט ער, אָן א וואָרט, זיך געטאָן א בויג אין א זייט זיך דורכצוכאַפּן דעם שמאָלן דורכגאַנג, איז אָבער נעכעלע געווען געשיקטער, זיך געטאָן אַ רוק און אים ווידער פארשטעלט דעם וועג:

—וואָס אַאָלן זי זיך אזוי?

נתן חיימען איז געוואָרן הייס. ער האָט זיך געשעמט איר צו קוקן אין פּנים. וואָלט ער כאָטש געגאנגען אין די נייע שטיוולעטן, גייט ער גאָר איצט אין די אַלטע, זעלנערישע שטיוול.

— לאָזן זי מיעך דאָרך, — האָט ער שטיל געשטאַמלט און זיך געקרעקט מיט דעם „זי". ער איז נישט געוווינט אזוי צו רעדן צו א מיידל מיט וועמען ער האָט זיך געשפּילט אין גריבלעך.

— וויל יעך ניש׳, — האָט זיך נעכעלע מיט אים גערייצט אַזוי קאָקעטיש און אים דווקא געוואָלט קוקן אין די אויגן אריין.

— ס׳עט ניש׳ גיט זאַאַן, — האָט נתן חיים א זאָג געטאָן אין גרויס שרעק און דערביי געכאַפּט אַ קוק הינטער זיך, צום דרויסן און באַלד פּאָראויס איבער איר אקסל, אין הויף אריין: — געדענקען זי, עמעץ קען נאָך אָנקימען און איינז דו זען.

— יעך האָ׳ ניש׳ מורא, — האָט זי שמייכלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ביין: — זי ווילן זיך פּזשעקאָנירן? (איבערצייגן), און נאָך איידער ער האָט באוויזן איר צו ענטפערן, האָט זי א כאַפּ געטאָן זיין האנט און זי צוגעשלעפּט צו איר ברוסט: — זעען זי? מיע קלאַפּט ניש׳ ס׳האַרץ.

— חלילה! — האָט נתן חיים גיך צוריקגעכאַפּט די האנט און זי פאַר־

שטעקט אין כאלאטל־קעשענע, ווי זי וואָלט געווען אַן אָפּגעבריטע: — יעך, יעך, ריע׳ ניש׳ אָן קא מיידלעך.

— אַבי יעך האָ׳ ג׳מיינט זי זענען שוין א גרויסשטאָטיקע׳, — האָט נעכעלע געקוקט אויף אים ערנסט, אנטוישט.

נתן חיים האָט זיך געטאָן א רוק אויף רעכטס, זי אויסצומיידן, אָבער נעכעלע האָט אים ווידער פאַרשטעלט דעם וועג, דאָס מאָל שוין מיט אויס־געשפרייטע אָרעמס:

— יעך ׳על איהן ניש׳ דאָרכלאָזן.

— פאַ׳וואָס ניש׳?

— יעך וויל מיט איהן מאכן א ראַנדקע.

— אַ ראַנדקע? — האָט נתן חיים ציטעריק איבערגעחזרט, — חלילה!

— פאַ׳וואָס ניש׳?

— יעך וויס ניש׳ וואָס מ׳טיט אָף אַ ראַנדקע, — האָט נתן חיים פאַר־שעמט זיך מודה געווען.

— מ׳גייט שפּאַצירן געאָרעמט, מ׳זינגט לידע׳, טייל ייִנגלעך מיט מיידלעך קישן זיך אפילו.

— חלילה! — האָט נתן חיים זיך געטוליעט אין אייגענעם כאַלאַטל, ווי ער וואָלט געוואָלט איינשרומפּן פון שרעק.

— ני? וואָס זאָגן זי? — האָט זי אים געמינטערט.

— יעך קען ניש׳ זינגען קא לידע׳, — האָט ער געהויבן די אקסלען.

— ׳על יעך אליין זינגע׳.

נתן חיים האָט געשוויגן. ווי וויל ער האָט זיך מיט איר געאַמפּערט אויף נישט, אזוי האָט אלץ אין אים זיך געצויגן אויף יאָ, דערביי האָט אים געקלונגען אין די אויערן און געשומיעט אין קאָפּ.

— ני? — האָט נעכעלע אים ווידער געמינטערט.

— זאָל זאַאַן, — האָט ער שטיל אַרויסגעמורמלט און געטאָן אַ שפּאַן פארביי איר, ווי א געפאנגענע מויז פון א קליאַטקע.

— געדענקען זי, — האָט אים נעכעלע נאָכגערופן: — מאָרגן באַלד נאָכן עסן, אָפן דעמבלינער וועג.

נתן חיים איז אריינגעקומען אין שטוב א צעטרייסלטער, אן אויסגע־

ווייקטער אין שוויס. פון איין זייט די אומגעריכטקייט פון נעכעלעס פאַר־האלטן אים אין דעם האַלב־טונקעלן פעדערהויז, פון דער אנדערער זייט, די כסדרדיקע שרעק, טאָמער קומט ווער אָן און טרעפט אים מיט איר, פון דער דריטער זייט די פּלוצים אָנגעשטאַנענע זיס־פיינלעכע דערוואַרטונג: דעמבלינער וועג, גיין געאָרעמט מיט א מיידל, זינגען לידער...

די מאמע האָט געשטעלט צום טיש ס׳וואַרעמעס: מצות, ציבעלעס מיט שמאַלץ, רויטן בוריק־קוואַס מיט הייסע קאַרטאָפל, אָבער ער האָט נישט געוווסט וואָס ער עסט. די מאמע האָט גערעדט צו אים און ער האָט רעכט נישט געהערט. פאַר די אויגן איז אים געשטאַנען באַלעק. וואָסער תירוץ וועט ער אים מאַרגן זאָגן? ער קאָן דאָך וועלן מיטגיין אויפן דעמבלינער וועג. און טאָמער קומט ווער אונטער און זעט אים מיט נעכעלען?

ער האָט אָפּגערוקט ס׳עסן. ס׳גאַנצע וואַרעמעס האָט איצט נישט געהאַט קיין יידישן טעם. ער האָט גיך אָפּגעבענטשט און צוריק ארויס אויפן הויף. נעכעלע מוז נאָך אַוודאי שטיין פאַר דער טיר.

# קאַפּיטל זיבנאונצוואנציק

וואָס עלטער ער ווערט, נתן חיים, אלץ מער באַנעמט ער דעם זין פון דעם וואָס ער האָט געלערנט אין חדר, אין בית המדרש. היינט, דעם לעצטן טאָג חול המועד פסח, איז אים באַשערט געווען צו פאַרשטיין אויף אַן אמת דעם פסוק: *) שלח לחמך על פני המים.

אז ער איז ארויס פון שטוב, נאָכדעם נישט־געגעסענעם וואָרעמעס, איז ביסלעכווייז פון אים אויסגערונען די צעטומלעניש און איבעררעשונג פון דעם אומגעריכטן באגעגענען זיך מיט נעכעלען. געבליבן אין אים איז נאָר די אומרו, די זיסע דערוואַרטונג און מיט דעם אויך א שטאַרקער באגער פאַרצוקומען שיין, נעכעלע זאָל פון אים נישט לאַכן. אָבער וויאזוי קומט מען פאָר שיין אויף אַ ראנדקע? ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געהאַט קיין ראַנדקעס מיט מיידלעך.

אין דעם טראַכטעניש זיינעם האָט נתן חיים גאָרנישט געפילט ווי ער איז פאַרקראָכן און געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט מיט אַן אַקסל אָן דעם אלטן משה יצחקס וואָגן, וואָס איז שוין באַצייטנס געשטאַנען אָן אויסגעשפּאַנטער אין ווינקל פון הויף.

און דער הויף האָט איצט גאָר געמחיהט. פאַר די אָפענע טירן, אויף דער ערד, זענען געזעסן מיידלעך מיט פארשאַרצטע אַרבל און געשייערט מעשענע לייכטער, קופּערנע פאַנען און יינגלעך האָבן געפּוצט שטיוול, שיך, געטאָסקעט וויאדרעס וואסער פון פּלומפּ און די לופט איז געווען פארטויבט מיט דעם ריטשיקן געקוויטש פון פּלומפּענעם אָרעם, פון טעמפּן מצה־געשטויסעריי אין הילצערנע סטעמפּעס. די נאָזלעכער זענען געווען פול מיטן ריח פון פריש־געקאָכטע פיש און הינערנע יויכן און זיס מייערן־צימעס און איבער דעם אלעם, דער ריח־ניחוח פון די פּאָמעשעפער, וואָס אַלע ווילע האָט עמעץ אנדערש אַרויסגעטראָגן פון שטוב און, פויל צוצוטראָגן צום פּאָס, געטאָן עס פון ווייטנס אַ פליודך איבער א האלבן הויף.

נתן חיים האָט זיך קריק פאַרנומען צום פעדערהויז. נעכעלע איז שוין איצט דאָרט נישט געווען, איז ער גיך אַדורך און אַרויס אין מאַרק. שטייענ־

---

*) לאָז אַוועק דיין ברויט אויפן וואַסער.

דיק ביים וואָגן איז אים איינגעפאלן אָנצוגרייטן פאַר דער מאָרגנדיקער ראַנדקע א האלב פונט וועלשענע ניס, א טאָרבעלע מאַקעראָנדלעך, פסח־דיקע קאַרמעלן.

דער ערב־יום־טובדיקער גערויש אין מארק האָט זיך שוין געהאט איינגעשטילט. פויערישע פערד און וועגן, קאָטשן פון פעסטונג, בריטשקעס פון דער באַן, אַלע האָבן זיי שוין איצט געצויגן פון שטאָט ארויס און קלאָס, בערציקס פאַראָבעק, איז שוין באַצייטנס געשטאַנען מיטן הויכן בעזעם און געקערט דעם מארק לכבוד דעם אָנקומענדיקן יום־טוב.

— ס׳מאַכסטי? נתן חיים.

אין זיין פאַרטראכטקייט ביים גיין צו די שטעלכלעך מאַכן דעם איינ־קויף, האָט נתן חיים גאָרנישט באַמערקט דאָס גיכע אָנציען אויף אים פון דריי מאָדזשיצער בנאָקלעך: יאָסקעלע באָבעק, נחומל אַפּטער און דער זנוידאָק בכבודו ובעצמו, אַלע דריי פון געקליבענעם יחוס.

זינט נתן חיים געדענקט זיך, איז ער קיינמאָל נישט געווען קיין גרויסער מחותן מיט מאָדזשיצער קליינוואַרג. די טאַטעשע קינדער, וואָס מיט זיי האָט ער געלערנט אין די חדרים, זיי האָט ער אינגאנצן נישט געקאָנט פאַרטראָגן. ווי דער טאַטע זיינער, האָט אויך ער פיינט געהאט זיך צו רייבן ארום יחוס, ארום סאמעט און זייד, בפרט אז די טאַטעשע זינדלעך האָבן זיך געבלאָזן, זיך געהאלטן גרויס קעגן אים מיט זייערע סאַמעטענע היטע־לעך און אַטלאסענע, אָדער זיידענע קאַפּאָטקעלעך און אויך מיט דעם ביסל מינץ אין זייערע קעשענעס, בעת ער האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין גראָשן זיין אייגנס.

ער האָט אָבער אויך אויסגעמיטן די ייִנגלעך פון פּראָסטע היימען, נישט, חלילה, ווייל זיי זענען אים נישט אָנגעשטאנען. פשוט, ער האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן זייער שטענדיק ארומשלאָגן זיך, זייער וואַרפן שטיינער אויף הינט און אוודאי נישט זייערע שפּילערייען אין די שבתים, דאָס כאַפּן דעם שטאָטישן באָק, אים פאַרבינדן די אויגן מיט אַ שמאַטע, אָנהענגען אים א טאָרבע מיט א שטיין אָן אייער־זאַק און אים שלאָגן מיט שטעקנס ער זאָל לויפן און זיי זאָלן מיט גרויס הנאה לאכן ווי די אָנגעהאָנגענע טאָרבע מיטן שטיין וויגט זיך ווי דער אומרו פון א זייגער און שלאָגט דעם באָק אין די פיס.

צוליב זיין נישט שפּילן זיך מיט זיי האָט דאָס מאָדזשיצער קליינוואַרג פון תמיד אָן געהאט א בייז האַרץ אויף אים. זיי האָבן פאַרשטאַנען פאַרוואָס די שמייליקע זינדלעך האָבן נישט מיט זיי קיין עסקים. אזוי איז די וועלט! יעדער מיט זיינס גלייכן. ער אָבער, נתן חיים, איז דאָך נישט קיין שמייליק זינדל, וואָסזשע איז מיט אים דער יחוס? וואָס בלאָזט ער זיך? עפּעס האָבן

זיי אים גאָרנישט געקאָנט באַנעמען. פון איין זייט ר׳ שבתאיס א תלמיד, פון דער אַנדערער זייט פּאַני־בראַט מיט אַ שייגעץ, פּראַנטשישעקל סטרוזשס זינדל. פלעגן זיי דעריבער אים שטענדיק טוען אין דער גאַל אריין, אים באפאלן צוזאמען מיט באָלעקן. איצט אָבער זענען די דריי פּאר־שוינדלעך אונטערגעקומען אויף מער, ווי גלאט אָנבויקערן. נתן חיים איז שוין א געזעלן, קאָן מ׳שוין ביי אים נעמען פּרעטענסיע־געלט.

ווי ווײל א גרויסער טייל פון מאָדזשיצער קליינוואַרג האָט זיך געלערנט מלאכות, געווען געהילפן ביי דראָזשקאַרעס, ביי באַלעגאָלעס, האָבן אָבער אַ סך פון זיי געקלעפּט אָן די ווײלע יונגען, וואָס ציען אַ מעסער און עס אויסדרייען ביי יענעם אין זייט, אויסליידיקן אַ שפּייכלער איז געווען קיי און שפּיי. דער עיקר האָבן מאָדזשיצער ווײלע יונגען גענומען פּרעטענסיע־געלט. א ייד וויל ארויפציען נאָך אַ גאָרן אויפן הויז? איז ער נישט חולה פריער דורכצוקומען מיט זיי. א סוחר הייבט אָן וואקסן? קריגט א בייכל? זענען זיי מחותנים אויף דער חתונה. א פּאָדראטשיק מאכט גוטע געשעפטן אין פעסטונג? ביי דער באן? וועלן זיי אים לאָזן אָפּקומען מיט גאָרנישט? אַ קרענק אים אין בויך!

גאָר שטאַרק אָבער האָט זיך אין מאָדזשיץ געמחיהט אין די יום־טובים, סוכות און פּסח, ווען ס׳יונגוואַרג איז אהיימגעקומען פון וואַרשע, פון לאָדזש. דעמאָלט האָט מ׳אונטערגעצויגן די חשבונות פון גאנצן האלבן יאָר, וואָרעם צווישן די אוועקגעפאָרענע זענען אויך געווען שותפים צו די היגע געשעפטלעך. איז מ׳גאַנצע טעג און נעכט געלעגן אין די שענקלעך און רעסטאָראַציעס, געפרעסן געבראָטענע גענדזלעך, געזשלאָקעט בראָנפן און וויין און מעד און סוכות, — גאַנצע פעסלעך ביר. אין צווישן האָט מ׳גע־טרענקט בייכער און געבראָכן ריפּן אזש א רויך איז געגאנגען. שמחת תורה, בעת אין צעליכטיקטן בית מדרש זענען יידן געגאנגען הקפות, געטאַנצט מיט דער תורה אַרום באלעמער, האָט די חברה, אין פינצטערן דרויסן, רויט געמאכט די ווייכע, הארבסטיקע בלאָטע מיט זייערע צעיוכעטע בלוטן.

ווי די גרויסע אזוי האָט אויך ס׳קליינוואַרג געהאט זייערע חברותות מיט זייערע חשבונות, וואָרעם אויך זיי האָבן גענומען פּרעטענסיע־געלט. א דינסטמיידל איז ביינאכט געגאנגען מיט א יינגל שפּאַצירן הינטער דער שטאָט? מוז מען זיי אָפּחורשן, אז נישט וועלן זיי אונטערהאקן די זייטן אי דער מויד, אי דעם יונג! אַ בית מדרש־בחור האָט נישט געקאָנט גובר זיין דעם יצר הרע און שטילערהייט זיך אַראָפּגעכאפּט אויף דער אַלטער פּער־שטאָט אין נפקה־בית צו דער בלאָנדער זאָשקע, דארף ער זיי אוודאי אונ־טערשמירן, אז נישט וועט די גאנצע שטאָט דאָס וויסן און, פאר א צולאָג, וועט ער נאָך קריגן אָנגעבראָכן די ביינער! איצט זענען זיי דאָס געקומען זיך זען מיט נתן חיימען:

— ׳סמאַכסטי? נתן חיים? — האָט יאָסקעלע באָבעק, אַן איבערגע־וואַקסענער שוסטער־יונג מיט א פּרצוף און ידים פון א גאָרילע, אים באַגריסט און גלייך אים אַריינגערוקט ס׳פּיפּטל (די האַנט).

— וואָס זאָל יעך מאַכן? — האָט נתן חיים אביסל צעטומלט געהויבן די אַקסלען. ער האָט שוין געאַנט מיט וואָס דער „ברוך הבא" שמעקט.

— ביסט שוין א גאַנצער געזעלן, — האָט אים נחומל אַפּטער וויל־יינגעריש געשמייכלט אין די אויגן אריין.

דאָס נחומל, א סטאָליערל, איז גראָד געווען אַ דראָבנע יינגל, אָבער שלאָגן האָט ער זיך געקאָנט בעסער פון דעם גרויסן, איבערגעוואַקסענעם יאָסקע באָבעק. ווי איז געווען יענעם וואָס האָט געקריגן פון נחומלען אַ שטויס מיט זיין הארטן קאָפּ אונטער דער גאָמבע. צוזאַמען מיטן בלוט האָט יענער אויך אויסגעשפּיגן עטלעכע ציין.

— יעך בין ניש׳ קאַ געזעלן, — האָט נתן חיים געפּרווּוט פּלאַטשיק־מאַכן זיין וויכטיקייט. — יעך בין נאָך דע׳וואַאל א לערניינגל.

— דוס פּאַ׳צייל דאַאַן באָבע! — איז דער זנוידאַק, אַ דערצערנטער, אונטערגעשפּרונגען. — א לערניינג מאַכט זעך ניש׳ קא געמזענע שטיוו־לעטן!

דער זנוידאַק, אַן אָפן גנבל, אַן אונטערגעוואָרפענער ממזר, וואָס ביז היינט, שוין א פופצן־יאָריקער יונג, האָט ער נאָך נישט פאַרזוכט קיין לייטישן שוך אויף זיינע פיס, ער, ווי נאָר נתן חיים איז אָנגעקומען אין שטאָט אריין, האָט ער פון ווייטנס גלייך דערשמעקט אז דער „לעשטש", נתן חיימל, איז אים אַראָפּגעקומען פון ראָדעם אין א פּאָר נייע שיך.

— ווי ׳אָב יעך געמזענע שטיוולעטן? — האָט נתן חיים געמאכט אַן אומשולדיקע מינע און געוויזן זיינע אלטע, זעלנערישע שטיוול אויף די פיס.

— ס׳זוגט עך ניש׳ צי עים? — האָט דער זנוידאָק וויל־יינגעריש אַ בויג געטאָן דעם קאָפּ צו נתן חיימען און מיט גנבישע אויגן געווונקען צו די צוויי פּושיאָטשעלעס. — ער איז נאָך אַ קליגע׳ אָאַך! ע׳ נעמט דעך אינדז אָפּן זעכע׳!

די שפּאַנונג אין נתן חיימען איז כסדר געשטיגן. אַן ארומגערינגלטער פון די דריי לייט, האָט ער געפּינטלט מיט די אויגן איבער זייערע אַקסלען, ווי א מייזל פון שטייגל ארויס. וואָלט זיך עמעץ געוויזן, באָלעק, אברם יאנקל, אפילו דער טאַטע, איז קיינער נישטאָ ארום אים און די מענטשן אין מארק גייט אזוי אָן זיין קריגן געשלאָגן, ווי עס איז זיי דעמאָלט אָנגע־גאַנגען, וואָס דער הינט־שלעגער האָט געכאַפּט וואַצושן.

— ווּס מאַכן מיע׳ דעם אָנשטעל? — האָט דער זנוידאַק, פול מיט אומגעדולד, א פרעג געטאָן די צוויי חברים זיינע. דאָס גנבל האָט נישט

געוווסט קיין קונצן. בעת אנדערע ייִנגלעך, אויפגעוואַקסן ביי טאַטע־מאַמע אין שטוב, האָבן נאָך געדאַרפט עפּעס אַ סיבה, אַ זאַטשעפּקע, צו קאָנען אָנהייבן שלאָגן עמעצן, האָט דער הפקרדיק־אויפגעוואַקסענער ממזר נישט געדאַרפט קיין שום אויסרייד, נאָר געקאָנט גלייך צוגיין צום פּסוק און נעמען שלאָגן מכות רצח. ער האָט זיך ווידער געטאָן אַ דריי אויס צו נתן חיימען:

— אינדז ווילן בא דיע׳ צוויי קערבלעך אָף מעיד, העיע׳סט? נתן חיים!

— געלט אָף מעיד? — האָט נתן חיים אויפגעריסן אַ פּאָר אויגן. — ווי זאָל יעך ענק נעמע׳ געלט?

— אַזוי? מאַכסט זעך גאָר תמעוואַטע? — האָט שוין יאָסקעלע באָבעק געהאַט די געזוכטע פּריטשעפּקע און גלייך נתן חיימען אַ שטופּ געטאָן, אייגנטלעך אַ קליין שטופּעלע נאָר, אָבער נחומל אַפּטער איז שוין באַצייטנס געשטאַנען אָן איינגעבויגענער, ווי אַ בענקעלע, הינטער נתן חיימס פּלייצע, אַזוי אַז פון דעם קליינעם שטופּעלע האָט ער זיך איבערגעקערט אויף הינטנ־ווייעלכטס מיט קאָפּ אַראָפּ און די פיס ארויף.

ערשט איצט האָט זיך אין די דריי לייט אָנגעצונדן די יוכע און זיי האָבן אָנגעהויבן איבער דעם אומגעוואָרפענעם נתן חיים זייער שלאָג־מלאכה. איז אומגעריכט אונטערגעקומען יצחק טענטע.

וויאַזוי דער יצחק טענטע האָט אין דעם ווילדן געוועלגער, אויף דער ערד, אין מיטן מאַרק, געזען אַז אונטער די שלעגער ליגט און ראַנגלט זיך נתן חיים, ווייסט אייך גאָט אין הימל, וואָרעם קיין געשריי האָט מען פון אים נישט געהערט. נתן חיימל, איז דאָך יערמע דודס זון, ער קאָן קריגן געשלאָגן צום טויט, זיך ראַנגלען מיט די שלעגער ביז די לעצטע כוחות, אָבער שרייען ווי אַ יידענע? דאָס קיינמאָל נישט!

אָט דער יצחק טענטע, מיט דער שוואַרצער ציגיינער־טשופּרינע אין די אויגן, האָט שוין יאָרן נישט געקאָנט פאַרגעסן, וואָס נתן חיימל האָט אַמאָל פאר אים געטאָן. געדאַרפט האָט ער דעמאָלט זיין אַ גנב, אַ שלעגער פון די גרעסטע אין שטאָט, אָבער כאָטש ער האָט געגנבעט איז ער דאָך קיין אמתער גנב נישט געווען און שלאָגן זיך האָט ער אויך נישט געוואָלט, סיידן ער האָט געמוזט.

ווען דער יצחקל, צוזאַמען מיט זיין עלטערן ברודער, עליע בורלאַק, זענען נאָך געווען קליינע ייִנגלעך, האָט די מאַמע זייערע, די הויכע חיה, אַן אלמנה מיט די צוויי יונגען און נאָך אַ מויד פאר אַ צולאָג, געוואָלט נאָך אַמאָל חתונה האָבן. האָט אָבער דער חתן, דער הויכער נחמיה, אַן אלמן, נישט געוואָלט איינגיין אויפן שידוך אויב זי ברענגט מיט זיך די צוויי יונגען.

די מויד, מילא. ער האָט א יינגל, קאָן זי ברענגען דאָס מיידל אין שותפות אַריין. אָבער די צוויי זין? זיי קאָנען גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָר!

זענען זיי טאקע געגאנגען. זיך געוואלגערט אין שטאלן, אין קאמערן, פאַרוואָרלאָזטע, אָפּגעריסענע, געגנבעט פון די טישלעך א זעמל, אן עפּל, אָבער קיין פארהארטעוועטע גנבים, קיין מעסער־שטעכער, ווי אַנדערע מאָדזשיצער זינדלעך, זענען זיי נישט געוואָרן.

איינמאָל אין א שבת, תשעה באב־צייט, איז אין שטאָט געווען א קאַרו־זעליע. פאָרן אויף א קארוזעליע אום שבת, טאָר טאקע נישט א ייִדיש ייִנגע־לע, אָבער קוקן מעג ער דאָך. איז נתן חיים, דעמאָלט א ייִנגל פון א יאָר זיבן, געשטאנען ביים איינגאנג פון גרויסן פעדערהויז, געהאלטן אין הענטל א מוציא שווארץ ברויט, באשמירט מיט יאַגדע־איינגעמאכטס, געקייעט א ביסן און געגאַפיעט ווייט, אין אנדערן עק מארק, צו דער קאַרוזעליע, וואָס האָט זיך געדרייט און די גלעקלעך האָבן געקלונגען און זעלנער, האל־טנדיק שיקסעס ארומגענומען ארום די טאַליעס, האָבן געשוועבט אויף די פערדלעך ווי אין דער לופט, פאַררוישט דעם מארק מיט זייערע סאָלדאַטקע לידער, מיט דעם הפקדריק־געקוויטשעריי פון די שיקסעס. איז אומגעריכט אויסגעוואקסן פאַר אים יצחק טענטע, א יונג פון א יאָר פערצן, הויך, דין, הויט און ביין, שווארץ ווי א ציגיינער, אָפּגעריסן, באָרוועס און די צעקודלטע טשופּרינע אין די אויגן.

אין זיין פאַרטראָגנקייט, אין דעם מיטשוועבן, אין דמיון, מיט די פליענ־דיקע פערדלעך, הירשן, אייזלען, אַלע באַגילדטע, באַגלעקלטע מיט שפּי־געלעך אויף די זייטן פון די נאָכשוועבנדיקע בריטשקעס און שליטנס, שפּי־געלעך ווו די בלענדיקע זון האָט זיך אָפּגעשפּיגלט און דער אָפּבליאַסק, ווי ליכטיקע פלאטערלעך, האָט זיך געגליטשט איבער נתן חיימס פּנים, איבער זיינע הענט, איבער דער קאַפּאָטע, איז פּלוצים, אין מיטן דער פאַרכאַפּט־קייט זיינער, עמעץ אויסגעוואקסן פאַר זיינע אויגן און אים פאַרשטעלט די גאנצע פרייד. אינסטינקטיוו האָט ער זיך א צאַפּל געטאָן.

— אָ ניש׳ מורא, נתן חיים, יעך ׳על דיע׳ גאָ׳ניש׳ טיע׳. יעך וויל נאָ׳ א ביס ברויט, בלויז איין ביס צו פאַ׳זיכן.

ערשט איצט האָט זיך נתן חיים דערמאָנט אז ער האלט די מוציא ברויט אין האנט. אין זיין גאַפּיען צו דער קארוזעליע האָט ער אינגאנצן פארגעסן אָן הונגער. יצחק טענטע האָט אים נישט געלאָזט לאנג נאָכטראַכטן:

— גיב, נתן חיימל, — האָט ער זיך שיער־נישט וויינענדיק געבעטן,

— איין ביס נאָ׳, יעך בין זייע׳ הינגעריק.

אייגנטלעך וואָלט דער טענטע געווען געקאָנט ארויסכאַפּן ביי דעם יינגעלע דעם פּעניץ ברויט, האָט ער אָבער נישט געוואָלט דאָס קינד זאָל

זיך צעווייִנען און מענטשן ארום זאָלן זיך כאַפּן וואָס ער האָט דאָ אָפּגעטאָן.
— איין ביס נאָ׳, נתן חיימל!

נתן חיים האָט אויסגעשטרעקט דאָס הענטל און דער טענטע האָט מיט צוויי ביס איינגעשלונגען די גאַנצע מוציא.

דעם קלייִנעם איז געפעלן די שפּיל. אָט אַשטייגער ווי בערציקס אָגער האָט אַראָפּגעלעקט דאָס אונטערגעטראָגענע שטיקל צוקער פון זיין האַנט־פלאַך:

— יעך ׳על דיע׳ ברענגע׳ נאָך, — האָט דאָס קינד מיט פרייד אים געזאָגט.

— גיט, נתן חיימל, אָבער זאָלסט ניש׳ זוגן אין שטיב פאַ׳ ווען מען!
נתן חיים איז פאַרשוווּנדן אין פעדערהויז, אריין אין שטוב ווי א ווינט:
— מאַמע, יעך וויל נאָך ברויט מיט יאַגדעס.
חנה לאה, די מאַמע, האָט אויפגעהויבן דעם בליק פון טייטש־חומש, אים אָפּגעווישט דעם יאַגדע־פלעק פון די ליפּן:

— ביסט זעך האאנט גיט אָנגעלאָפן, ביסטי הינגעריק. — זי האָט אַראָפּגעלייגט די צאנה־וראינה אויפן בענקל, אָפּגעשניטן א מוציא ברויט, זי באַשמירט מיט יאַגדע־איינקאָך: — נאַ, עס פאַוואָליע, שלינג ניש׳.

פון דער לחמא האָט שוין נתן חיים קיין איין ביס אויך נישט געטאָן נאָר גאַנצערהייט זי דערלאַנגט דעם טענטע. יענער האָט זי׳ צוגענומען, א צי געטאָן דאָס ייִנגל פארן הענטל און מיט אים זיך פאַררוקט אין ענגן שפּאַלט צווישן די הייזער. דאָ, שטייענדיק אין דעם אָפּפאַל, אונטער דעם שמאָלן פאַסיקל הימל, האָט דער יונג גיך איינגעשלונגען אויך די מוציא און נתן חיימל איז ווידער געלאָפן אין שטוב אַריין ברענגען נאָך. דאָס מאָל אָבער, כאָטש זי האָט אים געגעבן נאָך אַ מוציא ברויט מיט יאַגדעס, איז אָבער חנה לאהן געוואָרן קשה די מעשה:

— אַזוי גיך האָסטי שוין אויפגעגעסן? וואָס טיסטי דאָרטן מיטן ברויט?

— יעך עס אָף, — האָט נתן חיימל געזאָגט א ליגן און, כדי צו פאַר־דעקן יעדן חשד, האָט ער שוין געטאָן א ביס אריין אין דעם שטיקל ברויט און זיך געלאָזט צוריקלויפן אין פעדערהויז אַריין. ער האָט אָבער נישט געוווּסט אז גלייך נאָך זיין ארויסלויפן פון שטוב האָט דער עלטסטער ברודער, לייבל־משה, אַרויפגעלייגט אַ חומשל איבערן אָפענעם סידור, און וועלכן ער האָט געהאלטן אין מיטן זאָגן פרק און גלייך נאָכגעצויגן זען וואָס דער קלייִנער טוט דאָרטן מיט די לחמאס ברויט. ביז אָבער ער האָט דערשנאַפּט דאָס „שטשאָנקעלע״ איז שוין דאָרטן פון דער מוציא קיין קרישקע נישט געווען און ער האָט בלויז געזען יצחק טענטען בענטשן, נישט, חלילה, דעם

רבונו של עולם, נאָר דאָס ברודערל זיינס, וואָס דער טענטע האָט אים געהאלטן איינגעקלאמערט אין די אָרעמס, האלב־נאַקעטע פון די צעריסענע אַרבל ארויס, און אים געקושט און געהאלזט:

— ׳עסט זען, נתן חיימל. מאָרגן־מערטשעם ׳על יעך דיך נעמע׳ צי דע׳ קאַרוזעליע און דיך אַראָפּזעצן אָפּן שענצטן פע׳דל.

— ניין, יעך וויל ראַאַטן אָף אַ הערש.

איבער זעקס יאָר זענען פון דעמאָלט אוועק און איצט, פּלוצים, האָט זיך דער טענטע געיאַוועט:

— אַ כאַליערע אָף ענק! עים גייט עץ שלוגן?

ווי איבערגעשראָקענע מייז זענען די דריי שלעגער זיך צעלאָפן אין אַלע זייטן פון מארק און ער, נתן חיים, איז אויפגעשטאַנען פון ברוק. א פארשעמטער האָט ער געשארט פון זיך דעם שטויב, דאָס פערד־מיסט.

— ווּס ווילן זיי פין דיע׳?

— זיי ווילן צוויי קערבלעך אָף מעיד.

— א גיטע כאַליערע ׳עסטי זיי געיבן!

נתן חיים האָט געשוויגן. די באליידיקונג פון געטאָרליעט ווערן אין מיטן מאַרק אויף דער ערד איז לאַנג נישט אַוועק פון אים. ער האָט נאָכגע־קוקט דעם אוועקגייענדיקן טענטע: פון וואַנען האָט ער זיך דאָ דערנומען? ער איז דאָך שוין יאָרן נישטאָ אין מאָדזשיץ. ער איז איצט נישט מער געווען יענער באָרועסער, אָפּגעריסענער, הונגעריקער יונג. אַוועק פון אים איז איצט געגאנגען א פאַצעט אין א גרויער אָבראַניע מיט א גרויען ווייכן קאָפּעלוש, אין ברוינע, געמזענע שיך אויף די פיס.

צו ניין יאָר האָט ר׳ שבתי אָנגעהויבן מיט אים לערנען קהלת. וואָס האָט ער דעמאָלט פארשטאַנען? איצט אָבער באַנעמט ער גוט דעם זין פון דעם פּסוק: שלח לחמך על פני המים כי ברוב הימים תמצאנו (לאָז אַוועק דיין ברויט אויפן וואַסער, וואָרים אין פיל טעג אַרום וועסטו עס געפינען) *). ווען אַ שטייגער ער גיט נישט דעמאָלט אַוועק זיין וואַרעמעס דעם טענטע? וואָלט ער איצט געווען אַ צעהרגעטער און ער וואָלט שוין פאַרשפּאָרט מאָרגן צו גיין אויף דער ראַנדקע מיט נעכעלען.

*) קהלת, י״א, א׳, יידיש — יהואש.

# קאַפּיטל אַכטאונצוואַנציק

איינגעהילט אין וואָלענעם טלית, די זילבערנע עטרה איבערן קאָפּ, איז שמחהלע פּוטערפּלאָם געשטאַנען ביים עמוד מיט פאַרהויבענע אויגן צום שויתי און זיך געציקלט מיט גרויס הנאה:

אל אָדון על כל המעשים *)

ס׳איז שביעי של פּסח אינדערפרי, דערצו נאָך שבת, די וואָכיקע זאַרגן ליגן נאָך פאַרפּאַקט אויפן בוידעם, צווישן חמצדיקן געפעס, די זון גלעט און וואַרעמט, פון קאָזשמינסקיס סאָד טראָגט זיך דורך די אָפענע פענצטער אַ ליב ווינטעלע, וואָס שמעקט מיט בעז, מיט עפּל־בליעכץ, אין שטוב וואַרטן נאָך, דאַנקן־גאָט, יום־טובדיקע מאָלצייטן, וואָסזשע איז זיך דאָ צו איילן? זענען יידן געזעסן בהרחבה אַרום די צוויי לאַנגע טישן, צעשטעלטע ווי אַ דלד, איבערגעדעקטע מיט ווייסע טישטעכער, געקוקט אין די צע־עפנטע מחזורים, זיך געוויגט, געשאָקלט און מיטגעציקלט מיט שמחהלען:

ברוך ומבורך בפי כל הנשמה **).

אין מיטן פון איין טיש, צווישן אַ גאַנצע ריי באַ׳טלית׳טע יידן, איז געזעסן יערמע דוד. ווי וויל ער איז געווען איינגעהילט אין טלית און זיך מיטגעוויגט און מיטגעזונגען מיטן גאַנצן עולם דעם אל אָדון, פּסוק נאָך פּסוק, איז אים דאָך דער קאָפּ נישט געווען דאָ, אין שטיבל. שטאָט אין מחזור, האָט ער זייטיקלעך געהאַלטן דעם בליק צו דער צעפּראַלטער טיר, אַלע ווײַלע געכאַפּט אַ קוק דורכן פענצטער אַרויס אויפן באַלקאָן, אַראָפּ אויפן הויף. באַלד וועט מען זיך שטעלן שמונה עשרה און ער זעט נאָך אַלץ נישט די בנים. נישט אברם יאנקל און נישט נתן חיים, ווייזן זיך נאָך אַלץ נישט אַריין אין שטיבל צום דאַווענען! אמת, זיי זענען נישט די איינציקע, אנדערע זינדלעך ליגן נאָך אויך אין די בעטן און פאָפן. וויל ער זיך אָבער נישט פאַרקוקן אויף יענע, וואָס זענען נאָך נישטאָ. ער וויל זיך ליבערשט פארקוקן אויף די וואָס זענען יאָ דאָ, וואָס דאַווענען, וואָס זאָגן נאָך ברוך הוא וברוך שמו אָמן.

---

*) גאָט דער האַר פון אַלע טואונגען.

**) געלויבט און געבענטשט זאָל ער זיין דורכן מויל פון יעדער נשמה.

דאָס גאַנצע ביסל יום־טובדיקע הרחבה איז איצט יערמע דודן נישט איינגעגאַנגען. אמת, ער האָט טאַקע ביי זיך אָפּגעפּאַסט נישט זיך צו מישן נישט מער צו דערמאָנען די צוויי יונגען אַז מ׳דאַרף אויפשטיין, אַז מ׳דאַרף גיין צום דאַווענען. אָבער איין גאָט ווייסט ווי שווער דאָס נישט מישן זיך קומט אים אָן. אמאָל איז געווען אַנדערש! אַז גאָט האָט געהאָלפן ס׳איז געקומען אַ שבת, אַ יום־טוב, האָבן די צוויי זינדלעך געמוזט זיצן לעבן אים, איינער פון זיין רעכטער האַנט און דער צווייטער פון זיין לינקער האַנט. יינגלעך דאַרף מען האַלטן צעשיידט, ווי להבדיל פערד, וואָס מ׳צע־שיידט מיט אַ דישעל, אַז נישט קאָנסטו זיי נישט דערהיטן. לעבן דיין נאָז פירן זיי אונטערן טיש אַ האַנדל אין קנעפּלעך. איז חוץ וואָס זיי זענען מחלל שבת, מחלל יום־טוב, ווייסן זיי אויך נישט ווו דער חזן האַלט. קאָן ער דאָס היינט מער נישט! זינט דער מעשה מיט זיין אַרויסנעמען נתן חיימלען פון ר׳ שבתין און אַריינגעבן אים צו הערשעלע מלמד אין דרדקי־חדר, האָבן זיך די לייצעס פון טאַטעשער הדרכה שוין אינגאַנצן אַרויסגע־גליטשט פון זיינע הענט.

אָט איז שוין דער גאַנצער חול המועד אַריבערגעלאָפן. איידער מ׳קוקט זיך אום וועלן אויך די צוויי יום־טוב־טעג אַוועק און ער האָט נאָך רעכט מיט די צוויי יינגלעך נישט גערעדט. מילא, מיט אברם יאַנקלען, וואָס קאָן ער שוין מיט אים רעדן? בלייבן דאָ הי קאָן ער שוין נישט. זינט דער יונג האָט אָפּגעטראָגן צו די סטרייקערס, אַז די פּליוקעס האָבן אים געשלאָגן, זענען שוין שיינע יאָרן אַוועק און ער קאָן נאָך אַלץ דאָ ביי קיין מיינסטער קיין אָרט נישט קריגן! נתן חיימל אָבער איז דאָך עפּעס אַנדערש, פאַר אים וואָלט ער גאַנץ ווויל געקאָנט קריגן אַן אָרט ביי אַ היטלמאַכער דאָ הי!

גאַנץ חול המועד, זינט נתן חיים איז געקומען, וויל ער, יערמע דוד, מיט אים דאָס איבערשמועסן, רעדן מיט אים, ווי טאַטעס רעדן מיט זייערע יינגלעך. איז אָבער לא עלינו! עפּעס איז ער פאַרשאָלטן פון גאָט נישט צו קענען אויסרעדן אַ גלייך וואָרט מיט אַן אייגן קינד. אַז ס׳האָט אויפגעהערט דאָס הערשעווען און קאָמאַנדעווען איבער זיי, האָט ער נישט מיט זיי וואָס צו שמועסן. און ווי ער, דער טאַטע, האָט זיך דאָס אויסגעקוקט די אויגן אויף דעם נתן חיימלען! ער האָט געמיינט, ווי נאָר דער קליינער קומט בשלום אהיים, הייבט זיך אָן אַ נייע סדרה! ער וועט זיך אויסשמועסן מיט דעם יינגל ווי מיט אַ מענטש, אַ בר־דעת. האָט גאָט געהאָלפן און נתן חיים איז מיט מזל געקומען, איז מער ווי פרעגן אים: וואָס מאַכסטו? ווי איז דיר דערגאַנגען ביים מיינסטער? קלערסט דאָרטן צו בלייבן ווייטער? מער ווי די עטלעכע ווערטער האָט ער נישט געהאַט מיטן יינגל וואָס צו רעדן.

און גראָד נתן חיימען וויל ער שטאַרק מפייס זיין, פאַרגיטיקן אים פאַר

די אלע יאָרן צער און ביטערקייט, וואָס ער, דער טאַטע, האָט אים פאַר־שאַפט און, דער עיקר, פאַר דער בושה, וואָס ער האָט אים אָנגעטאָן מיט דעם ארויסנעמען אים פון גרעסטן מלמד און אים קריק אריינגעבן אין אַ דרדקי־חדר. ער וויל פּאָרט דאָס יינגל זאָל נישט טראָגן אויף אים קיין בייז האַרץ. כאָטש, קריק־געשמועסט, ער, יערמע דוד, האָט געטאָן ס׳זייניקע, אויסגעטאָן ס׳שעם־היטל און אליין זיך מטריח געווען קיין ראָדעם אים איבערבעטן, האָט די קליינע כפּרה אים אזוי אָפּגעדינט! אפילו די מתנות, וואָס ער האָט אים געברענגט, האָט ער נישט געוואָלט נעמען! נישט די נייע תפילינדלעך און נישט אַפילו דאָס קורצע גאַרניטערל! ווער ווייסט וואָס איצט וועט דאָ זיין? דאָס נתן חיימל קאָן אים נאָך פאַרשעמען פאַר אַלעמען אין די אויגן.

א גאנצן ווינטער האָט ער, יערמע דוד, געטראַכט, געפּלאָנט: דער קליינער איז נישט געווען אינדערהיים בעתן ווערן בר מצווה. ער, דער טאַטע, האָט אפילו נישט געהאט די זכיה צו מאכן איבער אים די ברכה: ברוך שפּטרני! וואָלט געווען א גלייכע זאך מ׳זאָל אים פסח אויפרופן צו דער תורה, אפשר גאָר געבן אים מפטיר? אברם יאנקל קאָן איצט נישט ארויסווייזן קיין קנאה. עלעהיי די בר מצווה איז איצט! שמחהלע פּוטער־פלאם וועט אויך נישט האָבן קעגן דעם. וועט ער דאָ שיסן צוויי האָזן אויף איין מאָל. אי נתן חיימען וועט הנאה טאָן: מ׳האלט אים שוין פאַר א חתן־בחור, מ׳רופט אים אויף צו מפטיר, אי ער, דער טאַטע, וועט כאָטש איינמאָל אין לעבן האָבן די זכיה צו הערן אַ יידיש וואָרט פון דעם יינגלס מויל. מ׳זאָגט דאָך פּאָרט אַז ער קען און קען! ר׳ שבתי טענהט נאָך אַלץ אַז נתן חיים איז געווען זיין בעסטער תלמיד, וואָלט מען דאָס יינגל געלאָזט ביי אים לערנען כאָטש נאָך צוויי זמנען, וואָלט נתן חיים געווען דער בעסטער בעל קורא אין שטאָט און ער וואָלט שוין געקאָנט לערנען אין בית המדרש אליין פאַר זיך, אָן א רביך.

זיין איצטיקער אומרו איז נאָר: טאָמער דערשנאַפּט נתן חיימל וואָס דער טאַטע איז דאָ אויסן און ער וועט אָפּפּאָסן ביי זיך: אזוי גאָר? ווילסט נאָך אַלץ מיך אויספרווון? וויל איך נישט! ביי דעם ייִנג איז אַלץ מעגלעך. ער קאָן זיך אפילו אויפהייבן אין מיטן אויפרופן אים צו דער תורה און אוועק פון שטיבל אָן א „זאאץ מע געזינט״. דעריבער איז ער דאָס איצט, יערמע דוד, געזעסן אין איין זאָרג און אזוי אומרואיק געקוקט צו דער טיר, וואָס די יונגען ווייזן זיך נישט אריין, טאָמער פאַרשפּעטיקן זיי קדושה?

האָבן זיי גראָד נישט פאַרשפּעטיקט. פאַר שמונה עשרה האָבן זיך די צוויי ברידערלעך באוויזן אין דער אויפגעפּראלטער טיר פון שטיבל. נתן חיימל האָט גלייך געעפנט דאָס מחזור און ביידע האָבן זיך געשטעלט לעבן

שולחן אָניאָגן שמחהלען ביים עמוד. אוודאי, ווען דער טאַטע וואָלט נישט דאָרטן געזעסן ביים טיש און נישט אזוי געהיט זייער יעדן קער און ריר, וואָלטן זיי, שטאָט דאוועגען, גאָר איצט געוועז אויפן באַלקאָן און ארומגע־וו׳יוועט מיט די יינגלעך. ער, נתן חיים, ווייסט איצט אינגאַנצן נישט וואָס ער זאָגט דאָרטן, אין מחזור. אים בריט אין דער פּלייצע, גלייך צוויי אָנגע־גליטע שפּיזן וואָלטן אים דאָרטן געשטאָכן. ווען ער איז דורכגעגאַנגען דעם הויף און ארויפגעקוקט צו כאַנטשען, שמחהלע פּוטערפּלאַמס טעכטערל, וואָס שטייט איצט אויף זייער באַלקאָן, פּונקט אַנטקעגן שטיבל, אַ יום־טוב־דיק־אויסגעצוואָגענע, מיט צוויי רויטע אַטלאַס־שלייפן אין די צעפּ, האָט זי אוועקגעדרייט דעם קאָפּ, גלייך זי קען אים גאָרנישט. איצט אָבער פילט ער אירע אויגן אויף זיין רוקן. זינט ער איז געקומען וויל ער זי זען, רעדן מיט איר, נאָר זי דרייט שטענדיק אוועק דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט זיך געשעמט אים צו קוקן אין די אויגן. אָדער אפשר פּאַסט איר מער נישט צו רעדן מיט אים? זי האָט שוין פאַרגעסן אז זיי האָבן זיך ביידע געשפּילט אויפן שטאַל־בוידעם אין מאַן און ווייב?

יערמע דוד האָט די גאַנצע צייט, פון טיש אַוועק, געהאַלטן אן אויג אויף די צוויי בנים. ס׳האַרץ אין אים האָט געקוואָלן פון נחת. צוויי שיינע, געראָטענע בחורים, גייען זיך זייער וועג, טשעפּען נישט אַ פליג אויף דער וואַנט. ער האָט אָבער אויך געהאַט גרויס עגמת נפש פון נתן חיימס הולך. אברם יאנקל גייט לייטיש אָנגעטאָן. סוכות נאָך האָט מ׳געפּועלט ביי אים ער זאָל אָנטאָן דאָס גאַרניטערל, די מתנה, וואָס נתן חיים האָט נישט געוואָלט אָננעמען. נתן חיים אָבער גייט נאָך אַלץ אין דעם גרין־אָפּגעבליאַקעוועטן סאַקל, אויסגעוואַקסן שוין, אויסגעריבן אין די עלנבויגנס! וואָלט ער דעם יונג געהאַט אינדערהיים, וואָלט ער אים געווען געלאָזט מאכן א קאַפּאָטקעלע, אַ סאַקל, אפילו אַ קורצן גאַרניטער! האָט אָבער דער קליינער געזאָגט „ניין״, וועט שוין בלייבן ניין! ער וועט שוין ביים טאַטן גאָרנישט אָנרירן. און דאָ גייען אנדערע יינגלעך אין נייע מלבושים, וואָס וועלן לייט זאָגן?

דער שמש האָט געטאָן אַ פּאַטש אין שולחן. מיטאיינמאָל איז געוואָרן שטיל און דער גאנצער עולם, גרויס און קליין, האָט זיך גענומען שאָקלען איבער דער שטילער שמונה עשרה. אויך יערמע דוד האָט אריבערגעצויגן דעם טלית טיף איבערן שטערן, אז בלויז די באָרד, א רויטע, א פייערדיקע האָט זיך ארויסגעזען. ער האָט א קרעכץ געטאָן: אוי, טאַטע דערבאַרעמ־דיקער! מי כמוך בעל גבורות ומי דומה לך? *).

איצט, ענדלעך, האָט נתן חיים זיך דערוואַרט. אז מ׳איז אויסגעשטאַנען

---

*) ווער ווי דו איז אַזאַ בעל גבורות און ווער איז געגליכן צו דיר.

די שטילע שמונה עשרה און שמחהלע פּוטערפלאַם האָט זיך גענומען גאָר־גלען: *) מסוד חכמים ונבונים, האָט ער געלאָזן דאָס שטיבל מיט די יידן, מיט די טליתים און איז ארויס אויפן באַלקאָן, א הילצערנער, א לאנגער, ווּ מ׳קאָן ארומבראָיען, שפּילן אין בלינדע פּעטש, טרייבן הלצהלעך, דער עיקר אָבער וויל ער זען זי, כּאַנטשען, קוקן איר גלייך אין די אויגן און זען צי זי וועט נאָך אַלץ אָוועקדרייען דעם קאָפּ פון זיין בליק.

אין שטיבל האָט דערוויל שמחהלע געענדיקט די הויכע שמונה עשרה, מ׳האָט זיך געשטעלט לייענען און ער, נתן חיים, האָט נאָך אַלץ נישט געהאַט גענוג דאָס אריינגעמען אין זיך די היימישקייט פון אייגענעם שטיבל, די נאָענטקייט, וואָס ער האָט אזוי לאנג געבענקט נאָך איר אין דער גרויסער, פרעמדער שול אין ראָדעם.

— נתן חיים, מ׳רופט דיך! — האָט א יינגל אים געטאָן א צי ביים אַרבל.

ער האָט אומגעקערט דעם קאָפּ, יאָ! שמחהלע פּוטערפלאַם גאָרגלט זיך דאָרטן:

— יעמוד, החתן נתן חיים בר׳ יערמע דוד מפטיר!

ס׳האָט אים געגעבן א זעץ אין האַרץ, מפטיר? אינסטינקטיוו האָט ער גענומען צוקנעפּלען די קאַפּאָטע און גיין פּאַוואָליע, ווי א סטאַטיקל אין שטיבל אריין. עמעץ האָט אים גלייך איינגעהילט אין א טלית און ער האָט גענענט צום שולחן. ער איז געווען היפּש צעטומלט און געמורמלט די ברכה שטיל, אָבער נאָך מער צעטומלט איז ער געוואָרן ווען לאָזער שוס־טער, דער בעל קורא, האָט זיך אָפּגערוקט פון מיטן שולחן און אים א וויז־געטאָן מיט זילבערנעם ידל אויף דער יריעה, אין מיטן אויפגעוויקלטן ספר, נו, אָ, ס׳הייסט: בחורל, זיי זיך מטריח און לייען.

נתן חיים האָט א פרעגנדיקן קוק געטאָן אויף לאָזער שוסטער, באַלד אויף שמחהלע פּוטערפלאַם. ער האָט געאַנט אז דער טאַטע האָט דאָ עפּעס פאַרקאָכט, אַז מ׳וויל אים דאָ פּאַרהערן, ווי אַמאָל הערשעלע מלמד, ווען יענער האָט אים גענומען פאַרהערן צי ער קען עברי. דאָך האָט ער זיך צוגערוקט נענטער צום ספר און גענומען לייענען שטיל, און אומזיכער: **) והקרבתם אשה עולה לה׳, באַלד אָבער איז זיין קול געוואָרן העכער, זיכערער און פונקט ווי דעמאָלט, ביים קליינעם הערשעלע, האָט ער איצט געטאָן אַ זינג אויף: ***) ומנחתם סולת בלולה בשמן!

יערמע דוד האָט געפּנט מויל און אויערן. ער קען דאָך טאַקע יאָ! פון איין זייט איז אים ס׳האַרץ צעגאַנגען אין נחת, פון דער אנדערער זייט איז

---

*) פון סוד פון די חכמים און פאַרשטאַנדיקע.

**) און איר זאָלט מקריב זיין אַ קרבן עולה צו גאָט.

***) און דאָס פלייש פון קרבן זאָל זיין געטונקען אין מעל און געווייקט אין זיין בוימאייל.

אים באַפּאַלן אַ בושה. וויאַזוי וועט ער קאָנען קוקן דעם יינגל אין די אויגן אַריין? צו קיינעם האָט ער זיך נישט געוואָלט צוהערן נאָך צו זיינע קומעס אין מאַרק. אַז ר' שבתי האָט אים געזאָגט ס'יינגל האָט אַ פּייערדיקן קאָפּ, אַז ער איז ביי אים דער בעסטער תלמיד, האָט ער זיך צו דעם טייערן ייד נישט צוגעהערט נאָר געהערט די עצה פון סראָל ריץ, דער וואַסערטרעגער און געברענגט אַזאַ בושה אויפן יינגל!

אַז ער איז געקומען צו דער הפטורה האָט נתן חיים נישט געזאָגט ווי די מערסטע יידן טוען דאָס, נאָר זי געלייענט מיט דעם באַזונדערן הפטורה־טראָפּ. יידן האָבן זיך אומגעקוקט: קאָן עין הרע! עץ הערט א קול? א זיל־בערן גלעקל! און אַז ער איז געקומען צו די לעצטע ברכות און ער האָט פּאַוואָליע, וואָרט ביי וואָרט, ווי אויסגעקלאָגט: *) על כסאו לא ישב, זר, האָבן יידן זיך אומגעדרייט צו יערמע דודן:

— הערסט אַ קול? דו הערסט א געמבע? ס'זאָל דיר נאָר נישט פאַר־שטערט ווערן!

אין שטוב, ביים עסן, איז יערמע דוד געזעסן אַ שטילער, אַן איינ־געשוויגענער. תמיד אַזוי! אַז ער פילט זיך אין עפּעס שולדיק, שווייגט ער, ווערט ביי אים אָפּגענומען דאָס לשון. אָבער אינעווייניק, אין אים, האָט גערופּעט דער באַגער צו דערציילן, דאָס טאַטעשע ווועלן זיך באַרימען, זיך ארויסשטעלן, אויב נישט פאַר פרעמדע, וואָס עס איז נישט אין זיין טבע, איז כאָטש רעדן וועגן אים מיט חנה לאהן. וואָרעם, חוץ ראש השנה און יום כפור, ווען שמחהלע מאכט אן עזרת נשים, פון דער דער־נעבנדיקער דירה, דאַוונט זי דאָך נישט אין שטיבל און דעריבער נישט געקאָנט אליין אויך הערן און האָבן דאָס נחת. אוודאי ווייסט ער וואָס זי וועט אים דאָ זאָגן. איז דעריבער? זאָל ער איר נישט דערציילן? ציט אים אָבער ס'האַרץ, א מין ווועלן נאָכאַמאָל איבערלעבן די פרייד, וואָס ער האָט געהאט אין שטיבל.

געוויינלעך, א שבת צי א יום־טוב, פלעגט זיך טאָן ריסעס אין שטוב, צוליב דעם, וואָס די יונגען, נאָך איידער זיי האָבן רעכט אָפּגעבענטשט, ווערן זיי שוין נעלם פון טיש אוועק. איצט אָבער האָט ער זיך קוים דערוואַרט זיי זאָלן שוין אַרויסגיין פון שטוב.

— הערסטי, חנה לאה, אַזוינס האָסטי נאָך נישט געהערט!

חנה לאה האָט אים אָנגעקוקט. זי האָט נישט געוווּסט פון דער גאַנצער מעשה, נישט פון זיינע טראַכטעניש דורכן ווינטער און נישט פון זיין בעטן שמחהלען ער זאָל דאָס יינגל אויפרופן פסח צו מפטיר. האָט זי אויפגעהערט דאָס אַראָפּנעמען פון טיש און אים געפרעגט:

— וואָס אַזוינס איז געשען?

---

*) אויף זיין שטול זאָל נישט זיצן קיין פרעמדער.

— אַזוי לייענען די תורה האָסטו נאָך נישט געהערט!
— ווער האָט דאָס געלייענט?
— ס׳הייסט ווער? דאַאן נתן חיימל!

חנה לאה האָט געעפּנט מויל און אויערן. אַז איר נתן חיימל איז ב״ה א קענער דאָס האָט זי געוווּסט. ווי דען, אַנדערש? זי איז נישט יערמע דוד. אַז ר׳ שבתי האָט געזאָגט ס׳ייִנגל קען, איז פאַר איר גענוג. זי וועט נישט גיין ווענן דעם הערן קיין עצה פון סראָל ריק, ווי יערמע דוד האָט געטאָן. אָבער לייענען די תורה? ער האָט אַמאָל, פּורים, געלייענט אין חדר די מגילה פאַר ווייבער, אָבער אין שטיבל לייענען די תורה?

— יאָ, יאָ, — האָט יערמע דוד געשאָקלט צו איר דעם קאָפּ, עפּעס ווי ער אליין, כאָטש ער האָט דאָס געהערט, וואָלט זיך נאָך אלץ נישט געקאָנט דאָס צוגלייבן.

חנה לאה האָט געלאָזט שטיין דעם צונויפגענומענעם שטויס טעלער און זיך צוריקגעזעצט צום טיש. זי האָט קיינמאָל נישט דורכגעלאָזט קיין געלעגנהייט צו הייבן דעם ייִנגלס מערכה ביים טאַטן, וועט זי דאָס איצט אויך נישט דורכלאָזן.

— זעסטי שוין? — האָט זי געשאָקלט צו אים דעם באַשייטלטן קאָפּ און די אויגן, די טיף־אויסגעליטענע מאמעשע אויגן, האָבן דערביי פריידיק געלויכטן: — זעסטי שוין? אבי די בראָקסט זעך מיט אים. הלוואי וואָלט ער געבליבן אינדערהיים. זי איז געבליבן שטיל, כאָטש געדאַרפט וואָלט זי גאַנץ שיין אים איצט באַגראָבן דעם קאָפּ, דעם לעכטיקן טאַטן! ווייסט זי אָבער אז דאָס וועט נישט טויגן. יערמע דוד, כאָטש אליין קאָן ער איינזען אז ער איז אומגערעכט, האָט ער אָבער פיינט אז מ׳זאָגט עס אים, אז מ׳שטעי־כעלירט אים מיט דעם.

אויך יערמע דוד האָט געשוויגן. ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען וואָס חנה לאה טראַכט. ער האָט געשארט די מצה־קרישקעלעך מיטן שארף פונעם מעסער, זיי געוואָרפן אין אויבערשטן פון שטויס טעלער. וואָס קאָן ער איר זאָגן? זי איז דאָך גערעכט. פאַרוואָס טאַקע האָט ער אזוי געברענט דעם ייִנגל די טריט? ער האָט א זיפץ געטאָן:

— אוודאי וואָלט גלאַאכער געווען נתן חיים זאָל בלאַאבן אינדערהיים.

— ני, האָט חנה לאה אַ מאַך געטאָן צו אים מיט די הענט, ווייזנדיק אים די צוויי אויסגעהאָרעוועטע האַנט־פלאַכן: — אדרבה, ביסט דאָך אַ טאַטע, רעד מיט אים! — טיף אין הארץ וויל זי דאָס טאַקע און דאָך וויל זי עס נישט! זי ווייסט, עס וועט נישט טויגן. לעבן יערמע דודן וועט נתן חיים נישט קאָנען זיין!

— יעך זאָל מיט אים רעדן? — האָט זיך יערמע דוד אָנגערופן. — מיעך ׳עט ע׳ פאָלגן? די ביסט דאָך די מאַמע, פּועל די!

# קאַפּיטל ניינאונצוואַנציק

מוצאי יום־טוב, סוכות און פּסח, ווי נאָר א שטערן האָט זיך געוויזן אין הימל, איז אין מאַדזשיצער היימען אָנגעשטאַנען אַן אומרו, א געֿרודער ווי אַמאָל ביי די יידן אין גושן, פאַרן פאַרלאָזן ס׳לאַנד מצרים.

די געפלאָכטענע קוישלעך, די הילצערנע קופערטלעך, די וואַליזעס מיט לעדערנע רימען און אייזערנע שנאָלן, וואָס א גאַנצן יום־טוב זענען זיי געווען פאַררוקט אונטער די בעטן, זענען איצט געשטאַנען אויף בענק־לעך און טישן צעעפנטע און דאָס אהיימגעקומענע יונגוואַרג האָט אין זיי צוריק אריינגעלייגט די יום־טובדיקע גאַרניטערס, די אויסגעטאָענע, פאַפּי־רענע פורלאַגעס, איינגעברודיקטע שוין, די שניפּסלעך, די סקריפּענדיקע שיך און אונטערוועש, וואָס די מאַמעס האָבן חול המועד אזוי זאָרגעוודיק אויסגעוואַשן, אזוי גלאַטיק אויסגעמאַנגלט און איצט דערלאַנגען זיי עס די זין פול מיט ליבשאַפט, איינצופּאַקן זיך צוריק אין וועג אריין.

ווי דאָס יונגוואָרט אין די שטובן, אַזוי האָבן מאַדזשיצער דראָזשקאַרעס געהאַוועט ארום די שטאַלן. מיט אָנגעצונדענע לאַמטערן אין די הענט, זענען זיי געקראָכן אין די פינצטערע קאַמערן, ווייך־אונטערגעבעטע מיט שטרוי, דורכגעווייקט אין פערדישער השתנה, ארויסגעפירט פון דאָרטן די פערד, איינגעשפּאַנט זיי אין דראָזשקעס, אין בריטשקעס, אַריינגעשטעלט אָנגעצונדענע שטיקלעך ליכט אין ביידע זייטיקע לאַמטערן, אין לעמפּל צווישן די הינטערשטע רעדער, ארויפגעקראָכן אויף די קאָזשלעס און מיט פריילעכן געסווישטש פון די בייטשן אוועקגעפאַטשט אין מארק אריין.

אינדערפרי נאָך, אין לעצטן טאָג יום־טוב ביים דאַווענען, האָבן שוין די דראָזשקאַרעס רעכט נישט געהערט וואָס דער חזן דאַוונט דאָרט ביים עמוד. אין די טליתים, אַראָפּגעגליטשטע פון די אקסלען, האָבן זיי ארומ־געשמייעט איבערן בית המדרש, איבערן פּאָליש, ארויסגעלאָפן דרויסן און דאָס אַלץ אין כסדרדיקן געיעג נאָך פּאַרשוינען. ווי געניטע קאָמאַנדירן זייערע ראָטעס, האָבן זיי אין זייערע קעפּ געפּאָרט די פּאַסאַזשירן לויט די שטעט וווהין יעדער דאַרף פּאָרן כדי אויפדערנאַכט זיי צונויפנעמען צו פינף, צו זעקס אין אַ דראָזשקע אַריין און זיי אַוועקפירן צום וואַרשעווער צוג, צום לאָדזשער צוג, צו דער באַן קיין ראָדעם, קיין טאָמאַשאָוו. האָבן

זיי דאָס איצט, באַלד נאָך מעריב, ארומגעהאַוועט מיט די בייטשן אין די הענט איבער מאָדזשיצער הייף, צונויפצושלעפן יעדער זיינע פאַרשוינען. איילנדיק, פון הויף צו הויף, האָבן זיי געמינטערט, געוועקט, גערופן אין די אָפענע פענצטער אריין:

— מענדל, באַלעמוטשע נישט!

— אהרן, די קאָליע ׳עט ניש׳ וואַרטן!

אויך ביי יערמע דודן אין שטוב איז איצט געשטאַנען א גערודער, א געפּאַקעריי. אויפן טיש, אונטערן ליכטיק־ארויסגעדרייטן נאַפט־לאָמפּ, זע־נען געשטאַנען צעעפנט די צוויי הילצערנע קופערטלעך און אברם יאנקל פון איין זייט טיש און נתן חיים פון דער אנדערער זייט, האָבן פּאַוואָליע און זאָרגעוודיק צוריק אריינגעלייגט זייער געברענגט ביסל אָנטועכץ. בלויזביים איינפּאַקן די תפילינדלעך איז נתן חיים געבליבן שטיין אויף אַ ווײלע א פארטראכטער. ער האָט געהאלטן דאָס בלוי־סאַמעטענע תפילין־זעקל מיטן גאָלד־אויסגעהאָפטענעם מגן־דוד אין איין האנט, דאָס קליינע כל־בו־סידורל אין דער צווייטער און אלץ נישט געקאָנט באַשליסן וואָס ער זאָל דאָ טאָן. עפּעס איז ער נאָך אלץ נישט געהאט מושווה געוואָרן ביי זיך צי ער זאָל יאָ אָדער נישט אָננעמען די מתנה, וואָס דער טאַטע האָט אים דעמאָלט געברענגט קיין ראָדעם. מילא, פון אָנצוגל איז ער שוין געווען פּטור. אברם יאַנקל האָט עס נאָך לאנגע בעטעניִשן צוגענומען. אָבער די תפילינדלעך? מיט דריי פערטל יאָר צוריק, ביים נעלם ווערן פון שטוב, פאר בר מצווה נאָך, האָט ער געקאָנט פועלן ביי זיך מיטצונעמען דעם טאַטנס תפילין. אָבער איצט? און ווידער פאָרן אָן תפילין? ווי לאָזט זיך א ייד אזוי אין וועג אריין?

בעת די יינגלעכס פּאַקן זיך, איז יערמע דוד געזעסן ביים אָפענעם פענצטער, מיטן פּנים ארויס, אין נאכטיקן הויף אריין. ער איז געווען אָנגע־כמורעט, פאַרוויײטיקט. דער ציגאַר־שפּיץ מיטן פריש־פאַרדרייטן מאַכאָרקע־ציגאַרל האָט אים עפּעס אזוי טראָציק געשטעקט אין רעכטן מויל־ווינקל, צווישן דער פלאַמיק־רויטער באָרד און וואָנצעס. מיט יעדן צי פון פּאַפּיראָס, האָט דאָס פייער־רינגעלע אויפסנייי אים באלויכטן דאָס פּנים, גלייך אַ גליי־ווערעמל וואָלט אים פאַרבייגעפלויגן. די קרייזעלעך רויך האָבן זיך אים געוויקלט פון די נאָזלעכער, פאַרביי די אויגן, קנאהדיק־געווענדטע צו די צעליכטיקטע פענצטער פון די שכנותדיקע שטובן. קיינער פּאַקט זיך דאָרט נישט אוועקצופאָרן. דער אלטער פליוק רוקט ווידער ארויס דעם שוסטער־וואַרשטאַט, ווי יעדן מוצאי שבת אָדער יום־טוב, כדי באַגין זאָל אלץ זיין גרייט זיך צו זעצן מיט די דריי זין צו דער ארבעט. דאָסגלייכן — דער קראַוואַטניק מיט זיינע צוויי יונגען און בערל טאַנדייטער מיט זיין זון. חנה לאה מעג טאקע מיינען אז אים ארט נישט וואָס זיינע קינדער וואַלגערן זיך

אינדערפרעמד. ער אָבער ווייסט בעסער. וואָסי? א טאַטנס הארץ ווייטיקט ווינציקער ווי א מאמעס?

מיטן בייטשל אין האַנט, איילנדיק, איז פּרץ דראָזשקאַר אַנגעלאָפן צום אָפן־צעפּראלטן פענצטער. דורך דער טונקל האָבן זיינע אויגן בלויע, שאַר־פע, זיך אָנגעטראָפן מיט יערמע דודס בייז־פארכמורעטן בליק:

— ני, ווס הע׳יעט זעך? מ׳פּוע׳ט?

— מ׳פּוע׳ט, מ׳פּוע׳ט, — האָט יערמע דוד, מיטן ציגאַר־שפּיץ צווישן די ציין, אים רוגזהדיק געענטפערט.

ווי יערמע דוד איז דאכט זיך געזעסן רואיק אין אלקער ביים פענצ־טער, אזוי איז אין קיך חנה לאה געוועזן פארהאוועט און פאַרפּאָרעט. פון איין זייט האָט זי געדענקט צו האלטן די דריי קלענערע מיידלעך ארום זיך, זיי טשישען, זיי זאָלן נישט טומלען, וואָרעם אז יערמע דוד איז דאָ אין שטוב, דערצו נאָך אז ער איז אָנגעכמורעט, איז פאַר די קינדער געזונטער צו זיין וואָס ווייטער פון אים, זיך נישט צו ווארפן אים אין די אויגן. דער עיקר — מ׳זאָל פון זיי אַ פּיפּס נישט הערן. פון דער אַנדערער זייט זענען איר געלעגן אין זין די צוויי יינגלעך, וואָס פּאַקן זיך דאָרטן אין וועג אריין. זיי וועלן ערשט אָנקומען קיין וואַרשע נאָך האַלבער נאכט, וואָס וועלן זיי עסן אויפן וועג? האָט זי גיך אויפגעבראָכן עטלעכע אייער אין אַ שיסל אריין און זי געגעבן אסתר פּערעלען, אַ צען־יאָריקע מויד שוין, אָן עין הרע, די קליינע זאָל דאָס אויפשלאָגן אין אַ פּיאַנע, וואָס זי האָט פאַרמישט מיט מצה־מעל און געשטעלט אויף דער פּליטע אָפּפּרעגלען אין גענדזענעם שמאלץ א פּאַ־טעלניע כרעמזלעך, לענגלעכע, פעט־אויסגעברוינטע, באשאָטענע מיט ווייסן מעל־צוקער. זי האָט אויך באַשמירט מיט שמאַלץ עטלעכע מצות, צוגעלייגט אַ שקאָרמיצל מיט זאַלץ און דאָס גאַנצע פּעקעלע איינגעוויקלט אין א ווייס טישטעכל, גרייט פאַר די יינגלעך אין וועג אריין. דערביי, ווי תמיד, האָט זי אליין, אין דער שטיל, זיך געהייטערט ס׳געמיט, זיך אויס־גערעדט די עגמת נפשן, וואָרעם, אז זי וויל קריק־שמועסן, דארף זי גאָר אָפּגעבן א שבח צו זיין ליבן נאָמען. אונטערגעוואַקסענע יינגלעך — פאָרן זיי קיין וואַרשע. וואָס דען זאָלן זיי טאָן? זיצן אין מאָדזשיץ? ערשטנס, וואָס וועט דאָ פון זיי ווערן? ס׳אנדערע, מאָדזשיץ איז דען אַ שטאָט? ס׳איז דאָך, לא עלינו, דאָ געוואָרן ערגער ווי אין סדום! ווי איז דאָס געהערט געוואָרן אזעלכע קליינע לאָבוזעס זאָלן שוין גיין אויף „גראַנדע”! זיי זענען דאָך באפאלן נתן חיימען אין מיטן מארק ווי גזלנים אין א וואלד. האָבן נאָך נישט דערלעבט אויפצוּוואַקסן און זיי פאַרקוקן זיך שוין אויף די גרויסע, גיב זיי שוין אויך געלט, זיי דארפן שוין אויך שיכורן!

די גאַנצע צייט, וואָס נתן חיים האָט זיך געפּאַקט, איז באַלעק געשטאַ־נען אינדרויסן, פארשטעקט הינטער משה יצחקס אויסגעשפּאַנטן וואָגן און

אַריבערגעקוקט צום חברל אין שטוב אַריין. ווען דער רויטער קאָזשאָל, נאָסקעס טאַטע, וואָלט נישט געזעסן ביים פענצטער, וואָלט ער זיך אונטער־געשטעלט אַריינצוגיין זיך געזעגענען מיטן חבר. אַזוי אָבער האָט ער געלויערט הינטערן וואָגן און געדולדיק געוואַרט ביז נתן חיים וועט אַרויס־קומען גיין צו דער דראָזשקע און דערווייל, פול מיט קנאה, אים נאָכגע־פאָלגט פון דער פינצטער אַרויס, ווי ער שטייט דאָרטן, נתן חיים, ביים צעליכטיקטן טיש און פּאַקט אין קופערטל אַריין אַזויפיל זאכן מיט די געמ־זענע שטיוולעטן, בעת ער, באָלעק, גייט נאָך באָרוועס און האָט רעכט נישט קיין העמד אויפן לייב.

ענדלעך האָט די פּראָצעסיע אַרויסגערירט פון שטוב. צום ערשט זענען געגאַנגען די צוויי ברידערלעך מיט די קופערטלעך אין די הענט. הינטער זיי, א פאר׳צער׳טער, אליין, איז נאָכגעגאנגען יערמע דוד, ערשט נאָך אים האָט נאָכגעצויגן חנה לאה מיט די דריי מיידלעך ארום זיך און פּונקט אזוי האָבן אנדערע פּראָצעסיעס געצויגן איבערן טונקעלן מארק, ווי קרענצלעך שלייכנדיקע שאָטנס.

פון אלע הייף האָבן איצט מאָדזשיצער טאַטעס און מאמעס ארויסבאַ־גלייט די אַהיימגעקומענע זין און טעכטער, צוריק צו די דראָזשקעס, וואָס זענען געשטאַנען אין ליכט־קרייז, אונטער דעם לויכטנדיקן לאמטער־לאָמפּ, אין ראָג גאַס, איינע הינטער דער אנדערער, לענגאויס דער שענק, דעם סקלאַד אַפּטעטשני, דעם קאַשע־מאַכערס קראָם.

דאָ, אין דעם ליכטיקן גאס־ווינקל, האָט איצט געווימלט מיט מענטשן, מיט קינדער, וואָס האָבן געשטיפט, געבראָיעט, געריסן „סטרונעס" פון פערדישע ווידלען און דאָס יונגוואַרג, וואָס צעפאָרן זיך אין באזונדערע שטעט און וועלן זיך נישט זען ביז סוכות, ווען זיי וועלן ווידער אהיימקומען צו טאַטע־מאַמע אויף יום־טוב, האָבן זיך געקלאַפּט אין די פּלייצעס, זיך געדריקט די הענט, זיך געזעגנט מיט די טאַטעס, מיט שוועסטערן, באַרואיקט די מאמעס, וואָס האָבן שוין באצייטנס געשנייצט די נעז און וויינענדיקע נאָכגעשריגן די זין אין די אוועקפאָרנדיקע דראָשקעס אריין:

— יאָסל, געדענק, זאָלסט למען השם שראַאבן!

— פּיניע, פאַרגעס ניש׳ צו שיקן חנהלען א געבלימלט טיכל!

נתן חיים איז צוגעקומען דער ערשטער און גיך אוועקגעשטעלט דאָס קופערטל אויף דער דראָזשקע. אַוודאי וויל ער נישט אָנטאָן דעם טאַטן קיין עגמת נפש. ער קאָן אָבער נישט אַוועקפאָרן אָן געזעגענען זיך מיט באָלעקן, בפרט אז די גאנצע פאַר טעג, וואָס ער איז אינדערהיים, האָבן זיי רעכט זיך נישט אויפגערעדט, נאָר כסדר געוועזן אָנגעשטויסן איינער אויפן אנדערן. האָט ער דאָס איצט, זייטיקלעך, זיך ארויסגעמאכט פון קרענצל שוועסטער־

לעך, פון טאטע־מאמע און פארשוווּנדן פון ליכט־קרייז אין פינצטערן מארק אריין.

— העי! פינוסע־געיבע׳, — האָט אים פּרץ דראָזשקאַר נאָכגעשריגן. — זיץ אָפּ, יעך פוע׳ שוין אוועק!

יערמע דוד און חנה לאה, טאָמער וואָלטן זיי נישט געווען באַמערקט דעם יינגלס פאַרשווונדן, האָבן איצט, נאָך פּרץ דראָזשקאַרס געשריי, אײַנ־צייטיק אויסגעדרייט די קעפּ. דורך דער טונקלקייט האָבן זיי געזען באַלעקן, ווי ער שטייט צווישן צוויי געוועלב־טירן, אָנגעשפּאַרט אָן דער ו אַנט, ווי אן אומבאַוועגלעכער שאָטן:

— דע׳ שייגעץ ׳עט מיעך טראאבן אין דער ערד אראאן, — האָט יערמע דוד, קרעכצנדיק, א זאָג געטאָן.

— ווּוס ווילסטי? — האָט חנה לאה שטיל, מיט איר ווייך קול אים געגומען באַרואיקן. — ווילסט נתן חיים זאָל אוועקפאָרן און דעם שייגעצל אפילו ניש׳ זוגן קא זאא געזינט?

אַ לאנגע ווײַלע האָבן טאטע־מאמע געהאלטן דעם בליק אהין, אין דער טונקל אריין, ווי די צוויי חברימלעך זענען געשטאַנען פּנים צו פּנים און שווייגנדיקע זיך געדריקט די הענט, געוואָלט איינער דעם אנדערן עפּעס זאָגן, עפּעס אזוינס, וואָס זאָל זיי פארגיטיקן פאר דעם נישט־געוואָלטן קידער־ווידער, וואָס איז אָנגעשטאַנען צווישן זיי, פאר דעם כסדרדיקן ארומ־קריגן זיך, כאָטש געוואָלט האָבן ביידע צוריק זיין חבר ווי אמאָל, איידער זיי זענען צעשיידט געוואָרן, אָבער ביידע זענען געשטאַנען ווי שטומע, נישט געקאָנט ארויסברענגען א וואָרט פון אויפמונטערונג, פון געטריי־שאפט. די וואַנט פון פארפרעמדונג איז טאַקע פון צווישן זיי געווען פאר־שווונדן, אָבער די אמאָליקע, קינדישע נאָנטקייט, דער נאַטירלעכער געפּלאַפּל צווישן חברימלעך, האָט זיך שוין צו זיי מער נישט אומגעקערט.

פּרץ בעקערמאַנס דראָזשקע האָט געוואַרט אַ פול־באַזעצטע מיט פּאַר־שוינען, מיט אברם יאַנקלען הויך אויפן קאָזשאָל. בלויז אויפן שמאָלן אויפלייג־בענקעלע, וואָס מיט דער פּלייצע צום אָנטרייבער, איז נאָך געווען אַ שטיקל אָרט פאר אים, נתן חיימען, האָט ער זיך גיך געזעגנט מיט די שוועסטערלעך, געגעבן יעדער אַ קופּערנעם זעקסער לעצטגעלט און אויס־געשטרעקט די האנט צום פאָטער:

— זא געזינט, טאַטע.

— פוע׳ געזינטע׳היט, — האָט אים דער פאָטער צוריקגעווונטשן און דערביי ארויפגעלייגט די לינקע האנט אויף זיין אַקסל, צוצוציען דאָס יינגל אביסל נענטער צו זיך, — ני, מילא, ׳אָסט ניש׳ געוואָלט בלאאבן אינדער־היים. געדענקזשע, היט כאָטש אָפּ יידישקייט אינדערפרעמד.

נאָכן געזעגענען זיך מיטן פאָטער האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער

מאַמע. זי האָט אים ארומגענומען, אים געקושט און כאָטש זי האָט זיך געמאַכט האַרץ נישט צו וויינען, האָט ער געהערט דעם דערשטיקטן שלוכץ אין איר קעל און געפילט די זאַלציקייט פון אירע טרערן אויף זיינע ליפּן:

— קינד מאאנס, — האָט זי אים אָנגעזאָגט, — קענסט דאָך שוין, אַ דאַנק זאָגן ליבן גאָמען, אַליין שראַאַבן, טיזשע אַ מצווה אין האַלט ניש׳ אָף מיט קא בריוול.

ער איז אריינגעשפּרונגען אין דער דראָשקע, פרץ האָט געטאָן א פּאָך מיט דער בייטש איבערן פערדס רוקן:

— וויאָ!

די דראָשקע האָט גערירט. א נאָגעניש האָט אים ארומגעכאַפּט. באַלעקס איינגעהאלטן געוויין ביים זאָגן אים: פּאַר מיט גאָט, דער מאמעס דער־שטיקטער שלוכץ, דאָס געקלאַפּ פון די אייזערנע רעדער אָן ברוק, די נאַקעטע, פינצטערע פעלדער אַרום, אַלץ האָט אים געוואָרגן אין קעל, געשלאָגן אין די שלייפן: וווהין? ווידער האָט ער זיך אָפּגעריסן פון דער היים, אָבער וווהין פאָרט ער? צו וועמען? נישט נאָר ער, אויך אברם יאנקל האָט נישט אין ווארשע קיין מיינסטער. צום פריערדיקן גייט ער נישט צוריק. דעם טאטן מיט דער מאמען האָט אברם יאנקל אפילו געזאָגט אז ס׳איז אים געווען זייער גוט אויף דעם אָרט, אים אָבער, דעם ברודער, האָט ער אויסגעזאָגט דעם אמת, אז געשלאָגן האָט אים טאקע דער ווארשעווער מיינסטער ווייני־קער און נישט אזוי אכזריותדיק ווי בערעלע יאָסקעס, אָבער געהונגערט ביי אים האָט ער נאָך מער ווי ביים ראָדעמער גנבל.

דער צוג לויפט, ס׳איז פינצטער און ענג אין דער פערטער קלאַס באַן. די לופט אין די וואגאָנען איז געדיכט פון מענטשלעכן שווייס, פול מיטן ריח פון געגנדזן־שמאַלץ, פון גריוון און געשיילטע, הארטע אייער. ס׳יידישע ייִנגווארג, אָפּגעיומטובטע אין די היימישע שטעטלעך, איילן קריק קיין ווארשע, קיין לאָדזש אין די ווארשטאַטן אריין, צוריק צו די שטאַמסן און מאַשינען, צו די קאַסטנס און באַלן שטאָפן אין די סקלאַדעס, צוריק צום וואָכעדיקן יאָך.

אָנגעהאָרבעטע איינער אויפן אנדערן, צונויפגעקנוילטע, ליגן זיי אויף די טאפטשאן־בענק, וואָס הענגענדיק איינע איבער דער אנדערער, צוגע־שלאָגן צו די ווענט, זעען זיי אויס ווי אָפענע טיפע שופלאָדן, פולע מיט אָנגעוואָרפענע, מענטשלעכע לייבער. אויך אויפן אָנגעמיסטיקטן דיל איז פול מיט יונגען, מיט קופקעלעך מיידלעך, אלע דרימלענדיקע, די קעפ אָנגעשפּאַרט אָן אייגענעם קופערטל, אויף אַ נאָנטן אַקסל אָדער שויס. און פון מיטן דעם שנאָרכן און שטילן דרימלען גייט אויף א שטיל געפליסטערײ פון די וואַכיקע, א געפליסטערײ וואָס רוישט פון דער פינצטער ארויס, ווי א געמורמל פון א פליסנדיק וואסער, און ווערט אלעווייל אי־ערגעריסן פון

אַ לאַך, אַ זידל־וואָרט, וואָס קומט פון ווינקל, פון אַ זינצדיק קרענצל קאָרטן־שפּילער ארום אן אָנגעטריפט ליכט. די פּנימער געהיימנישפול באלויכטן, ווי זיי וואָלטן געווען א בינטל פאַרשווערער, זיצן זיי רואיקע און „האַקן אן אָקע" אויף עמיצנס אַ וואַליזע.

נתן חיים האָט א קוק געטאָן זייטיקלעך, צום אייגענעם אקסל, ווו אברם יאנקל האָט געהאט אָנגעשפּארט דעם קאָפּ און געכראָפּעט. ער האָט זיך געוווּנדערט אויפן ברודער. ווי קאָן ער שלאָפן? נאָך א שעה, נאָך א שעה קומט מען אָן קיין ווארשע און ער שלאָפט זיך אזוי רואיק, גלייך אין ווארשע וואָלט אויף אים געווארט א ווייך בעט, אויב נישט ביי דער מאמען אין שטוב, איז כאָטש אין וועלכער אכסניה. ער, נתן חיים, קאָן אין אזא צייט קיין אויג נישט צוטאָן. אים עקבערט כסדר אין קאָפּ: וואָס וועלן זיי טאָן ווען די באן וועט אָנקומען קיין ווארשע? אויסגעבן געלט און גיין אין אַן אכסניה קאָנען זיי נישט. גיין נעכטיקן צום פעטער וועלן זיי אויך נישט. די מאמע האָט זיי טאַקע אָנגעזאָגט זהיר וזהיר, זיי זאָלן למען השם גיין צום פעטער שמואל! אז דער פעטער קומט צו גאסט קיין מאָדזשיץ גייט ער נישט צו זיי? און די מאַמע מיטן טאַטן אָווירן דאָך אים, אָדער די מומע, ווי דעם קיסר אליין!

ווייסט ער, נתן חיים, אַז די מאַמע איז טאַקע גערעכט, אָבער פאָלגן זי און גיין נעכטיקן צום פעטער שמואל וועלן זיי נישט, בפרט נאָך אז די באן קומט אָן נאָך האלבע נאכט און עס וואָלט אויסגעקומען אויפצוּוועקן די גאנצע שטוב מיט קינדער. נאָר ווען אפילו די באן זאָל אָנקומען באַצייטנס, וואָלטן זיי אויך נישט געגאנגען. ער אליין איז נאָך טאַקע ביים פעטער שמואל נישט געווען, אָבער אברם יאנקל האָט אים שוין דערציילט אז די מומע גאָלדע אין וואַרשע איז פונקט אזא פּזשיעמנע מענטש ווי די קוזינקע שיינדעלע אין ראָדעם. ביידע האָבן זיי ליב משפּחה, בפרט נאָך דעם מאַנס משפּחה, ווי א געשוויר אונטערן אָרעם. אמת, אברם יאנקל זאָגט אז זיי וועלן קאָנען איבערזיצן אין וואָקזאל די פּאָר שעה, ביז ס'וועט אָנהייבן טאָגן, אָבער אים, נתן חיימען, וואַרעמט נישט אברם יאַנקלס צוזאָגן. זיצן אין וואָקזאל! וואָס וועט זיין אז די זשאנדארן וועלן זיי ארעסטירן?

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום אויפגערוקטן טיר־שפּאַלט. אַ פינצטערע נאכט האָט דרויסן געהויערט. שווארצע רויך־קנוילן, פול מיט פייער־פונקען, האָבן זיך געטראָגן פון לאָקאָמאָטיוו, זיך געוויקלט ארויף, צום הימל, א נאַכטיק־אָנגעכמורעטער, א פארוואָלקנטער, אָן א סימן פון א לבנה, אָן א בלינצל פון א שטערן.

# קאַפּיטל דרייסיק

— אברם יאנקל, ס׳נאָך וואאט צים פּעטע׳ שמואל?

— קים, קים, ׳עסט זעד נאָך גענינ אָנגיין.

אַרעסטירט האָט זיי דער זשאַנדאַר טאַקע נישט, אָבער אַרויסגעטריבן פון וואָקזאַל האָט ער זיי יאָ, האָבן דאָס איצט די צוויי ברידערלעך זיך געשלעפּט איבער די פּאַרטאָגיקע ווארשעווער גאסן מיט די צוויי קופּערטלעך אויף די אקסלען.

ווי ווויל ס׳האָט ערשט קוים געגרויט אויף טאָג, און ס׳איז נאָך געווען פינצטערלעך ארום, איז דאָך נתן חיים געווען הוילע אויגן, נישט בלויז פון דעם וואָס ער האָט געזען, נאָר אויך צוליב דער אינערלעכער צערודערטקייט, וואָס דאָס געזעענע האָט אויף אים אָנגעיאָגט. עפּעס האָט זיך אים געדאכט ער שרומפּט איין, ער ווערט אַזוי קליין, אַזוי נישטיק:

— אוווא, אזא כ׳יך! — האָט ער גערעדט צו זיך אליין און דערביי געוויגט דעם קאָפּ אין דער ברייט פון גרויס התפּעלות, — ווי קימט דאָס צי ראָדעם? ווי זענען דאָרטן דאָ אזוינע ריזיקע מויערן, אזעלכע הויכע קאָמעניצעס? מ׳דאַרף דאָך פאַררייסן דעם קאָפּ צו זעען דעם הימל. און דער געפלעכט פון דראָטן איבערן קאָפּ? און אזויפיל שינעס! האלב־רונדע און גאנץ־רונדע איינגעמויערט אין ברוק? ערשט דער ברוק אליין? פלאַכע קיזלשטיינער אויסגעלייגט גלאטיק ווי א פּאָדלאָגע!

— וואַרט, וואַרט, — האָט אברם יאנקל מיט א צופרידן שמייכעלע געשטייגערט דעם ברודערס פארבליפטקייט. — יעד ׳על שבת גיין מיט דיר אויף דער מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, דאָרט ׳עסטי ערשט זען וואָס וואַרשע איז! מיינסט די מארשאלקאָווסקע איז ברוקירט מיט אזעלכע קיזלשטיינער? קלעצעלעך, ווי הילצערנע ציגל, זענען דאָרט אויסגעלייגט איבער דער גאנצער גאס. אז מ׳גייט דאָרט שפּאַצירן הערט מען נישט קיין קלאַפּ פון קיין ראָד און די טריט פון די פערד זענען אזוי שטיל אז ס׳איז א מחיה צו הערן. ס׳דאכט זיך נאָר אז עמעץ וואָלט דאָרטן געפּייקלט אזוי ווייך אין קליינע פּייקעלעך ארייך.

— ני, און די דראָטן איבערן קאָפּ צו וואָס זענען? און די שינעס אין ברוק? — האָט אים נתן חיים נישט אָפּגעלאָזט.

— דאָס איז פאַר די טראַמווייען.

— אַזויפֿיל ?

— נאַראַל, דאָס איז דאָך דאָס טראַמוויי־געסל, — האָט ער אים געוויזן אויף א גרויס געביי, אָפֿן ווי אָן א פֿראָנט־וואַנט. — זעסט ? דאָס איז די רעמיזיע. פֿון דאַנען צעפֿאָרן זיך די טראַמווייען איבער גאַנץ וואַרשע.

נתן חיים האָט געגאַפֿט א פֿאַרבליפֿטער אויף די עלעקטרישע טראַמווייען, וואָס זענען געשטאַנען אויסגעלאָשענע אין דעם האַלב־טונקעלן געביי, איינער הינטערן אַנדערן אין צענדליקער רייען, אַזויפֿיל אַז גאָרנישט זיי איבערצוציילן :

— וויאַזוי קאָן א וואָגן גיין אָן א פֿערד ? — האָט ער חידושדיק געפֿרעגט מער זיך ווי דעם ברודער.

— קים, קים, — האָט אים אברם יאַנקל געטאָן א צי ביים אַרבל. — ׳עסט שוין שפּעטער אַליין זען.

ס׳האָט אָנגעהויבן טאָגן. די עלעקטרישע גאַס־לאָמפּן, גרויסע, רונד־פֿאַרצעלייענע, צעשטעלטע אויף מוראַנאָוו, אויף די נאַלעווקעס, האָבן זיך פֿאַרלאָשן איינער נאָך איינעם. דער גרויער באַגין האָט אָנגעהויבן בלייכן, ווערן העלער, ליכטיקער. דאָ און דאָרט האָט זיך געעפֿנט א פֿורטקע אין א טויער און דער סטרוזש, א פֿאַרשלאָפֿענער, אין בלויזן קאָפּ, מיט א זאַק־העמד איבער די הויזן, האָט געגאַפּיעט אין דער ליידיקער, שטילער גאַס אַריין. פֿון אַן אַנדער טויער איז אַרויסגעקומען א ייד מיט א טלית־זאַק אונטערן אָרעם. אין א ווײַלע אַרום האָט זיך אָנגעטראָגן דער געקלאַפּ פֿון אייזערנע רעדער אָן שטיינערנעם ברוק און א פֿורגאָן מיט צוויי פֿערד האָט זיך אַריינגעדרייט פֿון דער פֿראַנציסקאַנער גאַס. מיטן פֿורגאָן האָט זיך אָנגעטראָגן א זיסער ריח פֿון פֿריש־געבאַקן ברויט. נאָך אַכט לאַנגע טעג פּסח פֿון נישט האָבן פֿאַרזוכט א ביס־חמץ, האָט איצט דער ריח פֿון פֿריש־געבעקס געקיצלט ביי די צוויי ברידערלעך די נאָז־פֿליגלען, געמאַכט וואַסערן זייערע מיילער, דערצו נאָך איז נתן חיים געווען פֿול מיט חידוש איבער דעם פֿורגאָן אַליין. זינט ער לעבט האָט ער נאָך נישט געזען אַזא ווייס געפֿאַרבט הייזל מיט א דאַך און טירן אויף רעדער, וואָס אויף די טירן, פֿון ביידע זייטן פֿורגאָן איז געווען אויסגעמאָלט א רונדיק ברויטל מיט א בעקערישן שמיר־בעזעמל ווי לעבעדיק און אָט, אין אַזא ווייס קעטשל זאָל מען גאָר צעפֿירן ברויט אין די קראָמען אַריין ?

דאָס אָנגעפֿאָרענע הויז מיט די אויפֿגעמאָלטע ברויטן האָט נתן חיימען דערמאָנט אַז ער איז הונגעריק, אַז ער וואָלט געדאַרפֿט ערגעץ אָפּדאַוונען און עסן אָנבייסן :

— ווייסט, אברם יאַנקל, — האָט ער גייענדיק, מיטן קופֿערטל אויפֿן אַקסל, גענומען רעדן צום ברודער, — יעץ ׳על ביים פֿעטער שמואל גאָר־נישט אָנרירן, אַפֿילו נישט טרינקען א גלעזל טיי !

— ׳אָ ניש׳ מורא, — האָט אים אברם יאנקל אָפּלאַכעריש בארויקט,
— די מימע גאָלדע ׳עט דיך חלילה ניש׳ פא׳בעיטן צום אָנבאאסן.

א ווײַלע זענען די ברידערלעך געגאנגען שטילע, שוויַיגנדיקע, דערנאָך האָבן זיי אַראָפּגעשטעלט די קעסטלעך אויפן טראָטואַר און זיך געשטעלט אָפּדעכען, אָפּכאַפּן אביסל דעם אָטעם. נתן חיים, כאָטש אן אייגנעמידיקטער פון שלעפּן דאָס קופערטל, האָט נישט אײַנגערוט. דער וואַלד פון שילדן אויף די באַלעווקעס, אויף דער פראנצישקאַנער, אויף דער גענשע, די ריזיקע מויערן ארום אים, די לאנגע גאסן, אלץ האָט אי געררייצט זײַן נײַגיר, אי אים געשראָקן, געמאכט אים זיך פילן פארלוירן, הילפלאָז.

— וויאזוי געפינט מ׳דאָ אן אָרט ביי א מײַנסטער ?

גערעדט האָט ער אייגנטלעך מער צו זיך ווי צום ברודער, נאָר אברם יאנקל האָט אויך איצט נישט געוואָלט דורכלאָזן די געלעגנהייט פון ווייזן נתן חיימען וואָס עס מיינט זײַן אין ווארשע:

— וויאזוי מ׳געפינט אַן אָרט ? מ׳לאָזט זעך ארויס איבע׳ די גאסן און מ׳קיקט אויף די שילדן. אז ועעסט זען א שילד פון א היטלמאכע׳ עסטי אריינגיין זעך פרעיגן: — עץ דארפט אפשר א יינגל צי דער ארבעט ?

— אין די טיסט אָאָך אזוי ?

— ווּוס דען האָסטי געמיינט ? כ׳ווארט מ׳זאָל מיעך קימען זיכן ?

שפּעטער, נאָכן האָבן איבערגעלאָזט די קופערטלעך ביים פעטער שמואל, אויפן וועג צוריק איבער דער דזשעלנע, האָבן די צוויי ברידערלעך זיך אָפּגערעדט שבת זיך ווידער צו טרעפן ביים פעטער און זיך צעשיידט. אברם יאנקל איז מיט דער קארמעליצקע אַוועק צו דער לעשנאָ, זוכן זיך א מײַנסטער אין יענע גאסן און נתן חיימען האָט ער געוויזן אַראָפּ, צו דער דזשיקע, ווו ס׳זענען דאָ היטלמאַכער־געוועלבער און אויב נישט דאָרט, זאָל ער גיין אויף די באַלעווקעס זוכן אין די גרויסע, טיפע הייף, ווו א סך היטלמאכער־ווארשטאַטן זענען פאראן.

ערשט איצט, אן איבערגעלאָזטער אויף אייגענעם באַראַט, איז נתן חיימען באפאלן די הילפלאָזיקייט, די פארלוירנקייט, וואָס עס באפאלט שטענדיק אן אײַנזאם קינד אין מיטן פון א גרויסער, פרעמדער שטאָט. ער איז געשטאַנען אַ צעטומלטער אויף דעם שמאָלן טראָטואַר פון ראָג דזשעלנע און קאַרמעליצקע, ווו דאָס געגייערײַ איז געווען געדיכט, ענג. דער ערשטער וואָכנטאָג נאָכן לאנגן פסח האָט זיך דאָ, אין הארץ פון די יידישע גאסן, געשטעלט באגין שוין מיט גערויש און געפילדער. די רויטע טראַמווייען, פול־געפּאַקטע מיט מענטשן און נישט ווייניק נאָכהענגענדיקע דרויסן, אויף די טרעפּלעך, זענען געפלויגן הארט ביים טראָטואר, ווי אָט, אָט און זיי פאָרן אריין אין דעם געדרענג פון גייער, דערביי האָט זיך געטראָגן אַ שניי־

דיק געסווישטש פון זייערע רעדער אָן די רעלסן, וואָס האָט געשניטן דאָס סאַמע געביין ווי מיט מעסערס און דאָס געקלינגערײ פון זייערע וואָרענונג־גלאָקן האָט פּארטויבט די אויערן.

צווישן די טראַמווייען, אין מיטן וועג, האָבן איבערן שפּיציק־שטיינער־נעם ברוק, געפּאַטשט דראָזשקעס, אַלערליי פורגאָנעס און לאַנגע, ריזיקע פּלאַטפאָרמעס, געשפּאַנטע צו שווערע ברייט־הינטנדיקע פערד, וואָס האָבן געשלעפּט הויכע לאַדונגען פון זעק מעל, פעסלעך ביר, רויע פעל און אויס־געארבעטע לעדער פון טעמלערס און פייפערס גאַרבערייען. און אין מיטן פון דעם געבראַזג פון רעדער אָן ברוק, האָבן מענטשן אויף די טראָטוארן זיך געדרענגט און געאײלט צו דער אַרבעט אין די ווארשטאטן, אין געשעפטן און סקלאַדעס און הענדלער און הענדלערקעס האָבן זיך געשטופּט און אויס־געשריגן זייערע סחורות. אָט שטופּט זיך א מיידל מיט צוויי קוישן בייגל אָנגעהאָנגען אויף אירע אָרעמס און אָט דאָרטן פּלאָנטערט זיך א ייד מיט אַ קאָרב, ווו אויף ווייס, דורכגעפּעצט פּאַפּיר, ליגן אויסגעלייגט אין גלייכע רייען, קליינע, געריכערטע פּישלעך, וואָס זעען אויס ווי זיי וואָלטן געווען אָפּגעגילדט און באַלד נאָך אים — א יינגל מיט אַ פלאַך קעסטעלע אויף דער ברוסט מיט גרינע ציטרינען, צעשניטענע און גאַנצע. ס׳מיידל זינגט: — דריי פּאַר א פּירער, פיר פּאַר א פּינפּערל, קימטס, כאַפּטס, הייסע בייגל! דריי פּאַר אַ פּירער, פיר פּאַר אַ פּינפּערל! און דער ייד העלפט איר אונטער: שילאַוועקעס! צו גראָשן פרישע שילאַוועקעס! און דאָס יינגל פון די ציטרינען זינגט העכער פון זיי ביידע: — ווייבער! אַ צווייער א האַלבער, א פּירער א גאַנצער, א—צווייער, א—האַלבער, א—פּירער א—גאַנצער!

די געווירצקייט פון די שילאַוועקעס, דער ווארעמער ריח פון די פּריש־אויסגעברוינטע, מיט זאַלץ און קימל באַשאָטענע בייגל, האָבן אין נתן חיימען געררייצט די אויסגעהונגערטע אַפּעטיטן. פון נעכטן ביינאַכט אָן האָט ער נאָך נישט געהאַט א ביסן אין מויל. אמת, ער האָט נאָך אין קופּערטל מצות מיט שמאַלץ, כרעמזלעך און אייער, וואָס די מאַמע האָט זיי ביידע מיטגע־געבן, איז אָבער דאָס אַלץ ביים פּעטער שמואל, דערצו נאָך האָט ער נישט געדאַוונט אויך. וואָס אָן אמת, אינדערפרי, ביים אוועקשטעלן דאָס קופּערטל ביים פּעטער, האָט ער חשק געהאַט אָפּצודאַווענען און עפּעס איבערצובייסן, האָט אים אברם יאנקל געשלעפּט, שוין זיך ארויסצולאָזן זוכן אָן אָרט, וואָרעם אסרו־חג קומען אָן קיין וואַרשע אַ סך יינגלעך און אַז מ׳קומט שפּעט, בלייבט מען אָן אָן אָרט! אים האָט געצויגן צו קויפן עטלעכע בייגל, אָבער ווו וועט ער זיי עסן? אין גאַס? ווי א הונט? ס׳שטייט בפירוש: *) האוכל בשוק דומה לכלב.

---

*) דער וואָס עסט אין גאַס איז געגליכן צו אַ הונט.

ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און ווידער זיך געשטעלט גאַפֿיען, דאָס מאָל לעבן א יונג וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אָן דער וואַנט פון א הויכער מויער. אויף זיין ברוסט, אַראָפּגעהאָנגען פון קאַרק מיט א לעדערנעם רימען, האָט ער געהאַט א פלאַך קעסטעלע מיט גלייך־אויסגעלייגטע שטיקלעך קעזקוכן, באַשאָטענע מיט ווייסן מעל־צוקער. אַרום אים האָבן געהאַוועט יינגלעך, וואָס האָבן אים באַצאָלט א צווייער יעדער און געשטעקט די הענט צו אים אין א ברודיק טאָרבעלע מיט רונדע, הילצערנע, טערנישקע־קלעצלעך (בינגאָ), אַרויסצוציען פון דאָרט דאָס גליקלעכע נומערל אויף צו געווינען אַ שטיקל קעזקוכן.

געווייַנלעך האָט ער, נתן חיים, פייַנט אייַנצושטעלן אין אַזעלכע שפּילן. דאָס איז בפירושע אָפּנאַרערייַ! אָן ערלעכער מענטש גיט נישט אַוועק פאַר א צווייער. אַ שטיקל קעזקוכן, וואָס קאָסט א זעקסער. פונדעסטוועגן איז ער געבליבן שטיין זיך צוקוקן צו דער „לאָסאָוואַניע". אפשר איז עס נישט אייַנגאַנצן גניבה? אָט האָט טאַקע א יינגל געוווּנען! אמת, אויף דעם אייַנעם געווינענעם שטיקל קעזקוכן האָבן אפשר צוואַנציק יינגלעך געשטעלט און גוטע נייַנצן פון זיי האָבן פאַרלוירן די צווייערס. אָבער א מזלדיקער איז דאָך דאָ, איז אפשר וועט ער אויך זייַן מזלדיק? אַזאַ קעזקוכן האָט ער נאָך נישט פאַרזוכט. די מאַמע זייַנע באַקט אפילו קעזקיכלעך אויף שבועות, אָבער ס'איז נישט דאָס! דעם קעז פון דער מאַמעס אַ גרויס קעזקיכל קאָן א פייגעלע אַוועקטראָגן אויפן שנעבעלע שוין מיט דער ראָזשינקע צוזאַמען.

ער האָט אַרויסגעגראַבלט פון בייַטעלע א קופּערנעם צענער, גענומען פון דעם יונג רעשט און אויך אַרייַנגעשטעקט די האַנט אין טאָרבעלע. געגראַבלט אין טאָרבעלע האָט ער גראָד לאַנג, געמישט דאָרטן די קלעצ־לעך, אָבער אַרויסגעצויגן א נומערל האָט ער, וואָס האָט פאַרשפּילט. זאָל ער פּרוּוון נאָכאַמאָל? אפשר איצט? אָבער ווידער פאַרשפּילט און צום דריטן מאָל ווייטער פאַרשפּילט! ניין, מער וועט ער שוין נישט אייַנשטעלן. ער איז היינט נישט מזלדיק. און אפשר היט מען אים אין הימל קעגן באַגיין אַן עבירה? ווען ער געווינט אַ שטיקל קעזקוכן וואָלט ער דאָך עס גלייך אויפגעגעסן און ער האָט דאָך נאָך נישט געדאַוונט, איז טאַקע גלייכער ער האָט נישט געוווּנען!

ער האָט זיך אַרייַנגעדרייט אין דזשיקע און געבליבן שטיין פאַר א גרויס שויפענצטער מיט קאַפּעלושן און אַלערלייַ היטלען. ס'איז אפילו זייער א הייטאָן־געשעפט, אָבער אָפּבייסן פון אים וועט מען דאָך גאָרנישט. ער האָט געעפנט די טיר. אַנטקעגן, הינטערן לאָדן־טיש, איז געשטאַנען א „סקלעפּאָווע" א יונג מיידל נאָך מיט רויטע בעקעלעך און א הויך ביוסטל אונטער א ווייס בלוזקעלע.

— מ׳דאַרף אפשר דאָ א יינגל צו דער ארבעט?

— מ׳דאַרף נישט! — האָט זיך די פּאַניענקע א וואָרף געטאָן אויף פּויליש.

אַנטוישט, אפילו אַביסל דערשלאָגן איז נתן חיים אַרויס פון דעם געוועלב. פריער דאָס פארשפּילן א זעקסער, איצט דעם מיידלס געבייזער, ניין, ס׳גייט אים נישט היינט מזלדיק.

ער איז אַריבער אויף דער אַנדערער זייט דזשיקע, איבערגעקרייצט געגשע און ווידער זיך אָפּגעשטעלט לעבן א היטל-געוועלב. דאָס, אנטקעגן דער וויענער טורמע, איז שוין נישט געווען אזא פארפּוצט געשעפט מיט טייערע שענק און שפּיגלען און קיין סקלעפּאָווע איז דאָ אויך נישט געווען. אויף פּראָסטע, אָפענע פּאָליצעס זענען געווען אויסגעשטעלט רונדע, בלויע שאכטלען מיט נומערלעך פון די היטלען, וואָס אין זיי. אין ווינקל, הינטערן שויפענצטער, איז געשטאַנען אן אלט היטלמאכער־מאַשינדל. העכער ארויף, אין מיטן געוועלב, איבערגעבויגן איבערן שמאָלן לאָדן-טיש, איז געשטאַנען אַ נידעריק, שווער־באַלייבט מענטשל מיט א צוויקער־בריל אויף דער נאָז. מיט א דין פארשניצט קריידל צווישן די צוויי פינגער האָט ער געצייכנט אויף אן אויסגעשפּרייט, שווארץ געוואַנט רונדע דעקלעך און קווארטירלעך פאר שמאָלע, יידישע היטעלעך.

דער ערשטער אימפּולס צו דעם ייד איז ביי נתן חיימען געווען א דער־ווידערדיקער.לאַ די וואָס ער האָט קוים א סימן פון א באָרד, א פּיצעלע קאָמיצל נאָר אויף דער מאָרדע, שטייט ער נאָך אין בלויזן קאָפּ, א נידעריק אָפּגעגאָלטער, מיט א הארט גזשיווקעלע איבערן שטערן, ווי אן אמתער איוואַן!

ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, נתן חיים. עפּעס האָט ער נישט געהאט קיין חשק זיך אַנצודינגען צו אזא איינעם צו דער ארבעט. אוועקגיין אומגעפרעגט האָט ער אָבער אויך נישט געקאָנט, האָט ער געמאַכט א טראָט אויפן הילצערנעם בריקל ארויף און פּשוט פון יוצא-וועגן אריינגעפרעגט:

— מ׳דארף אפשר דאָ א יינגל?

דער ייד האָט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, אראָפּגענומען די צוויקער־ברילן פון דעם פעטן קאַרטאָפליע-נעזל און, שטאָט ענטפערן, האָט ער געגאַ־פּיעט, גאָרנישט דאכט זיך אויף אים, נתן חיימען, נאָר איבער זיין קאָפּ אינדרויסן ארויס, צו די פאַרבייפליענדיקע טראַמווייען, וואָס זענען גראָד איצט געבליבן שטיין אין טויט־שטילקייט, איבערצוואַרטן א קריסטלעכע לוויה, וואָס האָט געצויגן איבער דער דזשיקע גאס מיטן פּרעפּלדיקן גלח און זיין גרויסן צלם איבערן ווייסן, הייליקן העמדל פאָראויס.

נתן חיימען איז איינגעפאלן אז נישט נאָר איז דאָס יידל קורצזיכטיק,

נאָר ער מוז אוודאי זיין טויבלעך אויך, — האָט ער אריבערגעשפּאַנט די שוועל און שוין העכער איבער געפרעגט:

— איר דארפט אפשר א יינגל צו דער ארבעט?

— כ׳האָ׳ געהערט! — האָט זיך דאָס יידל א בייזער געטאָן און צוריק ארויפגעזעצט די ברילן אויף דער נאָז. — וואָס קענסטי שוין?

— יעך קאָן שוין באלד מאכן אַ גאַנץ היטל, — האָט נתן זיך באַרימט.

— אזוי? א גאנץ היטל, — האָט דער ייד אים שמייכלדיק אָפּגעמאָסטן און אים געוויזן א מויל פארגעלטע ציין. — בא מיר וועסטו נאָך אזוי גיך קיין היטלען אליין נישט מאכן. און וויפל ווילסטו א זמן?

— א זמן? — האָט נתן חיים איבערגעחזרט. ער האָט טאַקע אינדער־היים נאָך ביי זיך אָפּגעפּאַסט צו בעטן פינפאונצוואָנציק קערבלעך פאַרן זומער, דער טאטע מיט דער מאמען האָבן אים אויך אָנגעזאָגט ער זאָל אפילו א גראָשן ווייניקער נישט נעמען, אָבער טאָן דאָס א זאָג ארויס פאר א מיינסטער, האָט זיך אים עפּעס די צונג נישט אזוי גלאטיק געלייגט, האָט ער דאָס איבערגעחזרט — א זמן? — און באלד צוגעגעבן: — עך ווייסט דאָך נישט ווּס יעך קען.

— וואָס דו קענסט וועט מען שוין זען שפּעטער, — איז שוין דער ייד אפּערגעקומען צו אים פון הינטערן לאָדן־טיש און אָנגעשפּאַרט דעם ברייטן אָחור אָן ברעטל פון דער מאַשין, — יאך וויל קודם וויסן וויפל שכירות דו ווילסט.

— יעך, יעך...

— הער אויף צו יעכן — האָט דער ייד אים איבערגעריסן דאָס קוועג־קלעניש, — רעד ווערטער!

— יעך וויל פינפאונצוואָנציק קערבלעך, — האָט נתן חיים נישט דרייסט געזאָגט, דערביי, אָפּצושוואַכן אביסל די איבערראַשונג ביים מייג־סטער,האָט ער שטיל, ווי זיך פאַרענטפערט: יעך מיז מיר קויפן אויף סוכות מערטשעם אַ פאלטן מיט א גארניטער.

— און עסן? — האָט דאָס יידל צוריק אַרויפגעזעצט די צוויקער־ברילן און גענומען אָפּמעסטן דאָס יינגל פון זיין קאַשעקטל אויפן קאָפּ ביז די זעלנערישע שטיוול אויף די פיס.

— יעך מיין מיט עסן און שלאָפן, — האָט נתן חיים שוין גערעדט דרייסט.

— אזוי, מיט עסן און שלאָפן? און דאָסן אויך?

דער הוזקדיקער זאָג „און דאָסן אויך״, האָט נתן חיימען מיטאיינמאָל אראָפּגעפּלאַטשט און אַ טיפע בושה האָט אים ארומגענומען. ער האָט געקוקט אויף די אייגענע שטיוול־שפּיצן און געטראכט: דער מיינסטער איז נאָך גרעבער און אָרדינערער פון מעכעלען:

— אַז דער מיינסטע׳ האַלט ניש׳ באַ צינעמען, קען דאַך דע׳ מיינסטע׳ אַזוי זוגן, ניש׳ מאַכן פּין מיע׳ ס׳גענאַר. — ער האָט אַרויסגעוואָרפן פון זיך די תרעומה שיער נישט מיט געוויין און שוין זיך אויסגעדרייט צו דער טיר.

— וואָס לויפסטו? — האָט דער ייד אים אָנגעכאַפּט ביי אַן אַרבל, — כ׳אָ דיך אָבראַזשעט? ׳עסטו מיר ענטשולדאקן. כ׳אָ ניש׳ געוווּסט אַז ביסט אַזוי איידל געפּאַטשקעט. ני, מילא, ווען קענסטי זעך זעצן אויף פּראָבע?

— אויף פּראָבע? — איז נתן חיים מיטאַיינמאָל געוואָרן צוריק אויפגעהייטערט. — יעד קען מיך שוין נעמען צי דער אַרבעט.

אין מיטן דעם פאַרהער איז אַריינגעקומען אין געוועלב א פרוי אין א זומערדיק, ווייס־בלוי געקעסטלט טוך. ווי נאָר די פרוי האָט געהאַט אַריבערגעשטעלט א פוס איבער דער שוועל האָט דאָס יידל שוין פאַרגעסן אָן אים, נתן חיימען, און גענומען אַרומהאָווען אַרום איר, ווי א הונט אַרום א קצב, בעת יענער טראָגט א זייטל פלייש אויפן אַקסל. ער האָט גיך אַראָפּגעכאַפּט די צוויקערס פון דער נאָז און גענומען זי אַרומשמעקן:

— וואָסטו געברענגט, שרהלע?

די פרוי האָט זיך אויף אים אפילו נישט אומגעקוקט, זי האָט בלויז, גייענדיק איבערן געוועלב, אַרויף צום לאָדן־טיש, געוואָרפן א בליק אויפן פרעמדן יינגל און גלייך גענומען אַפּערוויקלען פון הינטערן טוך אַ שטויס טעלער און טעלערלעך, וואָס אַלע זענען זיי געווען אַרומגעוויקלט מיט א לאַנג האַנטעך, אַן אויסגעהאַפּטנס מיט רויטע און גרינע קווייטן. זי האָט אוועקגעשאַרט דאָס שוואַרצע געוואַנט, פאַרשפּרייט אַן עק פון דעם האַנטעך אויפן טיש און אַראָפּגעשטעלט דעם שטויס טעלער. איצט האָט זי אַראָפּגענומען איינעם פון אַנדערן און פון די אָפּגעדעקטע טעלער האָט זיך גענומען הייבן א דין פאַרעלע, וואָס האָט געשפּרייט איבערן געוועלב דעם ריח פון רינד־פלייש, פון יויך מיט לאָקשן, פון פעט, אויסגעבראָטענע מייערן־צימעס.

ביי נתן חיימען האָט גענומען וואַסערן ס׳מויל. ער האָט זיך געכאַפּט אַז דער טאָג שטייט נישט. אַז מ׳האָט שוין דעם ייד געברענגט מיטאָג, איז שוין אוודאי צווייַ דער זייגער. ער האָט א קוק געטאָן צו דער אָפענער טיר: זאָל ער אוועקגיין? דער מיינסטער האָט דאָך אים אָבער געהייסן זיך זעצן אויף פּראָבע. איז ער געבליבן שטיין אָנגעשפּאַרט מיט אַן אַקסל לעבן א פּאָליצע און זייטיקלעך, נישט נאָר מיט נייגער, נאָר מיט דערשראָקנקייט געקוקט אויף דעם ייד. קיינמאָל פריער האָט ער נישט געזען אַזא אַכלער. נאָך איידער ער האָט זיך אוועקגעזעצט צו די טעלער, האָבן שוין אַלע חושים ביי אים געגעסן. מיט די אויגן האָט ער געשלונגען דעם פרעס. די קאַר־

טאָפּליע־נאָז האָט זיך גאָרנישט געקאָנט זאַט אָנשניפּן מיט די ריחות און די ליפּן זיינע, פּולע, תּאוותדיקע, האָבן זיך באַלעקט נאָך איידער זיי האָבן טועם געווען איין לעפל פון דעם געקעכטס. איצט פאַרשטייט ער, נתן חיים, פאַרוואָס דער מיינסטער האָט אַזאַ פעטן קאַרק מיט אַזאַ בויך! אים איז פאַרגעקומען אַז דער מיינסטער איז גאָרנישט קיין ייִד. דער טאַטע, נתן חיימס, אַז די מאַמע נעמט אים גרייטן צום טיש, וואַשט ער זיך צו שאו ידיכם און מאכט המוציא איבער אַ כזית ברויט מיט זאַלץ. דערנאָך, אַז די מאַמע שטעלט אים אַוועק דאָס שיסעלע גריץ, אָדער אַ טעלער באָרשט מיט קאַרטאָפל, עסט ער פּאַוואָליע, ווי אַ ייִד דאַרף עסן. דאָס יידל אָבער זיצט איבער דער שיסל ווי אַן עשו, אומגעוואַשן, אין בלויזן קאָפּ, שלינגט די לאָקשן מיט יויך מיט אַזאַ אימפּעט, מיט אַזאַ געיעג, ווי ער וואָלט זיך דאָ פאַרנומען די גאַנצע וועלט איינצושלינגען, דערביי וואָרטשעט ער צום ווייב:

— וואָס אַזוי ווייניק? שרהלע!

ער פּאַקט אַין מויל אַריין שטיקער ווייך, פריש ברויט, רייסט מיט די גלאַנציק־פעטע פינגער דאָס פלייש און די גיריקע אויגן קוקן שוין אויפן טעלערל מיט מייערן־צימעס:

— אַזאַ ביסעלע, שרהלע? ווייסט דאָך יאַך 'אָב ליב מייערעלעך.

ווי זי, די פרוי, האָט זיך נישט געשעמט פאַרן ייִנגל, האָט זי זיך דאָך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַ ברום געטאָן אין מאַנס זייט אַריין:

— פרעסער! נאָר דו האָסט ווייניק.

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער מאַשין. ווי דרויסן איז געווען שיין און די זון האָט ליב געוואָרעמט, איז איר געווען קאַלט און זי האָט ענגער אַרומגענומען דאָס טוך אַרום זיך:

— ביסט אַ פּראָווינצער? — האָט זי גענומען רעדן צום ייִנגל, — זוכסט אַן אָרט?

נאָך איידער דאָס ייִנגל האָט באַוויזן איר צו ענטפערן אַ וואָרט האָט שוין דער מאַן אונטערגעהויבן דעם קאָפּ פון איבערן טעלער מייערלעך. די ליפּן האָבן ביי אים געגלאַנצט פון פעטס, שטיקלעך געל צימעס האָבן אים געקלעפּט אין די מויל־ווינקלען. ווי אַ הונט, וואָס מ'שטערט אים ביים גריזשען אַ פעטן ביין, האָט ער אַ וואָרטשע געטאָן צו איר:

— וואָס שטערסטו מיר ס'עסן!

— ווער טשעפּעט דיך? פרעסער!

די פרוי איז צוריק אויפגעשטאַנען פון בענקל און איז צוגעגאַנגען צו דער טיר. זי וואָלט געוואָלט נעמען איינסטריגעווען דאָס ביסל דענקעלעך, וואָס וואַרטן אויף איר, טאָר זי דאָס אויך נישט בעת ער פרעסט. ער מוז שטיין און קוקן איר אויף די הענט!

נתן חיים האָט די גאַנצע צייט נישט אַראָפּגענומען די אויגן דאָ פֿון מאַן און דאָ פֿון דער פֿרוי. פּונקט ווי ער איז פֿעט, אָנגעפּרעסן, אַזוי איז זי אויסגעמאָגערט, הויט און ביין. ביי אים איז דאָס פּנים ווייך, רונדיק ווי די לבֿנה און די אייגעלעך גלאַנצן ביי אים פֿול מיט לוסט, מיט באַגער און ביי איר זענען די אויגן מאַט, פֿאַרלאָשן. די הויט איבער אירע איינגעפֿאַלענע באַקן איז אַש־גרוי און שוואַרצע רעמלעך רינגלען אַרום אירע אויגן. פּונקט ווי ביי זיין מאַמע איז אַזוי אויך איר האַרץ־ברעטל פֿלאַך, איינגעפֿאַלן און די ליפּן זענען איר טרוקן און בלוי.

ענדלעך האָט אויפֿגעהערט דאָס בהלהדיקע עסן, דאָס תאוותדיקע קייען און שלינגען. ס'איז געוואָרן שטיל, נאָר אָנשטאָט אַ געמורמל פֿון בענטשן, ווי ביי יידן נאָך אַן עסן, האָט ער געטשמאָקעט מיט די ליפּן געקאָלערט די צונג אַרום די יאַסלעס און אַרויסגענאָגט פֿון צווישן די ציין יעדעס פֿעדעמל פֿלייש, וואָס האָט זיך דאָרט פֿאַרוואַלגערט. נאָכדעם איז ער צוגעקומען צו דער מאַשין, געגעבן דעם ווייב איינצוסטריגעווען אַ פֿאַרטיע דענקעלעך און אים, נתן חיימען, האָט ער אַ רוף געטאָן:

— קים, 'עסט מאַכן אַן אייזן — און שוין מיטן יינגל פֿאַרשווונדן הינ־טער דער בלויער פֿויערהאַנג, וואָס האָט צעטיילט דאָס געוועלב אינצווייען.

ס'איז דאָ געווען טונקל, אין דעם אָפּגעצוימטן, האַלבן געוועלב. אויף די פּאָליצעס אַרום די ווענט זענען געשטאַנען בלויע שאַכטלען, אַפּנים ליידיקע, ווייל אָן נומערלעך אויף זיי. אין ווינקל, אויפֿן דיל, איז געשטאַנען אַ קעסטעלע מיט האָלץ־קוילן און דערנעבן — אַ סטויניק מיט פֿיר אַרויס־געשטעקטע, האַלב־רונדע קלעצלעך אויף צו פּרעסן היטלען.

— מאָניש, אַ קונה! — האָט ס'ווייב אַ רוף געטאָן.

מאָניש פֿערשטנבערג האָט געלאָזן דעם געזעלן ביים צעבלאָזן די אָנגע־צונדענע קוילן אין פּרעס־אייזן און אַליין האָט ער זיך גיך אָפּגערעקייקלט פֿון הינטערן פֿויערהאַנג צו באַדינען דעם אַריינגעקומענעם קונה.

דאָס איז געווען אַ נידעריקער פֿאַרשוין מיט געדיכטע בערשטל־ברעמען איבער צוויי קאַלטע, גרויע אויגן. פֿון אונטער דער נאָז, אַראָפּ צו די מויל־ווינקלען, זענען אים געהאָנגען אַ פּאָר וואָנסעס, ברוינלעכע, ווי דער טיטון אין ביבולקע־פּאַפּירל, וואָס ער האָט זיך איצט אויסגעוויקלט אין אַ פּאַפּי־ראָסל און עס פֿאַרשטעקט אין אַ ציגאַר־שפּיץ.

מאָניש פֿערשטנבערג האָט ביי אים אַראָפּגענומען דעם קאַשקעט פֿון קאָפּ, מעשה אַלטער באַקאַנטער, אַ היטל מיט אַ לאַקירטן דאַשעק, ווי עס טראָגן די פֿורמאַנעס, אַריינגעטאָן דערין דאָס מעשענע מאָס־רייפֿל און צו זיך אַליין אַ מורמל געטאָן:

— פֿינף און פֿופֿציק.

די פורמאַנעס פון אָסטראָווסקע געסל, פון דער וואָלינסקע, פון דער סטאווקע, זיי זענען אַלע געווען מאַניש פערשטנבערגס געשוווירענע קונים. זיי האָבן שוין געוווּסט: אַ היטל פון ביליקערן געוואַנט קאָסט זעכציק קאָפּי־קעס, ס'הייסט פיר גילדן. פון בעסערן טוך ניינציק קאָפּיקעס, זעקס גילדן. זיי האָבן אויך געוווּסט קיינמאָל נישט צו געבן דעם מאַניש פערשטנבערג קיין אסיגנאַציעס אויף צו קריגן אַ רעשט, אפילו נישט אַן איינציק קערבל, וואָרעם ציילן געלט איז ביי דעם מאַניש פערשטנבערג געווען ווי אריינ־קריכן אין א זומפּ פון וועלכן מ'קאָן שוין נישט ארויס. אָבער ווי וויל די קונדן האָבן דאָס געוווּסט און אים שטענדיק באַצאָלט אַקוראַט די פיר אָדער זעקס גילדן, האָט מאַניש פערשטנבערג דאָך גענומען איבערציילן דעם פּדיון אויף זיין געוויינלעכן אופן. ער האָט די זעקס אָדער פיר זילבערנע גילדנדלעך אוועקגעלייגט אויפן לאָדן־טיש און אָנגעהויבן ציילן צום ערשט דורכן רוקן די מטבעות מיט דער רעכטער האַנט: צוויי, פיר, זעקס. באלד האָט ער די גילדנדלעך גענומען רוקן מיט דער לינקער האנט אויף קריק: איינס, דריי פינף, זעקס! און ווידער אויף צוריק, דריי, פינף זעקס, פיר, פינף, זעקס און דערביי, מ'זאָל נישט מיינען אז ער איז חלילה אַ משוגע־נער, וואָס געטרויט נישט די אייגענע הענט, האָט ער אלעוויל צוגעלייגט די האנט־פלאך צום שטערן: אוי, דער קאָפּ! שרהלע, דער קאָפּ!

מילא, אין א פּראָסטן מיטוואָך איז נאָך דאָס מאַלעיער נישט געווען אזוי גרויס. ווען וויזט זיך דאָס אריין א קונה? געדויערט דאָס ציילן אַביסל לענגער. ביטער איז אָבער געווען ערב פּסח, ערב שבועות, ערב סוכות. אַלץ וואָס ס'ווערט אָנגעאַרבעט דורכן יאָר דאַרפן אין די עטלעכע ערב־יום־טוב־טעג פאַרקויפט ווערן. ס'געווּעלב איז פול מיט קונים. אַלע שטייען מיט צוגעקליבענע היטלען אין די הענט וואָס זי, שרהלע, און די מיידלעך און אויך דאָס יינגל וואָס ארבעט דאָ, האָבן צוגעקליבן און מאַניש ציילט. אָנשטאָט עס זאָל אים דעמאָלט נעמען וויינציקער צייט דאָס ציילן, געדויערט עס אים לענגער, גראָד ווייל אַזויפיל מענטשן שטייען איבער אים און ער יאָגט זיך כלומרשט. ער קרעכצט, לייגט אלע וויילע צו די האנט צום שטערן: אוי, שרהלע, דער קאָפּ, דער קאָפּ, און ציילט ווידער: איינס, דריי, פינף זעקס, צוויי, פיר, זעקס! קונים פארלירן ס'געדולד לאָזן ליגן די צוגעקליבענע היטלען און גייען ערגעץ אַנדערש קויפן אָבער מאַניש ציילט און קיינער טאָר זיך נישט צורירן אים העלפן נעמען געלט ביי א קונה!

נתן חיים איז געווען צעטומלט. ער האָט נישט געוווּסט צי זאָל ער רחמנות האָבן אויפן מייסטער, וואָס ליידט נעבעך אויפן קאָפּ, צי גאָר זאָל ער אים האַלטן פאַר אַ משוגענעם? אויב אָבער אַ משוגענער, וואָסזשע גייט ער זיך דאָ אָנדינגען צו דער ארבעט?

# קאַפּיטל איינאונדרייסיק

אין אָוונט, נאָכן האָבן פאַרמאַכט דאָס געוועלב, האָט מאָניש פּערשטנבערג גענומען נתן חיימען, דעם נייעם געזעלן זיינעם, אהיים צו זיך אויף דער וואָלינסקע גאַס.

ס׳איז שוין געווען פינצטער, ווען ער איז מיט אים אַריין, דורך אַ האַלבּ־רונד־טויער, אין אַ הויף פון אַ פירשטאָקיק געביי, אַ פאַרמאַכטער קאַסטן, אַ צוגעדעקטער אין דער הויך מיט אַ טונקל־בלוי, קוואַדראַטנע שטיקל הימל, אָן איין שטערן. פון דאַנען, דורך נאָך אַ טויער, זענען זיי אַריין אין אַ צווייטן הויף, אָן אָפענער שוין, מיט דריי ווענט נאָר, ווי אַ חית. די פערטע וואַנט איז געווען פון איין שטאָק — אַ צוים בלויז אויף אָפּצוטיילן די צוויי הייף פון די אַנדערע הייזער וואָס אויף גענשע גאַס אַרויס.

אַ געדיכט געוועדערייַ אונטער אַ הייזעריק געכאָרכל פון אַ גראַמאָפאָן האָט דאָ געפּלייצט פון די פיל שטאָקן מיט אָפן־צעפּראַלטע פענצטער. די לופט איז געווען שווער, פול מיט ריחות פון געריישטע ציבעלעס, פון געוועגזלטע הערינג, פון געפּרייעט מיסט פון ריזיקן שמיעטניק אַרויס, אַ שוואַרץ־גע־סמאָלעוועטער, אַ ברייט־צעעפנטער אין צווייטן הויף, אין סאַמע מיטן פון דער צוים־וואַנט.

יעדן אָוונט, נאָכן אָנפּרייען זיך אַ גאַנצן טאָג אין דער הייסער זון, אָטעמט דער מיסט־קאַסטן אַרויס פון זיך די איינגעקנאָדערטע ריחות, וואָס ווערן כסדר אין אים אויפגעראָיעט. אַז פון באַגין אָן רוט ער נישט, דער שמיעטניק. איידער נאָך אַ פּריש ביסל מיסט ווערט אין אים אַריינגעוואָרפן, לויפן שוין זיך אָן הינט און קעץ און מענטשן און אַלע נעמען זיך אויפסנייי אין אים ראָיען. די פירפיסיקע נישטערן מיט די הונגעריקע מאָרדעס אַרויס־צודערביוען פון אים אַ ביין, אַ קעפּל פון אַ הערינג און די צווייפיסיקע זוכן אין אים אַ שמאַטקע, אַן אַלטן כאָדאַק, אַ שטיקל פאַרזשאַווערט אייזן און טאָקע די ביינער, פון די הינט אַרומגעגריזשעטע, וואָס זיי סאָרטירן אין באַזונדערע זעקלעך, פאַרוואַרפן זיי אויף די פּלייצעס און טראָגן זיי אַוועק צום פאַרקויפן אין די שמאַטע־סקלאַדעס אויף דער וואָליע, אין אָכאָטע, אויף אַלטשטאָט ביי דער ווייסל.

חוץ עטלעכע גרעסערע וואוינונגען צום פראָנט, מיט אַ ברייטן איינגאַנג אויך פון טויער, זענען די דירות אין ביידע הייף געווען פון איינציקע

שטובן, בלויז טייל אויך מיט א קיך, וואָס געוווינט האָט אין זיי די וואַרשעווער יידישע אָרעמקייט, בעלי־מלאכות, גאַסן־הענדלער, קליינע קרעמערלעך, אָבער אלע מיט גרויסע משפחות, מיט א סך קינדער, וואָס יאָגן זיך גאנצע טעג איבער די הייף אין זייערע טומלענדיקע שפּילערייען און פאַרטויבן די לופט ביז שפּעט אין די אָוונטן אריין.

אין איינער פון די שטובן, אויפן פערטן שטאָק פון צווייטן הויף, האָט דאָס געוווינט מאָניש פערשטנבערג מיט זיין ווייב שרהלע און פיר פון זייערע פינף קינדער, וואָס די עלטסטע איצט אין שטוב איז געווען די „קאָקע", אַ זיבעצן־יאָריקע מויד, אַ נידעריקע מיט אַ הויך ביוסטל און אַ קאָפּ האַרטע קרייזעלעך, ווי פון קופּער־דראָט, פאַרנומען אויף היגטן אין אָן אָפּשטייענדיק עקל, ווי א רויטלעך בעזעמל. ווי די האָר, אַזוי איז דאָס פּנים אירס, אַ רונדיקס, אַ נאַריש־לאַכענדיקס, פול מיט יצר־הרע־שפּרענקעלעך, געווען רויט, מיט צוויי פאַרטרוקנטע, געל־ווייסע גאַווערלעך אין יידע מויל־ווינקלען.

לאַכענדיקע און קופּער־קרייזלדיק ווי זי, ווי דער פאָטער, זענען אויך געווען די צוויי יינגסטע, דאָס צען־יאָריקע שקאָלע־מיידעלע אַנדזשע, און דער פינף־יאָריקער מוזיניק, מאָניעקל. אַן אנדערע, ווי גאָרנישט אָנגעהעריק מיט זיי, איז געווען די פערצן־יאָריקע עדזשע, א גרינלעך־בלאַסע, מיט טרויעריק־גרויע אויגן און ווייך־שוואַרצע האָר, האָט זי אינגאַנצן אריינגעראָטן אין דער מוטער.

געפעלט אין שטוב האָט בלויז דער עלטסטער זון, וויקטאָר, א יונג שוין אין איינאונצוואָנציקסטן יאָר, וואָס אלע האָבן געבענקט נאָך אים, שטענדיק געהאַט אים אויף די ליפּן, נאָר געווען איז ער גאָר אין פּאַריז, אַ קירזשנער אין אַ הייטאָן־מאַגאַזין פון טייערע, קאַראַקולענע מאַנטלען, פון סויבלנע זשאַקעטן פאַר רייכע, איידל־געכאָליעטע דאמען.

ווי די מערסטע דירות אין די הייף, איז מאָניש פערשטנבערגס שטוב אויך נישט געווען בלויז אויף צו וווינען אין איר. ארויסצוהעלפן אין דער פּרנסה, האָט פרוי פערשטנבערג נאָך דאָ אָנגעפירט איר הענטשקע־פאַבריקל. צווישן קאָכן און גיין איינקויפן, צווישן טראָגן דעם מאן דאָס מיטאָג אין געוועלב אריין און דאָרט אָפּזיצן צוויי מאָל א וואָך שעהןביים איינסטריגעווען אים די דענקעלעך אין פאַרטיעס היטלען, איז זי נאָך געזעסן איבערן אייגענעם הענטשקע־מאשינדל אַן איינגעהילטע אין וואָלענעם שאל אפילו אין די זומער־טעג. די בלוי־פאַרטריקנטע ליפּן אירע האָבן געברומט א לידל און די הענט, דארע, אויסגעבלייכטע, מיט בלויע אויפגעלאָפענע אָדערן, האָבן נאָכגעאיילט מיטן ווייכן זאַמש, די לויפנדיקע מאַשין־נאָדל איבער די צוויי רעדלעך, זאָל קאָנען גיך, גיך העקלען די אריבערגעוואָרפענע שטעך ארום די צוגעשניטענע פינגער פון די איידעלע, דאמען־הענטשקעלעך,

ארויסגענומענע צום אויפנייען פון סוחרים אויף די נאַלעוווקעס, אויף דער פראַנצישקאַנער, אויף דער שוויענטע־יערסקע גאַסן.

ווי די מוטער אזוי האָט אויך עדזשע געאַרבעט צו העלפן אין דער פּרנסה. א פּאַצעטקעלע, וואָס שוין צו אירע פערצן יאָר האָט זי שפּאַצירט מיט קאָלעזשאַנקעס אין זאַקסישן גאָרטן, האָט זי נאָך יונגערהייט געמוזט אליין זיך פאַרדינען אויף א קליידל, אויף א פּאָר לעטשלעך, אויף א האַנט־טאַש און אַ היטעלע אויף איר שייך, פאַרקעמט קעפּל. באַגין, פריער נאָך פאַרן טאַטעשי, איז זי אויפגעשטאַנען און, אַן איילנדיקע, אַוועק צו דער אַרבעט אין אַ קראַוואַטן־פאַבריקל. פאָר צוויי רובל אַ וואָך האָט זי דאָרטן געאַרבעט צו צוועלף שעה יעדן טאָג, פון זונטיק פרי ביז פרייטיק שפּעט נאָך ליכט־צינדן.

ביים אריינקומען אין שטוב איז נתן חיים געבליבן שטיין ביי דער טיר ווי פאַרלוירן. קודם האָט ער געזען אז מער ווי צוויי בעטן זענען דאָ נישטאָ. וויזשע שלאָפן אַלע? און ווו וועט ער שלאָפן? אויפן דיל? אַזאַ שמוציקער, אָבער מער ווי די זאָרג איבער א געלעגער, איז אין אים אָנגע־שטאַנען אַ שעמעוודיקייט, וואָס האָט אים דאָ געמאכט זיך פילן אזוי ענג, כאָטש נעם און שרומפּ איין.

ווי נאָר ער האָט פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר און געזאָגט "גוטן אָוונט", האָט שוין די „קאָקע" פון איין זייט און עדזשע, דאָס פּאַצעטקעלע, פון דער אנדערער זייט ארויסגעלייגט אויף אים זייערע אויגן, אַזש די אויערן האָבן זיך אים אָנגעצונדן און ס'גאַנצע ביסל בלוט איז אים אָנגעלאָפן אין פּנים אַריין. דערצו נאָך האָבן נישט דער מיינסטער און נישט די מיינסטעראָווע זיך נישט אומגעקוקט אויף אים. זי, די מיינסטעראָווע, איז געווען פאַרטאָן ביים קיך־טישל, לעבן דער פּליטע. פלינק האָט זי מיט אַ מעסער אויפגע־שניטן פרישע זעמל און צווישן די האלבירטע טיילן אריינגערוקט א געררוי־כערט שיליאַווקעלע, וואָס דאָס קעפּעלע, א גלאַנציקס, ווי אָפּגעגילט, האָט ארויסגעקוקט פון איין זייט זעמל און דאָס ווידעלע, א פּיצלס, פון דער אַנדערער זייט. דער מיינסטער ווידער, ווי נאָר ער האָט איבערגעטרעטן די שוועל און דערשמעקט די ריחות פון עסנוואַרג, האָט גלייך פאַרגעסן אָן געזעלן, וואָס איז די גאנצע צייט געגאַנגען הינטער אים און ווי אַ הונ־געריקער הונט שוין גענומען שניפן אַרום ווייב, געקוקט איר אין די הענט אריין און כאָטש ער האָט גאנץ גוט געזען וואָס זי גרייט צום טיש, האָט ער דאָך, צוליב דער בלויזער הנאה פון כאָטש רעדן וועגן עסן, זי געפרעגט:

— וואָס 'אָסטו אויף קאָלאַציע? שרה'שי.

ערשט שפּעטער, אז מאָניש פערשטנבערג איז שוין געזעסן ביים טיש אין בלויזן קאָפּ ווי אַ גוי, די העמד־אַרבל פאַרשאַרצט, מיט איין האַנט געמישט מיטן לעפעלע אין גלאָז אָנגעצוקערטע טיי און מיט דער אַנדערער

געפּאַקט די זעמל מיטן געראָויכערטן פישל אין ברייט־געעפענטן מויל אריין, האָט זי, די מיינסטעראָווע, געהאַט צייט זיך ארומצוזען אז ער, נתן חיים, שטייט נאָך אַלץ ביי דער טיר און די „קאָקע" פון איין זייט און אַנדזשע מיט מאָניעקלען פון דער אנדערער זייט, האָבן זיך ארומגעשטעלט גלאָצן אויף אים גלייך זיי וואָלטן קיינמאָל פריער נישט געהאַט געזען קיין פּראָווינצערל אין א לאנג כאַלאַטל מיט א יידיש היטעלע אויפן קאָפּ און אַ פּאָר שטיוול אויף די פיס.

— די ארבעטסט בא מאאן טאטעשי? — האָט דאָס קליינע מאָניעקל אים תמימותדיק געפרעגט, און דערביי געדליבעט מיטן פינגערל אין נעזל.

— יאָ, — האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ אַראָפּ צום ייִנגעלע.

— און ווי הייסטי?

— נתן חיים, אין די?

— יאַך הייס מאָניעק, — האָט דאָס ייִנגעלע, מיטן פינגערל אין נעזעלע אים געענטפערט.

— וואָס האָט עץ ענק אזוי אַרומגעשטעלט? — האָט די מוטער מיט איין האַנט רוגזהדיק אָפּגעשטופּט די „קאָקע" און מיט דער צווייטער געוווּנקען נתן חיימען אונטערן אָרעם: — קום עסן.

ער איז איר נאָכגעגאַנגען, זיך געזעצט צום טיש עסן און דערביי זיך געוווּנדערט, וואָס די „קאָקע", שטאָט אויף זיך זעצן צום טיש צוגלייך מיט אַלע, איז גאָר, ווי אַן איבעריקע אין שטוב, צוגעגאַנגען צום זליוו, די אייזערנע שיסל אונטערן וואַסער־קראַן און זיך גענומען פּאָרען דאָרטן, פּוצן און רייבן דעם לאַנג שוין אָפּגעקראָכענעם, ווייס־עמאַלירטן אינעווייניק פון דער שיסל, וואַשן און שווענקען די אומצאָליקע שמאַטקעלעך, עפּעס ווי איר גאַנץ לעבן וואָלט אָפּגעהאַנגען אָן אָט די טועניש אירע.

ווי ווייל די וועטשערע איז פאר נתן חיימען געווען שיער נישט אַ שבתדיקע סעודה, איז אים דאָך דער ביסן נישט באַקומען. פון איין זייט די „קאָקע" ביים זליוו, פון דער אנדערער זייט דאָס פּאַצעטקעלע ביים טיש, ביידע נעמען נישט אַראָפּ די אויגן פון אים, ווי ער וואָלט געווען א פּאַר־זעעניש, עפּעס א ווילדע חיה. פאַרוואָס גלאָצן זיי אזוי אויף אים? אפשר האָט ער פריער, ביים אויפבלאָזן די קוילן אין פּרעס־אייזן, זיך איינגעריסט די נאָז? וואָלט דאָך אָבער די מיינסטעראָווע אים דאָס געזאָגט, זי זעט אויס צו זיין א פיין מענטש.

— עס! — האָט די מיינסטעראָווע אים געמונטערט און צוגערוקט נענטער צו אים דאָס קאַלט־געוואָרענע גלאָז טיי.

אויך זי, פרוי פערשטנבערג האָט גוט געזען די מיידלעכס גאַפּיען אויף אים. דער געמאַל אירער, מאָניש פערשטנבערג, זעט גאָרנישט בעת ער

עסט. ווען א פייער, חלילה, ברעכט אויס אין שטוב אין מיטן עסן וואָלט ער עס אויך נישט געזען. זי אָבער זעט גאַנץ גוט וואָס ארום טוט זיך. מילא, דער „קאָקעס" אויסלייגן אזא פּאָר הונגעריקע אויגן אויפן יינגל, איז איר נישט קיין ווונדער. זי ווייסט נעבעך איר בראָך! אזוי איז טאָקע די מויד א האלבע אידיאָטקע. חוצן רייבן דעם זליוו און שווענקען די שמאַטקעלעך אזש די הענט זענען איר רויט און געשוואָלן פון נעץ, קען זי א קאץ דעם עק נישט פאַרבינדן, אָבער א פרוי איז זי שוין פון לאַנג און מאַנישלס הייסע יוכע רינט איר אין די אָדערן. זאָל זי, די מאַמע, לאָזן די „קאָקע" אין אָוונט אליין אויפן הויף, ברענגט זי איר א בייכל אונטערן פאַרטעך. זי פארשטייט אָבער נישט וואָס דאָ איז געשען מיט עדזשען, וואָס גלאָצט זי אַזוי די אויגן אויף דעם יינגל? כאָטש קריק־געשמועסט, היינטיקע צייטן, ווער ווייסט? עדזשעלע שלעפּט זיך שוין ארום מיט קאָלעזשאַנקעלעך אין די טונקעלע אַלייען פון זאַקסישן גאָרטן נישט בלויז אין די שבתדיקע אָוונטן...

מיטן גלאָז טיי ביים מויל האָט זי זייטיקלעך געוואָרפן אויגן אויף נתן חיימען. אז ער איז אין איין עלטער מיט עדזשען, דאָס זעט זי. ער זעט אויך אויס צו זיין א לייטיש קינד, פון א פיינער משפחה און אז ער איז א שיין יינגל זעט דאָך א בלינדער, וואָסזשע איז דער חידוש וואָס עדזשעלע וואַרפט אויף אים אייגעלעך? ווען מ׳פרעגט זי, פרוי פערשטנבערג, געפעלט ער איר אויך. דער קענדזשער האָר, טונקל־שאַטינע, שפּאַרט אים אַזוי שקאָציש פון אונטערן היטעלע אפער און דער אפערגעפּאַלענער לאָק באַמבלט זיך אים כסדר איבערן שטערן...

— ווילסט אפשר נאָך אַ גלאָז טיי? — האָט זי שוין ווי אַ מאַמע, מיט ליבשאַפט אים געפרעגט.

ערשט נאָך דער וועטשערע איז נתן חיימען קלאָר געוואָרן ווו אַלע שלאָפן דאָ. דאָס יינגעלע האָט די מוטער געלייגט צום פאָטער אין בעט אריין. מיט איר, אין צווייטן בעט, האָט זיך עדזשע געלייגט צוקאָפּנס און די קליינע אַנדזשע צופוסנס. די „קאָקע" האָט זיך אויסגעבעט אַ געלעגערל אויף דער פּאָדלאָגע, לעבן איר זליוו און וואַסער־קראַן. פאר אים, נתן חיימען, האָט דער מיינסטער ארויפגעברענגט פון ערגעץ א באַרג אלט אָנטועכץ, אראָפּגעוואָרפן עס אויפן דיל און אים געוויזן ער זאָל זיך אויסבעטן אַ גע־לעגער לעבן דער פּליטע, דערביי האָט ער אים פאַרזיכערט:

— מ׳זאָ׳מע עס נאָ׳ דאַלעיבן, מאָרגן־מערטשעם, קויף יאַך דיאָ, גלאאך אַן אַאַזערן אָפּשטעל־בעטל.

אין זיין קינדיש־תמימותדיקן צוטרוי, האָט נתן חיים געמיינט יעדן טאָג אַז שוין, היינט, קויפט אים דער מיינסטער דאָס צוגעזאָגטע בעטל. דערווייל האָט אָנגעיאָגט שבועות. אין וואַרשע האָבן זיך געשטעלט

היצן, וואָס פון אזעלכע האָט ער נישט געוווּסט אין ראָדעם און אוודאי נישט אין מאָדזשיץ. מילא, מאָדזשיץ איז א קליין שטעטל. שטעלסט אַ טריט, ביסטו אויף א לאָנקע, אין א סאָד. אפילו אין ראָדעם, אז דו גייסט צען מינוט, ביסטו אויסער דער שטאָט. דאָ אָבער, אין וואַרשע, ציען זיך די גאסן מײלן־ווייט, דערצו דאַרפסטו פארגייסן דעם קאָפּ צו זען דעם הימל און קיין ווייך שטיקל ערד אונטער די פיס פילסטו נישט, נאָר אַספאַלט און שטיין, וואָס גליען אַ גאַנצן טאָג אין דער זון און ברענען דיר די פיס־זוילן דורך די שטיוול און קיין בוים אין די יידישע גאַסן איז נישטאָ און קיין סאָד אוודאי נישט. און אין זאקסישן גאָרטן לאָזט מען א יידיש ייִנגל, אין א לאנג כאלאטל, נישט אריין און הינטער דער שטאָט, אין פּראגער וועלדל, צי אויף די פּליאזשעס ביי דער ווייסל, איז מען היינט, צוליבן באַיקאָט, נישט זיכער מיטן לעבן. אומגעריכט קאָן מ׳קריגן פון וועלכן שייגעץ אַ שטיין אין קאָפּ אריין. דער באַיקאָט זעט דאָ אויס צו זיין שארפער נאָך ווי אין ראָדעם און איצט, זינט דער מעשה בייליס, איז מען שוין נישט זיכער מיטן שטעלן אַ טריט אויך אין די יידישע גאסן. אפילו אויף דער דזשיקע גאס, לעבן מיינסטערס געוועלב, האָבן שקאָצים געוואָרפן אויף אים שטיינער, געשריגן: בייליס! אמת, ער האָט צוריקגעשריגן: מאַצאָך! אָבער וואָס קומט ארויס? קילער דערפון ווערט אים נישט און אָפּכאַפּן דעם אָטעם מיט דעם שרייען קאָן ער אויך נישט.

פונדעסטוועגן, ווי שלעכט ס׳איז אים נישט געווען בייטאָג, איז אים אָבער אין די נעכט געווען פיל ערגער. צוליב דער פאַרנעקייט און שטיקע־ניש אין די ענגע שטובן פון די קעסטלדיק־פּאַרמאַכטע הייף, האָט מען גאנצע נעכט נישט געקאָנט צוטאָן קיין אויג. מ׳האָט זיך געדרייט אויף די געלע־גערס און אָפּגעאַנגען אין אייגענעם שווייס. מ׳האָט אראָפּגעצויגן פון זיך יעדעס פּיצל אונטערוועש, אָבער דאָס ליגן שיער נישט אָדם־נאַקעט און דאָס פאָכען זיך מיט אַ היטל, אָדער מיט אַ בלעטל פּאַפּיר איבערן פּנים, האָט נישט פארלייכטערט דאָס שטיקעניש און נישט אריינגעברענגט אין די אָנגעהיצטע, ענגע שטובן קיין עקסטרע טראָפּן לופט צום אָטעמען. דערצו נאָך האָט שטענדיק אין די איבערגעפּאַקטע וווינונגען געווימלט מיט וואַנצן און פליי, מיט לייז און טאַראַקאַנעס, וואָס אלע זענען זיי אין די פּארבע, הייסע נעכט, ארויס פון די באַהעלטענישן אין די בעטן, פון די זוימען אין די קישנס און ליילעכער, פון די שפּאַרעס אין די ווענט און געפרעסן דאָס מענטשלעכע לייב, געזויגן דאָס בלוט פון יעדנס אָדערן.

האָט מען אין מיטן די נעכט געמאַכט וואַך־נאכט. פּלוצים איז געוואָרן ליכטיק אין איין שטוב, אין א צווייטער. האַלב־נאַקעטע מענטשן, אראָפּגע־קראָכענע פון די געלעגערס, האָבן זיך אוועקגעלאָזט אויף יאַגד. מיט אָנגע־צונדענע ליכט אָדער לאָמפּן אין די הענט האָט מען געגנישטערט אין די

בעטן, געבערענט וואנצן, געגאָסן הייסן אָקרעפּ אויף די קריכנדיקע טאַראַ־קאַנעס.

אויף די יאגדן זענען נאָר געגאַנגען די האָפּערדיקע, די מער־רעזיג־נירטע, וואָס האָבן שוין פון לאַנג געוווּסט אַז דאָס געיעג אויף דעם אומפּלייט העלפט נישט, זיי האָבן זיך אַפּאַטיש געזעצט לעבן די אָפענע פענצטער און, ווי פיש אויף דער טרוקעניש, געצויגן מיט אַלע כוחות פון שטיקנדיקן דרויסן א זופּ־לופט, א שלוק־אָטעם ביז, פאַרטאָג שוין, ווען דער הימל האָט גענומען גרויען און א באַגינענדיק ווינטעלע האָט א בלאָז געטאָן, דעמאָלט, האָט מען צוריק זיך אויסגעצויגן משפּחהווייז אויף די הוילע דילן, אָן אַ פּאָדעם אונטער די קעפּ, אַבי צו זיין וואָס ווייטער פון עפּעס, וואָס קאָן אין א פאַרבאָרגענער זוים האָבן וועלכעס פון דעם ווימלענדיקן בייסעניש.

אין די נעכט האָט נתן חיים געריסן פון זיך די הויט, נישט בלויז צוליבן אומפּלייט, נאָר וואָס ער איז בכלל געקומען קיין וואַרשע. צו וואָס האָט ער דאָס גענדאַרפט ? אין ראָדעם איז דאָך אים געווען וווי'ל ווי די וועלט. די מיינסטעראָווע, פּערעלע, איז דאָך געווען א ציכט. די ריינקייט האָט ביי איר געשמעקט, געפעכלט פון יעדן ווינקעלע אַרויס. ער האָט טאַקע דאָרטן אויך נישט געהאַט קיין בעטל, אָבער געוואַלגערט זיך אויף שמאַטעס ווי דאָ, האָט ער זיך דאָך נישט. און ס'איז דאָרטן נישט געווען אזוי הייס ווי דאָ און דער מיסטקאַסטן איז נישט געשטאַנען הינטער די פענצטער. פאַרקערט, דער סאָד איבערן פאַרקאָן האָט פאַרשמעקט דעם הויף. און ווער האָט גאָר דאָרטן געדאַרפט דעם סאָד אז דער נייער גאָרטן אויף דער לובלינער גאַס איז געשטאַנען ברייט־אָפן פאַר יעדן איינעם, אויך פאַר יידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס מיט יידישע היטלען אויף די קעפּ.

און וואָס האָט ער דאָ ? די מיינסטעראָווע איז טאַקע גוט צו אים, אָבער, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, ער מיאוסט זיך דאָ צו עסן, נישט אזוי פון דער מיינסטעראָוועס קאָכן, ווי פון דער „קאָקעס” אַרומשניפן מיט איר רינענדיקער נאָז און צעשויבערטן קאָפּ קרייזלעך צווישן די טעפּ. אַז די מויד עסט נישט ביים טיש צוגלייך מיט אַלע, נאָר תמיד שפּעטער, פון דעם איבערבלייב, זענען אירע הונגעריקע חושים כסדר אין די טעפּ, אויף דער פּליטע.

אפילו פון שבת האָט ער דאָ נישט אזא הנאה ווי אין ראָדעם. ווּו האָט ער דאָ אזא שול ? אזא בית המדרש ? אמת, די טלאָמאַצקע־שול איז הערלעך און מ'זאָגט אז אינעווייניק איז עפּעס גאָר חידושים ! לאָזט מען אָבער א יינגל ווי אים אַהין נישט אריין. נאָר ווען אפילו יאָ ? ווי קומט ער צו דאַטשן ? ווידער גיין דאַווענען מיטן מיינסטער אין זיין חברה ? איז ערשטנס, אין די פּרייטיקצונאכטסן, דאַוונט מאַניש פּערשטנבערג אינגאַנצן נישט. ער מער־מעליעט אָפּ דעם קידוש אין דער שטיל און זעצט זיך צום טיש ווי אַ גוי,

אין גאָלן קאָפּ, אָן א וואָרט זמירות, אָן בענטשן. דערצו ווערט ער באַלד נאָכן פּרעס פאַרלוירן אין באוואריע אריין, זויפן ביר מיט די טרעגער און פּורמאַנעס ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. אינדערפרי ווידער, ווען ער גייט שוין יאָ דאַווענען צו עפּעס א חברה באַלמעלאָכעס אויף דער שמאָלער מילע, גייט ער ערשט נאָך לאַנגן פּוצן זיך און וואַשן זיך מיט זייף, וואָס א ייד טאָר דאָס נישט אין שבת. דערצו נאָך פּרעסט ער זיך פריער אָן מיט באַבקע און כלאָיעט זיך אָן דעם גראָבן בויך מיט זיסער באַוואַרקע. וואָסער ווערט האָט שוין זיין דאַווענען? און טאָמער איז דאָס וויניק, האָבן נאָךביידע מיידלעך זיך אָנגעזעצט אויף אים, נתן חיימען, אַ גאַנצן וואָך האָט ער איבער זיך די „קאָקע" און שבת — דאָס פּאַצעטקעלע, עדזשען.

ווי נאָר ס׳קומט דער שבת נאָכן עסן, ווערן עפּעס אַלע מיטאיינמאָל פאַרלוירן פון שטוב ארויס. מילא, דער מיינסטער, ליגט אין באַוואַריע און זויפט ביר. די מיינסטעראָווע ווידער גייט שפּאַצירן און נעמט שטענדיק מיט זיך סיי די „קאָקע" און סיי די צוויי קלענערע קינדער. פריער, באַלד נאָך זיין אָנקומען, ער האָט גאָרנישט געזען זי זאָל דאָס טאָן. די „קאָקע" זאָגט דאָס איר אָפן. „וואָס עפּעס גייט די מאַמעשי יעדן שבת שפּאַצירן אין קראַ־שינסקיס גאָרטן?" זי לאַכט טאַקע נארישעוואַטע, די „קאָקע", די פרוי אָבער אין איר זאָגט איר אונטער, אַז דער מאַמעשיס פּלוצימדיק מיטנעמען זי אויף אירע שפּאַצירן איז בלויז כדי זי אַרויסצוקריגן פון שטוב, עדזשעלע זאָל בלייבן אליין מיט נתן חיימען.

אויך ער, נתן חיים האָט דאָס גיך איינגעזען. עדזשעלע דאַרף כלומרשט בלייבן אין שטוב זיך צולערנען, אָפּרוען נאָך אַ וואָך שווערער ארבעט, אָבער עדזשעלע לייגט זיך נישט רוען. ווי נאָר זי בלייבט מיט אים אליין אין שטוב, זעצט זי זיך לעבן אים, לאָזט אים נישט מעביר זיין די סדרה, זאָגן פּרק, ווי ער טוט דאָס שטענדיק איידער ער גייט זיך זען מיט אברם יאַנקלען און פאַרפירט מיט אים א שמועס: „פאַרוואָס גייט ער אין א לאַנג כאַלאַט? אין א יידיש היטל? פאַרוואָס איז ער אזוי שעמעוו־דיק? קוקט ער גאָרנישט אויף קיין מיידלעך? יאָ? ער קוקט יאָ? פאַרוואָס־זשע קוקט ער קיינמאָל נישט אויף איר?".

נתן חיימען האָט געקלאַפּט דאָס הארץ, ס׳האָט אים פאַרפעלט אָטעם: אפשר צאַיעט זי זיך צו מאַכן מיט אים א ראַנדקע, ווי נעכעלע, דעם לעצטן פּסח אינדערהיים?

פון בלויזן טראַכטן וועגן א ראַנדקע איז דאָס בלוט אים אָנגעלאָפן אין פּנים אַריין און די אויערן האָבן אים געברענט, כאָטש נעם און ציִנד ליכט אָן זיי. ער האָט געוואָלט אויפשטיין פון טיש און ארויסאַנטלויפן פון שטוב, האָט אָבער עדזשעלע זיך צוגערוקט נענטער צו אים:

— וואָס איילן זי זיך אזוי? זיצן זי נאָך אביסל.

— יעך אָאָל מיך ניש׳ —האָט ער איר געענטפערט און דערביי גע־טראכט אז ס׳פּאַסט טאַקע נישט ער זאָל אוועקגיין. עדזשעלע קאָן נאָך מיינען ער איז א פראָווינצער חיה. איז ער געזעסן כלומרשט מיט די אויגן אין חומשל, אינדעראמתן האָט ער זייטיקלעך געהיט וואָס זי גייט דאָ טוען. וועט זי אים פאַרשטעלן דעם וועג, אויב ער וועט זיך אויפשטעלן אַוועק־צוגיין, ווי נעכעלע אין האלב־טונקעלן פעדערהויז?

— זי ווילן אפשר נאָך אביסל קאָמפּאָט? — האָט זי אים צוגערוקט איר טעלערל מיטן קאַרשן־צימעס.

— א שיינעם דאנק, — האָט ער, נישט קוקנדיק אין איר זייט אריין, געשאָקלט מיט קאָפּ אויף ניין.

פאר א ווייל איז זי געבליבן שטיל, עפּעס ווי דער גיכער אָפּזאָג זיינער וואָלט דאָ איבערגעהאקט יעדן פאָדעם, וואָס זי וועבט צו אים אזוי קינדיש־נאיוו און דאָך אזוי מיידלש־שלוי. באלד אָבער האָט זי צוריקגעפונען ס׳לשון:

— ווי גייען זי שבת נאָכן עסן?

— ווי זאָל יעך גיין? — האָט ער פרעגנדיק געהויבן די אקסלען. — יעך גיי מיט מאאן ברידע׳ צים פעטע׳ אויף דע׳ דזשעלנע גאס.

— אַלע שבת צום פעטער?

— ווי דען זאָל יעך גיין?

— מ׳גייט אַמאָל שפּאַצירן.

— שפּאַצירן? יעך וויס ניש׳ ווי מ׳גייט דאָ שפּאַצירן.

— יאָך על מיט איהן גיין אויף א שיינעם שפּאַציאָ.

מילא, דאָס זיין מיט עדזשען אליין אין שטוב אין די שבתים האָט ער נאָך פאַרטראָגן, כאָטש ער האָט געוואָלט אוועקגיין, אויסמיידן דאָס, האָט עס אים דאָך געצויגן צו בלייבן מיט איר, און ער האָט שוין געוואַרט אויף די שבתים מיט ציטערניש אין הארץ. שלעכט איז אים אָבער געווען מיט דער „קאָקע״ אינדערוואָכן.

אז די מיינסטעראָווע ברענגט דעם מיינסטער אין געוועלב אריין דאָס מיטאָג, שיקט זי אים, נתן חיימען, אהיים אָפּעסן. דעמאָלט איז די „קאָקע״ אליין אין שטוב און זי פרוווט זיך אָפּנעמען אין אים פאר די שבתים. מיט איר גאנצער נאַרישקייט, אָנט די מויד וואָס צווישן אים און עדזשעלען קומט פאָר בעת די מאַמעשי נעמט זי מיט אויפן שפּאַציר. דערפאַר נעמט זי איצט, ווי נאָר ער ווייזט זיך אריין אין שטוב, ארומפּאַדען ארום אים. ער וואָלט גאנץ ווויל זיך געקאָנט אליין נעמען דאָס עסן פון דער פּליטע, וואָס די מיינסטעראָווע גרייט פאר אים אָן אין טעלער. לאָזט זי אים נישט.

אים מיגלט צו עסן די לאָקשן מיט יויך, די זופּ, אָדער דעם רויטן באָרקע־באָרשט, וואָס בעתן טראָגן דעם פולן טעלער צום טיש, טונקען זיך אין דעם עסן די שפּיצן פון אירע פינגער, די אומריינע נעגל מיט די שווארצע רעמ־לעך. אָבער וואָס קאָן ער טאָן? ער קערט אָפּ דעם קאָפּ כאָטש דאָס נישט צוזען. זי אָבער לאכט אים דווקא אין פּנים אריין. זאָל ער זי אוועקטרייבן? זי פארשעמען? ווי מעג מען פארשעמען א מענטש? בפרט נאָך א געשלאָ־גענעם! רעדט ער צו איר א וואָרט און אזוי ווי זי איז עלטער פון אים אויף גאַנצע דריי יאָר און ער קאָן זי נישט דוצן, רעדט ער צו איר אויף „הערן זי נאָר" און „זעען זי נאָר", ווי מ׳רעדט אין די גרויסע שטעט צו פריילינס, צו פּאַניענקעס, איז זי צוליב דעם אויפן זיבעטן הימל. קיינער האָט נאָך קיינמאָל נישט גערעדט צו איר ווי צו א מענטש, בפרט נאָך ווי צו א פריי־לין, ווערט ער פאַר איר א קאוואליער און זי נעמט אויף אים אויסשפּילן אירע מיידלשע בענקשאַפטן, אירע פאַרבאָרגענע באַגערן.

איינמאָל האָט זי, פאַרן דערלאנגען אים דעם טעלער מיט עסן, אים אונטערגעטראָגן אַ האַלב־צעריבן שיליאַווקעלע אין אַן אויסגעפּעצט שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר, וואָס זי האָט דעם אָוונט פריער אראָפּגעגנבעט פון אונטער דער מוטערס האַנט און עס געהאַלטן אין איינער פון אירע זעקל־קעשענעס אין א ספּודניצע.

— זי זען, וואָס יאַך האָב פאר איהן?

נישט אַלעמאָל אָבער האָט זי אים אירע צערטלעכקייטן אונטערגע־טראָגן דורך א האלב צעקוועטשט שיליאַווקעלע. איר ליידנשאַפטלעכע צודרינגלעכקייט האָט אים איינמאָל שיער געבערענגט דערצו ער זאָל איינ־מיטן דער נאכט מאכן א געוואלד אין שטוב.

אין א פריען באגין, נאָך איינער פון יענע אויסמאַטערנדיקע וואָך־נעכט, ווען אלע אין שטוב זענען געהאט צוריק אוועקגעפאלן אויפן דיל אין אַ האַרטן, שווערן שלאָף, איז זי, די „קאָכע", לעבן זליוו דאָרט געוועזן די איינציקע, וואָס איז גלעגן וואַך, פיינלעך וואַך. ווי אַ פירפיסיק בעל־חי האָט זי געשניפּט און געשנאָפּט די שטילקייט אַרום, צי דרייט זיך נישט דער טאטעשי לעבן פענצטער, צי שלאָפט די מאַמעשי פעסט און עדזשעלע? אפשר מאַכט זי זיך נאָר שלאָפן?

זי האָט אונטערגעהויבן אין דער פאַרטאָגיקער בלויקייט דעם צעפלאָ־שעטן קאָפּ, געוואָרפן אַ בליק אין דרויסן און באַלד פאוואָליע, אויף אלע פיר, קוים באַרירנדיק דעם דיל, גענומען קריכן, שיער נישט שוועבן, אַהין צו נתן חיימען, לעבן דער פּליטע. א רגע אפשר האָט זי זיך איינגעהערט אין זיין שטיל אָטעמען, זיך איינגעקוקט אין זיין שלאָפנדיק פּנים, באַלד האָט זי איבערגעבויגן איר קאָפּ און צוגערירט אירע ליפּן צו זיינע. אז זי

האָט געזען ער שלאָפט נאָך אלץ שטאַרק, האָט זי זיך צוגעשאַרט צו אים און לייכט אַרונטערגערוקט איר לינקן אָרעם אונטער זיין קאַרק. ער האָט זיך א צאַפּל געטאָן, זיך איבערגעקערט מיטן רוקן צו איר און ווייטער געשלאָפן. דער שלאָף זיינער, איז שוין אָבער איצט געווען לייכטער און ער האָט געפילט ווי עפּעס שלייכט זיך איבער זיין נאַקעט לייב, גליטשט זיך אזוי צערטלעך איבער זיין ברוסט, אַראָפּ צום בויך, נידעריק, נידעריק... ער האָט אויפגעצאַפּלט און, פאַרשלאָפענערהייט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ.

— ש־ש־ש, — האָט זי שטיל, ווי אַ האַוועןדיקע פליג, אים געזשומעט אין אויער אריין.

א צעטראָגענער, מיט האַלב־פאַרשלאָפענע אויגן האָט ער א רגע געקוקט ארום זיך און באלד אויף איר. וואָס טוט די „קאַקע" לעבן אים? ער האָט גיך אַראָפּגעוואָרפן איר האַנט פון זיין לייב און דערביי, אינסטינקטיוו, זיך איינגעקאָרטשעט ווי א יאָזש:

— גייען זי אוועק, — האָט ער זי געשטופּט פון זיך. — יעך מאַך שוין א געוואַלט!

— יאַך גיי שוין, — האָט זי אים ווידער געזשומיעט אין אויער אַריין און דערביי זיך געדריקט צו אים נענטער, ביז זי האָט אים איינגעקלאַ־מערט אין אירע אָרעמס, נאַקעטע, מיידלש־ווייסע:

— יאַך 'אָב איהן אַזוי ליב, נעמע' זי מיאָך אַרים...

# קאַפּיטל צווייאונדרייסיק

יעדן שבת נאָכן עסן איז דעם פּעטער שמואלס געוועלב־שטוב געווען פול מיט יונגוואַרג, קאָלעגן און קאָלעזשאַנקעס פון דער מומע גאָלדעס צוויי יינגערע ברידער, אהרן און שמוליאַק און אַ שוועסטער בלימע, וואָס אַלע זענען זיי זיך צונויפגעקומען אַהער זיך פאַרווײַלן, זינגען לידער, טאַנצן.

שמוליאַק, דער יונגערער פון דער מומע גאָלדעס צוויי ברידער, א בחור נאָך פאר די צוואַנציק, א דינער, אַן אָפּגעצערטער, מיט שוואַרצלעך־געלע זעקעלעך אונטער די אויגן ווי ביי אַן אלטן מאַן, כאָטש א פּראָסטער שוסטער, איז ער אָבער געווען א פראַנט אין לאַק־שיך, מיט א זײַדן טיכעלע אין ברוסט־קעשנקעלע פון גוט־געפּאַסטן גאַרניטער. דער קאָפּ זײַנער פאַרקעמט מיט א ווײַסן שרונט אינמיטן, האָט שטענדיק געגלאַנצט פון דער אָנגעשמירטער פּאָמאַדע. אַ פּייערדיקער טענצער, איינער פון די בעסטע אין די וואַרשעווער טאַנץ־זאַלן האָט ער אין די שבתים נאָכן עסן, אָנגעפירט מיט די טענץ ביים פּעטער שמואל אין געוועלב־שטוב, געפּאָכעט מיטן זײַדענעם טיכעלע:

— אַנגאַ וואַ! — און די רײַ פּאָרלעך, פּאַרטראָגענע, גליקלעכע, האָבן אים נאָכגעפּאָלגט אין אַן אונגאַרישן טשאַרדאַש, אין א פּאַטיסבאַן, אין קאָמפּליצירטע ווענגערקעס.

צווישן איין טאַנץ און צווייטן, האָבן זיך די דאַמען איבערגעפּודערט, זיך געפּאָכעט איבער די רויט־פאַרשוויצטע פּנימער מיט גרויסע פּעדער־פּעכערס, פאַרביקע ווי די צעשפּרייטע עקן פון פּאַוועס. די קאַוואַליערן, אָן רעקלעך, די העמד־אַרבל פאַרשאַרצט, כאָטש אליין אויך פאַרשוויצטע, האָבן געפּאַדעט אַרום זייערע טאַנץ־פּאַרטנערקעס, מיט קאַלטע געטראַנקען: א גלעזל סאָדע־וואַסער מיט מאַלינע־זאַפט, א גלעזל שוימיק ביר, נאַר־וואָס אָנגעצאַפּט פון א הילצערן פּעסעלע. פּאַרנאַכט־צו, דער עיקר ווינטער, ווי נאָר מ׳צינדט אָן א ליכט, שיקט מען אויף דער יידישער סמאָטשע נאָך הייסע ווורשטלעך מיט מוסטאַרדע, נאָך אויפּשניט מיט אוגערקעלעך, נאָך געבייטלט ברויט, מ׳זיצט אַרום טיש, א לאַנגער, א צונויפגערוקטער, מ׳לענט זיך אונטער די הערצער, דערבײַ שפּילט מען א טערנישקע *), אַ דאָמינאָ, אַן אָקע, אַן אייַנאונצוואָנציק.

---

*) בינגאָ.

היינט אָבער, שבת נאָכן עסן, ווען די צווי ברידערלעך זענען צוגע־קומען צו דער זומערדיק־אויפגעפּראַלטער טיר פון פעטער שמואלס געוועלב, האָט קיינער נישט געטאַנצט. די קאַוואַליערן, אין העלע אַנצעגער מיט געלע, סקריפּענדיקע שיך אויף די פיס און האַרטע שטרוי־קאַפּעלושן, פּלאַכע, ווי איבערגעקערטע טעלער אויף די קעפּ, די מיידלעך, אויסגעפּיאַ־קעוועטע פּריצהטעס אין שאַרכנדיקע קליידער פון טאַפּעטע, פון מאָרעי, אויסגעפּאַסטע אַרום די הויכע ביוסטן, ענג אַרום די פעטע טאַליעס און לאַנג ביז איבער די הויכע שיך־אָפּצאַסן, זיי אַלע האָבן געוואַרט גרייטע אַוועקצוגיין, נאָר וואַרטנדיק האָבן די מיידלעך דערווייל זיך איבערגעקעמט די האָר, אַרומגעבייגלט האַרטער דעם וואַלעק, איבערגעלייגט דעם קאָקס, איבערגערוקט אַביסעלע מער צו רעכטס דעם שטרוי־הוט, וואָס אַלע זענען זיי געווען מיט ברייטע ראַנדן, אָנגעלייגטע מיט בינטלעך קינסטלעכע בלומען, קינסטלעכע קאַרשן און ווײַנשלען און איבער יעדן פון די ראַנדן האָט אַראָפּגעהאָנגען אַ וואַלקע, אַ רויטע, אַ גרינע, אַ בלויע, וואָס אַלע האָבן זיי צוגעגעבן שלויקייט, אַפילו רייץ, צו די פּאַרהאָנגענע אויגן און אַזוי איידל פאַרשאָטנט די רויט־אָנגעשוויצטע, פעטלעכע פּנימער פון די מיידן.

שטאָט טאַנצן איז דאָס יונגוואַרג היינט געגאַנגען צו קאָמפּאַניעצן אויפן „פּינטעלע ייד”. זענען זיי פריער זיך צונויפגעקומען אַהער מיטצונע־מען דעם פעטער מיט דער מומע, זיי פונדעסוועגן בילעטן אין טעאַטער אַריין, אַ מין פאַרגיטיקונג פאַרן דערלויבן זיי צו האָבן דאָ זייער אָפּלאָג, זיך צונויפצוקומען אַהער אין די שבתים זיך ווײַלן, טאַנצן, זינגען לידער.

דער פעטער מיט דער מומע, ווי וואָיל ער איז שוין געווען נאָענט צו די פערציק און זי בלויז מיט צוויי־דריי יאָר יונגער און טאַטע־מאַמע פון זעקס קינדער, וואָס די עלטסטע, טעמעלע, איז שוין אַ כלה־מויד אין פופ־צנטן יאָר, האָבן זיי דאָך מיטגעטאַנצט און מיטגעהוליעט מיטן יונגוואַרג ווי זייערסגלייכן און איצט זענען ביידע געווען פאַרפּאַרעט ביים אָנטאָן זיך מיטצוגיין אין טעאַטער. זי, די מומע, איז געשטאַנען ביים שפּיגל נאָך אין אונטערקליידל, די נאַקעטע אָרעמס פאַרהויבן ביים פאַרלייגן דעם בינט האָר, בלאָנדע, ווייכע האָר אין אַן אויפּעטורעמטן קאָקס אין מיטן קאָפּ און דער פעטער, צווישן טומלענדיקן יונגוואַרג אין מיטן שטוב, האָט זיך בליב־דערהייט, אָן צו קוקן אין אַ שפּיגל, געבאָרעט מיט דער צו־קורצער ספּינקע, אַריינצוקנעפּלען זי אין די אַלע לעכלעך פון העמד, פון דער שטייפער פור־לאַגע, פון צו־ענגן, פּאַפּירענעם קאָלנער, אַן אויפגעשטעלטער מיט צוויי איינגעבויגענע שפּיצלעך אונטער דער גלאַט־ראַזירטער מאָרדע.

מיט די יינגלעכס באַווייזן זיך אויפן בריקל פון דער אויפגעפּראַלטער

טיר, זענען אי דער פעטער, אי די מומע, אריינגעפאלן אין א פאַרלעגנהייט. וואָס טוען זיי איצט? אוועקגיין און איבערלאָזן דאָ די יינגלעך, ווען אפילו טעמעלע גייט אין טעאטער? וואָסער פּנים וועט דאָס האָבן?

— גוט שבת, — איז זיי דער פעטער אקעגנגעגאַנגען. — נו, ווי דער־גייט עס ענק אויף די ערטער?

— גאַנץ גיט, — האָט אברם יאנקל האָפערדיק אָפּגעפּטרט דעם פעטער. צו וואָס ארויסלייגן פאר אים זיינע צרות? א סך גייט ער דעם פעטער אָן? דער פעטער האָט זיך דען איינמאָל אריינגעוויזן אויף זיין פריערדיק אָרט, מ׳זאָל כאָטש וויסן אז ער, אברם יאנקל, איז נ״שט הפקר!

— און דיר? — האָט זיך דער פעטער געווענדט צו נתן חיימען.

— מיע? — האָט דאָס יונגערע פלימעניקל אים צוריקגעפרעגט און דערביי געהויבן די אַקסלען, — ווי זאָל מיע׳ דאַגיין?

באַלד איז די מומע צו זיי צוגעקומען. זי האָט זיי אַקעגנגעטראָגן שבתדיקן כיבוד, צוויי גלעזער סאָדע־וואָסער מיט מאַלינע־זאַפט.

— א דאנק, — האָט אברם יאַנקל געזאָגט, — כ׳בין נישט דאָרשטיק.

— אויך נתן חיימל האָט איר געדאנקט:

— צו וואָס דאַרף ער סאָדע־וואָסער?

די מומע אָבער קען שוין די פּראָווינצערלעך. זי האָט זיי אריינגע־שטופּט די גלעזער וואָסער אין די הענט:

— צום ערשט טרינקט מען און דערנאָך דאַנקט מען.

די צוויי ברידער, אהרן און שמוליאק, האָבן אפּנים באַמערקט די פאַר־לעגנהייט פון דער שוועסטער מיטן שוואָגער צוליב די צוויי אומגעריכטע געסט. זיי האָבן זיך איבערגעוווּנקען, זיך געסודעט מיט די פּזשיאַטשעלעס און באַלד האָט אהרן זיך געווענדט צו אברם יאנקלען:

— אין א טעאַטער ביסטו שוין געווען?

— ווער? יעך? — האָט ער אים צוריקגעפרעגט. — דערווייל נאָך נישט.

— און דו? — האָט אהרן זיך געווענדט צו נתן חיימען.

— ווי קים יעך צו טעאַטער? — האָט דאָס יינגל געהויבן מיט די אַקסלען.

— נו, ׳עט עך היינט גיין מיט אונדז אין טעאַטער אריין.

די צוויי ברידערלעך האָבן זיך איבערגעקוקט. עפּעס איז דאָס געווען אזוי אומגעריכט, אז זיי זענען געווען צעטומלט, נישט ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט גיין אין טעאטער. אדרבה,ביידן איז דאָס הארץ שוין לאנג אויס־געגאנגען צו זען וואָס אזוינס טעאטער איז, וואָס אזוינס געשעט דאָרטן, וואָס מענטשן זינגען נאָך און מאַכן נאָך חדשים נאָכדעם ווי זיי זענען דאָרט

געווען. עס פּאַסט אָבער נישט פאַרצוקומען ווי א שנאָרער, גלייך צו זאָגן יאָ, בפרט נאָך פאַר זיי, יערמע דודס בנים, וואָס היטן זיך ביי עמעצן עפּעס אָנצורירן, דערצו נאָך האָט זיך נתן חיים געקווענקלט צוליב חילול־שבת. אָבער אָפּזאָגן זיך אײַנגאַנצן האָבן זיי נישט געהאַט קיין כוח. צו שטאַרק האָט עס זיי געצויגן אַהין, האָבן זיי סתם אזוי נאַרישעוואַטע איבערגע־פרעגט:

— אין טעאַטער אריין? צו וואָס? וואָס זעט מ׳דען דאָרטן?

— דאָס ׳עט עץ שוין שפּעטער זען, — האָט דער פעטער זיך אריינ־געמישט א צופרידענער וואָס די צוויי שוואָגערס האָבן אים ארויסגענומען פון דער פאַרלעגנהייט.

געוויינלעך וואָלט דאָס יונגוואַרג, אפילו מיטן פעטער שמואל, ארויס מיט דער אָקאָפּאָוע אויף לעשנע. אַריין דאָרטן אין אַ טראַמווײַ און — באַץ אראָפּ אויף מוראַנאָוו, צום ווױנע־פּלאַץ, ווו קאָמפּאַניעעצס טעאַטער איז. איצט אָבער, מיט דער מומע גאָלדע אין קרענצל, האָט זיך דער עולם, וואָסערע צען, עלף פּאָרלעך, געלאָזט צופוס איבער דער דזשעלנע גאַס. פּאָרל הינטער פּאָרל איז מען געגאַנגען געאָרעמט, מיט די געעפּנטע פּאַראַ־סאָליקלעך איבער די קעפּ, כאָטש אביסעלע שאָטן קעגן דער גליאיקער זון.

הינטער דעם יונגוואַרג איז געגאַנגען דער פעטער שמואל אין שוואַרצן ראָק, א קורצער ביז די קני, אין פאַרגעלטן פּאַנאַמע־קאַפּעלוש. אויף זיין רעכטן אָרעם האָט זיך געטוליעט די מומע גאָלדע מיטן שווארצן טערקישן שאַל איבערן קאָקס האָר, איבער דער וויסער בלוזע. אויף זיין לינקן אָרעם — דאָס טעכטערל, טעמעלע, א פּופּצן־יאָריק פּאַניענקעלע מיט שווארצע אויגן און שוואַרצע צעפּ איבערן ווייסן קליידל און א שטרוי־הוט מיט א ברייטן ראַנד אויף איר קאָפּ. ערשט הינטער זיי זענען נאָכגעקראָכן די צוויי ברידערלעך:

— זעסט די מיידן? — האָט אברם יאנקל שטיל איינגערוימט דעם ברודער אין אויער און דערביי מיט א ווונק פון די אויגן אים געוויזן אויף די רייען, וואָס פאַר זיי. — זעסט, רעד מיט זיי, זענען זיי אלע אָקריטשע־שניידערקעס, וועש־נייטאָרינס, היטן־פּוצערקעס, אינדעראמתן זענען זיי אלע קעכינס, איינע אין איינע!

— פּאַרוואָסזשע זאָגן זיי ליגן? — האָט נתן חיים תמימותדיק, שטיל געפרעגט.

— ביסט א נאַר! יעדער האָט זיך ליב צו בארימען, צו מאַכן אָן אָנשטעל.

נתן חיים האָט גאַנץ ווײַל געהערט דעם ברודערס רכילותל, אפילו איבערגעפרעגט דעם זין דערפון, אָבער זיין געדאַנק איז גאָרנישט געווען

דערביי. דער מומע גאָלדעס איצטיק אַקעגנטראָגן אים כּיבוד, בפרט זייער באַשטיין ער און אברם יאַנקל זאָלן מיט זיי מיטגיין אין טעאַטער, אָט דאָס אַלץ האָט נאָך מער איינגעפּלאַטשט ביי אים דעם קידער־ווידער, וואָס דער ברודער האָט נאָך אינדערהיים געהאַט אויפגעבורעט אין אים צום פעטער שמואל, דער עיקר אָבער צו דער מומע גאָלדע, פאַר זייער נישט מקרב זיין אים, אברם יאַנקלען, אַ לייבלעכן שוועסטערן־זון, מיט אַ געלעגער אויף אַ נאכט און אפשר אויך מיט אַ מאָלצייט, איידער ער קריגט אַן אָרט צו דער ארבעט.

אַז דער פעטער שמואל איז נישט קיין גביר, דאָס האָט ער, נתן חיים, נאָך אָפּגעפּאַסט ביי זיך יענעם זונטיק באַגין אויף זיין וועג אַהער מיטן קופערטל. אַ פאַרמעגלעכער מענטש פאַרציט זיך נישט אַזוי ווייט אויסער דער שטאָט, אזש לעבן געגנשער בית עולם. ער, נתן חיים, וואָלט נישט געוווינט דאָ, ווען מ׳גילט אים אָפּ! לעבן טויטע? דערצו נאָך אין אזא אלטע, הילצערנע כאַטע, מיט אַ שינדל־דאַך פול מיט גרינעם מאָך. דאָס איז ווארשע? ווי קאָן ער, אברם יאַנקל, גאָר פאַרגלייכן די מומע גאָלדעס געוועלב־שטוב מיט שיינדעלעס וווינונג אין ראָדעם? יענע, ס׳זאָל איר נישט פאַרשטערט ווערן, באַדט זיך דאָך אין שווילטאָג און אַ דירה האָט זי, ווער אים גוטס גינט, בעת זיי דאָ האָבן איין שטוב פאַר זיך מיט זעקס קינדער! ווי קאָנען זיי דאָ האָבן נאָך אַ געלעגער פאַר אַ גאַסט? דעסגלייכן מיט אויפנאַמעס. ווי קאָן די מומע גאָלדע פאַרבעטן עמעצן צום טיש, אַז פון לאַטען מיט די אייגענע צען פינגער אַלטע כאַדאַקעס, דאַרף דער פעטער שמואל שפּייזן אַכט מיילער, אָן עין הרע!

אברם יאַנקל איז געגאַנגען לעבן ברודער, זיך איינגעהערט אין זיינע טענות מיט אַן אומשולדיק מינעלע, גלייך ער וואָלט שוין גרייט געווען צו געבן אים גערעכט. ערשט אַז נתן חיים איז אַנטשוויגן געוואָרן, האָט ער זיך אויף אים ארויפגעכאַפּט:

— אַזוי? זיי קאָנען נעבעך נישט? פאַרוואָס קאָן דער טאַטע יאָ, אַז דער פעטער שמואל קומט קיין מאָדזשיץ, אפילו מיט דער מומע, אַמאָל נאָך מיט אַ קינד, אָווירט זיי די מאַמע ווי דעם קיסר. דעסגלייכן מיט אויפנע־מעניש. דער טאַטע איז וויניקער גביר נאָך פון פעטער, פונדעסטוועגן שטעלט ער פון זיין כּבוד וועגן אַ פלעשעלע אָקעוויט און די מאַמע צעשניידט אַ הערינג מיט ציבעלעס, מיט עסיק ווי אַ פאַרשפּייז צו דער וועטשערע. ערשט די וועטשערע אַליין! און וואָס איז דער מער מיטן פעטערס דירה! — איז שוין אברם יאַנקל אויף אַן אמת בייז. — ס׳איז דאָך אַ שטוב ווי אַ פעלד, מיט אַ פענצטער און אַ שויבן־טיר אין גאַס ארויס. זומער שטעלט מ׳דאָ ארום שטולן פאַר דער טיר און מ׳זעצט זיך אויף גאַנצע אָוונטן כאַפּן

פרישע לופט. אמת, צוליב די גארבארניעס אנטקעגן איבער, איז די לופט נישט אַזוי גוט. האָבן זיי דאָך דערפֿאַר באַלד לעבן זיי דעם געגשער בית עולם. אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן אזא גרויס בית עולם מיט טיפֿע גראָזן און אזויפיל שאָטן־ביימער. וואַרט, וואַרט — האָט ער ווי געסטראַ־שעט דעם ברודער. — איך האָב דיך עקסטרע נישט געוואָלט אריינגעמען ווייזן ווו איך שלאָף. היינט נאָכן טעאטער, ׳על יעך דיר ווייזן מיין מיינסטערס דירה, אויך א פֿאָרפֿאָלק מיט זעקס קינדער. איין ווינקל אין פעטערס שטוב איז דאָך גרעסער ווי מיין מיינסטערס גאנץ געוועלב. מאָל דיר, דאָס קליינע געוועלבל, האָט מען ערשט צעטיילט אויף צוויי העלפֿטן און די הינטערשטע העלפֿט האָט מען ווידער צעטיילט אויף צוויי העלפֿטן לויט דער הייך, אריינ־געבויט א פֿאָדלאָגע אין מיטן און געמאַכט אן ערשטן שטאָק, ארויפצוגיין אהין אויף אַ לייטערל. נידעריק איז אויבן אז אפילו די מיינסטעראָווע, אַ ווייבעלע ווי א יענגאָלקע, קאָן נישט דאָרט שטיין גלייך זי זאָל זיך נישט אָנשלאָגן דעם קאָפּ אָן סופיט. איז דאָס די „ספּאַלניע״ די שלאָף־שטוב, הייסט עס, און עס שטייען דאָרטן די צוויי בעטן פֿאַרן פֿאָרפֿאָלק, דאָס וויגל פֿאַרן קינד, א ניין־חדשימדיק מיידעלע און א שענקל אויף וועש. מיטן פֿאָטער אין בעט שלאָפֿט א גרעסער מיידעלע פון דריי יאָר און מיט דער מוטער, נאָך אן עלטערס פון פינף יאָר. אונטן, אונטער דער צוגעבוי־טער פֿאָדלאָגע, פֿאַרהאָנגען מיט אַ שווערער קאָלדרע, קונים, וואָס קומען אַריין זיך לאָזן פֿאַרריכטן די שיך, זאָלן נישט זען וואָס דאָרטן טוט זיך, אָט אין דעם פינצטערן לאָך, באַלויכטן פון א פֿאַרקאָפּטשעט, פינפער נאַפֿט־לעמפּל, איז די גאנצע וואָרקשטאט. דאָ איז די קיך, דאָ איז די „יאדאלניע״, די עס־שטוב, הייסט עס, און דאָ איז אויך די סאַליע אויפצונעמען אַ גאַסט, צו רעדן מיט א מענטש א וואָרט. דאָס שטיקעלע פראָנט איז דאָס גאנצע געוועלב. דאָרטן שטייט דער שוסטער־וואַרשטאַט און ביינאַכט, בעט ער, אברם יאנקל, אויס אויף דעם אספאלט־דיל, צווישן די אלטע כאָדאַקעס און אָפּפֿאַל, א ברייט געלעגער פון אלטע שמאַטעס פאר זיך און דעם מיינסטערס דריי עלטערע יינגלעך, פון זיבן, פון ניין און עלף יאָר.

מילא, וועגן דער פּאָשע ביי דעם מיינסטער, וויל ער שוין נישט רעדן, אברם יאנקל. ביי בערעלע יאָסקעס אין ראָדעם, האָט ער דאָך אויפן טעלערל געגוג געקריגן אַ קרענק אין דער לענג און א ווייטיק אין דער ברייט. דאָ אָבער קריגט ער נאָך מיט אַ פּאַדעם דערונטער. ער רעדט אָבער יאָ וועגן שלאָפֿן דאָ, בפרט איצט, שבועות־צייט, ווען די היצן זענען אָנגעשטאַנען. ווי קאָן ער, נתן חיימל, פארגלייכן אזא לאָך, ווי זיין מיינסטערס געוועלב, מיטן פעטער שמואלס רחבותדיקע דירה? און ביי זיין מיינסטער איז דאָך נישטאָ קיין פענצטער און ביינאכט, פארן לייגן זיך, מוז מען פארמאכן די שויבן־טיר און אראָפּציען די זאלוזיע, די שטאָלענע וויקל־טיר און מען

בלייבט אלע אָן א טראָפּן לופט! ערשט דאָס אומפּלייט דאָרטן, די לייז, די וואַנצן, די פליי און טאַראַקאַנעס! איז מיינט ער, נתן חיימל, האָט ער זיך אויסגעדרייט צו אים שארף, ס'איז עפּעס באַטאַמט צו ליגן אין אזא פאַר־העמערט לאָך? קאָן ער דאָס פאַרגלייכן צום פעטער שמואלס הערלעכער דירה?

נתן חיים האָט נישט געענטפערט א וואָרט, אפילו נישט אונטערגעהויבן דעם קאָפּ. ער איז געגאנגען לעבן ברודער א צעווייטיקטער ביז אין זיינע טיפסטע טיפעניש. ער האָט גאָרנישט געטראַכט וועגן פאַרענטפערן דעם פעטער מיט דער מומע. אין אים איז איצט ווידער אויפגעגאנגען דאָס שולד־געפיל לגבי אברם יאנקלען, וואָס ער טראָגט עס אין זיך נאָך פון קינדוויַז אויף. פאַרוואָס איז זיין גורל אזא ביטערער? פאַרוואָס איז דעם ברודער שטענדיק ערגער ווי אים, נתן חיימען. ווי שלעכט אים איז נישט געווען אינדערהיים, ווי דער טאַטע האָט אים געברענט די טריט, איז אים אַלץ בעסער געווען ווי אברם יאנקלען. ערשט אין ראָדעם, אים איז דאָך געווען וויל ווי די וועלט ביי מעכעלען, בעת אברם יאנקל איז אויסגעגאנגען פאַר אַ שטיקל ברויט און נאָך געקריגן פון בער'על'ע יאָסקעס געשלאָגן מכות רצח!

האָט ער געמיינט, נתן חיים, אז איצט, מיטן אָנקומען צו מאָניש פער־שטנבערג, ווו ער וואַלגערט זיך אויף א געלעגערל פון שמאַטעס, אויף אַן אומריינעם דיל, אז ער איז איצט גלייך מיט אברם יאנקלען, ער וועט זיך נישט דאַרפן מער פילן געפּאַלן מיט דעם וואָס אים איז בעסער פאַרן ברו־דער, וואָס ער האָט אַ ריינעם געלעגער, אַ בעסער מאַלצייט, קומט גאָר אברם יאנקל און צעשטערט אין אים דעם גאַנצן אויסגעטרוימטן חלום. אויך איצט, הייסט עס, איז אים בעסער פאַרן ברודער! אויך איצט וועט אים אברם יאנקל מקנא זיין. און טאַקע! ווי קאָן ער גאָר צוגלייכן זיין דאָליע צו אברם יאנקלס? ער שלאָפט דאָך פאָרט אין א שטוב מיט אַן אָפן פענצ־טער, אויף אַ פערטן שטאָק, אין פרייען הויף אַריין!

די רייע מיט פאָרלעך, אלע אונטער געעפנטע פאַראַסאָלן, האָט אפנים געשפּאַנט גיך, וואָרעם אָט, איידער זיי האָבן זיך רעכט אומגעקוקט, די צוויי ברידערלעך, האָט מען זיך שוין אריינגעדרייט אין נאַלעווקעס, באַלד אין מוראַנאָוו און אָט איז מען שוין אויפן ווינע־פּלאַץ, לעבן קאָמפּאַניעצעס טעאַטער.

דאָס טעאַטער, א הילצערן געביי, ווי אַ שאָפּע פאר פייערלעשער, איז געשטאַנען אין מיטן פעלד, א זאַמדיקס, אָן איין קוסט, אָן א סימן פון א בוים, ארומגענומען מיט א הילצערנעם פּלויט, ווי אין אַן אָפּגעשלאָסענעם הויף.

אין די שבתים, זומערדיקע צי ווינטערדיקע, אבי נאָר מ׳האָט געשפּילט א שלאַגער, איז שוין דאָ, לאנג נאָך פאר דער בייטאָגיקער פאָרשטעלונג, געווען פול דער אָפּגעצוימטער פלאַץ מיט קאָמפּאניעעצס פּאַטריאָטן, פור־מאנעס און טרעגער פון דער סטאַווקע און ניזקע, אַלפאָנסן מיט זייערע כלות פון דער נייער קאַרמעליצקע און אָסטראָווסקע, גנבים און פּאַסער פון דער דזשיקע און מילע, ערשט געזעלן־יונגען און נייטערקעס פון דער גענשע און פּאַווע, פון דזשעלנע און נאָוואָליפּקע, אַלע האָבן זיי דאָ שעהן פריער פראָמענאַדירט געאָרעמטע מיט זייערע ווייבער און געליבטע ארום דעם לענגלעכן שטיק אָפּגעצוימטן פעלד, אַ נאַקעטס, אַ שטויביקס. די יונ־גערע, פון צופיל אומרו, האָבן זיך געכראבעוועט, געסטאַוויעט פאַר זייערע כלות, געשטויסן איינער דעם אנדערן, צומאָל אפילו עקסטרע ארויסגערופן א גראַטשקע, אַן אָנגעלויף, א קאָלעגע זייערס זאָל דערוויילֿ קאָנען אויספירן א שטיקל ארבעט אין א קעשענע פון וועלכן וויטישן יאָלד דאָ.

צווישן די אַקטן איז דער עולם ארויסגעקומען זיך אָפּקילן און ווידער פראָמענאַדירט ארום און ארום דעם פארצוימטן שטיק פעלד. ווייבער האָבן זיך געפעכערט מיט ברייט־צעעפנטע פעדער־פעכערס און די הערן האָבן געפאַדעט ארום זיי, געפונדעוועט זיי אַן איריס, א גלעזל קאלטן לימאָנאַד, א געלבלעך געטראַנק מיט ארומשווימענדיקע פעניצלעך ציטרין און פּאָמע־ראַנץ, אָנגעצאַפּט פון א פעסל מיט מעשענע, בלישטשענדיקע רייפן, וואָס א נידעריק פאַרשוינדל אין ווייסן, האָט געטראָגן אויף די פּלייצעס, מיטן קראַן ביי זיין רעכטער האנט און א קעסטעלע מיט גלעזער אראָפּגעהאָנגען אויף אַ לעדערל פון קאַרק איבער זיין ברוסט. ער האָט געצאַפּט דאָס געטראַנק אין די גלעזער אריין און נישט אויפגעהערט צו רופן:

— אַ קאָלטס און א גיטס! א קאלטס און א גיטס!

אין מיטן אָפּפרישן זיך מיט א טרונק האָבן טייל פּאַטריאָטן שוין געפּרוווט נאָכזינגען א קופּלעטל, נאָכקרימען דעם קאָמיקער, דערביי האָט מ׳געסמאַקעוועט:

— אוי, האָט ער אוועקגעלייגט א שפּילן, דער ממזר! ווי הייסט ער? ווינער?

— און וואָס איז דער מער מיט דער סוברעטין? שוין איינמאָל א נקבהלע!

— אזא יאָר אויף מיאָ׳ ווי יאַך אָף איאָ׳.

— העי, דו! מאַך צי ׳נ שמיעטניק! — איז איינער פון די פּאַטריאָטן פּלוצים געוואָרן צניעותדיק.

— אין אַז ניש׳?

— ׳על יאַך עים דיע׳ פּא׳מאַכן!

די צוויי פּאַטריאָטן, ביידע מיט שוואַרצע, גלאַנציק־פּאָמאַדירטע וואָנ־סעלעך, ארויפגעדרייט ווי פראַגע־צייכנס צו די נעז, זענען שוין גרייט געווען איינער דעם אַנדערן צו דורסן, האָט גראָד דער גלאָק, ביי די ברייטע שאָפּע־טירן, זיך צעקלונגען און עמעץ האָט פון דאָרטן גענומען רופן אין די טומלדיקע געזעמלען אריין:

— אַקט דרוגי! צווייטער אַקט!

די צוויי ברידערלעך, נתן חיים און אברם יאנקל, האָבן זיך נישט פאַר־גונען ארויסצוגיין צווישן די אקטן. זיי זענען געזעסן אויף דער גאַליאָרקע ווי צוגעשמידט צו די בענקלעך, באַרוישט, פאַרטראָגן, ווי אויף אן אנדע־רער וועלט. יונגען ארום זיי, האָבן אין מיטן שפּילן זיך איבערגערופן מיט דער בינע. אַז דער ליבהאָבער האָט גענומען די ליבהאָבערין אין זיינע אָרעמס, האָט א יונג פון דער גאַליאָרקע א געשריי געטאָן:

— העי, פּראאמייער! נישט אזוי שטאַרק, ׳עסט זי נאָך צעקוועטשן!

באַלד האָט עמעץ פון דער פינצטער ארויס אַ געשריי געטאָן:

— העי, געבראָטענער טאַריק! (טערק) פאַרמאַך די יאַפּע!

אַ פאַרווירטער איז נתן חיים געזעסן אין מיטן דעם געזשומעריי, געשטערעקט זיך פאָראויס, ווי ער וואָלט זיך געגרייט אריבערצופליען דעם ים מיט קעפּ דורך דער פינצטער, אַהין צו דער בינע. זיין בליק איז כסדר געווען אָנגעהעקלט אָן די מענטשן דאָרטן וואָס אָט לאַכן זיי, אָט וויינט עמעץ און אָט גאָר קושט מען זיך און איינער זינגט גאָר אין מיטן דערין:

אַ ייד צו זיין איז טייער,
אַ ייד צו זיין איז גוט!

ער האָט געגאַפט, געוואָלט וויסן וואָס דאָרטן גייט אָן. ווי קומען יידן מיט בערד, אין אַטסלאַסענע זשיפּעצעס, אין סאַמעטענע קאַשקעטן אויף די קעפּ און לאַטשן מיט ווייסע זאָקן אויף די פיס, זיך צו פּלאָנטערן צווישן נקבות, אויסדעקאָלטירטע ביז טיף אין די בריסט, מיט נאַקעטע אָרעמס ווי די חציפות, דערביי טראָגט מען נאָך ארום ספרי־תורות און סיי די נקבות און סיי די מאַנצלייט אין די זשיפּעצעס, האָפּסלען און טאַנצן ארום זיי, און די נקבות קושן זיך מיט די מאַנצלייט! וואָס איז דאָ? אַ נפקא־בית? ווי־זשע קומען אהער יידן אין זשיפּעצעס מיט ספרי־תורות? איז עס ווידער א מקום קדוש? פון וואַנען־זשע נעמען זיך אהער אזויפיל אויסגעלאַסענע נקבות, האַלב־נאַקעטע חציפות?

— וואָס טיט זעך דאָ? — האָט ער געמורמלט מער צו זיך איידער צום ברודער אין זיין רעכטער זייט. — ס׳איז דאָך היינט נישט שמחת־תורה,

וואָסזשע טאַנצן זיי הקפות מיט ספרי תורות? און וואָס טוען דאָ אַזויפיל פּאַרשייטע ווייבער?

— נאַראָל, — האָט אים אברם יאנקל שטיל געשושקעט אין אויער אריין. — ס׳איז דען ספרי תורות? ס׳איז דאָך בלויז אָנשטעל, מ׳זאָל מיינען.

נתן חיים איז געוואָרן אַן אָנגעצונדענער. פריער, ווען די מיידלעך, וואָס קומען אַריין צום פעטער שמואל, האָט דער ברודער אים געזאָגט: אָנשטעל. איצט, להבדיל, ווען די ספרי תורות, זאָגט ער אים ווידער: אָנשטעל. ער איז געשטאַנען א שפּרונג אויף פון בענקל פול מיט רוגזה:

— אין דאָזן ווארשע איז אלץ אָנשטעל — און שוין געוואָלט אַנטלויפן פון טעאטער ארויס.

— סעק דיך אנידער! — האָט עמעץ הינטער אים א ברום געטאָן און שוין האָט נתן חיים דערפילט יענעמס לאַפּע אויפן קאַרק, אַ לאַפּע, וואָס האָט אים געטאָן א זעץ אראָפּ אויף דער שטול מיט אזא כוח אז לאנג נאָך דעם ווי דער אקט איז געווען אָפּגעשפּילט און אין טעאַטער איז ווידער געוואָרן ליכטיק, האָט ער נאָך אלץ מורא געהאט זיך אויפצושטעלן ווי ער וואָלט געווען געליימט פון שרעק.

# קאַפּיטל דרייאונדרייסיק

אין מיטן זומער איז וויקטאָר, מאַניש פּערשטנבערגס זון, געקומען אהיים פון פּאַריז. ווי ווייל נתן חיים איז געווען א פרעמדער אין דער שמחה, האָט ער דאָך וואָכן פריער מיטגעפיבערט אין דערוואַרטונג, גלייך ער וואָלט געווען איינער פון דער משפחה.

שוין די ווערטער: פּאַריז, פראנקרייך, אויסלאנד, וואָס זענען אים פריער געווען ווייט, פרעמד, זענען איצט נישט אַראָפּ פון זיינע ליפּן. וואָס מיינט אויסלאנד? ווי זעט אויס א גרענעץ? איז פּאַריז ווי ווארשע? זענען די פראנצויזן מענטשן ווי די אין פּוילן?

די בריוולעך, קאָטשערעס מיט לאָפּעטעס אין יידיש, צו וויקטאָרן, האָט געשריבן שרהלע, די מאַמעשי. דער פּאָטער, מאַניש פּערשטנבערג, וואָס האָט נישט געקענט אונטערשרייבן זיין נאָמען נאָר געחתמעט די וועקסעלעך מיט אוועקשטעלן דריי ציילעמלעך, ער האָט יעדעס מאָל פּארן שרייבן א בריוו, אָנגעזאָגט דעם ווייב דעם אייגענעם שפּרוך: „שרייב עים אז יאַך אָ׳ ניש׳ קא כוח צו גיין פאַר עים זיצן. אין קאַ געלט צו צאָלן שטרוף פאַר עים, ׳אָב יאך אָאָך ניש׳.

אָט פון די אָנזאָגענישן דעם מיינסטערס, האָט נתן חיים זיך געכאַפּט אין וואָס דאָ גייט, פאַרוואָס מ׳שרייבט צום זון אזויפיל בריוו ער זאָל אהיימ־קומען און ער ענטפערט אלץ ניין און ניין!

סוף זומער, באַלד נאָך סוכות, האָט וויקטאָר געדאַרפט שטיין צום מיליטער. אויב ער זאָל נישט קומען זיך שטעלן צום ליאָס, וועט דער טאַטע דאַרפן צאָלן שטראָף דרייהונדערט קערבלעך, וואָס נישט ער האָט זיי און נישט ער קאָן אפילו חלומען צו האָבן אמאָל אזא אוצר. פּאַניע אָבער וועט פון דעם נישט וועלן וויסן. פאַר נישט צאָלן די שטראָף וועט מען אים איינ־זעצן אין קרימינאַל אריין און נאָך צונעמען פון געוועלב ס׳ביסל סחורה, וואָס ער קריגט אויף וועקסלען. קאַזנאַ קאָן אויך צונעמען די מאַשין, אפילו ס׳קישן פון אונטערן קאָפּ און די לייכטער פון טיש. בעטן זיך דאָס טאַטע־מאַמע דער זון זאָל אהיימקומען זיך צושטעלן. ערשטנס, איז שוין איבער צוויי יאָר אז ער איז אַוועק פון דער היים. זי, די מאמעשי, האָט זיך שוין אויסגעוויינט די אויגן, א ייִנגל אינדערפרעמד, ווו עסט ער? ביי וועמען

ווינט ער? אז ער וועט אהיימקומען וועט מען זיך קודם זען. גאָט קאָן אויך העלפן ער זאָל באַפרייט ווערן. „שטשופּלע", דאר, הייסט עס, איז ער, וויקטאָר, דערצו נאָך אָן עין הרע א הויכער, אז ער וועט זיך נאָר אביסל צו־צערן, עטלעכע וואָכן בלויז זיך אַביסעלע מאָרען, נישט שלאָפן, נישט דערעסן, טרינקען דעם ליאַק פון הערינג און נישט לעשן דעם דאָרשט, קאָן ער מיט גאָטס הילף באַפרייט ווערן. אלא חלילה, נישט? האָט ער דאָך אַלעמאָל צייט צו מאַכן אָמיק צוריק קיין פּאַריז. צולייגן וועט ער דאָך גאָרנישט. פּאַרקערט, אי מ'וועט זיך האָבן געזען, אי מ'וועט זיין פּטור פון דער שטראָף. אַבי דער רעקרוט האָט זיך צוגעשטעלט איז דאָך דער טאַטע פּטור פון דער אחריות.

איז דאָס וויקטאָר אינמיטן זומער קוים איינגעגאַנגען אויף דער מאַמע־שיס געבעטן און געקומען אַהיים.

ביי די אַרומכאַפּעניש, ביי די קושעניש איז ער, נתן חיים, געשטאַנען אָן א זייט, פול מיט קנאה צו די שוועסטערלעך, וואָס טוליען זיך צום אַריינגעקומענעם ברודער, פריי‌ען זיך מיט אים, בעת זיין ברודער, לייבל משה, דינט נאָך אלץ דעם קיסר ערגעץ אין טיף ראָסיי. די קנאה זיינע איז אויך געווען וואָס זייער ברודער קומט פון פּאַריז מיט לעדערנע וואַליזעס, וואָס דאָ הי זעט מען גאָרנישט אזעלכע און אָנגעטאָן איז ער ווי א פּריץ אין אַ העלן גאַרניטער און ברוינע, סקריפּענדיקע שיך. דער ווייסער פּאַנאַמע־הוט זיצט אים אזוי פּאַצעטיש־זייטיקלעך אויפן קאָפּ, אַ קופּער־רויטער מיט ווייכע קרייזעלעך, ווי ביי דער קליינער אַנדזשע, ווי ביים קליינעם מאַניעק און ביים פּאָטער, איידער ער איז געוואָרן גרוי, אָפּגעקראָכן.

ווי אַמאָל אין חדר, צו לייבל וואַטעמאַכערס זון, אזוי איז איצט נתן חיים צוגעקלעפּט געוואָרן צו דעם וויקטאָרן. שמואל אייזיק, דעם רבינס בכור, האָט אין אים ארויסגערופן דעם חשק צו ריסעווען מענטשלעכע פּנימער, פערד, און הינט, צו שניצן שענקעלעך, אָרון־קודשלעך און ער, וויקטאָר, האָט אין אים אויפגעוועקט אַ באַגער צו מעשה־ביכלעך, צו לייענען א בלאַט־צייטונג.

ביז דעם וויקטאָרן, האָט ער, נתן חיים, קיינעם נישט געזען לייענען קיין ביכער. פון א לשון־קודשדיק בלאַט־צייטונג האָט ער יאָ געוווּסט. דער פּורים־סוחר אין מאָדזשיץ האָט אויסגעשריבן די „הצפירה". אין ראָדעם האָט ער געזען דעם פעטער יחזקאל זי לייענען. אָבער עמעץ זאָל לייענען מעשה־ביכלעך? א ייד, וואָס האָט געקענט אין די קליינע אותיותלעך, האָט אריינגעקוקט אין א ספר. אָבער דאָס האָט דאָך נישט געהייסן לייענען, נאָר לערנען. וויקטאָר אָבער, ווי נאָר דאָס פריי‌עניש מיט אים האָט זיך געהאַט איינגעשטילט און ער האָט שוין אויך דאָ געהאַט אָנגעהויבן צו ארבעטן אין

א פּוטערוואַרג־מאַגאַזין אויף דער מיאַדאָווע גאַס, פלעגט ער אין די אָוונטן, נאָך דער קאָלאַציע, בלייבן זיצן ביים טיש איבער א בוך. שעהן־לאנג האָט ער אזוי געקאָנט זיצן מיט די אויפגעשטעלטע עלנבויגנס אויפן טיש, די גאָמבע אין די הענט־פלאַכן און פירן דעם בליק איבער די שורהלעך, מישן אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל און גאָרנישט מיד ווערן פון דעם לייענען.

די באַוואונדערונג צו וויקטאָרן איז אין נתן חיימען כסדר געשטיגן. ביז איצט האָט ער געוווּסט אז זיצן איבער א ספר מיינט לערנען אויפן קול. דאָ אָבער, ביי דעם וויקטאָרן, נישט נאָר הערט מען נישט פון אים אַ פּיפּס, בעת ער לייענט, נאָר מ׳זעט אפילו נישט ביי אים קיין ריר פון די ליפּן, בלויז די אויגן גייען ביי אים פון שורה צו שורה, פון בלעטל צו בלעטל.

מיט דער באַוואונדערונג צו דעם לייענער איז אין אים אויך געשטיגן דער נייגיר צו די ביכער. וואָס שטייט דאָרטן אין זיי? צומאָל האָט ער הינטן ארום, איבער וויקטאָרס אקסל, געכאַפּט אַ קוק אויף א בלעטל, יידישע אותיות! ער וואָלט אוודאי דאָס געקענט לייענען.

איינמאָל, אין א פריטיקצונאַכטס, איז נתן חיימען באַשערט געווען זיך צו דערוויסן וואָס אין איינעם פון דעם וויקטאָרס מעשה־ביכלעך שטייט. באַלד נאָכן עסן, ווי נאָר וויקטאָר האָט געהאט געעפנט דאָס בוך, האָט דער פאָטער, מאָניש פירשטנבערג, זיך צוגערוקט צו אים און איז ארויס מיט אַ טענה:

— לייענסט און לייענסט, וואָלסט כאָטש אַמאָל דערציילט וואָס דו לייענסט!

וויקטאָר האָט אוועקגענומען די אויגן פון בוך, זייטיקלעך געקוקט אויפן פאָטער אזוי גוטמוטיק, מיט א שמייכל, ווי איינער רעדט: וואָס דרייסטו א ספּאָדעק? ווי קומען צו דיר ביכער? האָט אָבער די מוטער, פון דער פּליטע אַוועק, אין מיטן פאָרען זיך ביים געפעס, זיך אריינגעמישט:

— טאַקע, וואָס ׳עט דיר שאַטן? ס׳עט עפּעס אָפּקומען פון ביכל אַז וועסט דערציילן, וואָס דאָרטן שטייט?

זי, פרוי פערשטנבערג, איז נישט אזוי אויסנגעווען צו הערן וואָס דער זון לייענט אין די ביכער. איר איז נאָר געגאנגען אין דעם, ער זאָל אריינציען דעם פאָטער אין א מעשה. אפשר וועט מאָנישל צוליב דעם בלייבן אין שטוב, נישט לויפן אין באַוואריע זויפן ביר מיט די פורמאַנעס ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין.

— וואָס איז דאָ צו דערציילן? — האָט וויקטאָר געהויבן די אקסלען.
— ס׳איז א היסטאָריע.

— אַ היסטאָריע? וואָס איז אזוינס היסטאָריע? — האָט מאָניש פערשטנבערג איבערגעפרעגט דעם זון און שוין גענומען אָנטאָן די צוויקער־

ברילן אויף דער קאַרטאָפּליע־נאָז, א סימן אז נישט נאָר איז ער גרייט צו הערן, נאָר ער וויל אויך כאַפּן אַ קוק אין דער היסטאָריע.

פון דעם קוקן איז מאָניש פּערשטנבערג גאָרנישט קלוגער געוואָרן. גראָד איז דאָס געווען א פּויליש בוך און ער האָט נעבעך געקוקט דערין ווי א האָן אין בני אָדם. האָט אים וויקטאָר, שוין אביסל שולדיקלעך, גענו־מען דערקלערן:

— היסטאָריע, מיינט געשיכטע.

— און וואָס איז געשיכטע?

— געשיכטע מיינט פּאַסירונגען, געשעענישן.

— און וואָסערע פּאַסירונגען זענען די?

— דאָס איז אַ מעשה וויאזוי קאָלומבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע.

געמיינט האָט וויקטאָר אז איצט, מיט דער דערקלערונג, האָט ער אָפּגעפּטרט דעם טאַטעשי, איינגעשטעלט זיין נייגיר און ער לאָזט אים צורו. צום סוף האָבן די ווערטער: „קאָלומבוס האָט אַנדעקט אַמעריקע", ארויסגערופן דעם נייגיר אויך אין דער מוטער, אין עדזשען. אפילו די „קאָקע" האָט געלאָזט אירע שמאַטקעלעך זיך ווייקן אין זליוו און איז צוגעקומען מיט די נאַסע, רויט־אָנגעשוואָלענע הענט צום טיש און איידער ער האָט זיך רעכט ארומגעקוקט, זענען שוין אלע געזעסן ארום אים, גרייטע צו הערן וויאזוי קאָלומבוס האָט אַנטדעקט אמעריקע.

וויקטאָר איז געווען אין פאַרלעגנהייט. נעמען לייענען פאַר זיי אויפן קול א בוך געשיכטע האָט דאָך נישט קיין זין, בפרט נאָך אין פּויליש. וואָס און וויפל וועלן זיי דאָ פאַרשטיין? אז זייער פּויליש־קענטעניש איז אזוי אָרעם, אזוי געבראָכן. האָט ער געפּרווּווט אין קורצן זיי איבערגעבן אויף יידיש וועגן וואָס אין דעם בוך רעדט זיך. אים איז גאָרנישט איינגעפאַלן אַז ווי נאָר ער וועט אָנהייבן דערציילן, וועט ער אַליין אַריינגעצויגן ווערן אין טראַנס און אין אים וועט זיך אויפוועקן דער נאַטירלעכער דראַנג פון נישט נאָר וועלן זיך טיילן מיט אנדערע מיט זיין וויסן, נאָר אויך מיט דעם חשק א גלאַנץ צו טאָן מיט קענטעניש פאַר די אייגענע עלטערן, וואָס שפּיגלען זיך אזוי אין אים, וואָס פילן זיך אזוי דערהויבן מיט זיין אינטע־ליגענטישקייט.

רעדן, דערציילן, האָט וויקטאָר גראָד געקענט. האָט ער גענומען שיל־דערן די געשעענישן אַזוי קלאָר, אַזוי לעבעדיק, אז נתן חיים האָט גלייך פאַרגעסן ווו ער איז, אז דערווייל זיצט ער נאָך אין מיינסטערס שטוב, ביים שבתדיקן טיש, פול מיט קרישקעס אויפן ווייסן טישטעך, מיט די צוויי לייכטער, פאַרטריפטע פון די אויסגעגאַנגענע ליכט, אין מיטן. אים האָט זיך גאָר געדאכט אז ער שווימט מיט קאָלומבוסן אין איינע פון די זעגל־שיפן

איבער שטורמישע ימען, וואָס זייערע כוואַליעס זענען העכער פון דער העכסטער וואַרשעווער קאַמעניצע, אַז צוגלייך מיט קאָלומבוסעס מאַטראָזן שלאָגט ער זיך מיט ווילדע אינדיאַנער, באַשטעקטע מיט פעדערן, מ׳יאָגט זיך נאָך זיי איבער בערג, וואָס זייערע שפּיצן גרייכן אין די הימלען, איבער טאָלן און וועלדער, פול מיט בופל־אָקסן, מיט עקדישן און שלאַנגען, דיקער פון די דיקסטע ביימער.

צוליב וויקטאָרס מעשיות וועגן אמעריקע זענען די פּרייטיקצונאַכטסן גיך געוואָרן דער חלום נישט בלויז פון נתן חיימען. אלע אין שטוב האָבן אַ גאַנצע וואָך געוואַרט אויף דעם פּרייטיקצונאַכטס ווידער אָוועקגעטראָגן צו ווערן פון דעם גרויען, וואָכעדיקן ארום אין אנדערע, שענערע, גרינע וועלטן אריין. ווער האָט געטראַכט וועגן דער היץ, וועגן דער פאַרנעקייט אין שטוב? און זי, די מיינסטעראָווע, האָט טאָפּלט הנאה געהאַט פון זונס מעשיות. זינט וויקטאָר האָט אָנגעהויבן דערציילן די אויסטערלישע געשיכטעס, האָט מאָנישל פאַרגעסן אָן דער באַוואַריע. ווי נאָר מ׳עסט אָפּ, טוט ער אָן די צוויקער־ברילן אויף דער נאָז און נעמט שוין מינטערן דעם זון:

— ני, וויקטאָר, ווי האלט מען?

אין אָנהייב, נאָך זיין אהיימקומען, האָט וויקטאָר וויניק־וואָס זיך אומגעקוקט אויף נתן חיימען. אָט, א פּראָווינצערל. שפּעטער אָבער האָט ער אָנגעהויבן איינזען אַז דער קליינער איז עפּעס אַן אַנדער מין פּראָווינצערל. שטאָט אַרומלויפן אין די הייסע, פאַרנע אָוונטן מיט אַנדערע יינגלעך אין גאַס, אויפן וווינע־פּלאַץ, זיצט ער גאָר אין שטוב און לערנט זיך שרייבן פון אַ בריוונשטעלער, און אין די פּרייטיקצונאַכטסן, טרעט ער נישט אָפּ פון טיש, נאָר הערט זיך איין מיט א פארכאפּטן אָטעם אין די געשיכטעס, וואָס ער, וויקטאָר, דערציילט. ער האָט אויך באַמערקט ווי דער קליינער איז פאראינטערעסירט אין די ביכער, וואָס ער ברענגט פון ביבליאָטעק, מיט וואָסערע הונגעריקע הענט דער קליינער טאַפּט זיי ארום! האָט ער גענומען אויספרעגן נתן חיימען צי ער איז געגאַנגען אין אַ שקאָלע? צי ער קען לייענען פּויליש? רוסיש? ניין? נו, ס׳שאַדט נישט, ער איז נאָך יונג, בפרט אז ער לערנט זיך, ביז אָבער ער וועט זיך אויסלערנען פּויליש אָדער רוסיש, זאָל ער לייענען יידיש. ער, וויקטאָר, וועט אים מיטנעמען אין ביבליאָטעק, אים דאָרטן איינשרייבן, וועט ער אויך קענען ארויסנעמען ביכער צום לייענען.

די ערשטע צוויי ביכלעך, וואָס וויקטאָר האָט פאַר אים אויסגעקליבן זענען געווען דינעזאָנס „הערשעלע” און „יאָסעלע”. ביים לייענען זיי האָט נתן חיים פאַרגאָסן טייכן טרערן. אים האָט זיך אויסגעוויזן אַז ער לייענט וועגן זיין אייגענער דאָליע, וועגן אברם יאנקלס דאָליע.

מיטן אָנהייבן לייענען ביכלעך האָט ער אויך שוין גענומען אריינקוקן אין „מאָמענט”, וואָס וויקטאָר האָט יעדן אָוונט, נאָך קאָלאַציע געלאָזט אויפן טיש אַן אויסגעלייענטן שוין.

אין דעם בלאַט איז דעמאָלט געגאנגען א טעגלעכער קופּאָן, וואָס די רעדאַקציע האָט גערופן די לייענער זאָלן אים קלייבן. פופציק אַזעלכע קופּאָנעס מיט דריי רובל מזומן, האָבן באַרעכטיקט דעם לייענער צו קריגן אַלע ווערק פון מענדעלע מוכר ספרים.

ווי וויל ער, נתן חיים, האָט נישט געוווסט ווער דער מענדעלע מוכר ספרים איז און וואָס אין די ביכער שטייט, איז דאָך אין אים געשטיגן דער באַגער זיך איינצושאַפן די ביכער. איי אין צייטונג גייט שוין דער עטלעכע און צוואָנציקסטער קופּאָן און ער האָט נאָך אפילו נישט דעם ערשטן, דאָס האָט אים נישט געאַרט. ער וועט זיך איינשאַפן אלע נומערן פון דעם בלאַט, ווען אפילו ער זאָל דאַרפן גיין אין רעדאקציע זיי איינקויפן.

ווי תמיד, ווען ער, נתן חימל, האָט עפּעס געוואָלט דערגרייכן, אַזוי איז ער אויך שוין איצט געווען באַהערשט פון דעם באגער. ער האָט אויס־געזוכט וויקטאָרס יעדן אַלטן „מאָמענט”, וואָס האָט געהאַט אַ קופּאָן, צוגע־קויפט אין רעדאַקציע יענע נומערן, וואָס האָבן אים געפעלט, און פון איצט אָן, געקליבן ווייטער ביז ער האָט געהאט דעם פופציקסטן נומער. אים איז גאָרנישט איינגעפאלן אז ער ווערט אן אויסברענגער, אז די דריי קערבלעך, וואָס ער וועט צוצאָלן פאר די ביכער, האלט ער דאָך ווי א צושטייער צום איצטיקן שכירות, צו קאָנען זיך קויפן אויף די יום־טובים אַ גארניטער מיט א ווינטער־פּאַלטן. די פינפאונצוואָנציק רובל, וואָס ער קריגט דאָ פארן זמן, וועט אים נישט סטייען אי אויף קויפן מלבושים, אי אויף הוצאות הין און צוריק אהיים, אי נאָך אויף איינקויפן צוזאַמען מיט אברם יאנקלען פיש און פלייש און א פלאש בראָנפן, ווי דאָס טוען לייטישע זין, ווען זיי פאָרן אהיים צו עלטערן אויף יום־טוב.

ווי גרויס נתן חיימס חלום איז געווען צו האָבן די ביכער, אַזוי גרעסער נאָך איז געווען זיין אַנטוישונג ווען ער האָט די ביכער באקומען. אין זיין יינגלשער פאנטאזיע האָט ער זיך געהאט אויסגעמאָלט ספרים מיט גאָלד־געליישטע רוקנס פון לעדערנעם איינבאַנד, ווי זיין טאטנס חומשים און מחזורים, דאָ גאָר זענען די ניין ביכלעך געווען נאקעט, מיט פּאַפּירענע פאָדערזייטלעך, די רוקנס — צעריסענע שוין, נאָך איידער ער נעמט זיי אין האנט אריין. אָבער גרעסער נאָך איז געווען זיין אנטוישונג שבת נאָכן עסן, ווען ער האָט זיך קוים אָפּגעטשעפּעט פון עדזשען און גענומען אריינ־קוקן אין די ביכער. מילא, וואָס די בלעטער זענען נישט געווען צומאָל אויפגעשניטן און איצט, צוליב שבת, טאָר מען זיי נישט אויפשניידן און

ער האָט געמוזט אריינקוקן אין ביכל זייטיקלעך, דאָס וואָלט ער שוין מוחל געווען. ערגער איז אָבער, וואָס ער פארשטייט נישט וואָס ער לייענט. די אייגענע יידישע אותיות וואָס אין „הערשעלע", וואָס אין „יאָסעלע", דאָך האָט ער דאָרטן פארשטאַנען יעדעס וואָרט און דאָ פאַרשטייט ער גאָר־נישט! ער קוקט אין ערשטן ביכל: ספר הבהמות. ווער מיר בהמות? וואָס מיר בהמות? ס'צווייטע ביכל: „די קליאטשע", איז ערשטנס, וואָס איז דאָס אזוינס א קליאטשע? נאָך א לאנג נאָכפרעגעניש האָט ער זיך דער־ווּסט אז ליטוואַקעס רופן א קאָבילע, קליאטשע.איז מילא, זאָל זיין אַ קליאטשע, ער זעט אָבער נישט אין דעם ביכל זאָל זיך רעדן וועגן אַ פערד.

דאָס געפיל, אז ער איז געוואָרן אָפּגענארט איז אין נתן חיימען גע־שטיגן ביז געוויין, ביז פארשעמונג און ער האָט זיך טאקע געשעמט צו פארטרויען וויקטאָרן אז מ'האָט אים אָפּגענארט, אריינגערוקט אים ביכער, וואָס טויגן צו גאָרנישט, א סימן — ער פארשטייט נישט אין זיי קיין וואָרט.

ער האָט צוריק איינגעפּאקט די ניין בענדלעך, זיי ארומגענומען מיטן זעלבן שפּאַגאטל און צומאָרגנס אוועק מיט זיי אין רעדאקציע פון „מאָמענט".

— ער וויל נישט די ביכער! נישט אזעלכע ביכער האָט ער געמיינט!

— וואָסערע ביכער האָסטי געמיינט?

— יעך 'אָב געמיינט גיטע ביכער.

— וואָס הייסט ביי דיר גוטע ביכער? — האָט שוין דער ייד הינטערן לאָדן־טיש, א יונגערמאַן מיט אַ שווארצער באָרד און א יארמלקע אויפן קאָפּ, געשמייכלט ליצנותדיק אין די אייגענע וואָנסעס אריין.

ער אָבער, נתן חיים, האָט נישט געשמייכלט. פאַרקערט, ער האָט גענומען רעדן העכער. דרייסטער:

— יעך וויל צוריק מאאן געלט!

אין דער ביוראָ איז געוואָרן א גערוקעריי פון שטולן. אָנגעשטעלטע האָבן אויפגעהויבן די אויגן פון זייערע טועכצער און זיי אָנגעשטעלט אויף דעם טשיקאַווע יינגל. אויך פון דערבייאיקן צימער, פון די שרייב־טישן אוועק, האָבן מענטשן אריינגעבליקט אהער. געהערט א יונג בחורל זאָגן אַז מענדעלע מוכר ספרימס ביכער טויגן נישט, איז זיי געפעלן דער עסק און אייניקע פון זיי האָבן זיך מטריח געווען אריין אין דער פּאָדער־שטוב העלפן דעם משרת הינטערן לאָדן־טיש אָנציען דעם קליינעם, טרייבן מיט אים א הלצהלע, א קאַטאָוועסל. איינער האָט נתן חיימען אַ שלעפּ געטאָן ביי אן אויער, א צווייטער האָט אים א רוק געטאָן דעם קאשקעט איבער די אויגן, א דריטער האָט אָנגעשטעלט זיין ווייזפינגער מיט אַ שארפן נאָגל

אזוי זייטיקלעך־נאָנט צו זיין פּנים. ווען נתן חיים האָט א דריי געטאָן דעם קאָפּ האָט אים יענעמס נאָגל א שניט געטאָן אין זיין נאָז־ווענטל.

דערשראָקן, שיער נישט מבולבל, האָט נתן חיים געקוקט אַרום זיך. ווּ איז ער? אין מאָדזשיצער בית המדרש? ווּ די לערנער, אַז ס׳ווערט זיי נמאס דאָס זיצן איבער די גמרות נעמען זיי זיך לוסטיק מאכן איבער א יינגל, שלעפּן אים פאר די פּיאות, ציען אים דאָס כאלאטל אריבערן קאָפּ און אַזוי, מיט פאַרבונדענע אויגן, וואַרפן זיי אים פון איינעם צום אַנדערן, ווי ער וואָלט געווען א גומענער באַלעם.

ער האָט זיך גיך א רוק געטאָן צו דער טיר, גרייט שוין איבערצולאָזן די ביכער מיט די דריי רובל אַבי צו אַנטרינען פון דעם געזינדל, זיך ארויסצוראטעווען פון זייערע הענט. איז אָבער, ווי נישט באמערקט פון קיינעם, אין דער טיר־עפענונג געשטאַנען אַ מאַן מיט לאַנגע, פייער־רויטע האָר פון אונטער א שווארצן, ברייט־ראנדיקן הוט אַפּער. זיין פלאַמיק־רויטע באָרד, א געדיכט צעוואקסענע, האָט שיער־נישט פאַרשטעלט זיין גאנץ געזיכט, ביז די אויגן.

נתן חיים האָט זיך א צאפּל געטאָן. שטאָט לויפן פאָראויס האָבן זיינע פיס, פון זיך אליין, גענומען טריטלען אויף צוריק, היינטערווײילעכטס, ווי א פרום־פאָרכטיקער מענטש טרעט צוריק פאר א הייליקייט, פאר אן אומ־געוויינלעכער אנטפלעקונג.

זינט ער לעבט, נתן חיים, האָט ער נאָך אזא פאָרכטיקייט אין א מענטש־לעך געשטאַלט נישט געזען. ווי די באָרד זיינע און די לאנגע, געדיכטע האָר האָבן ביי דעם מאַן געגליט מיט פייער אזוי איז זיין נאָז, אן איידל־געשניצטע און דאָס ביסעלע פון זיין געזיכט, וואָס איז נישט פאַרכאַפּט געווען פון דעם האָר־פלאַם, געווען בלייך און צאַרט און די הויט — דורכ־זיכטיק ווי איידעלער פאָרצעליי און די אויגן: אַזוי מילד, אַזוי בלוי.

דער מאַן איז, ווייזט אויס, געהאט געשטאַנען א היפּשע ווײילע אין דער טיר־עפענונג און שטיל זיך צוגעקוקט צו דעם ווילדן ספּעקטאַקל, וואָס דערוואקסענע מענטשן, אייניקע פון זיי אפילו שרייבער, האָבן דאָ פארפירט מיט א פּראָווינצער בחורל, וואָס וויל נעבעך לייענען א בוך, נאָר ער פארשטייט עס נאָך נישט. און וויאזוי זאָל אזא יינגל, אָן יעדער צוגריי־טונג אוודאי, יאָ פארשטיין דעם זיידן, ר׳ מענדעלען?

דער מאַן האָט געמאכט א טראָט איבער דער שוועל. אָן א וואָרט צו די מענטשן אַרום האָט ער גענומען דעם יינגלס אָרעם:

— קומט מיט מיר.

מיט דעם מאַנס אריינקומען אין דער ביוראָ, איז דאָ געוואָרן שטיל ווי אין א חדר, ווען די צעלאָזענע תלמידים דערזען פּלוצים דעם רבין. די הלצה־טרייבער, פארשעמטע, האָבן זיך צוריקגעזעצט צו די טישלעך, דערביי,

אין גרויס פארלעגנהייט איבער דער שקאָצעריי, וואָס זיי האָבן דאָ געפּראַ־וועט, האָבן טייל געברומט א ניגונדל, א מין סגולה גיכער צו פאַרגעסן דאָס אומאָנגענעמע.

מיט טיפער הכנעה, מיט אַ ציטערניש אין האַרץ איז נתן חיים געגאַנ־גען מיט דעם מאן פון דעם חדר אין אנדערן, דערנאָך אין א דריטן. דאָרטן איז ער געבליבן שטיין ביי דער טיר, בעת דער מאַן האָט אויפגעהאָנגען דעם ראָק אויף אַ שטיי־הענגער, אויסגעטאָן דעם הוט און זיך אוועקגעזעצט לעבן זיין שרייבטיש.

— זייט מוחל, קומט נענטער. — ווי רופט מען אייך? — האָט ער פאָטערלעך ארויפגעלייגט זיין האנט, א ווייס־אויסגעאיידלטע, אויפן יינגלס אקסל.

— נתן חיים, — האָט דאָס יינגל שטיל, אין טיפן דרך־ארץ געענט־פערט.

— וואָס איז אייער טוען?

— יעך בין א היטלמאַכער, — האָט נתן חיימס קול זיך גענומען ברעכן פון גערירטקייט. קיינער האָט נאָך ביז איצט נישט געאירצט אים, נישט גערעדט צו אים ווי צו א דערוואקסענעם מענטש.

— פון וואַנען קומט איר?

— פון מאָדזשיץ.

— פון מאָדזשיץ? אייער רבי איז א גרויסער מנגן.

— יאָ, כ׳ווייס.

— איר קענט אפשר אויך זינגען?

— ניין, — האָט נתן חיים געזאָגט שטיל, פארשעמט, וואָס ער קען נישט זינגען.

— נו, און לערנען?

— יעך ׳אָב געלערנט גמרא, חומש מיט רש״י, תוספות.

— און די נביאים?

— ביי אונדז אין מאָדזשיץ לערנט מ׳ווינציק „ספארבע״ (עשרים וארבע).

— אין שקאָלע זענט איר געגאנגען?

— מאאַן טאטע האלט ניש׳ פין קא שקאָלעס, לערן יעך זעך איצט אליין שראאבן.

— און ביכלעך לייענט איר?

— יעך ׳אָב געלייענט „טאָזנט און איין נאַכט״, יעך ׳אָב געלייענט

„הערשעלע״ און „יאָסעלע״, אָבע׳ די ביכע׳ ווּס מ׳האָט מיע׳ דו געגעיבן, קען יעך ניש׳ פּאַ׳שטיין, — איז שוין נתן חיים געוואָרן דרייסטער און זיך פּאַרטרויט פאר דעם מאַן.

— איר האָט אָבער געזאָגט, אַז די ביכער טויגן נישט, — האָט דער מאַן, א שמייכלדיקער, אים א גלעט געטאָן איבערן אקסל. — אזוי טאָר מען נישט רעדן, — איז שוין זיין קול געוואָרן ערנסטער, לייכט־שטראָפּנ־דיק. — איר דאַרפט וויסן אז די ביכער האָט געשריבן דער זיידע, ר׳ מענ־דעלע, אונדזער גרעסטער שרייבער!

— יעך פּאַ׳שטיי אָבע׳ ניש׳ ווּס אין זיי שטייט, — האָט נתן חיים תמימותדיק געהויבן מיט די אקסלען.

— דאָס מאכט נישט, — האָט אים דער מאן ווידער א גלעט געטאָן איבערן אַקסל. — איר זענט נאָך יונג, איר וועט נאָך פאַרשטיין.

— אָבע׳ ווּס זאָל יעך טיען דע׳וואאל? — האָט נתן חיים פארטרוילעך געבעטן אן עצה.

— דערווייל? גייט אַהיים און לייגט אַוועק די ביכער, לייענט אַנדערע, וואָס איר פארשטייט יאָ. אין א יאָר צי אין צוויי ארום, פרוווט לייענען די ביכער. דעמאָלט וועט איר זיי אוודאי קאָנען פארשטיין.

נתן חיים האָט גענומען דאָס פּעקעלע ביכער, געזאָגט שטיל א גוטן טאָג און גענומען טריטלען אויף הינטערוויילעכטס אַרויס פון צימער, ווי ער וואָלט אַרויס פון א מקום קדוש בעת דער אָרון־קודש איז אָפן.

שפּעטער, שוין א שטענדיקער לייענער פון דעם בלאַט, האָט ער זיך דערוווּסט, אז צוליב זיין דעמלטיק צוריקטראָגן די ביכער פון מענדעלע מוכר ספרים, האָט ער געהאַט די זכיה צו זיין אין די דלד־אמות פון ר׳ הלל צייטלין.

# קאַפּיטל פּיראונדרייסיק

ס׳איז געווען פריער אָוונט, חנוכה־צייט. אינדרויסן פאלט א שניי, די געוועלב־טיר, א הילצערנע, א שווערע איז פארקייטלט. דורכן אויסגעשניטענעם פענצטערל, א פארקראטעוועטס אין דער טיר, קוקט אריין אַ ווייסע נאכט מיט פארבייאיילנדיקע מענטשן, פארשנייטע, דורכלויפנדיקע פערד מיט ווייסע גריוועס. די גאס איז פול מיט דין, זילבערדיק גלעקלען פון שליטעלעך, מיט בייז געקלאַנג פון פּאַוואָליע־קריכנדיקע טראַמווייען, א הארבע וואָרענונג צו די שווער־געלאָדענע וואָגנס און פלאטפאָרמעס, זיי זאָלן אַראָפּ פון די רעלסן און נישט פאַרשטעלן דעם וועג.

ווי אינדרויסן, די דזשיקע גאס, איז געווען פול מיט גערויש און געפּאָר, מיט געטופּעריי פון פערדישע פּאָדקאָוועס, מיט געקלאַפּ פון אייזערנע רעדער אָן שטיינערנעם ברוק, אזוי איז אינעווייניק, אין געוועלב, געווען סומנע־שטיל. מאָניש פערשטנבערג מיט די צוויקער־ברילן אויף דער נאָז, איז געזעסן איבערגעבויגן איבער דער מאַשין פארטאָן אין געניי. דער געזעלן זיינער, נתן חיים, איז געשטאַנען ביים פּרעס־קלאָץ, די פּלייצע צום לאָדן־טיש און געפּרעסט מיטן גליאיקן פּרעסאייזן שוואַרצע, יידישע היטעלעך, דערביי האָט ער נישט אוועקגענומען די אויגן פון געקראטעוועטן פענצטערל, אין ווייס־פאַרשנייטן דרויסן אַרויס, וואָס זשומעט און רוישט מיט געגייעריי און געפאָרעריי, מיט די לאָקנדיקע אויסרופן פון די בייגל־פארקויפער און שיליאווקע־הענדלער, וואָס דער סטויקאָווע, א נידעריק, אָנגעפּעלצט פּאָליציאנטל מיט בייזע, שווערע וואָנסעס, יאָגט זיך נאָך זיי, טרייבט זיי פון די טראָטוארן, נאָר זיי קומען כסדר צוריק און רופן ווידער: „בייגל, הייסע בייגל, דריי פאַר א פירער און פיר פאר א פינפערל!”, „שיליאַוועס, פרישע, גרויסע שיליאַוועס צו גראָשן, צו גראָשן!”. און אן איינגעבאבעטע יידענע, מיט א קויש פאַרשנייטע פּאָמעראַנצן אויף איין אָרעם און א קויש מאַנדערינקעס אויפן אנדערן, דער באס פון אויסרוף־אָרקעסטער העלפט אונטער מיט איר כריפּעדיק, פאַרקילט קול: „וואַבע׳ גאָלד! כאַפּטס, קויפטס, גאָלד!”.

נישט חלילה, דער גערויש און הו־האַ פון דער גאס, האָט נתן חיימען אזוי געצויגן ארויס אינדרויסן. מיט זיין קוקן דורך דעם פאַרקראטעוועטן טיר־אויסשניט, האָט נתן חיימל געשניפּט צו דערגיין ווי די צייט האַלט.

אז קיין זייגער איז אין געוועלב נישטאָ. מאָניש פּערשטנבערג באַגייט זיך ווײַל אָן זייגערס. ער אָבער, נתן חיים, וויל גראָד שטאַרק וויסן ווי שפּעט עס איז שוין. זינט ער האָט אָנגעהויבן צו לייענען ביכלעך, קאָן ער זיך קוים דערוואַרטן מ׳זאָל שוין אוועקלייגן די אַרבעט און גיין אהיים, ער זאָל נאָך קאָנען, פאַרן שלאָף, אַ פּאָר מינוט כאָטש, אַריינקוקן אין ביכל. ער האָט גראָד גאַנץ ווײַל זיך איינגעטיילט די צײַט ער זאָל דאָס יאָ קאָנען טאָן. אין די אָוונטן פון מאָנטיק און מיטוואָך, האָט ער זיך פאָרגענומען צו מאַכן זיינע לעקציעס. די אַנדערע אָוונטן און שבת — וועט ער לייענען א ביכל. איז ער אָבער נישט דער באַלעבאָס איבער זיין צייט. ווען דעם מייַנסטער פאַלט אײַן, לייגט ער אוועק די אַרבעט. אַמאָל איז דאָס צען אַזייגער און אַמאָל נאָך שפּעטער. דאָס וואָלט אים גראָד נישט אַזוי געאַרט. אויך אין ראָדעם, ביי מעכעלען, האָט מען געאַרבעט ווינטער ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. דאָרט אָבער איז דער מייַנסטער מיט דער מייַנסטעראָווע געשלאָפן אין אַלקער, האָט ער נאָך געקאָנט זיצן אין דער פּאָדער־שטוב, ביי אַן אָנגעטריפט ליכטל אויף דער מאַשין און מאַכן א לעקציע. דאָ אָבער שלאָפן אַלע אין איין שטוב און ווי נאָר ער קומט אַרויף פון דער אַרבעט, איידער מ׳דרייט זיך רעכט אום, טוט מאָניש פּערשטנבערג א בלאָז איבערן גלעזל און לעשט אויס דעם לאָמפּ.

בייז, פול מיט רוגזה, האָט ער געשפּריצט א שפּריי־רעגנדל איבערן פּרעס־טוך, געדריקט מיטן גאַנצן כוח דאָס פּרעסאייזן און ווידער עקשנות־דיק אָנגעהעקלט דעם בליק אָן דעם פאַרקראַטעוועטן פענצטערל, אַרויס צום רוישיקן דרויסן. פּלוצים, אומגעריכט, איז דאָרטן אויסגעוואַקסן אַ פּנים מיט א פּאָר שוואַרצע ציגיינער־אויגן, וואָס די ווייסלען פון זיי, גרויסע, ווי גלאַנציק, אָפּגעשיילטע האַרטע אייער, האָבן זיך געגליטשט הין און צוריק, אין געווינק צו אים.

נתן חיים האָט זיך א צאַפּל געטאָן. אויף א רגע האָט ער אוועקגע־כאַפּט דעם בליק, באַלד אָבער האָט ער ווידער אַ קוק געטאָן: אוי, ער נעמט זיך דאָס לעבן! ס׳איז דאָך מעכעלע! דער ראָדעמער מייַנסטער זיינער!

א היץ האָט נתן חיימען באַשלאָגן. זייטיקלעך האָט ער געוואָרפן אַן אויג צו מאָניש פּערשטנבערג, דעם איצטיקן מייַנסטער. האָט ער נישט טשאַסעם באמערקט מעכעלעס ווינקען צו אים, ער זאָל אַרויסקומען אינ־דרויסן?

אויף שטום־לשון האָט נתן חיים צוריק אַרויסגעווונקען מעכעלע זאָל אוועקגיין פון פענצטערל, וואַרטן אויף אים רעכטס. אליין האָט ער גיך אַרויפגעכאַפּט אויף זיך דעם פּאַלטן און זיך פאַרנומען צו דער טיר.

— ווו לויפסטו אַזוי? — האָט מאָניש פּערשטנבערג אויפגעהויבן דעם

קאָפּ פון דער מאשין און געקוקט אויף אים פאַרדעכטיק אריבער די צוויי־קער־ברילן.

— יעך גיי אַראָאָס אָפּן הויף... — האָט נתן חיים זיך געהאלטן ביים בויך, דער ליגן זאָל אויסזען אַן אמת.

— שוין ווידער אויפן הויף? ד׳עסט גאָרנישט אזויפיל ווי דו לויפסט אויפן הויף.

מעכעלע, א פאַרשנייטער, דער קאָפּ אין אויפגעשטעלטן קעלנערל פון פאַלטן, האָט געוואַרט אויף אים אַן אָנגעשפּאַרטער אָן דער וואַנט, צווישן די פאַרמאַכטע טירן פון צוויי געוועלבער און ווי נאָר ער, נתן חיים, איז אַראָפּ פון בריקל, איז ער שוין צוגעקומען, געכאַפּט אים אונטערן אָרעם און גענומען גיין מיט אים איבער דער דזשיקע גאַס, אַראָפּ צו דער מילע. זינט דעם לעצטן פּסח, ווען דער יונג האָט זיך נישט צוריקגעוויזן צו דער ארבעט, זוכט ער אים ארום. יעדעסמאָל ווען ער קומט קיין ווארשע נאָך סחורה, לאָזט ער זיך אַוועק איבער די גאַסן, אַריינשניפּן אין היטל־געוועל־בער, טאָמער וועט ער אים ערגעץ דערשנאַפּן.

נתן חיימלס נישט צוריקקומען האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן. ער, מעכעלע, איז געווען אזוי גוט צו דעם יונג! אים צוגעלאָזט צו אלע אר־בעטן, אדרבה, לערן זיך! און פערעלע האָט דאָך אים גאָר געהאלטן ווי אַן אייגן קינד. געגעבן אים עסן דאָס אייגענע וואָס זיי, איינגעבעט זיין שעניק אין זיין, מעכעלעס בעט. נעמט אזא שטשעניאַק און פייפט אים אָן! מילא, ער אַליין האָט זיך געגעבן אַן עצה. אַבי דער מייַנסטער איז דאָ אין ווערק־שטעל, איז דאָס יינגל, צי אַן אַנדער יינגל, נישט קיין גרויסער חילוק. די צרה איז מיט דער מאמע. זינט ער האָט זיך מיט איר איבערגעבעטן, האָט ער ווידער דער מאַמעס ווארשטאַט אויף זיינע הענט. זי אים האָט טאַקע גענוג שלעכטס געטאָן, געצאַפּט אים דאָס בלוט. זי איז אָבער פאָרט זיין מאמע! און ביטער איז איר נעבעך גענוג. זינט ער געדענקט אים, איז דער טאַטע א זקן א חלוש. ווען ער, מעכל, איז געגאַנגען פאַר זיך, באַלד נאָך זיין חתונה, האָט ער געוואָלט איינשפּאַנען יאָסעלען, דעם יינגסטן ברודער אין דער מלאָכה, ווי ער אַליין האָט זיך איינגעשפּאַנט ווען ער איז נאָך געווען יונגער פון אים. ליגט גאָר יאָסלען אין זינען פּאַלעסטינע! שטאָט זאָרגן ס׳זאָל זיין פּרנסה אין שטוב, ס׳זאָל זיין נדן פאַר די צוויי עלטערע שוועסטערן, גייט ער גאָר פאַרזאָרגן ס׳יידישע פאָלק מיט אַן אייגן לאנד. מוז ער, מעכל, לויפן פון זיך צו דער מאמען און פון דער מאמען צו זיך. ווען ער וואָלט אָבער געהאַט נתן חיימען, וואָלט ער געקאָנט אַראָפּוואַרפן דער מאמעס ווארשטאַט פון זיין קאָפּ. דער קליינער, אבי מ׳לאָזט אים נאָר, טויג ער צו אלץ, אפילו צושניידן א פּאַרטיע היטלען מעג מען אים געטרויען. נישקשה, ביי דעם קליינעם וועט נישט קאַליע ווערן א פאָדעם געוואַנט.

— איז דאָס שיין אַזוי, נתן חיים? מ'רעדט אָפּ מיט דיר אַז אי״ה נאָך פּסח קומסטו צוריק, נעמסטו און פאָרסט גאָר אוועק קיין וואַרשע!

נתן חיים האָט נישט באַלד אים געענטפערט. ער האָט געטאָפּטשעט אין שניי לעבן מעכעלען נאָך אַלץ אַ צעטומלטער פון זיין פּלוצימדיק זיך באַווייזן אהער. וויאַזוי האָט ער זיך דערוווּסט אַז ער, נתן חיים, אַרבעט ביי מאָניש פערשטנבערג, אויף דער דזשיקע גאַס?

— ביסט טויב? נתן חיים, איך רעד דאָך צו דיר, — האָט מעכעלע אים א שטורכע געטאָן אין אָרעם.

— יעך העיע'.

— וואָסזשע ענטפערסטו נישט?

— ווּס 'אָב יעך דעם מיינסטער צו ענטפערן? יעך 'אָב ניש' געזוגט אַז יעך 'על קריקקימע'.

— האָסט אָבער נישט געזאָגט אַז וועסט נישט צוריקקומען. נאָר מילא, וואָס וועט מען זיך דאָ שפּאַרן. דער עיקר, ווי גייט עס דיר דאָ? בעסער ווי אין ראָדעם?

— נייז, ניש' בעסע', — האָט נתן חיים, אָן הינטערגעדאַנקעלעך, זיך מודה געווען.

— וואָלסט אוודאי געוועזן א בעלן צוריקצופאָרן? — האָט מעכעלע אַזוי נישט דירעקט גענומען אויסטאַפּן זיך א וועג, וויאַזוי דעם קליינעם אונטערצוקומען. סתם אַ זאָג טאָן: קום, נתן חיים, איך דאַרף דיך פאַר דער מאַמען, וועט נישט טויגן. ערשטנס, קאָן דער יונג זאָגן לא מיט אַן אלף. אזא טבע האָבן שוין די חברה. ווייל דו ווילסט, ווילן זיי נישט! צווייטנס, ווען אפילו ער זאָל אַזוי נישט זאָגן, וועט ער זיך גלאַט הייסן אָפּגילטן. וואָס, וואָס, קיין נאר איז נתן חיימל נישט!

— קריק פאָרן קיין ראָדעם? — האָט נתן חיים, ווי זיין שטייגער צוריקגעפרעגט. — ווי קען יעך דוס? יעך האָ'דאָך מיעך אָנגעדינגע' אָפּן גאַנצן ווינטער.

— וועט מען דיך רופן קנאַקניסל.

נתן חיים איז געבליבן שטיין אין מיטן טראָטואַר, געקוקט אויף מעכע־לען סיי מיט שטוינונג, סיי מיט נייגיר. ערשטנס, ווי לייכט ער זאָגט זיך דאָס אָפּ: וועט מען דיך רופן קנאַקניסל. וואָלט אים געשמעקט ווען אַ געזעלן לאָזט אים אין מיטן זמן אויף דער פליישבאַנק? צווייטנס, פאַרשטייט ער נישט וואָס דער מעכעלע איז דאָ אויסן?

— דע' מיינסטע' 'אָט דען ניש' קאַ געזעלן?

מעכעלע האָט געטאָן אַ שטעל אָן אויף אים די ממזרישע ציגיינער־

אויגן, כלומרשט איבערראַשט, זאָל זיך דער קלײנער נאָר נישט כאַפּן, אַז ער יאָגט זיך נאָך אים:

— װער זאָגט עס אַז איך האָב נישט קײן געזעלן? װאָסי, ס׳פעלן ײנג־לעך? אזא יאָר אויף מיר ס׳א באַלמעלאָכע איך האָב איצט. אָבער װאָס שטײען מיר אינדרויסן? לאָמיר ארײנגײן אין א קאַװיארניע, איז מעכעלען אײנגעפאַלן אונטערצוקומען דעם קלײנעם מיט אַ נאַש.

— חלילה, — האָט נתן חיים זיך אָפּגעשאָקלט, — יעך דארף שוין גײן קריק צו דער ארבעט.

— װאָסי, ס׳ברענט? װעסטו גײן שפּעטער, — האָט מעכעלע אים א צי געטאָן נאָך זיך אין א קאװיארניע ארײן, זיך אװעקגעזעצט ביי אַ טישל און געװיזן נתן חײמען אויף דער שטול אַנטקעגן אים.

ס׳האָט דאָ געשמעקט מיט הײמיש געקעכטס, מיט אײנגעדישעכטס. פּראָװינצער יונגװאַרג, בחורים און מײדלעך, זענען איצט, נאָר א טאָג ארבעט אין די װארשעװער פאבריקלעך און סקלאדעס, געזעסן דאָ ביי טישלעך ארום די װענט, געגעסן נאכטמאָל, געטרונקען א באַװארקע, א טײ, געשמועסט, ארײנגעקוקט אין א בלאַט־צײטונג.

א קעלנערין אין א װײס שערצל מיט א װײסן שרונט אין מיטן פון איר קאָפּ שװארץ־גלאַנציקע האָר, ארומגעלײגטע װי א קרענצל, איז צוגעקומען צו זײ. מעכעלע האָט באַשטעלט צװײ קאַװעס מיט קעזקוכן. אין מיטן פון דער סעודה האָט ער אויפסנײ גענומען פּרוּװן װוּ ער האלט מיט דעם יונג, דאָס מאָל אָבער שוין מער זיכער:

— װאָלסט אװדאי חשק געהאַט צוריקצוקומען קײן ראָדעם?

נתן חיים, מיטן גלאָז קאַװע ביים מויל, האָט אויף אים אָנגעשטעלט א פּאָר פרעגנדיקע אויגן:

—דע׳ מײנסטע׳ זוגט דאָך, דע׳ מײנסטע׳ האָט א געזעלן.

מעכעלע האָט גענומען שטאַמלען, ביסלעכװײז אָבער איז ער ארויס מיט לשון. ער אלײן האָט טאקע א געזעלן, אזא יאָר אויף אים. ער דארף אָבער אים, נתן חײמען, פאַר דער מאַמען, דערביי האָט ער דעם ײנגל אָנגע־געבן אין נדן, אז ביי דער מאמען װעט ער זײן „סאם־סאַפּאָזשניק״, דער גאַנצער מײנסטער. דער אַנדערער געזעלן מיטן לערניונג װעלן זײן אונטער זײן האנט.

— און װוּס איז מיט יאָסלען? — האָט נתן חיים געװאָלט װיסן װעגן מײנסטערס ײנגסטן ברודער. — עיע׳ פלעיגט דאָך צישנאַדן װען יעך בין נאָך געװעין אין ראָדעם.

— יאָסל? — האָט מעכעלע איבערגעחזרט דעם ברודערס נאָמען מיט באַדויער אין קול און דערביי זיך פאַרקוקט אויפן גאָפל מיטן שטיקל קעז־

קוכן, וואָס ער האָט געטראָגן צום מויל, — יאָסל וועט שוין קיין לייט נישט זיין. ער האָט זיך ארײַנגענומען אין קאָפּ פּאַלעסטינע, ווערן דאָרטן א פּויער.

נתן חיים האָט איצט נישט געזען מעכעלעס זאָרג, זיין באַדויער אויפן ברודער. ער איז איצט געווען הייטער, פאררויטלט, נישט אזוי פון דער זיסער קאַווע מיטן קעזקוכן, וואָס אזא האָט ער פריער נישט געהאט נאָך געגעסן, ווי פון דעם אומגעריכטן דערוויסן זיך אז דער ראָדעמער מיינסטער וויל אים צוריק, אַז ער איז אפילו גרייט אים צו מאַכן פאַרן גאַנצן אָנפירער אין דער מוטערס ווארשטאַט. ווי ווייל ער איז נאָך דערווייל נישט געווען מושווה מיט זיך צי ער וויל טאַקע פאָרן צוריק קיין ראָדעם, דער עיקר צי ער וואָלט זיך אָנגעדונגען צו דער דבורהלע שליאָך, אַ יידענע אַ מרשעת, האָט דאָך די פרייד פון געוואָלט־ווערן, אין אים געזונגען, געקוואָלן אים פון די אויגן, פון זיין גאנץ געביין, א פרייד פול מיט שטאָלץ, וואָס נישט נאָר מען וויל אים צוריק, נאָר כדי אים צו קריגן, האָט מעכעלע אים ארומ־געזוכט איבער גאנץ ווארשע!

כאָטש נישט דרייסט, אפילו שעמעוודיק, ווי תמיד ווען ס׳קומט אים אויס צו רעדן וועגן זיך, האָט ער דאָך זיך נישט איינגעהאלטן צו פרעגן:

— וויאזוי האָט דע׳ מיינסטע׳ מיעך אָפּגעזיכט?

מעכעלע האָט גיך און קונציק געטאָן א שטעל אָן אויף דעם ייִנגל זיינע גרויס־ווייסלדיקע, שוואַרצע ציגיינער־אויגן, כלומרשט איבערראשט:

— ווער זאָגט דען אז איך האָב דיך געזוכט? — זאָל נאָר, הייסט עס, דער קליינער זיך נישט צופיל איינרעדן. — אן איינפאל פון א יונג! כ׳האָב אים גאָר אַרומגעזוכט, — האָט ער כלומרשט בייז, אַוועקקוקנדיק זייטיק־לעך, געהויבן מיט די אקסלען, — ארומגעזוכט. כ׳בין גראָד דורכגעגאנגען אויף דער דזשיקע גאס. געזען א געוועלב פון א היטלמאכער, האָב איך אַרייַנגעקוקט. אַז כ׳האָב דיך געזען, זאָל איך דיך נישט אַרויסרופן, רעדן מיט דיר? און אז דו זאָגסט מיר אז ס׳איז דיר דאָ נישט גוט, זאָל איך דיר נישט אָנשלאָגן צו קומען צו דער מאַמען? די ברירה איז ביי דיר. יאָ, יאָ, נישט, נישט.

מיטאיינמאָל איז דאָס גאנצע ביסל אָנגעשטאנענע פרייד און שטאָלץ פון דעם ייִנגל אויסגערונען. דאָס איינציקע ביסל טרייסט וואָס איז נאָך אין אים געבליבן איז געווען: מילא, האָט אים דער געוועזענער מיינסטער נישט ארומגעזוכט, אָבער ווערלן אים צוריק וויל ער דאָך!

— ווי קען יעך אוועקגיין? יעך האָ׳ דאָך מיעך אָנגעדינגען ביז פסח.

— און אז האָסט זיך אָנגעדונגען איז וואָס? — האָט מעכעלע מיט זיין ממזריש געלעכטערל אים געקוקט אין די אויגן אריין. — מ׳נעמט די זאכן און מ׳גייט.

— אין מאאנע שכירות ביז איצט?

דאָ איז שוין מעכעלע געבליבן פאַרקלערט. געלט איז שוין אן אנדער ענין. דאָס איז נישט גלאט א וואָרט, וואָס אז מ׳וויל ברעכט מען עס. כאָטש די עטלעכע רובל, וואָס שטייען דאָ אין קאָן, וואָלט מען גאנץ לייכט געקאָנט אַראָפּשלינגען. ערגער איז אָבער וואָס דער קליינער וועט צוליב דעם קריגן א געשוואָלענעם קאָפּ. אז מ׳וואַרפט זיך צוליב אים אזוי לייכט מיט געלט, מעג ער דאָך שטיין אין גרויסן.

— וויפל א שטייגער קריגסטו דאָ?

— וועיע׳ יעד? דראאסיק קערבלעך.

— דרייסיק רובל, — האָט מעכעלע געוויגט מיטן קאָפּ אין דער ברייט פון גרויס איבערראשונג. — דרייסיק רובל? א סך געלט, א סך געלט. פונדעסטוועגן, צוליב עטלעכע קערבלעך גייט קיין שידוך נישט אָפּ. כ׳על זען די מאַמע זאָל דיר געבן די גאנצע דרייסיק רובל פון איצט אָן, ווען סטו גאָרנישט היזק האָבן.

— יעד קאָן דאָך אָבע׳ ניש׳ אַוועקגיין אין מיטן זמן. ווי ׳עט מאאן מיינסטע׳ איצט קריגן אַן אַנדע׳ געזעלן אָף מאַאַן אָרט?

מעכעלע האָט אָפּגערוקט דאָס גלאָז. א פארט׳אכטער האָט ער געשארט די קרישקעלעך פון זיך. אים איז איינגעפאלן אז ער טאָר נישט באַשטיין דאָס יינגל זאָל שוין מיט אים פאָרן. דער קליינער קאָן זיך טראכטן: אויב ביי דעם מעכעלען איז רעכט אָפּצורעדן א יינגל פון א מיינסטער אין מיטן זמן, מעג מען דאָך אים, מעכעלען, אָדער די מאַמע זיינע, אויך לאָזן אויף דער פלייש־באַנק.

— כ׳האָב מיר געמאכט א געלעכטער. ווי מיינסטו, נתן חיים, איך וועל אוועקנעמען א יינגל פון א מיינסטער אין מיטן זמן? — דערביי האָט ער נתן חיימען געטאָן אַ צי דעם קאַשקעט איבער די אויגן, כלומרשט אַ הלצהלע, אינדערעמתן איז דאָס געווען זיין אופן פון טאָן דעם יינגל אַ גלעט, אַ מין אויסדרוק פון ליבשאפט צו אים, וואָרעם זינט דער קליינער איז אָנגעקומען צו אים, האָבן ער און פערעלע אים ליב געקריגן אהבת נפש, מער נאָך ווי אן אייגענעם ברודער. — זאָרג זיך נישט, נתן חיים, מ׳וועט זיך שוין יאַקאָש אן עצה געבן איבערן ווינטער. איך רעד מיט דיר וועגן נאָך פסח, מ׳זאָמער עס נאָר דערלעבן. א כלל, קומסט באשטימט?

נתן חיים האָט נישט באַלד געענטפערט. ער איז געזעסן א פאר־טראכטער. זאָל ער זאָגן יאָ? זאָל ער זאָגן ניין? דאָ, ביי דעם מאָניש פער־שטנבערג, וועט ער דעם קומענדיקן זומער נישט בלייבן. ער וואָלט אפילו דעם איצטיקן ווינטער שוין דאָרטן נישט געוועזן. געבליבן דאָרט דעם זמן איז ער בלויז צוליב וויקטאָרן. ווי די מיינסטעראָווע, האָט אויך ער געהאָפט

אז וויקטאָר וועט באַפרייט ווערן פון די זעלנער און בלייבן אין וואַרשע. ער, נתן חיים, איז באַדיי גרייט געווען ווייטער צו שלאָפן אויפן בערגל שמאַטעס, ער איז אויך גרייט געווען ווייטער אויסצושטיין דעם מיגל, וואָס ער פילט צו דער „קאָקע" מיט איר באַדינען אים ביי די מיטאָגן, איר אונטערטראָגן אים אַ צעקוועטשטע שיליאַווקע, אַ פאַרברודיקט צוקערל, וואָס כאָטש אַליין גייט איר אויס ס׳חיות נאָך אַזאַ נאַש, באַהאַלט זי עס פאַר אים אין אירע טאָרבע־קעשענעס און טראָגט עס אים אונטער מיט אַזויפיל גליקזעליקייט אַז ער האָט נישט קיין האַרץ איר אָפּצוזאָגן, נאָר נעמט עס און וואַרפט עס אַוועק ווי נאָר ער קומט אַראָפּ אויף דער גאַס. ער וואָלט אויך געערן אַנטלאָפן פון דעם פאַצעטקעלע עדזשע, וואָס לאָזט אים נישט שבת אַריינקוקן אין אַ ביכל, נאָר רק זי שלעפּט אים צו זיצן לעבן איר, אויפן בעט, ווו זי לייגט זיך כלומרשט רוען, ווי די מאַמעשי הייסט זי, אַיידער זי גייט אַוועק מיט דער „קאָקע" און די קלענערע צוויי קינדער אויף איר שבת־שפּאַציר זומער און אויף איר גוט־שבת־ביטן אום ווינטער צו קומעס אָדער צו דער יונגערער שוועסטער, ערגעץ דאָרטן אויף דער פּאַווע גאַס, לעבן די אָקאָפּעס.

זי רוט דען, עדזשע? זי קושט זיך נאָר מיט אים, נעמט זיין האַנט צו זיך אונטערן צודעק, כלומרשט ער זאָל פילן ווי איר האַרץ קלאַפּט. ער ווייסט אָבער וואָס זי איז אויסן. אַ סימן, אַז ער וויל צוריק אָפּערנעמען די האַנט, לאָזט זי אים נישט. וואָס אַן אמת, ער האָט זיך שוין אויפגעהערט מיט איר צו אַמפּערן. ער גיט איר נאָך, ווייל אים אַליין ווערט אויך מתיקותדיק גוט פון דעם... אָבער כאָטש ער וויל דאָס, וויל ער עס דאָך נישט! צוליב דעם אַליין וואָלט ער געערן געווען אַוועק זיך אָנדינגען אויף אַן אַנדער אָרט. האָט ער אָבער געוואָלט זיין מיט וויקטאָרן. נישט בלויז צוליב די מעשיות, וואָס ער האָט אַזוי שיין דערציילט אין די פּרייטיקצונאַכטסן, נאָר אויך צוליב דעם ווייל וויקטאָר האָט אים געהאָלפן אין די לעקציעס. ווי נאָר ער האָט געזען אַז ער, נתן חיים, לערנט זיך אַליין שרייבן, האָט ער זיך שוין צוגעבויגן, געלייענט מיט אים פון אַ פּויליש ביכל, פאַרגעשריבן אים אַ יידיש שורה־גריסל, צוגעוויזן אים אין חשבונען.

וואָלט נאָר דאָס ליאָסעווען געווען אויסגעפאַלן ווי אַלע יאָר, וואָלט ער, נתן חיים, זיך געווען פאַרשפּאָרט דאָ אָנצודינגען אויפן ווינטער. ער וואָלט באַצייטנס געווען געוווּסט ווי ער האַלט אין דער וועלט. זענען אָבער די יום־טובים היי־יאָר אויסגעפאַלן פרי און דער פּריזיוו שפּעט, ערשט עטלעכע וואָכן נאָך סוכות. ער האָט געהאַט אַ ברירה, אָדער אַוועקגיין איידער נאָך וויקטאָר שטעלט זיך צו, אָדער זיך אָנדינגען און האָפן אַז וויקטאָר וועט באַפרייט ווערן און בלייבן אין וואַרשע. האָט ער זיך אָנגעדונגען און צוגלייך מיט דער גאַנצער משפּחה געהאָפט. האָט אָבער פּאָניע

אים צוגענומען און וויקטאָר האָט, באַלד נאָכן ליאָס, געמאכט פּליטה צוריק קיין פּאריז. איז ער, נתן חיים, שוין געבליבן אן איינגעזייפטער אויפן גאַנצן זמן. ער שלאָפט טאַקע נישט מער אויף קיין שמאַטעס, נאָר אין וויקטאָרס בעטל, אָבער עס גייט אים נישט איין. אויך פון דעם אַרבעטן דאָ איז ער נישט צופרידן. פונקט ווי ער געטרויט נישט די אייגענע הענט ביים ציילן געלט, ביים נייען, אַזוי געטרויט ער אים גאָרנישט, דער מאָניש פערשטנ־בערג, קוקט אים נאָך יעדן שטאָך.

— יעך ווייס? — האָט ער זיך ענדלעך דערמאָנט צו ענטפערן, — יעך 'על אפשר קימע' נוך פסח.

— נישט קיין אפשר, — איז מעכעלע באשטאנען אויף א קלאָרע תשובה. — איך דאַרף וויסן: יאָ? צי ניין?

— גיט, יעך זוג צי דעם מיינסטע' צי קימע' אי"ה נוך פסח. יעך 'על אָבע' וועלן א הוספה צים נייעם זמן.

— רעדסט שוין וועגן שכירות? קום נאָר צופאָרן! מ'וועט נישט גיין צום רב!

# קאַפּיטל פינפאונדרייסיק

ביי זיין ערשטן מאָל קומען קיין ראָדעם, איז נתן חיים געגאַנגען צום קוזין אברהם אָן חשק, מיט אַ געפיל פון געפאַלנקייט. איצט אָבער, נאָך זיין צווייטן קומען אין דער שטאָט איז ער דעם ערשטן שבת נאָך פּסח, אַהינ־געגאַנגען מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ, שטאָלץ, אפילו מיט אביסל גרויס־האַלטעריי, וואָס געוויינלעך איז דאָס גאָרנישט אין זיין טבע.

אין זיין איצטיקן שטאָלצן גיין אהין, איז געווען א מין פאַרלאַנג מושווה צו ווערן מיט דער קוזינקע שיינדעלע, פאַר איר דעמאָלטיק פאַרשעמען אים, צוליב דעם אָרעמען הולך זיינעם, וואָס נאָכן אָפּוואָלגערן זיך די עטלעכע שעה פון דער רייזע אונטער א באַנק פון פערטן קלאַס פּראכט־וואַגאָן, איז ער, פאַר א צולאָג, געווען אויסגעשטויבט און איינגעגנאָרעט, און צוליב דעם, האָט זי דאָס גורם געווען ער זאָל באַלד אנטלויפן פון איר שטוב, און שוין די ערשטע נאכט זיינע אין דער פרעמדער שטאָט, האָט ער געמוזט נעכטיקן דרויסן, לעבן דער האַליע, אויף אַן אומריין טישל פון אַ קצב, צי גאָר פון א פישער, צווישן ארומלויפנדיקע מייז און שטשורעס.

שוין זיין קומען צוריק קיין ראָדעם איז א סך געווען צוליב דעם טיף־טליענדיקן באַגער אין אים, שיינדעלע און עלקעלע זאָלן אים זען אין אַ מענטשלעכן הולך, נישט מער אין דעם אלטן, אָפּגעכומלטן פאַלטן מיט די צוגרויסע שטיוול אויף זיינע פיס. א שטיק צוליב אָט דעם דאָזיקן דראַנג האָט ער דאָס דעם לעצטן ווינטער זיך געלאָזט צורעדן פון מעכעלען צו קומען ווערן דער הויפּט־געזעלן ביי זיין מאַמע. שוין אין דער קאַוויארניע יענעם אָוונט אין ווארשע, האָט ער געזען זיין הייַנטיק אריינקומען צום קוזין אברהם און ווי אנדערש שיינדעלע און עלקעלע וועלן אים דאָס אויפ־נעמען אין זיין נייעם, שוואַרצן גאַרניטער, אין די געמזענע שטיוולעטן אויף די פיס און דעם שוואַרצן, וויכן קאַפּעלוש מיטן ברייטן ראנד אויף זיין קאָפּ.

האָט ער זיך דאָס איצט, שבת נאָכן עסן, אריינגעשטעלט אין דעם נייעם הולך מיט אַ ברייטן:

— גיט שבת!

— גוט שבת, גוט יאָר, — האָבן אים איינצייטיק באַגריסט דער קוזין אברהם און די קוזינקע שיינדעלע.

ס׳איז דאָ איצט געווען באַלד נאָכן עונג־שבת־שלאָף. ווי תּמיד אין די שבתים, איז דער קוזין אברהם אויך איצט געזעסן אויבנאָןביים טיש, אין סאמעטענעם קאַפּל אויפן קאָפּ מיט אן אָפן ספר פאר די אויגן. און ווי תּמיד האָבן די ווייסע העמד־ארבל געבלאנקט. די שווארצע באָרד רחבות־דיק צעקעמט און די גאָלדענע קייט האָט געבלישטשעט אַן אויסגעשפּרייטע איבערן גלאַנציק־שוואַרצן, אטלאסענעם וועסט פון איין קעשנקעלע ביזן צווייטן.

און זי, שיינדעלע, איז ווידער געווען אויף דער צייט. דער בויך האָט זיך ווידער ביי איר געריסן, אַ שפּיציק־פאַרהויבענער, פון הינטער דער ווייסער האַלקע אַ באַזוימטע מיט שפּיצעלעך. ווי תּמיד נאָכן עונג־שבת־שלאָף, איז זי אויך איצט ארומגעגאַנגען איבער דער גרויסער, צוויי־פענצטערדיקער, זוניק־צעלויכטענער שטוב, אָן אַ בלוזקע, אין בלויזן לעניושעק, מיט די הוילע אָרעמס, פולע, רייצנדיקע און דער האַלדז נאַקעט, אויסדעקאָלטירט ביז טיף אין די הויך־אָנגעקוואָלענע בריסטן.

— א גאסט, א גאסט, — זענען אים ביידע אַנטקעגנגעגאַנגען. — שלום־עליכם, ווען ביסטו געקומען? — האָט אים דער קוזין געפרעגט און זי, שיינדעלע, האָט אים אַקעגנגעטראָגן איר שטענדיק גרייט, אָנגע־שטעלט שמייכעלע. ווי תּמיד האָט זי אויך איצט געביסן מיט די ווייס־פּערלדיקע ציין אירע דינע ליפּן, דאָ די אויבערשטע און באַלד די אונ־טערשטע, דערביי האָט זי געוויגט דעם קאָפּ אינדערברייט:

— קיין עין הרע, אויסגעוואַקסן א גאנצער פּאַצעט!

מיטן אָפּמעסטן דעם גאסט, האָט דאָס פאָרפאָלק אויך גענומען באַשויען און ארומטאַפּן די נייע מלבושים זיינע, אָנגערירט א לאַץ פון רעקל, געפּרוווט מיט די צוויי פאָדער־פינגער דעם ווייכן ראַנד פון זיין שוואַרצן קאַפּעלוש, דאָס געריפּטע זיידנס פון שניפּס.

איר, שיינדעלען, איז שטאַרק געפאָלן דער הולך זיינער. נישט בלויז געזען, ער האָט דאָס געפילט לויט דעם ריס, וואָס זי האָט געטאָן זיינע האָר, לאַנגע, פאַרלאָזענע, ווי ביי די סטרייקער אין די שוואַרצע העמדלעך, מיט גלאַנציק־געוויקלטע גאַרטעלעך אַרום די לענדן. עפּעס האָט זיך די פרוי אין איר גאָרנישט געקאָנט זאט אָנקוקן אויף דעם נתן חיימען, וואָס איז אזוי גיך אויסגעוואקסן פון אָפּגעלאָזן יינגל אין א שיינעם שטאַלטנעם קאַוואַליער.

— ני, אברהמשי? — האָט זי זייטיקלעך אַ קוק געטאָן צום מאַן. — זעסט כאָטש ווי דאָס ווארשע מענטשלט אויס? ס׳העמד צו פאַרזעצן און אין וואַרשע צו וווינען!

דער קוזין האָט געטאָן א ביטולדיקן שמייכל. ער האָט שוין געהערט

דעם פזמון. די היינטמאָדישע הלבשה, דער עיקר אַ קאַפּעלוש, אימפּאָנירט שיינדעלען זייער שטאַרק, כאָטש אַליין איז זי אַ פרומע, יידישע טאָכטער. וואָס שייך וואַרשע, וואָלט זי אַהינגעפאָרן אפילו אינמיטן דער נאַכט. ראָדעם איז טאַקע א פאַסטעמפּאָווע שטאָט, אָבער ווי קומט דאָס ביי איר צו וואַרשע? ער דאַקעגן, האלט נישט פון וואַרשע און נאָך ווייניקער פון געקירצטע מלבושים. אוודאי זענען אויך אין וואַרשע דאָ פרומע יידן מיט חסידים־שטיבלעך און אלערליי חברות. אָבער קאַליע ווערט מען אין וואַרשע גיכער ווי אין ראָדעם. אָט טאַקע דער נתן חיים. ווען ער בלייבט אין ראָדעם, וואָלט ער נאָך איצט געטראָגן אַ יידיש היטל, א לאַנג מלבוש. ווי נאָר אָבער ער האָט פאַרזוכט וואַרשע, קליידט ער זיך שוין ווי א גלוח, און לויט דעם ברייטן ראַנד פון קאַפּעלוש און לויט די האָר, וואָס ער לאָזט זיך שוין באַצייטנס אָנוואַקסן, זעט מען אז דער קליינער גייט *) לתרבות רעה, ער שניידט זיך שוין אויף אַ סטרייקער, אַ פּיליסיף! שיינדעלען מעג דאָס טאַקע געפעלן. אין איר משפּחה זענען שוין לאַנג דאָ אזוינע לייט. אירע לייבלעכע ברידער גאָלן די מאָרדעס און גייען קורץ געקליידט. אין זיין משפּחה אָבער איז ביז איצט, געלויבט השי"ת, קיינער נאָך נישט אַרויס לתרבות רעה, נישט אין דער אויפפירונג און נישט אין דער הלבשה. האָט גראָד דעם פעטער יערמע דודס יינגל, וואָס האָט אזוי באַגערט צו לערנען און די משפּחה האָט געמיינט ער וואַקסט אַן עילוי, געדאַרפט פאָרן קיין וואַרשע און דאָרטן, אזוי יונג ווערן דער ערשטער **) פורץ גדר ניק פון זיין, דעם קוזין אברהמס צד.

— וואָס שטייט מ׳ באַ דער טיר? קום ווייטער, — האָט דער קוזין געערעדט צו נתן חיימען און דערביי, זייטיקלעך געטאָן אַ ווינק צו שיינדעלען, זי זאָל געדענקען אז זי האָט א גאַסט וואָס איז האָנאָראָווע, זי זאָל אים אויפנעמען שיין, שטעלן כיבוד.

נתן חיים איז געגאַנגען מיטן קוזין צום טיש. ווי אנדערש מ׳נעמט אים דאָ איצט אויף! ער האָט געטראַכט וועגן דער מעשה, וואָס דער מאָדזשיצער רבי האָט דערציילט אויף זיין, נתן חיימס ברית, און די מאַמע האָט זי אים איבערדערציילט, א מעשה מיט א גביר, וואָס פלעגט באַהאַנדלען זיינע געסט לויט זייערע קליידער. א גאַסט אין טייערע מלבושים האָט ער אויפגענומען מיט הכנעה, אים געזעצט אויבנאָן. אַן אנדערן, אין נישט אזא געהויבענער הלבשה, האָט ער געזעצט נענטער צו דער טיר. אַן אָרעמאַן, אין אַן אָפּגעכומלט בגד, האָט ער איבער דער שוועל נישט אריבערגעלאָזט.

---

*) אויף שלעכטע וועגן.

**) אַ צוימען־ברעכער פון יידישקייט.

און זי, שיינדעלע, טוט אקוראַט אַזוי מיט אים. דעמאָלט, גראָד ווען ער האָט געדאַרפט איר שטיקל פאַדלאָגע די נאַכט איבערצונעכטיקן, האָט זי אים, צוליב זיין אָרעמען הולך, אַזוי באַהאַנדלט אַז ער האָט גלייך געמוזט אַנט־לויפן פון איר שטוב. איצט, צוליב דעם נייעם גאַרניטער מיטן קאַפּעלוש, ווייסט מען דאָ גאָרנישט וואָס מיט אים צו טאָן.

— זיץ, — האָט אים דער קוזין געוויזן די שטול לעבן זיך, — ני, דערצייל כאָטש, ווי איז דיר דערגאַנגען אין דעם וואַרשע?

— גאַנץ גיט, — האָט נתן חיים אַ זאָג געטאָן גיך, ווי אָפּצוהאַקן ווייַ־טערדיקע פרעגענישן. ער וועט דאָך נישט גיין דערציילן זיי וועגן די וואָד־נעכט, וועגן די געיעגן איף אומפּלייט, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטיין ביי דעם מאָניש פערשטנבערגן אין די הייסע זומער־חדשים.

— פונדעסטוועגן ביסטו קריקגעקומען קיין ראָדעם, — האָט דער קוזין ווי זיך געריצט מיט אים. — אין ראָדעם איז דאָך בעסער ווי אין וואַרשע, נישט אַזוי? שעם דיך נישט. אָן אמת מעג מען מודה זיין.

שיינדעלע איז דערווייל צוגעקומען צום טיש מיט כיבוד, אַ געפּינגערטע קאַרפּינקע מיט ראָזשינקע־ווייַן, עטלעכע גלעזלעך, אַ טעלערל, מאַקאַרונד־לעך, וועלשנע ניס מיט אַ נוסקנאַקער. ס'איז אַוודאי דער גאַנצער איבערבלייב פון אָוועקגעגאַנגענעם פסח, — האָט נתן חיים געטראַכט.

שטאָט צום כיבוד האָט ער זיך גאָר גענומען אַרומקוקן אין שטוב. ער האָט נישט געזוכט משהלען, וואָס איז כמעט אין איין עלטער מיט אים, אויך נישט די קלענערע קינדער, וואָס האָבן זיך געשפּילט אויפן הויף און זי, שיינדעלע, האָט געהאַלטן אויף זיי אָן אויג דורך די אָפן־צעפּראַלטע פענצטער. געזוכט האָט ער עלקעלען, וואָס איז געשטאַנען אַזוי שטיל אין אַלקער ביים שפּיגל, גלייך זי וואָלט גאָרנישט געוווּסט אַז ער איז דאָ. זי איז כלומרשט געווען שטאַרק פאַרפאָרעט ביים אָנטאָן זיך אַוועקצוגיין. איין צאָפּ אירער, אַ בלויער אַזש פון שוואַרצקייט, איז איר געהאַנגען איבער דער פּלייצע, אַ פאַרפלאָכטענער שוין, מיט אַ רויטן אַטלאַס־שלייף אָן עק, ווי אַ ווייכער פּאָמפּאָן. דעם צווייטן צאָפּ האָט זי געהאַלטן פאָרנט, איבער דער ברוסט און מיט אומרואיקע, נערוועזע פינגער, געפרוווט איינפלעכטן; אין אים די אַנדערע רויטע, אַטלאַס־באַנד.

דער קוזין האָט באַלד געהאַט פאַרגעסן אָן גאַסט און זיך ווידער געשאָקלט איבערן אָפענעם סידור, געצויגן יעדעס וואָרט פון פּרק מיט מתיקות, מיט תענוג אין קול:

*) „אוי, יוסי בן יוחנן איש ירושלים אומר,
יהי ביתך פתוח לרוחה, ויהיו עניים בני ביתך".

*) יוסי דער זון פון יוחנן אַ מאַן פון ירושלים האָט געזאָגט: זאָל דיין הויז זיין אָפן און זאָלן אָרעמע־לייט זיין איינגייער אין דיין הויז.

זי אָבער, שיינדעלע, האָט נישט פאַרגעסן אָן גאסט. זי געדענקט גוט דעם איבעררייד, וואָס זי האָט געהאט מיט איר אברהמשי, צוליב דעם קליינעמס דעמאָלטיקן אָפּטראָגן זיך פון איר געוועלב. וויל זי נישט מער צוליב דעם האָנאָראָווע שמיגוס זיך קריגן מיטן מאַן. איז זי צוגעקומען אים דערמאָנען ער זאָל עפּעס טועם זיין פון כיבוד. ביים טיש אָבער האָט זי גיך, מיט איר וויבעריש בליקעלע געזען, אז דעם גאַסט ליגט גאָרנישט אין זינען דער כיבוד, ער וואַרפט גאָר אייגעלעך צו עלקעלען אין אַלקער אריין און זי, עלקעלע, מאַכט זיך אים נישט זען, נאָר זייטיקלעך וואַרפט זי דורך דער שפּיגל-שויב צוריק אַן אייגעלע צו אים און פאררויטלט איז זי, ביז איבער די אויערן!

שיינדעלע האָט געכאַפּט אַ קוק אויפן מאַן. טשיקאַווע! ווי איינער איז צו זיבן אזוי איז ער צו זיבעציק. ווען זי האָט מיט אים געשריבן תנאים האָט ער גאָרנישט געוווּסט פון קיין בחור-מיידל-שפּיל און אזוי ביזן היינ-טיקן טאָג! זיצט אַנטקעגן יינגל און זעט גאָרנישט. זי האָט טאַקע אויך גאַנץ ווייניק געוווּסט. פון וואַנען? ווען זי האָט חתונה געהאט מיט איר אברהמשי, איז זי נאָך קיין זעכצן יאָר נישט אלט געווען, און דעמאָלט איז נישט געווען ווי היינט, אָבער די בענקעניש נאָך דעם שפּיל טליעט אין איר. און ס'איז דאָך שיין צו זען ווי צוויי יונגע קינדער רויטלען זיך. דורכן שפּיגל-גלאָז פּירט מען א פלירט! ער, נתן חיים, קוקט אַהין זייטיקלעך און זי, עלקעלע, האַלט כלומרשט די אויגן אַראָפּ, אויף די ווייסע לעטשעלעך אירע און ביידע פילן אַזוי געטנוי ווען אויפצוהייבן די אויגן און דורך דער שפּיגל-שויב ווידער כאַפּן א קוק איינע אויפן אנדערן.

— עלקעלע! — האָט זי א רוף געטאָן אין אלקער אריין, כלומרשט זי ווייסט גאָרנישט פון זייער פלירט. — זעסט גאָרנישט ווער ס'איז דאָ?

דאָס טעכטערל האָט אויפגעהויבן די אראָפּגעלאָזטע וויעס, צוויי שוואַרצע פרענזלעך איבער די בליציק-שוואַרצע אויגן און אַ בייזן קוק געטאָן אויף דער מוטער דורך דער שפּיגל-שויב:

— מאַמושא!

שיינדעלע האָט געשמייכלט אין שפּיגל אריין מיט אזא מאמעש-נחת-דיק שמייכעלע. זי האָט פאַרשטאַנען. דאָס איז דאָך נישט קיין געבייזער. דאָס איז דאָך בלויז די פארלוירנקייט פון א קוים דרייצן-יאָריק מיידעלע אין אָנגעזיכט פון א יינגל. וואָס האָט זי געזאָלט טאָן? קומען ארייַנצולויפן זיך וויטען מיט אים? זי איז נאָך טאַקע א קינד, אָבער זי וויל שוין באַטראַכט ווערן ווי א פאַניענקע, וואָס מ'דאַרף זי פריער פאַרשטעלן פאַרן קאַוואַליער.

— דריי דיך כאַטש אויס, זאָל דער קוזין דיר קאָנען זאָגן גוט שבת.

— מאמושא! — האָט עלקעלע, בייז שוין, געטאָן אַ קער דעם קאָפּ

אין האַלב־פּראָפיל צו דער מוטער. — די מאַמושא זעט דאָך אז איך בין נאָך נישט אָנגעטאָן.

עלקעלעס ענטפערן אויף פּויליש בעת די מוטער רעדט צו איר אויף יידיש האָט אים, נתן חיימען, אי פאַרדראָסן, אי ס׳איז אים געפעלן. פאַר־דראָסן — ווייל יידישע קינדער דארפן רעדן יידיש, בפרט, וואָס וועט ער טאָן אז זי וועט אויך צו אים רעדן אויף פּויליש? וואָס ער קען אזוי ווייניק. געפעלן — ווייל פּויליש־רעדן איז א סימן אז מ׳איז נישט ליאדע־ווער. נאָר פּאַניענקעס פון פּוילישע שולן, פון גימנאַזיעס רעדן פּויליש.

— ני, וואָס זאָגסטו צו דער פּאַצעטקע? — האָט שיינדעלע אים אַ טאָרע געטאָן אויפן אקסל. — ווי דו קוקסט זי אָן, קאָן זי אזוי שטיין און פּוצן זיךביים שפּיגל א גאַנצן טאָג.

יאָ, ער זעט, עלקעלע איז נישט מער די, וואָס מיט קנאַפּע צוויי יאָר צוריק. אז ער אליין איז דורך דער צייט אויסגעוואַקסן און איצט איז ער שוין אַ גאַנצער פּאַצעט אין אַ שוואַרצן גאַרניטער, אין אַ קאַפּעלוש מיט א ברייטן ראנד, אין געמזענע שיך, דאָס איז פאַר אים געווען פּשוט, אנדערש דארף גאָרנישט זיין. ער האָט אָבער געשטוינט וואָס עלקעלע איז שוין א גאַנצע פריילין. קוים דרייצן יאָר איז זי הויך ווי ער און שלאַנק און די צוויי בערגעלעך רייסן זיך פון הינטער איר קליידל, אַ שווארץ ריפּסנס מיט א ווייס קעלנערל און ווייסע מאַנקעטלעך, ווי עס טראָגן די סטודענט־קעס פון דער ראָדעמער גימנאַזיע. אויך די צוויי צעפּ, בלויע אזש פון שוואַרצקייט, זענען איר געוואָרן דיקער און לענגער, ביז איבער דער טאַליע שוין, און די אויגן אירע זענען איצט גרעסער נאָך און שוואַרצער און פאַר־הויכט מיטן טוי פון יונג־מיידלשער פאַרחלומטקייט, ווי עס זענען די פלוימען אויפן בוים פארהויכט מיטן פרימאָרגן־טוי.

— ני, וואָס זיצסטו? — האָט שיינדעלע ווידער אַ טאָרע געטאָן נתן חיימען אויפן אקסל. אויב נישט מער ביי זיך, האָט זי כאָטש געוואָלט זען ראָמאַנס, פלירט ביי דער טאָכטער. — א בחור, — האָט זי אים געגומען לערנען קאַוואַליערישקייט, — ברויך צוגיין צו דער פּאַניענקע, זי באַגריסן מיט אַ קוש אין האנט.

— די מאַמושא וועט שווייגן? — האָט עלקעלע זיך געטאָן א וואָרף און פאַרהאַקט די אלקער־טיר הינטער זיך.

עלקעלעס געשריי און איר קנאַק מיט דער טיר, האָט ארויסגעריסן דעם קוזין פון זיין פּרק־וועלט, פון די יוסי בן יועזרס און יוסי בן יוחננס. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן פון סידור און מיט פאַרדראָס אַ קוק געטאָן צו שיינדעלען:

— וואָס ווילסטו פון די קינדער? וואָלסט ליבערשט געזען דער גאַסט זאָל עפּעס טועם זיין פון כיבוד.

שיינדעלע האָט כלומרשט געשמייכלט, אָבער אינעווייניק האָט עס זי געברענט. אזוי זעט ער גאָרנישט, אברהמשי, אריינגעטאָן אין ספר. אָבער אז דער גאַסט האָט נאָך גאָרנישט טועם געווען, דאָס זעט ער גוט.

— ני, לאָז דיך נישט בעטן, — האָט זי זיך אוועקגעזעצט לעבן נתן חיימען, אויפגעבראָכן פאַר אים עטלעכע ניס, אָנגעגאָסן אים אַ גלעזעלע ווײַן.

— לחיים, — האָט דער גאַסט אויפגעהויבן ס׳גלעזל צום קוזין, צו שיינדעלען. אים איז געווען זייער אויפפאַלנדיק שיינדעלעס באַנעמען זיך צו אים. אויף אַזויפיל האָט ער זיך נישט געריכט, אפילו נישט געוואגט צו חלומען. דעמאָלט האָט זי צוגענומען די קינדער פון אים, דער עיקר עלקעלען, זיי זאָלן זיך חלילה נישט אָנרירן אָן אים, ווי ער וואָלט געווען א מצורע, א קרעציקער און היינט שטופּט זי אים ער זאָל זיך וויטען מיט עלקעלען, איר קושן די האַנט, ווי עס טוען פריצים ווען זיי גריסן זיך מיט דאַמען. איז דאָס אַלץ ווייל ער האָט געביטן דעם הולך זיינעם? אָדער איז עס ווייל שיינדעלע האָט זיך געביטן?

ווי ער איז איצט געווען פול מיט דאַנקבאַרקייט צו דער קוזינקע פאַר איר פיין באַהאַנדלען אים, איז ער דאָך געווען בייז און ס׳האָט אים געקרענקט וואָס צוליב איר גרויס מויל האָט זיך עלקעלע פארשעמט און פאַרקלאַפּט די טיר. ווען נישט איר גרויס מויל וואָלט ער שוין געווען געפונען אָן אויסרייד אריינצוגיין צו איר אין אַלקער, אָדער אפשר וואָלט זי געווען אַריינגעקומען צו אים. ניין, עלקעלע וואָלט דאָס נישט געטאָן! זי איז נישט נעכעלע יאַכטשעס, וואָס האָט אים פאַרטשעפּעט אין האלב־טונקעלן פעדער־הויז ער זאָל מאַכן מיט איר א ראנדקע און אוודאי איז זי נישט ווי עדזשעלע, מאָניש פערשטנבערגס פאצעטקעלע, וואָס האָט רק געשלעפּט זיין האנט הינטער איר קליידל, ווי דאָס טוען חציפות. עלקעלע אָבער איז אַ כשר קינד. זי האָט ער ליב. ער וועט שוין איצט פון ראָדעם נישט אוועקפאָרן. ער וועט מיט איר גיין שפּאַצירן אין נייעם גאָרטן. ער וועט בעטן איר האַנט און איר זאָגן אַז ער וויל מיט איר חתונה האָבן.

# קאַפּיטל זעקסאונדרייסיק

אסרו־חג פון פסח איז נתן חיים געקומען קיין ראָדעם צו מעכלעס מאַמע און פיר וואָכן שפּעטער איז יאָסל, איר יינגסטער זון, אַוועקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע. אַ גרופּע פון אַכט יינגלעך, זיבעצן־אכצן־יאָריקע, טייל פון רייכע היימען, אַלע מיט רוקזעק אויף די פּלייצעס, כלומרשטע סקויטן, וואָס פאָרן אויף זומער־לאַגער, זענען אוועק אויסלייזן ארץ ישראל פון טערקייס הענט און יאָסעלע, אַ דאַרער, אַ בלאָסער, מיט גליאיק־שוואַרצע אויגן און אַ קענדזשער שוואַרצע, ווייך־כוואַליקע האָר איבערן שטערן, איז געווען איינער פון זיי.

דער פעטער יחזקאל, דער פּרעזעס פון די ראָדעמער ציוניסטן, דער וועקער און מונטערער דאָס פאָרן זאָל מעגלעך ווערן, ער האָט זיך געגרייט צו האָבן אַ האַלבע שטאָט יידן ביי דער באַן. אז ראָדעם האָט יאָ דערלעבט איר ערשטע עליה קיין ארץ ישראל, זאָל דאָס זיין *) בשירה ובזמרה, מיט דרשות און מיט דער וויס־בלויער פאָן אַ פלאַטערנדיקע אין וואָקזאַל. ניש־קשה, די צוויי זשאַנדאַרן מיטן פּאָליציאַנטל דאָרטן, קאָן מען אָפּחורשן מיט איין צענער־קערבל, זיי זאָלן ווערן אויף אַ שעה טויב און בלינד. האָבן אָבער אַנדערע קאָמיטעטניקעס געזאָגט: ניין! די יונים וועלן דאָ צונעמען דאָס צענערל און טאַקע מאַכן אַ שווייג. מיט וואָס אָבער איז מען זיכער אז זיי וועלן נישט געבן האַסלע צו אַ ווייטערדיקער סטאַציע אז די יינגלעך זענען נישט קיין סקויטן, מ'זאָל זיי ארעסטירן איידער נאָך זיי גרייכן די קירהשע גרענעץ? איז דעריבער דער וואָקזאַל ביי דער גרויסער געשעעניש געווען ליידיקלעך. געקומען באַגלייטן די יינגלעך זענען בלויז משפחה־לייט מיטן פעטער יחזקאל בראש.

מיט יאָסעלען אין דער דראָזשקע זענען געפאָרן די מאַמע, די צוויי עלטערע שוועסטער, ראָכטשע און פעלטשע און דער עלטסטער ברודער מעכל. אינדערהיים איז געבליבן דער אַלטער טאַטע, דער בלינדער חיים יונה מיטן געזעלן און לעריינגל ביי די מאַשינען און מיט זיי אַ שטילקייט, ווי נאָך קיינמאָל נישט ביי דער דבורה'לע שליאָך אין הויז.

---

*) מיט שאַל און געזאַנג.

ס׳איז שוין אוודאי געווען אזייגער צען פאר האלבן טאָג. די זון איז געשטאַנען הויך, געבלענדט די אויגן דורך די צעעפנטע פענצטער. טיף אין הויף, ביי די סקלאַדעס, אונטערן שאָטן פון אקאציע־בוים, האָט גערוישט מיט אָנגעלאָדענע וואָגנס, אָנקומענדיקע און אַוועקפאָרנדיקע און דאָ, אין שטוב, א געדאַוונטער שוין, איז געזעסןביים צושנייד־טיש דער אַלטער חיים יונה, אן איינגעשלאָפענער. ס׳רעכטע אויג, דאָס בלינדע, ווי א רויט־יאטערדיקע ווונד — אָפן. ס׳לינקע, דאָס זעעוודיקע, אַ שמאָל שפּעלטעלע נאָר, א פּייכטס, — פאַרמאַכט, איינגעשלאָפן. דאָס בערדעלע, א ווייס קולפּאַקל וואַטע — ווי צוגעקלעפּט צו דער גאָמבע. דרימלענדיק האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ און אלע ווילע האָט ער, אַ דער־שראָקענער, זיך אַליין איבערגעוועקט. צומאָל, נאָכן אויפכאַפּן זיך פון דרימל, האָט ער מיט דער ציטערדיקער האַנט, א בלוילעך־פּאַרטרוקנטע, א גערונ־צלטע פון אלטקייט, ארויסגעצויגן פון בוזעם־קעשענע דאָס מאָנאָפּאָלקעלע און א זיפּ געטאָן אַביסל בראָנפן, אַ לעק בלויז אויף צו דערוואַרעמען די אַלטע ביינער, וואָס גליווערן אים אפילו אין זומער.

נאָכן שלוק־בראָנפן, אַן אויפגעוואַכטער, האָט ער אויפסניי גענומען בינדן דעם איבערגעריסענעם שמועס מיטן געזעלן. אז זי, דבורהלע שליאָך, דאָס ווייב זיינס, איז נישטאָ צו טרייבן אים אַרויס פאַר דער טיר אַריינ־צורופן א קונה, בלייבט ער זיצן אין שטוב, שמועסן מיט די יינגלעך, זיך צוקוקן צו דער אַרבעט, נישט חלילה היטן צי זיי ארבעטן געטריי, מאַרנ־יען נישט די צייט. אז אליין האָט ער שוין א שאָק מיט יאָרן נישט געהאַלטן קיין נאָדל אין האנט, האָט ער האָלד כאָטש זיך צוצוקוקן ווי די געזעלן ארבעטן.

צו דער באַן, צו יאָסעלעס אוועקפאָרן אזוי ווייט אז איין גאָט ווייסט צי ער וועט אים נאָך ווען זען, האָט מען אים, דעם טאַטן, נישט געוואָלט מיטנעמען. אמת, דאָס זייניקע, ווי א טאַטע, האָט ער געטאָן. ער האָט יאָסעלען גאַנץ גוט געקלאָגט דעם קאָפּ. ווי איז אזוינס געהערט געוואָרן? איבערצולאָזן א וואַרשטאַט אויף פרעמדע הענט און אליין אַוועק קיין פּאַלעסטינע ווערן א פּויער! מ׳זאָגט כאָטש — אַמעריקע! אָבער קיין פּאַלעסטינע? ער וויל נישט פּאָטאָקעווען דבורהלען, אָבער גערעכט איז זי! אַליִן כאַסקעלעס קאָפּ! דאָס האָט דאָך ער, דער בראַטאַק זיינער, פאַר־קאָכט די קאשע. ווען נישט כאַסקעלע מיט זיין ציון און ציון, וואָלט יאָסעלע געוווּסט פון א פּאַלעסטינע? זי וועט איצט זיין גערעכט, דבורהלע, אַז זי וועט כאַסקלען נישט אַריבערלאָזן די שוועל. זיין יאָסעלען האָט ער נישט געלאָזט פאָרן, באשר־בכן ער וויל דאָס יינגל זאָל פריער „קאָנטשען״ (ענדיקן) די שקאָלע. דאָס איז אָבער א תירוץ פאַר די וואַנצן! וואָסי, אָן

ענדיקן די שקאָלע וואָלט זיין יאָסעלע נישט געקאָנט ווערן קיין פויער אין פּאַלעסטינע ?

— ני, כ׳פרעג דיך דאָך ! — האָט ער ווידער אַ מינטער געטאָן דעם געזעלן. — דו וואָלסט אויך געוועןאַ בעלן צו פאָרן קיין פּאַלעסטינע ווערן א פויער ?

נתן חיים האָט זיך געמאכט נישט הערן, נישט חלילה אויס ביטול צום זקן. די מיינסטעראָווע מיט אירע טעכטער מעגן שרייען פון היינט ביז מאָרגן אז דער אלטער איז עובר־בטול, זעט ער אָבער, נתן חיים, אַז דאָס איז נישט אמת. דער אַלטיטשקער איז נאָך ב״ה מיט אלע חושים. חוץ דעם האָט ער גלאָט האָלד דעם אלטן נאָך פון יענעם ערשטן טאָג זיינעם אין ראָדעם, ווען ער האָט פארבלאָנדזשעט אויפן וואָעל, און דער אלטער, כאָטש האַלב בלינד, האָט דאָך דערזען אז ער איז אַ פרעמדער, אים צוגע־רופן, געטאָן אים אזא וואַרעמען גלעט אויפן פּנים און אים אריינגעשיקט צום זון : „גיי, יינגל, אַריין צו מיין מעכעלען, ער וועט דיר זיין אַ גוטער מיינסטער״. זיין נישט ענטפערן איצט דעם אלטן איז געווען בלויז, ווייל ער זיצט דעם גאַנצן פרימאָרגן אַ צעטראָגענער, א צעמישטער, ווי ער וואָלט נאָר־וואָס פארלוירן דאָס טייערסטע אין זיין לעבן, די גאנצע קינד־הייט זיינע, אלץ וואָס האָט אים ביז איצט געגערט.

אַ גאַנץ לעבן איז ארץ ישראל געווען פאַר אים עפּעס וואָס איז דאָ און איז דאָך נישטאָ, א חלום, וואָס שטייגט איבער די וואָר, א לאנד וואָס גרינט און בליט נאָר אויף די בלעטער פון חומש. פון דאָרט ווינקט צו אים דער פלוין פון ממרא. פון דאָרטן טורעמט איבער אים דער באַרג מוריה. אויף די בלעטלעך פון חומש האָט זיך יעקב געראַנגלט מיטן מלאך און אים בייגעקומען. פון די חומש־בלעטלעך ארויס האָבן די מדינים פארשלעפּט יוספן קיין מצרים. קומט יאָסעלע און מיט אים נאָך א גרופּע יינגלעך און צעשטערן אים דעם חלום. מיטאיינמאָל ווערט ארץ ישראל פאַר אים א לאנד ווי יעדעס לאנד, וואָס מ׳קאָן אַהין פאָרן, וואָס מ׳קאָן עס גרייכן. ווזשע איז דאָס דאָזיקע לאַנד ? איז עס טאַקע אזוי וווּנדערלעך ווי אין חומש ? פליסט טאַקע דאָרטן מילך און האָניק ? וואַקסטן דאָרטן אויף אַן אמת טייטלען און פייגן און ציפּרעסן־ביימער ? און אויך פּאַלמעס ? ווי זעט אויס א פּאַלמע ?

די טיר האָט זיך געעפנט. די ערשטע איז אריינגעקומען די יונגערע טאָכטער, ראָכטשע מיטן פלאָם הינטער דער וואַלקע. נאָך איר — פעל־טשע, אויך אין אַ היט מיט אַ וואַל פאַרן פּנים. די צוויי שוועסטערן האָבן זיך אינדערפרי אויסגעפּוצט נישט ווי צו באַגלייטן א ברודער ערגעץ היני־טער די הרי־חושך, נאָר ווי זיי וואָלטן געפאָרן אויף א חתונה קיין וואַרשע,

אָדער כאַטש קיין לאָדזש. ערשט הינטער זיי איז נאָכגעקומען די מאַמע, דבורה׳לע שליאַך, אַ נידעריקע יידענע, אַ דערשלאָגענע, ס׳פּנים גרוי ווי אַש און שוואַרצע רעדער אונטער די פאַרוויינטע, טריב־אויסגעלאָשענע אויגן. אָנגעטאָן איז זי געווען אין אַ שוואַרצע, ברייט־געפאַלדעוועטע ספּודניצע מיט אַ זילבער־גרוי סטאַניקל. אויפן קאָפּ, איבערן רויטלעך־בלאָנדן שייטל, האָט זי געהאַט פאַרוואָרפן דעם טערקישן, שיטער־דורכזיכטיקן, שוואַרץ זיידענעם שאַל.

די צוויי שוועסטערן,ביידע הויכע, דאַרע, מיט פלאַכע, איינגעפאַלענע האַרץ־ברעטלעך, מיט שוואַרצע ברייט־ראַנדיקע הי‌ט אויף זייערע קעפּ, זענען גיך אריין אין דער גרויסער אַלקער־שטוב זיך איבערטוען, צובעטן די בעטן, ברענגען אין אָרדענונג די שטוב, וואָס איז איצט, נאָכן ברודערס אוועקפאָרן, געשטאַנען א צעוואָרפענע, ווי נאָך אַן איבערפאל, א פּאָגראָם. שפּעט אין טאָג שוין, האָבן זיי געאײלט צו זעצן זיך צו זייער שייטל־וואַר־שטאַט, א גרויסער טיש פאַרלייגט מיט הילצערנע קעפּ און בינטן האָר, אַראָפּהענגענדיקע ביי די זייטן ווי פערדישע עקן, מיט אָנגעוואָרפענע קעמלעך און גלאַנציקע האָר־נאָדלען. די מוטער אָבער איז געבליבן שטיין אין קיך, די אַרבעטס־שטוב, געקוקט אַרום זיך, ווי זי וואָלט נישט געוווסט וואָס מיט איר טוט זיך, וואָס זאָל זי דאָ נעמען טאָן, דערביי האָט זי געשאָקלט מיטן אַרומגעהילטן קאָפּ אויפן אַלטן, וואָס האָט געדרימלט ביים טיש, ס׳ווייסע קולפּאַק־בערדל ווי צוגעקלעפּט צו דער קלאַפּע פון זיין כאַלאַטל:

— מאאן בראַך, — האָט זי געמורמלט צו זיך אליין. — נאַר דאָס פּופּט. — זי האָט אים גענומען שאָקלען: — פּיאַק! וואָס גייסטו נישט אַרויס פאַר דער טיר אַריינרופן אַ קונה!

דער אלטער, ווי ער וואָלט גאָרנישט געדרימלט, האָט אויסגעקערעוועט צו איר דעם קאָפּ, זי אָפּגעמאָסטן מער מיטן בלינדן, רויט־יאַטערדיקן אויג, איידער מיטן זעעוודיקן און אזוי חוזקדיק, מיט אַ שמייכעלע אַ זאָג געטאָן:

— ס׳קאָצל קימט, אבי דו ביסט שוין דאָ! — אין אַ ווײלע ארום, אַז ער האָט געזען ווי זי שטייט נאָך אלץ איבער אים, רירט זיך נאָך אלץ נישט פון אָרט, האָט ער צוגעגעבן:

— זע נאָר ווי זי שטייט זיך אַן אויסגעשטראָלצטע, ווי יענטעלע צום גט! וואָסי, נאָך נישט צייט צו געבן דעם יינגל אָנבייסן? — דערביי האָט ער מיט דער ציטערדיקער האַנט געוויזן אויף נתן חיימען. — ס׳האַרץ אָנטגייט דאָך אים פאַר הונגער!

ערשט איצט האָט דבורהלע שליאַך זיך צעפּייערט. אַלע אָנגעזאַמלטע ביטערנישן פון האָבן אָפּגעלעבט אַ לעבן מיט אָט דעם אלטן, האַלב־בלינדן

מאַן, וואָס דער זון זיינער פון ערשטן ווייב איז מער ווי אויף אַ יאָר עלטער פון איר, די גאַנצע גאַל פון האָבן געמוזט א גאַנץ לעבן טראָגן דעם יאָך פון הויזגעזינד און איצט, נאָך מעכעלעס גיין פאַר זיך, טאָמער האָט זי געמיינט אַז יאָסעלע, ווי פריער מעכל, וועט איר פאַרגרינגערן די דאָליע, נעמט ער גאָר, אויף אירע אלטע יאָרן און פאַרט זיך אוועק קיין פּאלעס־טינע! אָט די אַלע אָנגעזאַמלטע ביטערקייטן האָבן זיך איצט פון איר אַ ריס געטאָן:

— אַלטער פיאַק! — האָט זי געשריגן מיט אַ באַנומען קול אזש א ווייסע שוים האָט איר אָנגעהויבן זעצן פון די מויל־ווינקלען, ווי ביי אַ חולה נופל. — דו זאָלסט מיך נישט דערמאָנען צו געבן עסן, דו זאָרג זיך נאָר נישט פאַר דעם גרויסן געזעלן דיינעם!

ווידער אַ שטאָך!, — האָט נתן חיים געטראַכט. — גרויסער געזעלן! נאָר זי שטעכט אים, די מיינסטעראָווע. זינט ער איז אהערגעקומען, שטעכט זי אים מיט אַלערליי צונעמענישן. כאָטש ער ארבעט מיט אַלע כוחות, האַלט זי אין איין וואָרטשען אז עס ווערט נישט פאַרטיק גענוג. אין וואַרשע, לעצטן ווינטער, ביים צורעדן אים ער זאָל קומען אהער ארבעטן ביי דער מאַמען, האָט אים מעכעלע אָנגעגעבן אין נדן אז ער וועט האָבן אונטער זיין האנט אַ געהילף מיט א לערניינגל. איצט, כאָטש מער ווי דעם לערנ־יינג שמעון, האָט ער נישט קיינעם, ברענט זי נאָך, די מיינסטעראָווע, גלייך ער וואָלט גאָר זי אָפּגענאַרט.

אוודאי ווייסט ער וואָס עס קרענקט זי אזוי שטאַרק. זי קאָן נעבעך נישט צוזען ווי ער מאַכט אין די אָוונטן זיינע לעקציעס. ווי נאָר ער זעצט זיך מיטן העפטל צום מאַשין־ברעטל, ביי' אַן אָנגעטריפט ליכט, וואָס ער קויפט זיך פאַרן אייגענעם געלט, הייבט זי גלייך אָן וואָרטשען: „סטודענטן גאָר! מעכעלע האָט מיך באַזאָרגט מיט אַ סטודענט!". מ׳זאָגט כאָטש ער לערנט זיך אויף איר צייט. פון זיבן אינדערפרי ביז שפּעט נאָך מעריב, א זומער־טאָג פון איבער פערצן שעה, הייבט ער זיך נישט אויף פון דער מאַשין, אָדער פון פּרעס־קלאָץ. ביי ווענען אַרבעט מ׳דען לענגער? ס׳וואָלט זי אוודאי נישט געאַרט ווען ער פאַרברענגט די אָוונטן אין נייעם גאָרטן, ווי דאָס טוען אנדערע יינגלעך. זי קרענקט נאָר וואָס ער לערנט זיך שרייבן, וואָס ער קוקט אריין אין א ביכל. אָבער פאַרוואָס זאָל זי אַרן וואָס ער טוט אין די אָוונטן? ס׳איז דען אויף איר צייט?

און מיטן געבן אים עסן איז דען אַנדערש? אָט טאקע איצט. ער האָט זיך היינט געזעצט צו דער ארבעט איז נאָך קיין זיבן אזייגער נישט געווען. איצט איז שוין באַלד האַלבער טאָג. ביי לייטן עסט מ׳שוין באַלד וואַרעמעס און ער האָט נאָך קיין אָנבייסן נישט געגעסן! אמת, גראָד היינט איז עס

צוליב יאָסלס אוועקפאָרן, זי איז געווען ביי דער באַן, אָבער איצט איז זי דאָך שוין דאָ צוריק, איז, שטאָט געבן אים עסן קריגט זי זיך גאָר מיטן אַלטן פאַר דערמאָנען זי, אַז ס׳איז צייט צו געבן אָנבייסן אַ געזעלן.

— דו פּיאַק, דו אלטער לײדאַק, שרייט זי, — ארויס פון שטוב!

אָנשטאָט ענטפערן איר האָט דער אַלטער אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ צו אים, נתן חיימען, און שמייכלענדיק מיטן אָנצייניקן מויל, אים געהייטערט:

— הער זי נישט, האָסט זי ווי!

דבורהלע שליאָך לאָזט טאָקע נישט אים, דעם אלטן, זיך מישן אין ווארשטאָט, אָבער איר להכעיס, מישט ער זיך יאָ! און גראָד איצט, פּילט ער, מוז ער זיך אַריינמישן צו פאַרהיטן אַז איר וואַרפן זיך הייזער־הויך, איר כסדרדיק וואָרטשען אויפן יינגל, זאָל נישט חלילה פירן דערצו ער זאָל אין מיטן זמן זי לאָזן אויף דער פלייש־באַנק. וואָס וועט זי דעמאָלט טאָן? דבורהלע שליאָך! בפרט נאָך אז יאָסל איז אויך נישטאָ. און גראָד איז דער נתן חיים א טייער יינגל, פלינק און טויגעוודיק און געטריי ווי אַן אייגן קינד. שבתצונאכטס, שטאָט אַרומוואָיוועו אין נייעם גאָרטן, ווי אַנדערע יינגלעך, קומט ער צו לויפן נאָך פאר הבדלה העלפן באַדינען אַ קונה. כאָטש ווער נייט דאָס אים? און איצט אַז יאָסל איז נישטאָ, וועט מ׳זיך גאָרנישט קאָנען באַגיין אָן אים! די גאַרבאַרעס קריגן שבת זייער לוין, קומען זיי אין אָוונט אויפן וואָעל איינקויפן אויפן הייליקן זונטיק, איז דאָ אביסל פּדיון אויך ביי די היטלמאַכער. אז נתן חיים איז דאָ אונטער דער האַנט, נייט ער איבער א דאַשעק, טוישט אַ פּאָדפּינקע, מאכט א היטל גרעסער, קלענער. אפילו פּערעלע, מעכלס ווייב, וואָס איז אויך נישט אזא צאַצע פון א מיינסטעראָווע, אפילו זי האָט זיך געקענט אויף דעם יינגל, געגאָלטן אים די טריט, נאָר דבורהלע שליאָך וואַרפט זיך אויף אים, וואָרטשעט כסדר און פאַרגינט אים נישט דעם ביסן אין מויל אריין. זי מיינט אוודאי אז ער איז מעכל, וואָס איז איר געווען אן עבד כנעני ביז אכטאונדרייסיק יאָר!

— הער זי נישט יינגל, האָסט זי ווי! — האָט ער געזוכט אויסצורעדן נתן חיימען, אים פאַרגיטיקן כאָטש מיט אַ גוט וואָרט פאר איר שטעכעלירן אים: „דער גרויסער געזעלן”.

דעם אַלטנס ארויסשטעלן זיך ווי דער גוטער מייסטער, דער באַלעבאָס מיט איינזען, האָט ארויסגערופן אין איר נאָך מער ברענעניש:

— שוין זאָלסטו מיר ארויס פון שטוב, — האָט זי אים געטרייסלט, געקנאָוועט אים מיטן פויסטל אין דער אַלטער, איינגעבויגענער פּלייצע אריין: — דו אַלטער פּיאַק! זאָלסט נאָר אזוי אויסגעריסן ווערן, ווי איך ווער אויסגעריסן זינט איך האָב דיך דערקענט!

איצט, נאָכן האָבן אַראָפּגעשריגן אַביסל די ווייטיקן פון איר געמיט, האָט זי אויסגעטאָן דעם שייטל, גענומען אַ ווייס עמאַלירט קריגל און אַזוי, אין יום־טובדיקן שאַל, אין דער לאַנגער, ברייט־געפאַלדעוועטער ספּודניצע, איז זי ארויס אויפן וואָעל איינקויפן עפּעס אויף אָנבייסן.

אויך דער אלטער האָט גענומען ארויסגיין. אז דבורהלע שליאָך נעמט זיך קריק צו דער ווירטשאַפט, קאָן ער שוין גיין זיך אַרויסזעצן פאַר דער טיר היטן א קונה. אים פאַרשפּאָרט זי דאָך צו געבן אָנבייסן. אבי ער האָט אַן אויקיץ אָקעוויט, קומט ער שוין אָפּ מיט שהי־פּהי. וואָס דאַרף דען אן אַלטער מאן? איינמאָל אין טאָג, אויף וואַרעמעס, אַביסעלע הינער־יויך מיט אַ מצהלע אונטערגעבראָקט, אַ פליגעלע, אביסעלע קאָמפּאָט, האָט ער שוין גענוג ביז צומאָרגנס. ער האָט זיך געשיבערט, דער אַלטער, געגענעצט און אַן חשק ארויס פון שטוב.

די גאַנצע צייט פון דער מיינסטעראָוועס פּייערן אויפן אַלטן, איז נתן חיים געזעסן ביי דער מאַשין אַ שטילער, אַ דערשלאָגענער. די הענט זענען פיבערדיק נאָכגעלאָפן מיטן געוואַנט דער לויפנדיקער מאַשין־נאָדל, אָבער נאָך פיבערדיקער איז געלאָפן דער דמיון זיינער. צוואָס האָט ער דאָס געדאַרפט? פאַרוואָס האָט ער זיך געלאָזט אָנרעדן פון מעכעלען צו קומען אַהער? ער האָט דאָך געקענט דבורהלע שליאָך, געוווסט פון איר מענה־לשון. כאָטש אַז מען וויל צוריקרעדן, דאַרף מען איר גאָרנישט פאַרדענקען. מ׳שטיינסגעזאָגט, ווער ס׳איז זי מקנא! אַ שוואַך מענטש, אויף די עלטערע יאָרן שוין און זי מוז נאָך אַלץ אַליין טראָגן דעם עול פון אַ גאַנץ הויזגע־זינד. כל־זמן מעכל איז געווען האָט זי געהאַט אויף וועמען זיך אָנצושפּאַרן. ער האָט געפירט דעם וואַרשטאַט, ער איז געפאָרן קיין וואַרשע נאָך סחורה. איצט איז מעכל שוין אַ מענטש פאַר זיך, האָט זי געהאָפט אויף יאָסלען, נעמט ער און פאָרט גאָר אַוועק קיין פּאַלעסטינע. דאַרף זי נעבעך מיט זיך אַליין פאַרשטופּן אַלע לעכער! אפילו מיטן היטן אַ קונה פאַר דער טיר קאָן זי מערנישט זיך פאַרלאָזן אויפן אַלטן. ער שלאָפט איין ווי אַ הון און דאָ זיצן צוויי מיידן! זיי מאַכן טאַקע שייטלען, אָבער מער ווי אויף אַ קליידל האָבן זיי נישט פון זייער אַרבעט. אויף נדן דאַרף זי, די מאַמע, זיך ברעכן דעם קאָפּ. כאָטש וואָס קאָן שוין דער ראָכטשען העלפן נדן? מיט אַזאַ פלאָם איבער דער גאַנצער רעכטער באַק, וועלכער בחור וועט זי נעמען? און אפילו די עלטערע, פעלטשע? ביידע האָבן שוין לאַנג געמעגט הערן שפּילן.

די מיינסטעראָווע איז צוריק אריינגעקומען מיט אַן איינקויף אין אירע הענט, זיך געפּאָרעט ביי דער פּליטע, געמישט צוואָרעך מיט קעז אין אַ שיסעלע, געמאַכט פּייער אונטערן דרייעק, צוגעשטעלט פאַרבריען ציקאָריע.

ניין, ער, נתן חיים, האָט חלילה נישט קיין טענה צו דער מיינסטעראָווע. ער פאַרטראָגט אויך נישט דאָס רופן זי דבורהלע שליאָך. לויט אים וואָלט קיין ווייבל נישט געווען מער בריה פון איר. טענות האָט ער בלויז צו זיך אַליין. צו וואָס איז ער מיט אַ געזונטן קאָפּ געקראָכן אין אַ קראַנק בעט אַריין? צו וואָס האָט ער זיך געלאָזט צורעדן פון מעכעלען צו קומען אַהער? דאָס איז דאָך אַלץ איבערן שיינדעלען. ער האָט געוואָלט זי זאָל אים זען אין נייעם גאַרניטער, אין קאָפּעלוש. נאָר וואָס עפּעס לייגט ער אַלץ אָפּ אויף שיינדעלען? ער האָט דאָך געוואָלט זען עלקעלען. איז איצט, אַז ער האָט זיך שוין פאַר זיי געוויזן, זאָל ער אפשר צוריקפאָרן קיין וואַרשע? ער וואָלט געדאַרפט איבעררעדן מיט מעכעלען. זאָל מען אים באַצאָלן וואָס אים קומט און ער פאָרט אַוועק נאָך פאַר שבועות!

די מיינסטעראָווע איז צוגעקומען, פאַרדעקט מיט אַ האַנטעך אַ שפּיץ־טיש, געשטעלט אַ זאַלץ־מעסטל מיט זאַלץ, געלייגט אַ רעפטל ברויט, צוגעברענגט אַ שיסעלע צוואָרעך, דורכגעמישט מיט גרינעם שטשיפּיאָ־רעק, מיט רויטע רעטעכלעך, אַוועקגעשטעלט אַ גלאָז ציקאָריע און אַ זאָג געטאָן צו נתן חיימען:

— גיי וואַש זיך!

## קאַפּיטל זיבנאונדרייסיק

אויף אַן אייזערן אויפשטעל־בעטל, אויפן הויף, אין קילן שאָטן פון דער ווייס־געקאַלכטער אָפיצינע, איז געלעגן מענדל, אַ יונג פון אַ יאָר נײַנצן, מיט אַ פעט, צעגאָסן פּנים, קרענקלעך בלאַס, די שוואַרצע באָרד נישט געגאָלט שוין עטלעכע טעג. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אַ בלוי־געשלעקלטן שלאַפראָק און זומערדיק־אָפענע לאַטשן אויף די באָרוועסע פיס. לעבן זיין צוקאָפּנס איז געשטאַנען אַ קיך־טאַבורעט, פאַרשפּרייט מיט אַ ווייס טישטעכל און דערויף — אַ גלאָז פריש־געוואָלענע מילך מיט אַ געל־פאַרצויגענער הויט, צוגעדעקט מיט אַן אויסגעברוינט קעזקיכל, אַ בלישטשענדיקס פון די איינגעקנעטענע צוקער־דימענטלעך.

ס׳איז געווען דער ערשטער טאָג שבועות אינדערפרי. אַ יום־טובדיקע מנוחה האָט געהויערט איבער דעם הויף. די זון האָט געפּלייצט מיט צעבערס גאָלד. דער הימל איז געווען בלוי אַן איין וואָלקנדל, די לופט — פול מיטן אומרו און געצוויטשער פון פייגל, מיטן געזשום פון בינען און פליגן. איבערן ווייס־זאַמדיקן הויף, צווישן די אויסגעשפּאַנטע וועגן און דראָזשקעס, קריכן ארום הינער, פּיקן קערנער, גאָגערן פון גרויס הנאה און קינדער, צו קליין מיטצוגיין מיט די טאַטעס אין שול אַריין, כאַפּן זיך אויף די קאָזשלעס, שטרעקן אויס די הענטלעך, ווי זיי וואָלטן אָנגעטריבן די אומגעזעענע פערד:

— וויאָ, העטאָ, ווישטאָ!

נו, האָט ער, מענדל, זיך געקאָנט ריכטן אויף דעם? געקומען צו דער מאַמען פריש און געזונט אויף פּסח און אָט איז שוין שבועות און ער ליגט נאָך אַלץ אינדערהיים! געמיינט ער איז קלוגער פון אַנדערע. פאַרוואָס זאָל ער אַרבעטן ביי געוויינלעכע היטלען פאַר זעקס־זיבן קאַרבאָנצעס אַ וואָך, אַז ער קאָן פאַרדינען דרייסיק ביי ליופעס, די שטרויענע זון־היט, וואָס זען אויס ווי די קאַסקעס פון פייערלעשער. אין דעם קורצן סעזאָן פון פאַר פּורים ביז נאָך שבועות, איינגאַנצן וואָסערע צען־צוועלף וואָכן, פאַרדינט ער אַזויפיל ווי אַן אַנדערער אין אַ גאַנץ יאָר!

אַוודאי איז עס אַ שווערע אַרבעט. פון בלויזן ווייקן און פאַרען די בינטלעך ליופעס, אַזאַ האַרט, האָלציק שטרוי, דורכזיכטיק מיט וואונדערלעכע אוזאָרן, איז אין דער „פּראַצאָווניע" (וואַרשטאַט) שטענדיק ווי אין

אַ שוויץ־באָד. ערשט דאָס איינפּרעסן די געוויקטע ליופּעס צו קאָנען אויסשניידן פון זיי די נייטיקע קוואַרטירן אויפצונייען די קאַסקעס און דערנאָך ווידער פּאַרען זיי אויף פּייכט צו קאָנען זיי אַרויפציען און פּרעסן זיי אויף די הילצערנע קעפּ. און געפּרעסט ווערן זיי מער מיטן אייגענעם ביסל כּוח איידער מיט די פּרעסאייזנס, אָנגעהיצטע דורך די אינעווייניק אַריינגעלייגטע, גליאיקע האָלץ־קוילן. און צווישן די קוילן זענען אָפּט דאָ גליאָווניעס, וואָס צינדן זיך אָן און נעמען זעצן מיט רויך אין די אויגן, אין די נאָזלעכער, אין מויל. אָט דער רויך, נישט נאָר ווערט מען פון אים פאַרטשאַדעט ביז חלשות, נאָר ער פאַרקלייבט זיך אין די לונגען, זעצט זיך דאָרטן אָפּ. און ביסלעכווייז, צוזאַמען מיטן איינאָטעמען די זעלבע, נישט־ווענטילירטע, הייס־פּאַרעדיקע לופט, ווערן די לונגען געלעכערט און אַ סך פון די ליופּע־נייערס ענדיקן מיט סוכאָטע־גאַליאָפּ.

איצט ערשט זעט ער איין, מענדל, ווי פאַרנאַרט ער איז געווען. ער האָט געמיינט אַז אָנגערירטע לונגען קריגן נאָר יענע, וואָס שפּאָרן קישקע־געלט, וואָס קאַרגן זיך דעם ביסן אין מויל אַריין. ער אָבער, מענדל, איז פון דעם אויסגעהיט, וואָס, וואָס, קישקע־געלט האָט ער פּיינט. ער האָט ליב גוט אָפּצועסן, בפרט אַז ער אַרבעט ביי ליופּעס.

יעדן באַגין, איידער ער איז ארויף צו דער אַרבעט, האָט ער קודם אָפּגעטרעטן אין קאַוויאַרניע און זיך אונטערגעלענט ס׳האַרץ מיט אַ שטיקל קעזקוכן און אַ גלעזל באַוואַרקע. צווישן ניין און צען האָט ער געגעסן אָנבייסן עטלעכע שיליאַוועס מיט בייגל מיט פּוטער, א יאַיעטשניצע פון דריי־פיר אייער, אַ גלעזל קאַקאָ. איינס אַזייגער איז ער געגאַנגען אויף מיטאָג צו ראובנען אויף דזשיקע 36. רעגינע, די בלאָנדע קעלנערין מיט די גרויסע, פערדישע ציין, ווי נאָר ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין טישל, פאַרלייגט דעם ווייסן סערוועט אונטער דער גאָמבע, האָט זי אים שוין צוגעברענגט דאָס אמתע טעלערל מיט איינגעדעמפּטע, אָדער אייגנגעהאַקטע לעבערלעך מיט ציבעלעס, אַמאָל, — וועמפּלעך, אָדער געהירן, אָדער גאָר מילץ מיט לונגלעך. דערנאָך האָט זי אים דערלאַנגט אַ טעלער פעטן קרופּניק, מיט ארומשווימענדיקע שמאַלץ־אויגן, אָדער אַ גוטן קאַפּושניאַק מיט אַ מאַרך־ביין און אַ טעלער קאַרטאָפל באַשמאָלצן מיט ריישעכץ. נאָך דעם — אַ בעפשטיק איבערן גאַנצן טעלער, אָדער אַ שטיקל פעטע שפּאָנדרע, אָדער גאָר אַ געבראָטן פערטל־גענדזנס מיט אַ טעלערל מייערן־צימעס און אַ רעדעלע געפילטע קישקע אין מיטן און, פאַרשטייט זיך, אַ קאָמפּאָט פון פלוימען מיט שעפּטאַלן, אַ צוויי גלעזער בייעריש ביר און פריש־געביטלט ברויט, וויפל נאָר ס׳האָט געקאָנט אין אים אַריין! אַרום זיבן אָוונט, אויף קאָלאַציע, האָט ער אַראָפּגעשיקט דעם לערניינג צו פרידמאַנען נאָך אַ פערטל אויפשניט מיט אַ צוויי־דריי הייסע וווּרשטלעך,

אַ פלאַש בייעריש ביר, עטלעכע פּעניצן פריש־געבייטלט ברויט, וואָס זיי האָבן דאָרט באַשמירט מיט גענדזן־שמאַלץ. נו, וואָלט עמעצן איינגעפאַלן אַז אויף אַזאַ פּאַשע קאָן מ׳ווערן קראַנק? נישט נאָר ביי ליופּעס, אין אַ קוילן־שאַכטע מעג מען דאָך אַרבעטן אויף אַזאַ עסן! ער האָט דאָך געטיעט, געקריגן אַ קאַרק מיט פּיסקעס! איז ווען זאָל געוועזן איינפאַלן אַז מ׳קאָן האָבן אַ קאַרק און קריגן אָנגעריזרטע לונגען?

גאַנץ פּסח האָט ער אַרומגעהוליעט, זיך אַרומגעשלעפּט גאַנצע נעכט מיט פּזשיאַטשעלעס, מיט מיידן, זיך געוואַלגערט אויף לאָנקעס, אין קניי־פּעס, געווען זיכער אַז מוצאי יום־טוב פאָרט ער צוריק קיין וואַרשע, איז נאַ־דיר! גראָד אינדערהיים ווייזט זיך אים בלוט אין לייכעכץ און דאָקטאָר קאָרן זאָגט:

— נישט צוריקפאָרן קיין וואַרשע! שוין אַרויס קיין נאַלענטשעוו אויף וואַלד־קוראַציע!

איז ער דאָס ביז שבועות אָפּגעווען אין נאַלענטשעוו, געגאָסן אין זיך פריש־געמאָלקענע מילך, אַריינגעפרעסן אין זיך בערג מיט חזיר־פעטס. אַז אַלע שרייען אין איין קול: פאַרגיסן די לונגען מיט פעטס! גיסט ער. ער איז שוין באַלד אַ גייענדיק פעסל. אָבער וואָס וועט פון דעם ווערן? ער ווערט קראַנק פון לייזיקגיין! דאָקטאָר קאָרן זאָגט אַז עס איז אים בעסער, ער וואָלט שוין געמעגט אָנהייבן אַרבעטן, אָבער נישט צו־שווער און נישט אין וואַרשע. אין ראָדעם איז די לופט ריינער און די מאַמע וועט אים בעסער צוזען. דאָקטאָר קאָרן האָט אים אָבער נישט געזאָגט ביי וועמען ער קאָן דאָ הי קריגן אַרבעט. ער ווייסט נישט, דער געשעצטער דאָקטאָר, אַז די ראָדעמער היטלמאַכער וועלן צונעמען אַ ליאַדע פּראָווינצער חיה, אָבער אַן אייגענעם? אַ היגן? פאַר קיין געלט נישט!

אין פאַרקאַן־טויער, אַן אויפגעפּראַלט שטיק וואַנט פון געקאַלכטע ברעטער, האָבן זיך אָנגעהויבן אַריינוווייזן יום־טובדיק אויסגעפּוצטע ווייבער, שכנות פון הויף, צוריק שוין פון שול. אויך די מאַמע זיינע, מאַליע די דראָזשקאַרקע, איז אָנגעקומען מיטן מחזור אונטערן אָרעם. מאַנצביל קאָנען זיך פאַרגינען צו בלייבן אין שול ביזן אויסשפּייען. אַ פרוי אָבער מוז אַהיימאיילן פריער, גרייטן צום טיש, צומאָל אפילו נאָך צושטעלן עפּעס אָפּקאָכן צו דער יום־טובדיקער סעודה. כאָטש זי, מאַליע, האָט אַלץ גרייט. זי דאַרף בלויז אויפזידן די קעז־קרעפּלעך און זיי צוברוינען אין אַ שטי־קעלע פּוטער אויף דער פּאַטעלניע. זי איילט זיך אָבער נישט צו דעם. מענדל איז נעבעך נישט געזונט. אפשר איז אים שוין ס׳האַרץ אַוועק?

גיך, מיט געשווינדע טריט איז זי צוגעקומען צום זונס בעטל:

— גוט יום־טוב, וואָס מאַכסטו? ווי פילסטו זיך?

מענדל האָט איר נישט באַלד געענטפערט. ער איז געלעגן מיט די הענט אונטערן קאַרק און געשמייכלט מיט ליבשאַפט אַרויף צו דער מאַמען. עפּעס האָט אים איצט די מאַמע, א יום־טובדיק אָנגעטוענע אין קאַרבירטן שייטל, אין טערקיש זײַדענעם שאַל אויף די אַקסלען, אין דער ווייסער בלוזקע מיטן גאָלדענעם קייטל און זייגערל אויפן האַלדז, אויסגעזען יונגער, נישט אַזוי אלמנהדיק־פאַרצוגט ווי אינדערוואָכן, אין מאַרק אויפן וואָגל, ביי איר שטעלכל מיט פּאַטשערקעס און טאַשמעס, מיט קאָלירטע סטענגעס און קנעפּלעך און נאָדל־פּאָדעם.

— גאַנץ גוט, — האָט ער ענדלעך אַ זאָג געטאָן.

— אוי ווי צו מיר נישט! —— האָט די מוטער גענומען טרייבן די פליגן פון קיכל, — האָסט דאָך נישט אָנגערירט אפילו די מילך!

— די מילך קריכט מיר שוין פון האַלדז, — האָט ער זיך פאַרקרומט ווי צום ברעכן.

— וואָלסט זיך אפשר אָנגעטאָן, ס'איז דאָך יום־טוב.

— באַלד, מאַמע.

די מוטער איז אַריין אין שטוב, זיך נעמען צו דער קיך און ער, מענדל, איז נאָכגעקומען, זיך אָפּגאָלן, זיך אַרומוואַשן, אָנטאָן און זיך זעצן צום טיש עסן. פריער פלעגט אים נאָך די מאַמע דערמאָנען צו גיין דאַוונען, איצט, זינט ער איז קראַנק, לאָזט זי אים צורו.

שפּעטער, באַלד נאָכן עסן, איז פון אויבערשטן שטאָק אַראָפּגעקומען אהרן, דער עלטערער זון, אַ דראָזשקאַר ווי דער פאָטער, אים צו לאַנגע יאָר, מיט אַן אייגענער קאַטש, טאַקע די, אויפן הויף דאָ, מיט אַן אייגענעם שליטן אויפן ווינטער און גאָר אַ פיין פערד, געלויבט זיין ליבער נאָמען.

אַלעמאָל, ווען די צוויי ברידער קומען זיך צוזאַמען, וווּנדערט זי זיך, די מאַמע. בלויז אין קנאַפּע פיר יאָר גערוקט איינער פון אַנדערן און דאָך זענען זיי ווי טאָג און נאַכט! מענדעלע, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, גאָלט זיך די באָרד און וואָנסעס, ווי להבדיל, אַ קאַטוילישער קשאָנדז, קליידט זיך קורץ, אין העלע קאָסטיומען, אין געלע שיך מיט אַ ווייכער פּאַנאַמע אויפן קאָפּ. אהרלע דאַקעגן, ווי ווויל ער איז נאָך נישט קיין גאַנצע פיראונצוואָנציק יאָר, איז ער געסטאַטקעוועט, גייט אָנגעטאָן יידישלעך, טראָגט באָרד און וואָנסעס, בלישטשעדיק־שוואַרץ, פונקט ווי דער טאַטע זיינער אין זיין עלטער.

זי האָט גיך געשטעלט כיבוד פאַר אהרלען. אָט די צוויי זין, זאָלן איר לעבן און געזונט זיין, זענען איר גאַנץ פאַרמעגן. דער עלטערער, אהרלע, כאָטש ער וווינט אין זעלבן הויז, קומט ער גאַנץ ווייניק אַריין צו דער מאַמע. ווען מענדל איז נישט אינדערהיים, קאָן אוועק אַ גאַנצע וואָך זי זאָל

אים נישט אָנזעען אין אירע אויגן. צו וואָס לייקענען? זי, די מאַמע, וואָלט גראָד געוואָלט האָבן דעם זון וואָס אָפּטער ביי איר טיש. אַ וויסטע אלמנה נעבעך, וואָלט זי געוואָלט דער זון זאָל אויך פאַר איר אַמאָל אין אַ פרייטיק־צונאַכטס, צי גאָר, ווען גאָט העלפט, א יום־טוב, מאַכן קידוש. האָבן אָבער שנורן נישט גערן די מענער זייערע זאָלן קומען צו די מאַמעס. צו אירע עלטערן שלעפּט די שנור אהרלען גראָד זייער אָפּט. אָבער צו זיין מאַמע? חלילה! ער קאָן נאָך זאָגן אַז די מאַמעס קיכלעך שמעקן אים בעסער, אַז דער מאַמעס יויך איז באַטעמטער.

— עס, עס, — האָט זי צוגערוקט דעם טעלער נענטער צו אהרלען, — פאַרזוך כאָטש דער מאַמעס קעז־קרעפּלעך.

אַראָנטשיק איז געזעסן ביים טיש אויבנאָן אין אַ שוואַרצן גאַרניטער, די גאָלדענע קייט פון חתן־זייגער, אַ בלישטשעדיק־אויסגעשפּרייטע פון איין וועסטל־קעשענע צום אַנדערן. ס'שמאָלע יידישע היטעלע איז אים געווען פאַררוקט אַהינטער, ס'דאַשיקל — דערטרונקען אין דער שוואַרצער האָר־טשופּרינע, וואָס איבערן שטערן. ער האָט אַריינגעשטאָכן דעם גאָפּל אין אַ קרעפּל, אַ צוגעברוינטס, אַ באַשאָטנס מיט צוקער און צימרינג, עס איינגעטונקען אין שיסעלע סמעטענע און פּאַוואָליע עס אַריינגעלייגט אין מויל, באַלד האָט ער גענומען נאָך איינס, אַוועקגעלייגט דעם גאָפּל, אָפּגעווישט מיט דער האַנט־פּלאַך די שפּריצלעך ווייס פון דער שוואַרצער באָרד און וואָנסעס, און וויגנדיק דעם קאָפּ פון גרויס הנאה, האָט ער געשמייכלט צו דער מאַמען:

— טאַקע עפּעס טעם גן עדן, די קרעפּלעך.

איצט, אז ער האָט אַראָפּגעשלונגען דער מאַמעס כיבוד, האָט ער זיך אויסגעדרייט צום ברודער:

— ווייסט, מענדל, מיר איז איינגעפאַלן ביים דאַווענען אַז נאָך היינט 'על איך האָבן פאַר דיר אַ שטעלע צו דער אַרבעט.

— אַ שטעלע פאַר מיר? ביי ווע מען? וויאזוי?

שמייכלדיק, צופרידן פון זיין איינפאַל, האָט אַראָנטשיק אַרויסגעצויגן פון דער הויזן־קעשענע זיין פּען־מעסערל, געטאָן אַ קוועטש אַ קנאָפּקע און אַז דאָס שאַרף־בלישטשעדיק קלינגל איז אַרויסגעשפּרונגען, האָט ער ערשט פאַרטרויט דעם ברודער זיין פּלאַן:

— זעסט, מיט דעם גיי איך זיך היינט זען מיט וועלכן פון די אָנגע־פאַרענע היטלמאַכער־געזעלן. אַ פּראָווינצער, אַז ער וועט דערזען אַ מעסער, טראָגט ער זיך גלייך אָפּ פון ראָדעם. נאָך דעם וועט מען שוין קומען דיך זוכן. איך ווייס נאָר נישט אויף וועמען פון די סמאַרקעס זיך אָפּצושטעלן.

די מוטער איז צוגעקומען צום טיש אַראָפּנעמען די טעלער. דער־זעענדיק דאָס מעסער האָט זי זיך אַ צאַפּל געטאָן:

— וואָס איז דאָס? ווּעמען גייסטו שטעכן? זי, די מאַמע, האָט געגוג סיבות פּאַר שרעק. ער האָט זיך טאַקע געסטאַטקעוועט, אהרלע, געוואָרן אַ באַלעבאָס מיט אַן אייגענער קאָטש, גייט שבת און יום־טוב אין שול אַריין דאַווענען, אָבער אים ציט נאָך אַלץ צו די אַמאָליקע פּזשיאַטשעלעס, די ראָדעמער ווילע יונגען, וואָס ציען ביי זיי אַ מעסער איז ווי אַראָפּ־שלינגען אַ לעקעכל.

— גיב מיר שוין דאָס מעסער! — האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט צום זון.

— ווער גייט שטעכן? וואָס רעדסטו, מאַמע. כ׳וויל בלויז אָפּשרעקן אַ פּראָווינצערל, ער זאָל לויפן אַהיים, ווּעט מענדל האָבן אַ שטעלע ווו צו אַרבעטן.

— און אפילו אַזוי? גייט מ׳ מיט מעסערס? — האָט די מוטער זיך אַלץ נישט געקאָנט באַרואיקן פון דעם וואָס זי זעט דאָ.

— מאַמע, מיש דיך נישט אַריין! — האָט מענדל זיך אויסגעדרייט מיט געבייזער צו דער מוטער. ער איז טאַקע נישט געוואָרן קיין דראָזשקאַר ווי דער פאָטער, ווי אהרן, אָבער ציען אַ מעסער איז אויך ביי אים אַ קלייניקייט, בפרט אַז דאָ גייט אין בלויז אָפּשרעקן אַ פּראָווינצער סמאַרקל:

— ס׳איז נישט קיין שלעכטער איינפאַל, — האָט ער זיך צוריק געווענדט צום ברודער. — וואָלסט זיך געדאַרפט, מיין איך, זען מיט דעם יאַט, וואָס מעכעלע האָט אַראָפּגעבערענגט פון וואַרשע פאַר דער מאַמע זיינער. פאַר־שטייסט, אהרן, — האָט ער, אַן אויפגעהייטערטער שוין, זיך צוגערוקט צום ברודער, — פאַרטרייבן אַ געזעלן פון אַ מיינסטער איז נאָך נישט געגוג. אַ באַלמעלאָכע קאָן זיך אַן עצה געבן ביז ער קריגט אַן אנדער געזעלן. ווען אָבער דו פאַרטרייבסט דעם יאַט פון דבורהלע שליאַך, איז זי אַ געקוי־לעטע, בפרט איצט, אַז יאָסעלע איז נישטאָ! מעכעלע וואָלט איר דאָ ווייניק וואָס געקאָנט העלפן. זי וואָלט באַלד געקומען מיך בעטן איך זאָל גיין צו איר אַרבעטן.

די צוויי זינדלעך האָבן שוין איצט נישט געהערט דער מאַמעס בעטע־נישן, זיי זאָלן דאָס נישט טאָן. אהרלע האָט זיך גלייך פאַרנומען פון שטוב ארויס לויערן אויף נתן חיימען. קודם איז ער זיך דורכגעגאַנגען איבערן הויף, געכאַפּט אַ קוק אין דבורהלע שליאָכס פענצטער. געזען דער בחור איז נישטאָ, האָט ער זיך געשטעלט אויף דער גאַס אים אָפּוואַרטן. פאַר־נאַכט ערשט, האָט ער אים דערזען אָנקומען מיט דער לובלינער גאַס אַראָפּ צום וואָעל.

אַראָנטשיק האָט אים פון ווייטנס אָפּגעמאָסטן. אויסגעוואַקסן דער יאַט! א גאַנצער פּאַצעט אין אַ שוואַרצן גאַרניטער, אין סקריפּענדיקע שטיוולעטן, אין אַ קאַפּעלוש מיט אַ ברייטן ראַנד! און זע נאָר ווי פאַר־טראַכט ער גייט! ער זעט דאָך נישט קיינעם, אַקוראַט ווי די פאַרמוחטע לייט, פּיליסיפן, די סטרייקער.

אַראָנטשיק האָט געמאַכט אַ טראָט אים אַנטקעגן:

— אויף דיר וואַרט איך טאַקע. קום נאָר מיט מיר אַריין אין טויער.

נתן חיים האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. ער האָט אָנגעשטעלט אויף דעם אַראָנטשיקן אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן. עפּעס האָט ער פאַרלוירן ס׳לשון. וואָס קומט דאָ פּאָר? וואָס וויל ער פון אים? ווער דער פאַרשוין איז, האָט ער גראָד געוווּסט. ער האָט דעם אַראָנטשיקן נישט איינמאָל געזען אָדער זיצן אויפן קאָזשאָל, אָדער שטיין לעבן זיין קאַטש, אויף דער סטאָיקע פון ראָג וואַרשעווער און אָרעוואַנסקע גאַסן. ער האָט אים אויך געקענט נאָך פון פאַר זיין פאָרן קיין וואַרשע, ווען אברם יאַנקל איז נאָך דאָ געווען. אָט דער אַראָנטשיק וווינט אין שול־געסל, אויף אַ דראָזשקאַרסקע הויף, פּונקט אַנטקעגן דעם פענצטער פון אברם יאַנקלס געוועזענעם מיינסטער, בערעלע יאָסקעס. אז ער איז איינער פון די ראָדעמער מעסער־שטעכער, האָט ער אויך געוווּסט, אָבער וואָס וויל ער פון אים?

אַ געליימטער פון שרעק איז נתן חיים אַריינגעטריבן געוואָרן אין טויער פון ראָג לובלינער און וואָעל. דאָ, אין דער פאַרנאַכטיקער טונקל־קייט, אַן אריינגעשטופּטער אין אַ ווינקעלע, האָט אים פאַר די אויגן אַ בליץ געטאָן דאָס מעסער אין אַראָנטשיקס האַנט:

— געדענק! איך וואָרן דיך, גלייך נאָך יום־טוב זאָלסטו זיך אָפּטראָגן פון ראָדעם. טאָמער נישט, וועלן דיינע קישקעס ליגן אויפן ברוק! — איצט האָט אַראָנשטיק רואיק אַריינגעלייגט ס׳מעסער אין קעשענע און פּאַוואָליע זיך אַרויסגעגאַנגען פון טויער.

נתן חיים איז געווען געליימט. נישט ער האָט געקאָנט עפּענען ס׳מויל צו פרעגן: פאַרוואָס? און נישט ער האָט געקאָנט שטעלן אַ טראָט פון טויער אַרויס. דער אָנפאַל איז אויף אים געקומען אזוי אומגעריכט, אַזוי פּלוצים, אז ער איז פּשוט געווען ווי פאַראַליזירט.

גראָד איז ער איצט געגאַנגען צוריק אויפן וואָעל אַן אויפגעלייגטער. שמעון, דער לערניינג, האָט אים שוין עטלעכע מאָל געהאַט פאַרבעטן אין סאָד אַריין, צו זיין באָבע. אַ קיילעכדיקער יתום, פון אַן איינציקער טאָכטער, געשטאָרבן נעבעך אין קימפּעט, האָט די באָבע געכאָוועט דאָס אייניקל, דאָס איינציקע אויג אין איר קאָפּ. אים, נתן חיימען, וואָס שמעון לערנט זיך ביי אים די מלאָכה, וויל זי שטאַרק האָבן פאַר אַן איינגייער. אַז א יינגל

האָט גוטע חברים, גייט ער נישט אַראָפּ פון וועג. און דער נתן חיים, ווי זי הערט, איז אַ ווויל ייִנגל. האָט זי זיך קוים דערבעטן ער זאָל היינט, שבועות, קומען צו איר אויף דער אָגראָדאָווע גאַס אין סאָד אַריין.

שמעונס באָבע, רחמה, אַ הויכע ייִדענע, אַ ווייך־פּליישיקע, ווי דער אייניק אירער, איז איצט, יום־טוב, געזעסן מנוחהדיק אויף אַ נידעריק בענקעלע אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אָן שטאַם פון א ברייט־צעוואַקסע־נעם עפּלבוים. אין דער קאָפּקע מיטן רויטן טשיפּיק אויפן קאָפּ, האָט זי אויסגעזען ווי אַ הון, אַ קוואָקע מיט אַ גליאיקן קאַם, וואָלט זיך אַראָפּגע־זעצט אין די טיפע גראָזן אויסצובריען הינדעלעך. זי האָט זיך געשאָקלט איבער אַן אָפן ספר אין איר שויס און איבער איר און אַרום איר האָבן זיך אין דער קיל־גרינער שאָטנדיקייט געוויגט און געציטערט גאָלדענע זון־פּלעקן, דורכגעפּאַלענע דורך די געדיכט־באַבלעטערטע צווייגן, פּונקט ווי פּלאַטערלעך וואָלטן אַרום איר אַרומגעפּלאַטערט. וויגנדיק דעם קאָפּ אין דער ברייט האָט זי געלייענט פון ספר מיט אַזאַ זשומענדיק זינגענדיק קול:

„האָט רות געזאָגט צו נעמין, זאָלסט מיך ניט בעטן דיך צו
פאַרלאָזן,
ווו דו וועסט גיין, וועל איך גיין, ווו דו וועסט נעכטיקן וועל
איך נעכטיקן,
דיין פאָלק איז מיין פאָלק, דיין גאָט איז מיין גאָט אויכעט".

דערביי האָט זי געקרעכצט: ווי זעט מען גאָר היינט אַזוינע שנורן? אָן אייגענע טאָכטער באַהעפט זיך דאָך היינט נישט אַזוי צו איר לייבלעכער מאַמען!

— גיט יום־טוב, — האָט נתן חיים זי באַגריסט.

זי האָט אַרויסגענומען פון ספר די אויגן, אַרומגערעמטע מיט דראָטענע שפּאַקולן און זיך צעשמייכלט פון גרויס פרייד:

— גיט יום־טוב, גיט יאָר, ס'קאָצל קימט, אַבי מ'זעט דיך.

געגאַנגען היינט צו שמעונען איז נתן חיים נישט צוליבן גוט־יום־טוב־ביטן דער באָבע זיינער ווי צוליב אַ ביכל. איינגעשריבן דאָ אין דער ביב־ליאָטעק האָט ער זיך נאָך נישט און ער האָט רעכט נישט קיין ביכל צו לייענען און דער שמעון האָט אים געזאָגט אַז ער האָט דאָס ביכל „טויזנט און איין נאַכט". ווי וווּיל ער האָט שוין דאָס בוך געלייענט, האָט עס אים געצויגן ווידער צו לייענען די מעשיות וועגן קאַליף מיט דער פּרינצעסין, וועגן די פּאַלאַצן און דעם קאַליפס שיינע ווייבער.

די אויסטערלישע מעשיות אין דעם ביכל האָבן אים און שמעונען געהאַלטן געשפּאַנט ביז פאַרגעסנקייט, געצונדן די ייִנגלשע געבליטן אין זיי. זיי האָבן גאָרנישט באַמערקט ווי די באָבע איז צוגעקומען און אַוועק־

געשטעלט לעבן זיי אַ טעלער מיט רויטע קאַרשן און גרינע אַגרעסן, יום־טוב־כיבוד. אים, נתן חיימען, ביים איצטיקן נאָכאַמאָל לייענען די מעשה, איז אים רק פאָרגעקומען אַז די פּרינצעסין איז עלקעלע, וואָס דער קאַליף ווען זי אומברענגען, טאָמער, חלילה, וועט זי די קומענדיקע נאַכט נישט האָבן מער קיין געשיכטע אים צו דערציילן. איז אָט, שטאָט דער קאַליף, גאָר אַראָנטשיק אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ מעסער און אומברענגען וויל ער גאָר אים! אָבער פאַרוואָס?

נתן חיים איז אַרויס פון טויער. די עלעקטרישע לאָמפּן איןביידע זייטן גאַס האָבן שוין געברענט. יידן גייען שוין ווידער אין שול אַריין, אין בית המדרש, אין אַלערליי שטיבלעך, דאַווענען דעם יום־טובדיקן מעריב פון דער צווייטער נאַכט שבועות. זאָל ער אויך אַזוי טאָן? זיך גאָרנישט מאַכן וויסן און זיך זעצן צו דער סעודה? אָדער זאָל ער שוין גיין צום קוזין אברהם זיך פאַרטרויען פאַר אים? און אפשר גאָר אַריינגיין צו מעכעלען אים דערציילן?

נאָר וואָס וועט שוין זיין אז ער וועט דערציילן? וואָסי? דער קוזין אָדער מעכעלע וועלן זיך גיין שלאָגן מיט אַראָנטשיקן? און ער האָט דען מורא פאַר זיי? און גיין צו דער פּאָליציי וועט דען טויגן? *) ממה נפשך, וועט די פּאָליציי זיך נישט מאַכן וויסן, ווייל זי איז שטענדיק **) יד אחת מיט אַזוינע לייט, וועט אַראָנטשיק אים אוודאי פאַרפּעצן אַ מעסער. וועט די פּאָליציי זיך יאָ אַריינמישן, וועט ער זיך ערשט וואַשן צו אים אויך פאַרן מסרן! אָבער פאַרוואָס זאָל אַראָנטשיק וועלן אים שטעכן? וואָסער שלעכטס האָט ער אים געטאָן?

ער איז געלעגן אין דער שלאָף־באַנק, זיך געבראָכן דעם קאָפּ ביז אים איז איינגעפאַלן אַז אַראָנטשיק וויל אים גאָרנישט שטעכן, נאָר אים פאַרטרייבן פון ראָדעם צוליב מענדעלען, דעם בראַטאַק זיינעם. דער מענדעלע זוכט דאָך אַן אָרט צו דער אַרבעט. ער וויל בלייבן אין ראָדעם ווייל ער שפּייט מיט בלוט. נו, קומט אים, נתן חיימען, צו סטראַשען מיט אַ מעסער? ער וועט אים אָפּטרעטן ס׳אָרט ביי דבורהלע שליאָך מיט קנין און מיט מנין! סייווי וויל ער פון דאַנען אַוועקגיין. וואָסערע גליקן האָט ער דאָ? ס׳איז טאַקע נישט שיין צו זיין אַ פּחדן, אָבער פאַרהערן זיך מיט אַראָנטשיקן וויל ער נישט. ביז די פּאָליציי וועט זיך פאַר אים אָננעמען, קאָן ער פאַרפוילט ווערן אויפן בית עולם.

---

*) איינס פון די ביידע.

**) איין האַנט.

אינדרויסן האָט אָנגעהויבן טאָגן. גרויע ליכט־פּאַסן זענען אַריינגע־פּאַלן דורך די לאָדן־שפּאַלטן, זיך געצויגן איבערן טיש, אַראָפּ אויפן דיל. ווען היינט איז נישט יום־טוב, דער צווייטער טאָג שבועות, וואָלט ער זיך שוין איצט איינגעפּאַקט. ער דאַרף אפילו נישט דערציילן פאַרוואָס ער גייט אַוועק. צו וואָס אויפראָיען אַ זומפּ? סיי דעם קוזין, סיי מעכעלען וועט ער זאָגן אַז ס׳איז אים דאָ נישט גוט, ער וויל נישט ליידן דאָס וואָרטשען און וואַרפן זיך פון דער מיינסטעראָווע. איי, זי וועט אפשר נישט וועלן אים באַצאָלן די עטלעכע קערבלעך וואָס אים קומט? קיין סך קומט אים סיווי נישט. גראָד האָט ער ערב יום־טוב גענומען ביי דער מיינסטעראָווע פינף רובל, קומט אים נאָך צו וועלכע צוויי־דריי קערבלעך. וועט מען זיי אים צוצאָלן איז אַוודאי גוט, אלא נישט איז אויך פאַרפאַלן. אַבי ער האָט אויף הוצאות קריק קיין וואַרשע!

# קאַפּיטל אַכטאונדרייסיק

קוים פּופּצן און אַ האַלב יאָר איז נתן חיים אַלט געווען ווען ער איז צום צווייטן מאָל אַוועק פון ראָדעם קיין וואַרשע.

ס׳איז געווען נאָך שבועות, אין מיטן זמן, נישט די צייט צו קריגן אַן אָרט ביי אַ מיינסטער מיט עסן און שלאָפן. די ערטער קריגט מען נאָר אָנהייב זמן, אסרו־חג פּסח, אָדער סוכות. וועט ער איצט מוזן זיך זוכן אַן אָרט נישט אין אַ געוועלב, נאָר אין א פאַבריקל אויף איינעם פון די גרויסע הייף אויף נאַלעווקעס, פראַנציסקאַנער, אָדער שוויענטע יערסקע גאַסן. דערווייל אָבער, ביז וואָס־ווען, מוז ער זיך דינגען אַ סטאַנציע ווו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, דאָס קופערטל אַוועקצושטעלן. גיין, ווי דעמאָלט, צום פעטער שמואל, איבערלאָזן דאָרטן די זאַכן, וועט ער מער נישט.

מיד פון שלעפן זיך פון דער באַן צופוס, איז ער געבליבן שטיין אַ ווײַלע אויף ראָג נאַלעווקעס און גענשע, אַראָפּגעשטעלט דאָס קופערטל פון אַקסל אויפן טראָטואַר, פאַררוקט ס׳היטל אַהינטער און זיך גענומען אָפּווישן דעם שווייס פון שטערן, פון פּנים, פון האַלדז און נאַקן.

ווי ווויל ס׳איז ערשט געווען האַלב יוני, האָבן זיך שוין אין וואַרשע ווידער געהאַט געשטעלט די גרויסע היצן. די זון איבערן קאָפּ האָט געגליט, דאָס ליכט האָט פאַרבלענדט די אויגן, דער שווייס איז גערונען פון פּנים, אָבער טרעגער, געבויגן ביז די קני, האָבן מיט שטריק איבער די פּלייצעס געשלעפּט אויף זיך פון די גענשער מאַנופאַקטור־סקלאַדעס, בערג מיט וואָל־שטאָפן, מיט קאָלירטן זיידנצייג, מיט געבלימלטע סיצן און די טראַמ־ווייען אין מיטן גאַס, זענען געפלויגן הין און צוריק מיט אַ געקלונגערײַ פון זייערע וואָרענונג־גלאָקן און אַרום, אויף די טראָטואַרן, האָט געווימלט און געשווירבלט מיט אָנגעפּאָרענע פּראָווינצער יידן און ווייבער, אַלע איילנ־דיקע, האַווענדיקע אַרויס און אריין אין די נאַלעווקער געשעפטן, אין די פאַבריקלעך און סקלאַדעס פון די גרויסע, טיפע, וואַרשעווער הייף.

ער האָט זיך אַרומגעקוקט, נתן חיים. ניין, ער איז איצט נישט אַזוי צעטומלט און פאַרלוירן אין דעם יאָגעניש און האַוועניש אין דער גרויסער וואַרשע, ווי ער איז דאָס געווען ביי זיין ערשטן קומען אַהער. רואיק איז ער צוגעגאַנגען צום קיאָסק, אַזא רונדביידל, מיט אַ פּירעקיקער עפענונג, ווי אַ פענצטער אין ראָג־גאַס, געקויפט אַ „מאָמענט" און זיך צוריקגע־

שטעלט לעבן קופּערטל זוכן צווישן די אַנאָנסן מיט די דראָבנע אותיותלעך אַ סטאַנציע, אַ בעטל הייסט עס, אין אַ וועלכער שטוב. קנאַפּע פינף קערב־לעך אין קעשענע האָט ער, די שטאָט קען ער, וועט ער שוין נישט פאַר־לוירן ווערן. ערשט נאָכן האָבן זיך אָפּגעזוכט אַ סטאַנציע און זיך געפונען אַן אָרט צו דער אַרבעט, וועט ער גיין זיך זען מיט אברם יאַנקלען, דעם עלטערן ברודער, וואָס ווייסט אפילו נישט אַז ער האָט איבערגעלאָזט די שטעלע אין ראַדעם און איז געקומען צוריק קיין וואַרשע.

נאָכן האָבן געזען איין סטאַנציע און אַ צווייטע האָט ער ענדלעך, נאָך אַ לאַנג קווענקלעניש, געדונגען זיך אַ בעטל ביי אַ שוסטער אין אַ קעלער. זומער אין די פאַרגע היצן, איז אין אַ קעלער קיל צו שלאָפן. ווינטער ווידער איז דאָך געהייצט. אלא וואָס דאָ, אין דעם קעלער, איז שטענדיק פינצטער און דער באַלעבאָס זיצט ביי זיין שוסטער־וואַרשטאַטל אויף אַ טיש, מיטן קאָפּ אונטער דער סטעליע, צו האָבן אויף די הענט דאָס קאַרגע ביסל טאָג־ליכט פון קליינעם פענצטערל, וואָס דרויסן, אין הויכן, פירשטאָקיקן הויף, ליגט עס גאָר אונטן, ביים סאַמע שוואַרץ־אַספאַלטירטן באָדן און מער ווי דורכגייענדיקע פיס קאָן מען דורך די פיר קליינע שייבלעך גאָרנישט זען, דאָס האָט נתן חיימען נישט געאַרט. ער וועט דאָ סיווי בייטאָג נישט זיין. אין די אָוונטן, ווען ער קומט אַהיים, ברענט דאָך אַוודאי אַ לאָמפּ.

דאָס קווענקלעניש האָט ביי אים אויפגעהערט ווען די באַלעבאָסטע, אַ דראָבנע ווייבל, א בלאַסע מיט קליינע, שוואַרצע אייגעלעך, אומרואיקע, ווי ביי אַ געפאַנגען מייזל, האָט מיט איר דאַר, אָדערדיק הענטל, אונטער־געהויבן דעם צודעק פון אויפשטעל־בעטל און אים געוויזן אַז די איבערציג איז ריין און אים פאַרזיכערט אַז אַלע צוויי וואָכן, ווי נאָר זיין ליבער נאָמען גיט דעם פרייטיק, ציט זי איבער דעם לאָקאַטאָרס קישעלע צוגלייך מיט אירע קישנס, שפרייט אויס אויף זיין בעטל אַ פריש ליילעך פונקט ווי אויף אירע אייגענע בעטן, איז וואָס נאָך וויל ער פאַר אַ קערבל מיט אַ האַלבן אַ חודש? די מינדסטע סטאַנציע ביי לייטן קאָסט דאָך צוויי מיט אַ האַלבן רובל אַ מאָנאַט! האָט ער באַצאָלט פאַר אַ חודש דירה־געלט, אַוועקגעשטעלט דאָס קופּערטל אונטערן בעטל, איבערגעלאָזט די מעטריקע אויף איינצומעלדן אים דאָ און זיך אַרויסגעלאָזט זוכן אַן אָרט צו דער אַרבעט.

ווי וויל וואַרשעווער יידן, געוועלבניקעס, באַלמעלאָכעס, הענד־לער האָבן, צוגלייך מיט די יידן פון גאַנץ קרוין־פּוילן, געקרעכצט וואָס צוליבן באָיקאָט איז דער פּדיון אין קראָם מאָגער און די פּרנסה — געהר־געט, האָט זיך דאָך גערודערט אין די וואַרשעווער פאַבריקלעך פון היטלען און טריקאָטאַזש, פון מעכאַנישע שיך און לעדער־אויסאַרבעטונגען, פון קליידערוואַרג און אונטערוועש, וואָס אַלע האָבן זיי געאַרבעט פאַרן רוסישן

מאַרק, וווּ מחנות יידישע וואַיאַזשאָרן מיט וואַליזעס און גרויסע, בייכיקע קופּערטן, פולע מיט מוסטערן פון די אויסאַרבעטונגען פון יידישן וואַרשע, האָבן געגרייכט אין די פּאַרוואָרפנסטע שטעט און שטעטלעך פון אייראָפּעישן און אַזיאַטישן רוסלאַנד און געברענגט פון דאָרט באַשטעלונגען פאַרן יידישן סוחר און באַלמעלאָכע אין פוילן.

אָט אין אַזאַ פאַבריקל, אין איינעם פון די טיפע, הויכשטאָקיקע הייף אויף די נאַלעווקעס, האָט מען נתן חיימען צוגענומען און אים געהייסן זיך גלייך זעצן צו דער מאַשין. ער איז איצט נישט געווען מער קיין זמן־יינגל, מיט עסן און שלאָפן ביים מייסטער, נאָר אַ לוין־געזעלן פאַר פיר קערבלעך שכירות אַ וואָך.

דאָס איז נישט געווען קיין פאַבריקאַנט, וואָס אַרבעט אויס היטלען פון אייגענע שטאָפן און שיקט אַרויס וואַיאַזשאָרן איבער רוסלאַנד, דאָרטן אָפּצווזעצן זיינע אויסאַרבעטונגען. דאָס איז געווען אַ פאַבריקל פון אַן ארויס־נעמער, וואָס ארבעט פאַר סוחרים, קריגט ביי זיי די שטאָפן, די צודאַטן, וואָס ער שניידט צו און נייט אויף די היטלען פאַר אַ „מאַכעליאָן״ (מאַך־לוין) לויטן טויץ.

דער מייסטער, שלאמעק, איז נאָך געווען אַ בחור אין די מיטעלע צוואָנציקער, מיט רויטע בעקעלעך, אַ שמייכלדיקער, א צופרידענער, נישט אַזוי מיט די מענטשן ארום, ווי מיט זיך אַליין. און מיט וואָס צו זיין צופרידן האָט ער גראָד געהאַט. קודם איז ער געווען „אַ באַפרייטער״. ער האָט פאָניען גוט אָפּגעפּרייערט! געמאַכט זיך אַ חסרון, וואָס די דאָקטוירים אין פּריסוסטוואָ האָבן זיך פאַר דעם דערשראָקן, געמיינט גאָט ווייסט וואָסער פעלער דאָס איז, אינדעראמתן איז עס געווען בלויז אויגן־פאַרבלענדעניש. אָבער אַ בלויען בילעט האָט ער געקריגן! שטייט ער איצט, צוליב דעם בלויען בילעט, אין גרויסן, לאָזט זיך „רעדן״ שידוכים פון סאַמע „פּער״. מיט וועמען רעדט מען אים דען נישט? מיט טעכטער פון סוחרים, פון פאַבריקאַנטן און מיט גרויסע נדנים! וואָסי? א סך אַזעלכע ווי ער וואַל־גערן זיך אַרום? וואָרעם חוץ דעם בלויען בילעט, איז ער אויך „אַ מענטש פאַר זיך״, מיט אַן אייגענער „פראַצאָווניע״ (פאַבריקל) וואָס נעמט ארויס צו טאָן פון די אָנגעזעענסטע סוחרים אין וואַרשע און אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר אַרבעטן ביי אים דריי־פיר געזעלן מיט אַ לערניינג פאַר אַ צולאָג.

אַליין שטאַמט ער טאַקע פון דראָזשקאַרעס, פון אַראָפּ־גענשע, אַזש לעבן דער אָקאָפּאָווע. אָבער ווער ווייסט דאָס? און ווער וועט דאָס אויף אים דערקענען? גייט אָנגעטאָן ווי אַ פראַנט און פירט זיך אויף ווי איינער פון די רייך־סוחרישע זינדלעך. נישט נאָר שבת, ביי אים אין פראַצאָווניע אַרבעט מען אויך נישט פרייטיק. ער האָט פיינט דאָס פרייטיקדיקע יאָגע־

ניש, וואָס גייט אָן אין אַנדערע פּראַצאָווניעס. שטאָט פּרייטיק, אַרבעט מען ביי אים דאָנערשטיק א גאַנצע נאַכט. מ׳„קאָנטשעט״ (ענדיקט) אַרויס אַלץ וואָס איז צוגעשניטן. פּרייטיק אינדערפרי טראָגט דער לערניינג אָפּ די שאַכטלען מיט היטלען צו די סוחרים און דאָ, אין פּראַצאָווניע, עסט מען דערווייל פרישטיק. דערנאָך, ווען דער לערניינג קומט צוריק מיטן „מאַכע־ליאָן״ פון די סוחרים, מאַכט ער, שלאַמעק, די „וויפּלאַטע״ (אויסצאָל) צו זיינע געזעלן און אַלע צוזאַמען גייען „פּאָדמאָסטעם״ אין שוויץ־באָד אריין זיך גוט אויספּאַרען. פון דאָרט גייט יעדער אַהיים זיך אַביסל אויסשלאָפן און ביינאַכט איז חי־געלעבט! נאָך דער פּרייטיקצונאַכטיקער סעודה אינ־דערהיים, ביי דער מאַמען, קויפט ער, דער מייסטער, אַ באָמבעניערע, נעמט זיך אַ שיקסל און גייט מיט איר אין האָטעל „בריסטאָל״ אָדער אין „עייראָ־פּעיסקי״ און שפּילט דאָרטן „שטאָס״ ביז צומאָרגנס, שבת, שפּעט אין טאָג אַריין.

פון די צוויי הויפּט־געזעלן, ליפּעלע און ברוך, ביידע נאָך פּאַר די צוואָנציק, איז ליפּעלע געגאַנגען אין מייסטערס דרכים. אַ יינג ווי א מאַנגאָל, מיט הויכע באַקן־ביינער, מיט פולע, תאווהדיקע ליפּן, מיט דיקע בערשטל־ברעמען איבער די שוואַרצע, קלוגע אויגן, האָט אויך ער, יעדן פּרייטיקצונאַכטס נאָך דער סעודה ביי ראובנען אין רעסטאָראַציע, זיך געלאָזט ווױלגיין מיט אַ נקבה. ער איז אָבער נישט קיין מייסטער פון אַן אייגענער פּראַצאָווניע ווי שלאַמעק, וואָס קאָן זיך פּאַרגינען באָמבעניערעס מיט האָטעלן. איז ער וואָך־וועכנטלעך געווען א גאַסט אין הייזל, ביי מענדל טיימאַן אויף דער ניזקע גאַס.

אַ גאַנצע וואָך נאָכדעם, צווישן אויפזינגען איין קופּלעטל פון קאָמפּאַ־ניעעצס טעאַטער און דעם אַנדערן, האָבן די צוויי לייט, דער מייסטער און ליפּעלע, זיך געסמאַקעוועט מיט די פּאַרגעניגנס פון לעצטן פּרייטיקצו־נאַכטס. מילא, די טעאַטער־קופּלעטן זענען געזונגען געוואָרן פּאַר אַלעמענס פּאַרגעניגן. דאָס נבול־פּה אָבער איז דער עיקר געמיינט געוואָרן פּאַר ברוכן, דעם צווייטן הויפּט־געזעלן, אַרויסצושלאָגן אים פון זיין ידישלעכן שטיי־גער, פון זיין שטיל־צניעותדיקער איינגעשטעלטקייט, וואָס האָט אַפּנים זיי שטאַרק געערגערט.

דער ברוך איז געווען דער שטאַרקסטער היפּוך פון מייסטער און ליפּען. ווי זיי האָבן געברענט מיט אומרו, מיט אַרומלויפעניש, אַזוי איז ער געווען געלאַסן, גערעדט געלאַסן, געגאַנגען געלאַסן, אפילו געגעסן בנעימות, געלאַסן. און פונקט ווי ליפּעלע האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט נישט אָפּצושטיין פון מייסטער, נישט בלויז אין נקבות נאָר אין קליידן זיך אין אַ העלן גאַרניטער, אין ברוינע שיך מיט אַ שטרוי־

קאַפּעלוש, ווי אַ האַרטער, איבערגעקערטער טעלער אויפן קאָפּ, אַזוי האָט ברוך זיך געקליידט יידישלעך און שבת האָט ער געטראָגן אַ געהאַקטע קאַפּאָטע מיט אַ שמאָל יידיש היטעלע אויפן קאָפּ.

ווי ווייל ער איז ביי דער ארבעט אויך געזעסן אָן אַ היטל און דער קאָפּ טונקל־שאַטינע האָר, ווייך־געקרייזלטע, איז ביי אים געווען פּאַצע־טיש פּאַרקעמט, מיט אַ זייטיקן שרונט און אַ יאָזש, ווי אַ קרוין איבערן שטערן, איז ער דאָך געווען פרום, געלייגט תפילין יעדן פרימאָרגן, זיך געוואשן צו יעדן עסן און דערנאָך געבענטשט. און ווי ווייל ער איז יעדן פרייטיק נאָך „ווייפּלאַטע" געגאַנגען מיטן מיינסטער און ליפּעלען אין שוויץ־באָד, זיך אויספּאַרען נאָך אַ שווערער וואָך אַרבעט, האָט ער אָבער נאָכן שוויץ, דעם גאַנצן פרייטיק און אויך אַ גאנצן שבת, נישט געהאַט מער קיין עסקים נישט מיטן מיינסטער און נישט מיט ליפּעלען. נישט ער איז געגאַנגען אין האָטעלן מיט שיקסעס און נישט ער האָט געוואָלט וויסן פון מענדל טיימאַנס נפקה־בית אויף דער ניזקע גאַס. זיינע פרייטיקצונאַכטסן זענען לגמרי געווען אַנדערע. מחמת ער איז געווען דער גבאי פון אַ „חברה בחורים" מיט אַן אייגן שטיבל און אייגענעם מנין, איז ער יעדן פרייטיק־צונאַכטס, ווי יעדן שבת אינדערפרי, געגאַנגען אין שטיבל אַריין דאַווענען פריער פון די אַנדערע בחורים. גאַנץ אָפט האָט ער אַליין זיך אַוועקגעשטעלט ביים עמוד און אָפּגעקלאַפּט אַ מנחה, אַ שחרית. צו דעם נאָך איז די „חברה בחורים" געווען אַ טייל פון אַ *) „חברה־ביקור־חולים", און ווייל יענע זענען שוין געווען מיטליאָריקע, באַווייבטע לייט, וואָס האָבן נישט געקאָנט אַזוי לייכט אָפּהיטן די „דיזשורס", דאָס גיין נעכטיקן צו קראַנקע, זיי באַדי־נען, איז דאָס דיזשורירן ביי קראַנקע מערסטנס געפאַלן אויף דער „חברה־בחורים", וואָס אַלע זענען זיי געווען יונג, פאַר אָדער קוים אַריבער די צוואַנציק, און דער עיקר, קיינער פון זיי איז נישט געווען באַווייבט.

האָט ער טאַקע, ברוך, אָפּגעגעבן זיינע פרייטיקצונאַכטסן דעם „ביקור־חולים". אַז יעדן אָוונט אין דער וואָך האָט ער געאַרבעט שפּעט און אויפ־שטיין באַגין צו אַ נייעם, שווערן טאָג אַרבעט האָט ער אויך געמוזט, האָט ער דעריבער נישט געקאָנט אָפּגעבן קיין וואָכעדיקע נאַכט צום „דיזשור". ערשט פרייטיקצונאַכטס, נאָכן עסן, נאָכן אָפּבענטשן מזומן ביים טאַטנס טיש, אַן אויסגערוטער פון בייטאָגיקן דרימל, איז ער אַוועק צו אַ קראַנקן ייד ערגעץ אין אַ פּאַציאַטע, צי גאָר אין אַ נאַס־ווילגאָטנעם קעלער. אין קאַרגן ליכט פון אַ קליין, פאַרקאָפּטשעט נאַפט־לעמפּל זיצט ער אָפּ ביים בעט פון קראַנקן, גיט אים איין די רפואות, וואָס דער דאָקטאָר האָט פאַרשריבן,

---

*) באַזוכן קראַנקע.

לייגט אים צו קאָמפּרעסן, קאַלטע אָדער הייסע, אויב מען דאַרף, דער־לאַנגט ער דעם חולה דעם נאַכט־טאָפּ, פאַרטאָג וואַשט ער אים אַרום, בייט אויף אים די וועש און, ווען די שטוביקע שטייען אויף, איבערצוגעמען צוריק די אויפפּאַסונג איבערן חולה, וואַשט ער זיך אַרום, טוט אָן ס'אויבער־מלבוש, זומער — אַ לייכט, גרוי, ריפּסן כאַלאַטל, ווינטער — אַ שווערן פּאַלטן, זעצט אַרויף אַזוי פּאַצעטיש־זייטיקלעך דאָס שמאָלע יידישע היטעלע, אויפן קאָפּ געקרויזטע האָר, זאָגט אַ גוטן שבת, ווינטשט דעם חולה אַ רפואה שלימה און גייט גלייך פון דאָרטן אין שטיבל אַריין, צו זיין חברה. דער גבאי, מוז ער דאָרטן זיין פריער, אפשר איז דער כיור טרוקן און מען דאַרף אים אָנפּילן מיט וואַסער, אפשר דאַרף מען בייטן דאָס האַנטעך, אויסקערן אַביסל איידער דער עולם קומט זיך צונויף דאַווענען. אַז קיין שמש וויל קיינער נישט זיין, מוז דער גבאי זיין דער משמש אויך.

חוץ די צוויי הויפּט־געזעלן מיטן לערניינגל, איז נאָך דאָ אויך געווען אַ דריט געזעלעכל, דעם מייסטערס אַ יינגער ברודערל, פישעלע, אַ בחורל פון אַ יאָר זעכצן, נאָר דראָבנע און קליין — ווי פון דרייצן, דערצו נאָך קרענקלעך בלאַס, מיט אַ ראָזאָווע אָפּגלאַנץ אויף די דאַרע בעקלעך, אָן אַ סימן פון אַ באָרד, פון יינגלשן פוך אויף וואָנסעס. דערפאַר זענען אים די ציינדלעך געווען קינדיש־קליין, אָבער פאַרגעלטע שוין און די האָר אויפן קעפּל — שיטער, קרענקלעך־דין און העל, ווי אָפּגעבליאַקעוועט שטרוי.

גראָד דער בחורעץ האָט זיך אָמשטאַרקסטן פּאַסמאַקעוועט פון ברודערס און ליפעלעס מעשיות וועגן זיינע שיקסעס, וועגן די נקבות ביי מענדל טיימאַן אין הייזל און מיט זיין זקניש איינגעפאַלן מיילעכל, האָט ער מיט־געהאָלפן אָפּלאַכן פון דעם ברוכן, וואָס איז, אָדער מאַכט זיך פאַר אַזאַ *) וצידקתך, פאַר אַ חסידישן צלאָפּ, וואָס פאַרנעמט זיך מיט חברות, מיט וואַכן איבער קראַנקע, וואָס דאָס פּאַסט פאַר אַלטע יידן, נישט פאַר יונגע־לייט. ער אַליין, פישעלע, האָט שוין שטילערהייט, דער ברודער זאָל נישט וויסן, אָנגעהויבן זיין אַ גאַסט ביי מענדל טיימאַן. איינמאָל האָט ער זיך דאָרטן אויסגעקליבן אַ מויד הויך ווי אַ טשערקאַס מיט אַ פּאָר דדים אַז ער איז צווישן זיי פאַרלוירן געוואָרן.

מיט נתן חיימס אָנקומען אַהער אַרבעטן, איז אין דעם פאַבריקל אָנגע־שטאַנען אַ מין געפעכט. פון איין זייט, דער מייסטער מיט ליפעלען און דאָס ברודערל פישעלע ווי דער מיטהעלפער אין אָפּלאַכן, און פון דער

*) נעבעכל.

צווייטער זייט, דער ברוך, איינער אַליין.ביידע צדדים האָבן געזוכט צו קריגן די השפּעה איבער דעם נייעם געזעלן.

דער ברוך, אַ מאַשין לעבן אַ מאַשין מיט נתן חיימען, האָט גלייך איינ־געזען אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט זיינסגלייכן, אַ בחורל — נישט פאַר־גרעבט, קען אין די קליינע פּינטעלעך. ווען ער, ברוך, קריגט אַריין דעם נתן חיימען פאַר אַ „טשלאָנעק" (מיטגליד) אין זיין „חברה־בחורים", וואָלטן זיי געהאַט אַן אייגענעם בעל־קורא. איצט מוזן זיי אָנקומען צו אַן עלטערן ייד, אַ פּאַנפּאַק, וואָס מאַכט זיי אַ גאַנצן מענטליק פאַר זיין קומען לייענען פאַר זיי די תורה, כאָטש ס'איז דען געלייענט? קיין איין קלאָר וואָרט קאָן מע פון דעם ייד נישט הערן.

ווי דער ברוך, אַזוי האָבן אויך דער מיינסטער מיט ליפּעלען געוואָלט אַריבערציען דעם נייעם געזעלן צו זיך. כאָטש צו וואָס האָבן זיי געהאַט אים אַריבערצוציען? קיין בעל קורא אָדער בעל שחרית אין זייערע חברות דאַרפן זיי נישט. סיידן מיטצוגיין מיט זיי אין נפקה־בית. גיכער איז דאָס געווען, אומבאַוווסט פאַר זיי אַליין, דער שטענדיקער באַגער פון געזונטקע־נעם, מיטצושלעפּן מיט זיך דעם ריינעם, כדי נישט צו פילן אַזוי שטאַרק די אייגענע געזונקנקייט. האָבן זיי דאָס איצט, זינט נתן חיים איז אָנגעקומען, נאָך מער אָפּגעלאַכט פון דעם ברוכן, גערופן אים היפּאָקריט, געזאָגט אַז ער שפּילט כלומרשט דאָס צדיקל, בעת אינדערעמתן, וואַלגערט ער זיך שטילערהייט אין נפקה־בית נאָך מער פון זיי, דערביי, כדי אים אויפצורייצן וואָס מער, און דער עיקר, אויפצושפּילן די תאוות אין דעם נייעם געזעלן, אַ „צעלקע" אַוודאי, וואָס רויטלט זיך ווי אַן אומשולדיק מיידעלע, ביים הערן ווען „די זאַכן", האָבן זיי נישט אויפגעהערט איבערצודערציילן מיט אַלע פּיטשעווקעלעך זייערע איבערלעבענישן אין די פּרייטיקצונאַכטסן, דער מיינסטער אין די האָטעלן און ליפּעלע ביי מענדל טיימאַן אין נפקה־בית.

אומגעריכט פאַר אים אַליין, איז דאָ נתן חיים אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין אָפּגרונט, וואָס פריער נאָך, פאַרן אָנקומען אַהער, איז ער שוין אַהין געשלעפּט געוואָרן פון כוחות שטאַרקערע פון אים. צומערשט די נעכעלע יאַכטשעס, אין מאָדזשיץ נאָך, ביים אָנרעדן אים צו מאַכן מיט איר אַ ראַנדקע. דערנאָך די „קאָקע" אין וואַרשע, מיט איר צוגנבענען זיך צו זיין געלעגערל אין די פאַרטאָגן און ערשט די עדזשעלע, מאָניש פערשטנבערגס פּאַצעט־קעלע, וואָס האָט יעדן שבת נאָך וואַרעמעס, אופסניי אויפגערייצט אין אים די תאוה, וואָס גיט אים מערנישט קיין רו. אין די נעכט גייט ער אָפּ אין שוויס, גלייך ס'יילעך אונטער אים וואָלט געברענט. כאָטש ער ווייסט די זינד פון מוציא־זרע־לבטלה, קאָן ער זיך נישט העלפן און באַגייט כסדר

די עבירה. יעדע פרייע מינוט וואָס ער האָט לויפט ער צו די ראָגעס פון כלאָדנע, פון לעשנע און זשעלאַזנע, די געסלעך אַרום מקום, אומעטום, ווו נאָר עס דרייען זיך אַרום נקבות אַריינצורופן געסט. אָבער ווי אויס־טערליש! ווי נאָר וועלכע פון זיי טוט אַ ווינק צו אים: גייען מיר? פאַר־פעלט אים אָטעם, ס׳האַרץ נעמט אים קלאַפּן, און שטאָט זיך דערנענטערן צו איר, נעמט ער אַנטלויפן גיך ווי נאָר די פיס קאָנען אים טראָגן.

האָבן דאָס איצט, די אויסדערציילעניש פון מיינסטער און דעם ליפּע, וועגן זייערע פּריטיקצונאַכטסן, גערייצט אין אים די געבלוטן און כאָטש ער פאַרטראָגט נישט קיין נבול־פה, האָט ער דאָך געגאַרט זיי זאָלן וואָס מער דערציילן און אַז ליפּע האָט איינמאָל, שטילערהייט אים אַ פרעג געטאָן: „נתן חיים, וואָלסט וועלן מיטגיין צו מענדל טיימאַן?" האָט ער נישט געענטפערט „מוחל", נאָר געשוויגן מיט יענעם שווייגעניש, וואָס מיינט שטענדיק: „אַדרבה".

אָבער ווי אויסטערליש! געגאַרט האָט ער מיטצוגיין מיט ליפּען, האָט עס אים דאָך געצויגן צו דעם ברוכן, כאָטש פרום און אָפגעהיט אין דאַווע־נען איז ער שוין נישט געווען. דער קוזין אברהם איז געווען גערעכט. אין וואַרשע ווערט מען גיך קאַליע. אַז קיין שול, אָדער אַ בית המדרש, איז נישט אַזוי אונטער דער האַנט ווי אין ראָדעם, אָדער אין מאָדזשיץ. דערצו נאָך, אַז מען איז אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר צוזאַמען מיט אַזאַ מאָניש פערשטנבערג, אַ קנאַפּער דאַווענער און אויך אַ קאַרג האַלב יאָר מיט וויקטאָרן, וואָס גיט דיר צו לייענען אַלערליי ביכער, דערצו נאָך זאָגט ער בפירוש אַז עס איז נישטאָ קיין גאָט, איז אַ ווונדער אַז ער האָט אויפגעהערט צו זיין פרום?

פונדעסטוועגן איז נתן חיים געוואָרן אַ „טשלאָנעק" אין דעם ברוכס „חברה־בחורים", נישט אַזוי צוליב צוריקאויפגעוואַכטער פרומקייט, ווי צוליבן שטענדיקן באַגער זיינעם צו קאָנען שטיין ביים באַלעמער, איינגע־הילט אין אַ טלית און לייענען די תורה. דאָס לייענען אין ספר לאָקט אים שטאַרק. צו וואָס לייקענען? ער האָט שטאַרק הנאה, ווען ער לייענט אין אויפגעוויקלטן ספר און אַרום זיצן יידן מיט די אויגן אין די חומשים און פאָלגן דיר נאָך און הערן זיך איין אין דיין יעדן וואָרט, אין דיין יעדן אויפ־זינג פון אַ *) פזר, פון אַ לאַנגן געציקלטן שלשלת.

נישט וויניקער האָט אים געלאָקט צו ווערן אויך אַ „טשלאָנעק" אין דער „חברה ביקור חולים". דאָס יינגל אין אים האָט זיך געפילט געשמייכלט

*) צייכנס פון „טראָפּ" (מוזיק) לויט וועלכע מ׳לייענט די תורה.

פון נעמען אויף זיך פליכטן, וואָס דערמאָנען דיך אַז דו ביסט שוין נישט מער קיין קינד, אַז דו ביסט שוין אַ דערוואַקסענער און פּונקט ווי דו נעמסט אויף זיך פליכטן, מעגסטו שוין אויך האָבן רעכטן פון אַ דער־וואַקסענעם.

אָט דאָס דאָזיקע געפיל פון האָבן שוין אויך רעכטן, האָט אים געשטויסן צו נאָנטקייט אויך מיט ליפּען, כאָטש געווען איז ער מיט קנאַפּע פיר יאָר יונגער פון אים. און דעם ערשטן פרייטיק, ווען ליפּע האָט אים שטילער־הייט איבערגעפרעגט צי ער וויל?... האָט ער נישט אויסגעהאַלטן און אין אָוונט, נאָכן פרייטיקצונאַכטיקן אָפּעסן ביי גרינבערגן אין רעסטאָראַן, האָט ער זיך געלאָזט פון ליפּען אַוועקפירן צו מענדל טיימאַן, פּונקט ווי אַ באַטויבטער, אַ פאַר׳תם׳יעטער אָקס, לאָזט זיך פירן צום שוחט אין דער בוינע...

# קאַפּיטל נײַנאונדרײַסיק

וואַרשע האָט געפּיבערט. דער בײַליס־פּראָצעס אין קיעוו ציט זיך ווי פון פעך, הענגט ווי אַ געשפּענסט איבער יעדן ייִד. טאָג נאָך טאָג לויפן איבער די ייִדישע גאַסן ייִנגלעך מיט פּעק צײַטונגען אונטער די אָרעמס און שרײַען: „עקסטרע! עקסטרע!". ייִדן כאַפּן די בלעטער, שטעלן זיך לײַענען און רעדלעך אַרומשטײַער שטופּן די אויגן איבער יענעמס פּלײצע, איבער יענעמס אַקסלען, בייגן צו אַן אויער צו כאַפּן אַ וואָרט.

און נישט נאָר אין גאַס. דער בײַליס־פּראָצעס האָט געהויערט איבערן ייִד אומעטום, אין דער אייגענער שטוב, אין קאַוויאַרניע, אין דער רעס־טאָראַציע. מ׳האָט געטרונקען דאָס גלעזל טיי, געגעסן דאָס פּלעצעלע מיט הערינג, אָבער דאָס אויג איז געווען אין בלאַט־צײַטונג און דאָס האַרץ אין קיעוו, אין דער סודיעבנע־פּאַלאַטע. אָבער און ווידער האָט מען איבער־געטראַכט דאָס אייגענע: וועלן די צוועלף געשווירענע, אַלע פון זיי פּויערים, וואָס קענען צומאָל זיך נישט אונטערשרײַבן, וועלן זיי אײַנזען אַז דאָ ווערט געמאַכט אַ בלבול אויף ייִדן?

זינט ער האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אויף דער וואָך, אָן עסן, אָן שלאָפן ביים מײַנסטער, איז נתן חיים יעדן טאָג געגאַנגען צו מיטאָג אין גרינ־בערגס רעסטאָראַציע אויף דזשעלנע נומער דרײַ. דאָ, אין די גרויסע, גריך־געפּאַרבטע שטובן, בײַ לאַנגע, נאַקעטע טישן, מיט שמאָלע בענק אַרום זיי, אָן קעלנער צום באַדינען, האָט מען פאַר צען קאָפּיקעס געקריגן אַ גרויסן טעלער פעטן קאַפּושניאַק, אָדער קרופּניק מיט אַ מאַרך־ביין און פרישׂ, געבייטלט ברויט, וויפל נאָר מ׳האָט געקאָנט אַרײַנעסן.

איז דאָ שטענדיק, מיטאָג־צײַט, געווען קאָפּ אויף קאָפּ. אַהער זענען געקומען ייִנגלעך, ווי ער, נתן חיים, וואָס האָבן פון זייערע קנאַפּע שכירות זיך נישט געקאָנט פאַרגינען קיין ליטיש מיטאָג מיט פלייש און קאָמפּאָט. עס זענען אָבער אויך אַהערגעקומען עסן אַלערליי סקנערעס, גנידעס, קאַרגע יונגען, וואָס כאָטש זיי האָבן שיין פאַרדינט, האָבן זיי בעסער געשפּאָרט דאָס צענערל, איידער עסן אַ מענטשלעך מאָלצײַט אין די מער הייטאָנע רעסטאָראַציעס.

געוויינלעך, בעתן עסן, איז דאָ געווען שטיל. הערן פלעגט מען נאָר

דאָס געקלאַפּערײ פון טעלער, דאָס געקלונגערײ פון לעפל, דאָס געכלעפּ־טשעריי פון הונדערטער מײַלער בײַם זופּן דעם הייסן באָרשט אָדער קרופּ־ניק. איצט אָבער, זינט דער ביילים־פּראָצעס האָט זיך אָנגעהויבן אין קיעוו, רוישט עס דאָ מיט גערעדעריי, אַז דער סופיט הייבט זיך!

נתן חיים, ווי זיין שטייגער, האָט זיך אין די דיסקוסיעס נישט געמישט. ער האָט געגעסן און געהאָרכט. וואָס ווייסט ער דאָ צו זאָגן? און סתם זיך טומלען ליגט נישט אין זיין טבע.

איינמאָל, אין מיטן עסן, איז ער געבליבן זיצן מיטן לעפל בײַם אָפּע־נעם מויל מיט אָנגעשטעלטע אויערן, ווי אַן איבערגעשראָקן בעל־חי, וואָס גרייט זיך אויף אַ שפּרונג, צו אַנטלויפן פון אַ געפאַר. און אַ געפאַר איז דאָ טאַקע אָנגעשטאַנען. אומגעריכט האָט זיך אין מיטן פון די דיסקוסיעס, דערהערט פון אַ ווייטערן צימער דאָס קול פון איין מענטש, וואָס האָט פּלוצים גענומען האַלטן אַ רעדע. און רעדעס זענען דאָך פאַרבאָטן! פאַר דעם ווערן דאָך אַלע אַרעסטירט, די צוהערער צוגלייך מיטן רעדנער!

— חברים! — האָט דאָס קול געדונערט, — די פאַרהאַסטע זעלבסט־הערשאַפט האָט פאַרפירט דעם ביילים־פּראָצעס כדי ווידער אַרויסצורופן פּאָגראָמען אויף יידן. די רוסישע רעאַקציע וויל מיט יידיש בלוט פאַר־שיכורן די מאַסן, זיי זאָלן פאַרגעסן זייער אָרעמקייט, זייער ביטערע נויט!

אין די שטובן איז גלייך אָנגעשטאַנען אַ גערוקעריי פון בענק. אַ סך פון די עסערס האָבן געלאָזט שטיין די טעלערס מיט עסן און זיך גענומען שאַרן צו דער טיר, גרייט אָפּצוציען איידער פּאָליציי קומט אָן. אַנדערע האָבן זיך גאָר גענומען שטופּן נענטער צו יענער שטוב, פון וואַנען דאָס קול איז געקומען:

— ווער רעדט דאָרט? — האָט מען שטילערהייט געפרעגט איינער בײַם אַנדערן.

— וואָס הייסט ווער? דער „בונד"!

מער פון די אַנדערע, האָט נתן חיים אָננגעבויגן דעם קאָפּ צו יענעם צימער. ווי ווויל א קרענצל אַרומשטייער האָט, ווייזט אויס, בכיוון פאַר־שטעלט דעם רעדנער, קיינער זאָל נישט קאָנען זען ווער עס רעדט, האָט ער אָבער, נתן חיים, גלייך דערקענט דאָס קול. דאָס איז דאָך יאַקאָוו, וואָס זיצט מיט אים אין פאַבריק, אַ מאַשין לעבן אַ מאַשין.

נאָך סוכות, נאָכן האָבן אָפּגעאַרבעט די דריי־פערטל זומער ביי דעם שלאמעקן, איז ער, נתן חיים, אָנגעקומען צום לאָדזשער אויפן ווינטער. חוץ אַנדערע פינף געזעלן און אַ לערן־יינגל, האָט ער דאָ אָנגעטראָפן אויך דעם יאַקאָוון, אַ נידעריקער, אַ ברייטלעכער פאַרשוין אין די אָנהייב דרייסיקער, אַ ליטוואַק, אָנגעפאָרן אַהער פון ערגעץ אין רוסלאַנד.

סיי פון זיין שוואַרץ העמדל מיטן גלאַנציק־געוויקלטן גאַרטעלע הינ־טערן רעקל, סיי פון זיין קאָפּ לאַנגע, צעפּלאָשעטע האָר, רויטלעך־ברוינע, מיט אַ שרונט אין מיטן, האָט אפילו אַ בלינדער געקאָנט זען אַז ער איז איינער פון יענע לייט, וואָס ווילן אַראָפּוואַרפן דעם קיסר מיט זיינע פּאַראָנדקעס.

שוין אין ערשטן טאָג האָט נתן חיים זיך געוואָלט דערנענטערן צו אים. ער האָט אים פאַרגליכן מיט וויקטאָרן, מאָניש פּערשטנבערגס זון, וואָס האָט דאָך אויך געהערט צו די לייט. באַלד אָבער האָט ער איינגעזען דעם חילוק צווישן די צוויי. ווי דער וויקטאָר איז שטענדיק געווען ליכטיק, פול מיט אַ זוניקן שמייכל, שטענדיק גרייט דיר מיט עפּעס צו העלפן, דאָ מיט לערנען דיך שרייבן, דאָ מיטן העלפן דיר פאַרשטיין וואָס דו לייענסט אין אַ ביכל, אַזוי איז דער שטענדיק אָנגעכמורעט, פול מיט סודות. דערצו נאָך איז דאָס פּנים זיינס אַ פאַרהאַרטעוועטס, אַן אָפּגעווינטיקטס מיט אַ ברייטער נאָז און נאָך אַ ברייטערער מאָרדע, פּונקט ווי ביי אַ פּודעל, אַ שטענדיק בייזער, אַן אָנגעדרודלטער!

מער נאָך ווי די געזעלן, האָט הער זילבערבערג, דער מייַנטסער, אויס־געמיטן דעם יאַקאָוון, אַפּילו געלאָזט אים, דעם איינציקן אין פאַבריק, אַרבע־טן פון שעה צו שעה, פאַרקוקט אים טועניִשן, וואָס די אַנדערע געזעלן וואָלט ער אַזוינס נישט פאַרזען.

צוליב דעם, וואָס צווישן די אָנגעפּאַרענע ליטוואַקעס און די איינגע־זעסענע פּוילישע יידן, איז כסדר געווען אַ שטילער קידער־ווידער, אַ מין נישט קאָנען פאַרטראָגן איינער דעם אַנדערן, איז שוין ממילא אָנגעשטאַ־נען אַ נאָנטקייט צווישן איין ליטוואַק און אַ צווייטן, ווי פּרעמד און דער־ווידער זיי זאָלן זיך נישט האָבן געווען זיין. און ביידע, סיי הער זילבערבערג און סיי דער יאַקאָוו, זענען געווען ליטוואַקעס.

דער הער זילבערבערג, כאָטש גערופן האָט מען אים „דער לאָדזשער", איז גאָר קליינערהייט, בעתן גירוש מאָסקווע, געקומען מיט זיינע עלטערן, ווי די מערסטע אַרויסגעטריבענע יידן פון די רוסישע שטעט, קיין פּוילן און זיך באַזעצט אין לאָדזש.

ווי וווּיל ער איז געווען פאַראָרעמט און צעבראָכן, האָט דער פאָטער זיינער, דער אַלטער ליטוואַק־עקשן, אים צוריק אַריינגעגעבן אין אַ שקאָלע. קיין סטודענט אויפן מאָסקווער אָדער פּעטערבורגער אוניווערסיטעטן, צו שטודירן דאָקטאָריע אָדער אַדוואָקאַטור, ווי דער פאָטער האָט געחלומט, איז ער טאַקע נישט געוואָרן, געוואָרן איז ער גאָר אַ בעל־מלאָכה, אַ היטל־מאַכער, אָבער רוסיש און פּויליש האָט ער געקענט ווי קיין אַנדערער אין זיין פאַך.

אַ הויכער, מיט אַ סך ענערגיע, מיט אַן אייזערנעם ווילן, איז ער ביי־געקומען אַלע שטערונגען און חתונה־געהאַט מיט פריילין פעלאַ לאַנדוי, אַ שיינהייט, די טאָכטער פון א פּויליש־יידישער, סוחרישער משפּחה אין לאָדזש, אַ שטאַנד וואָס נישט יעדער ליטוואַק אין פּוילן האָט געקאָנט צו אים גרייכן, בפרט אַז די פעלאַ לאַנדוי האָט נאָך געהאַט געענדיקט אַ גימ־נאַזיע מיט צוויי יאָר האַנדלס־שול פאַר אַ צולאָג, בעת ער האָט אפילו די גימנאַזיע נישט געענדיקט.

נאָכן איבערציִען זיך קיין וואַרשע, צווישן האָבן אים פינף קינדער, האָט זי, פעלאַ לאַנדוי, אויך אים געהאָלפן ווערן איינער פון די גרעסטע היטל־פאַבריקאַנטן אין דער הויפּטשטאָט פון פּוילן.

אַ הויכע, אַ שטאַלטנע, ווי דער מאַן, איז זי אָבער אין אויסזען געווען אינגאַנצן דער היפּוך פון אים. ווי ער איז געווען פאַרכמורעט, אַשיק־גרוי, מיט אויגן וואַסערדיקע און די האָר אויפן קאָפּ קאָלירלאָז, האַרטע, ווי שטעכיק דראָט וואָלט אים געוואַקסן אַריבערן שטערן, אַזוי איז זי געווען ליכטיק, איר הויט — ווייס, ווי איידעלער העלפאַנט־ביין. כאָטש אירע אויגן האָבן אויך נישט געלויכטן מיט גוטסקייט, האָט אָבער דער בלויער גלאַנץ אין זיי פאַרשטעלט, ווי מיט אַ פויערהענגעלע, דאָס שלעכטס, וואָס האָט ערגעץ־ווו אין זיי געגליט. דערצו זענען די האָר אויף איר שייך־געפאָרמטן קאָפּ געווען גאָלדיק און ווייך געכוואַליעט און פאַרקעמט אַרויף אין אַ מין טורבאַן, אַזוי אַז דער ווייסער אַלבאַסטער־האַלדז, נישט פאַר־דעקט פון קיין האָר, האָט שטענדיק אַרויסגעלויכטן און מיט זיין שטאַלטנער שיינקייט צוגעגעבן דאַמיש־קאָקעטישע חשיבות איר גאַנץ געשטעל.

מענטשן זאָגן אַז אַ שיין ווייב איז אַ האַלבע פּרנסה. מאַדאַם זילבער־בערג איז פאַר איר מאַן שיער־נישט געווען די גאַנצע פּרנסה. נישט בלויז האָט זי געפירט די ווירטשאַפט אין שטוב, געהאַלטן אַן אויג אויף דער דינסט, אויף דער דערציִונג פון די קינדער, זי האָט אויך געהיטן די אָנגע־פאָרענע סוחרים פון די ווייטע, רוסישע שטעט, צו קריגן ביי זיי באַשטע־לונגען, די פאַבריק זייערע זאָל קאָנען גיין אויף דער גאַנצער פאַרע.

ווי ווויל וואַרשעווער פאַבריקאַנטן האָבן צעשיקט וואָיאַזשאָרן מיט מוסטערן פון זייערע אויסאַרבעטונגען אין די ווייטע, רוסישע פּראָווינצן, זענען דאָך פיל קופּצעס פון די פאַרוואָרפנסטע ווינקלען אין דער פאָנישער מדינה, געקומען פערזענלעך קיין וואַרשע דורכצופירן זייערע מסחרים.

אויף די אָנגעפאָרענע קופּצעס, האָבן וואַרשעווער פאַבריקאַנטן און סוחרים געלויערט פון באַלד נאָך סוכות ביז שפּעט אין ווינטער אַריין. זיי האָבן געהיטן די האָטעלן און איינפאָרהייזער, ווו די אַראָפּגעקומענע געסט זענען איינגעשטאַנען און די מאַדאַם זילבערבערג, כאָטש אַ פרוי,

האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון אויך גיין אַהין. מיט איר ווייבלעכן שטעל, מיט איר מאַכן אַ קאָמפּלימענט, האָט זי גיך פיל פון די אָנגעפּאָרענע סוחרים אַרומגעדרייט אַרום איר מינדסט פינגערל און זיי געפירט אַרויף צו זיך אין געשעפט, ווי דאַמען פירן גוט־דרעסירטע הינטלעך אויף די לעדערנע רימענטלעך.

נישט איר און נישט איר מאַן, דעם הער זילבערבערג, האָט נישט געאַרט, וואָס די נישט־פּאַרגינערישע קאָנקורענטן האָבן אויסגערעדט אויף איר. פאַר פּרנסה, בפרט אין דער באַיקאָט־צייט, מוז אַ ייד פירן אַ שווערע מלחמה, און אין אַ מלחמה, פאַרקוקט מען קלייניקייטן, אפילו ווען אַ קופּיעץ, אַ נואף טוט איר אַ גלעט...

האָבן דעריבער, אין רעכטן מיטן פון באַיקאָט, ביים לאָדזשער געאַרבעט זעקס, זיבן פאַר הענט ביז שפּעט אין די נעכט אַריין. וואָרעם חוץ די ליפערונגען קיין רוסלאַנד, האָט נאָך דער לאָדזשער, צוליב זיין קענען בעסער פאַרקומען מיט אַ מענטש, דער עיקר, צוליב דער פיינקייט פון זיין אַרבעט, געקריגן צו טוען פון די גרעסטע, קריסטלעכע הוט־ און היטל־מאַגאַזינען פון מאַרשאַלקאָווסקע, פון דער נייער וועלט, פון סענאַטאָרן־גאַס. דער פּאָליאַק, וואָס אָנצוהאַלטן דעם באַיקאָט אויפן ייד, האָט ער באַדיי געצאָלט טייערער אין קריסטלעכן געשעפט, האָט נעבעך נישט געוווּסט, אַז נאָך אַלע זיינע פאַרהיטונגען, טראָגט ער דאָך אַ היטל געמאַכט פון יידישע הענט. פשוט, אין גאַנץ פוילן איז געווען בלויז איין קריסטלעכער היטלמאַכער, האָט אויך ער געאַרבעט ביי אַ יידישן מייסטער!

בלויז דאָס זיין לאַנדסלייט, ליטוואַקעס, וואָלט נישט גענוגנט דעם לאָדזשער צו האַלטן דעם יאַקאָוון, אַזאַ סטרייקער, דערצו נאָך אים נאָכגעבן דאָס אַרבעטן פון שעה צו שעה, וואָס די אַנדערע געזעלן האָבן ביי אים נישט געהאַט. דער יונג איז אָבער געווען אַ מיליטערישער היטל־מאַכער און אַ גאָלדענער בעל־מלאכה דערצו און אַזעלכע ווי ער וואַלגערן זיך נישט אַרום, בפרט איצט, פאַר די חגאות, פוילישע און רוסישע.

נישט דער מייסטער און נישט די געזעלן האָבן נישט געוווּסט פאַרוואָס איינמאָל, אין אַ ווינטערדיקן פאַרנאַכט, איז אומגעריכט אַרויפגעקומען דער „רעוויראָווע" פון באַצירק, מיט אַ פּאָליציאַנט, ווי אַ שמש הינטער זיך, און געפרעגט: „ווער איז דאָ יאַקאָוו, לעאָנידאָוויטש פּעסעכזאָהן?" נאָר איידער עמעץ האָט באַוויזן אים צו ענטפערן, איז ער אַליין צוגעגאַנגען צו יאַקאָוון, וואָס האָט פון גרויס איבערראַשונג, ווי אַלע אַנדערע געזעלן, אויסגעדרייט דעם קאָפּ פון דער מאַשין אַוועק. מיט רוגזה האָט דער יוון צום אים אַ זאָג געטאָן:

— אייערע דאָקומענטן! — און, נאָכן אריינקוקן אין יאַקאָווס פּאַספּאָרט

אפשר אַ רגע, האָט ער צו אים אַ מאַך געטאָן מיטן ווייז־פינגער: „אידיטיע סעמנאָי" (קומט מיט מיר).

דער איינציקער דאָ, וואָס האָט גלייך צונויפגעלייגט צוויי מיט צוויי איז געווען נתן חיים. ער האָט זייטיקלעך נאָכגעקוקט דעם רעווירָאָווע, ווי ער פירט אַוועק דעם יאַקאָוון און דער דמיון זיינער האָט געפיבערט: עמעץ האָט דאָך דעמאָלט, ביי דעם גרינבערגן אין דער רעסטאָראַציע, געזען ווער דער רעדנער איז און דאָס אָפּגעטראָגן ווו מען דאַרף!

אַ רגע אפשר נאָך יאַקאָווס פאַרשווינדן, האָט אין דער אַרבעטס־שטוב געהויערט אַ ווערגנדיקע שטילקייט. די געזעלן זענען געווען ווי געליימט. די אויגן זייערע, אָנגעהאָפטענע אָן דער טיר, האָבן ווי געפרעגט: „פאַר־וואָס?" באַלד אָבער האָבן זיי צוריק איינגעבויגן די קעפּ, ווידער גענומען דריקן מיט די פיס אויף די טרעטערס, ווי זיי וואָלטן מיטן רויש פון די מאַשינען דערטרונקען דאָס נאָגעניש אין זייערע הערצער.

נישט אַזוי אָבער דער הער זילבערבערג. ער, אַפּנים, האָט זיך נישט געקאָנט פאַרטומלען. פון דער רעדע, וואָס דער יאַקאָוו האָט געהאַלטן ביי דעם גרינבערגן אין דער רעסטאָראַציע, האָט ער טאַקע נישט געוווּסט, ער האָט אָבער פאַרשטאַנען אַז פאַר קיין גנבה אָדער פאַר אַ געשלעג, האָט מען דעם ליטוואַק נישט אַרעסטירט.

אַ פאַרטראַכטער, מיטן ווייסן קריידל צווישן די צוויי פאָרפינגער, איז ער געשטאַנען ביים צושנייד־טיש און נישט אַוועקגענומען די אויגן פון דער טיר. די נאָגעניש אונטערן לעפעלע איז כסדר אין אים געשטיגן, נישט אַזוי ווייט צוליבן אַרעסט, ווי צוליב דעם „פאַרוואָס" האָט ער געלאָזט דעם יונג אַרעסטירט ווערן? ער האָט דאָך געקאָנט אַריינגעמען דעם רעווי־ראָווע אין סאַליע, געבן אים דאָרט אַ גלעזל בראָנפן מיט אַ צובייס און אַ פינפערל אין יד אַריין, וואָלט דאָך געווען אויס אַרעסט. פאַרוואָסזשע האָט ער דאָס נישט געטאָן? זאָל די פיינשאָפט זיינע צום סטרייקער דאָך האָבן גובר געווען אין אים די נאָנטקייט צום לאַנדסמאַן? און אפילו דאָס דאַרפן אים אַזוי נייטיק צו דער אַרבעט?

ער איז אַריין אַני סאַליע, געשטאַנען אַ ווײַלע ביים פענצטער. די נאַלעווקעס האָבן גערוישט מיט געפּאָערריי און געקלונגעריי פון די טראַמ־ווייען, מיט דעם געקלאַפּעריי פון אייזערנע רעדער אָן שטיינערנעם ברוק. די פרי־אָוונטיקע, ליכטיק־באַלויכטענע טראָטואַרן שווימלען מיט מענטשן, אָבער דעם רעווירָאָווע מיט יאַקאָוון זעט מען מער נישט. זאָל ער אפשר נאָכאיילן אין פּאָליציי־צירקל? דאָס וועט אָבער נישט טויגן. אָפּחורשן דעם רעווירָאָווי ביי דיר אין שטוב, איז אַ קלייניקייט. אין צירקל אָבער וועט ער שוין דאַרפן אָנקומען צום פּריסטאַוו און אפשר נאָך העכער!

ער איז צוריק געגאַנגען אין דער אַרבעטס־שטוב צום טיש, אַוועקגע־לייגט אַ דענקע־פּאָרעם אויפן גראַנאַטאָווע געוואַנט, געוואָלט ווידער זיך נעמען צום צייכענען, האָבן אָבער די הענט זיך נישט געלייגט צו קיין אַרבעט.

ווי תמיד, ווען אין אַ בייז געמיט, האָט ער אויך איצט געקוקט מיט די אויגן אַרום זיך, ווי ער וואָלט געזוכט אויף עמעצן אויסצולאָזן דעם כעס. איז ער פּאַוואָליע געגאַנגען פון מאַשין צו מאַשין און איבער די אַקסלען פון די געזעלן גענומען טאַפּן און באַקוקן די אַרבעט, דאָ אַן איינ־געגייט דענקעלע, דאָרטן אַן אָנגענייטן דאַשעק, אָבער דער כעס האָט זיך אין אים נישט געשטילט. פאַרקערט, די נכפה איז נאָך אין אים געשטיגן, גראָד וויל ער האָט נישט געהאַט קיין סיבה אויף וועלכן פון די יונגען זיך אָפּצורייסן. אַז נישט זיי באַלעמוטשען און נישט זיי פושן די אַרבעט.

האָט זיך גראָד איצט געדאַרפט עפענען די טיר און דער קליינער מאָטעלע, דאָס לערניינגל, אַ קינד פון אפשר צען יאָר, אַ בלאַסער, מיט גרויסע, שוואַרצע, דערשראָקענע אויגן, זאָל זיך אַריינשטעלן אין שטוב, טשאַפּענדיק אין די צו־גרויסע, מענער־שיך, אָפענע אין די שפּיצן, דורכ־געווייקטע אין שניי ביז הויך־אַרויף, איבער די נאָגעוויצעס פון די הויזן, און ווי תמיד, די צוויי קאַרטאָנענע קעסטלעך, אַרומגענומענע מיט דיקן שפּאַגאַט, אָנגעהאָנגען אויף זיינע קינדישע אָרעמס.

געקומען איז איצט דאָס יינגל צופוס אַזש פון דער מאַרשאַלקאָווסקע־גאַס, אַן אויסגעפרוירענער פון דער עסנדיקער קעלט, דערצו נאָך הונגע־ריק און פול מיט מורא. שוין היפּשע עטלעכע שעה אַז ער איז אַוועק אָפּטראָגן אַ באַשטעל היטלען צו דער גרויסער, קריסטלעכער פירמע, די ברידער טוטשינסקי.

שוין ביים אַריינקום, ביים דערפילן אויף זיך דעם בליק פון מייסטער, האָט דאָס יינגל גענומען קורטשען זיך, איינשרומפּן פון שרעק. ער ווייסט גוט וואָס אויף אים וואַרט איצט פאַר דעם זוימען זיך אַזוי לאַנג. ער קאָן זיך אָבער נישט העלפן. וויפל דער מייסטער שלאָגט אים, פאַרגעסט ער די קלעפּ און ווי נאָר ער קומט אַרויס אין גאַס, שטעלט ער זיך ווידער גאַפּיען אין די שויפענצטער. עפּעס ווי אים צו רייצן, שטייען שטענדיק דאָרט אויסגעשטעלט אזוינע שיינע זאַכן, אַז זיין האַרץ אַנטגייט כאָטש נאָך איינס פון זיי. אָט איז אַ ראָווער אויף צוויי רעדער פונקט פאַר אים. אָט גאָר איז אַ פערד אויף האַלב־רונדע קאָשערס. ווען ער קאָן כאָטש אויף איין מינוטקעלע זיך אַרויפזעצן הוידלען אויף דעם פערד. אין אַ צווייט פענצטער זעט ער שיך ווי אָנגעמאָסטן אויף אים! זינט ער לעבט האָט ער נאָך נישט פאַרזוכט קיין שוך לויט זיין מאָס. שטענדיק גייט ער אין גרויסע שקראַבעס, וואָס עמעץ שענקט אים.

אַז די מאַמע איז אים געשטאָרבן, זענען אין שטוב געבליבן זעקס קינדער. האָט דער טאַטע זײַנער זיך גלײַך גענומען באַשטאַטן די דרײַ עלטערע: רבקהלען, אַ מויד שוין אין פערצנטן יאָר, האָט ער אַוועקגעגעבן אויף דער גראַניטשנע גאַס, צו רײַכע לײַט פֿאַר אַ פּיאַסטינקע צו זייערע קינדער. שלמהען, אַ יונג אין צוועלפֿטן יאָר, האָט ער אָפּגעגעבן אויף דער לער צו אַן אָקריטשע־שנײַדער. אַז גאָט העלפֿט, מ׳ווערט אַ פֿאָלנער בעל־מלאָכה, איז דאָס פֿאַך אַ ברויט מיט אַ מעסער. מיט אים, מאָטעלען, איז דער טאַטע אַרויפֿגעקומען אַהער, צו די הערשאַפֿטן זילבערבערג און זיך קוים אײַנגעבעטן מ׳זאָל אים דאָ צונעמען אויף דער לער. קיין געצאָלטס פֿאַרלאַנגט ער נישט, בלויז דאָס ביסל עסן. זאָלן זיי האָבן גאָט אין האַרצן! זיי ווערן זיך קויפֿן אַ מצוה.

איז שוין איבער אַ יאָר ווי יעדער קויפֿט זיך מצוות אין דעם אויס־געבליכטן מאָטעלע. די דינסט, וואָס אַליין ווערט זי דאָ אויסגעריסן סײַ פֿון די הערשאַפֿטן און סײַ פֿון זייערע פֿינף ממזרים, זי נעמט זיך אַלץ אָפּ אין מאָטעלען. זי שלאָגט אים חלילה נישט. בלויז אַ קניפּעלע, אַן איידל, פּריציש קניפּעלע טוט זי אים אַמאָל אין אויסגעדאַרטן הינטער־חלקל און אַמאָל אין אַן אָרעמל, ווו ס׳לאָזט זיך. זי וואָלט אים אוודאי נישט אָנגע־רירט. וואָסי, זי איז נישט קיין יידיש קינד? זי ווייסט דען נישט אַז ער איז אַ יתום? אַז מ׳טאָר אים נישט שלאָגן. וואָס אָבער זאָל זי טאָן? צוליב אים קריגט זי אַזויפֿיל קללות, האָט אַזויפֿיל יאַדעניש! שיקט זי אים אַרויפֿברענגען אַ האַלבן פֿוד קוילן, אַ בינטל האָלץ, קאָן איר דאָס פֿייער זיבן מאָל אויסגיין און ער שטייט ערגעץ און גאַפֿיעט ביי אַ שויפֿענצטער.

און נישט בלויז די דינסט. דאָס עלטסטע טעכטערל דעם מײַנסטערס, אַ פֿערצן־יאָריק סטודענטקעלע, אַשיק־גרוי און גרין־ביטער ווי דער טאַטוש אירער, זי האָט שטאַרק ליב אויסצופּרוּוון די בויגעוודיקייט פֿון איר שקאָלע־לינעיקע איבער מאָטעלעס קאָפּ. אַזוי אויך געניעק, דער צוועלף־יאָריקער סטודענט, געל און גרין, ווי ער וואָלט קיין שטיקל ברויט פֿאַר זײַנע וואַסערדיק־בייזע אויגן נישט געזען. אויך ער, אַז ער וויל אַביסעלע הערשעווען, נעמט ער זיך צו מאָטעלען. די דרײַ יונגערע ווידער, רוזשקע, פּינקוס און סאַלטשעלע, וואָס אַלע געראָטן זיי אַריין אין דער מאַמושו, אַלע מיט רונדע, ווייסע ליאַלקע־פּנימלעך, מיט בלויע אויגן און גאָלדיקע, ווייך־געקרויזטע קעפּ, פֿאַר זיי איז מאָטעלע זייער רייט־פֿערדל. ווען נאָר וועלכעס פֿון זיי פֿאַרגלוסט זיך, אָדער אפֿילו אַלע צוזאַמען, לאָזט ער זיך אַראָפּ אויף אַלע פֿיר און זיי זעצן זיך אויף אים רייטן, דערביי ציען זיי אים ביי די אויערן, ביי די האָר, וואָס זעלטן זענען זיי ביי אים אָפּגעשוירן, ווי דאָס וואָלטן געווען לייצעס זיך אָנצוהאַלטן ביים אונטערהאָצקען אויף אים און שרײַען „בערגיס, גאַליאָפּ!״.

די מיינסטעראָווע איז די איינציקע, וואָס האָט אים נישט געשלאָגן. אַדרבה, זי גיט אים עסן. אָבער שטענדיק גיט זי אים דאָס צונויפגעוואָר־פּענע איבערבלייבעכץ פון די קינדערס שיסעלעך, וואָס אָפט האָט וועלכעס פון זיי פריער אַריינגעשפּיגן, צו קאָנען דערנאָך זיך רייצן מיט מאָטעלען אז ער עסט, וואָס זיי שפּייען אויס.

ווי תמיד האָט דער הער זילבערבערג אויך איצט, ביים יינגלס אריינ־קומען, אַרויסגעצויגן פון וועסטל־קעשענע דעם זילבערנעם ציבעלע־זייגער און געטאָן אַ קוק. ניין, ער האָט שוין איצט נישט געדאַרפט זוכן ביי וועלכן פון די געזעלן אַן אָפּלייזער, אויף וועמען אויסצולאָזן דעם כעס צוליבן אַרעסט פון דעם יאַקאָווו. דאָס קליינע כּפּרהלע וועט שוין איצט זיין דער אָפּלייזער.

פּאַוואָליע, כלומרשט רואיק, איז ער אַקעגנגעגאַנגען מאָטעלען צו דער טיר, געקוקט אויף אים אַ רגע, האַלטנדיק אין דער לינקער האַנט דעם זייגער און מיט דער רעכטער אַראָפּגעלאָזט דעם יינגל אַ פּלאַם אין פּנים אַז דאָס קינד האָט זיך איבערגעקערט, מיטן קאָפּ אויף דער טיר און די צוויי קאַרטאָנענע קעסטלעך אויף אים.

כאָטש פון דעם יינגלס נאָז און מויל איז גערונען בלוט און ער איז געלעגן אויפן דיל מיט די צוויי קאַרטאָנענע אויף אים, איז דער הער זיל־בערבערג נישט אָפּגעטרעטן, נאָר געשטאַנען מיט דער אויפגעהויבענער האַנט איבער אים, גרייט צו דערלאַנגען דעם קינד אין דער צווייטער באַק. דערביי האָט ער צו אים אַראָפּגערעדט רואיק, אין אַ קול גרוי און מאָנאָ־טאָן, ווי ער אַליין איז:

— כ׳האָב דאָך דיך געפרעגט, ווו ביסטו געווען אַזוי לאנג? — דערביי האָט ער מיט גרויס צערטלעכקייט, מיט פאָטערלעכער ליבשאַפט, אַ קוק געטאָן לעבן זיך, ווו דער קליינער פּינקוס, אַן אַכט־יאָריקער פּאַרשוין, איז געשטאַנען לעבן אים אַ צעשטראַלטער, אַ גליקלעכער, וואָס ער, דער טאַטוש זיינער, איז אַזוי שטאַרק און אים געמינטערט:

— טאַטוש מו דאַ יעשטשע ראַז! (זאָל דער טאַטעשי אים נאָכאַמאָל דערלאַנגען).

געוויינלעך, אַז דער הער זילבערבערג האָט געשלאָגן דאָס לערניינגל, האָט קיינער פון די געזעלן זיך נישט אַריינגעמישט, אפילו נישט יאַקאָוו, וואָס לויטן שכל, ווי אַ סטרייקער, וואָלט ער זיך גראָד יאָ געדאַרפט געווען אָננעמען פאַר דעם קינד. אַריינגעמישט האָט זיך בלויז די מיינסטע־ראָווע, אָבער נישט באַלד. צום ערשט האָט זי געלאָזט דעם מאַן געבן דעם קליינעם וואָס אים קומט, דערנאָך ערשט האָט זי זיך אַריינגעשטעלט אין מיטן און אַ זאָג געטאָן: שוין גענוג! איצט אָבער איז די מיינסטעראָווע

נישט געווען אים אָפּצושטעלן, האָט דער לאַדזשער אויסגעלאָזט דעם גאַנצן כעס צו מאָטעלען, דעם כעס, וואָס ער האָט געטראָגן אויף זיך אַליין. פֿאַרן לאָזן דעם יאַקאָוון אַרעסטירט ווערן.

דער מיינסטעראָוועס איצטיק נישט זיין אין שטוב, אָפּצושטעלן דעם מאַן פון שלאָגן מאָטעלען, האָט נתן חיימען געהויבן פון בענקל. אַזאַ רציחה! אַזוי שלאָגן אַ פרעמד קינד, נאָך דערצו אַ יתום; איז ער אויפגעשפּרונגען פון דער מאַשין:

— זאָל דער מייסטער אויפהערן אים צו שלאָגן!

דער הער זילבערבערג האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, ווי תמיד צעפלאָ־שעט, די קאָלירלאָזע האָר, ווי שטייפע דראָטן איבערן שטערן. ער האָט געשטוינט. דער נתן חיים גרייכט אפילו נישט צו זיין אַקסל, וואָגט ער אַזוי זיך צו שטעלן קעגן אים? „זאָ־וואָס", האָט ער געמורמלט אין זיין לאָדזשער דייטשמעריש און גענומען גיין אויף נתן חיימען, וואָס איז געשטאַ־נען מיטן רוקן צו דער מאַשין, אַ בלאַסער פון צאָרן, גרייט אפילו צו כאַפּן אַ שער.

— אַזוי גאָר? — האָט דער הער זילבערבערג אים שאַרף געקוקט אין די אויגן אַריין. — ביסט אפשר אויך אַ סטרייקער?

— און אַז אַ סטרייקער? — האָט נתן חיים אים טראָציק צוריקגע־פרעגט.

צו דעם ברענענדיקן כעס, איז אין דעם הער זילבערבערג נאָך אָנגע־שטאַנען אַ געפיל פון בושה, אַזאַ געפאַלנקייט, טאַקע פאַר דעם נתן חיימען, אַליין נאָך אַ יינגל און ער האָט כוח זיך איינצושטעלן, זיך אָננעמען פאַר אַן אַנדערן. און ער? פאַרוואָס האָט ער נישט געהאַט קיין כוח זיך אָנצונע־מען פאַר דעם יאַקאָוון?

אָט די פאַרשעמונג, דאָס דערפילן זיך אַזוי מינדערווערטיק, אַזוי געפאַלן קעגן אַ יינגל, האָט אין אים אויפסניי אויפגעפלאַקערט די יוכע:

— דו שורקע, דו לייזיקע פאָלקע, שוין זאָלסטו פאַרלאָזן מיין שטוב!

— דער מיינסטער דאַרף נישט זידלען. זאָל דער מיינסטער מיר באַ־צאָלן, גיי איך שוין!

— באַצאָלן? — האָט דער הער זילבערבערג געשמייכלט כלומרשט מונטער, אויפגעלייגט, וואָס ער האָט דעם יונג אין האַנט, — באַצאָלן? ביסט קראַנק צו וואַרטן?

— זאָל דער מיינסטער נישט שעלטן!

— טראָג זיך! — האָט דער הער זילבערבערג אים אַ וויז געטאָן צו דער טיר.

נתן חיים האָט אַראָפּגענומען דעם פּאָלטן פון הענגער. בכיוון האָט ער פּאַוואָליע געקנעפּלט די קנעפּ, געוואָלט זיך באַגעגענען מיטן בליק כאָטש פון איינעם פון די געזעלן. אָבער קיינער פון זיי האָט נישט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, נאָר געזעסן געבויגענע איבער די מאַשינדלעך, געשטעפּט, געניית, איינגעשטומטע, פול מיט מורא פאַרן באַלעבאָס, דעם ברויטגעבער זייערן.

— פּאַרכעס! — האָט נתן חיים זיי אַ וואָרף געטאָן אַ זידלוואָרט און איז אַרויס פון דער אַרבעטס־שטוב.

ס׳איז איצט געווען אָוונט. די נאַלעווקעס האָבן געבלענדט מיט עלעקטריש ליכט. וווּ גייט ער? אברם יאַנקל וועט שוין ווידער האָבן פאַרוואָס אים צו שטעכעלירן. וואָס מישט ער זיך אין יענעמס געשעפטן? ער זעט דאָך! קיינער פון די אנדערע געזעלן האָט זיך נישט אָנגענומען, כאָטש יעדער פון זיי איז עלטער פון אים און אַרבעט דאָרט לענגער. פאַרוואָס? ווייל קיינער איז נישט גרייט צוליב יענעם צו פאַרלירן אַ שטעלע. האָט ער דאָס געדאַרפט טאָן? ווידער בלייבן אין מיטן זמן אָן אַן אָרט צו דער אַרבעט!

נתן חיים האָט זיך געטוליעט אין מאַנטל, ווי ער וואָלט זיך שוין געקורטשעט אונטערן ברודערס מוסר. אָבער וואָס זאָל ער טאָן? ער קאָן פּאָרט נישט צוזען קיין עוולות, בפרט אַזאַ רציחה! אַזוי שלאָגן אַן אָרעם קינד? און נאָך אַ יתום דערצו! ניין, זאָל אברם יאַנקל זאָגן וואָס ער וויל! ער וועט אלעמאָל אַזוי טאָן. אויך די מאַמע נעמט זיך אָן יענעמס עוולה. אויך דער טאַטע טוט אַזוי. מ׳טאָר נישט פאַרשווייגן קיין רציחות!

# קאַפּיטל פערציק

לייבל משה האָט ערשט געדאַרפט אַהיימקומען פון די זעלנער פּסח־צייט, אָבער חנה לאה, די מאַמע, האָט שוין חדשים פריער גענומען איינטענהן מיט יערמע דודן, דעם מאַן אירן, וועגן איבערציען זיך אין אַ גרעסערע דירה, נישט בלויז צוליבן עלטסטן זון, וואָס איידער נאָך ער איז אַהיימגעקומען, האָבן שדכנים שוין אָפּגעשלאָגן די שוועל מיט די שענסטע שידוכים. אויך די יונגערע צוויי זענען אונטערגעוואַקסן. אברם יאַנקל ווערט שוין, געלויבט אי׳ גאָט, נײַנצן און נתן חיים איז אויך שוין אַ חתן־בחור אין זעכצנטן יאָר. דערצו האָט אסתר פּערעלע, אָן עין הרע, געטאָן אַ שאָס אויף איבער נאַכט. צו אירע דרײַצן יאָר איז זי שוין אַ גאַנצע כּלה־מויד, הויך, מיט אַ פּאָר שוואַרצע צעפּ ביז דער טאַליע און שיין איז זי, ווי אַ שיין־צעבליטע רויז. וויזשע קאָן מ׳ווינען „בילי־יאַק״ אַז מ׳וויל מיט קינדער טוען לײַטישע שידוכים?

ווי תמיד פון חנה לאהס זאָגעלעך, האָט אויך איצט יערמע דודן אַ ברען געטאָן איר „בילי־יאַק״. מאָדזשיצער יידן אין העכערן שטאַנד ווילן ס׳גאַנצע לעבן אין אַן אײנציק שטיבל. ער, ב״ה, וווינט תמיד אין צוויי שטובן, אַ קיך ווי אַ פּעלד מיט אַ גרויסן אַלקער דערצו און ביי חנה לאהן הייסט עס נאָך אַלץ געוווינט ״בילי־יאַק״. פונדעסטוועגן האָט ער זיך געלאָזט רעדן. אַ מענטש דאַרף זיך קנייפּן די באַקן די פאַרב זאָל שטיין, בפרט אַז דער אויבערשטער האָט אים געהאָלפן און די פּרנסה איז אַביסל בעסער.

די נייע דירה איז געווען שענער, רחבותדיקער, אַ באַזונדערע הייזקע, די איינציקע אָפּיצינע אויפן גאַנצן הויף. דריי הילצערנע טרעפּ האָבן געפירט אַרויף אויפן בריקל צו דער פראָנט־שטוב, אַ סאַליע אַ גאַנצע, מיט אַ שויבן־טיר צווישן צוויי הויכע און ברייטע פענצטער, אַלע רויט־געפאַרבטע. אויך די מיטלסטע שטוב האָט געהאַט צוויי פענצטער אַרויס צום קאַנצעלאַר־הויף מיט די דריי קאַשטאַן־ביימער, ברייט צעוואַקסענע, אַריבערן ווייס־געפאַרבטן פלויט. די קיך־טיר, אין דער הינטערשטער זייט פון הויז, האָט געפירט אַרויס צו אַ לאָנקע, וואָס לענגאויס, פון ביידע זייטן, איז זי געווען אַרומגעצוימט מיט סעדער, רעכטס — דער פאַרקאַן פון קאַזשמינסקיס

סאָד און לינקס — מיטן צוים פון רבינס סאָד און געלאָפן איז די לאָנקע ווייט אַרויס, אַזש ביזן האָפּן־פעלד.

ווי שטענדיק ביי מענטשן, וואָס עס נעמט זיי גיין בעסער, האָט זיך ערשט איצט ביי חנה לאהן צעשפּילט דער אַפּעטיט. אַז גאָט האָט איר יאָ אונטערגעשיקט אַזאַ הערלעכע דירה, האָט זי ערשט געוואָלט, נישט אַנדערש, נאָר יערמע דוד זאָל דערהאַלטן פאַר זיך אַ טייל פון דעם אָפּיצי־רישן מעבל, וואָס ער האָט מיט אַ צייט פריער געהאַט אָפּגעקויפט אין פעסטונג, אויף איינער פון די ליציטאַציעס. ער זעט דאָך אַליין אַז די אַלטע זאַכן האָבן נישט קיין פּנים אין דער נייער דירה.

באַשטאַנען איז דאָס מעבל פון אַ פּאָר בעטן מיט הויכע קעפּ־שטיק, אַ ריזיקע קליידער־שאַנק, וואָס די קרוין אירע האָט געגרייכט דעם סופיט. דאָס איז געווען פאַרן שלאָף־צימער. פאַר דער פראָנט־שטוב האָט ער זיך דערהאַלטן אַ מאַסיוון טיש מיט געטאָקטע פיס, זעקס געבעטע שטולן, וואָס איינע פון זיי איז געווען אַ פאָטער־שטול, מיט צוויי אָרעם־האַלטערס און אַ ווייכע קאַנאַפּע, אַלע איבערגעצויגן מיט גרינעם פּליוש און אַריינגע־דריקטע קנאָפּקעס האָבן צעטיילט די הויך־אויפגעבעטע זיץ־פּלעצער אין האַרץ־אַרטיקע קישעלעך. און געגלאַנצט האָט דאָס טונקל־רויט, מאַכאָ־ניאָווע מעבל אַז מ׳האָט זיך געקאָנט דערין שפּיגלען און באַצירט איז יעדעס שטיקל געווען מיט געטאָקטע קאָלאָנעס און גאַלקעס, מיט פייגל און שפּאַרבערס, וואָס אָט, אָט צענעמען זיי די פליגל און צעפליען זיך אין דער לופטן.

אָנגעקומען איז לייבל משה נאָך פּורים, אין אַ קאַלטן פאַרנאַכט, אַ בלוילעך־גרויער. ווי וויל לינדע ווינטן האָבן שוין געבלאָזן איז נאָך אַלץ אונטער די פיס געלעגן אַ שניי, איינער פון יענע שפּעט־מאַרצאָווע שנייען, וואָס אויבן זענען זיי נאָך פּוכקע, נאָר אונטער זיי רינען שוין אין אַלע זייטן ריטשקעלעך וואַסער מיט דעם שטילן געוויש און געזשום פון פרילינג, דער אָנזאָג פון די אָנקומענדיקע זוניקע טעג, וואַרעמע, פולע, מיטן געפלי און געהאַווע פון די שוואַלבן און שפּערלען, וואָס צווישערן אומרואיק אין דער לופט און בויען ווידער זייערע נעסטן אונטער די סטריכעס פון דעכער, אין די געדיכטענישן פון פריש־צעבליטע קאַשטאַן־ און אַקאַציע־ביימער.

פאַרפאָרן איז די דראָזשקע אויפן הויף ביזן בריקל פון דער פראָנט־שטוב. לייבל משה, אין זעלנערישן קאַשקעט מיט אַ ברוינעם ליאַמפּאַס, אין גרוי־האָריקן שינעל, האָט זיך געטאָן אַ הייב פון געזעס, אָבער איידער נאָך ער האָט אַרויסגעשטעלט אַ פוס פון דער דראָזשקע, איז פון שטוב, אויפן בריקל־אַרויף, אַרויס די מאַמע מיט די דריי שוועסטערלעך און פון מאַרק,

אַ פּאַרסאָפּעטער, איז אָנגעלאָפן דער טאַטע, יערמע דוד, מיט צעפלויגענע פּאָלעס און די רויט־גליאיקע באָרד צעפּעכערט אין ווינט.

— געלויבט אי׳ גאָט, אַבי מ׳זעט זיך, — האָבן אַלע איינציייטיק געמור־מלט, דערביי האָט זי, די מאַמע, די ערשטע אַרומגעכאַפּט דעם זון, אים געקושט, געהאַלדזט. נאָר לייבל משה, דערזעענדיק דעם פאָטער, האָט זיך גיך אַרויסגעשיילט פון דער מוטערס אָרעמס און געגעבן שלום דעם טאַטן. כיבוד אב קומט פריער פון כיבוד אם.

ווי שטענדיק אין מאָדזשיץ, איז אויך איצט גיך אָנגעשטאַנען אַ רעדל מענטשן. איינגעהילטע וויבער אין פּאַטשיילעס, איינגעטוליעטע מאַנצביל אין פּאַלטנס, קליינוואַרג מיט רויטע, נאַסע נעזלעך, זענען זיך צונויפגע־קראָכן אויף דעם הויף, ווער צוליב נייגיר און ווער אָפּצוגעבן שלום דעם זעלנער, ווינטשן טאַטע־מאַמע:

— ליב ענק ענקער גאַסט.

— ליב זאָלט עץ מיר לעיבן, — האָט חנה לאה, אַ פריידיקע, מיט אָנגעלאָפענע טרערן אין די אויגן, אַלעמען צוריקגעווונטשן, דערביי האָט זי ברייט געעפנט די טיר: — קימטס אַראַאַן, וואָס שטייט מ׳ אינדראָסן?

טייל פון די אַרומשטייער, שכנים נאָך פון יענעם הויף, האָבן זיך נישט געלאָזט לאַנג בעטן. ווי נאָר די דראָזשקע איז אַוועק, האָבן זיי געהאָלפן אַריינשטופן אין שטוב די וואַליזעס, דעם האַלב־רונדן קופערט און אַליין נאָכגעגאַנגען — — די וויבער מיט חנה לאהן אין קיך אַריין און די מאַנצביל מיט יערמע דודן זענען געבליבן אין פראָנט־שטוב מיטן גאַסט. רייבנדיק די געפרוירענע הענט האָט מען דערווייל געשמועסט, זיך נאָכ־געפרעגט ווי ס׳איז אים, לייבל משהן, דערגאַנגען דער וועג, ווי לאַנג ער איז געפאָרן. באַלד אָבער האָט מען זיך אַרומגעזעען אַז דער אָוונט פאַלט צו און שוין האָט איינער נאָך איינעם אַ וויש געטאָן די פינגער־שפּיצן אין אַ פייכטער שויב, זיך אַרומגעגאַרטלט מיט אַ האַנטעך, מיט אַ רויטער נאָז־פּאַטשיילע און זיך גענומען שאָקלען קעגן איבערן מזרח, מורמלענדיק אין דער שטיל אַשרי, שמונה עשרה.

בעת די מאַנצלייט האָבן דאָ, אין דער בין־השמשותדיקער פּראָנט־שטוב געדאַוונט מנחה־מעריב, האָט זיך דאָרט, אין דער צעליכטיקטער קיך שוין געמיחיהעט. אסתר פּערעלע האָט אויף גיך געשטעלט דעם סאַמאָ־וואַר. מיט אַ שטיוול־כאַליעווע איבערן העלדזל האָט זי, ווי מיט אַ מיעך, צעבלאָזן די אָנגעצונדענע האָלץ־קוילן. חנה לאה ווידער האָט ביים קיך־טיש זיך גענומען פּאָרען ביים צוגרייטן כיבוד און די וויבער הינטער איר, איינ־געטוליעטע אין די פּאַטשיילעס, זענען געשטאַנען ווי אַ בינטל צונויפגע־טריבענע הינער און באַלאַקעט, געוויגט מיט די קעפּ, געטשמאָקעט מיט די

ליפּן. כלומרשט האָבן זיי באַוווּנדערט אסתר פּערעלעס בעריעשקייט, די פּריש־געפּרעסטע פּויערהאַנגען אויף די פענצטער, די קאָלירטע, פּאַפּירענע פעכערס און פּאָמפּאָנען, וואָס זי האָט מיט זיי באַצייטנס, לכבוד דעם ברוּדערס אַהיימקומען, באַפּוצט ווי מיט צעעפנטע קרוינען, דעם שפּיגל, דעם אויסגעהאַפּטענעם מזרח און מיט די פּאָמפּאָנען — די אַראָפּהענגענדיקע לאָמפּן. אינדעראמתן איז גאָר דאָס טשמאָקעניש זייערס, געווען אַ מין אויסבאַהאַלטן פון חנה לאהן דאָס קנייפּן און שטורכען מיט די עלנבויגנס, דאָס איבערווינקען זיך און ווייזן איינע דער אַנדערער אויף שטום־לשון: „עך זעט כאָטש דאָס גוטס, וואָס חנה לאהלע האָט זיך דאָ אַריינגעשטעלט? וואָלט אַ שוסטער אָדער אַ שניידער זיך געקאָנט פּאַרגינען אַזאַ מעבל? מ׳זאָגט טאַקע מלאכה — מלוכה, פונדעסטוועגן איז אַ ליאַדע סוחרל וויילער ווי דעם בעסטן באַלמעלאָכע. אַבי מ׳זיצט נאָר נישט מיטן העמערל ביים וואָרשטאַט, מ׳דזשאָביעט נישט מיטן נעידעלע, איז שוין ס׳לעבן אַנדערש״. דערביי, חנה לאהלען זאָל נישט ווערן אויפפאַלנדיק זייער ווינקעניש און שטורכעניש הינטער איר פּלייצע, האָט די פליוקעכע מיטן איינציקן, געלפּאַרפוילטן צאָן אין מויל, גענומען אַזוי גנביש זי פּאַררעדן:

— ני, זעסטו שוין, חנה לאהלע? אַז מ׳לעבט, דערלעבט מען! אָוועקגעלאָפן קנאַפּע דריי יאָרלעך און לייבל משה איז ווידער אינדערהיים.

— דאַנקען גאָט, — האָט חנה לאה, אינמיטן אָנפּילן דעם קליאָש מיט צוקער, פאַרהויבן די אויגן צום סופיט, — דאַנקען גאָט, ס׳לעבעדיקע לעבן האָט שטענדיק אַ האָפענונג.

— מאַאַנע רייד, — האָט זיך אָנגערופן אסתר די בעקערין, די אייגנטימערין פון דעם הויז, אַ הויכע יידענע, אַן אַלמנה נעבעך, אויסגעבלייכט פון שטענדיקן קנעטן די דייזשעס טייג, פון היטן גאַנצע נעכט דאָס געבעקס אין אויוון. זי, די נאָנטסטע שכנה, בלויז צוויי טריט איבערן הויף, איז נישט געווען איינגעטוליעט אין קיין פּאַטשיילע. ווי זי גייט און שטייט איז זי דאָ אַריינגעקומען. אין פאַרמעליקטן פאַרטעך איבערן איינגעפּאַלענעם בויך, אין דער קאָפּקע מיטן רויטן טשיפּיק, ווי אַ בייזער פויגל איבער איר שטערן, די לאַנגע אָרעמס פאַרלייגט איבערן דאַרן האַרץ־ברעטל, איז זי געשטאַנען און פרום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— מאַאַנע רייד, יעך זאָג דאָך שטענדיק, גלאַאַכער אין לאַנד איידער, חלילה, אין זאַמד.

חנה לאה האָט גוט געוווּסט וואָס עס מיינט אסתרס שפּרוך: „גלייכער אין לאַנד, איידער אין זאַמד״. אַ משפּחה פון סוכאָטניקעס, האַרץ־קראַנקע, פּאַלן נעבעך ביי זיי אונטערגעוואַקסענע קינדער, ווי שוואַכעביימלעך אין אַ שטאַרקער זאַווערוכע. די זין דערלעבן גאָרנישט ביזן ליאָס.

— נישט פאַר מיר געדאַכט, נישט פאַר קיין מאַמע געדאַכט, — האָט חנה לאה שטיל געפליסטערט מיט די ליפּן און דערביי געפילט ווי אַ קעלט לויפט איר איבערן רוקן.

נאָכן אָפּדאַווענען מנחה מעריב, האָט ירמיה דוד אין פּראָנט־שטוב אָנגעצונדן דעם אַראָפּהענגענדיקן בליך־לאָמפּ, אַ פאַרדעקטער מיט דער אײדעלער, פאָרצעלייענער מילך־שײן, וואָס ער צינדט אָן בלויז אין אַ יום־טוב. האָט זיך טאַקע איצט צעשפּרייט איבער דער שטוב אַ ווייך, יום־טוב־דיקע ליכטיקייט. און, ווי אין אַ יום־טוב, האָט ער זיך אויך איצט אַליין געפאָרעט ביים אַריינברענגען און אָוועקשטעלן דעם זודיקן סאַמאָוואַר מיט דער מעשענער טאַץ אויפן ווייס־געדעקטן טיש. באַלד איז חנה לאה מיט די מיידלעך נאָכגעקומען מיטן כיבוד, צעשטעלט געשליפן גלאָזוואַרג מיט קיכלעך און מאַנדל־ברייטלעך, אַ קאַרפּינקע מיט קערשן־ווישניאַק, קעליש־קעס אויף הויכע פּיסלעך, טיפע טעצעלעך מיט מאַלינע־זאַפט, גלעזער אין געזילבערטע טיי־שאָלן, אַ הויכן קליאַש מיט צוקער.

יידן אַרום טיש האָבן געזופּט די הייסע, רויט־פינקלדיקע טיי, געכראָמשקעט אַ קיכל, געפּיפּקעט אָן אייגן געוויקלט ציגאַרל, געבלאָזן הרחבהדיק דעם רויך אַרויף צום סופיט, דערביי האָט מען געשמועסט, גערעדט, אויסגעפרעגט דעם גאַסט ווי ס'איז אים דערגאַנגען אויף סלוזשבע. פאַראייניוועגס האָט מען זיך דערמאָנט אָן דעם אייגענעם דינען פּאָניע און שיע קראַוואַטניק, וואָס דער עלטסטער זון דאַרף זיך שוין באַלד אַליין שטעלן צום פּריזיוו, האָט אין אַ נאָווינע גענומען איבערדערציילן די מעשה, וואָס מיט אים האָט געטראָפן ביי די זעלנער:

— שטיי יעך מיר אַזוי מיט דער ביקס אויפן אַקסל און היט. וואָס היט יעך? אַ ליידיקע קאַזאַרמע לעבן אַ צווינטער. די לבנה שיינט, ס'איז וואַרעם. יעך קיק אַריבער צום צווינטער און די האָר פון קאָפּ שטעלן זיך מיר קאָפּויער. אָט, אָט איז מיטן־נאַכט, די שאָטנס פון די פּאָמניקעס קריכן גלייך אויף מיר. איך זינק איין פון שרעק. פּלוצלינג הער יעך ווי עפּעס רירט זיך דאָרטן צווישן די מצבות מיט צלמים. נישט אַנדערש נאָר אַ טויטער איז אַרויסגעקראָכן פון קבר. יעך טו אַ כאַפּ די ציצית און נעם שרייען שמע ישראל מיט אַלע כוחות. כ'געדענק גאָרנישט כ'זאָל אפילו האָבן אָנגעצילעוועט די ביקס, וואָרעם יעך בין באַלד אַוועקגעפאַלן אין חלשות. אינדערפרי אָבער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז יעך האָב יאָ אויס־געשאָסן. אָבער וועמען, מיינט עץ, האָב יעך געטראָפן? אַ פערד, וואָס האָט זיך געפּאַשעט אויפן צווינטער.

— וואָס טויגן מיר די מעשיות מיט פערד און צווינטערס? — האָט דער אַלטער פּליוק מיט דער געלער לאָפּעטע־באָרד, איבערגעריסן שיע

קראַוואַטניקס מעשה, וואָס ער האָט זי שוין געהערט צום הונדערטסטן מאָל. אַליין אַ זאַאיקע, וואָס האָט נישט געדינט דעם קיסר, האָט ער לעצטנס געוואָלט דערגיין ביי די אַהיימגעקומענע זעלנער איין זאַך:

— מ־מ־מ׳קען הי־י־י־טן יידישקייט באַ פ־פ־אָניע?

מיט דער קשיא איז דער אַלטער פליוק כסדר אויסן געווען צו שטע־כעלירן דאָס ווייב זיינס, די פליוקעכע, וואָס אָט זיצט זי דאָ אויף דער קאַנאַפּע, צווישן בינטל ווייבער, טונקט זיך אַזוי באַזאַכט אַ מאַנדל־ברייטל אין דער טיי און עס זאָל איר גאָר איינפאַלן, כאָטש אויף איין רגע, צו פאַרגלייכן לייבל משהן מיט איר הערשעלען. אָט איז דער לייבל משה אויך אַהיימגעקומען פון די זעלנער, ני, איז דען נישט אַ נחת צו קוקן אויף אים? אַ זיידענער יונגערמאַן ווי געווען! יידישלעך־בלייך, מיט דעם אייגענעם, רויטלעך־געלן זאַראָסטל אַרום פּנים. און איר הערשעלע? געקומען פון פאָניע מיט אַ רויטן קאַרק און אַ פּאָר געקלאַרעוועטע פּיסקעס פון די חזיר־גריוון. אַז ער, דער טאַטע, האָט הערשעלען פאַרגעהאַלטן פאַרוואָס ער האָט געגעסן טריפות, נישט געהיט קיין יידישקייט, איז לא די וואָס דאָס זינדל האָט געעפנט אויף אים אַ יאַפּע, האָט נאָך דאָס מאַמעלע אים געגעבן געזעכט: „וואָס מיינט ער, דער טאַטע, דער קיסר האָט אים גענומען אין אַ בית המדרש אַריין?” וויל ער דאָס כסדר איר אויסשטעכן די אויגן:

— וו־וו־וואָס ז־ז־זאָגסטו, לייבל משה, מ־מ־מ׳קען אָפּהיטן יי־יי־יידיש־קייט באַ פ־פ־פאָניע צי נ־נ־נישט?

לייבל משה, אין שוואַרצן מונדיר מיט די בלישטשענדיקע קנעפּ, דער זעלנערישער קאַשקעט פאַררוקט אַהינטער, איז געווען פאַרשוויצט פון דער הייסער טיי. ער איז געזעסן אויבנאָן, אין דער פאָטער־שטול, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס. אים איז גאָרנישט איינגעפאַלן אַז דער אַלטער פליוק וויל דאָ מיט אים אויפשטעכן זיינס אַ בלאָטער. פאַוואָליע האָט ער אוועק־געשטעלט דאָס האַלב־אויסגעטרונקענע גלאָז טיי, זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון פּנים, פון שטערן, דערביי האָט ער געהויבן מיט די אַקסלען אין שטוינונג:

— פאַרוואָס זאָל מ׳נישט קענען? אַז מ׳וויל נאָר קען מען אומעטום זיין אַ ייד.

— אין מיר האָט עמעץ חלילה געשטערט צו היטן יידישקייט? — האָט יערמע דוד פאָטאַקעוועט דעם זון. — יעך האָב, ב״ה, אָפּגעדינט די גאַנצע פיר יאָר און קיין איין מאָל נישט פאַרפעלט צו לייגן תפילין און די יושקע פון קעסל האָב יעך אָאָך נישט געגעסן.

— הערסט כאָטש? — האָט דער אַלטער פליוק זיך אויסגעדרייט צום ווייב. זי אָבער, די פליוקעכע, האָט אים נישט געענטפערט, בלויז אים

זייטיקלעך געטאָן אַ ברי מיט די אויגן, ס׳הייסט, וואָרט־וואָרט, כ׳על זיך שוין פאַרהערן מיט דיר אינדערהיים.

שיע קראַוואַטניק האָט באַמערקט דאָס בליקעלע אירס. צו פאַרמיידן אַ קריג צווישן דעם פאָרפאָלק אפשר נאָך דאָ, אין אַ פרעמדער שטוב, האָט ער גלייך גענומען אַראָפּפירן דעם שמועס, וועגן יידישקייט ביי די זעלנער. ער האָט אויסגעדרייט דאָס פּנים מיט דער שמאָלער, שוואַרץ־גרוילעכער באָרד צו יערמע דודן:

— איצט, אַז גאָט האָט דיר יאָ געהאָלפן, דאַרפסטו מיט אים אַ שידוך טוען. אַזאַ בחור, מ׳עט דאָך אים אָפּגילטן! — דערביי האָט ער אַזאַ גנבישן ווינק געטאָן צו לייבל משהן: — אין שטאָט שמועסט מען אַז דו קומסט אַהיים מיט יענער אַפּותיקי.

— מ׳שמועסט, מאַלע וואָס מ׳שמועסט, — האָט לייבל משה געשמייכלט און זיך גענומען פאַרזוכן דער מאַמעס מאַלינעס, וואָס שוין באַלד דריי יאָר אַז ער האָט זייער טעם נישט געפילט. ווי וויל דעם שיע קראַוואַטניקס אָנצוהערעניש איז געווען אמת, האָט ער דאָך געוואָלט דעם אמת אַביסל אַראָפּפלאַטשן. ער וויל, חלילה, נישט מ׳זאָל אויף אים זאָגן: „נעבעך״, ער וויל אָבער אויך נישט מ׳זאָל אים צעפּויקן ווי אַ ניי־אויפגעקומענעם גביר:

— כ׳האָב זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן, — האָט ער, כראָמשקענדיק דאָס קיכל מיט מאַלינע־זאַפט, אַריבערגערעדט צו שיע קראַוואַטניק אין דער אַנדערער זייט טיש. — יעדן האָב צו פּאָניע גאָרנישט צוגעלייגט. יעדן האָב אין קאַזאַרמע געהאַט מיין וואַרשטאַטל: אַ מאַשין, אַ שער מיט אַ פּרעס־אייזן. אָט, אין דעם קופערט, — האָט ער געוויזן אויף דעם געקאָוועטן, האַלב־רונדן קאַסטן, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל, — האָב יעדן מיר געהאַלטן אַ שטיקל געוואַנט מיט אַביסל צודאַטן. די ראָטנע קאָמאַנדירן פון מיין פּאָלק האָבן עס גענזען גערן. צו וואָס זאָלן זיי צאָלן אַ שטאָטישן היטל־מאַכער פינפאונצוואַנציק קאָפּיקעס פאַר איבערניצעווען אַ זעלנעריש היטל, אַז יעדן האָב זיי דאָס געמאַכט פאַר פּופצן און די איבעריקע צען קאָפּיקעס איז געבליבן אין זייערע קעשענעס. ניין, ער האָט זיך נישט וואָס צו באַקלאָגן אויף פּאָניע, כאָטש ס׳מעג אים צוקומען, וואָס אים פעלט צו דעם, וואָס מענטשן שאַצן אים!

— נו, מאַ, האָסטו מיט טויזנט קערבלעך ווייניקער. צום שידוך וועט עס דיר נישט שאַטן, — איז דער אַלטער פליוק אַרויס מיט זיין זאַאיקע מענה־לשון, — דער עיקר, ביסט אַהיימגעקומען מיט געלט, נישט ווי מיין הערשעלע, וואָס איז אַהיימגעקומען מיטן נאַקעטן „זאַאַטץ מע מוחל״, אָן אַ גראָשן אין קעשענע!

— שאַטן צום שידוך? — האָט שיעלע קראַוואַטניק געשמייכלט און

דערביי אַראָפּגעשאַרט פון דער באָרד עטלעכע קיכל־קרישקעס, אַנגע־קלעפּטע אָן די האָר צוליבן קלעפּיקן מאַלינע־זאַפט. — הלוואַי פאַרמאָג יעדער עס, וואָס ער וועט קריגן נדן, כאָטש ר'איז געקומען מיט טויזנט קערבלעך וויניקער.

— פון נדן איז נאָך קיינער נישט באַגליקט געוואָרן — האָט חנה לאה, פון צווישן די ווייבער אַרויס, זיך אַריינגעמישט אין שמועס ביים טיש. איר איז זייער נישט צום האַרץ שיעלע קראַוואַטניקס קריכן צו לייבל משהן אין די קעשענעס צו דערגיין וויפל געלט ער האָט אַהיימגעברענגט און נאָך וויניקער איז איר צום האַרץ זיין פאַרפירן אַ שמועס וועגן אַ שידוך, וועגן נדן. אפילו ווען מ'רעדט נישט דערפון איז אויך יערמע דודס האַרץ איבערפולט!

חדשים פריער, פאַר לייבל משהס אַהיימקומען, האָט זיך דאָ געהאַט אַריינגעשטעלט אַ שדכן פון ראָדעם מיט אַ גאָלדענעם שידוך. צו די טויזנט קערבלעך נדן, ווילן די מחותנים אַריינגעמען לייבל משהן אין זייער מסחר, אַ געוועלב פון מילכיקס, וואָס, ווי דער שדכן זאָגט: איז נאָך אַזאַ אין גאַנץ ראָדעם נישטאָ, ממש אַ שמאַלץ־גרוב! און טאָמער איז דאָס וויניק, האָט נאָך כאַסקעלע מאירס, איינער פון די שענסטע משפחות אין שטאָט, געשיקט אַ שדכן אָנצושלאָגן מיט זיין אסתרלען. צו די דריי הונ־דערט קערבלעך נדן, וויל ער אָפּשרייבן אויף לייבל משהס נאָמען אַ האַלבע קאַמעניצע פון דער מויער זיינער, וואָס אין מיטן מאַרק.

מילא, וועגן ראָדעמער שידוך האָט יערמע דוד געשוויגן. מאַלע וואָס אַ שדכן זאָגט. ס'שמאַלץ קען דאָרטן אויסרונען און דער גרוב זאָל בלייבן. אָבער דאָ, מיט כאַסקעלעס טאָכטער, איז דאָך אַ גליק־שידוך, אַזאַ יחוס!

אמת טאַקע, זי, חנה לאה, מיינט אויך אַזוי. כאָטש זי האָט מורא פאַר שמייליקע מחותנים. דער כאַסקעלעכע קאָן אפשר, נאָך דער חתונה, נישט אָנשטיין צו זאָגן איר גוט־מאָרגן. און כאַסקעלע אַליין קאָן אויך אַמאָל זיך מאַכן נישט זען יערמע דודן. כאָטש אַז מ'וויל, איז דאָס נישט קיין מעלעיער, אַבי ס'מיידל איז גאָלד מיט זילבער, קען פאַרקומען מיט אַ מענטש און שרייבן און לייענען — ווי אַ וואַסער! וואָלטן איר טאַקע די מחותנים נישט אָנגעגאַנגען. זי וואָלט געטאָן ווי אין פּסוק שטייט: „מ'נעמט פון דער שטאַל אַרויס די קו און מ'מאַכט די שטאַל צו". איז אָבער די צרה וואָס אַזוי זאָגט אויך לייבל משה.

ער איז טאַקע אַן איידל קינד, וועט חלילה קיינעם נישט גראָב פאַר־קומען און אַוודאי נישט טאַטע־מאַמע. אָבער ביים טאָן אַ שידוך, כאָטש ער זאָגט גאָרנישט, גייט ער אָבער בפירוש קעגן טאַטע־מאַמעס ווילן. גערעדט אים גאָלדענע שידוכים, האָט מען נאָך איידער ער איז אַוועק צו די זעלנער. ס'איז אָבער פון דעם גאָרנישט געוואָרן. זי, די מאַמע, האָט

גוט געוווּסט די סיבה. יערמע דודן אָבער, ווי שטענדיק מאַנצלייט, איז גאָרנישט איינגעפאַלן. ער האָט געמיינט, אַז לייבל משה האָלט נאָך נישט ביי קיין שידוך, צווייטנס, אַז זיין גיין יעדן פּרייטיקצונאַכטס גוט־שבת־ביטן דעם פעטער איטשקע מיט דער מומע הינדע, איז בלויז צוליב מיכאלן, דעם קוזין, וואָס איז אין זיין עלטער. איי וואָסערע געשעפטן קאָן לייבל משה האָבן מיט דעם מיכאלן? אַ קוניאַך ווי דער טאַטע, איטשקעלע, וואָס מער ווי קוקן אַ פערד הינטערן ווידל און זיך איבעררייטן דערויף, צו ווייזן דעם קונה, וועלכן פויער דאַרטן, אַז דער סוס טויג נאָך אין וואָגן אריין, ווייסן זיי דאָך נישט. אים, יערמע דודן, האָט גאָרנישט געקאָנט איינפאַלן אַז לייבל משה גייט גאָר אַהין צוליב זעלדעלען און נאָך פאַרן אוועקגיין צו די זעלנער האָט זיך שוין „ליבעלע" אריינגעמישט און ער האָט שוין נישט געוואָלט הערן פון קיין אַנדער מיידל ווי נאָר זעלדעלע!

אוודאי וואָלט זי, חנה לאה, בעסער געוואָלט אסתרלען פאַר אַ שנור. ס'איז שטענדיק גלייכער דער עק פון אַ פיש, איידער דאָס קעפּל פון אַ שטינקע. אָבער מאַלע וואָס זי וואָלט אַלץ געוואָלט. ערשטנס, פרעגט מען זי נישט, צווייטנס, איז זעלדעלע אייגן בלוט און פלייש און מ'טאָר זיך מיט איר נישט וואָרפן, בפרט אַז זי איז אַ שיין מיידל מיט רויטע בעקעלעך, מיט אַ הויך ביוסטל און ברייטע באָקעס. וואָס נאָך זוכט אַ מאַנצפּאַרשוין?

מילא, זי אליין, האָט שוין שלום געמאַכט. זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה מיט זעלדעלען! יערמע דוד אָבער פייערט. זינט ער איז פון דעם געוויער געוואָרן איז — הימל עפן זיך! ער וויל נישט איטשקעלען פאַר אַ מחותן! גענוג ער האָט איטשקעלען פאַר אַ שוואָגער, דער שוועסטער הינדעס מאַן. גענוג האָט ער איטשקעלען פאַר אַ קוזין, דער מומע פערעלעס בכור. כאָטש, קריק־געשמועסט איז ער דאָך גערעכט, יערמע דוד. אַז גאָט האָט געהאָלפן, מ'האָט אויפגעכאָוועט אַ זון צו גאָט און צו לייט, מעג ער וועלן האָבן אַ מחותן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. מיט איטשקעלען איז דאָך אַזוינס נישט מעגלעך. חוץ וואָס ער איז כמעט שטענדיק אונטערן גלעזל, קומט קיינמאָל קיין גלייך וואָרט פון זיין מויל נישט אַרויס.

אָט טאַקע דאָ האָט דאָס לייבל משה איינמאָל, נאָך פאַרן אוועקגיין צו די זעלנער, אַ זאָג געטאָן: וואָס גייט אים אָן דער פעטער? ער האָט דען מיט אים חתונה? ער וועט אַרויסנעמען פון שטאָל די קו און מאַכן די שטאָל צו.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף יערמע דודן. יאָ, ס'וועט אים אַ סך העלפן. ער וועט זיך טאַקע ברוגזן, שרייען ער וועט נישט זיין אויף דער חתונה, אָבער ס'האַרץ זאָגט איר אַז איידער מ'וועט זיך אַרומקוקן, נאָך פאַר ספירה, וועט זיין אַ וואָרט, אָדער תנאים און מ'וועט אָפּשטעלן די חתונה אויף שבת נאָך שבועות.

# קאַפּיטל איינאונפערציק

אָנגעקומען אַהיים אויף פּסח זענען די צוויי ברידערלעך שוין נאָכן חמץ־פאַרברענען, אָבער מאָדזשיץ האָט נאָך געדוישט און גע׳רעש׳ט ווי אין מיטן אַ יאַריד. דער מאַרק איז געווען פול מיט זעלנער פון פעסטונג, מיט ס׳גאַיעס און זייערע פערד און וועגן פון די דערפער. אין די געוועלבער און ביי דער פייער־שאָפּע אַרום די באַליעס פיש, אין די יאַטקעס און ביי די מאַרק־זיצערקעס לענגאויס זייערע טישלעך, אומעטום האָט געווימלט מיט מאַנצביל און ווייבער, וואָס האָבן נאָך אַלץ צוגעקויפט אויף יום־טוב, ווער בלויז אַ פונט ניס, א פונט פסחדיקע מאַקאַראָנען, געבאַקן אויף פּאַפּיר־בויגנס, ווער אַ שניפּסל, אַ פּאַפּירן קעלנערל מיט אַ פּאַרלאַגע און ווער, דער עיקר אָרעמעלייט, וואָס וואַרטן תמיד אויף דער לעצטער מינוט צו קאָנען קויפן ביליקער, האָבן ערשט איצט איינגעקויפט אויף יום־טוב אַן אָפּגעשטאָגען קאַרפּל, אַ העכטל, אַ קעלברען לונג־און־לעבערל.

ווי אַלע ערב יום־טוב, האָט אויך היינט יערמע דוד אָפּגעוואַרט די צוויי זין אויפן טייך־בריקל, הינטער דער שטאָט. ער האָט גאָרנישט געוווּסט פון דער פאַרשווערונג, וואָס נתן חיימל און אברם יאַנקל האָבן בדעה דעם היינטיקן יום־טוב איבער אים דורכצופירן. נאָך פאַראַיאָרן אויף פּסח, האָבן די צוויי ברידערלעך זיך געהאַט מלבוש־ערומים געווען אין קורצע גאַרניטערס מיט ווייכע קאַפּעלושן אויף די קעפּ, אָבער אַהיימקומען אין דער הלבשה האָבן זיי זיך נישט אונטערגעשטעלט. מילא, די מאַמע — יאָך די מאַמע, זי איז אַ נאַש־בראַט. מ׳קאָן, זאָגט זי, זיין אַ ייד אויך אין אַ קאַפּעלוש. דער טאַטע טאָטע אָבער וועט די קאַפּעלושן מיט די קורצע גאַרניטערס נישט אַזוי לייכט אַרונטערשלינגען. ער איז טאַקע אַמאָל געהאַט געקומען קיין ראַדעם אונטערקויפן אים, נתן חיימען, מיט אַ קורצן גאַרניטער. דאָס איז אָבער געווען בעל כרחו, קעגן זיין ווילן. אַ סימן, ער איז געווען זייער צופרידן, וואָס נישט ער און אויך נישט אברם יאַנקל, האָבן דאָס אנצוגל נישט געוואָלט אָננעמען און ער איז מיט דעם צוריק אַהיימגעפאָרן.

האָבן דעריבער די צוויי ברידערלעך,ביידע פריערדיקע יום־טובים נישט געוואָלט דעם טאַטן מצער זיין. ווי וואָיל זיי האָבן געגאַרט זיך אַראָפּצולאָזן קיין מאָדזשיץ אין די אָבראַניעס מיט די קאַפּעלושן אויף די קעפּ,

זענען זיי דאָך אי אויף פסח, אי אויף סוכות, אַהיימגעקומען אין די אַלטע סאַקלעך מיט די יידישע היטעלעך און די קורצע מלבושים מיט די קאַפּעלושן איבערגעלאָזט אין וואַרשע, ביים פעטער שמואל.

איצט אָבער, אויפן צווייטן פסח שוין, האָבן ביידע, וואָכן פריער נאָך, אָפּגעפּאַסט ביי זיך אַז די צייט איז געקומען אויפצושטעכן דעם בלאָטער. וויפל איז דער שיער זיך אויסצובאַהאַלטן? בפרט אַז לייבל משה איז שוין אַהיימגעקומען פון די זעלנער, געשריבן תנאים און אָפּגעשטעלט די חתונה אויף שבת נאָך שבועות. דערצו נאָך האָט ער, נתן חיים, צוליבן ברודערס חתונה זיך געלאָזט אויפנייען אַ שוואַרצן פּראַק מיט הויזן-וועסט און ער קוקט שוין אויס די מינוט צו קאָנען אין דעם אויסשטייער זיך באַווייזן אין מאָדזשיץ. איז אויף ווען זאָלן זיי וואַרטן? ס'מאָל מוז דאָך זיין אַמאָל!

ביים אַריינקומען אין שטוב האָבן די צוויי ברידערלעך אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן אָן דער פאַרשווערונג. אין מיטן זיך אַרומכאַפּן מיט דער מאַמען, מיט די שוועסטערלעך, זענען זייערע אויגן געלאָפן אַרום, איבער די שטובן. קיינמאָל האָבן זיי זיך נישט פאַרגעשטעלט ביי זיי אין שטוב זאָל שטיין אַזאַ הערלעך מעבל! און ערשט די דירה אַליין! אַן אָפּגעזונדערטע אָפּיצינע צווישן די צוויי גרעסטע סעדער אין שטאָט און נאָך מיט די דריי צעבליטע קאַשטאַן-ביימער פון דער קאַנצעלאַריע אין זייערע פענצטער.

— ני, זאָגטס כאָטש מ'זאָל דאָס „פּאָזשיען" געזונטערהייט, — האָט אסתר פערעלע, די עלטסטע פון די דריי שוועסטערלעך, אַ יום-טובדיק אויסגעפּוצטע, אַ צעשטראַלטע, וואָס זי האָט באַוויזן אויפצורוימען די שטובן איידער די ברידער זענען געקומען, זיי דערמאָנט אַז זיי דאַרפן אָנווינטשן לכבוד דער נייער דירה, לכבוד דעם שיינעם מעבל.

אָבער אָנשטאָט די ברידערלעך זאָלן עפּעס זאָגן, האָט גאָר דער טאַטע אַ וואָרטשע געטאָן:

— נייטיק עס גענדאַרפט!

— ווידער דער אייגענער פּזמון — האָט די מאַמע, אין מיטן אַרומ-כאַפּן זיך מיט די זין, בייז אָפּגעמאָסטן דעם מאַן.

פריער, איידער לייבל משה איז געקומען פון די זעלנער, ווען ס'איז געוואָרן אַ רייד וועגן דעם שידוך מיט כאַסקעלע מאירס טאָכטער, האָט ער, יערמע דוד, איינגעזעצן דעם שכל אין אירע, חנה לאהס טענות, איבער-צוציען זיך אין אַ לייטישערע דירה, צו דערהאַלטן פאַר זיך דאָס מעבל, דאָס געשליפן גלאָזוואַרג. זינט אָבער ס'איז געשלאָסן געוואָרן דער שידוך מיט איטשקעלען, האָט ער אויפסניי אָנגעהויבן ברומען און וואָרטשען אַז מ'האָט נישט גענדאַרפט געוועזן פאַרגרעסערן די הוצאה אויף דער דירה און אוודאי נישט אויסן-האָבן אַזויפיל געלט אויף די זאַכן אין שטוב. זי

אָבער, חנה לאה, איז געבליבן ביי אירס. אמת טאַקע, צוליב איטשקעלען האָט מען נאָך גאַנץ ווויל געקאָנט וווינען אין יענער דירה. אָבער חוץ לייבל משהן זענען, דאַנקען גאָט, דאָ נאָך קינדער אין שטוב. ער פאַרגעסט אַז עס וואַקסן אונטער, קיין עין הרע, דריי מיידלעך. איידער מ׳קוקט זיך אום וועט אסתר פערעלע שטיין אין שידוכים. און מיידלעך דאַרף מען באַשיינען און באַקריינען, אויב מ׳וויל זיי אויסגעבן אויף אַ לייטישן אופן.

איבערצורייסן טאַטע־מאַמעס פאַרהער, האָבן די צוויי ברידערלעך גענומען אויפפּאַקן פון אַ גרויס פּאַפּיר די באַזונדערע פּעקלעך, וואָס זיי האָבן אָנגעברענגט אויף פּסח. אין איין פּעקעלע איז געווען פיש, ברייט־לעכע, גאָלדיקע לעשטשעס און לענגלעכע סענדאַקן, בלוילעך־ווייסע ביי די בייכער. אין צווייטן פּעקעלע איז געווען אַ שפּאָנדרע, דורכגעוואַקסן מיט פעטס, וואָס די מומע גאָלדע האָט פאַר זיי איינגעקויפט אַהיים, אויף יום־טוב. די צוויי פּעקלעך האָט נתן חיים דערלאַנגט דער מאַמען. אסתר פּערעלען מיט די צוויי יונגערע שוועסטערלעך, וואָס אַלע דריי זענען זיי געשטאַנען אין אַ קופּקעלע, שטילע, נייגעריקע, צו זען צי די ברידער האָבן זיי עפּעס געברענגט פון דער גרויסער שטאָט, זיי האָט אברם יאַנקל, פון אַ באַזונדער פּעקעלע, גענומען אויסטיילן קעמעלעך צו די האָר, אַ בראָש־קעלע, דער קליינער פרומעטל — אַ פּייפל און אסתר פּערעלען, ווי אַ צולאָג צום קעמל — אַ שנעל אין נאָז פאַר איר גאָפּיען. דאָס פּעקעלע ניס און מאַקאַראָנען, דעם האַלבן שטאָף פּסחדיקן אָקעוויט, אָנגעטאָן אין אַ דיק שטרויען העמדל, דאָס האָט ער שטיפּעריש אַריינגערוקט דעם טאַטן אונטערן אָרעם, אָבער קיין שנעל אין נאָז אַריין, ווי ער האָט דאָס געטאָן דער שוועסטער, האָט ער זיך נישט אונטערגעשטעלט דעם טאַטן צו טאָן.

כאָטש צופרידן פון זייער איבערגעגעבנקייט צו דער שטוב און, צוליב דעם — פול מיט שמייכל אין די בלויע אויגן, אין די מויל־ווינקלען, צווישן דער רויט־פלאַמיקער באָרד און וואָנסעס, האָט ער דאָך גענומען אויסרעדן די יינגלעך זייער אויסברענגערישקייט:

— צו וואָס האָט מ׳דאָס געדאַרפט? ווייניק פיש מיט פלייש איז אָנגע־גרייט? אָט קילט זעך שוין אין קיך אַ פולמיסאָק מיט אָפּגעקאָכטע פיש.

— זאָג זיי בעסער אַ שיינעם דאַנק, — האָט זיך חנה לאה ווידער אַריינגעמישט. — צו וואָס זיי אויסרעדן? מ׳עט דען, חלילה, עפּעס אַרויס־וואַרפן? ס׳גייט, דאַנקען גאָט, אַ לאַנגער חול המועד און אויף די אַנדערע טעג יום־טוב וועט מען אויך דאַרפן פיש מיט פלייש. — קימטס, קינדער, — האָט זי אַ רוף געטאָן די מיידלעך, — מ׳דאַרף צושטעלן קאַרטאָפליעס און אָפּקאָכן וואַרעמעס. אברם יאַנקל מיט נתן חיימען האָבן נאָך היינט אוודאי גאָרנישט געגעסן.

— מ׳אָט געגעסן, מ׳אָט געגעסן, — האָבן ביידע זיך איינצייטיק באַרואיקט די מאַמע.

זיי זענען אַרויס אויפן בריקל, געשטאַנען אַ ווײַלע פאַר דער טיר. די וואַרעם־לאַשטשענדיקע זון, דער אומענדלעכער הימל, אַזאַ ליכטיק־בלויער, וואָס אין וואַרשע, צווישן די הויכע קאַמעניצעס, זעט מען גאָרנישט אַזאַ, די סעדער אַרום, די צעבליטע קאַשטאַן־ביימער, פון אַלץ האָט אויף זיי געאָטעמט מיט רחבות, מיט פרילינג, מיט ניי־אויפגייענדיק לעבן. נאָכן לאַנגן ווינטער אין וואַרשע, נאָך דעם וואַלגערן זיך, נתן חיים — אויף זיין סטאַנציע, אין דעם נאַסן, פינצטערן קעלער און אברם יאַנקל — אין מיינסטערס שוסטער־געוועלב, שטענדיק פול מיטן עיפוש פון קינדישער השתנה, האָט די ריינע, לויטערע לופט דאָ, זיי פאַרשיכורט, געטריבן זיי צו לויפן, צו שרייען, צו פרייען זיך, עפּעס ווי שווערע לאַסטן וואָלטן זיך פון זיי אַראָפּגעשיילט און זייערע גלידער און זייער גאַנצער גוף וואָלט מיטאיינמאָל געוואָרן אַזוי לייכט, אַזוי גרינג, כאָטש שפּרייט אויס די אָרעמס און פּלי אין דער לופט אַריין.

זיי זענען אַרויס אויף דער גאַס. דער ערב־יום־טוב־געברויש האָט זיך שוין אָנגעהויבן זעצן, זיך איינשטילן. אַ סך פון די זעלנער האָבן שוין געהאַט אָפּגעצויגן צוריק אין פעסטונג אַריין, אויך פיל פון די פויערישע פערד־און־וועגעלעך האָבן זיך שוין געהאַט פאַרנומען צוריק אין די דערפער אַריין. איבערן ליידיק־געוואָרענעם מאַרק, אַן אויסברוקירטער, האָט שוין איצט ווידער געקיניגט קלאַס, בערציקס גוואישער משרת. אַ באָרוועסער, אין בלויזן קאַפּ, אַ צעקודלטער, די דיקע, בלאָנדע, שטרוי־וואָנסעס, צוגע־ווענגטע פון שטענדיקן פּיפּקען דאָס איבערבלייבעכצל פון ציגאַרל־מאַכאָר־קע, איז ער געגאַנגען פּאַוואָליע, טריט ביי טריט, מיטן גרויסע בעזעם אין ביידע הענט און צונויפגעקערט אין בערגעלעך דעם אָפּפאַל און שטויב און פערדן־מיסט, וואָס פריי־אַרומקריכנדיקע עופות האָבן זיך גערײַעט אין זיי, געגנישטערט מיט די שפּיציקע שנאָבלען נאָך אַ קערנדל האָבער, אַ גערשטן, אַ קרישקעלע ברויט.

— אָט גייט לייבל משה! — האָט אברם יאַנקל אַ צי געטאָן פאַרן אָרבל דעם פאַרחלומטן ברודער.

נתן חיים האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער זייט פון ריקער וועג. לייבל משה איז דאָרטן געגאַנגען ביים ברעג פון שאָסיי, אַן איינגעבויגענער, די הענט פאַרלייגט אויף הינטן. לויט זיין הולך, אַ געהאַקטע קאַפּאָטע, אַ יידיש היטל אויפן קאָפּ, און דער עיקר, לויט זיין גיין אַזוי יידישלעך־געבויגן, מיט די הענט אויפן הינטן, וואָלט קיינעם נישט איינגעפאַלן אַז ער האָט אַמאָל געדינט דעם קיסר, געהאַלטן אַ ביקס אין די הענט, זיך

געלערנט שיסן. דער אייגענער לייבל משה מיטן אייגענעם רויט־געלן װאַראָסטל אַרום זײַן בלייך־אויסגעאיידלט פּנים.

אויך ער, לייבל משה, האָט גיך דערזען די ברידער און גענומען איילן צו זיי, ווי זיי צו אים. זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט, זיך געהאַלדזט, געקושט, אויסגעפרעגט איינער דעם אַנדערן ווי עס איז אים דערגאַנגען און אַזוי צוזאַמען געקומען צוריק אין שטוב אַריין.

די מאַמע האָט זיי שוין געהאַט אויסגעקוקט, זיך כלומרשט געבייזערט אויף זיי:

— מ׳טאָר דאָך ענק גאָרנישט אַרויסלאָזן פון שטוב! די קאַרטאָפליעס זענען דאָך שוין איבערגעשטאַנען!

איצט, ערב פּסח, ווען חמץ עסן טאָר מען שוין נישט, און מצה, פאַרן סדר, עסט מען נאָך נישט, האָט די מאַמע געשטעלט אין קיך, צום טיש, דאָס אייביקע ערב־פּסחדיקע מאָלצייט: טרוקענע קאַרטאָפל באַשמאַלצן מיט רייִשעכץ, מיט שטיקלעך איינגעדעמפּטע לעבערלעך פון די עופות, אָוועקגעמאַכטע לכבוד יום־טוב.

נאָכן עסן, בעת די מאַמע מיט די שוועסטערלעך זענען געווען פאַר־טאָן אין קיך ביים וואַשן ס׳געפּעס, ביים געקאָכעריי צו די סדרים, אויף די בייטאָגיקע יום־טוב־סעודות און דער טאַטע מיט לייבל משהן זענען געזעסן אין פראָנט־שטוב ביים טיש און געטרונקען טיי, געשמועסט צווישן זיך, וואָס ער, לייבל משה, קלערט צו טאָן נאָך דער חתונה, רעכנט ער זיך צו פאַרלייגן אַ היטלמאַכעריי אין מאָדזשיץ? אָדער קלערט ער זיך צו באַזעצן אין וואַרשע? אָט דעם שעת הכושר האָבן די ברידערלעך, אַליין איצט אין מיטל־שטוב, אויף גיך אויסגענוצט, אויפגעשלאָסן די קופערט־לעך, אַרויסגענומען פון דאָרטן די קאַפּעלושן, דעם פראַק מיט די הויזן־װעסט, אברם יאַנקלס גאַרניטער און דאָס אַלץ אַריינגעהאָנגען אין די טיפ־קייטן פון דער שאַנק, צווישן דער מאַמעס קליידער און די שוועסטערלעכס יאַקעס, זאָלן די מלבושים נישט אַזוי צעקנאָדערט ווערן!

מילא, דאָס פאַרשטעקן און באַהאַלטן די היט און גאַרניטערס פון טאַטנס אויגן, איז זיי נישט אָנגעקומען אַזוי שווער. וויאַזוי אָבער וועט זיי צוגיין דאָס אָנטוען זיך? דער עיקר, ווען זאָלן זיי אויפשטעכן דעם בלאָ־טער? היינט, פאַרן גיין אין שטיבל דאַווענען מעריב? אָדער אפשר מאָרגן אינדערפרי, דעם ערשטן טאָג פּסח? לאָזן דעם טאַטן אַליין גיין צום דאַווע־נען און דערנאָך זיך אָנטאָן און נאָכקומען? אַזוי וואָלט אפשר געווען אַמבעסטן, ס׳וועט זיין *) בעל כרחו יענה אָמן! ער וועט אַזוי אַרום זיין

---

*) געצוווּנגענערהייט צו שטימען.

געצווונגען אַרונטערצושלינגען דעם גאַנצן הולך זייערן. ער וועט דאָך נישט נעמען שרייען אויף זיי אין שטיבל, ברענגען זיך און זיי צו לייטיש געלעכטער. ס׳קאָן זיך נאָך מאַכן ער זאָל זיך גאָר דאַרפן אָננעמען פאַר זיי, טאָמער פאַרגלוסט זיך עמעצן צו מאַכן אַ געלעכטערל, צו טרייבן אַ הלצלה אויף זייער חשבון. אין שטיבל זענען דאָ געגוג פרומע לייט, וואָס מיינען אַז דער רבונו של עולם האָט זיי אויסגעוויילט זיך אָנצונעמען זיין קריוודע. לאָזער שוסטער, אַ ביסטרער ייד, מיט אַ שוואַרצער באָרד און אַ פּאָר ליפּן ווי דיקע שוועלן, אים קאָן אַמאָל איינפאַלן צו כאַפּן וועמענס פון זייערע קאַפּעלושן און אים טאָן אַ שליידער איבערן באַלקאָן, גלייך אין מיסטקאַסטן אַריין. אָדער קלמן גיזשדע, דער צווייטער שוסטער אין דער חברה, כאָטש גאָרנישט קיין פרומער, קאָן ער, סתם אַזוי, פאַר אַ קאַטאָוועסל, זיך פאַרגנבענען הינטער וועלכן פון זיי און טאָן אַ פּאַטש אין אַ קאַפּעלוש אַריין און אים איינפלאַטשן ווי אַ צעקוועטשט קרעפּל, אַז אַראָפּגעשטופּטער איבער די אויגן, אויף דער סאַמע נאָז אַרויף.

אין זייער פאַרזאָרגטקייט, אין זייער שלאָגן זיך מיט דער דעה, ווען דער בלאָטער זאָל אויפגעשטאָכן ווערן, האָבן זיי דערווייל, הינטערן טאַטנס פּלייצעס, אַריינגעצויגן אין דער פאַרשווערונג די מאַמע, אויך דעם עלטסטן ברודער.

ער, לייבל משה, בטבע אַ שטילער, שטענדיק גרייט נאָכצוגעבן אַבי נישט איינצורייסן זיך מיט קיינעם, ער האָט גערעכנט די ברידערלעך בעסער צו גיין אין די אַלטע סאַקלעך, אין די יידישע היטעלעך און נישט אַרויסרופן קיין קריג, נישט פאַרשטערן דעם יום־טוב. אלא שפּעטער, אויף דער חתונה? דעמאָלט איז גאַנץ מעגלעך דער טאַטע זאָל, צוליב דער גרויסער מיחיה, גאָרנישט באַמערקן וואָס זיי גייען אָנגעטאָן.

די מאַמע אָבער, ווי וואָיל אויך זי איז שטענדיק גרייט צו לאָזן אירס איבערגיין, זי האָט איצט נישט געהאַלטן מיטן זון. אַ מאַמע, האָט זי בעסער פון אים געזען דאָס צאַפּלענישן פון די צוויי בהורים, זייער אויסקוקן דער יום־טוב זאָל צופאַלן, זיי זאָלן שוין קאָנען זיך אויספּוצן אין די הייבט־מאָדישע מלבושים, אין די קאַפּעלושן אויף די קעפּ און זיך אַרויסווייזן אין גאַס, אין שטיבל. הייסן זיי אויך איצט גיין אין די אַלטע סאַקלעך, אַבי נישט אויפצורייצן דעם טאַטן, וועט נישט טויגן און ס׳וועט נישט העלפן אויך, זיי קאָנען זיך איינשפּאַרן: דווקא! ווי קאָן מ׳זיי פאַרביטן, וואָס אַנדערע מעגן? זיי קאָנען צוליב דעם נישט וועלן מער אַהיימקומען אפילו אויף אַ יום־טוב! וועט דעמאָלט זיין בעסער? לויט איר ווייבערישן שכל איז גלייכער נישט איבערצוציען דאָס שטריקל. בעסער האָבן זיי יום־טוב אינדערהיים אין קורצע גאַרניטערס, איידער לאָזן זיי פּסח זיך וואַלגערן אין וואַרשע. אין די קורצע גאַרניטערס וועלן זיי דאָרטן סיווי גיין, דערפאַר

וועלן זיי נאָך, חלילה, עסן חמץ פאַר אַ צולאָג, אָדער גאָר אָפּדאַרן די יום־טוב־טעג.

— מיינעטוועגן, — האָט לייבל משה געהויבן די אַקסלען, — זאָלן זיי טאָן וואָס זיי ווילן! נאָר אויב שוין יאָ אָנטאָן די גאַרניטערס, זאָל עס זיין היינט, איידער דער טאַטע גייט צום דאַווענען. וואָס עס דאַרף זיין, זאָל זיין אין שטוב!

— אין ווס ׳עט זאַאַן, טאָמער כאַפּט דער טאַטע מיר אַראָפּ דעם קאַפּעלוש אין צעטרעט אים אינטער די פיס? — האָט נתן חיים טיף־באַזאָרגט זיך געפרעגט.

— גיי שוין גיי! — האָט לייבל משה געלאַכט פון אים. — דער טאַטע וועט קיינמאָל אַזוינס נישט טאָן.

— בפרט נאָך ווען ער וועיסט אַז אַזאַ קאַפּעלוש קאָסט דריי צי פיר קערבלעך. — האָט די מאַמע אין קיך איינגעשטימט מיטן עלטסטן זון.

ביסלעכווייז איז צוגעפאַלן די נאַכט. דער טאַטע, אַ יום־טובדיקער, אין אַ ניי קאַשקעטל, די רויטע באָרד צעקעמט, צעפּעכלט איבערן ווייסן העמד־קאָלנער, האָט אָנגעצונדן דעם בליך־לאָמפּ, און ווי יעדן פּסח פאַרן גיין אין שטיבל צום דאַווענען, האָט ער זיך אויך איצט גענומען אויסריכטן דעם ווייס־געדעקטן טיש צום סדר:

— קינדער, ברענגטס אַריין די לייכטער, די כוסות, — האָט ער גערופן אין קיך אַריין.

באַלד איז געוואָרן אַ געטראָגעריי. די צוויי קלענערע מיידלעך האָבן אַריינגעברענגט אַכט מעשענע, בלישטשעדיק אָפּגעשייערטע לייכטער, וואָס די מאַמע צינדט אין זיי אַכט ליכט, אַ ליכט פאַר יעדן נפש אין הויזגעזינד. נאָך זיי איז געקומען אסתר פּערעלע מיט אַ שטויס מצות אין איין האַנט און אין דער אַנדערער די קערה, אַ גרויסער, פאַרביקער טעלער, וואָס אין זיין מיטן איז געווען איינגעברענט מיט רויטע און בלויע, שיין געציקלטע אותיות אַ „לכבוד פּסח". אַרום און אַרום דעם פּסח זענען געווען די צוועלף מזלות, און העכער, אַרום דעם ברייטן ראַנד, זענען געווען איינגעדריקט אין פּילקאָלירקן שריפט: „זרוע, ביצה, מרור, כרפּס און חרוסת.

בעת דער טאַטע איז דאָרטן, אין פּראָנט־שטוב, געווען פאַרפּאַרעט מיטן אויסריכטן די קערה, מיטן איינטריפן די ליכט אין די לייכטער, מיטן אויסשטעלן די כוסות, אַלע גאָלד־געריפּטע, ארום און אַרום טיש, לויט ווי יעדער פון דער משפחה זיצט ביים סדר, האָבן דערווייל די צוויי בנים אין דער מיטל־שטוב, אויף גיך זיך גענומען אָנטאָן, אברם יאַנקעלע אין די ברוינע שיך, נייע, סקריפּענדיקע, אין גאָלד־געשטרייפטן, גרויען אנצוג און דאָס ברוינע קאַפּעלושל, אַ פלאַכס, ווי אַן איבערגעקערטער טעלער אויפן קאָפּ.

אין דעם הולך, מיטן שמאַלן, פויגלשן פנימל און גיך־לויפנדיקע, קלוגע אויגן, האָט ער אויסגעזען ווי איינער פון די וואַרשעווער שוויצער־לעך, פון דער ניזקע אָדער סטאַווקע גאַסן, די יונגען, וואָס גייען „אויף גראַנדע״ נעמען „פּרעטענסיע־געלט״ און שלעפּן זיך אַרום מיט בינטן כלות אויפן „ווילנע־פּלאַץ״, אויף „די טאַמקעס״, אָדער אין פּראַגער וועלדל.

נתן חיים דאַקעגן, האָט אויסגעזען פּונקט דער היפּוך פון אברם יאַנקלען. אין שוואַרצן פּראַק, די פּאָלעס ביי די שאַרף־געפּרעסטע הויזן פּאַררונדיקט פון גאַרטל ביז אַריבער די קני, אין די שוואַרץ־געמזענע אַנגעלקעס אויף די פיס, אין ווייכן הוט, שוואַרץ ווי דער פּראַק, מיט אַ ברייטן ראַנד, אַביסעלע אַראָפּגעבויגן איבערן רעכטן שטערן־ווינקל, דערצו די צוויקער־ברילן, אַ פּאָר בלויזע פּענסנע־גלעזלעך איבער די אויגן, מיט אַ שוואַרץ, נאָכהעגענדיק טאַשמעלע פון אונטערן רעכטן אויער, אָט, אין דעם הולך, האָט ער אויסגעזען ווי אַ יונגער פילאָזאָף, אַ דאָקטאָר, אָדער, ווייניקסטנס, אַ פּראָוויזאָר פון אַן אַפּטייק.

די מאַמע, אין מיטן פּאָרען זיך אין קיך, דערזעענדיק אין דער ברייטער טיר־עפענונג די צוויי אויסגעפּוצטע זין, איז געבליבן שטיין אַ פּאַרבליפטע.

— פו, פו, — האָט זי פון זיי אָוועקגעבלאָזן אַ גוט אויג. — קיין עין הרע! — און, כדי צו פּאַרלויפן דעם מאַן דעם וועג, ער זאָל זיך נישט צעשרייען און נעמען וויוועזן, האָט זי אַ רוף געטאָן אין פּראָנט־שטוב אַריין:

— יערמע דוד, זע נאָר, טו כאָטש אַ קוק אויף דיינע זין.

יערמע דוד, מיט אליהו הנביאס כוס, אַ רויטלעך־גלעזערנער באָקאַל, אויף אַ הויכן, שלאַנקן פוס אין האַנט, האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער מיטל־שטוב. ער איז געבליבן אָן לשון, געפירט דעם בליק פון אברם יאַנקלען אויף נתן חיימען און באַלד אויף צוריק.

ניין, ער האָט זיך נישט צעשריגן און אויך נישט געלאָפּן אַראָפּרייסן די קאַפּעלושן פון די זינס קעפּ, ווי אַלע האָבן זיך געריכט אַז ער וועט טאָן. מ׳האָט אויך נישט געזען קיין בייזקייט, קיין אָנגעלאָפּענעם כעס אין אים. זיינע אויגן, בלויע, נאָר־וואָס יום־טובדיק־פריידיקע, זענען מיטאיינמאָל פּאַרלאָפּן געוואָרן מיט טרויער, הילפלאָזער טרויער. אַ טיפער צער האָט אים אַרומגענומען, נישט אַזוי צוליב אברם יאַנקלען. דער יונג האָט אים נישט באַאומרואיקט מיט זיין דאַאַטשמערישן הולך. כאָטש ער, יערמע דוד, וואָלט נישט געווען בכוח זיך, אָדער אַנדערע קלאָר צו מאַכן פּאַרוואָס, האָט ער אָבער געוווסט און מער נאָך געפילט אַז איבער אברם יאנקלען האָט ער זיך נישט וואָס צו שרעקן. אַזעלכע ווי ער, היטן סוף כל סוף יידישקייט אפילו אין אַ קורצן גאַרניטער מיט אַ קאַפּעלוש אויפן קאָפּ.

געשראָקן האָט אים דער יונגערער, נתן חיים. דאָס שטענדיקע צאַפּלעניש איבער דעם ייִנגל איז איצט אין אים געוואָרן נאָך שאַרפער. זינט דער נתן חיימל איז געקומען אויף דער וועלט, וואַקסט ביי אים, דעם טאַטן, די שרעק איבער זיין גורל. ביין, דער הולך, וואָס נתן חיימל האָט זיך אין דעם מלבוש ערומים געוועזן, איז נישט סתם דאָאַטשמערישע הלבשה, דאָס שמעקט מיט עפּעס מער! די לייט, וואָס טוען זיך אָן אין אַזעלכע פּראָקן, אַזעלכע ברייט־ראַנדיקע היט, אין אַזעלכע ברילעכלעך, דערצו נאָך לאָזן זיי זיך וואַקסן לאַנגע האָר, די דאָזיקע לייט זענען נישט ליאַדע סטרייקערלעך, וואָס טומלען, שרייען הוראַ, דערנאָך סטאַטקעווען זיי זיך, האָבן חתונה און ווערן מיט לייטן גלייך. דאָס זענען די חברה, וואָס לייקענען אין גאָט, ווילן איבערקערן די וועלט! ווי דעם פּורים־סוחרס זינדל.

אַ ביטערקייט איז יערמע דודן אָנגעשטאַנען אין מויל. ער האָט זיך געווישט מיט דער האַנט־פּלאַך די טרוקן־געוואָרענע ליפּן, עפּעס ווי ער וואָלט געזוכט פון אַלעם צו באַהאַלטן די פאַרלוירנקייט, די ווידער־אָנגעשטאַנענע הילפלאָזיקייט איבער דעם זון.

דורך דער קורצער ווילע, וואָס יערמע דוד איז געשטאַנען אַזאַ פאַרטרויערט־דערשלאָגענער, האָט אין שטוב אָנגעהויערט אַ דריקנדיקע שטילקייט. נישט לייבל משה אויף דער קאַנאַפּע, נישט די מאַמע, חנה לאה, אין דער אָפענער קיך־טיר, נישט די צונויפגעטוליעטע שוועסטערלעך ביים טיש, קיינער האָט נישט געוואַגט אַרויסצוברענגען אַ וואָרט און די צוויי אויסגעפּוצטע ברידערלעך, האָבן נישט געוווּסט ווו צו קערעווען די אויגן, וואָס מיט זיך צו טאָן. די שטילקייט איז פאַר זיי געווען ערגער ווי דעם טאַטנס פייערן, שרייען, אַפילו אראָפּרייסן פון זיי די מלבושים און זיי טרעטן מיט די פיס!

ווי תמיד אַזוי האָט אויך איצט חנה לאה גענומען צעטרייבן די אָנגעלאָפענע כמאַרעס:

— יערמע דוד, — האָט זי זיך געווענדט צו אים מיט אַן אַרויפגעצוווּנגען שמייכעלע אויף איר אויסגעבלייכט פּנים. — האָסט זיך אַוועקגעשטעלט, ווי אַן אומגליק וואָלט חלילה געשען, ווי אַ שיף מיט הינער־דאָס וואָלט דיר אונטערגעגאַנגען.

יערמע דוד האָט נישט געענטפערט, ער האָט בלויז אַ זייטיקן בליק געטאָן אויפן ווייב, אַ בליק וואָס האָט זי דערמאָנט אַז ער קען זיך אויף אירע געלעכטערלעך, וואָס זי דאַרף זיי איצט נישט אָנשטעלן. זי דאַרף זיך נישט שרעקן. ער וועט היינט אויף קיינעם נישט שרייען, ער ווייסט שוין גוט אַז דאָס העלפט אים נישט. דאָס געפּיל אַז קעגן נתן חיימען איז ער מאַכטלאָז, אַז איידער נאָך דער יונג איז רעכט אויסגעוואַקסן, איז ער שוין

דעם טאַטן בייגעקומען, אַז דאָס געפּיל, וואָס איז ביי אים אָנגעשטאַנען נאָך דעמאָלט, ווען ער האָט געמאַכט דעם פּעלן שריט, אַרויסגענומען דאָס יינגל פון ר׳ שבתאין און אים אַריינגעגעבן צו הערשעלע מלמד אין דרדקי־חדר, אַז דאָס געפּיל האָט אים איצט אויפסניי געגומען שאַרף נאָגן, פּייניקן, גלייך דער גאַנצער קריג, דער אייביקער קידער־ווידער צווישן אים און נתן חיימען, וואָלט זיך ערשט איצט צעפלאַקערט.

ער האָט אַרויסגעשטעלט דעם אליהו הנביא־כוס פון האַנט, ווידער אַ פּיר געטאָן מיט דער האַנט־פלאַך איבער די פאַרטרוקנטע ליפּן, איבער דער רויטער באָרד און אַריין אין דער מיטל־שטוב. אינסטינקטיוו האָבן אברם יאַנקל און נתן חיים אַ צאַפּל געטאָן און אָפּגעטרעטן אים פון וועג. זייער שרעק איז אָבער געווען איבעריק. ער האָט גאָרנישט געטראַכט צו זיי צוצוגיין, זיי אָנצורירן. ער איז גאָר צוגעגאַנגען צו דער שאַנק, אַרויסגענומען די געהאַקטע קאַפּאָטע, זי אָנגעטאָן, גלייכגעמאַכט ס׳קאַשקעטל אויפן קאָפּ און אַ זאָג געטאָן צו לייבל משהן אויף דער קאַנאַפּע:

— קים, צאַטע צו גיין דאַווענען.

# קאַפּיטל צוויייאונפערציק

שבת נאָך שבועות, צו לייבל משהס אויפרופן, איז דאָס מאָדזשיצער בית המדרש געווען געפּאַקט. חוץ דעם שטענדיקן עולם איז נאָך היינט, צוליב דער שמחה, געקומען אין בית המדרש אַריין דאַווענען איטשקעלעס חברה תהילים און אַ גוטע העלפט פון די מתפּללים אין יערמע דודס שטיבל.

איינגעהילט אין די טליתים זענען יידן געזעסן אויף זייערע שטעט, אַרום די לאַנגע ברייטע טישן, אַרום בעלעמער. דער פּראָסטער עולם, אָן אייגענע שטעט, איז געשטאַנען צונויפגעדריקט אין מיטן בית המדרש. ווער ס'האָט געהאַלטן די אויגן אין אייגענעם חומש און ווער — פאַרהויבן דעם קאָפּ צו דער בימה, ווו דער חתן איז געשטאַנען איבער דעם אויפגעוויקלטן ספר, אָן אַרומגערינגלטער פון די גבאים, די עליה־טיילער, מיט איטש־קעלען, דעם מחותן, פון איין זייט און דעם טאַטן, יערמע דודן, פון זיין צווייטער זייט.

אין בית המדרש איז געווען שטיל, גאָרנישט ווי תמיד, בעת קריאת התורה. דורך די צעעפנטע פענצטער, הויכע, האַלב־רונדיקע, האָט געפלייצט דאָס געצוויטשעריי פון פייגל, דאָס געהאַווערײ פון די בלויע שוואַלבן, דאָס געבלענד פון זוניקע ליכט־זיילן, וואָס האָבן זיך געגליטשט איבער די באַטליתטע יידן, אויפגעבלישטשעט אַ זילבערנע עטרה, אַ פייכט־פאַרטרערט אויג ביי אַן אַלטן ייד און זיך גאָלדיק צעשפּריצט אויף דער מערב־וואַנט, אונטער די פירעקיקע פענצטערלעך פון עזרת נשים.

אויך דאָרטן, אין דער ווייבער־שול, איז איצט געווען געפּאַקט. אין שייטלען, אין שטערנטיכלעך, אין קאָפּקעס מיט פאַרביקע טשיפּיקעס אויף זייערע קעפּ, מיט ציטער־שפּילקעס אויף די בוזעמס, מיט לאַנגע, נאָכהענ־גנדיקע אויערינגלען אין די אויערן, האָבן זיך די מחותנתטעס און מומעס און סתם ווייבער, געדרענגט אַרום די פענצטערלעך, געשטופּט די גאַרנדיקע אויגן און וואַכע אויערן אין די עפענונגען צו כאַפּן אַ וואָרט, צו הערן כאָטש דעם חתנס קול, דערביי האָבן אַלע געהאַלטן גרייט, ווער אַ טיכל מיט האָפּן, ווער אַ פּויסטל ראָזשינקעס און ווער אַ פּאַפּירן טאָרבעלע מיט ניס, צו נעמען וואַרפן אויפן חתן, ווי נאָר ער וועט האָבן געענדיקט די לעצטע ברכה פון מפטיר.

אַ ווייל־קענעוודיקער, האָבן די גבאים מכבד געווען דעם חתן מיט לייענען אין דער תורה אויך די פרשה פון מפטיר. איז ער דאָס איצט געשטאַנען, לייבל משה, אַן איינגעהילטער אין טלית, דאָס חומשל נאָנט ביי די אויגן און זיין שטים, ביים אויסזינגען די ברכות פון מפטיר, האָט זיך געטראָגן הויך און זיכער איבערן גאַנצן בית המדרש: *) „ועל כסאו לא ישב זר!" און ווי נאָר ער האָט פאַרענדיקט מיט דער לעצטער ברכה: **) „ברוך אתה ה׳ מקדש השבת", האָבן די ווייבער אָנגעהויבן באַוואַרפן דעם באַלעמער מיטן חתן, אַז ס׳האָט זיך געדאַכט פון די פענצטערלעך אין דער ווייבערישער שול, האָט גענומען פלייצן אַ געדיכטער, קרומלעך־פאַלנדיקער רעגן פון גרינעם האָפּן, פון העל־געלבלעכע ראָזשינקעס, פון ברוינע ניס, וואָס די ייִנגלעך האָבן זיך געוואָרפן כאַפּן פון דער לופט, פון באַטליתטע פלייצעס אַראָפּ, פון שטויביקן דיל, צעטרעטענע שוין פון די שווערע, מאַנצבילשע שטיוול.

נאָכן טיילן לעקעך און בראָנפן, זענען די צוויי מחותנים מיטן חתן אינמיטן אַרויס פון בית המדרש. מיט די טלית־זעק אונטער די אָרעמס, זענען נאָך די צוויי שוואָגערס, דער שוואַרץ־בערדיקער איטשקעלע מיטן רויט־בערדיקן יערמע דוד, געגאַנגען אַ היפּש שטיקל וועג בייגאַנד. ביידע אין נייע קאַשקעטלעך, אין געהאַקטע קאַפּאָטעס און גלאַנציק אויסגעפּוצטע שטיוול אויף די פיס. הינטער זיי, ווי אין אַ פּראָצעסיע, האָבן נאָכגעצויגן די צוויי מחותנתטעס, די שוועגערינס הינדע און חנה לאה. די ערשטע אין אַ טיולענעם, שוואַרץ־זיידיקן, טערקישן שאַל איבערן שייטל, איבער די אַקסלען און די אַנדערע, חנה לאה, אין אַ ראָזלעך סאַמעטן יופּקעלע, נאָך פון איר חתונה־אויסשטייער און אַ שוואַרצע ספּודניצע מיט אַ שלעפּ, ביידע מיט די קרבן־מנחה־סידורים, איינגעוויקלטע אין שיינע שניפּטיכלעך, אין זייערע הענט.

אַרום זיי האָבן זיך מיטגעוויקלט קנוילן פעטערס און מומעס און סתם נאָנטע קומעס. גייענדיק האָבן די קרענצלעך נאָך אַלץ געוויגט די קעפּ, געטשמאָקעט מיט די ליפּן אין גרויס הנאה פון לייבל משהס לייענען אין דער תורה, פון זיין אויסזינגען דעם מפטיר: „קיין עין הרע, אַזאַ זיס קול", דערביי האָט מען זיך איינע דער אַנדערער געווונטשן: „מערטשעם באַ אײַנדזערע קינדער, באַ ענקערע קינדער" און ביסלעכווייז איז מען זיך צעגאַנגען, יעדער אין זיין היים, צו די שבתדיקע סעודות.

איצט, פאַרן צעשיידן זיך, האָט איטשקעלע פאַרבעטן דעם מחותן מיט

---

*) אויף זיין שטול זאָל נישט זיצן קיין פרעמדער.

**) געלויבט ביזטו גאָט פאַרן הייליקן דעם שבת.

דער מחותנתטע צו זיך אויף קידוש, אויף טשאָלנט. יערמע דוד אָבער האָט זיך גיך אַרויסגעדרייט פון דער פאַרבעטונג. ערשטנס, וואָס עפּעס פּלוצים? פאַרבעטן דאַרף מען פריער, ס'אַנדערע, ער, יערמע דוד, האָט נישט אַזוי גערן צו זיצן מיטן שוואָגער, מיט איטשקעלען, ביי איין טיש, בפרט נאָך איצט, ווי מחותנים:

— צו וואָס? — האָט ער' געהויבן מיט די אַקסלען. — ס'באַ מיר, ב"ה, אָנגעגרייט פין אַלעם גיטן. דער חתן איז עפּעס אַנדערש. אָבער מחותנים? צו וואָס?

איטשקעלע האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען די סיבה פון יערמע דודס אַרויסדרייען זיך פון גיין צו אים אויף קידוש. ער האָט אָבער געשוויגן, כאָטש זיין טבע איז שוין גאָרנישט געווען צו פאַרשוויגן ווען זיין כבוד איז אָנגעגרירט געוואָרן. אדרבה, פאַרן מינדסטן וואָרט, וואָס איז אים נישט געפעלן, האָט ער געקאָנט יענעם אויפזינגען אַ „מי שברך" ס'זאָל ווערן פינצטער אין די אויגן. איצט אָבער האָט ער דאָס אַרונטערגעשלונגען:

— נישט, איז נישט, — האָט ער כלומרשט רואיק געזאָגט, באַלד צוגע־לייגט: — אַ גוטן שבת, און זיך פאַרנומען מיטן חתן, מיט דער מומע הינדע, אַרויף שטאָט, צו זיך אַהיים.

ערשט ביי זיך אין הויז, נאָכן קידוש, נאָך די פיש, נאָכן האָבן אַריינ־געגאָסן עטלעכע קעלישעקלעך אָקעוויט, אַביסעלע בגילופין שוין, רייבנדיק די הענט, באַנעצטע מיט די אויסגענייגטע טראָפּנס בראָנפן פון גלעזעלע, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ אויף רעכטס צו לייבל משהן, ווי ער וואָלט זיך דאָ פאַרמאָסטן צו דערציילן דעם חתן וועך ווייסט וואָס:

— דעם טאָטן דיינעם שטייט נאָך אַלץ, זע יעד, נישט אָן דער שידוך.

וואָס איטשקעלען האָט דאָ מערסטנס געבערענט, איז נישט אַזוי יערמע דודס בראָקן זיך מיט אים, ווי זיין צופאַלן צום שידוך מיט כאַסקעלע מייערס. אַזוי אַנטלויפט ער דאָך, יערמע דוד, פון יחסנים, פון שמייליקע לייט! ס'אַנדערע, וואָס איז אַזוינס דער יחוס מיט דעם כאַסקעלען? די אַטלאַסענע קאַפּאָטע זיינע? דער סאַמעטענער קאַשקעט?

אַ רייכער פערד־הענדלער, האָט יחוס ביי דעם איטשקעלען געמיינט געלט, האַרטע קלינגערס אין קעשענע און דאָס האָט ער זיכער מער פון כאַסקעלע מייערס! יענער זאָגט בלויז צו דריי הונדערט קערבלעך נדן, בעת ער, איטשקע שלימער, וועט טאַקע ציילן! און נישט דריי, נאָר גאַנצע פיר הונדערט קאַרבן! נאָך פאַר דער חופה וועט ער סילוקן דעם גאַנצן נדן! אלא די האַלבע מויער, וואָס כאַסקעלע זאָגט צו? איז דאָס אויך נאָר אַ צוזאָג. כאַסקעלע האָט שוין חתונה־געמאַכט צוויי טעכטער און דערוויל נאָך קיין איינער נישט אָפּגעשריבן אַפילו אַ שוועל פון פעדערהויז! ער האָט ווידער אויסגעקערעוועט דעם קאָפּ צו לייבל משהן:

— מעגסט אים זאָגן, דעם טאַטן דיינעם, אַז ביי מיר איז ער נישט קיין מיוחס. ער מיינט אוודאי אַז די מאַדזשיצער סוחרימלעך לאָזן אים צו צו אַ ליציטאַציע אין פעסטונג. מעג ער זיך שוין האַלטן דערינטער? מיינט ער שוין אַז ר׳איז דעם רבין ר׳ צאָצס אַן אייניק? ביי מיר איז ער דער אייגע־נער בהמה־טרייבער, וואָס געווען!

לייבל משה האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן. ס׳גאַנצע ביסל בלוט איז אים געקומען אין פּנים אַריין פון בושה פאַר מיכאלן, פאַרן קליינעם שבתאי, דעם פעטערס צוויי זין, וואָס זענען געזעסן ביים טיש קעגנאיבער אים. דער עיקר אָבער האָט ער זיך געשעמט פאַר עלקעלען פון ראָדעם, אַ פּאַניענקע שוין, האָט זי די מאַמע, שיינדעלע, באַצייטנס, נאָך פאַר שבועות, אַראָפּגעשיקט קיין מאָדזשיץ אויף דער חתונה. ווי ווייל די טעכטער און די מומע זענען קיינמאָל נישט געזעסן מיטן פעטער, נאָר ביי אַ באַזונדערן ווייבער־טיש, אין דער שטוב לעבן דער קיך, איז אָבער עלקעלע, ווי דעם זיידנס געליב־טסטע אייניקל, יאָ געזעסן מיט אים ביים טיש און מ׳האָט זי באַדינט צוגלייך מיט די מאַנצביל.

דער פאַרדראָס האָט אים געטריבן, לייבל משהן, צו ענטפערן, רעדט מען אָבער דעם פעטער איטשקען נישט אַנטקעגן, נישט אַזוי מחמת דרך ארץ, ווי אויס מורא מיט אים זיך צו פאַרהערן. האָט ער געשוויגן און דערביי איינגעזען אַז וואָס אַ טאָג ווייטער, באַנעמט ער אַלץ מער דעם טאַטנס בעטן זיך: „יעך וויל נישט איטשקעלען פאַר קיין מחותן״.

ער האָט אָפּגערוקט פון זיך דאָס טעלערל מיטן שטיקל נישט־דערענ־דיקטע פיש און זייטיקלעך געכאַפּט אַ קוק אין דער מיטלסטער שטוב אַריין. די מומע הינדע איז דאָרטן געשטאַנען ביים טיש און אויסגעטיילט פּאָרציעס ציבעלעס מיט שמאַלץ אויף קליינע טעלערלעך, וואָס פערל, דעם פעטער איטשקעס יינגסטע טאָכטער האָט גענומען אַריינטראָגן אַהער. נעבן דער מומע איז געזעסן זעלדעלע אַ פאַרפּוצטע, ס׳גאָלדענע קייטל מיטן זייגערל, די כלה־מתנות זיינע, האָט געבלישטשעט אויף איר ברוסט, די צוויי רויטלעך־בלאָנדע צעפּ — פאַרלייגט אין אַ קראַנץ אַרום איר קאָפּ. ווי ביי אים אַזוי האָט אויך ס׳פּנים ביי איר געפלאַמט אַז מ׳האָט געקאָנט צען ליכט אָנצינדן אין אירע באַקן.

זי האָט, זעט אויס, גוט געהערט איר טאַטנס רייד ביים טיש דאָ. אויף שטום־לשון, מיט אַ ווינק בלויז פון אירע אויגן, קלוגע, ברוינע אויגן אין גרויסע ווייסלעך, האָט זי אים באַרואיקט, ער זאָל זיך נישט נעמען צום האַרץ דעם פאָטערס רייד. ס׳איז דאָך שוין נענטער ווי ווייטער. דאָנערשטיק איז דאָך שוין מיט מזל די חתונה. ווען וועט ער ווידער זיצן מיטן טאַטן אירן ביי איין טיש?

צו פאַרטרייבן די דריקנדיקע שטילקייט, וואָס איז דאָ, ביים טיש, אָנגעשטאָנען, האָט לייבל משה גענומען זינגען זמירות. מיכאל און שבתאי, ווי זיי וואָלטן דערויף געוואַרט האָבן גלייך אויפגעמישט די סידורים און אים מיטגעהאָלפן. אויך דער פעטער איטשקע האָט זיך גענומען וויגן אין דער ברייט און מיטברומען: *) „ששת ימים תעשה מלאכתך, וביום השביעי לאלהיך". ער האָט אָבער באַלד אויפגעהערט דאָס ברומען זמירות און זיך גאָר אויפסניי אָנגעגאָסן אַ גלעזעלע אָקעוויט.

ווי תמיד, ווען ער דערוואַרעמט זיך מיט עטלעכע קעלישעקלעך, איז אים אויך איצט די צונג געוואָרן לויז:

— אין דיך זאָל נישט אַרן וואָס יעך זאָג אויף דיין טאַטן, דו הערסט?

— האָט ער אַרויפגעלייגט די האַנט אויף לייבל משהס אַקסל. — ער איז מיין שוואָגער און נאָך אַ קוזין פאַר אַ צולאָג און דו ביסט מיין קינד, דו הערסט? יעך מאַך דיר אַ חתונה האָט נאָך מאַדזשיק אַזוינס נישט געזען!

— ער האָט זיך שוין צערעדט! — האָט פּערעלע, ביים צוריקבערענגען די ליידיקע טעלער צום ווייבער־טיש, איבערגעגעבן וואָס זי האָט געהערט פון טאַטן.

— ער וואָלט געמעגט אַביסל שווייגן, — האָט זעלדעלע אַ ברום געטאָן.

— קענסט נאָך נישט דאַן טאַטן? — האָט די מומע הינדע זי גענומען באַרואיקן און דערביי אויסגעטיילט דאָס פאַרעדיקע טשאָלנט, פעט־אויס־געברוינטע קאַרטאָפל מיט צוקער־באָב און פערל־גרויפּן, וואָס פּערעלע האָט ווידער גענומען טראָגן אין פראָנט־שטוב, צום מאַנצבילישן טיש.

לייבל משה, שטאָט געריררט, איז גאָר געוואָרן צעטומלט פון פעטערס פלוצימדיקער פאָטערלעכקייט. וואָס זאָל ער דאָ טאָן? שווייגן? טאָמער פאַרדריסט דעם פעטער, וואָס ער מאַכט זיך נישט וויסנדיק אויף זיין גוטסקייט? ענטפערן? וואָס זאָל ער אים ענטפערן? זאָגן אים אַז פון זיינעט־וועגן וואָלט די חתונה געקאָנט זיין אַ שטילערע? זי זאָל נישט אַזוי רייסן ביי לייטן די אויגן? דער פעטער קאָן זיך נאָך צעשרייען: „יעך פייף אויף לייטן!". ס'אַנדערע, וואָס וועט שוין העלפן זיין זאָגן? די חתונה איז שוין סייווי גרייט.

און די חתונה האָט טאַקע געריסן די אויגן ביי יעדן. קודם איז אַ האַלבע שטאָט פאַרבעטן, אויב נישט פון כלהס איז פון חתנס צד, ערשט די געסט און די מחותנים פון אַנדערע שטעט!

עפּעס ווי זיך אַרויסצושטעלן, צו ווייזן אַלעמען אַז ער קאָן מאַכן אַ רייכערע חתונה פון כאַסקעלע מייערס, פּאַטשט דער פעטער איטשקע מיט

*) זעקס טעג זאָלסטו טאָן דיין מלאכה און דעם זיבעטן זאָלסטו ווידמען צו גאָט.

געלט, ווי דאָס וואָלט געווען בלאָטע. ער האָט געלאָזט אויפנייען זעלדעלען אַ וויפּראַווע פון זייד און פּליוש און סאַמעט און גאַנצע שטיקער וועב אויף אונטערוועש, אויף קאַפּעס און איבערציג, וואָס נישט דער עלטסטער טאָכטער, שרהן און נישט דער יונגערער, בלומען, האָט ער אַזעלכעס נישט געמאַכט. און די חתונה אַליין? גאַנצע באַליעס מיט לעבעדיקע קאַרפּן און שלייען, מיט העכט און סענדאַקן, אַ פולע קאַמער מיט קאַטשקעס און גענדז, מיט אינדיקעס און הינער, ערשט די זייטן רינד־פלייש, וואָס אַשרל קצב שטעלט דאָ צו!

טעג נאָך פאַר דער חתונה האָט זיך שוין געשטעלט דאָס געקאָכעריי. דער באַק־אויוון און די פליטע גליען פון באַגין ביז שפּעט אין די נעכט אַרייך. דאַנערשטיק איז די חתונה, האָט זיך שוין מאָנטיק אינדערפרי אַרייַנגעשטעלט דער געלער משה, דער מאַדזשיצער סאַרווער, דאָס נידעריק־געפּאַקטע יידל אין האַרטן קאַפּעלושל, אין שוואַרצן, געהאַקטן סורדוט ביז איבער די קני און איבערגענומען די קאָך־קאָמאַנדע.

אין דער זיידענער, דאַטשמערישער יאַרמלקע אויפן געל־ממזרישן קאָפּ, מיט אַ קורץ ווייס פאַרטעכל איבער די שוואַרצע הויזן־וועסט, קיניגט ער דאָ איבער אַ כאָפּטע מומעס און קרובות, ווי אַ סולטאַן איבער אַ האַרעם מיט ווייבער.

העניע, די שטאָטישע קנעטערין, אַ הויכע יידענע, מיט ברייטע באַקעס, שטייט ביי אים צווישן דייזשעס און מולטערס, פולע מיט אויפגעיוירן טייג, וויקלט מיט ביידע הענט צוגלייך אויף אַ לאָקשן־ברעט בולקעלעך צו דער סעודה, פלעכט אַזוי קונציק דעם צוועלף־פלעכטיקן חתונה־קוילישט, אַ לאַנגער, אַ ריזיקער, פון אַ באַזונדער איידל טייג, אַ געלס פון די אריינגע־שלאָגענע אייער, פון די זאַפּערן, אַ דורכגעקנעטנס מיט ראָזשינקעס, מיט צימרינג און צוקער.

ביי אַ באַזונדערן טיש, איבער ריזיקע שיסלען, זיצן די צוויי מומעס, צוועטל און עלקע. מיט די הענט, נאַסע, אָנגערויטיקטע, הוילן זיי אויס די בערג מיט אָנגעשניטענע פיקן פיש, דערביי שאָקלען זיי זיך אַזוי אַז די צוויי פאַרביקע טשיפּיקעס אויף זייערע קאָפּקעס קומען זיך אַלע רגע צונויף, ווי צוויי בייזע פייגל וואָלטן זיך אַקעגנגעשפּרונגען און זיך געדזשאָביעט מיט די שנאָבלען.

אַנדערע פון זיין ווייבער־שטאַב פאָרען זיך ביי די געשאָכטענע עופות. אַרומגענומען די קעפּ מיט טיכלעך, זיצן זיי אויפן הויף און פליקן אָפּ די פעדערן, עפּענען בייכער, שניידן אויף פּופּעקעס, דערביי טרייבן זיי די זשעדנע קעץ, וואָס פּלאָנטערן זיך אונטער זייערע פיס, קוקן אויף זיי מיט הונגעריקע אויגן און מיאַוקען מיט קולעכלעך ווי קליינע קינדער.

ער אַליין, דער מאָדזשיצער גרויסער קאָך־מייסטער, היט די טעפּ אויף דער פּליטע, דאָס געבראָטנס אין אויוון. אַלע ווײַלע גייט ער צו צו אַ טאָפּ, צו אַ פּאַן פיש, רוקט אַרויס אַ בעקן מיט אָנגעברוינטע אָדערקעס פון אויוון, פאַרזוכט די פיש־יויך, סמאַקעוועט, האַלט דאָס ביסעלע יויך לאַנג אויפן גומען, צו פילן צי די פיש זענען גוט געשטעלט, פאַרזוכט די הינערנע יויכן, שטעכט מיטן גאָפּל אין די פעטע הויטן פון די קאַטשקעס, פון די גענדז און אינדיקעס, ערשטנס, דאָס פעטס זאָל בעסער אָפּרינען, צווייטנס, צו זען ווי ער האַלט מיטן געבראָטנס, דאַרף עס נאָך לאַנג שטיין אין אויוון, אָדער קאָן ער שוין וועלכעס אַרויסנעמען, דערביי האַלט ער אַן אויג אויפן באַזונדערן טעפּל מיט דער גילדענער יויך פאַר חתן־כלה, פאַר די שמייליקע געסט.

און די חתונה־געסט זענען אויך געקומען באַצייטנס. מאָנטיק שוין האָט זיך אָנגעהויבן דער אָנפאָר. שרה, די עלטסטע טאָכטער, מיטן מאַן זענען געקומען פון פּילעוו מיט אַ גאַנצן וואָגן משפחה, שווער און שוויגער, אַ כאָפּטע קינדער. אַזוי אויך פון לובלין, מיט דער באַן, איז געקומען בלימע, די יונגערע טאָכטער, מיט איר פאַמיליע, מיט שוועגערינס און שוואָגערס און ווידער קנוילן מיט קינדער. אויסגעקוקט זיך די אויגן האָט מען בלויז אויפן בכור, אויף אברהמען פון ראָדעם. צוליב דער גרויסער קראָם פון נאָפּט און שפּייז און הערינג האָט ער ערשט געקאָנט קומען אויף דער חתונה חופּה־טאָג, פאַר מנחה. און זי, שיינדעלע, וועט חלילה נישט לאָזן איר אברהמשי אַליין, צו קומען אויף דער חתונה כאָטש איין טאָג פריער. דערפאַר טאַקע האָט זי דאָס נאָך פאַר שבועות אויסגעשטאַט עלקעלען אין אַ ראָזאָווע זומערדיק קליידל, אין געלעכלטע סאַנדאַלן מיט האַלבע שקאַר־פּעטן אויף די פיס, איינגעפלאָכטן איר ראָזאָווע אַטלאַס־שלייפן אין די שוואַרצע צעפּ און מיט אַ קליין וואַליזקעלע אין האַנט זי „אָדפּראַוועט" מיט דער באַן צום זיידן קיין מאָדזשיץ אויף דער חתונה.

ווען ער, נתן חיים, וואָלט דאָס געוועזן געוווסט, וואָלט ער אויך געקו־מען אויף שבועות. זינט ער איז דאָס לעצטע מאָל געוועזן אין ראָדעם און געטראָפן עלקעלען אַן אונטערגעוואַקסענע, בענקט ער נאָך איר סכנות נפשות. ווו ער זאָל נישט גיין, זעט ער זי. ער פאַרגלייכט זי מיט טעמעלען, דעם פעטער שמואלס טעכטערל, מיט כאַנטשע שמחהלע פּוטערפלאַמס, מיט אנדערע מיידלעך, וואָס ער זעט אין ווארשע, אָבער קיינע קומט נישט אין זיינע אויגן צו עלקעלען. נישט איינמאָל שוין האָט ער חרטה געהאַט, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אָפּשרעקן פון אַראָנטשיקן מיט זיין מעסער און איז צוליב דעם אַוועק פון ראָדעם. אָפּט האָט אים אָנגעכאַפּט אַ חשק אַהינצופאָרן און כאָטש דורכן פענצטער, קיינער זאָל אים נישט באַמערקן, כאַפּן אַ קוק אויף עלקעלען, כאָטש איין קוק.

האָט ער זי דאָס איצט געטראָפן אין מאָדזשיץ. זי האָט זיך דאָ אַרומ־געדרייט אין מיטן דעם גאַנצן חתונה־געטומל אַזאַ דערשראָקענע, אַזאַ פאַרלוירענע. וויפל דער זיידע איטשקע האָט נישט געפּרוווט זי איינהיימישן, אַרויסוויזן איר ליבשאַפט, זי געטוליעט צו זיך, געשטופּט איר אין די הענט אַריין אַן „אימפּעריאַל", אַ גאָלדענעם פינפער־רובל, האָט עס אַלץ נישט געהאָלפן, פאַרקערט, זי האָט נאָך מער געזוכט זיך צו דערווייטערן, זיך אַרויסצושיילן פון זיינע אָרעמס, צו פילן וואָס וויניקער דעם גערוך זיינעם פון טאַבאַק און בראָנפן. אויך פון דער באָבע און די מומעס, האָט זי געזוכט זיך אַרויסצוּוויקלען, פאַרזיכערנדיק זיי אַז זי איז נישט הונגעריק, אַז זי שלאָפט גוט, אַז דאָס געלעגער איז איר נישט האַרט.

ער, נתן חיים, האָט זיך גאָרנישט פאַרגעשטעלט עלקעלע זאָל זיך מיט אים אַזוי דערפרייען. אינדערפרעמד, ווייזט אויס, איז יעדער ביי זיך וויי־ניקער מיוחס. אַז שיינדעלע, די מאַמעשי אירע, איז נישט געווען ארום איר, זי אַרומצוהויכן מיט צאַפּל, מיט ליבשאַפט, האָט זי נישט געדרייט מיט דער נאָז אויף אים. אדרבה, ער איז איר איצט געווען זייער נאָנט, נענטער נאָך ווי איר אייגענער ברודער.

— ביסט שוין געווען ביי אונדז? — האָט ער זי געפרעגט.

— ניין, — האָט זי זיך געפּיעשטשעט. — קיינער האָט מיך נישט פאַרבעטן.

אויף דעם האָט זיך גראָד נתן חיים נישט געוווּנדערט. אסתר פּערעלע, די יונגערע שוועסטער, איז טאַקע אין די זעלבע יאָרן וואָס עלקעלע, אָבער חברן זיך מיט איר וועט זי נישט, נישט ווייל עס שטייט איר נישט אָן, אדרבה, זי וואָלט דאָס שטאַרק געוואָלט. בלאָזן זיך אָבער שיינדעלעס קינ־דער ווי זייער מאַמעשי, די ראָדעמער יחסנטע און אסתר פּערעלע איז זיין שוועסטער, האָנאָראָווע ווי ער, ווי דער טאַטע זייערער. אַז עמעץ האַלט זיך קעגן איר גרויס, האַלט זי זיך נאָך גרעסער.

— ווילסט אפשר גיין שפּאַצירן?

— פאַרוואָס נישט? — האָט עלקעלע זיך אָנגעכאַפּט, אַ גרייטע שוין צו גיין מיט אים.

אין ראָדעם וואָלט זי מסתמא פאַרדרייט מיט דער נאָז און ער וואָלט זיך גאָרנישט אונטערגעשטעלט איר דאָס פאָרצושלאָגן, דאָ אָבער איז זי גלייך מיט אים אַוועק אויפן דעמבלינער וועג, ווו מאָדזשיצער פאַרליבטע פּאָרלעך שפּאַצירן אין געהיים, זינגען לידער, ראָמאַנסירן, קושן זיך אפילו!

ער האָט אויך געשפּילט מיט איר אין יאָגעלעך איבערן האָפן־פעלד. דער האָפן, צעוואַקסן שוין, האָט זיך דאָ געוויקלט ארום געדיכטע רייען מיט דראָטן, פאַרטשעפּעטע אין קלינעס, וואָס זיצן אין דער אויפגעאַקער־טער ערד און ציען זיך אַרויף הויך צו אַ דראָטן־נעץ, פאַרצויגן אין קליינע

קוואדראטן. אז מ׳פארהויבט דאָ דעם קאָפּ, זעט דער הימל אויס ווי א בלוי־געקעסטלטער סופיט איבער די ענגע, הויך־אַרויפלויפנדיקע, גרינע האָפּן־שטיבעלעך.

עלקעלע איז דאָ געלאָפן זיגזאַגיש צווישן דעם גרינעם האָפּן, ווי אַ שיכורע פון דעם שאַרפן ריח פון ביר. אַלע ווײַלע האָט ער זי געכאַפּט אין זײַנע אָרעמס און זי האָט זיך כלומרשט געריסן פון אים, געקוויטשעט, נאָר אַז זײַן בליק האָט זיך באַגעגנט מיט אירן, האָט זי אַראָפּגעלאָזט די וויעס, צוויי שוואַרצע פרענזלעך איבער אירע אויגן, גרויסע, פאַרחלומטע, אַוועק־געלייגט דעם קאָפּ אויף זײַנס אַן אַקסל אַזא שטילע, די רויטע ליפּעלעך, קינדישע נאָך, האַלב־צעעפנט, אויפגעוואַכטע, ציטערדיקע אין יונג־פרויאי־שער דערוואַרטונג...

אויף מאָרגן, צו אַנטרינען פון דעם חתונה־הו־האַ, זענען זיי פאַרקראָכן אויפן היי־בוידעם, איבערן פעטער איטשקעס שטאַלן. ס׳איז דאָ געווען שטיל, טונקל. זון־שטראַלן, ווי גאָלד־שטרויען, אַריינגעפאַלענע דורך לעכ־לעך אין דאַך, האָבן זיך שאַרף איבערגעקרייצט אין דער לענג, אין דער ברייט. אין דעם ביסל גאָלדיקן ליכטיקייט האָבן אַרומגעהאָוועט גרויסע, גרין־גלאַנציקע פליגן, וואָס האָבן געזשומיעט, גערוישט אין די אויערן און פון אונטן, פון די שטאַלן, האָט זיך געטראָגן דאָס פערדישע כראָמשקען איבער די קאָריטעס, זייער שמייסן מיט די ווײדלען, דאָס געפּאַרסקעריי פון זייערע פייכטע נאָזדרעס.

שטילע, מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס, איז נתן חיים מיט עלקעלען געלעגן אין דעם באַרג היי און אַראָפּגעקוקט דורך אַן אויפגעבראָכענער שינדל צו חתן־כלה, וואָס זענען ביידע געזעסן, מיט אַראָפּהענגנדיקע פיס, אויפן רונד־שטיינערנעם ברעג פון דער ברונע. זעלדע איז געווען אָנגע־שפּאַרט אויפן רעכטן אָרעם און לייבל משה — אויפן לינקן. ביידע האָבן געהאַלטן זייערע בליקן אַראָפּ, צו דער וואַסער־טיפעניש. עפּעס האָבן זיי גערעדט צווישן זיך זייער שטיל, נישט איינע צום אַנדערן, נאָר צום וואַסער־שפּיגל, ווו זייערע געשטאַלטן, פאַרזאָרגטע, פאַרקלערטע, האָבן זיך אָפּגע־שפּיגלט ביז די גאַרטלען.

— וועגן וואָס רעדן חתן־כלה אין זייער חופּה־טאָג? — האָט עלקעלע פּלוצים אויסגעקעקערעוועט איר קאָפּ צו נתן חיימען.

— וועגן וואָס זאָלן זיי רעדן? מסתם וועגן זייער חתונה.

— וואָס האָבן זיי צו רעדן וועגן דער חתונה?

— אפשר וועגן דעם ווו זיי זאָלן וווינען? לייבל משה וויל בלייבן אין מאָדזשיץ. זעלדעלע וויל נאָר אין וואַרשע.

— גיי, דו ווייסט נישט! — האָט עלקעלע אים אַ שטופּ געטאָן פון זיך.

— וועגן וואָס דען רעדן זיי? — האָט ער צוריקגענענט זײַן קאָפּ צו

אירן און זיך גענומען שפּילן מיט אירע צעפּ, פול אַרומגעשטעקטע מיט הייעלעך.

ווענן ליבע, — האָט עלקעלע אַזוי ווייבעריש־שלוי אים געטאָן אַ ברי מיט איר שוואַרצע, גרויסע, פלוימען־אויגן.

— פון וואַנעט ווייסטו דאָס ?

— פון וואַנען איך ווייס ? — האָט זי אים צוריקגעפרעגט. — מיידלעך אין שקאָלע האָבן מיר געזאָגט.

דער אָוונט איז געהאַט צוגעפאַלן. דעם פעטער איטשקעס גרויסע שטובן זענען געווען אויסגעליידיקט פון יעדן שטיקל מעבל. אין דער פראָנט־סאַליע האָט מען צעשטעלט לאַנגע בענק אַרום די ווענט. בליץ לאָמפּן האָבן געלויכטן פון סופּיט־אַראָפּ. די כלי־זמרים האָבן אָנגעסטראָיעט די פידעלעך, דעם באַס, געטאָן אַ צופּ אַ סטרונע, אַ פּיר מיטן סמיק. הינטער די פענצטער, צעפּראַלטע אין זומערדיקן פאַרנאַכט אַריין, האָבן זיך באַצייטנס שוין געקליבן קרענצלעך שיקסעס און שקאָצים, ייִנגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן זיך געכאַפּט, געדראַפּעט איינער איבערן אַנדערן און אַלע זענען זיי געלעגן אין בינטן אויף די פענצטער־שוועלן, זיך געקניפּט, געשטורכעט אין די זייטן:

— קוק, קוק, זע ווי שיין די כלה איז !

זעלדעלע, די כלה, אין אַ ווייס זיידן קליידל, אין אַ ווייס טיולענעם וועלאָן, פאַרנומען מיט אַ קרענצל בלויע „פאַרגעסמיכנישט״־בלימעלעך, ווי אַ קרוין אַרום איר קאָפּ, איז געזעסן אין אַ ווייך־געבעטער, רויט־פּליושע־נער פאָטער־שטול, מיט אַ רויט־פּליושן פוסבענקעלע אונטער אירע פיס, קליינע, אין ווייס־סאַטינענע לעטשעלעך. זי איז געווען בלאַס פון דעם לאַנגן תענית, וואָס וועט זיך נאָך אַזוי ציען ביז נאָך דער חופּה. דערצו נאָך איז זי געווען מיד פון די ווינטשעוואַניעס, פון דעם כסדרדיקן קושן זיך מיט מחותנתטעס און מומעס, מיט שוועסטער און קוזינעס, מיט פריינדנס און דרוכביעס, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין קומען אויף קאָטשן און דראָזש־קעס, באַשמעקטע פון זייפן און אָדעקאָלאָנען, פון אַלערליי וואַסערלעך און פּערפומען. זי האָט געשמייכלט אַזוי זיס צו יעדער איינער און דערביי זיך געפאָכעט מיטן ברייט־צעעפנטן ווייס־פעדערנעם פעכער.

די פאַרבעטענע מיידלעך און יונגע ווייבלעך, אַ פולע שטוב אין בונט־פאַרביקע קליידער פון טיול און אַטלאַס, פון זייד און גריפּטן מאַרעי, ראָזע און ווייסע, בלויע און פּורפּור, אַלע פון זיי מיט נאַקעטע אָרעמס און טיפע דעקאָלטן, האָבן געטאַנצט, געשוועבט איבער דעם גליטשיקן, רויט־פּוטורירטן דיל צום טאַקט פון די אויפגעשפּילטע וואַלסן און פּאָלקעס, אונגאַרישע טשאַרדאַשן און פּאַטסיבאַנען, ווענגערקעס און שערן און צווישן זיי, ווי אַ טונקל ווינקנדיק אויג אינמיטן פון אַ פאַרביק־צעפּעכערטער

בלום, האָט מיטגעשוועבט דער פעטער איטשקע, אַ בגילופנדיקער, מער פון פרייד ווי פון בראָנפן. אין דער שוואַרצער, גערהאַקטער קאַפּאָטע, אין שוואַרץ טוכענעם קאַשקעט, פאַררוקט אויפן קאַרק, אין דער לינקער האַנט — אַ זשמעניע מיט זילבערנע צוואָנציקערלעך, גילדנס, פּערציקערס, די רעכטע האַנט פאַרהויבן חסידיש־מעסיק, האָט ער פאַר׳דבקה׳ט געטאַנצט, געהאָפּעט מיט די שווערע שטיוול און כסדר געמינטערט די קאַפּעליע:

— געשפּילט זאָל ווערן, כלי־זמרים! יעד צאָל!

אינמיטן האָפּען האָט ער דערזען שיינדעלען, די געליבטע שנור זײַנע. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט:

— קים מיט מיר טאַנצן, טאָכטער, באַשיין דעם טאַטנס שמחה!

עס איז גיך געוואָרן אַ ראָד אַרום זיי. די טאַנצנדיקע דרוכניעס, אויס דאַנקבאַרקייט צום מחותן, וואָס לאָזט זיי נישט איינוואַרפן אפילו פאַר איין טאַנץ, האָבן זיך אַרומגעשטעלט, געפּליעסקעט מיט די הענט צו זיין טאַנץ מיט שיינדעלען, די גרויסשטאָטישע דאַמע, וואָס כאָטש זי האָט שוין באַלד אַ טאָכטער צו פירן אונטער דער חופּה, איז זי נאָך אַזוי יונג, אפילו נאָך קיין דרייסיק יאָר נישט אַלט און איר דעקאָלט איז טיפער נאָך ווי ביי די מיידלעך, דערצו איז זי די איינציקע דאָ, וואָס טראָגט אַזוי דאַמען־מעסיק אַ שטרוי־הי־טעלע איבער אירע אייגענע, בלאָנדע האָר, אַזאַ שיינע פריזור, אַזוי פּרעכטיק אָנדולירט.

די שיינדעלע, צו טשאַקען דעם שווער, אַרויסצוקריגן פון אים אַ פעטע מתנה צום אַהיימפאָרן, האָט אינמיטן האָפּסלען, זיך געדרייצט מיטן מאַן, וואָס איז דאָ געשטאַנען אין זיין שלאָנקער הויך, אַ שיינענדיקער אין דער אַטלאַסענער קאַפּאָטע, אין סאַמעטענעם קאַשקעט, די שוואַרצע הערצל־באָרד רחבותדיק צעפעכערט. אַ צעשמייכלטער, פול מיט ליבשאַפט צום ווייב, האָט ער געפּליעסקעט מיט די הענט צוגלייך מיט די אַרומשטייענדיקע דרוכניעס:

— זעסט כאָטש? אברהמשי, ווי דער טאַטע דיינער טאַנצט! — האָט זי זייטיקלעך געוווּנקען צו אים מיט אירע בלויע אויגן. — מעגסט זיך שעמען, אַ יונגערמאַן ווי דו און קענסט קיין פוס נישט שטעלן!

עלקעלע, ווי תמיד אונטערוואַקסנדיקע מיידלעך, וואָס ווילן שוין אַליין זיין כלות, און קאָנען דעריבער נישט פאַרטראָגן וואָס די מאַמעס חנדלען זיך נאָך, מיידלען זיך, זי, שטייענדיק לעבן פאָטער האָט בייז אַ ברום געטאָן: „די מאַמושאַ מעג זיך שעמען״, און אַ טיף־געקרענקטע, זיך אַרויסגע־שלייכט פון קרענצל אַרומשטייער, אַריין אין דער מיטלסטער שטוב.

אומבאַמערקט האָט נתן חיים גיך איר נאָכגעשלייכט אין דער אַנדערער שטוב אַריין, ווו פעטערס און מומעס האָבן שוין באַצייטנס צונויפגעשטעלט לאַנגע טישן, זיי געדעקט מיט ווייסע טישטעכער, אויסגעלייגט אויף זיי

ברוין־גלאַנציקע בולקעס, צעשטעלט טעלער, צעלייגט געשיר, גרייט די טישן אַריינצוּרוקן אין דער פראָנט־סאַליע, ווי נאָר דאָס טאַנצן וועט אויפֿהערן און דער עולם וועט אַוועק פֿאָרן בית המדרש, צו דער חופּה.

ער, נתן חיים, ווי וויל דעם חתנס אַ ברודער, איז ער גאָרנישט געווען אין זייער הויז צו קבלת־פּנים פֿאַרן חתן, צוגלייך מיט די פֿאַרבעטענע בחורים, אַלע אין שמאַלע, יידישע היטעלעך, אין געהאַקטע קאַפּאָטעס, אַלע אַזעלכע סטאַטעטשנע, וואָס זיצן ביים טיש און שמועסן אַזוי געלאַסן, באַזאַכט, רויכערן אַ פּאַפּיראָס פֿון די שאַכטלען, וואָס דער חתן האָט צעשטעלט, לאָזן דעם רויך דורך די נאָזלעכער און גאַפּיען אויף די בלויע קייקעלעך, וואָס קרויזלען זיך, וויקלען זיך און צעשווימען אין דער לופֿט. ער האָט אויך נישט געטרונקען צוזאַמען מיט די בחורים קיין לעקעך און בראָנפֿן, דער איינציקער כּבֿוד פֿאַר די אומבאַוויבטע חתונה־געסט, וואָס גלייך נאָכן כּלה־באַדעקנס גייען זיי אַהיים. שטאָט זיצן מיט זיי ביים חתן־טיש, איז ער ליבערשט אַוועק צום פֿעטער איטשקע אויף דער סאַליע, צו עלקעלען.

— אַך ווי שיין, ווי גראַסאַרטיק דו זעסט אויס! — האָט שיינדעלע געוויגט דעם קאָפּ אין דער ברייט פֿון גרויס אַנטציקונג, ווי נאָר זי האָט דערזען נתן חיימען אין זיין שוואַרצן פּראַק, אין ברייט־ראַנדיקן הוט מיט די פּענסנע איבער די אויגן. — זעסט דאָך אויס ווי אַ פּיליזאָף!

ווי שיינדעלע האָט געטשמאַקעט מיט די ליפּן, זיך פֿאַרגאַנגען אין התפּעלות איבער דעם אויסשטייער, אַזוי האָט עלקעלע זיך פֿאַרקרומט ביים דערזען אים אין דעם אוביאָר:

— אַ פּראַק גאָר? פּענסנע? — האָט זי געהויבן אין שטוינונג אירע יינג־מיידלשע אַקסעלעך, אַנטבלויזטע, אויסדעקאָלטירטע פֿון ווייסן קלייד אַרויס. — ביסט דען בלינד, וואָס דאַרפֿסט פּענסנע?

— נאַרעלע, — האָט די מוטער זי אַרומגענומען אין גרויס ליבשאַפֿט.
— דאָס איז דאָך היינט די מאָדע אין וואַרשע! און צו אים האָט זי אַ זאָג געטאָן: — אַ קאַוואַליער אין אַזאַ פּראַק דאַרף דאָך קענען טאַנצן. ׳עסט אפֿשר טאַנצן מיט עלקעלען אַ וואַלס?

ווי וויל עלקעלע האָט דאָס אויסגעקוקט, האָט זי דאָך געטאָן אַ מעסט אָפּ די מוטער און אין פּויליש זיך געטאָן אַ בייזער:

— מאַמושו! די מאַמושאַ הייבט שוין ווידער אָן?

שיינדעלען האָט נישט געאַרט עלקעלעס כּלומרשט ברוגזן זיך. זי קען גאַנץ וויל די מיידלשע טבֿע פֿון זאָגן איינס און מיינען דאָס אַנדערע. חוץ דעם וואָלט זי גלאַט געוואָלט, גראָד אין מאָדזשיץ, ווו קיין מיידלעך מיט יינגלעך האָבן נאָך זיכער דאָ נישט געטאַנצט אויף קיין חתונה, זאָל עלקעלע גראָד דאָ יאָ טאַנצן מיט אַ קאַוואַליער, דערצו נאָך אַ קאַוואַליער אין אַ

פראַק, אין פענסנע מיט אַ נאָכהענגענדיק שוואַרץ בענדעלע. פונקט ווי אין אַלץ, וואָס זי, שיינדעלע האָט פאַרפעלט אין איר מיידלש לעבן, אַזוי האָט זי אויך דאָס טאַנצן מיט אַ קאַוואַליער געגאַרט פאַר עלקעלען.

— יעך קען דאָך נישט טאַנצן! — האָט נתן חיים אַ פאַרשעמטער זיך מודה געווען.

— גיי שוין, ביסט נישט קיין לייט! — האָט שיינדעלע אים געטאָן אַ שטופּעלע פון זיך.

די נאַכט איז דערווייל נישט געשטאַנען. די כלי־זמרים זענען אַוועק אָפּשפּילן דעם חתן, געברענגט אים אויף דער סאַליע צו באַדעקן די כלה. באַלד איז דער גאַנצער עולם אַוועק צום בית המדרש, ווו ס'האָט זיך שוין באַצייטנס געטאָן קאָפּ אויף קאָפּ. מענגעס יידן און ווייבער און קינדער, מיט אָנגעצונדענע ליכט און הבדלות אין די הענט, האָבן זיך געשטופּט, געשטויסן אַרום דער חופּה און אַרום און אַרום, אין אַ ריזיק ראָד, האָבן זיך געהויבן פלאַקערנדיקע שטורקאַצן הויך איבער אַלעמענס קעפּ. אַלע ווײַלע האָט אַן אַנדערער פון די שטורקאַצן־טרעגער געטאָן אַ זופּ נאַפּט פון אַ פלעשל און צעשפּרייט אַ שפּריי־רעגן אויפן ברענענדיקן שטורקאַץ, איז ווידער דער נאַכטיקער הימל אויפגעריסן געוואָרן פון פייער־צונגען, קנאַקנדיקע, רוישיקע.

— זאָל זיין שטיל! — האָט עמעץ געדופן פון אונטער דער חופּה אָפּער און קלאָרער האָט זיך אין דער שטילער נאַכט געהערט דאָס סאַמעט־ווייכע קול פון מאָדזשיצער רב:

*) „והתיר לנו את הנשואות על ידי חופה וקידושין".

—מזל טוב, מזל טוב, — איז געוואָרן אַ געווינטשעריי און די פראַ־צעסיע מ'ט די אָנגעצונדענע ליכט און הבדלות, ווי אַ פלעמלדיקער טייך, האָט גענומען שטראָמען דורך דער גאַנצער שטאָט, צוריק צום פעטער איטשקע אין די צעליכטיקטע שטובן, צו די צוגעגרייטע טישן, נאָר דערווייל, אויפן וועג, ביז זיי וועלן קאָנען אָפּפּאַסטן דעם לאַנגן תענית, האָט די מומע צוועטל אָקעגנגעטאַנצט חתן־כלה, זי, אַ באַדעקטע מיטן ווייס־זיידענעם ד'עקטוך ביז איבער דער גאָמבע און ער — מיט אַ ווייס טיכעלע פאַר זיינע אויגן, האָט זי זיי אָקעגנגעהאָפּסלט מיטן גרויסן חתונה־קוילישט אין אירע הענט און נישט אויפגעהערט זינגענדיק צו רייצן זיך מיט אים:

— חתן, חתן, וואָס ווילסטו, די חלה צי די כלה? די חלה צי די כלה?

נאָך דער סעודה, נאָכן דרשה־געשאַנק, בעתן מצווה־טענצל, ווען אַלטע ווייבער און מאַנצביל האָבן אַזוי שלוי ארויסגעגנבעט חתן־כלה פון מיטן

---

*) און ער דערלויבט אונדז דאָס באַהעפטן זיך דורך חופּה און קידושין.

דער גאַנצער געטאַנצעריי און זיי אַריינגעפירט אין חדר־מיוחד, אַ קליין שטיבל פול מיט שאָטנס פון קליינעם קאַגאַניצל וואָס אויף דער וואַנט, אָט, אינמיטן דעם געטאַנצעריי פון עולם, אינמיטן דעם געגרימפּל פון די כלי־זמרים, האָט עלקעלע געטאָן אַ צי דער מוטער ביים אָרעם:

— מאַמעשי, איך גיי שלאָפן.

שיינדעלע, אַן אויסגעסטראָיעטע אין אַ בלוי זיידן קלייד, אויסדעקאָל־טירט טיף אין ביוסט אַריין, אַ באַהאָנגענע מיט בלישטשעדיק צירונג, איז איצט געזעסן אויבנאָן ביים ווייבער־טיש אַ צעשטראַלטע, נישט אַזוי פון דער חתונה, ווי פון איר אַברמ'שי, וואָס פונקט ווי זי דאָ, אַזוי איז ער געזעסן אין פראָנט־שטוב, אויבנאָן ביים מאַנצביל־טיש. אַ פּאַרטוענער, ס'סאַמעטענע קאַפּל פאַררוקט אַהינטער, דער הויכער שטערן גלאַנציק־פאַרשוויצט, די שוואַרצע הערצל־באָרד — בלוי אַזש פון שוואַרצקייט, איז ער דאָרט געזעסן און געציילט די זילבערנע רובל, די פּאַפּירענע באַנקנאָטן, אַראָפּגענומען אויף פון טיש, אין זיכערקייט אַריין, די זילבערנע לייכטער און קידוש־בעכערלעך, דעם חנוכה־לאָמפּ און דעם סערוויס געשיר, וואָס זענען געפאַלן דרשה־געשאַנק פאַרן יונגן פּאָרל. ווי אַרויסגעריסן פון אַ טראַנס האָט שיינדעלע אוסיגעדרייט דעם קאָפּ צו עלקעלען, וואָס איז געזעסן לעבן איר, געקוקט אַ ווײַלע אויפן טעכטערל מיט פאַרטראָגענע אויגן, ווי זי וואָלט נישט באַלד געכאַפּט וואָס דאָס מיידל האָט דאָ גערעדט צו איר. דערנאָך ערשט האָט זי זיך דערמאָנט:

— שלאָפן? אוודאי קינד מיינס. שוין לאַנג צייט געווען פאַר דיר צו גיין שלאָפן.

ערשט איצט האָט די מאַמע געהאַט פאַריבל אויף זיך אַליין, וואָס איר איז פריער נישט איינגעפאַלן צו שיקן עלקעלען שלאָפן. צו וואָס האָט אַ יינג קינד זיך געדאַרפט דאָ אַרומשליאָנדערן ווען מ'פירט לייגן חתן־כלה? די שלויע שיינדעלע האָט נעבעך נישט געוווּסט אַז דאָס דרייצן־יאָריקע טעכטערל אירס, איז שוין שלויער פון דער מאַמען, אַז נישט שלאָפן וויל איצט עלקעלע גיין, אַז דער שלאָף איז בלויז אַן אויסרייד ביי איר זיך אַוועקצודרייען פון דער מאַמעשי, צו גיין טרעפן נתן חיימען, וואָס וואַרט דאָרטן אויף איר אינדרויסן, אַוועקצוגיין מיט אים, טאַקע איצט, אין גרויען באַגין, אויף אַ מאַיעווקע, אויפן דעמבלינער וועג, זינגען דאָרט לידער, זיך שפּילן מיט אים אין יאָגעלעך, ווי זיי האָבן געשפּילט אייערנעכטן אין האָפן־פעלד...

דערווייל האָט גענומען טאָגן. דער הימל איז געוואָרן גרוי, די שטערן האָבן זיך געלאָשן, פאַרשלונגען געוואָרן אין דער גרויקייט. פון ראַצצעס סאַזשלקע איז אויפגעגאַנגען אַ נעפּל, ווי אַ לייכטע פּאַרע, וואָס האָט זיך

געהויבן אַלץ העכער, זיך געשפּרייט אַלץ ברייטער ביז די גאַנצע לאָנקע איז ווי פאַרשוווּנדן געוואָרן פון אויג אַרויס.

נתן חיים איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן פלויט פון דער לאָנקע. פון פעטער איטשקעס פּענצטער, וואָס איבערן וועג, אַפּענע, צעפּראַלטע, האָט זיך געטראָגן דאָס פאַרשלאָפענע גרימפּלען פון די כלי־זמרים, דאָס הייזע־ריקע טומלען פון די האָפּסלדיקע יידן און יידענעס. ער האָט אַלע ווײַלע אַ קוק געטאָן אויפן זייגערל פון וועסטל־קעשנקעלע. ער האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס עלקעלע זוימט זיך אַזוי לאַנג. לאָזט די מאַמעשי זי נישט אַרויס? ענדלעך האָט זיך אַרויס אויפן שאָסיי, אין דער טונקעלער גרויקייט פון באַגין, באַוויזן איר ווייס געשטאַלט, דין און שלאַנק. זי האָט זיך אַרומגעקוקט, אים געזוכט. ער איז איר אַנטקעגנגעגאַנגען, זיך פאַר־נומען מיט איר העכער אַרויף מיטן שאָסיי, איבערגעשניטן אַ פעלד און אַרויס אויפן דעמבלינער וועג, צווישן די צוויי רייען טאָפּאָלן, הויכע, שלאַנקע ביימער. די ערד דאָ, אַ ווייס־זאַמדיקע, איז געווען פייכט פון טוי. טריט פון באָרוועסע פיס, מענטשלעכע און אָפּדרוקן פון קלאָען בהמהשע, זענען דאָ געלאָפן זיגזאַגיש. אַן איבערגעשראָקן העזעלע האָט פּלוצים געטאָן אַ שאָס פאַרביי, פון איין זייט פעלד צום אַנדערן.

עלקעלע האָט אַ ציטער געטאָן.

— ס'איז דיר קאַלט?

זי האָט נישט געענטפערט. ער האָט געעפנט אַ פּאָלע פון פראַק, זי אַרומגעהילט, געטוליעט זי צו זיך, צוגעצויגן איר פּנים צו זײַנעם. ס'האָט געשמעקט פון איר מיט פּערפום, מיט שמעקעדיקן זייף און מיט נאָך עפּעס, וואָס האָט אים פאַרשיכורט, אויפגעדריגעט זיין יונג געביין. ער האָט איר אַ קוש געטאָן אויף די ליפּן, האַלב־געעפנטע, גרייטע אין געגאַרטער דער־וואַרטונג. דער ערשטער קוש אין זיין גרויסער ליבשאַפט צו איר.

עלקעלע האָט געעפנט די אויגן, גרויסע, שטוינענדיקע אויגן. גאָלדענע ליכט־זיילן האָבן זיך געהאַט דורכגעריסן דורך די קרוינען פון די ביימער און געפאַלן פאַר זייערע טריט. נתן חיים האָט פאַרהויבן דעם בליק: ווייט אין האָריזאָנט האָט זיך דער הימל אָנגעצונדן. פון די פלאַמען ארויס האָט גענומען אויפגיין די זון, אַ נייע, אַ יונגע.

## ביכער פון זעלבן מחבר:

„אויפן שוועל" — פארלאג קולטור־ליגע,ווארשע, 1933

„וועסט־סאַיד" — מאקס נ. מייזיל, ניו־יאָרק, 1938

„צוויי און אַ דריטער" — פאַרלאַג „מתנות", ניו־יאָרק, 1943

„ערב נאַכט" — פאַרלאַג „דעת", תל־אביב—ניו־יאָרק, 1954

(פרעמירט פון לוי לאַמעד פאָנד)

„וועסט־סאַיד" (עברית), פאַרלאַג „דעת", תל־אביב, 1954

„צאַנקענדיקע ליכט" — „ציקאָ ביכער־פאַרלאַג", ניו־יאָרק, 1958

„געקליבענע דערציילונגען" (דערשיינט בקרוב)